געוועגליך־פיינליכען איינדרוק און איז אַ מוראדיגער חילול־השם. מיר קאָנען בשום אופן נישט פארשטעהן, מיט וואָס די אגודת ישראל האָט חוטא געווען, פערנעמענדיג זיך מיט הצלת נפשות, ראטעווען פון הונגער אידישע לעבענס, — ואין לך דבר העומד בפני ספק של הצלת נפשות. — נעמענדיג אין אכט די דאָזיגע לאגע, זענען מיר געצוואונגען צו פראָטעסטירען אמשארפסטען, מיט דער גאנצער קראפט אונזערער, קעגען אוועקשטעלען פיקעט־ליינס ביים אָפיס פון אגודת ישראל, מיט דער כוונה, אָבצושוואכען די הילפס־טעטיגקייט פאר אונזערע אידישע ברידער, וועלכע געהען, ר"ל, אויס פאר הונגער".

און דאָ וועט זיין אינטערעסאַנט צו ברענגען אַ דריטע מיינונג פון אַ נייטראַלען צד אין דאָזיגען טראַגיש־פיינליכען וויכוח:

„דער באָיקאָט־קאָמיטעט פעררופט זיך אויף דער מיינונג פון דער ענגלישער רעגירונג, אז די שפייז־פעקלעך שטערן די בלאָקאדע און ער שטעלט דערביי ארויס פאָלגענדע מאָטיוען: 1. די פעקלעך קומען בכלל נישט אָן צו די אדרעסאטען, דאָס הייסט, אז פון די שפייז־פעקלעך געניסען די דייטשען; 2. ווען מען זאָל אפילו אָננעמען, אז די פעקלעך ווערען אָבגעגעבען די אדרעסאטען, געניסען די דייטשען פון דער וואַ־לוטע; 3. די פעקלעך בעפרייען די דייטשען פון זייער פליכט צו דער־נעהרען די בעפעלקערונג אין די אָקופירטע געגענדען.

„פריהער פון אלץ אַן אלגעמיינע בעמערקונג. וועגען שטערן די ענגלישע בלאָקאדע וואָלט געקענט זיין אַ רייד ערשט דאַן, ווען די שפייז־פעקלעך וואָלטען געשיקט געוואָרען פון לענדער, וועלכע האנדלען נישט מיט דייטשלאנד, ווי למשל, די פעראייניגטע שטאַטען, די רעפובליקען פון דרום־אמעריקע און אזוי ווייטער. ווי באלד אָבער די פעקלעך ווערען געשיקט פון דענענמארק, בולגאריע אָדער פּאָרטוגאל, דאָס הייסט, פון לענדער וועלכע געפינען זיך אונטערן דרוק פון דייטשלאנד און פון וועלכע דייטשלאנד שלעפט סיי־ווי ארויס אלץ, וואָס זי וויל נאָר, קאָן אין אזא פאל נישט זיין קיין רייד פון ברעכען די בלאָקאדע... — די בעהויפּטונג, אז די פעקלעך קומען נישט אָן צו די אדרעסאטען, איז ווייט נישט קיין ריכטיגע. איך אליין האָב בעקומען אַ סך בריף מיט קבלות אויף די צוגעשיקטע פעקלעך. איך ווייס פון הונדערטער קבלות פון אידען, וואָס געפינען זיך אין ווארשע און אין לאָדז, אין וועלכע זיי בעשטעטיגען, אז זיי האָבען בעקומען די דאָזיגע פעקלעך, דאנקען פאר זיי און שרייבען, אז די פעקלעך דערהאלטען זיי ביים לעבען —

און געווים איז נישט איבערציייגענדיג דער ארגומענט, וועגען דער אזוי־גערופענער פליכט פון די דייטשען צו דערנעהרען די בעפעלקערונג אין די אָקופּירטע געביטען, בעזונדערס אין בעצוג צו דער אומגליקליכער אידישער בעפעלקערונג אין די געטאָס. די בריף, וועלכע קומען־אָן פון דאָרט שילדערן א בילד פון אזא הונגער, וואָס ציטערט איינפאך אויף. די דייטשע אָקופּאציע־מאכט האָט בעוואוסטזיניג פערמשפּט הונדערטער טויזענדער אויסצוגעהן פון הונגער — אין די פעראייניגטע שטאַטען איז טעטיג אַ קאָמיטעט צו שיקען שפּייז־פּעקלעך די געפאַנגענע יוגאָ־סלאַווישע זעלנער, וועלכע געפינען זיך איצט אין די געפאַנגען־לאַגערס פון דייטשלאַנד. בראש פון דאָזיגען קאָמיטעט שטעהט די קעניגין פון יוגאָסלאַוויע, וועלכע געפינט זיך איצט אין אַמעריקע. דער דאָזיגער קאָמיטעט ווערט אָפיציעל געשטיצט דורך מרס. רוזוועלט — איז דען די לאַגע פון די אידען אין די געטאָס פון פוילען בעסער ווי די לאַגע פון די יוגאָסלאַווישע זעלנער אין די דייטשע געפאַנגען־לאַגערס? פאַרוואָס איז די זעלבע אַרבעט פון שיקען פּעקלעך אין איין פאַל כשר און אין צווייטען פאַל — טריף?"

[לויט דעם אַרטיקעל פון צביון „אידישע אינטערעסען", אין „פאָרווערטס" פון 26 יולי, 1941].

און איצט בלייבט נאָך צו בעקענען זיך מיט'ן צושטאַנד אין די הונגער־שמאַכטענדע געטאָס צו דער דאָזיגער צייט:

„אין די ענגד פון דעם דייטשען רעזשים איז די וויסענשאפט פון בעשפּייזונג געוואָרען פערוואנדעלט, ווי קיינמאָל פריהער, אין א מעכ־טיגער בייטש ווי צו רעגירען און בעהערשען „פריינד" און צוגלייך פיינד — פאר אידען ווערען די שפּייז־פּאָרציעס צוגעטיילט אין אַלץ־קלענערע ברוכטיילען, מיט'ן צוועק פון צו־איילען זייער פולשטענדיגע פערניכטונג — די וועכענטליכע צוטיילונגען פאר די אידען אין די פּוילישע געטאָס בעטרעפט אין בעסטען פאַל ביז א פונט שווארץ ברויט, צוויי אונצעס אזוי־גערופענע מארמאַלאַדע, איין אונץ צוקער און מעגליך נאָך א פּאָר קארטאָפעל. קיין אנדער פונדאמענטאַלע פּראָדוקטען בעקומען זיי נישט — אין ווארשעווער געטאָ זענען דורכ'ן יאָהר 1941 אומגע־קומען ביי 47 טויזענד אידען, דאָס וואָלט געמיינט ביי 10 פּראָצענט פון דער צאָהל אידען אין געטאָ. — אין חודש דעצעמבער 1941 האָט די שטערבליכקייט ביי די אידישע קינדער אין געטאָ בעטראָפען שאצונגס־מעסיג ביז 30 מאָל העכער, אין פערגלייך מיט די פּוילישע קינדער".

Starvation Over Europe (Made in Germany) A Document Record]
[1932, Published By The Institute Of Jewish Affairs

עס איז ווערט אונטערצושטרייכען, אַז די לעצטע ציטאַטען זענען גענומען פון אַ ספּעציעלער אַלאַרמיסטישער פּובליקאַציע, וואָס איז אָנהויב 1943 געוואָרען אַרויסגעלאָזט דורכ׳ן אידישען וועלט־קאָנגרעס — דעם זעלבען קאָנגרעס, וואָס אונטער זיין אויטאָריטעט איז געווען טעטיג דער אויבען־דערמאָנטער אַנטי־נאַצישער „באָיקאָט־קאָונסיל״, דער אָרגאַניזאַטאָר פון די פּיקעט־ליינס קעגען שיקען שפּייז־פּעקלעך פאַר די געטאָס. דער פּיינליכער טעות און די אַבסאָלוטע קורצזיכטיגקייט פון די פּיקעט־אָרגאַניזאַטאָרען איז שפּעטער געוואָרען גע־שטעמפּעלט אין אַן אָפיציעלען בעריכט פון וועלט־קאָנגרעס גופא:

„אויף צו פערניכטען די אידען האָבען די דייטשען צוגעטראַכט א רייע מעטאָדען: פלאַנמעסיגע אויסהונגערונג, אוממענשליכע ארבעטס־לאַגערן און דירעקטע שחיטות. א לאַנגע צייט האָט עס גענומען ביז וואַנען עס איז געוואָרען קלאָר, אַז די דייטשען האָבען פערוואַנדעלט די אויסהונגערונג אין א ווירקזאַמען געוועהר פון אויסראָטונג. עס האָט צוגלייך גענומען א לאַנגע צייט ביז עס איז געוואָרען קלאָר, אַז דייטש־לאַנד פיהרט א טאָטאַלען בעשפּייזונגס־ קריג און אַז איהרע וויסענ־שאַפטלער האָבען אויסגעאַרבעט א סיסטעם פון בעשפּייזונג און אויס־הונגערונג, וואָס וואָלט אין רעזולטאַט געבראַנגט א ראַדיקאַלע און שוידערהאַפטע אומשיכטונג אין דעם דעמאָגראַפישען כוחות־באַלאַנס; אַז מאַנכע פעלקער בעקומען גענוג אויף צו פערבלייבען אַלס שקלאַפען און דינער פון דעם „העררען פאָלק״; און די איבריגע, וועלכע זענען אָנ־געצייכענט צו פערניכטונג וועלען בעקומען „פּאָרציעס, וואָס מיינען טויט מיט אַן אַנדערען נאָמען — לאַנגזאַמער טויט, אויסגעמאָסטען אין פּיצעלעך שטרוי־ווערטיג ברויט, א קרישקע צוקער און עטליכע מאָגערע קאַרטאָפעל״. די אידען אין די געטאָס האָבען נישט בעקומען נישט קיין פלייש, נישט קיין פעטס, נישט קיין פרוכטען, נישט קיין וויטאַמין־רייכע פּראָדוקטען. בערויבט פון אַלע בעשיצענדע שפּייז־פּראָדוקטען מוזען זיי אומבאַדינגט אויסשטאַרבען. — א שוועדישער זשורנאַליסט, וואָס האָט בעזוכט וואַרשע אין 1941, האָט געשריבען: „דער הונגער אין געטאָ איז שרעקליך. די געטאָ־איינוואוינער זעהען־אויס ווי לעבעדיגע בר־מינג׳ס, זייערע געזיכטער און אויגען זענען געזינקען... אידיש לעבען אין די געטאָס איז טראַגיש, טרויעריג און האָפנונגסלאָז״ — פונ־דעסטוועגען, זענען אין 1940, 1941 און 1942 געווען ווייניג אידען און נישט־אידען, וועלכע האָבען געוואוסט די דאָזיגע פאַקטען און געגלויבט דערין. און די יעניגע, וועלכע האָבען יאָ געוואוסט האָבען קאָנטראָלירט

זייער סימפּאַטיע פאַר די אומשולדיגע קרבנות, אויס דער שרעק טאָמער וועלען זייערע געפיהלען העלפען דייטשלאַנד"...

Survey Of The Rescue Activities, World Jewish Congress, 1940-]
[1944, p. p. 7, 8, 9

דאָס זענען ווערטער פון זעלבסט־בעשולדיגונג, ווען זיי קומען פון אַזאַ שטייגער קוועלע. געוויס האָט זיך געפאָדערט געניג מוט אַנצורופען דאָס קינד ביים פולען נאָמען, ווי דאָס ווערט געמאַכט אין זעלבען בעריכט:

„אין די אידישע קרייזען זענען די מיינונגען געווען אַזוי צוטיילט, אַז אין יולי 1941 זענען די אָפּיסעס פון אגודת ישראל אין אַמעריקע געוואָרען געפּיקעט דורך דעם פעראייניגטען „באָיקאָט־קאונסיל", צוליב דעם אָבזאָג פון די פריהערדיגע אָבצושטעלען די זענדונגען פון שפּייז־פּעקלעך אין נאַצי־אָקופּירטען פוילען. די פעדעראַציע פון פּוילישע אידען האָט זיך דאַן אונטערגעגעבען דעם דרוק און אָבגעשטעלט די זענדונגען פון אַזעלכע פּעקלעך".

ווילט איהר, איז דאָס געשעהעניש מיט פּיקעטירען די שפּייז־הילף פאַר די געטאָס נישט מעהר ווי אַ פערגעסענער עפּיזאָד, וואָס זיינע אויטאָרען שעמען זיך היינט געוויס אַליין דערמיט; ווילט איהר, איז דאָס די סאַמע איבערציינענדיגסטע אילוסטראַציע פאַר דער אידישער אָבּ־הענגיגקייט און אָבהענדיגקייט אין אַנבליק פון דער אָנרוקענדער קאַ־טאַסטראָפע.

## .3

# דאָס הצלה־רעטעניש פון בראַטיסלאַוואַ — דער נאַצי־עדות וויסליצעני שווייגט...

די פעדים פון די ערשטע, דרייסטע אידישע הצלה־פּרובען פיהרען קיין בראַטיסלאַוואַ (אָדער פּרעסבורג), די דעמאָלסדיגע רעזידענץ פון דער נאַ־צישער „שאָטען־מלוכה", וואָס האָט זיך גערופען: „די זעלבסטשטענדיגע סלאָוואַקיי".

בראַטיסלאַוואַ האָט זיך אויסגעצייכענט מיט איהרע אומגעהויער־דרייסטע הצלה־לייסטונגען, און דאָס אין דאָפּעלטען זין:

1) אין בראַטיסלאַוואַ איז געוואָרען אונטערגענומען דער איבערראַשענדער פּרוב איבערצוקויפען דעם סאַמע אָנפיהרער פון דער אַנטי־אידישער אויסראָטונגס־אַקציע און דער דאָזיגער דערפאָלגרייכער פּרוב האָט שפּעטער געפיהרט צו גאָר ערנסטע פערהאַנדלונגען מיט די העכסטע אויטאָריטעטען פון דער געסטאַפּאָ און ס״ס, איינשליסענדיג הימלער׳ן פּערזענליך.

2) פון בראַטיסלאַוואַ איז געקומען די געוואַגטע איניציאַטיוו צו אָרגאַניזירען אַן אונטערערדישען אידישען „רעטונגס־צוג״, בכדי אַרויסצוגנב׳ענען און איבער־צושמוגלען דורך דער גרעניץ די לעצט־פערבליבענע אידען אין די פּוילישע געטאָס, און דער דאָזיגער אַקט פון אידישער ברידערליכקייט שטייגט איבער אַלע הצלה־טהאַטען.

די נאַציס האָבען אויפגעשטעלט פאַר זייערע אייגענע דיווערסאַנטישע פּאָליטישע ציעלען די דערמאָנטע „סלאָוואַקישע רעפּובליק״, וועלכע איז געוואָרען אָבגעשפּאָלטען פון דער בעצוואונגענער, מיליטעריש־אָקופּירטער טשעכאָסלאָוואַקיי, און פערשטענדליך אַז די נאַציס זענען געווען די פולשטענדיגע הערשער איהרע. פאָרמעל האָט אַלס פּרעזידענט פון דער סלאָוואַקיי פיגורירט דער קאַטוילישער גלח טיסאָ, אַלס פּרעמיער־מיניסטער — דער סלאָוואַקישער „רעוואָלוציאָנער״ טוקאַ און אַלס אינערן־מיניסטער — דער סלאָוואַקישער אידען־פרעסער מיט׳ן נאָמען סאַנאָ מאַך. פּאַקטיש האָט טיסאָ בלויז געהאַט אויפצונעמען די בעפעהלען פון בערלין, און אפילו די „בעהאַנדלונג״ פון די סלאָוואַקישע אידען איז נישט געוואָרען אָנגעטרויעט די אייגענע סלאָוואַקישע אַנטיסעמיטען, נאָר צו דעם צוועק איז געוואָרען דעלעגירט פון בערלין קיין בראַטיסלאַוואַ אַ „ספּעציעלער ראַטגעבער פאַר דער אידען־פראַגע״, אַלס שליח פון הויפּט־שטאַב פון דער געסטאַפּאָ.

**דער גורל פון די סלאָוואַקישע אידען האָט דעריבער אויסגעזעהען צו זיין פּערדאָרטיילט אין פאָרויס, ווי דער גורל פון דעם גאַנצען נאַציש־פערכאַפּטען אייראָפּעאישען אידענטום. און דאָך זענען זיך אין דער סלאָוואַקיי פּערלאָפען גאַנץ אויסטערלישע געשעהענישען.**

דער אויטאָר פון סומאַרישען דאָקומענטאַציע־בוך איבער דער אידען־פערניכטונג אין אייראָפּע, דער ענגלישער קריסטליכער היסטאָריקער, דזשעראַלד רייטלינגער, האָט דאָס דאָזיגע רעטעניש אויפגעהויבען אין זיין אויסשעפּענדער פאָרשונג:

„דאָס איז די געשיכטע פון דעם ערשטען, דירעקטען דורכפאַל פון דער „ענדגילטיגער לעזונג״ (געמיינט, די פולשטענדיגע פערניכטונג פון אייראָפּעאישען אידענטום) און אַ דורכפאַל אין אַ צייט, ווען עס איז נישט געווען קיין שטראַהל פון האָפנונג פאַר די אידען אין דער נאַציש־

קאָנטראָלירטער אייראָפּע — די סלאָוואַקישע רעפּובליק איז געווען אונטערן דייטשען קאָנטראָל זינט איהר געבורט, דעם 14־טען מערץ, 1939. יעדער עטאַפּ פון דער „ענדגילטיגער לעזונג" איז געווען קאָפּירט אין דער סלאָוואַקיי און דער סאַמע ערשטער דעפּאָרטאַציע־צוג קיין אויסשוויץ איז געוואָרען פרייוויליג געפיהרט דורך דער סלאָוואַקישער רעגירונג. פּלוצלינג, נאָך אין יולי, 1942, האָט זיך די דאָזיגע רעגירונג צובונטעוועט. די דעפּאָרטאַציעס זענען דורך די דייטשען זעלבסט נישט געוואָרען בענייט ביז סעפּטעמבער־אָקטאָבער 1944, און פּאַר 28 טויזענד ביז 35 טויזענד סלאָוואַקישע אידען איז געוואָרען דערמעגליכט איבערצולעבען דעם קריג — איז מעגליך דערין צו גלויבען, אַז הימלער האָט נישט געקענט צווינגען די דאָזיגע „פּאַקעט־רעגירונג" אויסצופאָלגען זיינע בעפעהלען ביז סעפּטעמבער 1944, ווען ער האָט מיליטעריש אָקופּירט דאָס דאָזיגע לאַנד? דעם 14־טען פעברואַר 1943 האָט סאַנאָ מאָך (דער אינערן־מיניסטער) געמאָלדען דורך דעם סלאָוואַקישען ראַדיאָ, אַז די פערבליבענע סלאָוואַקישע אידען וועלען ווערען דעפּאָרטירט אין פערלויף פון צוויי חדשים, אָבער קוים איינינגע הונדערט זענען געוואָרען אַוועקגעשיקט. אין דעצעמבער, 1943 האָט דער גלח טיסאָ צוגעזאָגט דעם ספּעציעלען נאַצישען שליח, וויזענמאַיער, אַז די דעפּאָרטאַציעס וועלען זיך צוריק אָנהויבען אין אַפּריל, אָבער צום דאָזיגען טערמין איז גאָרנישט געשעהען".

The Final Solution—The Attempt to Exterminate the Jews]
[of Europe, 1939—1945 p. p. 385—390

אויף צו לעזען דאָס דאָזיגע רעטעניש זענען פאַרהאַן צוויי שליסלען, און אָט וועגען איין שליסעל, וואָס פיהרט צום ספּעציעלען נאַצישען „אידען ראַטגעבער" אין בראַטיסלאַוואַ, וויסליצעני, וויס דער ענגלישער פאָרשער צו דערמאָנען אין זיין פאָרשונג; אָבער וועגען דעם אַנדערען, דעם הויפּט־שליסעל צו די אומגלויבליכע הצלה־אונטערנעמונגען, ווייסט ער גאָרנישט צו דערצעהלען, ווייל ביז היינט איז דאָס אַלץ געבליבען איינגעהילט אין אַ געהיימניש, און דאָס דאָזיגע געהיימניש מוז ענדליך ווערען אויפגעדעקט.

ווער־זשע איז ער געווען, דער געסטאַפּאָ־שליח אין דער סלאָוואַקיי?

זיין נאָמען: דיעטער פאָן וויסליצעני. זיין טיטול: הויפּט־שטורם־באַנפיהרער פון ס"ס. זיין פונקציע: מיטגליד אין הויפּט־שטאָב פון דער אידען־פערניכטונג ביי דער געסטאַפּאָ און פערטרויאונגס־מאַן פון געסטאַפּאָ־שעף, הימלער.

דער דאָזיגער וויסליצעני, אַ יונגער ראַפינירטער, קאַלטבלוטיגער און געלד־גייציגער פערברעכער, איז שפּעטער געווען דער איינציגער מיטגליד פון

הויפּט־שטאַב פון אַנטי־אידישען פערניכטונגס־קריג, וואָס איז געפאַנגען געוואָרען אַ לעבעדיגער און איז געבראַכט געוואָרען פאַרן געריכט. ער איז עס געווען איינער פון די הויפּט־בעשולדיגונגס־עדות אויפן בעריהמטען נירענבערגער פּראָצעס קעגען די נאַצישע גרויס־פערברעכער, און טאַקע דער סאַמע וויכטיגסטער עדות־ענטדעקער פון דעם נאַצישען מאָרד־פּלאַן מיט אַלע זיינע איינצעלהייטען. ער האָט עס פאַרן געריכט אויפגעדעקט דעם טייוולאָנישען, פּרעציז־אויסגעאַר־בעטען פּלאַן פון דער ספּעציעלער אָבטיילונג אין דער געסטאַפּאָ־צענטראַלע, מיטן געהיים־צייכען: RSHA, IV A, 4b , וואָס האָט געמיינט דעם „אַמט IV", די געסטאַפּאָ; סעקציע A — די אָבטיילונג פאַר אינערליכע פראַגען; נומער 4 — אַ סוב־דעוויזיע פאַר רעליגיעס; אָבצווייגונג b — פאַר דער אידישער פראַגע. וויסליצעני, וועלכער איז געווען פערזענליך פעראַנטוואָרטליך פאַרן טראַנספּאָרט פון בערך 100 טויזענד סלאָוואַקישע ווי אויך גריכישע אידען קיין אוישוויץ, איז צום שלוס, נאָכן אויסגעבען אַלע זיינע סודות געוואָרען פערמשפּט צום טויט דורך אַ פאָלקס־טריבונאַל אין דער זעלבער בראַטיסלאַוואַ, אין יולי 1948. אָט דער דאָזיגער וויסליצעני, וועלכער האָט וועגען אַלץ און אַלעמען אַזוי גערן דערצעהלט, מיט דער האָפנונג צו ראַטעווען זיין אייגענע פעל, האָט אָבער נישט געוואָלט אויסגעבען דעם אמת׳ן סוד וועגען זיין אייגענעם, דעצידירענדען אָנטייל אין דער אַקציע אויסצוקויפען די סלאָוואַקישע אידען...

אָט לייענען מיר זיין ערשטען עדות־אויפטריט אין די סאַמע ערשטע טעג פון גרויסען, לאַנג־דויערענדען נירענבערגער פּראָצעס, דעם 3 יאַנואַר, 1946:

„איך האָב געוויילט אין בראַטיסלאַוואַ ביז פריהלינג 1943; דערנאָך לערך אַ יאָהר אין גריכענלאַנד און שפּעטער, פון מערץ 1944 ביז דעצעמבער 1944, בין איך געווען צוזאַמען מיט אייכמאַנ׳ען (אייכמאַן — דאָס איז געווען דער סאַמע אָנפיהרער פון אַנטי־אידישען אויסראָטונגס־שטאַב) אין אונגאַרן — די צום־ערשט־דעפּאָרטירטע 17 טויזענד ארבעטער (אידען פון דער סלאָוואַקיי) זענען געוואָרען דערגענצט מיט נאָך 35 טויזענד אידען, איינשליסענדיג גאַנצע פאַמיליעס. אין אויגוסט, אָדער צום אָנהויב סעפּטעמבער 1942 איז געוואָרען געמאַכט אַ סוף צו דער אַקציע אין סלאָוואַקיי. די סיבות דערפאַר זענען געווען, וואָס אַ גרויסע צאָהל פון די איבערגעבליבענע אידען אין סלאָוואַקיי האָבען בעקומען פערזיכערט — סיי דורכן פּרעזידענט און סיי דורך די פערשידענע מיניסטאָרען — ספּעציעלע ערלויבענישען צו פערבלייבען אין לאַנד. נאָך אַ סיבה האָט געקענט זיין דער נישט־צופרידענשטעלענדער ענטפער, וואָס איך האָב געגעבען צו דער סלאָוואַקישער רעגירונג וועגען זייער וואונש דורכצופיהרען אַן אינספּעקציע אין די אידען־לאַגערן אין

פוילען. דער דאָזיגער צושטאַנד האָט אָנגעהאַלטען ביז סעפּטעמבער 1944. זינט אויגוסט 1942 זענען קיין אידען נישט געוואָרען פערשיקט פון סלאָוואַקיי — נאָכן אויסברוך פון סלאָוואַקישען אויפשטאַנד, אין הערבסט 1944, איז הויפּט־שטורם־פיהרער ברונער, איינער פון אייכמאַנ׳ס געהילפען, געוואָרען געשיקט קיין סלאָוואַקיי. מיין פערלאַנג צו געהן אין דער סלאָוואַקיי איז געוואָרען אָבגעוואָרפען דורך אייכמאַנ׳ען. דאַן האָט ברונער, מיט דער הילף פון דער דייטשער פּאָליציי צוזאַמען מיט די אָבטיילונגען פון דער סלאָוואַקישער זשאַנדאַרמעריע, צונויפגעשלעפּט די דאָזיגע אידען אין עטליכע לאַגערן און דערנאָך זיי טראַנספּאָרטירט קיין אוישוויץ״.

[The Trail of German Criminals, Part 3, London 1946, p. 276]

דערפון איז קלאָר, ווי אַזוי וויסליצעני האָט צום ערשט גאָר געפּרובט אַריבערוואַרפען דעם היסטאָרישען פערדינסט פון אָבשטעלען די אידען־גירושים אין דער סלאָוואַקיי אויף דער קאָנטאָ פון די סלאָוואַקישע מיניסטאָרען, — איז דאָס געווען ריכטיג? ניין! יענע בלוטדורשטיגע אידען־העצערס, וועלכע האָבען צום סוף בעקומען זייער פערדינטע שטראָף, האָבען דאָס געוויס נישט פערדינט און ביי אַנדערע געלעגענהייטען האָט טאַקע וויסליצעני אַליין גאָר אַנדערש גערעדט. עס איז אפשר געווען ריכטיג, אַז די סלאָוואַקישע פיהרער האָבען מאָמענטענווייז זיך געוואַקעלט אויסצופאָלגען די נאַצישע בעפעהלען פאַר וויטערדיגע „דעפּאָרטאַציעס קיין מזרח״, נאָכדעם ווי אַלע האָבען שוין גענוי געוואוסט, אַז „דעפּאָרטאַציע״ איז דער טייטש: מאַסען־מאָרד. און דערביי מעג מען צוגעבען דעם סוד, אַז מאַנכע סלאָוואַקישע מיניסטאָרען גופא און די „אידען־רעפערענטען״ צווישען זיי, זענען געוואָרען איבערגעקויפט פון אידען. טראָץ דעם איז אַבסאָלוט זיכער, אַז קיינער פון די סלאָוואַקישע פיהרער וואָלט נישט געוואַגט זיך קעגענצושטעלען אַן אָפענעם נאַצישען בעפעהל.

אין די אַרכיוועך פון די בעשולדיגונגס־דאָקומענטען קעגען די דייטשע מלחמה־פערברעכער איז רעגיסטרירט אַ געהיימער דעפּעשען־אויסטויש צווישען דעם דייטשען געזאַנדטען אין סלאָוואַקיי, לודין, און דעם אויסערן־מיניסטעריום אין בערלין, וועגען דער דאָזיגען פראַגע.

דעם 26־טען יוני, 1942 האָט דער דייטשער געזאַנדטער אַלאַרמירט פון בראַטיסלאַוואַ:

„די דעפּאָרטאַציעס פון סלאָוואַקישע אידען האָבען דערגרייכט אַ טויטען פּונקט. א דאַנק דעם קלעריקאַלען איינפלוס (געמיינט דעם פּויבסטליכען נונציוס אין סלאָוואַקיי) און דער קאָרופּציע פון אינדיווידועלע

**Telegramm – Télégramme – Telegramma**

87

37487 NITRA 1683 60/59 25 1850 =

Erhalten – Reçu – Ricevuto 26 AUG 1944

Wh 0041

Befördert – Transmis – Trasmesso

Ch 26 VIII 44 –1 24

DRINGEND = BELA LEBOVICS
ZUERICH STAUFACHER QUAI 18 =

Ctr. Unbeanstandet

ABMACHUNG FERTIG STOP REIMAN LIEFERT EIGENMAECHTIG AB AUGUST 26 TAEGLICH 12 TONNEN PROVINIEZ HELLER AN ALBUS AUSFUHRFREI FRANCO GRENZE STOP KONDITIONEN ANMOEGLICH STOP DA DIESER KONKURENZERFOLG AUSSCHLIESSLICH EUERE VERSCHULDUNG VERANLASSET WENIGSTENS SOFORT RESCHESTE EXPEDITION EBENFALS

No Ster. — 1/40. A 5 (148×210) — Qu. 0 70

AUSFUHRFREI FRANCO GRENZE STOP VERSTAENDIGET SOFORT MAYER ET NATANSKYCOMP SOWIE HUGO STOP DRAHTBETAETIGET HOTEL CENTRAL BRATISLAVA = MICHELBERGER +

Da es ungewiss ist, ob der jüngst gesandte Telegrammcode einge-
troffen ist, senden wir einen neuen. Jedes Telegramm laut diesem
Code beginnt mit einem Wort, dessen Anfangsbuchstabe gleichzeitig
der Anfangsbuchstabe des betreffenden Monates ist z.B. im Mai
würden wir mit Marmelade oder drgl. beginnen. Als Währung ist nur
schw. frcs. gedacht. Alle Ausdrücke, die in diesem Code nicht
enthalten sind, haben keine Bedeutung und dienen nur zur Aus-
füllung des Textes. Wichtig ist die Angabe von weiteren Telegramm-
adressen, da nicht so viele Telegramme immer an dieselbe Adresse
gehen können. Möglichst verschiedene grössere Orte in der Schweiz.

| | |
|---|---|
| Russland: | Union |
| Ungarn: | Heller |
| Slovakei: | König |
| Polen: | Peter |
| Amerika: | Importex |
| England: | Grats |
| Deutschland: | Reiman |
| Schweiz: | Walter |
| Türkei: | Krummel |
| Bulgarien: | Hammer |
| Serbien: | Pfeiffer |
| Kroatien: | Weber |
| Tito: | Georg oder Vornamen mit G. |
| Klärus: | Orion |
| Papst: | Römer |
| Staatsoberhaupt: | Vornamen mit K. |
| Waffen: | Stroh oder Heu |
| Auschwitz: | Albus |
| Birkenau: | [illegible] |

רעגירונגס־פאָרשטעהער האָבען 35 טויזענד אידען דאָ בעקומען ספּעצי־
יעלע אָנערקענונג, וואָס אויף דער דאָזיגער באַזיס דאַרפען זיי נישט
ווערען דעפּאָרטירט. די עוואַקואַציע פון אידען איז זעהר אומפּאָפּולער
אין ברייטע קרייזען פון דער סלאָוואַקישער בעפעלקערונג. די דאָזיגע
שטעלונג ווערט געשטאַרקט דורך דער ענגלישער קאָנטער־פּראָפּאַגאַנדע,
וואָס האָט זיך שאַרף אָנגעהויבען אין די לעצטע עטליכע טעג. פּרעמיער־
מיניסטער טוקאַ איז גרייט פאָרצוזעצען די דעפּאָרטאַציעס טראָץ אַלעם,
און ער פערלאַנגט שטאַרקע אונטערשטיצונג דורך אַ דיפּלאָמאַטישען
דרוק מצד דעם רייך״.

דערויף איז פון בערלין געוואָרען געענטפערט, אין אַ פערטרויליכער דע־
פּעשע „פּערזענליך צום געזאַנדטען״:

„איהר קענט ליפערן די דיפּלאָמאַטישע הילף, וואָס איז געפאָדערט
דורך פּרעמיער־מיניסטער טוקאַ, און ערקלערן ביי געלעגענהייט, אַז דאָס
אָבשטעלען די דעפּאָרטאַציע פון אידען און ספּעציעל דאָס אויסשליסען
די 35 טויזענד אידען, ווי דאָס איז בעריכטעט אין אייער טעלעגראַם,
וועט אַרויסרופען אַן איבעראַשונג אין דייטשלאַנד, גאַנץ בעזונדערס
דערפאַר, וואָס די פריהערדיגע קאָאָפּעראַציע פון סלאָוואַקיי אין דער
אידישער פראַגע איז דאָ געוואָרען זעהר אָנערקענט״.

Military Tribunal, Case No. 11 Presecution Doc. Book, No.]
[60-A

דער דיפּלאָמאַטישער דרוק פון דייטשען אויסערן־מיניסטעריום „אָבצורייניגען
די סלאָוואַקיי פון אידען״ האָט נישט אויפגעהערט. ווען די טעלעגראַמען פון
בערלין האָבען נישט געגעבען דעם געהעריגען רעזולטאַט איז קיין בראַטיסלאַוואַ
אַראָבגעקומען דעם אויסערן־מיניסטער ריבענטראָפּ׳ס עקסטראַ־בעפולמעכטיגטער
— און דערוועגען האָט וויסליצעני אַליין דערצעהלט ביי אַ שפּעטערדיגער
אויספאָרשונג:

„אין דעצעמבער 1943 איז וויזענמאַיער געקומען קיין בראַטיס־
לאַוואַ. ביי דער געלעגענהייט האָט ער מיך גערופען צו זיך, ווייל אין
יענער צייט בין איך געווען דער אָפיציעלער ראַטגעבער וועגען דער
אידישער פראַגע ביי דער סלאָוואַקישער רעגירונג. ער האָט פערלאַנגט
פון מיר גענויע סטאַטיסטישע דאַטען וועגען די אידען, וועלכע זענען
אַלץ פערבליבען אין סלאָוואַקיי. דאַן זענען נאָך געווען דאָרט ביי 30
טויזענד אידען און וויזענמאַיער האָט פון מיר געפאָדערט אינפאָר־
מאַציעס וואָס נוגע דער פאָרזעצונג פון די דעפּאָרטאַציעס. דערנאָך איז

וויזענמאיער אוועק צו טיסאָ׳ן און איהם געטאַדעלט דערפאַר, זאָגענדיג אַז די דעפּאָרטאַציעס פון אידען קומט נישט פאָר אויף קיין צופרידענ־שטעלענדען אופן, און עס פאָדערט זיך די פראַגע צו אָרדנען און אָנצואווענדען שטרענגע מיטלען. טיסאָ האָט צוגעזאָגט צו ערפיהלען וויזענמאיער׳ס פערלאַנג״.

Office of Chief Council for War Crimes. Document No.]
[NG—2867

**דאָס רעטעניש וועגען גורל פון אידען אין סלאָוואַקיי וואַקסט דע־ריבער אוים גאַנץ געוואַלדיג: פון איין זייט האָבען די נאַצישע דיפּלאָ־מאַטען אויסגעאיבט זייער גאַנצען דרוק קעגען די פערבליבענע אידען, און פון דער אַנדערער זייט זענען די דעפּאָרטאַציעס ווייטער געוואָרען אָבגעהאַלטען עפּעס דורך אַ געהיימער האַנד. וואָס־זשע איז דאָרט וויר־קליך געשעהען?**

אין דערווירקליכקייט וואָלט וויסליצעני זעלבסט געקענט ליפערן דעם בעסטען ענטפער דערויף. עס איז אַבסאָלוט פערשטענדליך, פאַרוואָס ער פער־זענליך האָט בעת די לאַנגע אויספאָרשונגען זיינע נישט געוואָלט דערצעהלען דעם פולען אמת. ער האָט אַלץ געטהון מיט דער כיטרער אויסרעכנונג צו ראַ־טעווען זיין לעבען און ער האָט נישט געוואָלט אויסזאָגען, אַז ער האָט געהאַנדעלט בוכשטעבליך מיט אידישע לעבענס און אַז זיין געלד־גייציגקייט איז נאָך ביי איהם געווען גרעסער ווי די בלוט־דורשטיגקייט! טראָץ דעם האָבען אין זיין עדות־ערקלערונג פאַרן פאָרום פון גרויסען נירענבערגער פּראָצעס דאָך געקלונגען מאָדנע טענער; אויף צוויי פונקטען לוינט דאָ זיך בעזונדערס אָבצושטעלען;

1) אַז דורך העכער צוויי יאָהר (פון אויגוסט 1942 ביז סעפּטעמבער 1944) זענען קיין אידען נישט געוואָרען אַרויסגעשיקט פון סלאָוואַקיי. 2) אויך שפּעטער, נאָכן אויסברוך פון סלאָוואַקישען אויפשטאַנד האָט ער, וויסליצעני, געוואָלט געהן קיין סלאָוואַקיי. נאָר אייכמאַן האָט דערצו נישט דערלאָזען און געשיקט אַהין אַ צווייטען געהילף זיינעם, ברונער, און יענער האָט עס בענייט די דעפּאָר־טאַציעס, דירעקט קיין אוישוויץ.

פון וויסליצעני׳ס דאָזיגע ווערטער איז קלאָר צו לערנען, אַז ער האָט יאָ געהאַט עפּעס גאָר אַן ענגע שייכות מיטן פאַקט, וואָס די דעפּאָרטאַציעס פון דער סלאָוואַקיי זענען נישט געוואָרען פאַרטגעזעצט; און אַז ער האָט זיך אויך שפּעטער געפיהלט ווי פערפליכטעט צו געהן קיין סלאָוואַקיי, ווען די געפאַהר פון נייע דעפּאָרטאַציעס איז געהאַנגען אין דער לופט; און וואָס שייך די מיינונגס־פערשידענהייטען צווישען אייכמאַנ׳ען און איהם בנוגע דעם גורל פון די סלאָוואַ־

קישע אידען זענען זיי דאָך, לויט זיין ערקלערונג, אַרויסגעשוואומען ערשט נאָך צוויי יאָהר פון פולשטענדיג איינשטעלען די דעפּאָרטאַציעס...

זענען מיר ממילא דערגאַנגען צום אויסגאַנגס־פּונקט פון דאָזיגען גרויסען הצלה־רעטעניש, וואָס האָט זיך אָנגעפאַנגען צו וועבען אין בראַטיסלאַוואַ נאָך אין מיטען פון בלוט־אָנגעזאַפּטען יאָהר 1942, און וואָס דער שליסעל צום לעזען דאָס רעטעניש אין אַלע זיינע קאָפּ־שווינדלערישע עטאַפּען ליגט אין די הענד פון דעם דרייסטען איניציאַטאָר פון דער גאַנצער הצלה־אונטערנעמונג — הרב מיכאל בער וויסמאַנדעל, דעם ראש־ישיבה פון נייטראַ.

אין אַ שריפטליכען ראַפּאָרט, וואָס אַ רעפּרעזענטאַנט פון אידישען וועלט־קאָנגרעס האָט בשעתו צוגעשטעלט איבער זיינע געשפּרעכען מיט הרב וויס־מאַנדעל, ווערט אויף אַזאַ אופן פאָרגעשטעלט דער רעטונגס־פּרוב פונם סלאָ־וואַקישען אידענטום:

„צום אָנהויב פון 1942 (אין יאַנואַר) האָט אַ „יודענראַט" עקזיסטירט אין דער סלאָוואַקיי. פון דער דייטשער זייט האָט מיט די אידישע פראַגען געקירעוועט פאָן וויסליצעני, וועלכער האָט געהאַט אַנ־גאַזשירט אַ ווינער איד מיט'ן נאָמען האָכבערג, אַלס זיין פערמיטלער. וויסליצעני'ס אַמט האָט זיך געפונען אין בראַטיסלאַוואַ און האָכבערג איז געוואָרען בעשטימט דורך איהם פאַר ספּעציעלע פונקציעס. אָנפאַנג 1942 האָט האָכבערג געבערענגט צום „יודענראַט" פערשידענע קלאַנגען, אַז עס גרייט זיך די פערניכטונג פון אידען. וויסליצעני האָט איהם (האָכבערג'ן), דערצעהלט, אַז ער איז געגען דער רעאַליזירונג פון אַזעלכע פּלענער און ער וואָלט זיי געקענט פערמיידען, ווען ערנסטע פינאַנציעלע מיטלען וואָלטען געוואָרען צוגעשטעלט. צו יענעם מאָמענט האָט גאָרנישט פּאַסירט מיט די אידען. אין אַפּריל 1942 האָבען זיך אָבער די דעפּאָרטאַציעס אָנגעהויבען און דער „יודענראַט" איז גע־וואָרען אינפאָרמירט, אַז קורץ פאַר דער טראַנספּאָרטאַציע זענען אַ צאָהל אידען געוואָרען צוריקגעצויגען פון דעם גירוש־צוג, און מען האָט זיך דערוואוסט, אַז דאָס איז געשעהען נאָכדעם ווי אַ געהעריגער כאַבאַר איז געוואָרען אויסגעצאָהלט צו וויסליצעני'ן. דער דאָזיגער כאַבאַר איז בעשטאַנען אין ווערטפולע אַרטיקלען, אַ שטייגער טעפּיכער, פּיאַנאָ'ס, ווערט־שטיינער וכדומה. צו יענער צייט פלעגען צוויי טראַנספּאָרטען וועכענטליך ווערען אָבגעשיקט „קיין מזרח". די אידען זענען געוואָרען געוואַלדיג אַלאַרמירט און היות ווי דער „יודענראַט" איז נישט פעהיג געווען עפּעס אויפצוטהון האָבען איינינע פערזאָן בעשלאָסען צו שטעלען זיך אין קאָנטאַקט מיט וויסליצעני'ן, דורך האָכבערג'ס פערמיטלונג, כדי

צו הערען וואָס'ארע פרייז עס דאַרף ווערען בעצאָהלט דורך די סלאָ־וואקישע אידען אויף אָבצושטעלען די דעפּאָרטאציעס. עטליכע טעג שפּעטער איז האָכבערג געקומען מיט דעם פּאָזיטיווען ענטפער, אַז וויסליצעני פערלאַנגט די סומע פון 50 טויזענד דאָלאר אלס אויסקויף־געלד, דערביי דאַרף אַ העלפט דערפון, אלזאָ, 25 טויזענד דאָלאר, ווערען גלייך איינגעצאָהלט, און די איבריגע 25 טויזענד דאָלאר נאָך אַ פויזע פון זיבען וואָכען. פאַר די דאָזיגע זיבען וואָכען וועלען קיין דעפּאָרטאציעס נישט פאָרקומען, און אויב די אנדערע העלפט אויסקויף־געלד וועט ווערען אריינגעטראָגען וועלען מעהר קיין גירושים פון סלאָוואקיי נישט זיין".

World Jewish Congress: Report About The Conference with]
[Rabbi Weismandel on February 24, 1950, at Mount-Kisco

דערמיט איז געוואָרען איינגעשטעלט די ערשטע פערבינדונג מיט וויסליצעני'ן וועגען אויסקויף־געלד, און ביי אַ שפּעטערדיגער געלעגענהייט האָט הרב ווייס־מאַנדעל צוגעגעבען מעהר פּרטים וועגען זיין פערזענליכער ראָל אַלס איניציאַטאָר פון דאָזיגען עקספּערימענט:

„איך האָב פערשטאַנען, אַז מען דאַרף האַנדלען שנעל. נאָכדעם ווי איך האָב זיך דערוואוסט, אַז וויסליצעני האָט בעפוילען צו בעפרייען איינצעלנע אידען פון דעפּאָרטאציע־צוג ארויס, בין איך אוועק צו האָכבערג'ן און איהם אַ זאָג־געטהון: „געה און פרעג ביי וויסליצעני, וויפיעל ער הייסט זיך בעצאָהלען פאַר אָבשטעלען אינגאַנצען די דע־פּאָרטאציעס?". האָכבערג איז צום ערשט געוואָרען אויפגערעגט און מיר געענטפערט, אַז פאַר אזא סאָרט פּראָפּאָזיציע קאָן ער ווערען דער־שאָסען גלייך אויפ'ן אָרט. נאָך אַ לענגערען שמועס מיט איהם האָט ער זיך ענדליך ענטשלאָסען צו מאַכען וויסליצעני'ן דעם דירעקטען אָנ־באָט, וואָס איז טאַקע דורך איהם געוואָרען אקצעפּטירט אונטער געוויסע בעדינגונגען".

דער וויכטיגסטער מאָמענט אין דעם דערמאָנטען ראַפּאָרט פון הרב ווייס־מאַנדעל איז געוויס דער אומשטאַנד, אַז וויסליצעני האָט שפּעטער פאָרגעשטעלט אַ קוויטונג אויף די דערהאַלטענע 25 טויזענד דאָלאַר, אונטערגעשריבען דורך דעם דעם שעף פון געסטאַפּאָ, הימלער'ן פערזענליך!

דער ענטשיידענדער פאַקטאָר הינטער די אויסקויף־פערהאַנדלונגען אין בראַטיסלאַוואַ איז, אַלזאָ, געוועזען הימלער, דער הויפּט־אָרגאַניזאַטאָר און בעפול־מעכטיגטער פון היטלער'ן פאַר דער פערניכטונג פון אייראָפּעאישען אידענטום.

דאָס בילדעט ממילא דעם ברען־פונקט אין דער גאַנצער הצלה־פראַגע. דערפון זענען אַרויסגעוואַקסען די ווירקליך פאַנטאַסטישע שאַנסען אויף „אויס־צוקויפען דאָס איבערבליבענע אייראָפּעאישע אידענטום". די געשיכטע פון די דאָזיגע פערהאַנדלונגען מיט׳ן נאַצישען טייוועל אַליין, פערדינט גענויער צו ווערען אַנאַליזירט. דאָס איז אַן אָטעם־פערכאַפּענדע געשיכטע — אַ געשיכטע, וואָס פון איין זייט דעמאָנסטרירט זי דעם העכסטען שפּיץ פון אידיש־ברידער־ליכער מסירת הנפש און פון דער אַנדערער זייט אַנטפּלעקט זי אידישע שוואַכ־קייט און אָבהענגיקייט, אויב נישט נאָך ערגערס.

.4

# הרב ווייסמאַנדעל — זיינע חורבן־אַלאַרמען און הצלה־פּלענער

אין זיין אויספיהרליכען, היסטאָריש־וויכטיגען ראַפּאָרט צום אידישען וועלט־קאָנגרעס האָט הרב ווייסמאַנדעל ערקלערט, אַז לערך 100 אַלאַרם־בריף מיט פערשידענע רעטונגס־פּראָיעקטען און הילפס־פאָדערונגען האָט ער אַליין געשריבען און אַרויסגעשיקט דורך אומלעגאַלע וועגען. וויל מען לערנען דעם ווירקליכען לויף און דעם אָביעקטיווען אמת פון די געשעהענישען איז נויטיג אויפצוזוכען די דאָזיגע אויטענטישע בריף, וועלכע זענען געווען אַדרעסירט צו די פיהרער פון וועלט־אידענטום.

אין אונזער פערמעסט אויפצודעקען דעם אמת וועגען די דורכגעפאַלענע הצלה־שאַנסען, איז אונז געלונגען אויפצוזאַמלען פון פערשידענע אַרכיוואַלע קוועלען אַ צאָהל אויטענטישע בריף פון הרב ווייסמאַנדעל׳ס פעדער. דאָס דאָזיגע בינטעל בריף עפענט פאַר אונזערע אויגען דאָס טאָפּעלט־טראַגישע פּראָבלעם: אומפאָרגלייכליך־טראַגיש אין זיין כאַראַקטער — דער נידערטרעכטיג־פערברע־כערישער אָנבאָט פון די נאַצישע הויפּט־מערדער צו „פערקויפען" מיליאָנען אי־דישע לעבענס פאַרן פרייז פון כאַבאַר; און פיעלפאַכיג־טראַגישער אין זיין אויס־גאַנג — ווען פון דער אידישער זייט האָט מען געפיהרט אַן אומגליקליכע „אָבשלעפּונגס־פּאָליטיק" און דערווייל האָבען די נאַצישע מאַסען־מערדער אַלץ כסדר „פערהאַנדעלט" און אַלץ כסדר געמאָרדעט אידען!

די אָריגינעלע בריף פון הרב ווייסמאַנדעל, וואָס זענען אין אונזער בעזיץ,

נעמען אַרום דעם סאַמע ענטשיידענדען פּעריאָד אין אַנטי־אידישען פערניכטונגס־קריג, דאָס מיינט די יאָהרען תש״ג און תש״ד; פון ענדע 1942, 1943 ביז זומער 1944. לויט די דאָזיגע בריף לאָזען זיך די בעמיהונגען פון דעם בראַטיסלאָווער ענגען הצלה־קרייז סומירען אין זייערע פאָלגענדע עטאַפּען:

**דער ערשטער עטאַפּ** — דאָס איינשטעלען אַ דירעקטען קאָנטאַקט מיט דעם נאַצישען הויפּט־מאָרד־שטאַב און דער ערפאָלגרייכער עקספּערימענט אָבצוראַטעווען דעם לעצטען טייל סלאָוואַקישע אידען דורך אָבשטעלען די גירושים קיין פּוילען.

**דער צווייטער עטאַפּ** — די פערהאַנדלונגען אַרום דעם נאַצישען אַזוי־גערופענעם „אייראָפּע־פּלאַן״, וואָס האָט בעצוועקט איבערצורייסען די דעפּאָרטאַציעס אין דער גאַנצער נאַציש־אָקופּירטער אייראָפּע (מיטן אויסנאַהם פון פּוילען), און דער דורכפאַל פון דאָזיגען גרויסצוגיגען פּלאַן, צוליב דעם מאַנגעל אין די געהעריגע פינאַנציעלע מיטלען.

**דער דריטער עטאַפּ** — די געוואַגטע אונטערערדישע אַקציע אַרויסצוגנב׳ענען אידען און ספּעציעל אידישע קינדער פון די לעצטע־עקזיסטירענדע געטאָס אין פּוילען און זיי איבערצושמוגלען, מיט דער הילף פון געדונגענע גרעניץ־שוואַרצערס, איבער דער סלאָוואַקיי קיין אונגאַרן (וואָס צו יענער צייט איז דאָרט געווען פערהעלטניסמעסיג־רוהיג אויפ׳ן אידישען פראָנט).

**דער פערטער עטאַפּ** — דער לעצטער אַלאַרם־סיגנאַל וועגען דער אַנרוקענדער קאַטאַסטראָפע פאַרן אונגאַרישען אידענטום און דער לעצטער פערצווייפעלטער פּרוב אויסצוקויפען ביי די געסטאַפּאָ־רוצחים אַ מיליאָן אונגאַרישע אידען, וואָס איז דערנאָך געוואָרען פערוואַנדעלט אין אַ וועלט־סענסאַציע מיט העכסט־פאַטאַלע רעזולטאַטען.

דאָס זענען די וועזענטליכע פּראָבלעמען אין הרב ווייסמאַנדעל׳ס בריף. אויף צו בעקרעפטיגען זיי, און אויסצומיידען פון פאָרויס דעם אַרגומענט, אַז דאָס זאָלען האָבען געווען בלויז די מיינונגען אָדער שטימונגען פון אַ יחיד — וועלען מיר דאָ פאָרשטעלען אַלס צוגאָב־דאָקומענטען אַ גאַנצע רייהע פערטרויליכע, אויטענטישע בריף פון אַנדערע געזעלשאַפטליכע אידישע קרייזען אין דער סלאָוואַקיי, וואָס דעקען פולשטענדיג די אונטערגענומענע אַקציעס פון הרב ווייסמאַנדעל.

אין איינעם פון זיינע סאַמע ערשטע בריף (געשריבען אין העברעאיש, אויף אַ שרייב מאַשין, דאַטירט: יום ג׳ לסדר וישב, תש״ג, דאָס מיינט דעם 1־טען דעצעמבער 1942) שרייבט הרב ווייסמאַנדעל:

„מיר פעררופען זיך אויף אונזער ערשטען בריף און אויף אייער

תשובה, אַז איהר ווילט נאָכאַמאָל ווערען אינפאָרמירט אין קורצען וועגען דער פראַגע, ווי זי איז. אונזערע פערהאַנדלונגען זענען געקומען צו אַזאַ פּונקט, אַז ב"ה זענען די דעפּאָרטאַציעס געוואָרען אָבגעשטעלט, דאָס הייסט, אַז מען האָט אָבגעלעגט דעם טערמין פון די דעפּאָרטאַציעס ביז פריהלינג. און אויב מיר וועלען אין דער צווישען־צייט ערלעדיגען די פראַגע פון שאַפען די אַרבעטס־לאַגערן, וואָס איז אייך שוין בע־וואוסט, און מיר וועלען אויך דעקען אונזערע פערפּליכטונגען צו גע־וויסע פּערזאָנען, וואָס דערוועגען ווייסט איהר אויך, איז צו האָפען, אַז די דעפּאָרטאַציעס וועלען שוין ווערען אָבגעלעגט ביז צום סוף פון דער מלחמה. ווען אָבער מיר זאָלען נישט ערפיהלען אונזערע צוזאָגען אין ערשטען אָדער אין צווייטען פאַל, דאַן דאַרפען מיר זעהר און זעהר מורא האָבען, אַז די גזירה פון גירוש וועט נאָך בענייט ווערען היינטיגעס יאָהר".

„מיר האָבען אייך שוין געמאָלדען, אַז דער צווייטער צד האָט געהאַלטען אַלע זיינע בעדינגונגען, און מיר דאַגעגען, האָבען נישט די מעגליכקייט צו האַלטען אונזערע בעדינגונגען. ביז היינט האָבען מיר איינגעצאָהלט 62 טויזענד דאָלאַר און אַ מיליאָן מיט 300 טויזענד „אונזעריגע" (סלאָוואַקישע קראָנען) און דעם 15 נאָוועמבער האָבען מיר געדאַרפט איינצאָהלען נאָך 25 טויזענד דאָלאַר און 700 טויזענד „אונזעריגע" — נאָר מיר האָבען נישט קיין פּרוטה אין האַנד, האָט רחמנות אויף אונז, ווייל עס איז זיך גאָרנישט פאַרצושטעלען ווי גרויס עס איז די געפאַהר, אויב אונזערע פליכטען זאָלען נישט ווערען ער־פילט. און דאָס אַלץ וואָס מיר האָבען געזאָגט וועגען די פערפליכטונגען פאַר פערזענליכען כאַבאַר איז אויך גילטיג מיט דער גאַנצער האַרבקייט לגבי דער נעבען־פראַגע פון די אַרבעטס־לאַגערן".

און דאָס מערקווירדיגסטע איז, וואָס שוין אין דאָזיגען בריף איז געוואָרען אַרויסגערוקט די עיקר־פראַגע, צוליב וועלכער אַלע הצלה־פּלענער זענען צושטערט געוואָרען, און נעמליך, צי מעג מען אויסצאָהלען אויסקויף־געלד אין די דייטשע הענד אַריין?

הרב ווייסמאַנדעל האָט דערוועגען געלאָזען הערען גאַנץ שאַרפע, צאָרניגע ווערטער, נאָך אין סאַמע אָנהויב פון דער רעטונגס־אַקציע:

„מיר זעהען פון אייער ענטפער, אַז הויפּזעכטליך איז פאַרהאַן איין אַרגומענט וואָס שטעהט אין געגענזאַץ צו אונזערע פאָדערונגען פון אייך, און דאָס מיינט, אַז עס איז אייך פערבאָטען, ריכטיגער: עס

איז אונז פערבאָטען צו ליפערן געלדער אין דער קאַסע פון יענעם רשע... אָבער דאָ מוזט איהר דאָך אונטערשיידען צווישען די כאבאר־געלדער און די געלדער פאר די ארבעטס־לאגערן. דאָס פריוואטע געלד (כאבאר) געהט פאר איינצעלנע, וועלכע בעהאלטען די דאָזיגע געלדער אין זייערע בעהעלטנישען און די קאסע פון דאָזיגען רשע בעקומט דערפון גאָרנישט — און די געלדער פאר די ארבעטס־לאגערן האָבען אונזערע פינאנץ־בעאמטע מיט גרויסע שוועריגקייטען מסכים געווען, צו לאָזען זיך בעגנוגנען מיט אונזער וואלוטע".

„און וועגען דעם פערבאָט איבערצופיהרען געלדער אין די פיינד־ליכע געביטען, ווילען מיר אייך דערמאָנען נאָך עפעס: דער פראָנט פון די אליאירטע האָט ערלויבט ארויסצופיהרען גרויסע קוואנטומס פון בעשפייזונג פאר גריכענלאנד, ווי דאָס איז גוט בעקאנט, דערפאר, וואָס דאָס איז נוגע א גאנץ לאנד האָט מען אוועקגעקוקט פון דעם פערבאָט (געמיינט די בלאָקאדע); טאָ זאָל כאָטש אין די אויגען פון אונזערע ברידער־אידען, וואָס לעבען אין גוטס און זיכערקייט, זיין אזוי חשוב דאָס לעבען פון זייערע ברידער, וועלכע שטארבען פון הונגער און ווע־רען אויסגעמאָרדעט און איבערגעקאָכט אויף זייף, טאָ זאָלען די דאָזיגע אידען כאָטש זיין אזוי חשוב ווי די גריכען אין די אויגען פון די ענגלענדער. אזוי איז מחייב דער יושר, לויט אונזער בעשיידענער מיינונג"...

די פראַגע וועגען די נויטיגע פאָנדען פאַר די „איינגעשטעלטע אַרבעטס־לאַגערן", וואָס דאָס איז געווען איינע פון די געלונגענסטע רעטונגס־מאַנעווערן אין דער סלאָוואַקיי, איז געוואָרען ברייטער אויפגעקלערט אין אַ שפּעטערדיגען בעריכט פון די ציוניסטישע פיהרער אין בראַטיסלאַוואַ, אַרויסגעשיקט דעם 7־טען אַפּריל 1943, אויף דער אַדרעס פון דער אידישער אַגענץ אין ירושלים. נאָכדעם ווי אין בעריכט ווערט דערצעהלט וועגען דער „ענגער גרופּע פון הצלה־טהוער" און עס ווערט געפּאָדערט פולער פערטרויען פאַר „די רבנישע בריף" (מיט דער אונטערשריפט פון הרב ווייסמאַנדעל), ווערט פעסטגעשטעלט:

„פאר דעם ערפאָלג פון דער רעטונגס־ארבעט האָט א געהעריגער באזים געמוזט ווערען געשאפען, כדי צו געבען אונזערע הילף־בערייטע פריינד אין דער רעגירונג דעם גענגען־ארגומענט אָפּצורופען די אומ־בעדינגטע נויטווענדיגקייט פון די דעפּאָרטאציעס. דער דאָזיגער געגען־ארגומענט איז געווען דער פּראָיעקט צו שאפען ארבעטס־לאגערן, אין וועלכע די אידען זאָלען ווערען אָבגעטיילט פון דער אלגעמיינער בע־פעלקערונג און גלייכצייטיג דערמיט ליפערן זייערע ארבעטס־קראפט

פאַר דער מלוכה. פון דער אַנדערער זייט דאַרף אָבער די ערנעהרונג פון די אַרבעטס־לאַגערן נישט בעלאַסטען די רעגירונג און מיר האָבען זיך געמוזט פערפליכטען פאַרן דאָזיגען צוועק צו בעטען סובסידיעס פון אויסלענדישען אידענטום, אין דער פאָרם פון דעוויזען. דער אָבמאַך איז געוואָרען געשלאָסען אָקטאָבער פאַריגעס יאָהר און זאָל זיין גילטיג ביז ענדע מערץ 1943. עס איז פאַר אונז געוועזן קלאָר, אַז אַזאַ שטייגער אָבמאַך איז אַ גרויסע ריזיקאָ". —

[לויט דער אויטאָריזירטער קאָפּיע פון בריוו, אין אַרכיוו פון „אידישען וועלט־קאָנגרעס", ניו־יאָרק (איבערגעזעצט פון דייטש)].

אויף דעם דערמאָנטען בעריכט פון די ציוניסטישע פיהרער אין דער סלאָוואַקיי פיגורירען די אונטערשריפטען פון משה דאַקס — אין נאָמען פון „ארץ־ישראל העובדת" (די פעראייניגטע קרייזען פון „הסתדרות") און פון ד"ר אָסקאַר נוימאַן און פרוי גיזי פליישמאַן — אין נאָמען פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. אָט אויף דעם לעצטען נאָמען איז נויטיג זיך בעזונדערס אָבצושטעלען. פרוי גיזי פליישמאַן, וועלכע איז שפּעטער געפאַלען אַ קרבן פון דער נאַצישער נקמה און איז געוואָרען אונטער אַ ספּעציעלער עסקאָרטע אָבגעפיהרט קיין אוישוויץ, איז געווען אַ העלדישע, אָפּפערוויליגע אידישע כלל־טהוערין אויפן הצלה־געביט. זי פון איהר זייט האָט אויך געזוכט צו מאָביליזירען הילף און רעטונג ביים אויסלענדישען אידענטום, און איהרע צאָהלרייכע מאָהנונגען זענען געשיקט געוואָרען אויף דעם אַדרעס פון סאַלי מאַיער, דעם פערטרויאונגס־מאַן פון „דזשאָינט" אין דער נייטראַלער שווייץ.

אין אַ בריף פון 14־טען יאַנואַר 1943 האָט פרוי פליישמאַן געשריבען:

„אונזער פערצווייפלונג איז אומבעגרעניצט — די פאָלגען זענען נישט צום פאָרזעהען. מען רעדט שוין איבעראַל וועגען די „מערץ־שטורמען" און מיר שטעהען דאָ פאַר דעם אָבגרונד, וועלכען מען וואָלט געקענט אַריבערשפּרונגען, ווען אונזער אומגליק וואָלט געפונען מעהר פערשטענדניש — מיר האָבען אויסגעקעמפט פאַר זיך אַ 5־מאָנאַטליכע פויזע און אַ דאַנק דעם דערווייל געראַטעוועט טויזענדער מענשליכע לעבענס — מיר דערנענטערן זיך צו מערץ, דער קאָנטראַקט לויפט אָב, מיר שטעהען אָהן הילף און זענען פערלוירען, נישט מעהר צו רעטען".

[לויט דער זעלבער קוועלע].

אָבער דאַן, ווען די ערוואַרטעטע דרינגענדע הילף פון וועלט־אידענטום איז נישט געקומען און די לאַגע האָט אויסגעזעהען צו זיין אויסזיכטסלאָז — איז די הילף דערגאַנגען פון אַ גאַנץ אומגעריכטער זייט.

**דעם 24־טען מערץ 1943 האָט די זעלבע גיזי פליישמאַן געשריבען קיין אויסלאַנד:**

„נאָך מיין לעצטען בעריכט האָב איך פאָלגענדעס צו מעלדען. די געפּלאַנטע דורכפיהרונג פון אונטערבראָכענעם פּראָגראַם (געמיינט, די אָבגעשטעלטע אידען־דעפּאָרטאציעס פון דער סלאָוואַקיי), וואָס האָט געדראָהט אין מאָנאַט מערץ, איז געוואָרען אָבגעלעגט אַ דאַנק אַ קליינער הילף, וואָס איז געשטעלט געוואָרען צו דיספּאָזיציע דורך „מיקאָלאַס" (געמיינט, אונגארן), און דורך דעם האָבען מיר געקענט אויסגלייכען אונזערע דרינגענדסטע פערפליכטונגען — די פערפליכטונגען, וועלכע מיר האָבען אויף זיך גענומען אויך לגבי אַנדערע מאָסגעבענדע פאַקטאָרען (אויסער די נאַצים, דאָס מיינט דעם כּאַבאַר פאַר די היימישע סלאָוואַקישע אַנטיסעמיטישע פיהרער) זענען געגנוג הויכע, ליידער קאָנען מיר זיך נישט דערין העלפען, ווייל נישט מיר דיקטירען די בעדינגונגען".

**אַ מעהר דעטאַליזירטע שילדערונג פון די פיינליכע און העכסט־פערצווייפעלטע ראַנגלענישען פון די סלאָוואַקישע אידען צו מאָביליזירען די נויטיגע מיטלען פאַר זייער אייגענעם „אויסקויף־געלד" ענטהאַלט דער אויבען־דערמאָנטער פערזענליכער ראַפּאָרט פון הרב וויסמאַנדעל צום „אידישען וועלט־קאָנגרעס":**

„אין יוני און אין יולי, 1943 איז די סיטואַציע פון די סלאָוואַקישע אידען געוואָרען אומזיכער, דערפאַר וואָס די צווייטע איינצאָהלונג פון 25 טויזענד דאָלאַר (אויף די הענד פון דעם נאַצישען ראַטנעבער וויסליצעני) איז נישט געוואָרען אריינגעטראָגען. — דערווייל איז וויסליצעני געוואָרען אומגעדולדיג און פערשידענע תירוצים זענען געוואָרען צו איהם איבערגעוויזען דורך דער פערמיטלונג פון האָכבערג'ן (זיין אידישער „פערבינדונגס־מאַן"), כדי אויפצוקלערען פאַרוואָס דער ענטפער פון אויסלאַנד איז נאָך אַלץ נישט אָנגעקומען, און דורך דעם צו האַלטען וויסליצעני'ן מעהר געדולדיג. היות ווי דער זעלבער האָט געגעבען אָנצוגעהערען, אַז צוליב פּסיכאָלאָגישע סיבות וואָלטען די פאָנדען געדאַרפט קומען פון אַמעריקע, איז איהם געוואָרען אויפגעקלערט ווי קאָמפּליצירט דאָס איז צו אָרגאַניזירען און אַז די אידען אין סלאָוואַקיי האָבען דערוועגען געהאַט צו ענטפערן אויף פיעל אָנפראַגען און זיי האָפען יעדען טאָג צו דערהאַלטען דאָס געלד".

**הרב וויסמאַנדעל האָט נאָך צוגעגעבען אַ העכסט־פאַנטאַסטישען פּרט:**

„מען האָט געמוזט אָנווענדען אַ זעהר שאַרפזיניגען איינפאַל מיט'ן

צוועק צו בעווייזען וויסליצעני׳ן, אז עס ווערט אָנגעהאַלטען אַ דירעק־טער קאָנטאַקט מיטן אַמעריקאַנער אידענטום (וועגען די נאַצישע קאָנ־קרעטע פּלענער צו „פּערקויפען אידען״). און אַט איז געוואָרען אָנגע־שריבען אַ בריף, אויף געפעלשטע בריף־בויגענס פון אַ שווייצארישען האָטעל, און אין דאָזיגען בריף האָט אַ געוויסער „מיסטער ראָטט״ (וועלכער האָט גאָרנישט עקזיסטירט) געשריבען, אַז „דער אָנקעל פון אַמעריקע איז העכסט־צופרידען פון דער אַפּערטע און ער שיקט גלייך אַרויס די 25 טויזענד דאָלאַר״. וויסליצעני האָט געוואַרט אויף דעם אַרויסגעשיקטען געלד, און ווען די 25 טויזענד דאָלאַר זענען אַלץ נישט אָנגעקומען האָט ער בעגייט די דעפּאָרטאַציעס. דאַמאָלס האָבען די סלאָוואַקישע אידען אַפּעלירט צו די אידען אין בודאַפּעסט פאַר דרינ־גענדער הילף, בעטענדיג אַ הלוואה פון 25 טויזענד דאָלאַר, און בו־דאַפּעסטער אידען האָבען דאָס גלייך געליפערט. ווען די דאָזיגע סומע איז געוואָרען איבערגעגעבען צו וויסליצעני, האָט ער געזאָגט: „איהר זעהט, אַז מיט אייך, אידען, איז עפּעס דורכצופיהרען נאָר אונטער אַ דרוק״. דער רעזולטאַט פון דער צווייטער איינצאָהלונג איז געווען, אַז די דעפּאָרטאַציעס זענען געוואָרען פולשטענדיג אָבגעשטעלט. דאָס האָט פּאַסירט אין אָקטאָבער—נאָוועמבער 1942״.

דער לעצטער עפּיזאָד וועגען דער דרינגענדער הילף פון די בודאַפּעסטער אידען צו ראַטעווען די סלאָוואַקישע אידען פון דעם טויטען־גירוש — פערדינט געוויס אַ געהעריגע בעטאָנונג. הרב ווייסמאַנדעל זעלבסט האָט ביי אַן אַנדערער געלעגענהייט מעהר אויספיהרליך דערצעהלט דערוועגען:

„דאָס אומגליק האָט פּאַסירט אין סאַמע יום־כיפור פון יאָהר תש״ג. וויסליצעני האָט פערלוירען דאָס געדולד און גענומען טענה׳ן, אַז אידען מאַכען פון איהם אַ נאַרען־קאָפּ... האָט ער אום יום־כיפור געכאַפּט דריי טויזענד אידען און זיי דעפּאָרטירט קיין פּוילען, אין טויטען־לאַגער אריין. אין זעלבען טאָג, יום־כיפור, האָב איך אַרויס־געשיקט דריי טעלעגראַמען קיין בודאַפּעסט, צו די פיהרער פון אָרטאָ־דאָקסישער קהלה קאָהן־פראַנקעל און צו הרב שטראַסער, דעם בוצינער רב. באַלד נאָך יום־כיפור איז געקומען פון בודאַפּעסט אַן עקסטרא־שליח, מיטן נאָמען טרייטעל (זיין נאָמען דאַרף ווערען דערמאָנט, ווייל דאָס דאָזיגע שליחות איז געווען פערבונדען מיט מסירות־הנפש) און גע־בראַכט אונז 25 טויזענד דאָלאַר. דערויף האָט וויסליצעני ערקלערט, אַז מיט אידען מוז מען נאָר אָנווענדען צוואַנגס־מיטלען. די פערשפּע־

טיגונג אין איינצאָהלען דאָס אויסקויף־געלד לויטן אָבמאַך האָט אונז דערוויל געקאָסט דריי טויזענד אידישע לעבענס״...

[לויטן פראָטאָקאָל פון אַ געשפרעך אין מאונט־קיסקאָ, כ׳ אדר א׳, תשי״ד, פאַרצייכענט דורכן מחבר פון אַרטיקעל].

דאָס איז אין קורצען געפאַסט די געשיכטע פון דעם הצלה־נס אין דער סלאָוואַקיי. למען האמת, מוז מען אונטערשטרייכען, אַז די רעטונגס־גרופּע אין בראַטיסלאַוואַ, מיט הרב ווייסמאַנדעל בראש, האָט באַלד פון ערשטען מאָמענט אָן, ווי נאָר דער שאַנס האָט זיך פאַר זיי געעפענט, גענומען טראַכטען וועגען אַ דרייסט־פערמאָסטענעם רעטונגס־פּלאַן פאַר די נאָך־לעבעדיגע אידען אין גאַנצען אייראָפּעאישען גיהינום.

און עס איז אונזער פּיינליכע פליכט אַרויסצוהויבען די דאָזיגע אומגעהויער־טראַגישע געשיכטע פון די פערגעסענע מלחמה־אַרכיוועז.

.5

# פערהאנדלונגען ארום דעם נאציישען פאַנטאַסטישען ״אייראָפּע־פּלאַן״

פון אויבען־אויף זעהט אויס די גאַנצע געשיכטע ממש ווילד־אומגלויבליך. איז דען דערין מעגליך צו גלויבען, אַז דער אַנטי־אידישער הויפּט־פערניכטונגס־שטאַב פון די נאַציס זאָל האָבען געוועין גרייט אַריינצוגעהן אין אַ געהיימען האַנדעל אָבצושטעלען, אָדער אפילו נאָכצולאָזען די פּלאַנמעסיגע און סיסטע־מאַטישע שחיטה אויף אידען?! און ווען האָט דאָס געזאָלט פּאַסירען, — דווקא אין די ווינטער־חדשים פון 1942—43, בעת די אויסראָטונגס־אַקציע, וועלכע האָט געציעלט צו פערוואַנדלען גאַנץ אייראָפּע אַלס „יודענריין״ האָט געהאַט דערגרייכט דעם ענטשיידענעם הויך־פּונקט?!

קוקט מען אַריין אין דער אָפיציעלער נאַצישער דאָקומענטאַציע — זעהט מען קלאָר, אַז גראָד אין דאָזיגען פּעריאָד האָט דער אבי־אבות־הטומאה, היטלער ימ״ש, כסדר עפענטליך ווידערהאָלט זיין צוזאָג, אַז דאָס אייראָפּעאישע אידענטום וועט פולשטענדיג פערניכטעט ווערען. דריי מאָל נאָכאַנאַנד אין פערלויף פון אַ זעהר קורצע צייט — דעם 30־טען סעפּטעמבער 1942, דעם 24־טען פעברואַר און 21־טען מערץ 1943 — האָט דער נאַצישער הויפּט־פיהרער גאַנץ אָפען און

ציניש ערקלערט: „מיין צוזאָג ווערט פערווירקליכט; עס נעמט ענדליך אַ סוף צו די אידען!" נו, טאָ ווי־אַזוי לאָזט זיך דאָס צו גלויבען, אַז אין דעם זעלבען פעריאָד איז דער ספּעציעלער עמיסאַר פון הויפּט־שטאַב פון געסטאַפּאָ און ס"ס, וויסליצעני, צוריקגעקומען פון בערלין קיין בראַטיסלאַוואַ, כדי פאָרצושטעלען פאַר דער געהיימער גרופּע פון אידישע פערהאַנדלער דעם פרעציעז־אויסגעאַר־בעטען „אייראָפּע־פּלאַן", וועלכער האָט בעצוועקט צו פערקויפען איניגע מיליאָן לעבעדיגע אידען פאַרן פרייז פון 2—3 מיליאָן דאָלאַר?!

און דאָך ריידען די פאַרהאַנענע דאָקומענטען מיט אַ קלאָרער, קאַלט־איבערצייגענדיגער שפּראַך.

דער זעלבער וויסליצעני, וועלכער האָט דעמאָנסטרירט זיין כח אַלס דער „ענטשיידענדער פאַקטאָר" אין דעם גורל פון די סלאָוואַקישע אידען — דער זעלבער האָט נאָך לענגערע בעראַטונגען אין דער געסטאַפּאָ־צענטראַלע אין בערלין פאָרגעשטעלט דעם פּראָיעקטירטען טעקסט פאַר אַ „געהיימען פערטראַג" מיטן וועלט־אידענטום, און דאָס סאַמע כאַראַקטעריסטישע אין דעם נאַצישען אַנטראַג איז געווען דער פונקט, אַז די טראַנזאַקציע ווערט געשלאָסען מיטן בעדינג אויסצוצאָהלען דאָס אויסקויף־געלד אין 10 מאָנאַטליכע ראַטעס!

אָט זענען די הויפּט־פּונקטען פון דאָזיגען אַזוי־גערופענעם „אייראָפּע־פּלאַן", וואָס איז געוואָרען געמיינזאַם פאָרמולירט דורך וויסליצעני'ן און די דרייסטע אידישע רעטונגס־פּלאַנירער אין בראַטיסלאַוואַ:

„1) אַ בעלוינונג פון 2 מיליאָן דאָלאַר אין אויסצאָהלונגען; די סומע פון 200 טויזענד דאָלאַר ווערט אריינגעטראָגען מיטן אונטער־שרייבען דעם אָבמאַך און דאָס איבריגע אין ראַטעס צו 100 טויזענד דאָלאַר מאָנאַטליך. מיטן שליסען דעם אָבמאַך ווערען אָבגעשטעלט אַלע וויטערדיגע אידען־דעפּאָרטאַציעס אין גאַנץ אייראָפּע, מיטן אויס־נאַהם פון פּוילען.

„2) אַ ספּעציעלער אָבמאַך ווערט געשלאָסען וואָס נוגע פּוילען.

„3) עס ווערט ערלויבט די עמיגראַציע פון טויזענדער אידישע פאַ־מיליעס וועכענטליך, און אַ געהעריגער באַהן־טראַנספּאָרט וועט ווערען צוגעפיהרט ביז דער שפּאַנישער גרעניץ. די אידישע אָרגאַניזאַציעס אין אַמעריקע דאַרפען פון זייער זייט פערזיכערן דעם אריינפאָהר קיין שפּאַניען און פון דאָרט דערנאָך איבערצופיהרען די עמיגראַנטען אין לענדער מעבר לים (וויסליצעני האָט דערביי מינדליך אויפגעקלערט, אַז ער האָט פערלאַנגט צו ערלויבען די אידישע עמיגראַציע מיטן ציעל־פּונקט קיין ארץ־ישראל, נאָר אין בערלין האָט מען דערצו נישט גע־וואָלט איינשטימען). פאַר די עמיגראַציע־ערלויבענישען דאַרפען געמאַכט

ווערען בעזונדערע איינצאָהלונגען, צום פּרייז פון טויזענד דאָלאַר פּאַר
אַ פאַמיליע (אָדער דעם עקוויוואַלענט פון 50 טויזענד פּענגאָס, אויף
וויפיעל דאָס איז נוגע אונגארישע אידען).

„4) מיטן צוועק פון אָרגאַניזירען די דאָזיגע עמיגראַציע ווערט
געשאַפען אַ ספּעציעלע רייזע־אַגענטור, אונטער דער אָנפיהרונג פון
וויסליצעני און אייכמאַן.

„5) דער צופיהר פון שפּייז־פּאַקעטען ווערט ערלויבט פאַר די
פערבליבענע אידען אין פּוילען, אין די געטאָס אָדער לאַגערן.

וואָס שייך די צוויי פּונקטען אין פאַרגעשלאָגענעם אָבמאַך, בנוגע דעם
איבערייס פון די דעפּאָרטאַציעס אין דער גאַנצער נאַציש־אָקופּירטער אייראָפּע
און דער „ספּעציעלער בעהאַנדלונג" פון דער לאַגע אין פּוילען, זענען שפּעטער
נאָך געקומען צוגאָב־אויפקלערונגען. בנוגע פּוילען איז געוואָרען פאַרגעשלאָגען,
אַז ערשטענס זאָלען נישט פאַרקומען קיין „צווייטע דעפּאָרטאַציעס" דאָרטען,
קודם־כל פון די סלאָוואַקישע פערטריבענע אידען און שפּעטער אויך פון אַלע
אַנדערע דעפּאָרטירטע; און צווייטענס, זאָלען די דעפּאָרטירטע בעקומען די מעג־
ליכקייט פון אָנבינדען קאָרעספּאָנדענץ מיט זייערע אָבגעריסענע פאַמיליעס און
אויך אָבצונעמען פּעקלעך פון שפּייז און מלבושים. נאַטירליך, אַז די גרעסטע
וואָג אין די פערהאַנדלונגען איז געוואָרען געגעבען דער פּראָפּאָזיציע אָבצושטעלען
די דעפּאָרטאַציעס; דאָ האָבען די נאַצישע הענדלער ווידעראַמאָל אַוועקגעשטעלט
אַלס „אויסנאַממען" די טעריטאָריע פון דייטשלאַנד און דעם טשעכישען פּראָ־
טעקטאָראַט, און דאַגעגען לגבי די אַנדערע לענדער האָבען זיי זיך פערפּליכטעט
אָפּצושטעלען די דעפּאָרטאַציעס „אין משך פון 15 טעג נאָכן ראַטיפיצירען דעם
אָבמאַך", קלאָרער געזאָגט: נאָכן בעקומען די ערשטע סומע פון 200 טויזענד
דאָלאַר.

שוין בלויז דער דאָזיגער בעדינג האָט דאָך מחייב געווען געוועזן צו נעמען
די פּראָפּאָזיציע ערנסט ביז גאָר, ווייל דאָס האָט דאָך געדינט אַלס אַ בעוויז אַז
הינטער דער פּראָפּאָזיציע שטעהען גאָר הויכע נאַצישע מאַכט־אויטאָריטעטען!

## ווער־זשע זענען זיי עס טאַקע געווען, די געלד־גייציגע נאַצישע כאַבאַר־הענדלער פון הינטער די קוליסען?

וויסליצעני האָט ביי יעדער געלעגענהייט גערעדט אין נאָמען פון זיין
„שעף", אַדאָלף אייכמאַן, און עס האָט זיך דערפון בעקומען דער איינדרוק, אַז
זיי ביידע דאַרפען זיין ענגע שותפים אין דער גאַנצער „טראַנזאַקציע". אין גע־
וויסע מאָמענטען האָט וויסליצעני אויך געגעבען אָנצוהערען, אַז דער „רייכס־
פיהרער פון ס"ס", הימלער, איז פּערזענליך אינפאָרמירט וועגען אַלעם און אַז
אַלץ קומט פאָר מיט זיין צושטימונג.

**וועגן אייכמאַנ׳ען שטעהט די פראַגע אַבסאָלוט קלאָר** — ער איז געוועזן דער נידערטרעכטיגער, קאַלט־ראַפינירטער מערדער, וואָס האָט געהאַט „אַ בליק אויף דער צוקונפט”, דאָס מיינט צוצוגרייטען גרויסע געלד־פאָנדען פאַר זיך, אין פאַל פון דער נאַצישער מפלה. און איהם איז עס דאָך ווירקליך געלונגען צו פערשווינדען ווערען אין דער לעצטער מינוט, פאַרן נאַצישען צוזאַמענברוך און ביז היינט איז ער צום משפט נישט געוואָרען געשטעלט. אייכמאַן איז צו יענער צייט געוועזן דער הויפט־אָרגאַניזאַטאָר פון דער אַנטי־אידישער פערניכטונגס־אַקציע און גאַנץ בעזונדערס פון די דעפאָרטאַציעס און די טויטען־צוגען. פאַר דעם מיליטערישען טריבונאַל אין נירענבערג זענען געוואָרען פאָר־געשטעלט אָפיציעלע געהיים־נאַצישע דאָקומענטען, אין וועלכע אייכמאַן האָט פיגורירט אַלס דער שעף פון אָבטיילונג “IV A-4b” אין דער געסטאַפּאָ־צענטראַלע און אַלס זיינע הויפט־פונקציעס אין דעם געהיימען אָרגאַניזאַציע־פלאַן איז געוועזן אָנגעגעבען „אידישע ענינים און פראַגען פון דעפאָרטאַציעס”.

**פיעל מעהר קאָמפליצירט איז די פראַגע וועגען הימלער׳ס ראָל אין דער גאַנצער זאַך.** צי האָט ער, דער נאַצישער הויפט־תליך, אויך געהאַט פערזענליכע געלד־אינטערעסען אין דעם האַנדעל מיט אידישע לעבענס, אָדער האָבען דאָ בלויז געווירקט זיינע וויטזיכטיגע פאָליטישע אַספיראַציעס? און די סאַמע פיקאַנטסטע פראַגע איז דאָך: **צי האָט הימלער געהאַנדעלט דאָ גאַנץ זעלבסטשטענדיג, אַנטקעגען דער קלאָרער ליניע פון היטלער׳ן, צו פער־ניכטען ריקזיכטסלאָז די אידען, „ביז צום לעצטען”?**

כדי צו ענטפערן אויף די אַרויסגערוקטע פראַגען זענען נויטיג איינעגע אַלגעמיינע אויפקלערונגען:

א) **דער פאַקט, אַז צווישען היטלער׳ן און הימלער׳ן זענען געוועזן** שאַרפע מיינונגס־פערשידענהייטען איז אַרויסגעקומען ברוטאַל און אָפען אין דעם שלוס־פעריאָד פון דעם נאַצישען צוזאַמענברוך, ווען הימלער האָט געמאָלדען זיין קאַפיטולאַציע צו די מערב׳דיגע גרויס־מאַכטען און דער אויסגעשפּילטער היטלער האָט איהם דערפאַר נאָך בעוויזען צו דעגראַדירען און צו סטעמפּלען אַלס פעררעטער. עס איז אַלזאָ מעגליך, אַז אויך די פראַגע פון דער טאָטאַלער רעשטלאָזער פערניכטונג פון אידען האָט געהערט צו זייערע שטרייט־פראַגען *).

---

*) ווען דאָס בוך איז שוין געווען אין דרוק איז דערשינען דאָס סענסאַציאָנעלע „וייס־בוך” פון דער שוועדישער רעגירונג (שטאָקהאָלם, אַפּריל 1956), וואָס בעוויזט, אַז נאָך אין יאָהר 1943 האָט הימלער געזוכט צו פערראַטען היטלער׳ן, דורך „אַ שלום־אָנבאָט צו די מערב־גרויסמאַכטען”. דער דאָזיגער ענטשיידענדער פאַקט בעקרעפטיגט געוויס אונזער צוגאַנג ווי אויך אויספיהרונגען.

ב) **דער טייוולאָנישער נאַצישער מאָרד־פּלאַן אַקעגען אידען** איז „רייך־אידעאָלאָגיש" געווען קאָנצענטרירט אויף דעם גייסטיג־מעכטיגען, נאַציאָנאַל־קעמפערישען און ביאָלאָגיש־שעפערישען מזרח־איראָפּעאישען (לייען: פּוילישען) אידענטום, ווי דער נאַצישער הויפּט־„יודענקענער", האַנס היינץ סעראַפים, האָט אויף דער שוועל פון קריג דאָס פעסטגעשטעלט אין זיין בוך „דאָס אידענטום אין אָסט־איראָפּעאישען ראַהם". מיט אויסקוילענען די איבערוויגענדע מעהרהייט אידען אין פוילען, ליטע, אוקראַינע און ווייס־רוסלאַנד, האָט דער נאַצישער מערדערישער ציעל געקענט בעטראַכט ווערען אַלס מעהר־ווייניג רעאַליזירט און דערפאַר האָבען די סאַמע סאַדיסטישע יודענפרעסער (ווי אייכמאַן אַליין האָט זיך דערמיט בעריהמט!) זיך „דערלויבט" צו פיהרען אַ קאַניבאַלישען האַנדעל מיט די נאָך־צאַפּעלדיגע אידישע לעבענס.

ג) **אין נאַצישען פיהרער־קרייז האָבען זיך שוין דאַן געפונען גענוג שוואַרץ־זעהער**, וואָס האָבען דערפיהלט די אומפערמיידליכע מפּלה און, דורך דעם „אידען־האַנדעל" האָבען זיי געפּלאַנט אי צוצוגרייטען פאַר זיך בעציַטענס אַ שטיקעל „אַליבי" און דערביי טאַקע אויך אַוועקצולייגען אַ געלד־פאָנד אויף דער „שוואַרצער שעה" (דעם דאָזיגען אַרגומענט פלעגט וויסליצעני זעהר אָפט אונטערשטרייכען בעת די געהיימע פערהאַנדלונגען אין בראַטיסלאַוואַ).

אויף וויפיעל דאָס איז נוגע הימלער'ן איז אָנצונעמען בפירוש, אַז ער, אַלס רייכס־פיהרער פון ס"ס, האָט זיך פאָרמעל און פּראַקטיש געהאַלטען אַלס דער אַליין־הערשער איבער דעם לעבען און טויט פון אַלע אידען אין דייטשען בעזיץ. אַלע קאָנצענטראַציע־לאַגערן און מאָרד־צענטרען האָבען זיך געפונען אונטער דער פולשטענדיגער קאָנטראָל פון די ס"ס. נאָכמעהר: די צום טויט־פעראורטיילטע אידען זענען געווען דאָס לייב־אייגענטום פון ס"ס און די גאַנצע הכנסה פון דער שקלאַפּערישער אַרבעט ביז צום מאָמענט פון דער פערניכטונג איז געגאַנגען אין דער קאַסע פון ס"ס. דערוועגען זענען פאַרהאַן אָפיציעלע דאָקומענטען. פאַרן טריבונאַל אין נירענבערג איז געוואָרען אַרויסגעבראַכט דער דאָזיגער אומפערגלייכליכער שאַנד־דאָקומענט, וואָס שטעלט פאָר אַ קורצען, אייליג־געצייכענטען אָבמאַך צווישען דעם נאַצישען יוסטיץ־מיניסטער, טהיעראַק און הימלער'ן, מיט דער דאַטע פון 18־טען סעפּטעמבער 1942. אין איינקלאַנג מיטן דאָזיגען אָבמאַך האָבען אַלע אידען אין דער נאַציש־בעהערשטער טעריטאָריע געדאַרפט ווערען איבערגעגעבען צו ס"ס „אויף צו בעשעפטיגען זיי ביז דער פערניכטונג". ביי אַן אַנדער געלעגענהייט האָט הימלער אַליין זיך פעררופען אויף זיין שטרענגער פעראָרדנונג, אַז דער אויבערגרופּענפיהרער פון ס"ס, פּאָהל, זיין רעכטע האַנד נעבען קאַלטענברונער'ן, זאָל דיספּאָנירען מיטן קאָלעקטיווען פערמעגען פון די אויסגעקוילעטע אידען.

[לויט דעם דאָקומענט: Case/3—NG—558]

פון דעם שטאַנדפונקט געזעהען ווערט שוין מעהר גלויבענסווירדיג די מעגליכקייט, אַז הימלער זעלבסט זאָל מיט זיין אויטאָריטעט האָבען געדעקט דעם „אייראָפּע־פּלאַן", צו פערקויפען מיליאָנען געפּייניגטע און גענצליך־בערויב־טע אידען „אַלס ווערטפולע עקספּאָרט־סחורה". פאַר דעם שפּעטערדיגען אָפיציעל־נאַצישען אָנבאָט פון מאַי 1944, צו פערקויפען „אַ מיליאָן אונגאַרישע אידען", איז הימלער געווען פערזענליך פעראַנטוואָרטליך, און דערוועגען זאָגען עדות פערטרויליכע נאַצישע דאָקומענטען פון ערשטער קוועלע. דערפאַר לייגט זיך אויפען שכל אַז שוין אין 1942, טאַקע צו יענער צייט פון די פערהאַנדלונגען מיט ווייסליצעני׳ן, האָט הימלער געטראַכט ווי אַזוי עקאָנאָמיש צו עקספּלאָאַטירען די אידישע לייב־שקלאַפען זיינע, דורך פערקויפען „עמיגראַציע־ערלויבענישען" פאַר זיי. אין די געהיימע געסטאַפּאָ־אַרכיוון האָט זיך ווירקליך אָבגעזוכט אַן אָפיציעלער דאָקומענט, דאַטירט דעם 24־טען נאָוועמבער 1942, אין וועלכען דער ס״ס־גענעראַל, גאָטטלאָב בערגער שלאָגט־פאַר הימלער׳ן „צו פערקויפען אַ צאָהל עמיגראַציע־ערלויבענישען פאַר סלאָוואַקישע אידען פאַרן פרייז פון פי־נאַנסירען די בעוואָפנונג פון אַן ס״ס־דיוויזיע". דער זעלבער גענעראַל בערגער איז געווען איינער פון די סאַמע העכסטע בעאַמטע ביי הימלער׳ן, דער שעף פון „הויפּט־אַמט", דאָס מיינט די צענטראַלע אַדמיניסטראַציע פון ס״ס און דער פערבינדונגס־אָפיציר זיינער מיט אַלפרעד ראָזענבערג׳ן. אויף זיין פּראָצעס אין 1948 האָט בערגער בעשטעטיגט, אַז זיין פּלאַן „צו פערקויפען אידען" איז גענומען געוואָרען זעהר ערנסט, נישט מעהר, וואָס עס זענען איינגעטרעטען געוויסע טעכנישע שוועריגקייטען. איז דאָס יעדענפאַלס אַ בעווייז, אַז די העכסטע שפּיצען פון געסטאַפּאָ און ס״ס זענען „פּרינציפּיעל" געווען גרייט „צום האַנדעל".
[Case II—NG——5921]

פון דער אַנדערער זייט איז נישט ווייניגער קלאָר, אַז ווען אפילו הימלער פערזענליך וואָלט געווען געדעקט די פערהאַנדלונגען וועגען אויסקויף־געלד, וואָלט דאָך פאָרט צו יענעם מאָמענט געווען גענוג איין שאַרף וואָרט פון היטלער׳ן צו־נישט צו מאַכען יעדען רעטונגס־פּלאַן.

דערפאַר איז וויכטיג אַרויסצוהויבען דעם פאַקט, אַז דער געלד־גייציגער ווייסליצעני האָט זיך בעמיהט פּאָליטיש צו קאָמפּלאַזשירען דעם האַנדעל מיט אידען. לויט הרב ווייסמאַנדעל׳ס בעריכט האָט ווייסליצעני געפאָדערט איין טייל אויסקויף־געלד אין מזומנים, וואָס זאָל ווערען אַריינגעטראָגען אין אַ שווייצאַ־רישער באַנק אויף עטליכע „פּריוואַטע נעמען" און דאַגעגען דער אַנדערער טייל האָט געדאַרפט ווערען געליפערט אין סחורות און אין געוויסע לאָדונגען פאַר דער דייטשער אַרמיי. און טשעקאַווע, אַז דווקא בנוגע די געפאָדערטע סחורות־ליפערונגען איז ער געווען גאָר נאָכגיביג. צום ערשט האָט ער פערלאַנגט

פון די סלאָוואַקישע אידען צוצושטעלען איהם אַ גרעסערען טראַנספּאָרט פון לאַסט־אויטאָמאָבילען ווי אויך אַ ריזיגען קוואַנטום פון וואָל. שפּעטער האָט ער זיך געלאָזען בעגנוגנען מיט אַ ליפערונג פון וואָל, וואָס איז געוואָרען איינגע־קויפט אויף שוואַרצען מאַרק אין סלאָוואַקיי גופא. נישט מעהר וואָס ער האָט אינפאָרמירט די בעטרעפענדע שטעלען, אַז „די סחורה שטאַמט פון אויסלאַנד". ווען עס האָט זיך געהאַנדעלט וועגען די לאַסט־אויטאָס האָט ער מיט דער גאַנ־צער צינישקייט ערקלערט, אַז דאָס איז בלויז „אַ פּרעסטיזש־פראַגע" און ער וועט זיך לאָזען צופרידענשטעלען מיט בלויז 50 אויטאָמאָבילען און איהם וועט דערביי נישט קימערן, אויב די ענגלענדער וועלען גלייך באָמבאַרדירען און פער־ניכטען דעם געליפערטען טראַנספּאָרט!

אַזוי האָט זיך מעהר־ווינציג פאָרגעשטעלט דער הינטערגרונד פון די פערהאַנדלונגען — און איצט בלייבט בלויז צו געבען אַ קורצען סומאַרישען איבערזיכט פונם גאַנג פון די פערהאַנדלונגען, אין ליכט פון די צוזאַמענגעקליבענע אויטענטישע בריף און רעטונגס־אַלאַרמען.

די ערשטע אויספיהרליכע ראַפּאָרטען פון הרב וויסמאַנדעל וועגען דעם „אייראָפּע־פּלאַן" זענען געוואָרען אַרויסגעשיקט פון בראַטיסלאַוואַ אין דעצעמבער 1942. מיט איניגע חדשים שפּעטער, דעם 7־טען אַפּריל 1943, איז די זעלבע פראַגע געוואָרען אויפגעהויבען אין דעם אויספיהרליכען מעמאָריאַל פון די ציוניסטישע פיהרער אין דער סלאָוואַקיי:

„פון די בעריכטען פון די רבנים (געמיינט הרב וויסמאַנדעל צוזאמען מיט זיין שווער, דעם בעריהמטען נייטרא'ר רב, דער קדוש, הרב שמואל דוד אונגאר הי"ד) ווערט איהר אינפאָרמירט זיין, אַז אַ דאנק אונזערע בעציהונגען מיט „אַנ'אשכנזישער שטעלע" האָבען מיר געהאט די מעגליכקייט צו פיהרען אונטערהאנדלונגען אָבצושטעלען דעם אלגעמיינעם גירוש — מיר האָבען דאך פון א געוויסען אָבזאץ אין אייער שרייבען צו אונז געדרונגען, אַז איהר צווייפעלט אין דער ריכ־טיגקייט פון די רבנישע בריף און מעגליך, אַז איהר האָט פון עפּעס אַן אַנדערער אומבעקאַנטער זייט בעקומען גאַנץ אַנדערע אינפאָרמאציעס. מיר ערקלערען אייך דעריבער אין פולען בעוואוסטזיין פון אונזער פער־אַנטוואָרטונג, אַז דאָס אַלץ וואָס די רבנים שרייבען און וואָס מיר טיילען אייך איצט מיט, איז דער 100־פּראָצענטיגער אמת — מיר בעטען אייך אונזערע ווערטער צו געטרויען און אַלע אַנדערע בעריכטען, וואָס קומען פון אומבעקאַנטע, נישט־אינפאָרמירטע און נישט־קאָנטראָלירטע שטעלען אויפצונעמען מיט דער גרעסטער פאָרזיכטיגקייט. איהר אַליין מוזט פערשטעהען, אַז אונזער אַרבעט מוז געפיהרט ווערען מיט דער גרעסטער

דיסקרעציע און פּאַרזיכטיגקייט און בלויז איייניגע, גאַנץ ווינציגע פּער־זאָנען ווייסען דעם געגויען און ריכטיגען מצב. — מיט דער גאַנצער פעסטקייט בעטען מיר אַלע אונזערע בריף שטרענג פערטרויליך צו בעהאַנדלען, ווייל עס קאָן אונז אַ גרוים אומגליק געשעהען, אויב דאָס מינדעסטע פון אונזערע אינפאָרמאַציעס זאָל ווערען אויפגעדעקט".

[לויט אַן אויטאָריזירטע קאָפּיע אין אַרכיוו פון „אידישען וועלט־קאָנגרעס"].

דערפון איז צו לערנען, אַז די ערשטע, פּסיכאָלאָגיש־פערשטענדליכע, רע־אַקציע מצד די צענטראַלע אידישע אינסטאַנצען אין אויסלאַנד איז געווען — אומגלויבליכקייט! דער אומאויפהערליכער שטראָם בריף פון בראַטיסלאַוואַ האָט אָבער נישט געלאָזט קיין צווייפעל אין דער ערנסטקייט פון דער פּראָפּאָזיציע. נעבען הרב ווייסמאַנדעל האָט זיך מיט די דרייסטע, אויפטרייסלענדיגע רעטונגס־אַפּילען אויסגעצייכענט די העלדענמוטיגע הצלה־טהוערין, פרוי גיזי פליישמאַן, וועלכע איז שפּעטער אַליין אומגעקומען אין אוישוויץ.

דעם 17־טען יולי 1943 האָט זי געשריבען צום „אָנקעל סאָלי" (סאָלי מאַיער, דער פערטרויאונגס־מאַן פון אַמעריקאַנער „דזשאָינט" אין דער שווייץ):

„איך פעררוף זיך אויף אייערע בריף פון 18 און 29 פאָריגען מאָנאַט, און וויל צום ערשט זיך אָבשטעלען אויף דעם פונקט פינף. פון אייער שרייבען איז אָנצונעמען, אַז „מאתיים אלף סטעפאַן" (דאָס מיינט צוויי הונדערט טויזענד דאָלאַר, און „סטעפאַן" ווערט דאָ געברויכט אַלס רמז פון סטיפען וויז, דער פערשטאָרבענער ציוניסטישער פיהרער פון אַמעריקע) איז צוגעשטימט געוואָרען אַלס איינצאָהלונג. איך קאָן אָבער נישט לערנען פון בריף, אויב דער פאָרשלאַג איז גע־וואָרען אָנגענומען אין זיין גאַנצען אומפאַנג, דאָס־הייסט, אַז אונזערע פריינד קאָנען זיך פערפליכטען די „אמצעים" (געלד), געפאָדערטע פון וויסליצעני, צו ליפערן, זאָל זיין אין ראַטעס. ווען איהר וועט נאָכאַמאָל איבערלייענען מיינע בריף וועט איהר זיך איבערצייגען, אַז בעת די פערהאַנדלונגען פון 10 מאַי האָט ער. פאָרגעשטעלט דעם אַקצעפּטירטען פאָרשלאַג פון זיין שעף (אייכמאַן) און מיר געגעבען אַ טערמין פון אַ חודש, ביז צום 10 יוני, צו ענטפערען אין נאָמען פון אונזערע פריינד, צי די פּראָפּאָזיציע איז אָנגענומען אָדער אָבגעוואָרפען. — צוליב די געשעהענישען אין גריכענלאַנד האָט ער. זיין בעזוך דאָ ווידער אָבגעלעגט און לעצטענס האָט ער מיר מיטגעטיילט, אַז דעם 20־טען יולי וועט ער אומבעדינגט אהערקומען פאָרצוזעצען די געשפּרעכען. מיר האָבען אַלזאָ געהאַט צייט פון 10־טען מאַי ביז דעם 20־טען יולי צו פערטראַכטען

זיך איבער דעם פאָרשלאַג און צו געבען דעם געהעריגען ענטפער. און
אַט דערהאַלט איך אייער שרייבען, פון וועלכען עס איז צו זעהען, אז
א גאנצע רייהע בעדינגונגען ווערען פון אייך געשטעלט און דאגעגען
איבער דער איינצאָהלונג (פון די ערשטע 200 טויזענד דאָלאר) זענען
בלויז טעאָרעטישע בעשלוסען געוואָרען געפאסט. גלויבט איהר ווירקליך,
ליעבער אָנקעל סאלי, אז איך קאָן קומען צום „אשכנזי" און נאָך דעם
10־וואָכדיגען איבעררייס פון די דעפּאַרטאציעס, איהם פון איין זייט
שטעלען בעדינגונגען און פון דער אנדערער זייט מאכען דעם פאָרשלאַג,
אז „סטעפאנ'ס קינדער" (געמיינט די דאָלארען) זאָלען ביז דעם סוף
פון קריג מוזען בלייבען ביי „טראָפּער'ן" (געמיינט, אין דער קאסע פון
„דזשאָינט" וואָס טראָפּער איז דאן געווען זיין פערטרעטער אין אייראָ־
פּע)? גלויבט איהר נישט, אז ער וועט דאָס אלעס בעטראַכטען אלס
פּראָוואָקאציע פון אונזער זייט? — ווען מען לעבט אין אַזאַ סיטואַציע
און אַטמאָספערע ווי מיר דאָ, קענען מיר נישט פערשטעהען, אַז מען
זאָל „אמצעים" (געלד) שטעלען העכער ווי „חיים" (דאָס לעבען). איך
ווייס עס צום בעסטען אָבצושאצען וואָס טראָפּער'ס פאמיליע (דער
„דזשאָינט") לייסטעט פארן גאנצען כלל — אָבער די דערווייטערונג פון
די אומגליקליכע צענטרען שאפט, קענטיג, און אנדערע פסיכאָלאָגישע
איינשטעלונג, פאר וועלכער מיר דאָ, די ליידענדע, האָבען נישט קיין
ענטפער. — איך מוז יעדע פעראַנטוואָרטונג אראָבוואַרפען פון זיך, אויב
וו. זאָל אונטער אזעלכע אומשטענדען נישט וועלען פאָרזעצען די פער־
האנדלונגען איבער דעם אָבהאַלט פון די דעפּאָרטאציעס".

[לויט אַן אויטאָריזירטע קאָפּיע פון דער זעלבער קוועלע].

אַ פּאָר טעג שפּעטער, דעם 28־טען יולי 1943, האָט די זעלבע פרוי
פליישמאַן נאָכגעשיקט „אַ לעצטען באריכט" מיט אַלאַרמען וועגען דער פער־
ערגערטער לאַגע אין דער סלאָוואַקיי, אַלס רעזולטאַט פון דער בלוטדורשטיגער
קאַמפּאַניע אין דער סלאָוואַקישער פּרעסע געגען די פערבליבענע אידען, און
דערביי האָט זי ווידער אָנגעשלאָגען מיט אויפּציטערענדער געוויסענס־מאַהנונג:

„וואָס עס איז נוגע דעם גרויסען פּלאַן, האָב איך מיך שוין
גענוג קלאָר אויסגעדריקט און איך ווידערהאָל דאָס נאָכאַמאָל, אַז איך
זאָג זיך אָב פון יעדער אחריות, אויב דער פּלאַן זאָל דורכפאַלען צוליב
דער שטעלונג פון אונזערע פריינד אויף יענער זייט גרעניץ. — עס האָט
נאָך אַזעלכעס נישט פּאַסירט אין דער געשיכטע אַז עס איז געוואָרען
געגעבען אַ מעגליכקייט צו ראַטעווען פערקנעכטעטע און צום־טויט־
פעראורטיילטע מענשען, און דער שאַנס זאָל נישט ווערען אויסגענוצט.

איך ווינש אייך נישט צו טראָגען אזא אומגעהויערע פעראַנטוואָרטונג".

[לויט דער זעלבער קוועלע].

צו דער דאָזיגער צייט, ווען די פערהאַנדלונגען זענען פּאַקטיש דערגאַנגען צו אַ טויטען־פונקט צוליב דער געגען־פּראָפּאָזיציע פון אויסלאַנד נישט אויסצוצאָהלען קיין אויסקויף־געלד במזומנים אַלס קאָמפּענסאַטע פאַרן נאַצישען אָנבאָט, — האָט הרב ווייסמאַנדעל ווייטער באָמבאַרדירט מיט זייגע העברעאישע גאַליג־כיטערע תוכחה־בריף:

„ענדליך, נאָך דיסקוסיעס פון העכער 9 חדשים צווישען אונז, וועלכע געפינען זיך אין דער שרעקליכסטער לאגע, און צווישען די אידען אין אויסלאנד, וואָס לעבען אין זיכערקייט און הרחבה; און נאָך דעם אָבלויף פון 2 חדשים זינט מיר האָבען דערהאלטען אייערע בעדינגונגען, איז אָנגעקומען א פרישע נייעס פון סאלי, אז מען איז גרייט צו ליפערן די נויטיגע פאָנדען. עס ווערט אָבער געשטעלט דער בעדינג, אז די געלדער מוזען בלייבען אויף א פערפרוירענער קאָנטע ביי „טראָפּער'ן" (דעם „דזשאָינט") און ערשט נאָך דער ענדע פון קריג וועט דאָס געלד ווערען בעפרייט. — אין נאָמען פון טויזענדער און טויזענדער, וועלכע זענען פערמשפּט אויף טויט, ליגענדיג אין די הענד פון די דאָזיגע פערברעכער, ווילען מיר פרעגען, ווער וואַגט דאָס צו פאָרמולירען אַזעלכע שטייגער פאָדערונגען? דאָס מיינט דאָך צו געהן ווילי'ן (וויסליצעני) און זאָגען, אז ער דארף דערפילען אלע אייערע בעדינגונגען און אויב ער וועט אזוי טהון וועט ער בעקומען א סומע געלד נאָכ'ן קריג. — צי זענט איהר אַלע משוגע געוואָרען?! די דאָזיגע פערברעכער ווייסען דאָך, אז די מלחמה וועט נעמען אַן ענדע און דערפאר ווילען זיי אוועקלעגען איז א זייט גרעסערע פאָנדען פאר זיך אליין, אלס זייער פריוואט־אייגענטום, אז נאָך זייער מפּלה זאָלען זיי קאָנען געפינען אַן אנטרינונג און קיינער זאָל זיי נישט אנטדעקען. — וועלען מיר זיי געבען דאָס געלד, וועלען זיי אונז געבען דאָס לעבען פון פיעל טויזענדער אידען, אנדערש, איז נישט בלויז וואָס קיין איינציגער איד וועט נישט ווערען געראטעוועט, נאָר מיר וועלען נאָך פאר זיי פאָרקומען ווי א באנדע לצים!"

דערווייל איז די צייט געלאָפען, די תלינים האָבען געקוילעט, דאָס אידישע בלוט איז געפלאָסען — אין אָנהויב סעפּטעמבער 1943 האָט שוין די בראַווע און אָפּפערוויליגע פרוי גיזי פליישמאַן, וועלכע האָט פערזענליך פיעל מאָל אונטערגעהאַנדעלט מיט וויסליצעני'ן, געהאַט צו מעלדען טרויעריג־פערצווייפעלטע

בעריכטען, אַז אַ נייע לאַגע איז איינגעטרעטען, דער דייטשער צד ענדערט זיינע בעדינגונגען און אַז וויסליצעני פיהלט זיך מעהר נישט קאָמפעטענט ווייטער אָנצוגעהן מיט די פערהאַנדלונגען.

דעם 1־טען סעפטעמבער 1943 שרייבט זי:

„פרייטאָג, דעם 27־טען אויגוסט, זענען די פערהאנדלונגען געוואָרען צוריק בענייט. — וו. האָט ביים אָנהויב פון געשפרעך ערקלערט, אז זיינע צוזאָגען וועגען אָננעמען די פּאָרשלאָגען פון 10־טען מאי פאָדערן אַ נייע בעראַטונג מיט דעם שעף זיינעם (אייכמאַנ׳ען), און ער מוז צום ערשט פערזיכערן פאר זיך די בעפולמעכטיגונג פון זיין שעף, אויב די דאַמאָלסדיגע פּראָפּאָזיציעס בלייבען נאָך אין קראַפט. — אָביעקטיוו מוז מען דערביי פעסטשטעלען, אז אונזערע ערשטע פער־האנדלונגען זענען געוואָרען געפיהרט דעם 10־טען מאי און שפּעטער נאָך די געשפרעכען פון 10־טען יוני און 10־טען יולי זענען די פער־האַנדלונגען געקומען צום שלוס; מיר אָבער, פון אונזער זייט, האָבען ביז היינט, אַלזאָ דורך צירקאַ 4 חדשים, קיין גענענלייסטונג אין „אמצעים״ (געלד) נישט אָנגעבאָטען, זענען דעריבער אונזערע פאָדע־רונגען נישט געוואָרען געהעריג גערעקט״.

[לויט דער געהיימער קאָרעספּאָנדענץ אין באַזיץ פון אַרכיוו פון „אידישען וועלט־קאָנגרעס״].

דעם 4־טען סעפטעמבער 1943 שרייבט זי ווידער:

„נעכטען, דעם 3־טען סעפּטעמבער, 5 נאָכמיטאָג איז אונזער בעראַטונג געוואָרען פאָרטגעזעצט, ווייל ווילי האָט זיך פון זיין „בירה״ (בערלין) צוריקגעקעהרט. ער האָט אונז מיטגעטיילט, אז דער בעשלוס, וואָס איז אונז געוואָרען איבערגעגעבען דעם 10־טען מאַי מיט דער גרייטקייט אָפּצושטעלען די דעפּאָרטאַציעס אין גאַנץ אייראָפּע, איז איצט פון דער דייטשער זייט געוואָרען צוריקגעצויגען. די סיבה פאָרן דאָזיגען בעשלוס ליגט אין דער געגענוועדטיגער אַלגעמיינער סיטואציע און דער הערשענדער אַטמאָספערע ביי די דייטשע שטעלען, נישט צו נעמען אויף זיך קיין קלאָרע פערפליכטונגען. — צום שלוס האָט ער פערזיכערט, אז מיר קאָנען אויף איהם רעכענען און אז ער גלויבט דאָך, אַז די פערהאַנדלונגען וועט מעגליך זיין צו בענייען. וועגען קיין געלד האָט ער נישט גערעדט, ווייל צוליב דער ניי־געשאַפענער לאַגע איז נישט מעגליך אָבצושליסען די פערהאַנדלונגען״.

דער לעצט־דערמאָנטער פּרט, אַז וויסליצעני האָט דאָס מאָל נישט גערעדט וועגען קיין געלד איז דווקא נישט געווען קיין אָנזאָג אויף גוטס. קורץ דערנאָך, דעם 13־טען סעפּטעמבער 1943, האָט פרוי פליישמאַן שוין געהאַט צו רעפּאָרטירען וועגען געוויסע, אומדערוואַרטעטע פּאָליטישע פאָרשלאָגען, מיט וועלכע וויסליצעני איז אַרויסגעקומען. אונטער דער גרעסטער קאָנספּיראַציע האָט ער דערציילט, אַז די העכסטע דייטשע אויטאָריטעטען זענען גרייט צו בעפרייען און אַרויסשיקען קיין אויסלאַנד אַ טראַנספּאָרט פון 5 טויזענד אידישע קינדער, און דאָס מיטן בעדינג, אַז דערויף זאָל קומען „אַ געהעריגע רעאַקציע״.

אָט איז אַ ווערטליכער אויסצוג פון דאָזיגען „לעצטען״ ראַפּאָרט:

„אויף מיין פראַגע, וואָס'ערע רעאַקציע ער (וויסליצעני) ערוואַרט פון „בראָדעצקי״ (געמיינט, ענגלאַנד) און „סטעפאַן״ (געמיינט, אַמעריקע) אויב די רעטונגס־אַקציע זאָל ווערען דורכגעפיהרט — ענטפערט ער, אַז דאָס איז געוואָרען בעשלאָסען אויף דער לעצטער „שיחה״ (קאָנ־פערענץ) אין בערלין; אויב די „תעמולת אויב״ געגען די „אשכנזים״ (געמיינט, די אַנטי־דייטשע קריגס־פּראָפּאַגאַנדע) וועט ווערען געמיל־דערט, דאַן וועט די קינדער־רעטונג ווערען פאָרגעזעצט און עס קאָן דאַן קומען אין בעטראַכט אָנצונעמען די פאָרשלאָגען וועגען אָבשטעלען די דעפּאָרטאַציעס פון אידען. זאָל דאָס אָבער נישט געשעהען, וועלען ווערען אָנגענומען וויטערדיגע מעהר־פערשאַרפטע מיטלען״.

דאָס איז דער לעצטער ראַפּאָרט פון דער העלדענמוטיגער רעטונגס־טהוערין, וואָס איז אין אונזער בעזיץ. אויך פאַר דער בעריכטס־געבערין זעלבסט איז געווען קלאָר, אַז די נייע פּאָליטישע בעדינגונגען פון דער נאַצישער מערדער־באַנדע, צו פערקויפען אידען פאַרן פּרייז פון ראַטעווען דעם „דייטשען פּרעסטיזש״, מוזען דערפיהרען די פערהאַנדלונגען צו אַן אויסזיכטסלאָזען פונקט. אָבער ווער נאָך ווי זי, די הצלה־מאָהנערין, האָט געוואוסט דעם פיינליכען אמת, אַז פון דער אידישער זייט האָט מען אָבגעשלעפּט לאַנגע חדשים דאָס איינצאָהלען די ערשט־געפאָדערטע כאַבאַר־סומע און דערווייל האָבען די פערהאַנדלונגען אָנגענומען אַן אויסגעשפּראָכענעם פּאָליטישען כאַראַקטער!

און מערקווירדיג, אַז דער מעלאַנכאָלישער טאָן פון דאָזיגען בריף איז נאָך אַלץ בעגלייט מיט אַ שטראַהל פון האָפנונג:

„מיר לעבען אין אַ האַסטיג־טוישענדער צייט. דאָס בעציהט זיך בעזונדערס אויף אונז, וועלכע לעבען אין דעם „צרות־רייך״. פאַר אונז גיבט עס נישט קיין פּראָגראַם אויף מאָרגען, ווייל מיר קעמפען אומ־אויפהערליך פאַר אונזער נאַקעטען לעבען, קוקענדיג דעם טויט אין די

אויגען אריין. דעם בעדינג, וואָס אונזערע שונאים שטעלען — לויט דער אינפאָרמאַציע פון וו. איז געווים שווער צו אַקצעפּטירען. טראָץ דעם טאָר מען אויף קיין איינציגען אויגענבליק נישט פערגעסען, אַז עס האַנדעלט זיך אין דעם לעבען פון דעם לעצטען רעשט פערבליבענע אידען אין דעם „צרות־רייך".

די שווערד פון פערניכטונג און דעפּאָרטאַציע איז געהאָנגען איבער די קעפּ פון די רעטונגס־אָרגאַניזאַטאָרען זעלבסט — און דאָך האָבען זיי זיך אויפגע־הויבען אויף אַזאַ הויך פון מסירות־נפש צו עפענען אַ העכסט־געוואַגטע רעטונגס־אַקציע פאַר די לעצט־ראַנגלענדיגע פוילישע אידען.

אין איינעם פון די פערטרויליכע ראַפּאָרטען פון גיזי פליישמאַן איז די דאָזיגע וואונדערליכע ערשיינונג געוואָרען בעצייכענט מיט אָפענעם שטאָלץ:

„טראָץ אונזערע רערדריקענדע זאָרגען פון היינטיגען טאָג, וואָס מיר ווייסען נישט וועגען אונזער גורל אויף מאָרגען, האָבען מיר טראָץ אַלעם זיך געשטעלט צום איצטיגען מאָמענט די הייליגע אויפגאַבע צו אָרגאַניזירען די רעטונג פאַר די רעשט פּליטים פון „צביה" (געמיינט, פּוילען). אין מיטען פון אונזער אייגענער לעבענס־געפאַהר געהט די אַקציע ווייטער און עס ווערט כסדר פערגרעסערט די צאָהל פון די געראַטעטע קיין „מיקאָלאָס" (געמיינט, אונגאַרן). מיר דאַנקען ג־ט, אַז ער האָט אונז געשאָנקען דאָס גליק אין אונזערע לעצטע שעה'ן צו קענען טראָגען הילף פאַר אַנדערע".

פאַקטיש איז די דאָזיגע מסירות־נפש'דיגע הצלה־אונטערנעמונג געוואָרען אָרגאַניזירט דורך הרב ווייסמאַנדעל, ביי דער דירעקטער מיטהילף פון איינעם פון די איבערגעלאָפענע פּליטים פון פּוילען, דעם העלדישען הצלה־עסקן, ר' בן־ציון קאַלב, פון נאָווי־טאַרג, גאַליציע. אַ גאַנצע גרופּע פּראָפעסיאָנעלע סלאָ־וואַקישע גרעניץ־שמוגלער זענען געוואָרען אַריינגעצויגען אין דער אַרבעט. אַ דאַנק דעם זענען העכער טויזענד אידען, מערהסטענס קינדער פון די לעצט־עקזיסטירענדע געטאָס אין באָכניע אין טאַרנאָוו, געוואָרען איבערגעפיהרט דורך דעם בערגיגען גרעניץ־געביט קיין סלאָוואַקיי און פון דאָרט טראַנספּאָרטירט קיין אונגאַרן, וואָס האָט נאָך צו יענעם פעריאָד אויסגעזעהען ווי אַ רוהיגער אינזעל פאַר אידען. די דאָזיגע רעטונגס־אַקציע איז געווען פערבונדען מיט גרויסע געלד־קאָסטען, צוליב דער לעבענס־געפאַהר פאַר די גרעניץ־שמוגלער זעלבסט.

אין אַ בריף מיט דער דאַטע פון „יום ב' תצא תש"ג", אַדרעסירט צום פּערדינסטפולען אָרטאָדאָקסישען הצלה־עסקן אין דער שווייץ, ר' חיים ישראל

**אייז ז״ל, וואָס איז צו יענער צייט געשטאַנען אין ענגער פערבינדונג מיטן „ועד הצלה״ אין אַמעריקע, האָט דער בעריהמטער נייטרער רב געמאָהנט ספּעציעלע געלד־פאָנדען פאַר דער דאָזיגער רעטונגס־אַרבעט:**

„מיין איידעם, דער רב נ״י (הרב ווייסמאנדעל) וועט שרייבען מעהר אויספיהרליך איבער דעם גרויסען ענין פון הצלת נפשות פון דער „ארץ גזירה״ (פוילען), און ספּעציעל פון ראטעווען די קינדער, וואָס איז די גרעסטע הייליגע פליכט. איך האָב נישט קיין ווערטער צו זאָגען, ווי ווייט דער מצב דערגרייכט און דאָס איז פקוח נפשות ממש, נישט פקוח נפשות פון איינצעלנע, נאָר פון דעם כלל. און לויט מיין בעשיידענער מיינונג זענען פרומע אידען מחויב אָנצושטרענגען זיך מיט אַלע מעגליכע כוחות און צוזאַמענשטעלען אַ גרעסערען סכום פאַר'ן דאָזיגען גרויסען און הייליגען צוועק, ווייל דאָס איז דאָך ממש בבחינת „לא תעמוד על דם רעך״.

**דער אידישער צד אין די פערהאַנדלונגען האָט אַזוי־אַרום דערוויל אַלץ געטהון צו אָרגאַניזירען אַ רעטונגס־אַקציע אויף אייגענער האַנד — און דער פערטרעטער פון דער דייטשער פערברעכער־באַנדע, האָט זיך דערוויל אויך געטהון „דאָס זייניגע״.**

**דער זעלבער וויסליצעני, וועלכער האָט פאַר „כאַבאַר״ געהאַלטען אַ וואָך אויג נישט צו לאָזען בעניי‍ען די אידען־גירושים פון דער סלאָוואַקיי, — דער זעלבער האָט אַליין אָרגאַניזירט און דורכגעפיהרט די דעפּאָרטאַציע פון העכער 60 טויזענד גריכישע אידען, און געפיהרט האָט ער זיי איבער דעם וויי‍טען וועג, וואָס האָט גענומען ביי 9—10 טעג, פון די גריכישע אינזלען ביז קיין אוישוויץ.**

**ווען די אידען־אויסראָטונג אין גריכענלאַנד איז געווען פערענדיגט איז דער זעלבער וויסליצעני דערנאָך געוואָרען איבערגעפיהרט, צוזאַמען מיט זיין שעף אייכמאַנ'ען, קיין בודאַפּעסט, מיטן צוועק צו ליקווידירען דעם לעצטען קאָמפּאַקטען און נישט־בעריהרטען אידישען קיבוץ אין דער נאַציש־בעהערשטער אייראָפּע.**

**פערשטענדליך, אַז דער געלד־גייציגער וויסליצעני האָט אויך אין בודאַ־פּעסט נישט פערגעסען דעם טעם פון אידיש געלד — און אַזוי האָט זיך אָנגע־פאַנגען דאָס דראַמאַטישע שלום־קאַפּיטעל אין די כאַבאַר־פערהאַנדלונגען מיט דעם פערניכטונגס־שטאַב, וועגען גורל פון די אונגאַרישע אידען.**

.6

# דאָס אומגליקליכע שליחות פון יואל בראַנד — מיטן נאַצישען אָנבאָט "צו פערקויפען אַ מיליאָן אונגאַרישע אידען"

אַרום דער שליחות פון מיטגליד פון דער בודאַפעסטער "ועדת הצלה", יואל בראַנד, וועלכער האָט איבערגעפיהרט קיין אויסלאַנד דעם אָפיציעלען נאַצישען אָנבאָט "צו פערקויפען אַ מיליאָן אונגאַרישע אידען", איז שוין אָנגעוואַקסען אַ גאַנצע ליטעראַטור. עס איז אַזוי בעשערט געווען, אַז בראַנד'ס געהיימע שליחות זאָל באַלד אַרויספלאַצען אין אַ "וועלט־סענסאַציע" און אַז גאַנצע 10 יאָהר נאָך יענער דורכגעפאַלענער שליחות זאָל דער גאַנצער טראַגישער פאַל אַרויסשווימען עפענטליך פאַרן פאָרום פון אַ אידישען געריכט אין ירושלים.

אין אונזער פערמעסט אויפצודעקען און אויפצוקלערען דעם הצלה־געראַנגעל קאָן מען, פערשטענדליך, נישט פערבייגעהן דעם דאָזיגען פאַל. דער היסטאָרישער אמת דיקטירט אונז אַרויסצושיילען די אָביעקטיווע פאַקטען פון דעם גאַנצען סענסאַציאָנעלען טומעל. דאָס וויכטיגסטע איז דאָ אויסצוגעפינען די סיבות, צוליב וועלכע דאָס שליחות איז דורכגעפאַלען, — וואָרים דאָס שטעהט יעדענפאַלס קלאָר און זיכער, אַז דער דורכפאַל האָט געקאָסט נישט־וועניגער ווי אַ האַלבען מיליאָן אידישע לעבענס!

די אויפקלערונג וועגען דער דורכגעפאַלענער שליחות וועלען מיר דווקא נישט זוכען ביים שליח גופא. ריכטיג, אַז דער שליח, יואל בראַנד, האָט ביי פערשידענע געלעגענהייטען, ספעציעל אין זיין עדות־אויפטריט פאַרן געריכט אין ירושלים, פיעל דערצעהלט וועגען די סיבות און אומשטענדען פון דאָזיגען דורכפאַל. מיט דער גאַנצער מאָס איינזעהן פאַר דעם געוויסענס־פיין פון אַזאַ שווער־געפרובטען מענש, מוז מען דאָך זיינע אויפקלערונגען קאָנפראָנטירען מיט ערשט־האַנטיגע פערטרויליכע דאָקומענטען, וואָס שטאַמען־אָב פון אַלע אַריינגעצויגענע צדדים אין די פערהאַנדלונגען. דער זאַכליכער אַנאַליז פון דעם גאַנצען דאָקומענטאַרישען מאַטעריאַל פיהרט צו דער פיינליכער מסקנה, אַז יואל בראַנד איז נישט־ווילענדיג אַליין געווען אַ גרויסער גורם צו זיין דורכפאַל; אַז ער איז נישט געווען פאָליטיש דערוואַקסען צו אַזאַ גורל'דיגער מיסיע; און אַז ער איז אין זיין גרויסער אומבעהאָלפענקייט געווען דער סאַמע אומגליקליכסטער הצלה־

שליח. אַזאַ אכזריות׳דיגען פסק־דין איבער יואל בראַנד האָט אַרויסגעגעבען נישט קיין אַנדערער ווי הרב ווייסמאַנדעל, דער הויפּט־איניציאַטאָר און אומדערמיד־ליכער פּלאַנירער פון די הצלה־פערהאַנדלונגען.

אָט איז הרב ווייסמאַנדעל׳ס מיינונג:

„יואל בראַנד האָט ניט געקענט די לאַגע (וועגען די לאַנגדויערנדע פערהאַנדלונגען מיט די נאַצי־מערדער) פון אינעווייניג און קיין שום ערגערער שליח פון איהם האָט נישט געקענט זיין״.

[לויט זיין עדות־דערקלערונג, אויפגענומען דורכ׳ן שרייבער פון די שורות, כ׳ אדר א׳, תשי״ד אין מאַונט־קיסקאָ, ניו יאָרק].

און איצט לאָמיר צום ערשט געבען דאָס וואָרט יואל בראַנד׳ן, לויט זיין עדות־זאָגען פאַרן געריכט אין ירושלים, דעם 3־טען אַפּריל 1954:

„נאָכדעם ווי די דייטשען האָבען אָקופּירט אונגאַרן איז קיין בודאַפּעסט אָנגעקומען דער ס״ס־אָפיציר, פאָן וויסליצעני. ער, וויסלי־צעני, איז פריהער געווען אין דער סלאָוואַקיי און דאָרט האָט ער פאָרגעשלאָגען דעם אידישען רעטונגס־קאָמיטעט אָבצושטעלען די אידען־פערניכטונג פאר׳ן פרייז פון 2 מיליאָן דאָלאַר. די סלאָוואַקישע אידען האָבען נישט געקענט צונויפברענגען דאָס געלד. מיר אין בודאַפּעסט האָבען דערפאַר גערעכענט, אז עס איז כדאי צו מאַכען דעם פּרוב אונטערצוהאַנדלען מיט וויסליצעני׳ן וועגען ראַטעווען די אונגאַרישע אידען. עס איז אונז געלונגען צו איהם אָנצוקומען. דר. קאַסטנער און איך האָבען געהאַט מיט איהם א געשפּרעך און מיר האָבען פערלאַנגט 4 זאכען: 1) אָבצושטעלען די שחיטות אויף אידען; 2) נישט צו פערשיקען אידען אין געטאָס און קאָנצענטראַציע־לאַגערן; 3) אָבצו־שטעלען דעם גירוש פון בודאַפּעסט; און 4) מעגליך צו מאַכען די עליה פון אונגאַרן קיין ארץ־ישראל. דערפאַר האָבען מיר אָנגעבאָטען דעם פּרייז פון 2 מיליאָן דאָלאַר. וויסליצעני האָט גלייך צוגעשטימט אָבצושטעלען די שחיטות און נישט צו פערטרייבען אין געטאָ, אָבער די אידען זאָלען ווייטער בלייבען אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן, כדי — ווי ער האָט געזאָגט — „זיי צו פערהיטען פון אָנפאַלען מצד די אונגאַרן זעלבסט״. ער האָט פערלאַנגט א הסכם וועגען געלד. בעת אונזער צווייטער בעגעגניש האָבען מיר איהם געגעבען 1 מיליאָן פּענ־גאָ׳ס (אונגאַריש געלד; 2 מיליאָן דאָלאַר האָבען דעמאָלס בעטראָפען 6 מיליאָן פּענגאָ׳ס)״.

[לויט ד. פלינקער׳ס ראַפּאָרט פון ירושלים׳ער געריכטס־זאַל, אין „טאָג״ פון 19 אַפּריל, 1954].

וועגען די וויטערדיגע פערהאַנדלונגען מיט אייכמאַנ׳ען דערצעהלט בראַנד:

„דאָס איז געווען אין אפּריל, 1944. אייכמאַן האָט צו מיר געזאָגט: „איך בין פעראַנטוואָרטליך פאַר די גירושים פון די אידען פון דייטשלאַנד און פון סלאָוואַקיי און איך בין אויך דער פעראַנטוואָרטליכער צו דעפּאָרטירען און פערניכטען די אונגארישע אידען. איך וויל זיך איבערצייגען, צי מען קאָן נאָך רעכענען אויף דעם „דזשאָינט". „איך וויל מיט דיר מאַכען אַ געשעפט: בלוט פאַר וואַרע — וואַרע פאַר בלוט! איך בין גרייט דיר צו פערקויפען אַ מיליאָן אידען. וואָס זאָגסטו? רייד! וועמען ווילט איהר? פרויען? קינדער? אַלטע לייט? איך בין געזעסען אַ דערשיטערטער און געענטפערט, אַז איך קען נישט געבען קיין ענטפער. איך האָב נישט פון וואַנען צו נעמען סחורות, אָבער מעגליך, אַז מען וועט קענען בעקומען געלד פון די אידען אין דער וועלט. אייכמאַן האָט דערויף געזאָגט: „טאָ פאָהר קיין אויסלאַנד! פאָהר קיין שווייץ, צי קיין שפּאַניע, פאָהר וואוהין דו ווילסט, אָבער ברענג מיר די סחורה! פאַר דעם מיליאָן אידען וויל איך 10 טויזענד לאַסט־אויטאָס און טויזענד טאָן קאַפע, טהיי אָדער זייף". — צוריקקומענדיג פון אייכמאַנ׳ען האָב איך זיך פערבונדען מיט די מיטגלידער פון דער „ועדת הצלה". עס זענען פאָרגעקומען פיבערהאַפטע בעראַטונגען. מיר האָבען נישט געוואוסט וואָס צו טהון און צום סוף איז געוואָרען בעשלאָסען, אַז איך זאָל פאָהרען קיין סטאַמבול, טערקיי, וואו עס האָבען זיך געפונען פאָרשטעהער פון דער „אידישער אגענטור", וואָס האָבען זיך בעשעפטיגט מיט ראַטעווען אידען. אייכמאַן האָט מיר געגעבען 14 טעג צייט, און אויב איך וועל צוריקקומען מיט אַ פּאָזיטיווען ענטפער איז ער גרייט גלייך צו בעפרייען 100 טויזענד אידען. די דייטשען האָבען מיר ארויסגעגעבען אַ פאַלשען פּאַספּאָרט אויפ׳ן נאָמען „אויגען באנד" און זיי האָבען מיך געפיהרט קיין טערקיי מיט אַ דייטשען עראָפּלאַן, וואָס האָט געפיהרט דיפּלאָמאַטישע פּאָסט".

אַזוי האָט געקלונגען בראַנד׳ס סיפּור־המעשה, וועגען דעם אויפקום פון זיין שליחות. דערויף איז איהם געשטעלט געוואָרען אין ירושלימ׳ער געריכט די פראַגע: „וואָס איז געווען די אייגענטליכע כוונה פון די נאַצי־פיהרער מיט׳ן שטעלען זייער פּראָפּאָזיציע און מיטן אַרויסשיקען דעם ספּעציעלען אידישען שליח קיין אויסלאַנד?" בראַנד האָט דערוועגען געהאַט צו ענטפערן:

„לויט מיין מיינונג האָבען די דייטשען געציעלט מיט זייער פאַרשלאַג צו בעפרייען אַ מיליאָן אידען פאַרן פרייז פון סחורות, אַרויס־

צורופען אַ שפּאַלטונג צווישען די מערב־דיגע גרויס־מאַכטען און סאָווי־יעט־רוסלאַנד. זיי האָבען אויך געציעלט צו בעווייזען דער וועלט, אַז די ענגלענדער און אַמעריקאַנער האָבען אַליין צוגעהאָלפען צו דער אידען־פערניכטונג, דורך דעם אָבוואַרפען דעם פּלאַן אויסצוקויפען די אידען פון אונגאַרן און פון אייראָפּע. אויסער דעם איז נאָך מעגליך, אַז איינִיגע נאַצישע פיהרער, וועלכע זענען געווען דירעקט בעטייליגט אין די פערהאַנדלונגען, האָבען געוואָלט צוגרייטען פאַר זיך אַן אַליבי און צו דער זעלבער צייט צו דעמאָנסטרירען פאַר די אַליאירטע גרויס־מאַכטען, אַז די אידען זענען גרייט צו ליפערן מיליטערישע מאַטעריאַלען פאַר די דייטשען און העלפען זייער מלחמה־מאַשין, „אַבי צו ראַטעווען זיך אַליין". די דאָזיגע אַלע מיינע אויפפאַסונגען האָב איך נאָך דעמאָלס אויפגעקלערט פאַר די אידישע פאָרשטעהער אין סטאַמבול. איך האָב געוואוסט, אַז אייכמאַנ'ס אָנבאָט הויערט אויף מיר ווי אַ שווערע לאַסט, נישט צום איבערטראָגען און איך בין געווען פערפּליכ־טעט צו טהון אַלעס, אַז די פּראָפּאָזיציע זאָל ווערען רעאַליזירט"...

[לויט דעם ראַפּאָרט אין „הצופה", תל־אביב, 4 אַפּריל, 1954].

**און טאַקע אין די דאָזיגע „פּאָליטישע אויפפאַסונגען" פון יואל בראַנד'ן, און גאַנץ בעזונדערס זיין אָבשאַצען די נאַצישע כאַבאַר־פּראָ־פּאָזיציע בלויז „אַלס סאַבאָטאַזש־פּלאַן אויפצורייסען דעם פראָנט פון די אַליאירטע", — איז געלעגען דער פאַטאַל־טראַגישער טעות זיינער, און דערמיט האָט ער אַליין פּאַקטיש אונטערמינירט זיין שליחות!**
דאָס איז געווען אַן אויבערפלעכליכע, אומגליקליך־נאַאיווע אָבשאַצונג, אַריינצו־לעגען אַזאַ מאָס פון „הויך־דיפּלאָמאַטיע" אין די געלד־גייציגע רויבעריש־פערברעכערישע פּלענער פון וויסליצעני'ן מיט אייכמאַנ'ען צוזאַמען. דערפאַר זענען אַבסאָלוט פערשטענדליך די ווערטער פון הרב ווייסמאַנדעל וועגען בראַנד'ן, וואָרים ווייל דער לעצטער איז „נישט געווען בעהאַווענט אין די ענינים פון אינעווייניג" האָט ער אין זיין פאַטאַל־אומגליקליכער אויסטייטשונג פערטוישט דעם עיקר (דעם כאַבאַר!) פאַר דעם טפל (די פּאָליטישע מאַסקע פון די נאַצישע פערברעכער וועגען „פערזאָרגען די דייטשע אַרמיי"), און עס איז ביי איהם אַרויסגעקומען, אַז אייכמאַן מיינט לחלוטין גאָרנישט דאָס אידישע געלד, נאָר דער גאַנצער כאַבאַר־אָנבאָט איז בלויז אַ דיפּלאָמאַטיש־שאַנטאַזשיסטישער טייוו־לאָנישער מאַנעווער, אַזש מיט אַ דריי־פאַכיגען ציעל!

בלייבט דעריבער נאָכצופאָלגען די ווייטערדיגע ענטוויקלונג אַרום יואל בראַנד'ס איבערגעוויזענע פּראָפּאָזיציעס.

דעם 20־טען יולי 1944 (לערך 6 וואָכען נאָכדעם ווי יואל בראַנד איז

געוואָרען אַרעסטירט דורך דעם בריטישען קאָנטר־שפּיאָנאַזש דינסט און איבער־געפיהרט קיין קאַירא אויף לאַנגע אויספאָרשונגען) האָט דער ענגלישער ראַדיאָ איבערגעוויזען אַזאַ אָפּיציעלע מעלדונג פון לאָנדאָן:

„די דייטשען ווילען טרייבען ביזנעס מיט אידיש בלוט. — לעצטענס זענען 2 דעלעגירטע פון דער אונגארישער רעגירונג ערשי־נען אין טערקיי מיטן צוועק איבערצוגעבען די דאָרטיגע פאָרשטעהער פון די אַליאירטע גרויס־מאַכטען דעם פאָלגענדען אָנבאָט פון דער געסטאַפּאָ און דער אונגארישער רעגירונג: אַלע אידען אין אונגארן קאָנען בעקומען די ערלויבעניש צו פערלאָזען דאָס לאַנד אונטער דעם בעדינג, אַז ענגלאַנד און אַמעריקע זאָלען ליפערן פאַר אונגארן אַ געהעריגען קוואַנטום פון מעדיקאַמענטען ווי אויך טראַנספּאָרט־ארטיקלען, איינשליסענדיג לאַסט־אויטאָס. עס איז געוואָרען געגעבען די פערזי־כערונג, אַז די דאָזיגע אויטאָס וועלען נישט געברויכט ווערען אויף דעם מערב־פראָנט. ביים איצטיגען מאָמענט מוזען נאָך די נעמען פון די דאָזיגע דעלעגאַטען ווערען געהאַלטען בסוד. דערווייל איז דער גאַנצער אינצידענט געוואָרען אויסגעפאָרשט אין לאָנדאָן. אין מאָס־געבענדע בריטישע קרייזען ווערט דאָס בעטראַכט אַלס שענדליכער פּרוב אָבצושוואַכען די אַליאירטע, וועמענ׳ס סימפּאַטיעס פאַר די אונ־גארישע אידען זענען גוט בעקאַנט. אין אָפּיציעלע בריטישע קרייזען האַלט מען דעם פּלאַן אַלס נישט־צוויי־דייטיגער פערמעסט צו פראָוואָ־צירען די אַליאירטע, איינעם אַקעגען צווייטען. עס איז נישטאָ די מינדעסטע אויסזיכט, אַז די בריטישע און אַמעריקאַנישע רעגירונגען זאָלען בעטראַכטען עפּעס־וואָס פון דאָזיגען סאָרט, ווען אפילו זיי וואָלטען וועלען העלפען די אונגארישע אידען. עס איז נאָך דערווייל נישט קלאָר, אויף וויפיעל דער פּלאַן זאָל קומען מיט דער בעשטעטיגונג פון די העכסטע דייטשע און אונגארישע אויטאָריטעטען, דאָך שטעלען בריטישע רעגירונגס־שטעלען פעסט, אַז פאַר זיי איז זיכער דאָס די געסטאַפּאָ איז אינפאָרמירט וועגען דאָזיגען פּלאַן”.

אין דער דאָזיגער דיפּלאָמאַטיש־סטיליזירטער ענגלישער מעלדונג, וואָס האָט פאַקטיש אָנגעזאָגט די אַבסאָלוטע, בעדינגונגסלאָזע צוריקווייזונג פון דער נאַצישער פּראָפּאָזיציע צו בעפרייען דעם לעצט־לעבעדיגען קיבוץ פון אייראָפּע־אישען אידענטום, הערט זיך גענוג בולט דער אָבקלאַנג פון בראַנד׳ס אייגענער „אָבשאַצונג” איבער די אייגענטליכע נאַצישע „כוונות”. מצד די ענגלישע פּאָ־ליטיקער איז דאָס געווען בלויז אַ כ׳טרער מאַנעוור, ווי אַזוי צו פערמיידען יעדען

TRANSLATION OF DOCUMENT NG-2994
OFFICE OF CHIEF OF COUNSEL FOR WAR CRIMES

...0 July 1944 1820
Inland II 391 Top Secret

Reich Ministry of Foreign Affairs
786/44/R

**T e l k o No. 1557**

...Telegram in Code
...cret Code process)

...ive personally.

...rmany wants to transact business with
... radio broadcast the following:
... from enclosure)
...e.

...oreign Affairs requests report on subject

(signed) ALTENBURG

...espatched
20 July 1944
1820

(Secret Code Process)

Budapest 22 July 1944 2100 hours
Received " " " 2340 hours

No. 2055 dated 22 July 1944
- - - - - - - - - - - - - - - -

Top Secret !
- - - - - - -

For the Reich Minister of Foreign Affairs via Ambassador RITTER.
Re: Telegraphed Decree 2193*) dated 20 July .

Obergruppenfuehrer WINKELMANN has informed me that about 4-5 weeks ago the Jews BRANDT from Budapest was authorized to procure restricted items for Germany, in return for which the exit permit to Turkey is to be granted to some Jews. No decisions of any kind have been reached, b... WINKELMANN assumes that BRANDT has fallen into the hands of the Secret Service and has made statements on the matter there. BRANDT's ... wife is at present still free in Budapest. Confidential information was given me by another source which intimates that the broadcast from London is correct, and that 2 representatives of the SS are actually in Turkey at present. The affair was the result of a secre... order of the Reichsfuehrer SS.
Legation Councillor GRELL informed me today that he had heard, that th... negotiations in Turkey were going well, and that the report from Reuters was apparently only published in order to camouflage the affair as far as the Russians were concerned, but that in reality the Western powers were prepared to enter into such a transaction.

Further reports to follow

VEESENMAYER .

Marginal notes
- - - - - - -

שאַנס פאַר אַ גרויסצוגיגער אידישער רעטונגס־אַקציע. די בריטישע דיפּלאָמאַ־טישע קרייזן האָבן זיך קענטיג געשראָקן פאַר גאָר עפּעס אַנדערש. בראַנד אַליין האָט פאַרן ירושלים׳ער געריכט דערמאָנט איינציגע זעהר כאַראַקטעריסטישע פאַקטען. די אידישע פאַרשטעהער אין טערקיי און שליחים פון ישוב האָבן געפּרובט צו פאָרמולירען אַ רייע קעגען־פאָרשלאָגען צו די נאַציס, און דער הויפּט־פּונקט אין דער קאָנטר־פּראָפּאָזיציע איז געווען, אַז די געפאָדערטע 2 מיליאָן דאָלאַר זאָלען זיי יאָ בעקומען, נאָר קיין סטראַטעגיש־וויכטיגע ליפערונגען נישט. די בריטישע „אינטעלידזשענס״ האָט אָבער נישט דערלאָזען פאָרטזעצען די אונטערהאַנדלונגען, אונטער קיין שום בעדינג. דער בעפולמעכטיגטער ברי־טישער מיניסטער, לאָרד מוין, וועלכער האָט געהאַט זיין זיץ־אָרט אין קאַירא, האָט פאַר דעם אַרעסטירטען בראַנד אָפען אַרויסגעזאָגט זיין ריכטיגע, נישט־מאַסקירטע זאָרג: **„וואָס וועלען מיר טהוען מיט דעם דאָזיגען מיליאָן בעפרייטע אידען? ווי אַזוי וועט מען זיך קענען מיט זיי אַן עצה געבען? וואו וועט מען זיי אַהינטהון?״** לאָרד מוין, ווי צוגלייך אַלע אַנדערע בריטישע פאָרשטעהער האָבן גוט געוואוסט דעם ענטפער אויף די דאָזיגע ענטשיידענדע פראַגען: ארץ ישראל! בלויז ארץ־ישראל האָט געקענט קומען אין בעטראַכט אַלס דער לעצטער ענד־פּונקט פאַר אַזאַ סאָרט אידישע עוואַקואַציע, ווען אפילו מען וואָלט אָבגעפונען אַנדערע צייטווייליגע אַזיל־פּלעצער, אין הסכם מיטן נאַצישען בעדינג, נישט צו פיהרען די „בעפרייטע אידען״ קיין ארץ־ישראל. און טאַקע, ווייל די ענגלענדער האָבן זיך אַזוי געזאָרגט אָנצוהאַלטען דעם רע־זשים פון געשלאָסענע עליה־טויערן קיין ארץ־ישראל, אין הסכם מיט זייער אַנטי־אידישען „ווייס־בוך״ און זיי זענען געווען אַזוי וויטזיכטיג וועגען דער דאָזיגער געפאַהר — דערפאַר האָבן זיי דיפּלאָמאַטיש־געשיקט זיך אָנגעכאַפּט אין דעם אַרגומענט וועגען בעדראָהטער אינערליכער האַרמאָניע ביי די אַליאירטע, און בראַנד׳ס שליחות איז דורך זיי געוואָרען גענצליך צו־נישט געמאַכט.

די ראָל פון ענגלאַנד ביים איבעררייסען יעדען קאָנטאַקט מיט די געלד־גייציגע אידען־מערדער איז געוואָרען אויפגעדעקט דורך אַזאַ גלויבענסווירדיגען עדות, ווי איירא הירשמאַן, דעם ספּעציעלען בעפולמעכטיגטען פון פּרעזידענט רוזוועלט און זיין „וואָר רעפיודזשי באָרד״. הירשמאַן איז געווען איינער פון די ווייניגע מענשען, וועלכע זענען געוואָרען צוגעלאָזען צום אַרעסטירטען בראַנד, ווען ער איז געזיצען אין קאַירא, אַלס פערדעכטיגטער „נאַצישער שפּיאָן״. הירשמאַן דערצעהלט אין זיין מעמואַרען־בוך פון יענער צייט:

— „ווען איך בין געווען אין סינסינעטי, בין איך פּלוצים גע־וואָרען אַרויסגערופען קיין וואַשינגטאָן און זיך געלאָזען אהין אין אַ ספּעציעלען עראָפּלאַן. עס האָט פּאַסירט אַ דרינגענדע געשעהעניש, וואָס

האָט געעפּענט נישט־פאָרגעזעהענע מעגליכקייטען. צוויי אונגאַרן,ביידע נאַצי־אַגענטען, זענען געוואָרען איבערגעפיהרט פון וויען קיין סטאַמבול דורך הימלער׳ס נאָהנטסטע מיטהעלפער. פערטרויליכע אינפאָרמאַציעס דערוועגען זענען אָנגעקומען קיין וואשינגטאָן. די אַגענטען האָבען גע־ברענגט מיט זיך אַן אָפּערטע אויסצוטוישען מענשליכע לעבענס, מלחמה־געפאַנגענע און פּליטים, פאַר געלד און אויטאָמאָבילען. ווער עס דעקט מיט זיין אויטאָריטעט די אָפּערטע, די דייטשע רעגירונג אָדער געוויסע איינפלוסרייכע נאַצי־פיהרער, איז נישט קלאָר. די אָפּערטע קאָן דעריבער זיין אַ מעגליכע פאַסטקע פאַר דער אָנפיהרונג פון די אַליאירטע, מיט געוויסע ריזיקעס פאַר דער אַליאירטער מלחמה־פיהרונג. מיר קאָנען דאָס נישט וויסען. די סכנה איז אַזוי בעשיינפּערליך קלאָר, אַז די ענגלענדער ווילען דערמיט גאָרנישט האָבען צו־טהוען. אַ פערטרויליכער מעמאָריאַל פון לאָרד האַליפאַקס צום סעקרעטערי האָל בעגרינדעט די געגנערשאַפט פון דער בריטישער רעגירונג צו בעטייליגען זיך אין וועלכער־עס־איז דיסקוסיע מיט די אַגענטען״.

[H. A. Mirshman. The Life Line To A Promised Land]

**ווייטער שילדערט הירשמאַן ווי־אַזוי ער האָט בעקומען דעם אויפטראַג פון פרעזידענט רוזוועלט אויסצופאָרשען די פראַגע און פערזענליך אויסצוהערען די אַגענטען:**

„דאָס איז געווען מיין מיסיע אויסצוהערען און פערהערען די אַגענטען, צו בעקענען זיך מיט אַלע אַספּעקטען פון דער אָפּערטע... דעם 30־טען יוני בין איך אָנגעקומען קיין קאַירא... עס איז מיר שווער אָנגעקומען צו טרעפען זיך מיט לאָרד מוין (דער בריטישער בעפולמעכטיגטער מיניסטער פאַרן מיטעלען מזרח)... ווען איך בין אָנגעקומען קיין קאַירא האָט דער אַמעריקאַנער געזאַנדטער געהאַט אַ „מעסעדזש״ פון זשאַן האַמילטאָן, דעם אַסיסטענט פון לאָרד מוין, אַז איך בין איינגעלאַדען דורך אַנטאָני אידען צו פאָהרען גלייך מיט אַ ספּעציעלען עראָפּלאַן קיין לאָנדאָן, און אַז דער ענין צוליב וועלכען איך בין געקומען, דאַרף ווערען אויפגענומען „אין דער העכסטער שטופע״ אין לאָנדאָן און דערפאַר האָב איך נישט נויטיג צו זעהען דעם לאָרד מוין און נישט די דייטשע אַגענטען אין קאַירא... ענדליך האָב איך בעקומען אַ געשפּרעך מיט לאָרד מוין און דערנאָך געהאַט אַ פערהער מיט יואל בראַנד... „וואָס וואָלט געווען די בעסטע זאַך?״ האָב איך איהם געפרעגט צום שלוס פון פערהער. „די בעסטע זאַך וואָלט געווען,

אַז איינער צו צוויי אָדער דריי דייטשע אָפיצירען זאָלען זיך טרעפען אין אַ נייטראַל לאַנד, שפּאַניע, טערקיי אָדער שווייץ, און צו פּרובען קומען צו אַ האַנדעל".

אויפן דאָזיגען פונקט בלייבט הערשמאַן אַ שווייגענדיגער. ער וויל נישט אויסזאָגען ווי־אַזוי די אָפערטע איז געוואָרען אָפּגעוואָרפען. ער ציטירט בלויז דעם אָפיציעלען בעריכט פון „וואָר רעפיודזשי באָרד", לויט וועלכען די אָפערטע איז דורכגעפאַלען ווייל דאָס איז געווען אַ פּראָוואָקאַציע צו שפּאַלטען די אַליאירטע.

דערפון איז צו זעהען וואָס'ערע פאַטאַלע פאָלגען בראַנד'ס „פּאָליטישע אויפקלערונגען" וועגען דעם „ווירקליכען ציעל" פון דער נאַצישער אויסקויף־טראַנזאַקציע האָבען אַרויסגערופען. דאָס מיינט אָבער נישט צו זאָגען, אַז בראַנד זאָל, חלילה, האָבען אויסגעטראַכט דעם דאָזיגען פּראָוואָצירענדען פּאָליטישען אַרגומענט וועגען „בענוצען די לאַסט־אויטאָס בלויז אויפן מזרח־פראָנט". גע־וויס זענען דאָס געווען אייכמאַנ'ס ווערטער, און אייכמאַנ'ס פּראָוואָקאַציע האָט דערין געשטעקט. לויט ווי ווּיסליצעני האָט ערקלערט פאַרן מיליטערישען טרי־בונאַל אין נירענבערג האָט אייכמאַן אַליין איינִיגע מאָל געפּרובט שטערן די „געשעפטליכע פערהאַנדלונגען" מיט די אידען, נאָר ער האָט זיך געמוזט רעכענען מיט הימלער'ן און זיינע בעפעהלען. און דערפאַר איז בערעכטיגט די טענה פון הרב ווייסמאַנדעל, אַז „בראַנד האָט נישט געקענט די סיטואַציע פון אינעווייניג". דעם דאָזיגען ביטערען פאַרוואורף האָט הרב ווייסמאַנדעל געמאַכט אין זיינעם אַ געהיימען בריף, דאַטירט „ב' לסדר דברים תש"ד", דאָס מיינט, אין יולי 1944, אַלזאָ וועניגע טעג נאָכדעם ווי דער לאָנדאָנער ראַדיאָ האָט גע־מאַכט זיין סענסאַציאָנעלע מעלדונג. אָט זענען איינִיגע אויסצוגען פון דאָזיגען אָנגעוועהטאָגטען בריף:

„לאָמיר האָפען, אַז ווען דער דאָזיגער בריף וועט אָנקומען אין אייערע הענד וועט מען שוין הערען וועגען דער ישועה פון השי"ת, און עס זענען דאָך פאַרהאַן גענוג סימנים דערפאַר (געמיינט, די דייטשע מפּלה אויף די פראָנטען). פון דעסטוועגען מוז מען אורטיילען לויט דעם, וואָס אונזערע אויגען זעהען. — מוזט איהר דעריבער וויסען און פערשטעהן, אַז דער רשע פערמאָגט נאָך גענוג כח און שנאה געגען אונז, און איין שעה איז פאַר איהם גענוג. אדרבא, דווקא איצטער איז דער שכל מחייב נאָכצוגעבען זיי זייערע פערלאַנגען, אָנצופילען זייערע קעשענעס, אַלץ כדי איינצושטילען דעם צאָרן, אָבצושטויסען זייערע פינסטערע פלענער פון טאָג צו טאָג. אין אַזאַ מאָמענט ווערט אַ טאָג גערעכענט פאַר אַ יאָהר. און איין זאַך מוזט איהר האָבען פאַר די אויגען. אונזער האָפנונג איז — די שרעק פון די דאָזיגע רשעים.

מיר האָפען, אז אין אַ שעה ארום זענען מיר געהאָלפען און זיי שרעק־
קען זיך, אז מיט אַ שעה שפעטער זענען זיי פערלוירען, ווילען זיי
דערוויל רייך ווערען און פערדינען, איידער די שעה איז אריבער...
„שרף" (געמיינט, בראַנד!) איז שוין דורכגעפאַלען, קיין סחורות פאַר
דייטשלאַנד האָט ער נישט געבּרענגט, אָבער בזיונות אָנשטאָט סחורות
האָט ער יאָ געבּרענגט, און הלואי זאָל דער פערלוסט אונזערער נישט
זיין גרעסער, ווי דער ריווח. — זיי האָבען געשיקט בראַנד'ן נאָך געלד
און נאָך סחורות און האָבען איהם בעשוואוירען, אַז אַלץ זאָל בלייבען
אין געהיים... און „שרף" איז געפאָהרען און קיין געלד איז נישטאָ
גאָרנישט, און קיין סחורות איז נישטאָ גאָרנישט, און די געהיימניש?
גאָר קאַפּויר! אונזערע פריינד בלאָזען הילכיג אויף אַלע שופרות פון
דער וועלט: „זעהט איהר, אַלע פעלקער, ווי אָבגעשוואַכט עס איז דער
רשע, ער האָט אונז געשיקט צוויי שליחים אויסצוטוישען אידיש בלוט
פאַר סחורות. ריכטיג, אַז מיר האָבען ליעב די אידען, מיר ווילען זיי
העלפען, אָבער דאָס נישט!" — און איצט מאַכען זיך די „אשכנזים"
זייער חשבון. און ספּעציעל דער „אייך" (אייכמאַן) מאַכט זיך זיין
חשבון. קיין געלד האָב איך נישט און קיין סחורות האָבען מיר נישט
בעקומען, און בזיונות איבער דער גאַנצער וועלט מצד די אַליאירטע —
איז אויב איהר ווייסט נישט, טאָ קומט און הערט: שוין דעם פאָריגען
דאָנערשטאָג איז ווידער דורכגעפאָהרען אַ דעפּאָרטאַציע־טראַנספּאָרט
איבער דער ליניע קאַשוי—פּרעשאָוו—אָרלאָוו—קראָקאָ, ביז קיין אויש־
וויץ. און די אונגארישע אייזענבאַהן האָט שוין בעשטימט צוזאַמען
מיט דער דאָזיגער מדינה (געמיינט, סלאָוואַקיי) איבערצופיהרען 18
גירוש־טראַנספּאָרטען ענדע וואָך, מיטן וועג גאַלאַנטאַ—לעפּאָלדאָוו—
זילינאַ—טשאַדצאַ, ביז קיין אוישוויץ".

דאָ קומט דער ענטשיידענדער פּונקט אין דאָזיגען בריף. **אָנשטאָט די „10 טויזענד לאַסט־אויטאָס", וועלכע בראַנד האָט פערלאַנגט אין נאָמען פון אייכמאַנ'ען, ווערט גאָר גערעדט אין הרב ווייסמאַנדעל'ס בריף וועגען קוים 2־3 הונדערט לאַסט־אויטאָס!** דאָס בעווייזט, אַז די אָנגעבלאָזענע פאַר־דערונג פון אייכמאַנ'נען איז געקומען היפּזעכטליך צוליב „פּרעסטיזש", און פּראַקטיש געזומען זענען די בלוט־הענדלער געווען גרייט איינצושטימען אויף אַ גאַנץ בעגרעניצטען קוואַנטום. און אַזוי שרייבט הרב ווייסמאַנדעל:

„עס האַנדעלט זיך נישט אין מאַטעריאַלען, וועלכע דעצידירען אין
דער מלחמה, נאָר בלויז אין 2־3 הונדערט טראַנספּאָרט־וואַגאָנעס;
וואָרום די דאָזיגע רשעים דאַרפען נאָר די סחורות אַלס „היתר עיסקא"

אויף צו קענען אָבשטעלען די דעפּאָרטאַציעס, און זייער אמת'ע כוונה איז דאָס געלד, וואָס זיי ווילען אַראָבלאָזען אין זייער טאַש אַריין און „הבטחות" אויף „עולם הבא" (דאָס מיינט צו פערזיכערן זיך אַן „אַליבי" אויף נאָך דער מלחמה), אָבער אָהן סחורות איז ריכטיג, אַז זיי קאָנען די דעפּאָרטאַציעס נישט אָבשטעלען, ווייל זיי זענען אָבהענגיג אין דער מיינונג פון זייערע פיהרער און די דאָזיגע מיינונג איז נישט מעגליך צו ענדערן אָהן דער אויגען־פערבלענדניש פון ברענגען אַ ביסעל סחורות, וד"ל".

אין זיין שפּעטערדיגען בעריכט צום אידישען וועלט־קאָנגרעס האָט הרב וויסמאַנדעל נאָך קלאָרער געשטעלט דעם גאַנצען הינטערגרונד פון די פּער־האַנדלונגען:

„אין מערץ 1944 איז אונגארן געוואָרען אָקופּירט און וויסליצעני איז געוואָרען טראַנספערירט קיין אונגארן. ער האָט דאַן גערופען שטיי־נערן (אַ פאָרשטעהער פון דער רעטונגס־גרופּע אין בראַטיסלאַוואַ) און געזאָגט איהם, אַז איצט איז דער לעצטער שאַנס צו ראַטעווען די אונ־גארישע אידען. ער האָט ערקלערט, אַז ער האָט די דעקונג פון אייכ־מאַנען ווי אויך הימלער'ן אויף פאָלגענדער פּראָפּאָזיציע: (א) איינ־צאָהלען 2 מיליאָן דאָלאַר אין ראַטעס צו 200 טויזענד דאָלאַר אַ חודש. דערביי איז וויסליצעני געווען אָפענהערציג צו ערקלערען, אַז דאָס געלד וועט געהן פאַר פּריוואַטע צוועקען, ווייל אייכמאַן, וויסליצעני און זייערע פריינד בעטראַכטען די מלחמה אַלס פערלוירען פאַר דייטשלאַנד און זיי ווילען דאָס געלד, כדי צו קענען לעבען דערנאָך ערגעץ־וואו בעהאַלטען. ער האָט געזאָגט, אַז הימלער איז בעטייליגט אין דאָזיגען פּלאַן, אָבער ער האָט נישט אויפגעקלערט, צי הימלער וועט אויך געניסען פון דאָזיגען געלד. (ב) מיטן צוועק צו געווינען היטלער'ן פאַרן דאָזיגען פּלאַן איז נויטיג, זאָל זיין בלויז אַלס סימבאָל, צו ליפערן סחורות. און ער (וויס־ליצעני) האָט פערזיכערט, אַז מיטן ערשטען טראַנספּאָרט פון 50 טראַק־טאָרען אָדער לאַסט־אויטאָס, וועלען די ווייטערדיגע גירושים ווערען אָבגעשטעלט. און זיי (די אָנפיהרער פון פערניכטונגס־שטאַב) וועלען דאַן זיין גרייט צו וואַרטען פרישע 6 חדשים, און אין צווישען־צייט וועט זיך דער קריג דערווייל ענדיגען. אויב אָבער די דאָזיגע פּראָפּאָ־זיציעס זאָלען נישט ווערען אָקצעפּטירט, וועלען די גירושים פון אונ־גארישע אידען ווערען פאָרגעזעצט, און דער טערמין פון 15־טען מאַי, 1944 איז געוואָרען פעסטגעשטעלט אַלס ווענד־פּונקט".

נאַטירליך, אַז צווישן די צוויי פאַרגעשטעלטע בעלויכטונגען, פון בראַנד׳ן און פון הרב ווייסמאַנדעל, וועגן די בעדינגונגען און אומשטענדן פון נאַציישן אָנבאָט — איז דער אונטערשיד אַ געוואַלדיגער, און טאַקע דער דאָזיגער אונטער־שיד האָט אין אַ גרויסער מאָס בעווירקט דעם גאַנג פון דער אומגליקליכער שליחות. שוין אין זיין געהיימען בריף, פון יולי 1944, האָט הרב ווייסמאַנדעל בעמערקט מיט בעדויערן: „**מיר זענען איבערצייגט, אַז אויך די רעגירונגען** (פון די אַליאירטע) **וואָלטען געווען מסכים זיין** (אויף דעם ליפערן קליינע קוואַנטומס סחורות), **אויב עמיצער וואָלט זיי געווען דאָס געהעריג אויפ־געקלערט!**״

אויב עמיצער זאָל נאָך האָבען אַ צוויפעל, וועלכער פון די ביידע געגענ־געזעצטע שטאַנדפונקטען עס איז געווען ריכטיג, הרב ווייסמאַנדעל׳ס אָדער בראַנד׳ס, — וועט זיין כדאי צו בעקענען זיך מיט איניגע פערטרויליכע נאַציישע דאָקומענטען וועגען דער דאָזיגער פראַגע.

צווישן די געהיימע אַרכיוו־מאַטעריאַלען פון דער געסטאַפּאָ, וואָס זענען געוואָרען ענטדעקט דורך די זיגרייכע אָקופּאַציע־אַרמייען און זענען געוואָרען פאַרגעברענגט אַלס בעשולדיגונגס־בעווייזען פאַר דער לאַנגער סעריע נירענ־בערגער פּראָצעסען, געפינען זיך אויך איניגע אויטענטישע דאָקומענטען פון דייטשען אויסערן־מיניסטעריום, וואָס זענען דירעקט נוגע די פערהאַנדלונגען „צו פערקויפען אידען״. איין דאָקומענט, וואָס טראָגט דעם נומער NG־2994 שטעלט פאָר אַ שטרענג־פערטרויליכען שיפרירטען טעלעגראַמען־אויסטויש צווישען נאַציישן אויסערן־מיניסטער, ריבענטראָפּ, און דעם דייטשען געזאַנדטען אין בודאַפּעסט, וויזענמאַיער, טאַקע וועגען דער שליחות פון יואל בראַנד קיין טערקיי. אין זעלבען טאָג, ווען דער לאָנדאָנער ראַדיאָ האָט געמאָלדען וועגען דעם „דייטשען האַנדעל מיט אידיש בלוט״, האָט ריבענטראָפּ אַרויסגעשיקט אַ דרינגענדען טעלעגראַם קיין בודאַפּעסט, מיט דער בעצייכנונג: „העכסט־געהיים״ און מיט דער בעמערקונג: „צו האַלטען אויסשליסליך אין אַ זיכערן פּלאַץ״. ריבענטראָפּ איז געווען גאָר איבעררעשט פון דער גאַנצער געשיכטע, און ער האָט פערלאַנגט אויפקלערונגען פון זיין געזאַנדטען אין בודאַפּעסט. און אָט איז דער ענטפער־טעלעגראַם, דאַטירט דעם 22־טען יולי 1944:

„אָבער־גרופּען־פיהרער ווינקעלמאַן האָט מיך אינפאָרמירט, אַז מיט צירקאָ 4־5 וואָכען צוריק איז דער איד בראנד פון בודאפעסט געוואָרען בעפולמעכטיגט איינצושאפען געוויסע סחורות פאַר דייטשלאַנד, וואָס אַלס קאָמפּענסאַטע דערפאַר זאָל ווערען גאַראַנטירט דער אַרויס־פאָהר פון געוויסע אידען קיין טערקיי. קיין שום ענטשיידונגען זענען

נישט געפאַלען, אָבער ווינקעלמאַן פערזיכערט, אַז בראַנד איז אַריינ־געפאַלען אין די הענד פון דעם „געהיים־דינסט" (געמיינט, דעם ענגלי־שען), און ער האָט דאָרט געגעבען ערקלערונגען דערוועגען. בראַנד'ס פרוי איז ביז איצט פריי אין בודאַפעסט. פערטרויליכע אינפאָרמאַציעס, וועלכע איך האָב בעקומען פון אַן אַנדערע קוועלע, בעשטעטיגען, אַז די מעלדונג פון לאָנדאָנער ראַדיאָ איז ריכטיג, און אַז 2 פאָרשטעהער פון ס"ס געפינען זיך נאָך ביז היינט אין טערקיי. די גאַנצע אונטער־נעמונג איז אַ רעזולטאַט פון אַ געהיימען בעפעהל פון רייכס־פיהרער פון ס"ס.

(געצייכענט)

וויזענמאַיער".

פון דאָזיגען דאָקומענט איז אַלזאָ צו דרינגען:

**1) ריבענטראָפּ און דאָס גאַנצע אויסערן־מיניסטעריום זיינען האָבען גאָרנישט געוואוסט וועגען דער גאַנצער פּראָפּאָזיציע, ביז וואַנען דער לאָנדאָנער ראַדיאָ האָט נישט אויסגעשאָסען מיט דער סענסאַציע** (און אויב דער אָנפיהרער פון דער דייטשער פערברעכערישער קריגס־דיפּ־לאָמאַטיע האָט גאָרנישט געוואוסט דערפון, איז דאָך נישט וואָרשיינליך, אַז דאָס זאָל דווקא האָבען געווען אַ מייסטער־ווערק פון דיפּלאָמאַטישער דיווערסיע, ווי בראַנד האָט דאָס פאָרגעשטעלט!)

**2) הימלער פּערזענליך, אַלס רייכס־פיהרער פון ס"ס און געס־טאַפּאָ, איז אָפיציעל געשטאַנען אונטער דער נאַצישער פּראָפּאָזיציע, ווי וויסליצעני האָט עס כסדר פערזיכערט צו די אידישע אונטערהענדלער** — (און הימלער האָט נאָך ביי שפּעטערדיגע געלעגענהייטען, בעוויזען זיין גרייטקייט ווייטער אונטערצוהאַנדלען וועגען „פּערקויפען אידען", אויס זיינע פּערזענליכע און פּאָליטישע אויסרעכנונגען, און דערביי האָט ער די דאָזיגע פּראָפּאָזיציעס זיינע גענומען ערנסט ביז גאָר, נישט ווי בראַנד האָט דערין געזעהען בלויז אַ כיטרע, אָבנאָרערישע שפּיל!)

וואָס־זשע האָט זיך אויסגעלאָזען פון יואל בראַנד'ס שליחות?

אין זיין עדות־ערקלערונג פאַרן ירושלים'ער געריכט האָט ער צוגעגעבען:

„איך האָב געוואוסט, אַז משה שרת (דער דאַמאָלסדיגער משה שערטאָק, אָנפיהרער פון דער פּאָליטישער אָבטיילונג אין דער אידישער אַגענטור, אין ירושלים) זאָל מיך קומען זעהען, — דערווייל האָט מען מיר געמאָלדען, אַז שרת קאָן נישט בעקומען קיין אַריינפאָהר־וויזע קיין טערקיי, ווייל די ענגלענדער ווילען נישט ער זאָל זיך מיט מיר טרעפען.

מען האָט מיך געהייסען פאָהרען קיין אַלעפּאָ, צו דער סיריש־טערקישער גרעניץ, דאָרטען זיך מיט איהם צו זעהען. אויפן וועג האָבען בריטישע אַגענטען פון „אינטעלידזשענס" מיך אַרעסטירט. דערנאָך האָט מען מיך גענומען אין אַ פּריוואַט־וואוינונג פון אַ בריטישען אָפיציר אין אַלעפּאָ און דאָרט האָב איך זיך געזעהען מיט משה שרת. מיין שמועס מיט שרת איז געווען זעהר ריהרענד, און האָט געדויערט 18 שעה אָהן אויפהער, בעת דעם שמועס זענען אין צימער געווען אָנוועזענד איינגע בריטישע אָפיצירען. — שפּעטער האָבען מיך די ענגלענדער געפיהרט קיין קאירא און איינגעשלאָסען אין אַ ווילע, וואָס איז געווען שטרענג בעוואַכט. — די ענגלענדער האָבען מיך כסדר געפּאָרשט. — נאָך 18 טעג האָב איך ערקלערט מיינע וועכטער, אז איך מוז דאָך צוריקפאָהרען קיין בודאַפּעסט, נאָר קיינער האָט מיך נישט אויסגעהערט און איך האָב ערקלערט אַ הונגער־שטרייק. נאָך 4 חדשים בין איך געוואָרען בעפרייט און אָבגעשיקט קיין ארץ־ישראל. — איך האָב זיך געוואָנדען צו דער אידישער אַגענטור, אז איך וויל צוריקפאָהרען קיין אונגאַרן, נאָר דערפון איז גאָרנישט געוואָרען, מען האָט בעטראַכט פערשידענע פּלענער און גאָרנישט איז דערפון ארויסגעקומען".

משה שרת, דער אויסערן־מיניסטער פון מדינת ישראל, האָט ביי אַ געוויסער געלעגענהייט עפענטליך, פון דער טריבונע פון „כנסת", דערמאָנט בראַנד'ס שליחות. געווען איז דאָס אויף דער זיצונג פון „כנסת", דעם 12־טען פעברואַר, 1953, ווען ער האָט גענומען ענטפערן איינעם פון די פּראָ־סאָוויעטישע רעדנער, וואָס האָט געפאָדערט די אידישע דאַנקבאַרקייט פאַר רוסלאַנד'ס בעמיהונגען צו ראַטעווען אידען. דערויף האָט שרת ערקלערט:

„ווען עס האָט אויפגעבליצט אַ מעגליכקייט צו ראַטעווען אידען דירעקט, ווען עס האָט פּאַסירט דאָס אויסטערלישע געשעהעניש דאַמאָלס, ווען עס איז אָנגעקומען דער שליח, יואל בראַנד איז געווען זיין נאָמען, אָנגעקומען מיט אַן עראָפּלאַן קיין סטאַמבול און אָהן אַ וויזע, און מיר זענען געקומען אין קאָנטאַקט מיט איהם און ער האָט דערצעהלט וועגען דער מעגליכקייט צו ראַטעווען מאַסען אונגאַרישע אידען, וועלכע האָבען געצאַפּעלט דאַן אין די נעגעל פון חיות, נאָכדעם ווי די פערניכטונג איז שוין געווען אין פולען גאַנג, און איך בין געפאָהרען קיין צפון־סיריע, צו דער סיריש־טערקישער גרעניץ, צו זעהען איהם און פון דאָרט בין איך צוריקגעקומען און געפלויגען קיין קאירא און קיין לאָנדאָן און צוזאַמען מיט אונזער פערשטאָרבענעם פּרעזידענט, ד"ר וויצמאַן, געגאַנגען צו דער בריטישער רעגירונג צו בעטען פאַר

אונזער פאָלק, און עס איז דאַן געווען אַ פראַגע וועגן אַן אַקט פון רעטונג דירעקט פאַר אידען און עס איז פאָרגעקומען אַ בעראַטונג צווישען די אַליאירטע — דאַן האָט גלייך ענגלאַנד ווי דער ראַטען־פערבאַנד געענטפערט מיט אַן אָבזאָג; זיי האָבען געענטפערט, די זאַך איז אונמעגליך, דאָס וועט שעדיגען דעם גאַנג פון דער מלחמה".

[לויט דער אָפיציעלער סטענאָגראַפיע אין „דברי הכנסת", ישיבה קצ"א, ז' 746].

דאָס איז דער חשבון, וואָס משה שרת האָט געהאַט צו מאַכען מיט סאָוויעט־רוסלאַנד און צוגלייך אויך מיט ענגלאַנד; און געוויס איז דער זעלבער חשבון אויך שייך צו אַמעריקע, ווייל פון די פריהער־ציטירטע אָפיציעלע בעריכטען איז דאָך קלאָר, אַז אַמעריקע האָט טאַקע אויך אַקצעפּטירט ענגלאַנד'ס שטעלונג און נישט דערלאָזען פאָרטזעצען די פערהאַנדלונגען מיט הימלער'ן, דורך בראַנד'ס פערמיטלונג. פון אידישען היסטאָרישען שטאַנדפּונקט שטעלט זיך אָבער די פיינליכע פראַגע: „צי איז מיטן אָבזאָג פון די אַליאירטע אויך פאַר אונז די פראַגע געווען פערענדיגט ? !"

ווי קאָן דען פערגעסען ווערען דער וויי־געשריי פון יענע מוטיגע הצלה־מאָהנער, וואָס הרב ווייסמאַנדעל איז געווען זייער וואָרט־זאָגער:

„וואָס טראַכט איהר, אידען, וואָס דאָס זידיגע בלוט פון אייערע ברידער איז געגעבען אַלס פקדון אין אייערע הענד; און איהר, וואָס אויך דאָס אומווירדיגע געלד איז אייך געגעבען אַלס פקדון אין אייערע הענד; וואָס טראַכט איהר, וועט זיין דער סוף פון דאָזיגען חשבון ? — וואָרים דאָס געלד איז דאָך אין אייערע הענד; און צי דאַרפען מיר דען אָנקומען צו די ערלויבענישען פון די רעגירונגען ? מיר, וואָס האָבען שוין מקריב געווען דעם רוב מנין און רוב בנין פון אידישען כלל; צי האָט איהר דען נישט קיין מאַכט און קיין שכל צו ענטשיידען, אַז אונז איז ערלויבט צו געבען אונזער געלד, ווען אפילו פאַרן דאָזיגען געלד זאָל עמיצער קויפען 3 הונדערט לאַסט־וואַגאָנעס ? צי איז נישט אין אונזער מאַכט צו ענטשיידען, אַז די דאָזיגע 3 הונדערט וואַגאָנעס וועלען נישט דעצידירען און וועלען אויך נישט פערלענגערען די מלחמה, — און אויב זיי וועלען יאָ פערלענגערען די מלחמה אויף 5 מינוטען, איז כדאי צו פערלענגערען די מלחמה אויף 5 מינוט לטובת דעם מיליאָן אידען פון דער שארית הפליטה !"

דאָס האָט געשריבען הרב ווייסמאַנדעל פון בראַטיסלאַווא; און דער דייטשער געזאַנדטער פון בודאַפּעסט, ווייסענמאַיער, האָט צו דער זעלבער צייט געהאַט

צו רעפּאָרטירען אַ גרויסע בשורה צו ריבענטראָפּ׳ן, אַז ביז ענדע יוני 1944 זענען שוין דעפּאָרטירט געוואָרען פון אונגאַרן געגויע 323, 421 אידען (די פּער־שאָלטענע דייטשע מערדער־סטאַטיסטיק!)

און וויסליצעני, דער איניציאַטאָר פון די כאַבאַר־פּערהאַנדלונגען האָט געקריצט מיט די ציינער: „איך העטטע ניע געגלויבט, דאַסס די יודישע אָרגאַ־ניזאַציאָנען זאָ דום אונד אונפעהיג זינד!“

[לויט דער ווערטליכער ציטאַטע פון איינעם פון הרב ווייס־מאַנדעל׳ס בריעף].

בראַנד׳ס דורכגעפאַלענע שליחות האָט געשאַפען אַ לאַגע אָהן אַן אויסוועג — און דאָך זענען די הצלה־בעמיהונגען נישט געוואָרען אָבגעשטעלט.

7.

# דער "האנדעל„ פערשלעפּט זיך—די טויטען־צוגען לויפען "פּראָגראַם־מעסיג“ קיין אוישוויץ

דער גאַנצער גרויל פון דער טראַגעדיע פונם אונגאַרישען אידענטום, וועמען די פערשאָלטענע נאַצי־פערברעכער האָבען געשטעלט צו „אַן עפענטליכער ליציטאַציע“ נאָר עס איז נישט געווען קיין אָפּנעמער אויף דעם אָנגעבאָטענעם „מיליאָן לעבעדיגע סחורה“ — דער גרויל פון דער דאָזיגער אונפערגלייכליכער טראַגעדיע ווערט צום בולט׳סטען אַנטפּלעקט אין ליכט פון דער אָפיציעל־נאַצישער מאָרד־סטאַטיסטיק, וואָס איז געוואָרען געפיהרט אין דעם גרעסטען און אימה׳דיגסטען טויטען־לאַגער פון אוישוויץ (אָשוויענטשים).

אָט זענען איניגע ציפערן, וואָס שטאַמען־אָפּ פון אַזאַ העכסט־קאָמפּע־טענטער קוועלע, ווי עס איז געווען רודאָלף העס, דעם ס״ס־קאָמענדאַנט פון אוישוויץ. דער דאָזיגער מיליאָנען־מערדער איז שפּעטער געוואָרען פערמשפּט צום הענגען דורך אַ פּוילישען געריכט און זיין עקזעקוציע איז טאַקע געוואָרען דורכגעפיהרט אויפן פּלאַץ פון די קרעמאַטאָריע־אויוועגס אין דער זעלבער אָשוויענטשים. אין גאַנג פון זיין פּראָצעס האָט ער איבערגעגעבען פאָלגענדע דאַטען וואָס שייך דער מאַסענהאַפטער אויסראָטונג פון די אונגאַרישע אידען:

„דורך די זומער־חדשים פון יאָהר 1944 זענען אין אָשוויענטשים

געוואָרען פערגאזט ביי 400 טויזענד אונגארישע אידען. — געווען איין טאָג אין חודש יולי 1944, ווען די גאַז־קאַמערן האָבען אויפגענומען העכער 10 טויזענד פערזאָן. די אויפנאַמס־פעהיגקייט פון אָשוויענטשימער לאַגער איז ספּעציעל געוואָרען פערברייטערט ערב די אידען־דעפּאָרטאַצ־יעס פון אונגארן, עס זענען געוואָרען צוגעבויט 4 נייע אויוועגס".

[German Crimes In Poland, 1946 I, p. 88]

די דאָזיגע ציפערן דעקען זיך מיט דער דייטש־אונגאַרישער סטאַטיסטיק וועגען דעם אומפאַנג פון די דעפּאָרטאַציעס, וואָס האָבען זיך אָנגעהויבען דעם 15־טען מאַי 1944. לויטן בעריכט פון אונגאַרישען „אידען־ספּעץ", באַקי, זענען צום דאָזיגען טערמין געווען קאָנצענטרירט 320 טויזענד אידען צום גירוש, אויסער 30 טויזענד מונקאַטשער אידען, איינגעשלאָסענע בעזונדער. אין די ערשטע 9 טעג זענען געוואָרען טראַנספּאָרטירט קיין אָשוויענטשים נישט ווע־ניגער ווי 116 טויזענד אידען. דער פולער פערנעם פון די גירושים בעקומט זיך פון פאָלגענדע 2 אָפיציעלע בעריכטען:

1) די ספּעציעלע ס"ס־פאָרמאַציע, וואָס איז געווען פעראַנטוואָרטליך פאַר דער טראַנספּאָרטאַציע פון די דעפּאָרטירטע אידען, האָט בעריכטעט, אַז ביז דעם 28־טען יוני 1944 (דאָס הייסט אין פערלויף פון קאַרגע 6 וואָכען) זענען געוואָרען איבערגעליפערט 381.600 אידען; 2) דער אונגאַרישער הויפּט־אָרגאַניזאַטאָר פון די גירושים, פערענסי, האָט געמאָלדען, אַז ביז דעם 8־טען יולי 1944 זענען געוואָרען פערשיקט געווען 434,351 אידען.

**פון די פאָרגעשטעלטע ציפערן דרינגט אַרויס דער פאַקט, אַז דורך דער גאַנצער, דריי־יעהריגער עקזיסטענץ פון דער טויט־פאַבריק אין אָשוויענטשים איז דאָרט נישט געווען אַזאַ „הויך־סעזאָן" ווי אין די זומער־חדשים פון 1944, ווען עס איז געגאַנגען די בליץ־פערניכטונג פון אונגאַרישען אידענטום.**

און דאָ טאָר מען נישט פערגעסען אויף אַ ווייל דעם ענגען צוזאַמענהאַנג צווישעביידע געשעהענישען:

דעם 15־טען מאי איז געוואָרען געעפענט דער פּלאַנמעסיגער בליץ־גירוש פון די אונגאַרישע אידען און מיט בלויז 2 טעג שפּעטער, דעם 17־טען מאַי, איז יואל בראַנד געוואָרען אַרויסגעשיקט מיט דעם נאַצישען אָנבאָט „צו פער־קויפען דעם מיליאָן אונגאַרישע אידען"; צו דער זעלבער צייט, ווען דער אומ־גליקליכער שליח, בראַנד, איז געזיצען איינגעשלאָסען דורך דער בריטישער מיליטערישער „אינטעלידזשענס" אין תפיסה־קאַמער פון קאַירא און דער נאַצישער „פערקויפס־אָנבאָט" איז צומאָל נישט געוואָרען ערנסט בעטראַכט, זענען טאָג־איין

טאָג־אויס געלאָפּען די טויטען־צוגען פון דער אונגאַרישער גרעניץ ביז דירעקט אין די גאַז־אויוועגס פון אוישוויץ!

ווער נאָך, ווי הרב ווייסמאַנדעל מיט זיין גרופּע פון די העלדענמוטיגע הצלה־טהוער אין בראַטיסלאַווא האָט געוואוסט און פערשטאַנען דעם לאָגישען צוזאַמענהאַנג צווישען די דאָזיגע ביידע פאַקטען! עס איז ווירקליך געווען צו בעוואונדערן דעם הרב ווייסמאַנדעל מיט זיין הצלה־גרופּע — פאַר זייער העכסט־געלונגענעם אונטערערדישען אינפאָרמאַציע־דינסט, סיי וועגען דער סי־טואַציע אין אָשוויענטשים און סיי וועגען דער אָרגאַניזאַציע פון די דעפּאָר־טאַציעס.

אין איינעם פון זיינע געהיימע אַלאַרם־בריף, דאַטירט עכט־אידישליך „ל״ט למנין בני ישראל" (דאָס מיינט 39 טעג אין ספירה, אָדער כ״ה אייר תש״ד) מיט דער איבערשריפט „במערה סמוכה ללבוב" (דאָס איז טייטש „אין אַ הייל נעבען לעמבערג" וואָס איז ספּעציעל געוואָרען אַנגעגעבען פאַר די צוועקען פון קאָנספּיראַציע), ווערט געשריבען קלאָר און אויספיהרליך:

„מיר שיקען אַ ספּעציעלען שליח אייך צו מעלדען;

„1) נעכטען האָט זיך אָנגעהויבען דער גירוש פון די אונגאַרישע אידען אויף דער מזרח־זייט פון טייך טהייס, אַלזאָ אין זיבענבירגען, קארפּאטאָ־רוסלאַנד און אין קרייז קאשוי. דאָס איז דער ערשטער עטאַפּ פון דעפּאָרטירען אַלע אונגארישע אידען, — און דער ערשטער עטאַפּ דערגרייכט צו 320 טויזענד נפשות.

„2) יעדען טאָג געהען אין די טראַנספּאָרט־צוגען 12 טויזענד נפשות, אין יעדען וואגאָן 70 נפשות, שטעהענדיגערהייט, אָהן ברויט און אָהן וואסער, אָהן יעדער סאַניטארער מעגליכקייט, פערהאַקט און פערשלאָסען, אפילו מיט פערשטאָפּטע פענסטער.

„3) יעדען טאָג געהען 4 אַזעלכע צוגען מיט 45 וואַגאָנעס, אַזוי דאָס במשך פון 25 אָדער 26 טעג וועט דער דאָזיגער טייל זיין אָפּ־געלעדיגט.

„4) די דאָזיגע צוגען קורסירען איצט פון דער סטאַציע טשאַפּ (וואָס נעבען אונגוואר) איבער קאשוי—פּרעשאָוו—אָרלאָוו—מוסינאַ, ביז אוישוויץ.

דאָס איז געווען די אויטענטישע אינפאָרמאַציע וועגען די טראַנספּאָרטען און איצט קומט די ערשטע אויטענטישע שילדערונג וועגען „אוישוויץ" גופא:

„5) קיין אוישוויץ קומען זיי אָן, נאָך אַ רייזע פון 2 אָדער 3 טעג, אָהן לופט, אָהן שפּייז און וואסער, אָהן ריינקייט, די קערפּערס צונויפ־געדריקט שטעהענדיג. אויף אזא אופן שטארבען פיעל אויפן וועג. און די איבריגע, לעבען־געבליבענע, ווערען אויסגעטאָן נאקעט און זיי ווערען אריינגעשטויסען אין גרויסע זאלען מיט פאלשקייט און שווינדעל, אז דאָס איז אַ באָד, און דאָרט ווערען זיי דערשטיקט דורך דעם גיפט־גאז 2 טויזענד נפשות אין יעדען זאל און אזוי יעדען טאָג.

„6) לויט אַ גענויער ידיעה פון פיעל עדות זענען ענדע פעב־רואר דאָרט געווען 4 אזעלכע זאלען, און לויט ווי מען הערט זענען נאָך צוגעקומען נייע זאלען.

„7) די טויטע קערפּערס ווערען פערברענט אין ספּעציעלע אויוועגס צו דעם צוועק, יעדען אויוון פערברענט 12 קערפּערס אין אַ שעה בערך, ענדע פעברואַר זענען דאָרט געווען אויף זיכער 36 אַזעלכע אויוועגס, און לויט מען הערט זענען נאָך צוגעקומען מעהר.

„8) פריהער האָבען זיי דערשטיקט און פערברענט אין דעם וואלד בזשעזשינקי (בירקענוואלד), וואָס איז נעבען אוישוויץ, און איצט דערשטיקט מען און מען פערברענט אין די ספּעציעלע קאמערן וואָס זענען פארהאַן אין בירקענוי (ווי דאָס איז אָנגעצייכענט אויף אונזער בילד).

„9) מען לאָזט נישט איבער נאָר בלויז געצעהלטע מענער און פרויען, קרעפטיגע, פאר ספּעציעלע ארבעט, ביים אָרדנען די קליידער און זאכען פון די אויסגעקוילעטע, אויף דורכצוזוכען די קליידער און חפצים נאָך בעהאַלטענע ווערט־זאכען דאָרט, אויף צו בויען די טויט־הייזער און אויף צו פערברענען די קערפּערס, און אויף אַנדערע גע־פעהרליכע ארבעטען פאר די קריגס־צוועקען, וואָס ווערען דאָרט געטאָן.

„10) די דאָזיגע פערבליבענע ווערען בעצייכענט מיט אַן אויס־געברענטען נומער אויפן אָרעם, צוזאמען מיט אַן אויסגעברענטען מגן־דוד אויף דעם ברוסט־קאַסטען און זיי שטארבען אָדער ווערען ערמאָר־דעט מעהרסטענס נאָך איינינע וואָכען אָדער חדשים, און אַנדערע, פרישע, קומען אויף זייער אָרט. אָבער די אַלע, וואָס געהען צו דער פערגאַזונג גלייך פון די וואַגאָנעס אַרויס, זיי ווערען נישט געצייכענט און עס איז נישטאָ פון זיי קיין שום עווידענץ און זיי בעטרעפען ביז 95 פּראָצענט פון יעדען טראַנספּאָרט.

Zwei jungen slowakischen Juden - deren Namen vorläufig im Interesse ihrer Sicherheit verschwiegen werden soll -, die im Jahre 1942 aus der Slowakei depotiert wurden und volle zwei Jahre in



PLEASE DO NOT REMOVE

8

1141

EXECUTIVE OFFICE OF THE PRESIDENT

WAR REFUGEE BOARD

WASHINGTON, D. C.

GERMAN EXTERMINATION CAMPS — AUSCHWITZ AND BIRKENAU

It is a fact beyond denial that the Germans have deliberately and systematically murdered millions of innocent civilians — Jews and Christians alike — all over Europe. This campaign of terror and brutality, which is unprecedented in all history and which even now continues unabated, is part of the German plan to subjugate the free peoples of the world.

Two young Slovak Jews - whose names will not be disclosed for the time being in the interest of their own safety - have been fortunate enough to escape after spending two years in the concentration camps of BIRKENAU, AUSCHWITZ and LUBLIN-MAJDANEK, where they had been deported in 1942 from SLOVAKIA.

One of them was sent on April 13, 1942 from the assembly camp of SERED directly to AUSCHWITZ and then to BIRKENAU, while the other was sent from the camp of NOVAKY to LUBLIN on June 14, 1942 and, after a short stay there, transferred to AUSCHWITZ and, later,

ROUGH GROUND PLAN OF AUSCHWITZ



„11) שוין אין די חדשים דעצעמבער (1943) און יאַנואַר (1944) האָט מען געבויט אַ ספּעציעלע ליניע דירעקט צו די גאַז־קאַמערן און צו די ברען־קאַמערן, פאַר דער נייער אויפגאַבע פון אויסמאָרדען די אונגאַרישע אידען (דאָס האָבען דערצעהלט פערלעסליכע מענשען, וועלכע זענען דאָרט אין גיהנום, וואו מען רעדט אָהן שום בושה און צוריקהאַלט, אָהן שום מורא, אַז עמיצער פון דרויסען וועט דערפון הערען, גלייך ווי עס האָבען נישט קיין מורא די מלאכי־חבלה אין דעם אמתין גיהנום, אַז אויף דער ערד זעהט מען וואָס זיי טאָן דאָרט...)

דאָס זענען אַ צאָהל פאַקטען, אַרויסגענומען פון הרב ווייסמאַנדעל׳ס ערשטען פערטרויליכען ראַפּאָרט, וואָס איז טאַקע שנעל דערגאַנגען צו דער גרויסער וועלט און האָט צום ערשטען מאָל אַנטפּלעקט דעם שוידער און גרויל, וואָס איז בעהאַלטען אין דאָזיגען נאָמען: „אוישוויץ״.

צו יענעם בריף האָט הרב ווייסמאַנדעל נעמליך בייגעלעגט **גביית־עדות׳ן פון דריי אַנטלאָפענע פון גיהנום אין אוישוויץ.** צוויי פון זיי זענען געוואָרען אָנגעגעבען אַלס „יונגע סלאָוואַקישע אידען״. זייערע נעמען זענען געוואָרען געהאַלטען בסוד, אָבער די אויספיהרליכע שילדערונגען זייערע אין דייטש־געשריבענעם עדות־פּראָטאָקאָל זענען געווען פון אַזאַ איבערצייגענדער קראַפט, אַז דאָס האָט אַלעמען געעפענט די אויגען וועגען דאָזיגען גרעסטען פערברעכען אין דער מענשליכער געשיכטע. דער דריטער עדות איז געווען אַ נישט־איד — אַ געוועזענער אונגאַרישער אָפיציר, וועלכער איז פערשיקט געוואָרען קיין אויש־וויץ אַלס פּאָליטיש־פערדעכטיגטער. זיין עדות־ראַפּאָרט איז געווען געשריבען אין אונגאַריש.

דווקא מיט די דאָזיגע אויטענטישע עדות־שילדערונגען פון אוישוויץ־בירקענאו האָט הרב ווייסמאַנדעל דערגרייכט אַ געוויסען ציעל. צוליב דעם, וואָס די אַליאירטע רעגירונגען האָבען דערין ענטדעקט עדשט־קלאַסיגען פּראָפּאַגאַנדע־מאַטעריאַל געגען די נאַצישע טיראַנען און דאָס האָט געקענט הויבען דעם קעמ־פערישען גייסט אויף די פראָנטען — איז דעריבער הרב ווייסמאַנדעל׳ס אינפאָר־מאַציע־שטאָף געוואָרען ווי געהעריג אויסגענוצט. אין נאָוועמבער 1944 האָט דער „וואָר רעפיודזשי באָרד״ אין וואַשינגטאָן אַרויסגעגעבען אַ מימאָגראַפירטען פּאַמפלעט וועגען דעם נאַצישען הויפּט־מאָרד־לאַגער אין אוישוויץ. די דאָזיגע אָפיציעלע פּובליקאַציע שטעלט טאַקע מיט זיך פאָר אַ ווערטליכע איבערזעצונג פון הרב ווייסמאַנדעל׳ס איבערגעליפערטע פּראָטאָקאָלען. עס איז גענוג צו וואַר־פען איין בליק אויףביידע בעריכטען, כדי פעסטצושטעלען זייער אידענטישקייט.

אַזוי לויטעט דער אַריינפיהר צו די עדות־פּראָטאָקאָלען:

„צוויי יונגע סלאָוואַקישע אידען — ווערמאנס נעמען עס מוזען דערוויַיל פֿערשוויגען ווערען צוליב זייער אייגענער זיכערהייט — זענען אין יאָהר 1942 געוואָרען דעפּאָרטירט פון דער סלאָוואַקיי און במשך פון צוויי פולע יאָהרען האָבען זיי זיך געפונען אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן בירקענאו, אוישוויץ און לובלין־מיידאַנעק, ביז עס האָט זיי אָפּגעגליקט אויף אַ וואונדערליכען אופן צו אַנטלויפען... דער פּאָר־געשטעלטער בעריכט ענטהאַלט נישט אַלעס, וואָס זיי האָבען דאָרט דורכגעמאַכט. עס איז נאָר געוואָרען בעשריבען דאָס, וואָס איינער אָדער ביידע האָבען געמיינזאַם איבערגעלעבט, אַליין געזעהען און דירעקט ערפאַהרען. עס ווערען נישט געשילדערט קיין אינדיווידועלע איינדרוקען, און עס ווערען נישט איבערגעגעבען קיין אינפאָרמאַציעס, וואָס זענען געשעפּט געוואָרען פון אַנדערע... די שילדערונגען דעקען זיך פול־שטענדיג מיט די ביז־איצטיגע פראַגמענטאַרישע בעריכטען, וואָס האָבען געשטאַמט פון פערלעסליכע קוועלען, און די דאַטען וועגען די איינ־צעלנע טראַנספּאָרטען שטימען גענוי מיט די אַמטליכע בעריכטען, וואָס אין אונזער בעזיץ".

ביי אַ שפּעטערדיגער געלעגענהייט האָט הרב וויסמאַנדעל איבערגעגעבען געוויסע העכסט־פּערטרויליכע איינצעלהייטען וועגען דאָזיגען עדות־ראַפּאָרט:

„איינער פון די צוויי אַנטלאָפענע פון אוישוויץ איז זיין נאָמען געווען — וואַצלער. ער איז געווען מיינער אַ יוגענד־חבר. ער האָט זיך פאַר מיר פערטרויעט, אַז דריי חברים זענען זיי צוזאַמען צוגעטרעטען אויסצוגראָבען אַ טונעל אונטער דער שוץ־מויער פון אוישוויצער טויטען־לאַגער. איינער פון זיי איז משוגע געוואָרען אין מיטען דער אַרבעט, און ער האָט גענומען שרייען. ביידע חברים, די שפּעטער־אַפּגעראַטע־ווטע, האָבען איהם דערשטיקט מיט די אייגענע הענד... דער זעלבער וואַצלער האָט געהאַט אויף זיין אָרעם אויסגעברענט דעם אוישוויצער נומער „7", ווייל ער איז געווען פון די ערשטע אינטערנירטע דאָרטען... צוליב דעם, וואָס ביידע אַנטלאָפענע האָבען פאַר זייער אַנטלויפען געמוזט גענוי אויסשפּירען פאַר זיך די גאַנצע אומגעגענט פון לאַגער, האָבען מיר דערפאַר געקענט פון זיי אויפנעמען די גענויע סיטואַציע־פּלענער פון אוישוויץ און בירקענאַו, און מיט דער הילף פון די דאָזיגע פּלענער וואָלט געווען אַבסאָלוט מעגליך דורכצופיהרען אַ לופט־אַנגריף אויף דעם טויטען־לאַגער מיט זיינע קרעמאַטאָריעס און גאַז־אויוועגס"...

[לויט הרב וויסמאַנדעל'ס ערקלערונג פאַרן שרייבער פון די דאָזיגע שורות, ה' מרחשון, תשט"ו, אין ניו יאָרק].

און איצט איז נויטיג צוריקצוגעהן צו הרב ווייסמאַנדעל׳ס דעמאָלטיגען אַלאַרם־בריף פון אָנפאַנג זומער 1944.

דער מחבר פון אַלאַרם־ראַפּאָרט האָט זיך נישט געלאָזט בעגנוגנען מיטן אַרויסברענגען די שוידערהאַפטע אינפאָרמאַציע וועגען אָשוויענטשים, נאָר האָט גלייך דערויף, אין זעלבען בריף, געפּרובט צו פאָרמולירען אַ געוואַגטען רעטונגס־פּלאַן. נעבען דער אויפסניי־ווידערהאָלטער פאָדערונג צו „פּערהאַנדלען" און „איבערצוקויפען" די הויפּט־אָרגאַניזאַטאָרען פון דעם פּלאַנמעסיגען אידען־מאָרד, ווערט דאָרט צום ערשטען מאָל אַרויסגערוקט דער פּלאַן צו באָמבאַרדירען און פערניכטען דורך אַן עראָפּלאַן־אָנגריף די גאַנצע טויט־פאַבריק פון אָשוויענטשים, ווי אויך אויפצורייסען מיט דער הילף פון לופט־באָמבערס די באַהן־ליניעס, איבער וועלכען עס לויפען טאָג־טעגליך די טויטען־וואַגאָנעס, אין דער ריכטונג פון אוישוויץ!

טשעקאַווע, וואָס הרב ווייסמאַנדעל האָט דעם דאָזיגען ראַפּאָרט זיינעם פערזעהען מיט אַן אייגענער פּרימיטיוו־געצייכענטער מאַפּע פון אָשוויענ־טשים, ווי ער האָט עס אָנגערופען אין זיין שפּראַך: „אונגעפעהרע סיטואַציאָנס־סקיצע פון די לאַגער־געביטען אין אוישוויץ־בירקענאַו", און אויף דער דאָזיגער צייכנונג פיגורירען אַלע לאַגער־געביידעס מיט דער צאָהלרייכער נעץ פון וואַך־טורעמס אַרום און אַרום.

און אַזוי איז געווען זיין פּלאַן:

„צו באָמבאַרדירען פון דער לופט די פערניכטונגס־הייזער אין אוישוויץ, זיי זענען זעהר קענטיג, ווי דאָס בעווייזט די בייגעלעגטע צייכנונג, — און דאָס וואָלט געווען אַ גרויסע שטערונג פאַר די רשעים, ווייל זיי זוכען צו מאָרדען בלויז אויף אַזאַ געהיימען אופן.

„און נאָך מעהר וויכטיג איז צו באָמבאַרדירען כסדר און סיס־טעמאַטיש די אַלע ליניעס, וואָס פיהרען ספּעציעל פון מזרח־אונגאַרן קיין פּוילען און אין אַלגעמיין די ליניעס, וואָס פערבינדען אונגאַרן מיט דייטשלאַנד, און גאַנץ בעזונדערס דעם וועג, וואָס פיהרט פון טשאַפּ איבער קאַשוי—פּרעשאָוו ווי אויך דעם וועג פון מעדזילאָבאָרצע.

„צו באָמבאַרדירען כסדר און אָהן אויפהער די בריקען און סטאַציעס אויפן געביט פון קאַרפּאַטאָ־רוס און בפרט קאַשוי, טשאַפּ, פּרעשאָוו, מעזדילאָבאָרצע, וואָס איבער די דאָזיגע ליניעס ווערען אויף יעדען טאָג טראַנספּאָרטירט צענדליגער טויזענדער סאָלדאַטען, צום פראָנט, פון פּוילען קיין רומעניען און פערקעהרט".

אָבער אויך דער דאָזיגער זאַכליכער און דורכאויס־רעאַליסטישער פּלאַן פון

דער בראַטיסלאַווער הצלה־גרופּע איז ליידער נישט געוואָרען אויפגענומען ווי געהעריג מצד די מאָסגעבענדע פאַקטאָרען.

אין אַ שפּעטערדיגען בריף, דאַטירט „ב׳ לסדר דברים תש״ד״, האָט שוין הרב ווייסמאַנדעל געשריבען מיט דער גרעסטער פערביטערונג און פּיינליכער ענטוישונג:

„די גירוש־צוגען געהען אַלץ ווייטער איבער פּרעשאָוו און קראָקע, און נישטאָ ווער עס זאָל דערין שטערן און אויפרייסען זיי — און ווייטערדיגע גירוש־צוגען וועלען געהען איבער זשילינאַ און טשאַדצאַ, צי וועלען זיי ווערען אויפגעריסען? — און נאָך דאַרפען מיר אייך אינפאָרמירען, אַז דעם 19־טען יולי איז ווידער דורך אונזער לאַנד פערבייגעפאָהרען אַ טראַנספּאָרט פון 15 הונדערט נפשות איבער פּרע־שאָוו קיין אוישוויץ, — טאָ פאַרוואָס שווייגט איהר דערוועגען? די דייטשען אַליין וואונדערן זיך דערויף און לאַכען פון אונז דערוועגען! מיר האָבען דאָך אייך געשיקט כמעט הונדערט טעלעגראַמען און פיעל בריף, כדי צו מעלדען, אַז יעדען טאָג קורסירען די טראַנספּאָרט־צוגען איבער דער דאָזיגער ליניע, און אויף דערויף האָבען מיר בלויז גע־הערט תירוצים, און קיין מעשים זענען ניט געקומען. — אוישוויץ שטעהט נאָך אַלץ אויף זיין אָרט און די גאַז־קאַמערן און קרעמאַטאָריע־אויוועגס פונקציאָנירען כסדר, און ווי לייכט איז זיי צו שטערן אין דער אַרבעט און אויפצורייסען זיי! טויזענדער אויגען קוקען אַרויף יעדען טאָג צום הימעל און שטוינען, פאַרוואָס קומען זיי נישט, אונזערע פערבינדעטע? פאַרוואָס קומען זיי נישט אונז העלפען, צו באָמבאַרדירען אונזערע שונאים און זייערע פערניכטונגס־פּלעצער?״

די אַלע הילפס־רופען האָבען אָנגעטראָפען אויף טויבע אויערן און פער־שטיינערטע הערצער. די פאָדערונגען ווי צוגלייך די פּלענער פאַר די באָמ־באַרדירונגען זענען געוואָרען איבערגעגעבען צו די געהעריגע מיליטע־רישע אינסטאַנצען פון די אַליאירטע. צוליב גאַנץ־אומפערשטענדליכע מאָטיוען זענען אָבער געוואָרען אָפּגעוואָרפען סיי די פּלענער צו באָמ־באַרדירען אוישוויץ און סיי די פּלענער אויפצורייסען די באַהן־ליניעס קיין אוישוויץ.

אין די אַרכיוען פון „ועד הצלה״ זענען אויפגעהיטען צוויי טעלעגראַמען וועגען די ערפאָלגלאָזע אינטערווענצען ביי די אַליאירטע, אין דער דאָזיגער פראַגע. די שטרענג־פערטרויליכע טעלעגראַמען זענען געוואָרען איבערגעשיקט

פון דער שווייץ קיין אַמעריקע, אַ דאַנק דער מיטהילף פון פוילישען דיפּלאָ־מאַטישען „קאָד״, אַזוי־אַרום איז געוואָרען אויסגעמיטען די אַמעריקאַנישע מיליטערישע צענזור.

די ערשטע טעלעגראַמע איז דאַטירט פון בערן, דעם 28־טען אויגוסט 1944, אַרויסגעשיקט פון מר. שטערנבוך, דעם פאָרשטעהער פון „ועד הצלה״ אין שווייץ:

„געהיים. אונגאר (געמיינט, הרב ווייסמאנדעל) איז מודיע, אז אונגארן האלט ווייטער אָן די דעפּאָרטאציעס, אונטערן דרוק פון דער געסטאפּאָ. אלס ביישפּיל גיט ער אָן, אז דעם 26־טען אויגוסט האָט מען טראנספּאָרטירט 12 טויזענד אידען קיין אוישוויץ... מיטן צוועק צו שטערען די דעפּאָרטאציעס, מינדעסטענס ביז וואנען די סיטואציע וועט ווערען אויפגעקלערט, ווערט דרינגענד אפּעלירט צו באָמבארדירען די פאָלגענדע באהן־פערבינדונגס־פּונקטען: גאלאנטא, לעאָפּאָלדאָף, ווראטקא, זילינא, צאדקא, קאשוי, פּרעסאָוו, סילעיאין, גראז... מיר ווענדען זיך אין דער דאָזיגער פראגע צו דער בריטישער און אַמעריקאַנער געזאַנדשאַפטען אין בערן. איך בעט אונטערשטיצונג ביי די דאָזיגע רעגירונגען".

[לויט די פאָטאָסטאַטען אין דר. לעווינ׳ס בוך „נאָכן חורבן״, ז׳ 161].

קורץ דערנאָך, דעם 13־טען סעפּטעמבער 1944, האָט דער זעלבער פאָרשטע־הער פון „ועד הצלה״ אין דער שווייץ אַלאַרמירט וועגען דעם נעגאַטיווען ענטפער מצד די מיליטערישע אינסטאַנצען:

„די אַמעריקאַנער געזאַנדשאַפט אין בערן האָט בעקומען אַ טע־לעגראַפישע אינפאָרמאַציע פון גענעראַל־שטאַב, אַז די בעטרעפענדע באָמבאַרדירונגען זענען אוממעגליך. — מיר בעטען וואָס שנעלער נאָך־אמאָל צו אינטערווענירען, אָנגעבענדיג די פּונקטען אין דער סלאָוואקיי, וואָס מיר האָבען לעצטענס אָנגעגעבען, ווי אויך אָשוויענטשים (אויש־וויץ)״...

צו מר. שטערנבוכ׳ס ציטירטער טעלעגראַמע פון 28־טען אויגוסט, וואָס האָט זיך פעררופען אויף הרב ווייסמאַנדעל׳ס אינפאָרמאַציע פון 26־טען אויגוסט, וועגען די בענייטע דעפּאָרטאַציעס פון אונגאַרן קיין אוישוויץ — וועט זיין אינטערעסאַנט צוצוגעבען, אַז הרב ווייסמאַנדעל׳ס דאָזיגע פערטרויליכע אינפאָר־מאַציע איז געוואָרען אַרויסגעשיקט פון דער סלאָוואַקיי קיין שווייץ דורך דעם טעלעגראַפישען וועג וואָס איז דורכגעגאַנגען די דייטשע מיליטערישע צענזור.

דאָס איז געשעהען אַ דאַנק אַ העכסט־ערפינדערישען „קאָד”, וואָס איז געווען פערדעקט מיט צוגעטראַכטע „עקספאָרט”־ביזנעס.

אָט איז אַ מוסטער ווי הרב ווייסמאַנדעל׳ס דעמאָלטיגע טעלעגראַמע האָט אויסגעזעהען אין אָריגינאַל:

„נייטרא, 25 אויגוסט, דרינגענד, — צו בעלא לעבאָוויטס, ציריך:

„דער אָבמאַך איז פערטיג סטאָפּ — רעימאַן (דאָס מיינט, דייטש־לאַנד) ליפערט אייגענמעכטיג, אָנהויבענדיג פון 26 אויגוסט 12 טאָנען (גמיינט, 12 טויזענד אידען) פון פראָווינץ העלער (גמיינט, אונגאַרן) קיין אַלבום (גמיינט, אוישוויץ) דורך דער גרעניץ פראַנקאָ (גמיינט, די באַהן־ליניע זשילינא) סטאָפּ — די בעדינגונגען אונמעגליך (גמיינט, זיכערער טויט אין פערניכטונגס־לאַגער) סטאָפּ — דער דאָזיגער קאָנ־קורענץ־ערפאָלג איז אויסשליסליך אייער שולד, זאָרגט וועניגסטענס פאַר ראשיגסטער עקספעדיציע (גמיינט, די לופט־באָמבאַרדירונג) פראַנ־קאָ גרעניץ (גמיינט, די באַהן־ליניע קיין אוישוויץ) סטאָפּ — פער־שטענדיגט זאָפאָרט מאיער און נאַטאַנסקי־קאָמפּאַניע (גמיינט, דעם „דזשאָינט”, אידישע אַגענטור, וועלט־קאָנגרעס אד. גל.) ווי אויך הוגאָ (גמיינט, דעם „ועד הצלה”) סטאָפּ — טעלעגראַפירט האָטעל צענט־ראַל, בראַטיסלאַווא. —

(געצייכענט) מיכעלבערגער (גמיינט, הרב מיכאל־בער ווייסמאַנדעל)”

פון דאָזיגען טעלעגראַמעס־צוזאַמענשטעל איז יעדענפאַלס צו לערנען, אַז דער פערבינדונגס־דינסט פון „ועד הצלה” האָט פונקציאָנירט ווי געהעריג: דעם 25־טען אויגוסט 1944 האָט הרב ווייסמאַנדעל אַרויסגעשיקט די שיפרירטע אַלאַרם־טעלעגראַמע צו זיין פערטרויאונגס־מאַן אין דער שווייץ, און מיט 3 טעג שפּעטער איז די אינפאָרמאַציע שוין געווען אין בעזיץ פון „ועד הצלה” אין ניו־יאָרק!

דאָס איז אָבער אין דער ווירקליכקייט געווען אַ קליינע טרייסט, ווייל די אַלע פערצווייפעלטע אידישע אינטערווענצען ביי די אַליאירטע האָבען קיין רע־זולטאַט נישט געבראַכט.

די אכזריות׳דיגע שטעלונג פון די אַליאירטע מיליטערישע אינסטאַנצען האָט געמוזט אַרויסרופען די גרעסטע פערצווייפלונג ביי די העלדישע הצלה־פּלאַנירער אין דער סלאָוואַקיי. לאַנגע יאָהרען נאָך דער מלחמה האָט הרב ווייס־מאַנדעל אויסגעגעבען דעם סוד, ווי ער האָט דעמאָלט אַליין געפּלאַנט צו אָר־גאַניזירען אַ סאַבאָטאַזש־אַקציע געגען די גירוש־צוגען:

— „עס איז דאָך אַזוי לייכט געווען צו באָמבאַרדירען די באַהן־ליניע, וואָס האָט געפיהרט פון בודאַפּעסט איבער דער סלאָוואַקיי קיין אוישוויץ. וויפיעל מאָל האָב איך אַליין געצייכענט די גענויע מאַפּע פון דער דאָזיגער באַהן־ליניע, לויט ווי מיר האָבען עס בעקומען פאַר אַ היפּשען אָפּצאָהל פון די סלאָוואַקישע באַהן־אינזשיניערען. צעהנדליגער בריף האָבען מיר אַרויסגעשיקט מיט דער דאָזיגער בקשה. מיר האָבען דערביי אויפגעקלערט, אַז עס איז נישטאָ קיין אַנדערע בעקוועמע ליניע איבערצופיהרען די טראַנספּאָרטען אין טויטען־לאַגער אַריין, און דער ס"ס־מאַן, וואָס איז געווען פעראַנטוואָרטליך פאַר די דאָזיגע טראַנספּאָרטען, האָט אונז פערזיכערט, אַז אויב די באַהן־ליניע ווערט ווערען אויפגעריסען, וועט ער (פאַר אַ געהעריגען כּאבאר!) אויסנוצען דעם דאָזיגען אַרגומענט אויף אָפּצוהאַלטען די טראַנספּאָרטען קיין אוישוויץ דורך אַ לענגערער צייט! אָבער אונזערע אַלע אַפּעלירונגען צו די אַלי־אירטע האָבען נישט געהאָלפען. דאַן איז ביי מיר אין קאָפּ געבוירען געוואָרען אַן אַנדערער פּלאַן — אויפצורייסען די דאָזיגע באַהן־ליניע אין אַ זעהר וויכטיגען פּונקט, ווען זי געהט פערביי אַ טונעל אויף דער סלאָוואַקישער טעריטאָריע. דערצו איז בלויז געווען נויטיג איין פריי־וויליגער אַלס קרבן... עס איז נעמליך געווען געווען, אַז עמיצער זאָל מיט זיך נעמען אין פערזאָנען־צוג אַריין אַ געוויסען קוואַנטום פון אויפרייס־שטאָף און אויפרייסען די באַהן־ליניע פון אינעווייניג, טאַקע בשעת דער צוג וועט פערבייפאָהרען דעם טונעל... איינער פון די תּלמידים פון אונזער ישיבה, אין נייטרע, האָט זיך מתנדב געווען צו דער דאָזיגער שליחות. „רבי, איך פיהל, אַז מיינע טעג זענען געצעהלטע און איך בין גרייט אויף אַזאַ מצווה פון מסירת הנפש!" האָט ער מיר געזאָגט. אָבער, אַז דער אויפרייס־שטאָף איז געווען גרייט פאַר דעם צוועק, האָב איך גענומען זיך אַליין מיישב זיין: „פאַרוואָס עפּעס זאָל איך שיקען מיין תּלמיד מקיים זיין די דאָזיגע מצוה? פאַרוואָס זאָל איך נישט געהן אַליין?"... און דאָ בין איך געוואָרען גערופען צום „יודען־ראַט". מענשען, מיט וועמענס מיינונג איך האָב זיך געמוזט רעכנען, האָבען גענומען רעדען צו מיין געוויסען און געוואָרענט מיך, אַז אויב דער סאַבאָטאַזש־אַקט זאָל ווערען דורכגעפיהרט אויף דער סלאָוואַקישער טעריטאָריע, וועט קומען אַ ביטערע נקמה אין דעם לעצטען רעשט פון די סלאָוואַקישע אידען..."

[לויט דער שילדערונג אין „הדואר", ניו יאָרק, גליון כ"ד, תשי"ד].

אַזוי זענען די אידען־טראַנספּאָרטען ווייטער געלאָפען „פּראָגראַם־מעסיג"

קיין אוישוויץ; די נאַציישע תלינים זענען דורך קיינעם נישט געוואָרען געשטערט; די קרעמאַטאָריעס האָבען געאַרבעט בייטאָג און ביינאַכט, אָהן שום אַנגסט פאַר אַ לופט־אָנגריף; און די סלאָוואַקישע אונטערערדישע באַהן־אינפאָרמאַטאָרען האָבען געניי אינפאָרמירט וועגען די דורכגעלאָפענע דעפאָרטאַציע־צוגען פון אונגאַרן...

## 8.

# דער "בלאָף מיט די 5 מיליאָן דאָלאַר" און ווער עס האָט דערפאַר בעצאָלט!

די געשיכטע פון דאָזיגען אומגליקליכען און בלוטיג־בעצאָהלטען "בלאָף" ווערט דווקא גאַנץ פראָמינענט און מיט אַ נישט־בעהאַלטענעם טאָן פון זעלבסט־בעריהמערישקייט פאָרגעשטעלט אין דעם אָפיציעלען טעטיגקייטס־ראַפּאָרט פון רוזוועלט'ס "וואָר רעפיודזשי באָרד". עס איז בנאמנות כדאי צו הערען ווי אַזוי די דאָזיגע העכסט־פיינליכע געשיכטע זעהט־אויס אין דער אָפיציעל־אַמעריקאַנישער בעלויכטונג.

נאָכדעם ווי דער בעריכט כאַראַקטעריזירט אין קורצען דעם פּאָליטישען הינטערגרונד פון די נאַצישע פּראָפּאָזיציעס "צו פערקויפען אידען" און דער־צעהלט, אַז דורך דער פערמיטלונג פון די נייטראַלע לענדער, פּאָרטוגאַל, שווייץ און שוועדען זענען דערגאַנגען צום אַמעריקאַנער "דזשאָינט" קאָנקרעטע פאָר־שלאָגען צו דיסקוטירען די בעדינגונגען "פאַר דער בעפרייאונג פון אידען פון די נאַצישע הענד", שטעלט־פעסט דער אָפיציעלער ראַפּאָרט אַזוי:

— „דער „וואָר רעפיודזשי באָרד" האָט מיט דער הסכמה פון סטעיט־דעפּאַרטאַמענט בעשלאָסען נישט קעגנצושטעלען זיך צו אַ צו־זאַמענטרעף פון סאַלי מאַיער מיט די געסטאַפּאָ־פאָרשטעהער. דער „באָרד" האָט דערביי אָבער קלאָר געמאַכט, אַז די אויסקויף־פערהאַנד־לונגען קענען נישט ווערען געפיהרט אָדער אויטאָריזירט דורך דער רעגירונג פון די פעראייניגטע שטאַטען און האָט דערצו ספּעציעל אונ־טערגעשטראָכען, אַז סאַלי מאַיער קען זיך אין זיי בעטייליגען נאָר אַלס שווייצערישער בירגער און נישט אַלס פערטרעטער פון וועלכער־עס־איז אַמעריקאַנער אָרגאַניזאַציע.

**און דאַן קומט דער קורץ־געפאַסטער סך־הכל פון די פערהאַנדלונגען:**

„עס האָבען דאַן נאָכגעפאָלגט א לאַנגע סעריע פון געשפּרעכען צווישען סאַלי מאַיער און די דייטשע פאָרשטעהער, ביי דעם פולען וויסען פון דעם „באָרד" און דעם סטעיט־דעפּארטאמענט. די בריטישע און רוסישע רעגירונגען זענען אויך געוואָרען דערוועגען אינפאָרמירט. אַ דאַנק דער איינפאַלערישקייט און אויסגעהאַלטענקייט פון סאַלי מאַיער איז געוואָרען אויסגענוצט יעדע מעגליכע אָפּשלעפּערישע טאַקטיק און די געשפּרעכען האָבען זיך געצויגען לאַנגע חדשים. מאַיער'ן איז שליסליך געלונגען איבערצואוועקסלען די דיסקוסיעס און אָנשטאָט „אויסקויף־געלד" צו בעטראַכטען זיין פאָרשלאַג, אַז אויב די דייטשען וועלען אָפּשטעלען די פערניכטונג וועט ער אראַנזשירען הילפס־זענדונגען קיין דייטשלאַנד דורך דער פערמיטלונג פון אינטערנאַציאָנאַלען רויטען קרייץ, כדי צו דערהאַלטען די אידען ביים לעבען. מאַיערס פאָרשלאַגען זענען מיט אַ ספּעציעלער כוונה געוואָרען געהאַלטען אַזוי אַלגעמיין און נישט־קאָנקרעטיזירט, אַז די בעדינגונגען זייערע זענען נאָך נישט גע־האַט געווען אויפגעקלערט, ווען די מלחמה אין אייראָפּע איז שוין געהאַט געווען פערענדיגט". —

„אין אַ געוויסער סטאַדיע פון די פערהאַנדלונגען האָט דער „באָרד", מיט דער צושטימונג פון די דעפּאַרטאמענטען פון סטעיט, פינאַנצען און מלחמה, ערלויבט דעם „אמעריקען דזשאָינט דיסטריבושן קאָמיטע" איבערצואווייזען 5 מיליאָן דאָלאַר אויף אַ ספּעציעלער קאָנטע אין דער שווייץ, מיט דעם אויסשליסליכען צוועק, אַז סאַלי מאַיער זאָל האָבען עפּעס ממשותדיגעס אין דער האַנד, צו קענען האַלטען ווייטער די פערהאַנדלונגען און צו געווינען מעהר פון דער ווערטפולער צייט. קיין שום אויסצאָהלונגען זענען נישט געמאַכט געוואָרען פון דער דאָ־זיגער קאָנטע און דאָס געלד איז געוואָרען אומגעקעהרט צום „דזשאָינט" מיטן אָפּשלוס פון דער מלחמה".

[Final Summary, Report Of The Executive Director, War
Refugee Board, Washington, September 15, 1949]

ובכן, דאַרף עס הייסען אַז די אינסצעניזירטע שפּיעל מיט די „פינף מיליאָן דאָלאַר" איז געווען אַן אַבסאָלוטער ערפאָלג און דער מענש, וועלכער האָט אויסגעפיהרט די הויפּט־ראָל אין דער „דיפּלאָמאַטישער אינסצעניזאַציע" איז ווערט דעם גרעסטען מעדאַל... און ווירקליך זענען שפּעטער געמאַכט געוואָרען פּרובען איינצוהילען דעם דאָזיגען בלוטיג־טראַגישען ענין אין אַ שלייער פון „לעגענדאַרישקייט" און פאָרצושטעלען דעם מר. סאַלי מאַיער ווי עפּעס גאָר

אַ מיסטעריעזען העלד. אָט איז אַ מוסטער פון אַזאַ שרייעריש־סענסאַציאָנעלער שילדערונג, אונטער דער איבערשריפט: **„סאַלי מאַיער — ער האָט געראַטעוועט הונדערטער טויזענדער אידען פון די נאַצים"**, וואָס איז דערשינען אין איינער פון די ניו־יאָרקער אידישע צייטונגען:

„אָט דער מענש איז זעהר ווייניג בעקאַנט אין דער אידישער עפענטליכקייט, מען רעדט און מען שרייבט וועגען איהם כמעט ווי גאָרנישט. זיין נאָמען וועט אָבער אריין אין דער געשיכטע צווישען די גרעסטע אידישע העלדען. א דאַנק זיין געוואַגטקייט, דרייסטקייט און קלוגען אידישען קאָפּ, זענען עטליכע הונדערט טויזענד אידען געוואָרען אָפּגעראַטעוועט פון א זיכערן טויט, אויסגעמיטען פערפּייניגט צו ווערען פון די באַרבאַרישע היטלעריסטען — דאָס איז דער לעגענדאַרישער סאַלי מאַיער פון דער שווייץ"...

און דאָ קומט די גענויע שילדערונג **„ווי אַזוי ער האָט אָפּגענאַרט די היטלעריסטען מיט אַ טשעק פאַר פינף מיליאָן דאָלאַר"**:

„איינע פון סאַלי מאַיער'ס וויכטיגע טעטיגקייטען האָט זיך אָבער אָנגעהויבען דאַן, ווען געוויסע היטלעריסטען האָבען זיך גענומען לאָזען אונטערקויפען פאַר גרויסע סומעס געלד און פערשידענע סחורות, כדי אַרויסצוגעבען די פערהאַפטעטע אידען, וואָס זענען בעשטימט געוואָרען צו ווערען אומגעבראַכט. און דער דאָזיגער שווייצער איד איז דאָס טאַקע געווען דער יעניגער, וואָס האָט דורך פערשידענע קונציגע שפּיצלעך אָפּגענאַרט די געסטאַפּאָ־לייט און אַזוי־אַרום געהאָלפען אָפּצוראַטעווען העכער צוויי הונדערט טויזענד אידען פון אַ זיכערער פערניכטונג — איז סאַלי מאַיער אין יענע טעג צוגעטרעטען דורכצופיהרען זיין ריזיקאַלישע, געוואַגטע אויפגאַבע. ער איז אַוועק זיך בעגעגנען מיט די געסטאַפּאָ־לייט, כדי פון זייערע הענד אַרויסצורייסען אידישע לעבענס. די בעגעגניש פון דעם שווייצער איד מיט די היטלעריסטישע רוצחים איז בעשטימט געווען אויף א בריק פון טייך, וואָס גרעניצט שווייצאַריע מיט עסטרייך. א דאַנק זיינע פעהיגקייטען און קלוגען צוגאַנג צו דער זאַך, איז גלייך פאַר איהם קלאָר געוואָרען, אז יעדער צוזאָג צו די היטלעריסטען גיט א ברייטע מעגליכקייט אָפּצוהאַלטען די דעפּאָרטאַציע פון אידען. האָט סאַלי מאַיער טאַקע געזוכט וועגען, ווי אזוי לענגער צו פערציהען די פערהאַנדלונגען. אין משך פון וואָכען און חדשים

האָבען די היטלעריסטען געוואָרט און געוואָרט אויף מאיער׳ס צוזאָגען, און צום סוף זענען זיי געבליבען ביים וואַרטען...

און אָט איז דער הויך־פּונקט פון דער סענסאַציע:

„שפּעטער האָבען די היטלעריסטען זיך ווייזט־אויס געכאַפּט, אַז מען וויל זיי אָפּנאַרען, און זיי האָבען אָנגעהויבען פאָדערן די צוגע־זאָגטע געלדער; עס האָבען זיי געלאָקט די אַמעריקאַנער דאָלאַרען. מיט אַמאָל האָבען די היטלעריסטען אָנגעהויבען פאָדערן פון סאַלי מאיער געהעריגע בעווייזען, אַז ער איז אימשטאַנד צו דעקען דעם בעטרעף פאַר די אָפּגעראַטעוועטע אידען׳ס קעפּ, אַזוי ווי ער האָט דאָס זיי צוגעזאָגט. סאַלי מאיער האָט זיך אָבער נישט פערלוירען, ער האָט געגעבען די היטלעריסטען די געפאָדערטע „פערפליכטונג" און דאָ ערשט אויף אַן אמת זיי ווי געהעריג אָפּגענאַרט... דער דזשאָינט" האָט איבערגעשיקט אַ באַנק־טשעק פון אַ סומע, וואָס בעטרעפט פינף מיליאָן דאָלאַר, אויפן נאָמען פון מר. סאַלי מאיער... די היטלעריסטען האָט זיך גלייך גע־נומען מישען אין די קעפּ... סאַלי מאיער האָט אַזוי לאַנג פערדרעהט די קעפּ די היטלעריסטען און מיט זיי געצויגען די אומענדליכע „אונטער־האַנדלונגען" און אויסצאָהלונגען ביז די מלחמה האָט זיך פערענדיגט..."

[לויט דעם אַרטיקעל אין „פאָרווערטס" פון 31 אויגוסט, 1950].

דוכט זיך, אַז דאָס אַלץ קלינגט אַזוי פּיקאַנט און וואונדערליך: „אָפּגענאַרט די היטלעריסטען"; „פערמישט זיי די קעפּ מיט אַ בלאָפערישען טשעק"; „אויס־געגאַרט זיי מיט די אומענדליכע פערהאַנדלונגען, ביז די מלחמה האָט זיך דערווייל פערענדיגט". —

דער היסטאָרישער אמת פערפליכטעט אָבער אַרונטערצורייסען די דאָזיגע פאַלשע, פּוסט־בעריהמערישע לעגענדע און אויפצודעקען דעם גרויליגען פאַקט, אַז פאַר דער דאָזיגער „דיפּלאָמאַטישער אָפּשלעפּונגס־שפּיעל" האָבען דווקא אידען געהאַט צו בעצאָהלען אַ העכסט־טייערען פּרייז, — מיטן לעבען פון צעהנדליגער און אפשר הונדערטער טויזענדער פון צווישען די לעצט־דערהאַלטענע אידען אין דער נאַצישער אייראָפּע! דער דאָזיגער פאַקט איז אַ טאָפּעלט־טראַגישער, ווייל די דאָזיגע אידישע רעשטלעך האָבען דווקא יאָ געקענט ווערען געראַטעוועט נאָר צוליב דער אידישער מוטלאָזיגקייט און קורצזיכטיגקייט זענען זיי געפאַלען אויף דער שוועל פון דער פולשטענדיגער נאַצישער מפלה!

דאָס איז געווען אַן אומגליקליכע און אומפערגלייכליך־לייכטזיניגע שפּיעל „אויף צו געווינען צייט" — ווייל די סאַמע וועזענטליכסטע

פראַגע איז דאָך טאַקע געווען: ווער האָט פון דער ספּעציעל־פּערשלעפּטער צייט געהאַט צו געווינען?

און דערפאַר פערדינט די גאַנצע הינטער־קוליסען געשיכטע פון סאַלי מאַיער׳ס „פערהאַנדלונגען״ צו ווערען גענוי אַנאַליזירט, אין ליכט פון די ערשט־האַנטיגע אָפיציעלע דאָקומענטען.

געוויס וואָלט דאָ געווען העכסט־בעלעהרענדיג דאָס עדות־זאָגען פון ד״ר קאַסטנער, וועלכער איז דאָך געווען דער הויפּט־פערמיטלער צווישען סאַלי מאַיער׳ן און די נאַצים. צוליב דעם אָבער, וואָס קאַסטנער׳ס בעריכטס־בוך, ווי זיין טעטיגקייט בכלל, איז אין בעהאַנדלונג פון ירושלים׳ער געריכט, וועלען מיר דאָ אויסמיידען צו רעדען וועגען קאַסטנער׳ס ראָל.

קודם־כל איז דאָ נויטיג אַרויסצוהויבען די כאַראַקטעריסטישע שטעלע אין אָפיציעלען ראַפּאָרט פון „וואָר רעפיודזשי באָרד״, וואָס זוכט צו בעלויכטען דעם פּאָליטישען הינטערגרונד פון די נאַצישע אָנבאָטען „צו בעפרייען אידען״:

„מיט דעם פערראַט אין די נאַצישע רייהען, וואָס איז געוואָרען אַנטפּלעקט דורך דעם אַטענטאַט אויף היטלער׳ס לעבען, און מיט די וואַקסענדע נצחונות פון די אַליאירטע אַרמייען אין פריהלינג און זומער פון 1944, האָט די געסטאַפּאָ אַרויסגעוויזען סימנים פון איבערוואַרפען זייער אינטערעס אין דער ביאָלאָגישער פערניכטונג פון אידען אויף דעם ריין־מיליטערישען נוצען אין אַרבעטס־כוחות, סחורות און געלד, וואָס מען קען אַרויסבעקומען פון אידען. מאַנכע דייטשע פיהרער, איבער־געשראָקען פון דער רעאַקציע אין דער וועלט צו די פערפאָלגונגען פון אידען אין אונגאַרן, און אין אָנבליק פון דער ראַשיגער פערערגערונג פון דער דייטשער מיליטערישער לאַגע, האָבען געהאָפט צו געווינען אַ געוויסען סאָרט פון פערזענליכער שוץ דורך בעסער בעהאַנדלען די אידישע ערוביניקעס, וועלכע זענען געווען אונטער זייער קאָנטראָל״.

אַזוי לויטעט די אָפיציעל־אַמעריקאַנישע קוועלע. זאָל מען וועלען קלאָרער אָפּטייטשען דעם דאָזיגען פּסיכאָלאָגיש־פּאָליטישען צושטאַנד, וואָלטען זיך ממילא בעקומען די פאָלגענדע אַרגומענטען לויט דער רייע:

ע ר ש ט ע נ ס: עס איז געווען קענטיג אַ געוויסע **צוריסענקייט און דעמאָראַליזאַציע אין די נאַצישע רייהען** אין אָנבליק פון זייער אָנרוקענדער מיליטערישער מפּלה;

צ ו ו י י ט ע נ ס: די געסטאַפּאָ, אַלס דער הויפּט־פאַקטאָר אין

„לעזען די אידען־פראַגע״, איז געווען גרייט איינצוטוישען דעם רייך־ביאָלאָגישען אויסראָטונגס־פּלאַן אַקעגען אידען פאַרן פּרייז פון מיליטעריש־מאַטעריעלען נוצען;

ד ר י ט ע נ ס : מאַנכע נאַצישע פיהרער האָבען זיך דערשראָקען פאַר דעם הילכיגען אָפּקלאַנג אין דער וועלט־עפענטליכקייט פון דעם אידען־מאָרד אין אונגאַרן און זיי האָבען גענומען בעצייטענס זוכען אַן „אַליבי״ פאַר זיך, דורך פערבעסערן זייער בעהאַנדלונג פון די לעבען־פערבליבענע אידען.

ווען מען אַנאַליזירט גענוי די אַלע בעריכטען און דאָקומענטען וועגען די פערשידענע „פערהאַנדלונגען״ און „אינטערווענצען״ ביי די נאַצישע פיהרער בנוגע דעם גורל פון די לעצטע רעשטלעך אידען אין די געביטען פון „דריטען רייך״, מוז מען קומען צום אָביעקטיוען אויספיהר, אַז מצד די נאַצישע פיהרער, וואָס אין זייערע הענד איז געלעגען דער אידישער גורל, זענען געווען קענטיג גאַנץ פערשידענאַרטיגע צוגאַנגען, מעהר־ווייניג פּאַראַלעלע צו די אויבען־פאָרמולירטע אַרגומענטען. נישט מעהר, וואָס ביי נישט ווייניג געסטאַפּאָ־פיהרער איז געקומען צום אויסדרוק נאָך אַ צוגאָב־אַרגומענט, וועלכען דער אָפּיציעל־אַמעריקאַנער ראַפּאָרט האָט גענצליך פערשוויגען, און דאָס איז געווען — די געלד־גייציגקייט, די לוסט אַריינצוכאַפּען כּאַבאַר דורך פערקויפען די אידען.

און נאָך עפּעס — אין דעם אַמעריקאַנער ראַפּאָרט ווערט גערעדט סתם וועגען דער „געסטאַפּאָ״, ווי וועגען אַ גאַנצקייט. פאַקטיש איז וויכטיג אויפצוקלערן, אַז דאָס לעבען און טויט פון די אידען אין דער בעהערשטער אייראָפּע איז געווען אָפּהענגיג פון דריי נאַצישע מאַכט־פאַקטאָרען; גענויער געזאָגט: דייטש־מלוכה׳שע אינסטאַנצען:

(א) די אַלערהעכסטע אינסטאַנץ איז פערשטענדליך געווען — היטלער; ער, דער געקרוינטער „פיהרער״ פון דריטען רייך האָט אָפען און אָפּיציעל אָנגעקינדיגט די אויסראָטונגס־מלחמה קעגען דעם אייראָפּעאישען אידענטום און ער האָט עס אַרויסגעגעבען דעם „פיהרער־בעפעהל״ אויסצומאָרדען די אידען אין אַלע אָקופּירטע געביטען.

(ב) דער הויפּט־אָרגאַניזאַטאָר פון דורכפיהרען די אידען־אויסראָטונג איז געווען — הימלער; ער אַלס דער „רייכס־פיהרער פון די ס״ס״ און הויפּט פון דער „געסטאַפּאָ״, ער דער שפּעטערדיגער אינערן־מיניסטער פון דריטען רייך און קאָמיסאַר צו „פערדייטשען״ די אָקופּירטע טעריטאָריעס, ער האָט געהאַט אַלס איינע פון זיינע צענטראַלע פונקציעס און אויפגאַבען די „אידען־ריינינגונג״ פון דעם גאַנצען נאַציש־בעצוואונגענעם אייראָפּעאישען קאָנטינענט.

**(ג) די צענטראַלע קערפּערשאַפט פאַר דער סיסטעמאַטישער און פּלאַנמעסיקער דורכפיהרונג פון די אידען־פערניכטונג איז געווען — די געסטאַפּאָ;** דאָס מיינט צו זאָגען: די „יודען־אָפּטיילונג" פון דער געסטאַפּאָ־צענטראַלע, וואָס אין דער שפּיץ פון איהר איז געשטאַנען אייכמאַן מיט זיינע פיעל געהילפען, דערונטער אויך דער ערשטער פערמיטלער פון די „אידען־פערהאַנדלונגען", וויסליצעני; די אויפגאַבע פון דער „יודען־אָפּטיילונג" איז געווען צו אָרגאַניזירען די דעפּאָרטאַציעס פון גאַנץ איירּאָפּע און איבערשיקען די דעפּאָרטירטע אידען דירעקט אין די טויטען־לאַגערן.

די שטעלונג פון די דאָזיגע פאַקטאָרען דורכ'ן לאַנגען פעריאָד פון די פערשידענע „אידען־אַנבאָטען" לאָזט זיך רעזומירען אַזוי:

1) **היטלער,** דער וואַהנזיניג־פערברעכערישער אַנטיסעמיטישער מאַניאַק, האָט אַלס דער הויפּט פון נאַצי־רעזשים זיך פּאַקטיש געהאַלטען ביי דער אַנטי־אידישער אויסראָטונגס־ טעאָריע ביז צום סוף; און בלויז פאַר אַ הויכען, סטראַ־טעגיש־ווערטפולען עקוויוואַלענט וואָלט מען איהם וואַרשיינליך געקענט געווינען אַרויסצולאָזען אַ ביסעל לעבעדיגע אידען פון זיינע בלוט־דורשטיגע לאַפּעס.

2) **הימלער,** דער קאַלטבלוטיג־ראַפינירטער מאַסען־מערדער און אָנפיהרער פון ביידע רוצחיש־טעראָריסטישע נאַצישע אָרגאַניזאַציעס, די ס"ס און געסטאַפּאָ, איז צוזאַמען מיט זיין פּאָליטישען הויפּט־ראַטגעבער, גענעראַל שעלענבערג, געווען גרייט צו פערקוקען פון היטלער'ס פּרינציפּ „אָפּצורייניגען איירּאָפּע ביז צום לעצטען איד"; און דערביי איז הימלער געווען אינטערעסירט אין פער־שידענאַרטיגע „קאָמפּענסאַטעס" — צום ערשט האָט ער געזוכט גרויסע ליפערונגען פון מיליטעריש־וויכטיגע אַרטיקלען, שפּעטער איז ער איינגעגאַנגען אויף אַ גרעסערער סומע „אויסקויף־געלד", און שליסליך האָט ער איינגעשטימט אויף נישט־מיליטערישע הילפס־צושטעלונגען קיין דייטשלאַנד; אונטער אַלע אומשטענ־דען איז ער אָבער הויפּטזעכטליך געווען אינטערעסירט אין דעם אויסערליכען פּאָליטיש־פּראָפּאַגאַנדיסטישען עפעקט פון „בעפרייען אידען", ווי דאָס איז געוואָרען אַבסאָלוט קלאָר אין סאַמע לעצטען פעריאָד, ערב דער נאַצישער קאַפּיטולאַציע, ווען הימלער האָט זיך געבעטען ביי גראַף בערנאַדאָט צונויפצופיהרען איהם מיט גענעראַל אייזענהאַוער.

3) **די געסטאַפּאָ,** אָדער גענויער געזאָגט: אייכמאַן מיט זיינע נאָהנטסטע געהילפען אין הויפּט־שטאַב פאַר דער אידען־פערניכטונג, האָבען מאַנכע פון זיי אפשר אויך געטראַכט וועגען צוגרייטען אַן „אַליבי" פאַר זיך אויף נאָך דער זאונפערמיידליכער נאַצישער מפּלה, נאָר דער עיקר איז זיי געגאַנגען אין אַראָפּ־שלינגען אַ פעטען „כאַבאַר" פון אידען, וואָס זאָל בלייבען צו זייער דיספּאָזיציע אויף דער פינסטערער שעה נאָך דער מפּלה...

און איצטער איז נויטיג נאָכצופאָלגען די ענטוויקלונג פון די געשעהענישען אויפן געביט פון דער אידען־פערניכטונג: אין סאַמע לעצטען צייט־אָפּשניט פון דער נאַצישער הערשאַפט, **כדי פעסטצושטעלען אויף וויפיעל עס האָט עמיצער פון די אַלע אויסגערעכענטע טייוואָליש־ראַפינירטע פערברעכער זיך געלאָזט כאַפּען אויף דער פּאַסטקע** פון סאַלי מאַיער׳ס „אָפּשלעפּערישער דיפּלאָמאַטיע" און דעם שפּיעל מיט „פאַלש־אויסגעשטעלטען טשעק".

דאָס מאָל מוז מען אָנהויבען פון הימלער׳ן, ווייל ער איז סיי פאָרמעל און סיי פּראַקטיש פאָרט געווען דער הויפּט־דעה־זאָגער אין גורל פון די אידישע אינטערנירטע אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן (קיין פרייע אידען זענען אין אייראָפּע מעהר נישט געווען, אויסער די קעמפּענדע אידישע פאַרטיזאַנער אין די וועלדער!).

אַלזאָ, וואָס שייך הימלער׳ן איז ריכטיג, אַז ער האָט געפיהרט די סאַמע אַקטיווסטע ראָל אין די אַלערליי „פערהאַנדלונגען" וועגען „אויסקויפען די אידען". עס איז אויך ריכטיג, אַז ער איז געווען דער איינציגער נאַצי־פיהרער, וואָס האָט זיך ערלויבט אַזאַ אָפיציעלען ריקצוג אין דער אידען־פראַגע, ווי דאָס אַרויסגעבען דעם בעפעהל זיינעם פון ענדע נאָוועמבער 1944 אָפּצושטעלען גענצליך די אידען־פערגאַזונג אין אוישוויץ און גלייכצייטיג צו פערבעסערן די אויפהאַלטונגס־בעדינגונגען פון די אידען אין די נאַצישע קאָנצענטראַציע־לאַגערן. אויף זיין בעפעהל זענען דערנאָך בעפרייט געוואָרען איינִיגע אידען־טראַנספּאָרטען פון בערגען־בעלזען און טערעזיענשטאַדט און די בעפרייטע אידען זענען צוגעשטעלט געוואָרען צו דער שווייצאַרישער גרענעץ. ער, הימלער, איז אויך געווען פעראַנטוואָרטליך פאַר די בעפעהלען צו זיינע אונטערגעאָרדענטע ס"ס־קאָמאַנדירען אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן בוכענוואַלד, בערגען־בעלזען און אַנדערע, נישט אויסצומאָרדען און נישט צו דעפּאָרטירען די לעצטע לעבענס־פערבליבענע אידישע אינטערנירטע — נאָר זיי אויסצוליפערן לעבעדיגערהייט צו די אַריינמאַרשירענדע אַליאירטע אַרמייען.

אָבער הימלער׳ס דאָזיגע דרייסטע און עכט־רעוואָלוציאָנערע שריט זענען לאו־דווקא געוואָרען בעאיינפלוסט דורך די לאַנג־פערצויגענע, אָפּשלעפּערישע געשפּרעכען פון סאַלי מאַיער מיט קורט בעכער. גיכער איז ער געוואָרען בעווירקט פון זיין פריינד מוסי׳ס פערזענליכע אינטערווענצען ביי איהם, ווי דאָס וועט נאָך ווייטער ווערען בעוויזען. און דער עיקר איז דאָך אַז בעת די שלוס־פערהאַנדלונגען פון הימלער׳ן מיטן גראַף בערנאַדאָט, איז דאָך אַרויס די אָל פון זאַק, אַז הימלער האָט געזוכט אויסצונוצען די דאָזיגע „הומאַניטאַרע אינטערווענצען" ביי איהם אויף אָנצובאָטען „די דייטשע פּאָליטישע און מיליטערישע קאַפּיטולאַציע בלויז אויפן מערב־פראָנט"...

הימלער פערזענליך האָט טאַקע צוליב זיינע וויטזיכטיגע „פּאָליטישע ציעלען" געענדערט זיין מערדערישען קורס לגבי אידען. דערפאַר אָבער האָבען די אַנדערע צוויי נאַצישע מאַכט־פאַקטאָרען: היטלער — דער אויבער־בעפעהלסגעבער, און אייכמאַן מיט זיינע געהילפען — די אויספיהר־אָרגאַנען, וויטער פאָרטגעזעצט די אַנטי־אידישע אויסראָטונגס־ליניע מיט דער גאַנצער פערביסענקייט און פערברעכערישער קאָנסעקווענטקייט.

די דאָזיגע ביידע פאַקטאָרען זענען פון די גאָרנישט־געבענדע און פּאָליטיש־וויטזיכטיגע „אידען־פערהאַנדלונגען" לחלוטין נישט געוואָרען בעאיינדרוקט — פערקעהרט גאָר, זיי זענען געוואָרען דערפון בייז־ענטוישט און נאָכמעהר נקמה־דורשטיג.

וועגען היטלער'ן, דעם אבי אבות הטומאה, זאָגען עדות דאָקומענטען, אַז ער האָט זיך אַקעגענגעשטעלט ביז דער לעצטער מינוט הימלער'ן און נישט דערלאָזט צו יענעמ'ס „אָפּנויגען" פון דעם קאָמפּראָמיסלאָזען אידען־מאָרד: ער האָט מיט זיין „פיהרער־בעפעהל" אָפּגעשטעלט דאָס אַרויסשיקען וויטערדיגע אידען־טראַנספּאָרטען צו דער שווייצאַרישער גרעניץ, און ער האָט מיט דער הילף פון הימלער'ס פערזענליכען קאָנקורענט אין דער געסטאַפּאָ־פיהרערשאַפט, קאַל־טענברונער, אַרויסגעלאָזען קעגען־בעפעהלען אָפּצורופען הימלער'ס רעקאָמענ־דאַציעס צו די קאָמענדאַנטען פון די קאָנצענטראַציע־לאַגערן, און בפירוש בע־פוילען יאָ צו פערניכטען און געגנצליך „אָפּצורייניגען" די אידישע אינטערנירטע אין די לאַגערן.

און דאָך טאָר מען פאָרט נישט פערשווייגען געוויסע בעווייזען און אָנ־צוהערענישען, אַז אפילו היטלער'ן גופא איז אפשר אויך געווען מעגליך „איבערצוקויפען".

נישט קיין אַנדערער ווי גראַף בערנאַדאָט, וועלכער האָט צו יענער צייט איינִיגע מאָל בעזוכט בערלין און פערהאַנדעלט מיט די הויכע נאַצי־פיהרער, דערצעהלט אין זיין טאָג־בוך דעם פאָלגענדען פאַקט:

„קורץ פאַר מיין אָנקומען קיין דייטשלאַנד האָט דער שווייצאַרישער בונדעס־ראַט, מוסי, געשלאָסען אַן אָפּמאַך מיט הימלער'ן, לויט וועלכען די אידען פון טערעזיענשטאַדט האָבען געדאַרפט ווערען אַרויסגעפיהרט קיין שווייץ און פון דאָרטען קיין אַמעריקע. וועגען דעם דאָזיגען ענין האָט באַלד געמאָלדען די אויסלענדישע פּרעסע. איינער פון היטלער'ס פּרעסע־רעפערענטען האָט דערוועגען דערצעהלט היטלער'ן און באַלד דערויף איז הימלער געוואָרען צו איהם אַרויסגערופען. היטלער האָט זיך געפרעגט, וואָס די דייטשען וועלען דערפאַר בעקומען. הימלער האָט געמוזט צוגעבען, אַז די דייטשען וועלען דערפאַר נישט בעקומען קיין

שום ענטשעדיגונג. אין דאָזיגען מאָמענט איז היטלער אַריין אין אַ וואַהנזיניגען אַטאַק און שטרענג פערבאָטען יעדען ווייטערדיגען טראַנס־פּאָרט פון אידען. הימלער האָט זיך געמוזט אונטערגעבען און די צו־געגרייטע טראַנספּאָרטען זענען נישט געוואָרען ארויסגעשיקט".

[Folke Bernadotte: "Koniec Trzeciej Rzeszy", Warszawa, 1946]

די דאָזיגע פעסטשטעלונג, אַז היטלער האָט געפּאָדערט פון הימלער'ן „צו בעקומען ענטשעדיגונג" פאַר אַרויסלאָזען אידען מיינט דאָך אָנצודייטען, אַז פאַר „אַ געהעריגען פּרייז" איז היטלער אַליין אויך געווען גרייט איינצוגעהן אויף דעם „האַנדעל מיט לעבעדיגע אידען". און דאָ מוז מען צוגעבען, אַז אַזאַ שטייגער בעהויפּטונג דעקט זיך פולשטענדיג מיט אַ געהיימען נאַצישען דאָקומענט, וואָס איז געוואָרען פאַרגעשטעלט פאַרן נירענבערגער פּראָצעס „נומער 11", און טראָגט דעם לויף־נומער NG־2994 דאָס איז אַ „שטרענג־פערטרויליכער" פער־זענליכער מעמאָריאַל צום דייטשען אויסערן־מיניסטער ריבענטראָפּ, געשיקט פון סעקרעטאַר, וואַגנער, מיט דער דאַטע פון 11־טען נאָוועמבער 1944, און דאָרט איז געשריבען פאָלגענדעס:

„ביי דער געלעגענהייט פון דער מאַנפרעד־וויים פראַגע, וועלכע דער רייכס־פיהרער פון ס"ס (געמיינט, הימלער) האָט דיסקוטירט מיטן פיהרער (געמיינט, היטלער), זענען גענומען געוואָרען אין בעטראַכט נישט־קאָנקרעטיזירטע פּלענער אויסצוניצען די אידען פאַר דעם מילי־טערישען פּאָטענציאַל פון דייטשלאַנד, אַנדערש ווי בלויז דורך ברענגען זיי אין דער ארבעטס־איינטיילונג. איך האָב צו יענער צייט אָפּגעגעבען אַ קורצען מינדליכען ראַפּאָרט צום רייכס־אויסערן־מיניסטער, אין שייכות צו דער מאַנפרעד־וויים־פראַגע".

[Military Tribunal, Case No. 11, Doc. Book No. 62 A]

כדי צו וויסען וואָס אייגענטליך האָט דער „פיהרער" בעשלאָסען און אויף וואָס'ארע נייע פאָרם פון „אויסנוצען די אידען" האָט זיך געהאַנדעלט איז נויטיג אויפצוקלערן די דאָזיגע געהיימניספולע **„מאַנפרעד־וויים געשיכטע"**. אָט ווי די דאָזיגע געשיכטע ווערט אַרויסגעבראַכט אין דעם סומאַרישען בוך וועגען די נאַצישע פערברעכענס:

„דאָס פאַנגט זיך אָן מיט דעם אריינמארש פון די דייטשע טרופּען אין אונגאַרן, דעם 19־טען מערץ 1944, ווען פערענץ כאָרין און באַראָן מאָריץ קאָרנפעלד, שותפים אין דער גרויסער מאַנפרעד־וויים שטאָל־פירמע, זענען געוואָרען געכאַפּט ווי זיי האָבען זיך בעהאַלטען אין אַ קלויסטער. זיי זענען געוואָרען גענומען אלס ערוב'ניקעס קיין וויען,

און דאָרט איז זיי געוואָרען דערמעגליכט אונטערצוהאַנדלען וועגען דער עמיגראַציע פון 45 מיטגלידער פון די דירעקטאָרען־פאַמיליעס. אַלס קאָמפענסאַטע דערפאַר האָט דער עקאָנאָמישער אַמט פון די ס״ס, דער אַזוי־גערופענער „ווירטשאַפטס־ און פערוואַלטונגס־הויפט־אַמט", בעקו־מען איבערן קאָפּ פון דער אונגאַרישער רעגירונג אַן אָפּמאַך צו אַרענ־דירען אויף 25 יאָהר די פאַבריקען פון דער מאַנפרעד־ווייס־פירמע. דער דאָזיגער אָפּמאַך זאָל האָבען געווען אינספּירירט דורך הערבערט גערינג, א ברודער פון רייכס־מאַרשאַל״.

["The Final Solution" P. 434]

בקיצור, — די „מאַנפרעד־ווייס געשיכטע״ האָט געדאַרפט בעדייטען צו פערקויפען אידען פאַר „אַ גוטען פרייז״ — און דערויף, ווייזט־אויס, האָט דער „פיהרער״ אַליין, געהאַט געגעבען זיין הסכמה!

אויפן דאָזיגען פּלאַץ וועט דעריבער זיין העכסט בעלעהרענדיג צו דערמאָנען די כאַראַקטעריסטישע ערקלערונג, וואָס הרב ווייסמאַנדעל האָט געהאַט איבערגע־געבען אין נאָמען פון ערשטען נאַצישען פערמיטלער, וויסליצעני, נאָך אין סאַמע ערשטען פעריאָד פון די „כאַבאַר־פערהאַנדלונגען״ אין בראַטיסלאַוואַ:

„מיטן צוועק צו געווינען היטלער׳ן פאַרן דאָזיגען פּלאַן פון אויס־קויפען די אונגאַרישע אידען — אַזוי האָט וויסליצעני ערקלערט אין נאָמען פון הימלער׳ן — איז נויטיג, כאָטש בלויז אַלס סימבאָל, צו ליפערן סחורות — דערביי וואָלט געווען וויכטיג, אַז די דאָזיגע סחורות, ווי צוגלייך דאָס אויסקויף־געלד, זאָל קומען פון די אמעריקאַנער אידען, דערפאַר, וואָס היטלער וויל אַזוי־אַרום בעשטראָפען די אַמעריקאַנער אידען, וועלכע האָבען אַרויסגערופען די מלחמה קעגען דייטשלאַנד"...

[לויט זיין ראַפּאָרט אין אַרכיוו פון „אידישען וועלט־קאָנגרעס״].

זאָל־זשע דאָס אַלץ אָנדייטען, אַז אויך היטלער׳ן פערזענליך, דעם שטן אַליין, איז געווען מעגליך איבערצוקויפען, נאָר די פראַגע איז דאָ געווען וועגען דעם „ממשות׳דיגען פרייז״ אָדער גאָר די „בעשטראָפבאַרקייט פון די אַמעריקאַנער אידען״?

נאָך בולט׳ער קומט אַרויס די צוועקלאָזיגקייט און פערפיהרערישקייט פון סאַלי מאַיער׳ס „דיפּלאָמאַטישע שפּיעל״, ווען מען פאָלגט נאָך די אידען־מערדערישע טעטיגקייט פון אייכמאַנ׳ען, טאַקע אין זעלבען פעריאָד, בעת די אונטערהאַנדלונגען האָבען זיך פערשלעפּט.

אייכמאַן פערזענליך האָט זיך געמוזט פיהלען בעזונדערס ביטער ענטוישט צוליב די „נישט־דערגאַנגענע פערהאַנדלונגען״, און ער האָט אַלץ געטהון וואָס

עס איז געווען אין זיין מאַכט צו מאָרדען און אויסצוראָטען די לעצט־אָפּגעשוינטע אידען. אָט זענען אַ בינטעל פאַקטען וועגען אייכמאַנ׳ס גענוג־ערפאָלגרייכע „אידען־אַקציעס", טאַקע אין די צייטען, ווען עס איז אָנגעגאַנגען די „שפּיעל" צווישען סאַלי מאַיער און קורט בעכער.

**(1) די לעצטע אידען־אַקציע אין סעפּטעמבער 1944 אין סלאָ־וואַקיי, נאָכן דורכפאַל פון דעם סלאָוואַקישען אויפשטאַנד:**

ד"ר קאַסטנער דערצעהלט אין זיין בעריכטס־בוך, אַז ווען עס איז ענדע אויגוסט 1944 געקומען דער אַנטי־נאַצישער רעוואָלט אין צפון־סלאָוואַקיי האָט אייכמאַן דאָס גלייך גענומען אויסנוצען צו אַ העצע, אַז „די אידען זענען די אָנפיהרער פון דאָזיגען אויפשטאַנד". דורך דעם האָט ער בעקומען די מעגליכקייט צו ליקווידירען די רעשט אידען, וואָס זענען אין אַ צאָהל פון 17 טויזענד, געבליבען אָפּגעשוינט דורך גאַנצע דריט־האַלבען יאָהר און זענען נישט געוואָרען דעפּאָרטירט קיין פוילען אין די טויטען־לאַגערן אַריין. וויסליצעני האָט אין זיין עדות־ראַפּאָרט פאַרן נירענבערגער טריבונאַל דעם 3־טען יאַנואַר 1946 צוגעגעבען, אַז אייכמאַן האָט איהם נישט געוואָלט מעהר שיקען קיין סלאָוואַקיי, אָנשטאט איהם האָט ער אַהינגעשיקט דעם הויפּט־שטורם־פיהרער ברונער, וועל־כער האָט אויסגעפיהרט אייכמאַנ׳ס בעפעהלען צו טראַנספּאָרטירען די לעצטע סלאָוואַקישע אידען דירעקט קיין אוישוויץ. קאַסטנער פערצייכענט אין זיין בעריכט: „דער רעטונגס־קאָמיטעט אין בראַטיסלאַוואַ פּרובט אָנצוקניפּען אַ קאָנ־טאַקט מיט די דייטשען, אויסצוקויפען דעם גירוש פאַר גאָלד און סחורות; בעכער אין בודאַפּעסט פערלאַנגט אַ „יאָ־ענטפער" פון סאַלי מאַיער׳ן; פון בראַטיסלאַוואַ אַלאַרמירט מען כסדר און קיין ענטפער איז אַלץ נישטאָ — מיט די גירוש־צוגען קיין אוישוויץ ווערט אויך פערשיקט הרב ווייסמאַנדעל, איהם געלינגט אַרויסצושפּרינגען פון צוג און צוריקצוקומען קיין בראַטיסלאַוואַ, וואו ער בעהאַלט זיך אין אַ בונקער. — די נאַציס זענען זיך אויך נוקם אין דער העלדישער פרוי גיזי פליישמאַן, זי ווערט פערשיקט קיין אוישוויץ, און עס איז מעהר נישט צו געפינען קיין שפּור נאָך איהר".

**(2) דער „פוס־מאַרש" פון די בודאַפּעסטער אידען אין נאָוועמבער 1944, אויפצושטעלען דעם נאַצישען „שוין־וואַל" ביי דער עסטרייכישער גרענעץ:**

וועגען דעם דאָזיגען רוצחיש־אכזריות׳דיגען „פוס־מאַרש" פון 38 טויזענד אידען, אַלטע און יונגע, דערונטער ביי 15 טויזענד פרויען, וואָס אַ גרויסער טייל

פון זיי איז געפאַלען טויט אויפן וועג פון די זעלנערישע קוילען אין די שוואַך־מאַרשירענדע און בלויז אַ קליינער טייל פון זיי איז געבליבען לעבען. — ווענען דער דאָזיגער מאָרד־אַקציע האָט דערצעהלט אַ נאַצישער גענעראַל אויפן נירענ־בערגער פראָצעס, אַז אייכמאַן איז געווען דער איינציג־פעראַנטוואָרטליכער דערפאַר. קאַסטנער האָט געוואוסט צו דערצעהלען, אַז דער זעלבער נאַצישער גענעראַל, יעטנער, האָט געפרובט צו אינטערווענירען ביי הימלער׳ן פערזענליך, אַז ער זאָל בעפעהלען אָפצושטעלען דעם „פוס־מאַרש״, נאָר הימלער אַליין איז צו יענער צייט געווען גענצליך ענטוישט פון די פערהאַנדלונגען מיט סאַלי מאַיער, און ער האָט זיך נישט אַריינגעמישט...

## (3) די עוואַקואַציע פון די אידישע אינטערנירטע אין בוכענוואַלד:

אין דאָזיגען פאַל איז שוין יאָ געווען אַ בפירוש׳ער בעפעהל פון הימלער׳ן צו לאָזען אויפן אָרט די אידישע אינטערנירטע, און זיי נישט צו טרייבען אין קיין „פוס־מאַרשען״ צום הינטערלאַנד. נאָר אייכמאַן האָט אַלץ געטהון דעם דאָזיגען בע־פעהל צו סאַבאָטירען, מיט דער הילף פון זיינעם אַ נאָהנטען מיטאַרבעטער אין צענטראַלען „יודען־אַמט״ פון דער געסטאַפּאָ, קאַפּיטאַן מאָעס. און ווירקליך איז אין די טעג פון 3־טען ביז דעם 10־טען אַפּריל 1945 פאָרגעקומען אַ כאַאָטישע עוואַקואַציע פון בוכענוואַלד און קאַרגע 30 טויזענד אינטערנירטע זענען גע־וואָרען געטריבען צום טויט. אַזוי למשל זענען 4500 אידישע אינטערנירטע פון דעם „קליינעם לאַגער״ אין בוכענוואַלד געוואָרען אָנגעלאָדענט אין אַ טראַנספּאָרט־צוג קיין דאַכאַו, און ווען דער דאָזיגער צוג איז נאָך עטליכע טעג פון בלאָנזשע־נישען איבער דער טשעכאָסלאָוואַקיי דערגאַנגען צו ערגעץ אַן אָפּשטעל־פונקט זענען דאָרט געווען 1500 טויטע.

## (4) דער טויטען־טראַנספּאָרט פון טערעזיענשטאַדט קיין אוישוויץ:

דער איינציגער גרעסערער זאַמעל־פונקט פאַר די לעבען־דערהאַלטענע אידען אין גאַנץ אייראָפּע האָט צו יענער צייט זיך געפונען אין טערעזיענשטאַדט. אין זיין נישט־געצוימטער נקמה־לוסט האָט אייכמאַן געזוכט צו ליקווידירען אויך די דאָרטיגע אידען. אין דער ערשטער העלפט פון נאָוועמבער 1944 (דאָס הייסט,אין מיטען גאַנג פון סאַלי מאַיער׳ס „דיפּלאָמאַטישער שפּיעל״) זענען אויף אייכמאַנ׳ס בעפעהל טראַנספּאָרטירט געוואָרען פון טערעזיענשטאַדט קיין אוישוויץ ביי 20 טויזענד אידען (לויט קאַסטנער׳ן זאָל דאָס געווען האָבען די לעצטע אידישע מאַסען־פערגאַזונג אין אוישוויץ, איידער עס איז אָנגעקומען הימלער׳ס בעפעהל אָפּצושטעלען די גאַז־קאַמערן!). און דערמיט האָט זיך אייכמאַן נאָך

אַלץ נישט געלאָזען בעגנוגנען. ענדע אַפּריל 1945 האָט טערעזיענשטאַדט גע־צעהלט ביי 21 טויזענד „שטענדיגע אידישע בעוואוינער“, מיט אַ צוגאָב פון לערך 13 טויזענד פריש־צוגעקומענע דעפּאָרטירטע און עוואַקואירטע אידען פון אַנדערע אויפגעלעזטע לאַגערן. אין פעברואַר 1945 האָט וויסליצעני בעריכטעט, אַז אייכמאַן פּלאַנירט די אויסראָטונג פון אַלע אידען אין טערעזיענשטאַדט און אין אַפּריל האָט נאָך אייכמאַן אַרויסגעגעבען דעם בעפעהל צו פערניכטען די גאַנצע עווידענץ פון טערעזיענשטאַדט, אַלס צוגרייטונג צו אַ מאַסען־ליקווידאַציע. דאָס איז איהם נישט געלונגען, בלויז אַ דאַנק ענערגישע אינטערווענצען פון דעם שליח פון אינטערנאַציאָנאַלען רויטען קרייץ און גאַנץ ספּעציעל פון מוסי׳ן צוזאַמען מיטן גענעראַל שעלענבערג׳ס געהילף, גערינג.

**דאָס איז אין קורצע שטריכען דער בלוטיגער בילאַנס פון די לעצטע אידען־מאָרדען אין דעם זינקענדיגען נאַצי־דייטשלאַנד. —** און עס איז שוין ממילא קלאָר, ווער אייגענטליך עס האָט געהאַט צו בעצאָהלען פאַר דער לייכטזיניג־פערברעכערישער „אָפּשלעפּערישער שפּיעל“ בעת די אויסקויף־פערהאַנדלונגען.

צום גליק איז די דאָזיגע נישט־פערגעבליכע טראַגיש־בלוטיגע שפּיעל כאָטש טיילווייז געוואָרען קאָמפּענסירט דורך אַ סעריע פון פערזענליכע אינטער־ווענצען ביי הימלער׳ן.

און דערוועגען לוינט זיך צו דערצעהלען אויספיהרליך.

.9

# דריי, וואָס האָבען אינטערווענירט ביי הימלער׳ן: מוסי, בערנאַדאָט און מאַזור

אין לעצטען פעריאָד פון דער מלחמה, בעת דער נאַציזם האָט זיך גע־ראַנגעלט אין זיינע גסיסה־קראַמפען, זענען דריי מענשען בעריהמט געוואָרען דורך זייערע געוואַגטע פערזענליכע אינטערווענצען ביי הימלער׳ן, כדי אַרויס־צוראַטעווען מענשליכע לעבענס פון דער נאַצישער בעסטיע אין די לעצטע שעה׳ן איהרע.

די דריי זענען געווען:

1. דער שווייצאַרישער בונדעס־ראַט, מוסי.

2. דער שוועדישער גראַף, בערנאַדאָט.

3. דער איד פון שטאָקהאָלם, ד״ר מאַזור.

אַלע דריי האָבן זיי געפּרובט פערהאַנדלען מיט הימלער׳ן וועגן ראַ־טעווען דאָס לעצטע ביסעל אויסגעפּייניגטע אידען אין די נאַצישע טויטען־לאַגערן, און יעדער פון די דריי האָט עפּעס־וואָס אויפגעטהון. דער כאַראַקטער פון די דריי אינטערווענצען איז אָבער געווען אַ גאַנץ פערשידענאַרטיגער, און דער אומפאַנג פון די אונטערגענומענע רעטונגס־אַקציעס איז געווען פון אַ גאַנץ פערשידענעם קאַליבער. בערנאַדאָט ווי צוגלייך מאַזור האָבן שפּעטער פּובליקירט אויספיהרליכע שילדערונגען פון זייערע מיסיעס, און אין ספּעציעלע ביכער פאַרגעשטעלט זייערע געשפּרעכען אַ״ן איינדרוקען. מוסי, דאַקעגען, האָט נישט געמאַכט קיין ליטעראַרישען געברויך פון זיין שליחות. אין זיין בעשיידענעם, זאַכליך־קורצען „ראַפּאָרט״, וואָס איז צומאָל נישט ערשינען אין דרוק, האָט ער גיכער פערשוויגען מאַנכע געשעהענישען און זיך בעגנוגענט מיט אַלגעמיין־סומאַרישע פאַקטען.

**דער וויכטיגסטער אונטערשיד צווישען די דריי פּערצייכענטע אינטערווענצען ליגט אויבען־אויף — אין די טערמינען, ווען זיי זענען צושטאַנד־געקומען:**

(1) מוסי האָט אונטערגענומען זיין ערשטע רייזע קיין בערלין נאָך אין אָקטאָבער 1944 און בעת זיינע פערהאַנדלונגען מיט הימלער׳ן איז נאָך געווען דער שמועס וועגן „600 טויזענד אידען״, וועלכע געפינען זיך אין דייטשען בעזיץ.

(2) בערנאַדאָט׳ס ערשטער בעזוך אין בערלין איז פאָרגעקומען דעם 16־טען פעברואַר 1945 אין זיין אָפיציעלער מיסיע צו בעפרייען די דענישע און נאָרוועגישע פּאָליטישע אַרעסטירטע, און זיין אַקציע לטובת די אידישע אינטערנירטע אין די לאַגערן איז געוואָרען פערצייכענט ערשט בעת זיינע שפּעטערדיגע בעזוכען אין בערלין, אין אַפּריל 1945.

(3) ד״ר מאַזור, אַלס אָפיציעלער שליח פון דער שוועדישער אָפּטיילונג פון אידישען וועלט־קאָנגרעס איז געוואָרען אויפגענומען דורך הימלער׳ן דעם 21־טען אַפּריל 1945, ווען נאַצי־דייטשלאַנד איז שוין געווען אין אַ צושטאַנד

פון פולשטענדיגען פונאַנדערפאַל, און זיין אינטערווענץ איז פראַקטיש געקומען, געווען בעגרעניצט אויף אָפּצוראַטעווען איניגע טויזענד אינטערנירטע אידישע פרויען אין לאַגער פון ראַווענסבריק.

עס איז אָבער נאָך געווען אַ מעהר ענטשיידענדער, וועזענטליכער אונטער־שיד צווישען זיי:

בערנאַדאָט און מאַזור האָבען געזוכט בו בעאיינפלוסען דעם פערברעכעריש־ראַפינירטען געסטאַפּאָ־פיהרער „אין נאָמען פון הומאַניזם", דאַקעגען מוסי איז געקומען צו איהם מיט גאַנץ קאָנקרעטע „אויסקויף־פּראָפּאָזיציעס" און דערצו האָט ער בעת זיין דאָזיגע פערמיטלונגס־ראָל טאַקע געפּרובט אויסנוצען זיין פערזענליכען איינפלוס — אַלס לאַנג־יעהריגער סימפּאַטיקער און מיטהעלפער פון די נאַציס...

דערפאַר איז נישט קיין חידוש, וואָס אַזאַ קאָמפּעטענטער פאָרשער פון דער נאַצי־עפּאָכע, ווי דער ענגלישער היסטאָריקער רייטלינגער, גיט־צו אַזאַ ענטשיידענדע וואָג צו מוסי'ס שליחות; און אַזאַ אויטאָראַטיווער נאַצי ווי גע־נעראַל שעלענבערג, וועמענ'ס נאָמען עס פיגורירט אויבען־אָן אין אַלע ראַפּאָרטען פון די דערמאָנטע דריי אינטערווענצען ביי הימלער'ן, פערשרייבט **אויפ'ן קרעדיט פון מוסי'ס פערזענליכען איינפלוס דעם איבערראַשענדען אַקט פון הימלער'ן, אָפּצושטעלען דורך אַ דירעקטען בעפעהל די פערניכטונג פון די לעצטע אידען אין אייראָפּע.**

דאָס איז אַן אַלגעמיין־בעוואוסטער פאַקט, אַז דער שווייצארישער בונדעס־ראַט, זשאַן־מאַרי מוסי, איז געפאָהרען קיין בערלין אין דער אָפיציעלער שליחות פון דער אגודת הרבנים אין אַמעריקע און דעם אַמעריקאַנער „ועד הצלה", און די אגודת הרבנים מיטן „ועד הצלה" האָבען גענומען אויף זיך די פולע מאָראַ־לישע, פּאָליטישע ווי אויך פינאַנציעלע אחריות פאַר דער דאָזיגער געוואַגטער אונטערנעמונג. אַלץ וואָס מוסי האָט דערגרייכט מיט זיינע לאַנגע אינטערווענצען און פערהאַנדלונגען געהער דעריבער צום טעטיגקייטס־בעריכט פון „ועד הצלה", און אויפן געהעריגען פלאַץ דאַרפען זיי טאַקע ווערען פערשריבען צווישען די שפּיץ־לייסטונגען פון „ועד הצלה".

ווען עס האַנדעלט זיך דאָ אין אָפּשליסען דעם בילאַנס פון די טראַגישע אידישע דורכפאַלען אויפן געביט פון מאַסענהאַפטער רעטונג פאַר דעם טויט־פעראורטיילטען אייראָפּעאישען אידענטום — וועט אָבער זיין וויכטיג אַרויס־צוברענגען די הויפּט־מאָמענטען פון די אַלע דריי דורכגעפיהרטע הימלער־אינטערווענצען.

אַלזאָ, דער ערשטער שליח צו הימלער'ן אין בערלין איז געווען — מוסי.

ווער־זשע איז ער געווען דער דאָזיגער מוסי, וועלכער איז גרייט געווען צו נעמען אויף זיך אַזאַ אויסעראָרדענטליכער מיסיע, ווי פאָרצושטעלען זיך פאַרן הויפּט־מערדער פון אידען און דאָס אין נאָמען פון אַמעריקאַנער אָרטאָדאָק־סישען ראַבינאַט מיט׳ן „ועד הצלה״?

מוסי האָט געוויס בעזיצען מאַנכע „פּערזענליכע קוואַליפיקאַציעס״ אויפ־צוטרעטען אַלס „נאַצישער פערמיטלער״. אָט זענען איינינע פּרטים פון זיין ביאָגראַפיע, לויט אַ מאָסגעבענדער קוועלע:

„אַ קאַטאָליק פון קאָנסערוואַטיווען פליגעל, וואָס איז געווען טע־טיג אין דער שווייצארישער „אַנטי־באָלשעוויסטישער בעוועגונג״ און אין נאַציש־געשטימטען „נאַציאָנאַלען פראָנט״; צווישען זיינע נאָהנסטע פריינד איז געווען דער שווייצער ס״ס־שטורם־באַנפיהרער, פראַנץ ריעד־וועג; ער, (מוסי) איז געווען אַ געשוואוירענער נאַצישער „פערמיטלער״ צווישען בערלין און ווישי; ער איז געגאַנגען צו לעאָפּאָלד׳ן, דעם בעלגישען קעניג, גראַד דעמאָלט ווען נאַצישע אַרמעי איז געווען גרייט צום מאַרש אויף בעלגיען״.

[“Aufbau,” New-York, May, 1950]

דערפון איז דוכט זיך קלאָר צו דרינגען, אַז דער דאָזיגער מוסי איז אַליין געווען אַ שטיק נאַצי — טאָ שטעלט זיך די האַרבע פראַגע: פון וואַנען קומט עפּעס, אַז גראָד ער זאָל זיך איינשטעלען פאַר אידען און אויף זיינע עלטערע יאָהרען (ער איז דעמאָלס געווען אַלט 69 יאָהר) אַזש זיך מטריח זיין איבער די באָמבאַרדירטע שאָסעיען קיין בערלין?

ענטפערט דערויף מוסי, אַז דאָס איז טאַקע געווען אַ ריינער צופאַל:

„אין אַפּריל 1944 זענען געקומען קיין בערן הערר און פרוי לאַב און מיך געבעטען צו אינטערווענירען ביי די דייטשע מאַכט־אָרגאַנען צו בעפרייען זייער שוועסטער און שוואָגער, וועלכע זענען געוואָרען אַרעסטירט אין פראַנקרייך; די סיבה פון זייער אַרעסט — זיי זענען אידען. איך בין געווען בעקאַנט מיט דער פאַמיליע לאַב פאַר לאַנגע צייטען. איך האָב זיך געוואַקעלט, ווייל איך האָב געוואוסט, ווי שווער דאָס איז אונטערצונעמען. שליסליך האָב איך זיך אונטערגעגעבען צו די דרינגענדע בקשות פון דער פאַמיליע לאַב און האָב זיך געלאָזען קיין פּאַריז, מיט קוים אַ שוואַכער האָפנונג אויף אַן ערפאָלג. — בעת מיין ערשטען קאָנטאַקט מיט דעם דייטשען פּאָליציי־שעף אין פראַנקרייך, גענעראַל האָבערג, האָט מען מיר גלייך אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז

## FIRST JEWISH CONVOY REACHES SWISS HAVEN

By Telephone to The New York Times.

BERNE, Switzerland Feb 7—A convoy of 1,200 Jewish refugees from the Theresienstadt concentration camp in Austria arrived at Kreuzlingen today following negotiations by Jean Marie Musy, former Swiss Federal Councilor, with Heinrich Himmler.

M. Musy, it was revealed in an official statement tonight, represented the executive council of the Union of Orthodox Rabbis of the United States.

An official statement by the Swiss health authorities who met the convoy this morning said the condition of most of the 1,200 was "excellent," though a few cases required hospital treatment, which was immediately arranged.

The convoy, which is en route to reception centers abroad, was routed to the St. Gall refugee camp for medical inspection and quarantine. Other convoys of approximately the same number are expected weekly for five or six weeks.

RAPPORT AU COMITE SUISSE DE [illegible]

[illegible] Union of Orthodox Rabbis of the United-States and Canada.

[illegible] action entreprise en vue de la liberation des [illegible] israelites, detenus dans les camps de concentration allemands.

(1)

[illegible]

RCA
RADIOGRAM
RCA COMMUNICATIONS INC

TEL. BARCLAY 7-1102-1103

RECEIVED AT 39 PARK ROW NEW YORK 7, N. Y.

WS78 SZP473 XL MONTREUX 69 7 1309

PRESSE UNION ORTHODOXRABBIS VAAD HAHATZALA EMERGENCY COMMITTEE

132 NASSAUST NEWYORK

7TH FEBRUARY 11.45 MORNING JUST ARRIVED FIRST TRANSPORT OF 1200 JEWISHPERSONS FROM THERESIENSTADT STOP THIS CONVOY WAS RELEASED BY GERMANY OWING INTERVENTION OF CONSEILLER FEDERAL MUSY CHARGED WITH THIS MISSION BY THE EUROPEAN EXECUTIVE COUNCIL OF THE UNION OF ORTHODOXRABBIS OF THE UNITED STATES OF AMERICA AND CANADA IN MONTREUX GERMANY AGREED TO RELEASE FURTHER TRANSPORTS

HIJEFS STERNBUCH

JEWISH MORNING [illegible]

1,200 אידען [illegible]
[illegible]

נאָך קיינמאָל איז קיין איד נישט געוואָרען בעפרייט פון אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער. דער דאָזיגער אָנפאַנג האָט מיר נישט געקענט צוגעבען קיין קוראַזש, אָבער איך האָב נישט פערלאָרען די האָפנונג. איך האָב אויסגענוצט יעדען איינציגען מעגליכען ארגומענט לטובת דעם דאָזיגען פאָרפאָלק מיטן נאָמען בלאָך. איך האָב ספּעציעל אונטערגעשטראָכען דעם פאקט, אז די פרוי בלאָך איז געווען א שווייצארין פון געבורט. נאָך לאַנגע בעמיהונגען איז ענדליך די פרוי בלאָך געוואָרען בעפרייט, און א ביסעל שפּעטער האָב איך בעפרייט איהר מאַן. דער ערפאָלג איז געווען א נישט־פערהאָפטער. עס איז געווען קענטיג, אז די דאָזיגע בעפרייאונג, וואָס איז געווען אָהן א פּרעצעדענס, האָט ארויסגערופען א גאַנצע סענסאַציע אין פּאַריז. און דער דאָזיגער פאַקט איז וואַרשיינליך געווען דער גורם, וואָס אין אָקטאָבער 1944 איז צו מיר געקומען די מאַדאַם באַלאָמעי און האָט געזאָגט, אז זי קומט צו מיר אין נאָמען פון אַ אידישען קאָמיטעט, וואָס איז טעטיג אין מאָנטרעי און וואָס זיין שטרעבונג איז צו בעפרייען די אידען פון די קאָנצענטראַציע־לאַגערן אין דייטשלאַנד (געמיינט: די פערטרעטונג פון „ועד הצלה" אין דער שווייץ, וואָס האָט געהאַט דאָס זיץ־אָרט אין מאָנטרעי)".

[לויט דעם פראַנצויזישען אָריגינאַל: Raport Au Comite Suisse De L'Union Of Ortodox Rabbi of the United States and Canada, Concentrant L'Action Enterprise en vue de la Liberation des Israelites, Petenus dans les Camps de Concentration [Allemands

אַזוי האָט זיך אָנגעהויבען די געשיכטע פון מוסי׳ס שליחות קיין בערלין. די פערטרעטער פון „ועד הצלה", וואָס האָבען אַזוי אייפעריג געזוכט דעם מינדעסטען שאַנס צו ראַטעווען אידען, האָבען פלוצלינג ענטדעקט אַזאַ ווירקזאַמען פראָ־נאַצישען „פערמיטלער". און זיי האָבען איהם גלייך געמאַכט דעם פאָרשלאַג, צו פאָהרען צו הימלער׳ן קיין בערלין.

מוסי זאָגט, אַז ער האָט זיך געוואַקעלט, צי ער זאָל אָננעמען אַזאַ שטייגער פערמיטלונגס־ראָל „אין נאָמען פון דער אגודת הרבנים אין אַמעריקע", כדי אויסצוואווירקען די בעפרייאונג פון די אינטערנירטע אידען אין די לאַגערן. דערביי שטרייכט ער אונטער, אַז ער אַליין האָט געהאַט אייניגע מאָל געבעטען ביי די נאַצים צו ערלויבען איהם צו בעזוכען זייערס אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער, נאָר זיי האָבען דאָס איהם נישט געוואָלט צו־ליעב טהון... דאָך האָט ער זיך ענטשלאָסען אָנצונעמען די מיסיע. וועגען דער אמת׳ער סיבה שווייגט מוסי. נאָר דאָס איז פאַר קיינעם נישט געווען קיין סוד, אַז מוסי איז געווען מאַטעריעל פעראינטערעסירט אין דער אונטערנעמונג, און אַלס קאָנטע אויף די ערשטע

רייזע־קאָסטען האָט ער דערווייל בעקומען אַ סומע פון 60 טויזענד שווייצער־פראַנק. עס איז גריילעך אָנצונעמען, אַז מוסי האָט דערצו נאָך געהאַט זיינע אייגענע פּאָליטישע אויסרעכנונגען. העכסט־וואַרשיינליך האָט ער טאַקע געהאַלטען, אַז ביי דעם קלאָגענדיגען מיליטעריש־פּאָליטישען מצב פון די נאַציס צו יענער צייט, וואָלט עס פּאַר זיי אַליין אויך געלוינט צו מאַכען אַזאַ סאָרט איבערראַשענדען „זשעסט״ און בעפרייען אַביסעל אידען...

מוסי האָט בעשלאָסען אָנצונעמען די דאָזיגע „דעליקאַטע מיסיע״, טראָץ דעם, וואָס אַ רייזע קיין בערלין איז געווען פערבונדען מיט דער געפאַהר צו ווערען באַמבאַרדירט אויפן וועג, בעת די סיסטעמאַטישע און אומאויפהערליכע לופט־אָנגריפען פון די אַליאירטע אַרמעיען.

„איך האָב גלייך געשריבען צו הימלער׳ן, אַז איך ווינש זיך מיט איהם צו זעהען אין זעהר אַ וויכטיגער פראַגע. איך האָב נאָך געקענט הימלער׳ן זינט יענער לאַנגער צייט, ווען אַנטי־קאָמוניסטישע קאָמיטעטען זענען געוואָרען געשאַפען אין כמעט אַלע לענדער. נאָך צוויי וואָכען האָב איך בעקומען אַן ענטפער, אַז ער איז גרייט מיך אויפצונעמען און צו הערען וואָס איך האָב איהם צו זאָגען״...

די שילדערונג פון מוסי׳ס ערשטען געשפּרעך מיט הימלער׳ן מוז קלינגען היפש מאָדנע אין אידישע אויערן. מוסי קאַרגט נישט קיין קאָמפּלימענטען אויף דער אַדרעס פון דאָזיגען נאַצישען מאַסען־מערדער:

„בעת מיין אָנקומען קיין בערלין האָט מיך בעזוכט גענעראַל שעלענבערג, וועלכען איך האָב פריהער נישט געקענט. ער האָט מיר געזאָגט, אַז הימלער וועט מיך אויפנעמען אין דער נאָהנטסטער צייט, נאָר איך מוז זיין צוגעגרייט אויף אַ לענגערער רייזע כדי צו קענען זיך טרעפען מיטן „רייכס־פיהרער״. צוויי טעג דערנאָך האָב איך אין שעלענבערג׳ס בעגלייטונג זיך געלאָזען מיט אַ מיליטערישען אויטאָמאָביל אין דער דרום־מזרח׳דיגער ריכטונג. מיר זענען אָנגעקומען קיין ברעסלאַו, און באַלד בין איך איבערגעגאַנגען אין אַ מיליטערישען צוג, וועלכער איז לויט אַלע סימנים געפאָהרען אין דער ריכטונג פון וויען. אַ שעה שפּעטער האָב איך זיך געטראָפען מיט הימלער׳ן אין זיין וואַגאָן. נאָכמיטאָג האָט ער מיך אויפגענומען אויף אַ לענגערער קאָנפערענץ. אין פערלויף פון אַ גענוג לאַנגער דיסקוסיע האָב איך איהם רעפערירט מיין שטאַנדפּונקט, אַז אפילו נישט צו נעמען אין אַכט קיין שום הומאַניטאַרע אַרגומענטען, איז דאָס פאַר דייטשלאַנד זעהר וויכטיג צו בעפרייען די קאָנצענטראַציע־לאַגערן און אויסצונוצען די גינסטיגע

געלעגענהייט צו לעזען דאָס אידישע פּראָבלעם. איך האָב פאָרגעשטעלט א דאָקומענט, אז די אמעריקאנער זענען גרייט צו דעקען אלע הוצאות פון טראַנספּאָרטירען און אויסהאלטען די בעפרייטע אידען. — דאָס געשפּרעך איז צייטענווייז געווען זעהר אָנגענעהם און איז אין גאַנצען פערלויף געווען זעהר העפליך. קורץ זיך אויסגעדריקט, הימלערס שטעלונג איז געווען גינסטיג און אויפמערקזאַמפול. ער האָט זיך צו מיר זעהר ערנסט צוגעהערט און זיך בעמיהט צו פערשטעהען מיין שטאנדפונקט, וואָס איז געווען אזוי ווייט פון זיינעם. איך האָב בעקומען דעם איינדרוק, אז מיינע ארגומענטען האָבען איהם געריהרט". —

עס איז אָנצונעמען, אַז די דאָזיגע „פריינדשאַפטליכע אָפּשאַצונג" איז דאָס מאָל טאַקע געווען אַ קעגענזייטיגע. גענעראַל שעלענבערג, וועלכער האָט בייגעוואוינט דאָס גאַנצע געשפּרעך, האָט עדות געזאָגט ביים נירענבערגער פּראָצעס, אַז הימלער האָט ווירקליך אײַפגענומען מוסי׳ן אין זיין סעפּאַראַט־צוג, אַז אין לויף פון דער ווייטער רייזע זענען צווישען זיי פאָרגעקומען לאַנגע געשפּרעכען און אַז איניגע מאָל האָט הימלער אַריינגערופען צו זיך איהם, שעלענבערג׳ן, כדי אויסצופרעגען איהם וועגען מוסי׳ן פערזענליך און וועגען זיינע פאָרגעשטעלטע פּראָפּאָזיציעס.

צווישען די שורות כאַפּט זיך מוסי אַרויס מיט וועלכע אַרגומענטען ער האָט בעת די ווייטערדיגע געשפּרעכען געזוכט צו געווינען הימלער׳ן:

„עס איז מיר געלונגען איהם איבערצוצייגען, אז דאָס פּראָבלעם פאַר דייטשלאַנד איז נישט צו געניסען מאַטעריעלען פּראָפיט פון דער דאָזיגער פראַגע, נאָר צו ציהען דערפון א געוויסען פּאָליטישען נוצען, דאָס מיינט צו זאָגען, צו פערבעסערען אין אויסלאַנד און ספּעציעל אין אמעריקע, די הערשענדע עפענטליכע מיינונג וועגען דייטשלאַנד... — איך האָב איהם ווידער אמאָל געגעבען צו פערשטעהען, אז אין אמעריקע שרייבט מען צו גרויס געוויכט צו דער דאָזיגער פראַגע (פון בעפרייען די פערבליבענע אידען פון די קאָנצענטראַציע־לאַגערן), און אז נאָכצוקומען זיי אין דער דאָזיגער פראַגע וואָלט בעדייט א זעלטענע געלעגענהייט פאַר דייטשלאַנד ארויסצורופען א גינסטיגען איינדרוק אין דער אמעריקאַנער עפענטליכקייט"...

אַזעלכע שטייגער אַרגומענטען האָבען געמוזט קלינגען געווּג לאָקענדיג אין די נאַצישע אויערן, ווען עס איז נאָך דערצו נאָכגעקומען די רייצענדע פּראָפּאָזיציע אויסצוצאָהלען אַ סומע פון „פינף מיליאָן שווייצאַר־פראַנק" אַלס קאָמפּענסאַטע פאַר בעפרייען די אידען... מוסי, דער נאַצישער סימפּאַטיקער און

נאָהנטער פערטרויאונגס־מאַן זייערער, שטרייכט־אונטער אין זיין ראַפּאָרט, אַז הימלער האָט מסכים געווען איהם אָנצופערטרויען צו דיספּאָנירען מיט דער דאָזיגער סומע „אין נאָמען פון בערלין" און ער, מוסי, גיט דערביי צו אַזאַ סאָרט „אָנצוהערעניש", דאָס ער פון זיין זייט „וואָלט וואַרשיינליך געדאַרפט דעפּאָנירען די 5 מיליאָן פראַנק ביים אינטערנאַציאָנאַלען רויטען קרייץ, אַלס ספּעציעלער הילפס־פאָנד פאַר נויטבעדערפטיגטע דייטשען"... נו, מילא, דווקא אויפן דאָזיגען פונקט איז קיינער נישט מחויב געווען צו גלויבען דעם נאַצי־פריינדליכען מוסי אויפן וואָרט. געוויס איז ריכטיג, אַז הימלער האָט איהם געהאַלטען פאַר אַ פערטרויאונגס־מאַן, און ער וואָלט שוין געווען געוואוסט ווי־אַזוי שפּעטער צו לאָקירען די פינף מיליאָן פראַנק „פאַר נויטבעדערפטיגטע דייטשען", און אַז הימלער מיט זיינע נאָהנטע מיטהעלפער צווישען די נאַצישע הויפּט־פערברעכער האָבען זיך אין יענעם מאָמענט אַליין בעטראַכט אַלס די ריכטיג־נויטבעדערפטיגטע דייטשען — איז ממילא קלאָר און זעלבסטפערשטענדליך.

מוסי איז אַריין מיט הימלער'ן אין גאָר לעבהאַפטע פערהאַנדלונגען. ער איז איינינגע מאָל געפאָהרען פון שווייץ קיין בערלין און צוריק. ער האָט בעוויזען צו פאָרמולירען די בעדינגונגען פאַר אַ פאָרמעלען הסכם צווישען דעם אַמע־ריקאַנער „ועד הצלה" און דעם געסטאַפּאָ־הויפּט. לויט ווי מוסי דערצעהלט אין זיין ראַפּאָרט וואָלט זיין שליחות צו בעפרייען די אינטערנירטע אידען פון די לאַגערן שליסליך געוואָרען געקרוינט מיט ערפאָלג, ווען עס וואָלט זיך נישט אין דער לעצטער מינוט אַריינגעמישט היטלער אַליין און מיט זיין אַלערהעכסטע אויטאָריטעט צושטערט די גאַנצע אונטערנעמונג.

מוסי בעטאָנט, אַז באַלד פון ערשטען מאָמענט האָט ער זיך געשראָקען פאַר שטערונגען מצד היטלער'ן. בעת דער ערשטער פערשטענדיגונג צווישען איהם מיט הימלער'ן, האָט אָבער דער לעצטער איהם פערזיכערט, אַז ער איז אימשטאַנד צו בעפרייען אַלע אידען „אָהן דער בעפולמעכטיגונג פון היטלער'ן". אַרויסגעשטעלט האָט זיך דער ענין גאַנץ פערקעהרט — הימלער האָט טאַקע לויטן הסכם מיט מוסי'ן אַרויסגעשיקט אַ טראַנספּאָרט פון 1200 אידען פון טערעזיענשטאַדט צו דער שווייצאַרישער גרענעץ. דערויף האָט איהם געקלעקט זיין מאַכט. ווען אָבער אַן אַנדערער געסטאַפּאָ־פיהרער, קאַלטענברונער, איז גע־לאָפען מיט אַן אָנקלאַגע צו היטלער'ן קעגען דער בעפרייאונג פון די אידען — האָט היטלער קורץ און שאַרף בעפוילען אָפּצושטעלען די ווייטערדיגע טראַנס־פּאָרטען. הימלער האָט קאַפּיטולירט און מעהר קיין איינציגען איד נישט בעפרייט פון נאַצישען טויטען־קלעם.

דער לעצטער אינערליך־נאַצישער קאָנפליקט אַרום די לעבענס פון די גאָר

מאָגערע רעשטלעך פון אייראָפּעאישען אידענטום און דער סאַבאָטאַזש פון דאָ־זיגען „דריילינג״: היטלער־קאַלטענבּרונער־אייכמאַן קעגען הימלער׳ס בּעפעהלען צו דערהאַלטען אַביסעל אידישע אויסגעפייניגטע „קאַצעטניקעס״ ביים לעבען — האָט בּעוויזען ווי ריכטיג און איינציג־רעאַליסטיש עס איז געווען די שיטה פון „ועד הצלה״, וואָס איז געוואָרען קאָנסעקווענט פערטרעטען דורך מוסי׳ן, **אַז זיכערע רעטונג פון די לעצטע אידען מיינט זיי אַרויסצופיהרען שנעל ווי מעגליך פון רשות פון די נאַצישע משחיתים.** און דערוועגען איז דווקא געוואָרען געפיהרט אַ געהיימע פּאָלעמיק צווישען די פערטרעטער פון „ועד הצלה״ און סאַלי מאַיער׳ן, וועלכער האָט זיך פּרינציפּיעל געוואָלט צופרידענשטעלען בּעת די אונטערהאַנדלונגען מיט אַ בלויזען צוזאַג פון הימלער׳ן אָפּ־צושוינען די לעצט־פערבּליבּענע אידען. דאַקעגען איז דער שטאַנדפּונקט פון „ועד הצלה״ געווען, אַז עס לוינט צו בּעצאָהלען אויסקויף־געלד, כדי אַרויסצובּעקומען וואָס מעהר אידען אויף דער פריי, מחוץ פון די גרעניצען פון נאַצישען גיהנום, ווייל אַנדערש קאָן מען נישט זיין זיכער פאַר רוצחישע נקמה־אַקטען פון דער לעצטער מינוט.

מוסי דערצעהלט אין זיין ראַפּאָרט, אַז ווען גענעראַל שעלענבּערג האָט איהם פערטרויט דעם סוד וועגען היטלער׳ס נייעם בּעפעהל, האָט ער, מוסי, געזוכט אויסצונוצען זיין גאַנצען איינפלוס אויף הימלער׳ן, נישט צו דערלאָזען די ניי־געפּלאַנטע עוואַקואַציע פון די קאָנצענטראַציע־לאַגערן, וואָס דאָס האָט קלאָר בּעצוועקט אויסצומאָרדען אַלע אידען ביז צום לעצטען.

אין ליכט פון די אַרויסגעבּראַכטע פאַקטען דאַרף דעריבּער מוסי׳ס שליחות ווערען געמאָסטען נישט בלויז לויט דעם איינעם קאָנקרעטען רעזולטאַט פון אַרויסראַטעווען דעם טראַנספּאָרט פון 1200 אידען פון טערעזיענשטאַדט. די דירעקטע און אפילו אומדירעקטע אויסווירקונגען פון מוסי׳ס אינטערווענצען זענען געוויס געווען העכסט ווערטפול.

מוסי שטעלט פעסט אין זיין ראַפּאָרט, אַז לערך 8 חדשים (זינט זיין ערשטען בּעזוך אין בּערלין אין אָקטאָבּער 1944, ביז דער ענדע פון קריג אין מאַי 1945) איז ער געשטאַנען אין ענגען קאָנטאַקט מיט דער נאַצי־פיהרערשאַפט וועגען ראַטעווען אידען. מוסי לעגט אַ גרויסען געוויכט אויף דעם צופאַל, וואָס זיין זוהן, אַן אָפיציר פון דער שווייצאַרישער לופט־אַרמעי, איז געבּליבּען שטעקען אין דייטשלאַנד אין לעצטען חודש פון קריג, און ער האָט אָנגעהאַלטען אַלע פערבּינדונגען פערזענליך מיט הימלער׳ן, שעלענבּערג׳ן און „דער קליינער געריננג״, כדי צו ראַטעווען וויפיעל אידען עס האָט זיך געלאָזען, צי דאָס איז געווען אין בוכענוואַלד, צי אין טערעזיענשטאַדט. יעדעס מאָל האָט זיך דער יונגער

מוסי פעררופען אויף דעם „צוזאָג", וואָס הימלער האָט געגעבען צו זיין פּאָטער נישט מעהר צו מאָרדען די לעצטע אידען.

ביידע, לעצט־דערמאָנטע ס"ס־פיהרער, שעלענבערג און גערינג, זענען שפּעטער געשטעלט געוואָרען פאַר דעם אינטערנאַציאָנאַלען געריכט אַלס קריגס־פערברעכער, און ביידע האָבען זיי עדות געזאָגט וועגען דעם ענטשיידענדען איינפלוס פון מוסי'ס אינטערווענצען. „הימלער און שעלענבערג זענען פּאַקטיש געווען איבערגענומען פון מוסי'ס אידעען" — האָט געזאָגט דער ס"ס־מאַן, גערינג. „הימלער און איך זענען געווען איבערצייגט, אַז די אַלגעמיינע אויפ־לעזונג פון די קאָנצענטראַציע־לאַגען וואָלט געווען דער איינציגער שאַנס צו בעאיינפלוסען אין דער לעצטער מינוט די עפענטליכע מיינונג אין דער וועלט צום גונסטען פון דייטשלאַנד" — אַזוי האָט איינינגע מאָל ווידערהאָלט שעלענבערג. (און דאָס איז דאָך געווען מוסי'ס הויפּט־אַרגומענט).

און היות, ווי מוסי איז אַלס לאַנג־יעהריגער נאַצישער פערבינדעטער געוויס געווען קאָמפּעטענט צו פאָרמולירען געוויסע פאָדערונגען „אין נאָמען פון ראַטעווען דעם גוטען נאָמען פון נאַצי־דייטשלאַנד", — לאָזט זיך טאַקע גלויבען, אַז ער איז געווען דער ריכטיגער מענש אויפן ריכטיגען פּלאַץ, וואָס שייך דער דאָזיגער פּאָליטיש־ געוואַגטער און היסטאָריש־בערעכטיגטער רעטונגס־מיסיע.

וועגען דעם צווייטען שליח צו הימלער'ן — דעם שוועדישען גראַף בערנאַדאָט, לאָזט זיך, ליידער, נישט זאָגען, אַז ער זאָל האָבען אויסגענוצט זיין גאַנצע אויטאָריטעט אין שוץ פון די לעצטע אידען, וואָס זייער גורל איז גע־האָנגען אויף דער וואָגשאָל.

בערנאַדאָט אַליין דערצעהלט אין זיין בוך, אַז ער איז אַריינגעגאַנגען אין אַ הייסער דעבאַטע מיט הימלער'ן וועגען אידען:

„איך האָב געפרעגט הימלער'ן, צי אָנערקענט ער נישט, אז צווישען אידען ווי צווישען אַנדערע פעלקער, זענען דאָ פיעל זעהר אָנשטענדיגע מענשען? איך אליין בעזיץ פיעל אידישע פריינד, האָב איך צוגעגעבען. צו מיין גרויסער שטוינונג האָט ער געענטפערט, אז איך האָב רעכט, און דערביי צוגעגעבען, אז ביי אונז אין שווערדען איז נישטאָ קיין אידישע פראַגע, דערפאַר קענען מיר נישט פערשטעהען דעם דייטשען שטאַנדפּונקט. ביי אַן אנדער געלעגענהייט האָב איך הימלער'ן פאָרגעשלאָגען איבערצולאָזען די אידישע אינטערנירטע אין די קאָנ־צענטראַציע־לאַגערן פאַר די אַליאירטע אַרמייען..."

נאָר טאַקע וועגען דער דאָזיגער פראַגע, אויף וויפיעל בערנאַדאָט איז געווען קאָנסעקווענט אין זיין איינשטעלונג פאַר אידען, איז פאַרהאַן אַ שאַרפע

מיינונגס־פערשידענהייט צווישען די פאָרשער פון דער לעצטער נאַצי־עפּאָכע. פון איין זייט איז בערנאַדאָט געוואָרען פאַרגעשטעלט אַלס „רעטער פון אידען", אַלס „פּרינץ פון שלום" און אַלס „מאַרטירער פון דער מענשהייט". פון דער אַנדערער זייט איז אויפגעשטאַנען גראָד אַן ענגלישער קריסטליכער פאָרשער, מיטן נאָמען טרעוואָר־ראָפּער, דער מחבר פון בוך „די לעצטע טעג פון היטלער'ן", און האָט עפּענטליך אַרונטערגעריסען די גאַנצע לעגענדע וועגען בערנאַדאָט'ן אַלס „אידען־רעטער". דער ענגלישער פאָרשער פעררופט זיך אויף דעם עדות־זאָגען פון דעם עסטאָניש־פינלענדישען דאָקטאָר, קערסטען, הימלער'ס „לייב־אַרצט", וועלכער איז געווען דער פערבינדונגס־אָפיציר צווישען דעם שוועדישען רויטען קרייץ און דעם געסטאַפּאָ־פיהרער. און אָט וואָס ד"ר קערסטען האָט איבערגעגעבען אין הימלער'ס נאָמען, ווי אַזוי דער דאָזיגער נאַצי־פערברעכער איז גאָר געוואָרען בעאיינדרוקט פון בערנאַדאָט'ס שטעלונג צו דער אידען־פראַגע. אָט איז אַן אויטענטישע ציטאַטע אין קערסטענ'ס נאָמען:

„ער (קערסטען), האָט פּלאַנירט איבערצופיהרען אידישע אינטער־נירטע קיין שוועדען. ער איז דערפאַר געוואָרען העכסט איבערראַשט, ווען ער האָט אין מערץ 1945 דערהערט פון הימלער'ן אַזאַ שטייגער ענט־פער: „גראַף בערנאַדאָט פערשטעהט די אידישע געפאַהר; ער וויל נישט נעמען קיין שום אידען קיין שוועדען; און איצטער זאָגט איהר אין זיין נאָמען, אַז שוועדען וויל יאָ אויפנעמען די אידען! וועמען פון אייך זאָל איך גלויבען?" קערסטען האָט דערויף געענטפערט, אַז בערנאַדאָט האָט נישט קיין שום פולמאַכטען צו פאָרמולירען בעדינגונגען: ער איז בלויז געקומען אַלס טראַנספּאָרט־דעלעגירטער (דאָס מיינט איבערצו־פיהרען די פּאָליטישע אַרעסטירטע פון די סקאַנדינאַווישע לענדער). „ריכטיג, — האָט הימלער דערויף געענטפערט, איך ווייס דאָס. דאָך בין איך צופרידען צו זעהען, אַז אויך אין שוועדען זענען פאַראַן מענשען, וועלכע פערשטעהען די נויטווענדיגקייט פון אונזער קאַמף קעגען דעם וועלט־אידענטום"...

[The Atlantic Monthly, New York, February, 1956]

און ווייטער, לויט דער זעלבער קוועלע:

„קערסטען האָט דאָס שפּעטער פאָרגעוואָרפען בערנאַדאָט'ן, אָבער בערנאַדאָט אַליין האָט זיך אָפּגעזאָגט איבערצופיהרען אידען קיין שוועדען, — ער האָט געראַטען קערסטענ'ן אָפּצולאָזען אינגאַנצען די אידען, „אויסער, אויב איהר ווינשט זיך צו האָבען שווערינקייטען פאַר

אייך און אייער פאמיליע אין שוועדען" (קערסטען האָט דעמאָלס צייט־ווייליג געוואוינט אין שוועדען). אלאַרמירט פון דער דאָזיגער זאַך־לאַגע, איז קערסטען צומאָרגענס אליין געפלויגען קיין שוועדען און דאָס אלץ געמאָלדען צו גיהנטער'ן (דעם שוועדישען אויסערן־מיניסטער). גיהנטער האָט דאָס אָפּגעוואָרפען אלס א מיספערשטענדניש: „די גרענעצען פון שוועדען זענען אָפען, — האָט ער ערקלערט — פאַר אַלע קרבנות פון די נאַצישע פערפאָלגונגען". אזוי־ארום איז בערנאדאָט געוואָרען אריבער־געוואָרפען; די אונטערנעמונג האָט זיך גערוקט פאָרווערטס; און דעם 21־טען אפּריל האָט קערסטענ'ס אקציע לטובת אידען דערגרייכט איי־נעם פון די סאמע גרעסטע קוריאָזען אין דער גאַנצער מלחמה: דער געהיימער געשפּרעך וואָס איז פאָרגעקומען אין קערסטענ'ס הויז אין הארצוואַלדע, צווישען הימלער'ן, דעם הויפּט־פערניכטער פון די אידען, און נאָרבערט מאזור, דעם פּרעזידענט פון אידישען וועלט־קאָנגרעס אין שטאָקהאָלם, וועמען קערסטען האָט פּערזענליך אראָפּגעבראַכט פון שוועדען"...

דאָ זענען מיר ממילא שוין דערגאַנגען צו דער דריטער מיסיע ביי הימלער'ן, וואָס איז געווען אייגענאַרטיג אין איהר כאַראַקטער, ווייל דאָס איז געווען דאָס ערשטע און טאַקע איינציגע מאָהל, וואָס הימלער האָט זיך בעגעגענט מיט אַ אידישען פאָרשטעהער און פאַר איהם זיך מודה געווען צום פאַקט פון פערברענען אידען אין די קרעמאַטאָריע־אויוועֶנס.

מען מוז נאָך היינט־צו־טאָג קריצען מיט די ציין אויס שוידער און צאָרן, ווען מען לייענט די שילדערונג פון מאַזור'ס בעגעגעניש מיט הימלער'ן, בשעת די נאַצישע פיהרער זענען שוין געשטאַנען ביים ראַנד פון אונטערגאַנג.

מאַזור הויבט־אָן זיין שילדערונג מיט פאָרשטעלען דעם דערמאָנטען קערסטען, הימלער'ס לייב־דאָקטאָר, וועלכער האָט אין לעצטען פעריאָד פון דער מלחמה פערמיטעלט אין נאָמען פון שוועדישען אויסערן־מיניסטעריום צו בע־פרייען געוויסע פערזאָנען פון דייטשע קאָנצענטראַציע־לאַגערן, און דאָס מיט אַ זיכערען ערפאָלג. איינער פון די אידישע טהוער אין שוועדען, הלל שטאָרך, האָט זיך געפּרובט שטעלען אין קאָנטאַקט מיט קערסטענ'ען און איהם פאָרשלאָגען צו אינטערווענירען ביי הימלער'ן לטובת אידען. קערסטען האָט דערויף איינ־געשטימט און אין אָנהויב מערץ 1945 האָט ער אָנגעבאָטען הימלער'ן אויפ־צונעמען ביי זיך אַ אידישען פאָרשטעהער. עס האָט געדויערט איניגע וואָכען ביז דער טערמין פון דער בעגעגעניש איז געוואָרען פעסטגעשטעלט. די מילי־טערישע לאַגע פון דייטשלאַנד האָט זיך אַלץ כסדר פערערגערט און עס איז

**קוים געווען מעגליך די בעגעגעניש צו אַראַנזשירען. ענדליך האָט הימלער געגעבען צו וויסען, אַז פרייטאָג, דעם 21־טען אַפּריל וועט ער זיין גרייט זיך צו טרעפען מיט מאַזור'ן:**

„אין אָוועגד האָבען מיר בעקומען אַ מעלדונג דורכן טעלעפאָן, אַז הימלער וועט אָנקומען האַלב נאָך צוויי ביינאַכט (דאָס איז געווען אינם געבורטס־טאָג פון היטלער'ן, דעם 20־טען אַפּריל, און הימלער האָט זיך בעטייליגט אין דעם לעצטען נאַצישען צערעמאָניאַל, וואָס איז פאָרגעקומען אין די שוץ־קעלערן פון נאַצישען הויפּט־פיהרער, ווען גאַנץ בערלין איז שוין געלעגען אין חורבות און די רויטע אַרמיי האָט געהאַמערט ביי איהרע טויערן). פּינקטליך האַלב נאָך צוויי ביינאַכט האָב איך דערהערט ווי אַן אויטאָ פּערפאָהרט צו דער טיר. ד"ר קערסטען איז אַרויס אַקעגען און אַ פּאָר מינוט שפּעטער איז הימלער אַריינגעקומען, בעגלייט פון בריגאַדע־גענעראַל שעלענבערג. הימלער איז געווען עלעגאַנט געקליידעט אין אַ פּערפעקט־געפּאַסטען מונדיר, בעהאָנגען מיט אַ צאָהל אויסצייכנונגען און גלאַנציגע מעדאַלען. ער האָט אויסגעזעהען ספּעציעל גוט געשטימט. זיין האַלטונג איז געווען פריש און לעבעדיג, טראָץ דער שפּעטער שעה, און אויסערגעוועהנליך רוהיג און זעלבסט־בעהערשט. ווען איך וואָלט נישט געקענט זיין פערגאַנגענהייט וואָלט איך נישט געווען געגלויבט, אַז דאָס איז דער מאַן, וועלכער איז פעראַנטוואָרטליך פאַר די שרעקליכסטע מאַסען־מאָרדען אין דער געשיכטע. ער הויבט אָן צו רעדען און גיט אַ היסטאָרישען איבערבליק פון דער נאַצישער שטעלונג צו דער אידען־פראַגע..."

[לויט דער אויטאָריזירטער ענגלישער איבערזעצונג פון מאַזור'ס שוועדישען בוך: "My Meeting With Henrich Himmler"]

**פון דעם נאַצי פערברעכער'ס „היסטאָרישען איבערזיכט" וועט זיין כאַראַקטעריסטיש צו ברענגען פאָלגענדען פראַגמענט:**

— „די מלחמה האָט אונז געברענגט אין קאָנטאַקט מיט די פּראָלעטאַריזירטע אידישע מאַסען פון מזרח, און דאָס האָט אַרויסגערופען נייע פּראָבלעמען. מיר האָבען נישט געקענט האַלטען אַזאַ שונא אין אונזער הינטערלאַנד. די אידישע מאַסען זענען געווען אָנגעשטעקט מיט געפעהרליכע עפּידעמישע קראַנקהייטען; בעזונדערס האָט זיך צובושעוועט דער טיפוס, און איך אַליין האָב פערלוירען טויזענדער פון מיינע בעסטע ס"ס־מענער אַלס רעזולטאַט פון די דאָזיגע עפּידעמיעס. מיטן צוועק אָפּצושטעלען די עפּידעמיעס זענען מיר געווען געצוואונגען

צו פערברענען די קערפערס פון אומצעהליגע פערזאָנען, וואָס זענען געווען אָנגעשטעקט פון די דאָזיגע עפידעמיעס. צוליב דער דאָזיגער סיבה האָבען מיר געדאַרפט אויסבויען קרעמאַטאָריעס, און צוליב די דאָזיגע אומשטענדען גרייט מען זיך איצטער צו פערוואַרפען אַ פעטליע און דערשטיקען אונז"...

**דאָס איז געווען הימלער׳ס „אויפקלערונג", קורץ און שאַרף, וועגען דעם גרעסטען און שוידערליכסטען פערברעכען אין דער וועלט־געשיכטע — דעם אַקט פון פערברענען מיליאָנען לעבעדיגע מענשען אין אולטראַ־מאָדערנע גאַז־קאַמערן און קרעמאַטאָריע־אויוועגס! און מען מעג גלויבען דעם אידישען פאָר־שטעהער, אַז ער איז געבליבען אַזוי טיעף־דערשיטערט פון אַזאַ סאָרט „קאַלט־זאַכליכער פאָרמולירונג", דאָס זיין איינציגע רעאַקציע דערויף איז געווען צו בלייבען אַ שווייגענדיגער...**

**נישט ווייניגער כאַראַקטעריסטיש זענען געווען הימלער׳ס טענות אויף דער אידישער אַדרעס, אַז זיינע „זשעסטען" לגבי אידען זענען נישט געוואָרען אָבגעשאַצט:**

— „איך האָב איבערגעלאָזען אין אונגאַרן 450 טויזענד אידען, און וואָס׳ארען דאנק האָב איך בעקומען דערפאַר? די אידען האָבען געשאָסען אויף אונזערע סאָלדאַטען אין בודאַפעסט. מיין כוונה איז דאָס געווען אויפצוגעבען די קאָנצענטראַציע־לאַגערן אָהן א קאַמף, ווי איך האָב צוגעזאָגט. איך האָב אָפּגעגעבען בערגען־בעלזען און בוכענוואַלד נאָר איך האָב נישט בעקומען קיין שום דאַנקבאַרקייט דערפאַר. אין בערגען־בעלזען איז די וואַך געוואָרען געבונדען אין קייטען און פאָטאָ־גראַפירט צוזאַמען מיט אַ פאָר קראַנקע אינטערנירטע. און די דאָזיגע פאָטאָגראַפיעס ווערען איצט אָפּגעדרוקט אין דער גאַנצער פרעסע פון דער וועלט. אויך בוכענוואַלד האָב איך אויפגעגעבען אָהן א ווידער־שטאַנד. די אָנרוקענדע אַמעריקאַנישע פאַנצער־אויטאָס האָבען טראָץ דעם פלוצלינג געעפענט מיט א שיסעריי; דאָס שפּיטאָל, וואָס איז בעשטאַנען פון לייכט־געבויטע הילצערנע באַראַקען, האָט זיך אָנגעצונדען, שנעל איז אויסגעבראָכען א שריפה און די פערקוילטע קערפערס זענען שפּעטער ספּעציעל געוואָרען פאָטאָגראַפירט. און מיט די דאָזיגע פאָ־טאָגראַפיעס ווערט איצט דורכגעפיהרט א ברייטע גרויל־פּראָפּאַגאַנדע... ווען איך האָב דאָס לעצטע יאָהר ערלויבט 2700 אידען צו פערלאָזען רייטשלאַנד און אריבערצוגעהן די שווייצארישע גרענעץ איז אויך דאָס געוואָרען אויסגענוצט פאַר א פרעסע־העצע, דאָס דאָזיגע מאָל קעגען מיר פערזענליך. זיי האָבען געשריבען, אַז איך האָב בעפרייט די דאָזיגע

מענשען, כדי צוצוגרייטען פאַר זיך אַן אַליבי. איך האָב נישט נויטיג קיין אַליבי. איך האָב שטענדיג געטאָן, וואָס איך האָב בעטראַכט אַלס נויטיג און פאַסיג פאַר מיין פאָלק, און איך בין גרייט צו ענטפערן דערפאַר. איך בין נישט געוואָרען רייך. קיין איינער איז נישט געוואָרען בעשמירט אין דער פרעסע דורך די לעצטע 12 יאָהר, ווי איך. איך האָב עס קיינמאָל נישט גענומען אויפן געדאַנק. אפילו אין דייטשלאַנד האָט יעדער געקענט שרייבען קעגען מיר, וואָס ער האָט זיך געוואונשען. אָבער די פערעפענטליכטע בעשרייבונגען וועגען די קאָנצענטראַציע־לאַגערן, וואָס האָבען דעם צוועק אויפצוהעצען די וועלט קעגען אונז, טוען מיך נישט דערמוטיגען פאָרטצוזעצען מיין ליניע צו לאָזען הפקר די לאַגערן. מיט עטליכע טעג צוריק האָב איך בעפוילען אָפצורייניגען אַ לאַגער אין זאַקסען, איידער דער פאָרפאָסטען פון די אַמעריקאַנישע אָפטיילונגען האָט זיך בעוויזען. וואָס'אַרע נוצען האָב איך דערפון איבערצוגעבען די לאַגערן?"...

דאָס אַלץ זענען געווען הימלער'ס טענות, אַז זיינע אַלע „זשעסטען" לגבי אידען האָבען גאָר געברענגט אַ פערקעהרטען רעזולטאַט. ער האָט געציעלט צו געווינען אַ בעסערן נאָמען פאַר די נאַציס, **צום סוף האָט ער אַליין גאָר געהאָלפען אויפצוהיטען און אויפצודעקען פאַר די אויגען פון דער וועלט דאָס גאַנצע געשפענסט פון דער דייטשער אכזריות און באַרבאַרישקייט!**

זיין אָפענע חרטה צוליב דעם אָפגעבען די קאָנצענטראַציע־לאַגערן האָט דעריבער געמוזט קלינגען היפש אַלאַרמירענדיג אין די אויערן פון דעם אידישען פאַרטנער פון דאָזיגען געשפרעך. ד"ר מאַזור האָט געזוכט צו מילדערן הימלער'ס אַרגומענטען:

—„מען טאָר נישט איבערשאַצען די בעדייטונג פון דער פרעסע — האָט ער געענטפערט — פון ענטשיידענדער וויכטיגקייט זענען די פאַקטען. די בעפרייאונג פון די 2700 אידען אין לעצטען יאָהר האָט געמאַכט אַ גוטען איינדרוק אין דער וועלט־פרעסע, בעזונדערס דער פאַקט, וואָס די אינטערנירטע פון טערעזיענשטאַדט זענען געווען אין אַ גוטען געזונדצושטאַנד. — פאָרטצוזעצען די זעלבע ליניע פון בעפרייען די אינטערנירטע פון די לאַגערן איז די איינציג־ריכטיגע פּאָליטיק, אומאָפּהענגיג דערפון, וואָס די פרעסע שרייבט".

דער רעזולטאַט פון דער דאָזיגער אויסטערלישער בעגעגעניש איז געווען וואָס הימלער'ס לייב־דאָקטאָר קערסטען האָט דאָך אויסגעווירקט ביי הימלער'ן צו בעפרייען די אידישע פרויען פון קאָנצענטראַציע־לאַגע אין ראַווענסבריק,

און זיי לאָזען איבערפיהרען קיין שוועדען, דורך די פערטרעטער פון שוועדישען רויטען קרייץ. דאָס איז געווען די איינציגע קאָנקרעטע דערגרייכונג פון מאַזור׳ס אינטערווענץ. ביי דער רעאַליזירונג פון דאָזיגען רעטונגס־פּלאַן איז שפּעטער אויך געווען בייהילפיג גראַף בערנאַדאָט. דערביי איז טשעקאַווע צוצוגעבען, אַז הימלער האָט איינגעשטימט צו בעפרייען טויזענד אידישע פרויען פון ראַ־ווענסבריק מיט דעם בעדינג, אַז זיי זאָלען נישט פיגורירען אַלס אידישע נאָר דווקא אַלס פּוילישע פרויען. אויך האָט ער געבעטען, אַז מאַזור׳ס געשפּרעך מיט איהם זאָל בלייבען אין געהיים... דאָס בעווייזט, אַז ביז דער לעצטער רגע האָט הימלער זיך געשראָקען פאַר היטלער׳ן.

די געשעהענישען אויפן פּאָליטיש־מיליטערישען פראָנט זענען געלאָפען גאַנץ שנעל. עטליכע טעג נאָך דער דאָזיגער בעגעגעניש, דעם 24־טען אַפּריל 1945, האָט הימלער געבעטען דעם גראַף בערנאַדאָט פאָרצושלאָגען די דייטשע קאַפּיטולאַציע אויפן מערב־פראָנט. דעם 28־טען אַפּריל איז דער דאָזיגער סוד געוואָרען אויפגעדעקט דורך דעם אַמעריקאַנישען ראַדיאָ. ווען היטלער האָט זיך אין זיין פערשטעקטען שוץ־קעלער דערוואוסט פון דאָזיגען פערראַט האָט ער אין לעצטען טאָג ערב זיין זעלבסטמאָרד נאָך בעוויזען אָפּצורופען הימלער׳ן אַלס זיין ממלא־מקום און דערצו האָט ער אַרויסגעגעבען דעם בעפעהל צום קאָמאַנדיר פון דער דייטשער לופט־וואַפע צו כאַפּען הימלער׳ן און צו שיסען איהם אַלס פעררעטער.

דעם 30־טען אַפּריל 1945 האָט דער אַדמיראַל דעניץ, אָפיציעל איבער־גענומען די מאַכט פון היטלער׳ן. אין זיין רעגירונג, צונויפגעשטעלט דורך היט־לער׳ן פערזענליך, איז טאַקע הימלער נישט געווען איינגעשלאָסען. דעם 8־טען מאַי האָט די דייטשע אַרמעי קאַפּיטולירט אָהן בעדינגונגען. דעם 23־טען מאַי איז הימלער געוואָרען אויסגעפונען פון זיין בעהעלטניש און אַרעסטירט דורך דער בריטישער אַרמעי. אין לעצטען מאָמענט, ווען הימלער האָט זיך געכאַפּט, אַז מען האָט איהם דערקענט, האָט ער פערגעסען אין זיין בעריהמעריי פאַר דעם אידישען פאָרשטעהער, ד״ר מאַזור, אַז ער וועט זיין גרייט צו געבען אַן ענטפער פאַר אַלע זיינע מעשים. ער האָט אויף דער שנעל אַראָפּגעשלונגען אַ גיפט־פּאַרציע, וואָס ער האָט געטראָגען גרייט אין מויל, צווישען די ציין.

דורך זיין זעלבסטמאָרד האָט דער הויפּט־מערדער פון אייראָפּעאישען אידענטום אויסגעמיטען צו ווערען געשטעלט פאַרן משפט. דער צווייטער אין דער רייהע פון די דירעקטע אָרגאַניזאַטאָרען פון דער אידען־פערניכטונג, אייכמאַן, האָט ביז צום היינטיגען טאָג אויסגעמיטען זיין משפט — דורך אויס־בעהאַלטען זיך ערגיץ אין אַן אומבעקאַנטען ווינקעל, העכסט־וואַרשיינליך אין די אַראַבישע לענדער, צווישען זיינע פערבינדעטע אַראַבישע אידען־מערדער.

## .10

# דער קאַסטנער־פּראַצעס אין ירושלים – וואָס האָט ער בעוויזען און וואָס האָט ער פערשוויגען

אויב עס האָט עמיצער געהאָפט, אַז דער לאַנג־פערצויגענער קאַסטנער־פּראָצעס אין ירושלים וועט פונאנדערוויקלען דעם פּולען, דערשיטערענדיגען אמת וועגען די פערשפּילטע הצלה־שאַנסען פאַרן אייראָפּעאישען אידענטום — איז די ענטוישונג געווען אַ ביטערע ביז גאָר. דער קאַסטנער־פּראָצעס האָט לייי־דער בעיקר געטראָגען דעם כאַראַקטער פון אַ פערביטערטען גראַנגעל צווישען צוויי קעמפענדע צדדים: דעם אַנטי־קאַסטנערישען צד, וואָס האָט געזוכט מיט אַלע מיטלען אָפּצוסטעמפּלען קאַסטנער׳ן אַלס בוגד, נאַצי־שותף און „פערקויפטע נשמה צום שטן"; און דעם פּראָ־קאַסטנערישען צד, וואָס האָט געקעמפט פאַר קאַסטנער׳ס פערטיידיגונג און פאַר דער רעכטפערטיגונג פון אַלע זיינע מעשים.

וויפיעל וועמען פון די קעמפענדע צדדים דאָס איז געווען נויטיג צום דראַמאַטישען שפּיעל אויף דער געריכטליכער סצענע — איז די הצלה־פראַגע מאָמענטענווייז אַרויסגעהויבען געוואָרען אויפן פּראָצעס און געוויסע הצלה־דאָקומענטען זענען געוואָרען פּרעזענטירט פאַרן ריכטער־טיש. דער צוגאַנג אָבער, פוןביידע צדדים צוגלייך איז געווען שטרענג־טענדענציעז און איינזייטיג. דער פּועל־יוצא דערפון איז געווען, אַז דאָס היסטאָריש־וועזענטליכע הצלה־פּראָבלעם איז דאָרט נישט געוואָרען בעלויכטען נאָר גאָר פערנעפּעלט; נישט אויפגעקלערט נאָר נאָך מעהרער פערפּלאָנטערט. אין ירושלים׳ער געריכטס־זאַל האָט זיך דערטראָגען דער רויך און טשאַד פון מאַנכע הצלה־געשעהענישען, אָבער דאָס הייליגע פייער פון הצלה־גראַנגעל איז דאָרט נישט געוואָרען אַנטפּלעקט.

דער קאַסטנער־פּראָצעס מיט זיינע 56 עדות און 73 טעג פון עפענטליכע געריכטס־פערהאַנדלונגען; מיט זיינע 283 אָפיציעל־צוגעלאָזענע דאָקומענטען און מיט זיין אויספיהרליך־פאָרמולירטען פּסק־דין אויף 275 זייטען מאַשין־שריפט — דאָס איז געוויס נישט קיין טעמע פאַר אַ קריטישער אָפּהאַנדלונג אויף איין פּוס. נישט אַריינגעהענדיג אין עצם־קאָנפליקט פון קאַסטנער־פּראָצעס איז דאָך אונזער פליכט אויפצוקלערן אין די ראַהמען פון אונזער איצטיגער פאָרשונג די פראַגע, אויף וויפיעל די אַלגעמיינע הצלה־ענטוויקלונגען זענען אויפן דאָזיגען

פראָצעס געוואָרען אַוועקגעשטעלט אין אַ קרומען שפּיגעל, אין פראַגמענטאַריש־פערפיהרערישע עפּיזאָדען.

לכל־הפּחות מוזען מיר זיך דאָ אָפּשטעלען אויף **די פּאָלגענדע 4 וועזענטליכע פּונקטען פון הצלה־פּראָבלעם**, וואָס אויפן קאַסטנער־פּראָצעס זענען זיי געוואָרען פאַלש פאָרגעשטעלט, אָדער גאָר אינגאַנצען פערשוויגען, דהיינו:

1. **די ראָל פון הרב ווייסמאַנדעל אין דעם הצלה־געראַנגעל.**
2. **די נאַצישע כוונות אַרום יואל בראַנד'ס שליחות.**
3. **די שטעלונג פון „ועד הצלה" אין אַמעריקע בנוגע דער פּרינציפּיעלער פראַגע פון „פּדיון שבויים".**
4. **דער דורכפאַל פון מוסי'ס מיסיע צו הימלער'ן און די סיבות דערפון.**

## צום פּונקט 1 — וועגען הרב ווייסמאַנדעל'ס ראָל אין הצלה־ווערק:

דער נאָמען פון הרב ווייסמאַנדעל איז צעהנדליגער מאָל געוואָרען דערמאָנט אין ירושלימער געריכט. מיט אַ בעזונדערס־פייערליכער טאָנאַציע האָט דער נאָמען אָבגעהילכט בשעת דעם לעצטען געפעכט צווישען בעשולדיגער און פערטיידיגער. עס איז באמת געווען מערקווירדיג, ווי ביידע צדדים, אַזוי דער רעגירונגס־פּראָקוראָר חיים כהן, דער מאָהנער פון קאַסטנער'ס פערשוועכטען כבוד, ווי צוגלייך דער ציווילער פערטיידיגער שמואל תמיר, דער הויפּט־אַנגרייפער קעגען קאַסטנער'ן — האָבען ביידע גענאַלטען פאַר עפעקטפול אַריינצופלעכטען אין זייערע סומאַרישע רעדעס געוויסע אויפשוידערענדיגע ציטאַטען פון הרב ווייסמאַנדעל'ס היסטאָרישע הצלה־בריף.

אַזוי למשל האָט דער רעגירונגס־פּראָקוראָר פון מדינת ישראל פאַרגעשטעלט הרב ווייסמאַנדלען, אין אָפּשלוס פון זיין גרויסער בעשולדיגונגס־רעדע:

„אין גאַנג פון דאָזיגען פּראָצעס, מיין הער געריכטס־פּאָרזיצער, איז נישט איינמאָל געוואָרען אָנגערופען דער נאָמען פון דאָזיגען צדיק, הרב ווייסמאַנדעל פון בראַטיסלאַווא, וועמען עס איז קענטיג, אַז אויך דער אָנגעקלאָגטער איז גרייט צוצוטיילען כבוד. און דערפאַר נעם איך מיר דאָס רעכט צו פערענדיגען מיין רעדע מיטן פּאָרליינען אַ ציטאַטע פון הרב ווייסמאַנדעל'ס בריף... און דאָס איז זיין לשון: „אחינו בני

ישראל, צי זענט איהר משוגע געוואָרען ?... רוצחים און משוגעים — ווער־זשע איז דער געבער ? איהר, וואָס גיט פּרוטות פון אייער הויכער בימה, אָדער מיר, וואָס גיבען אונזער בלוט און טרעהרען פון טיעפען תהום אַרויס ?..."

דער אַדוואָקאַט תמיר, האָט אין אָנהויב פון זיין לאַנגער 30־שעה׳דיגער שטורם־רעדע קעגען קאַסטנער׳ן, זיך אויך פּעררופען אויף אַ פראַגמענט פון הרב ווייסמאַנדעל׳ס אומפּערגעסליכע בריף:

„און איהר, אחינו בני ישראל, אין די אַלע פרייע מדינות, און איהר — די מיניסטאָרען אין יעדער מדינה, ווי אַזוי פּערשווייגט איהר דעם דאָזיגע מאָרד, וואָס האָט ביז־איצט אומגעברענגט לערך זעקס מיליאָן אידען און וואָס אויך איצט ווערען אויסגעקוילעט צעהנדליגער טויזענדער אידען יעדען טאָג. פון זייערע וויסטע הערצער שרייען צו אייך די אויסגעקוילעטע אידען: אכזרים זענט איהר! מערדער זענט איהר!"...

אפילו דער ריכטער האָט געפונען פאַר נויטיג צו ווידמען אין זיין פּסק־דין אַ שורה פון אָנערקענונג פאַר הרב ווייסמאַנדעל און זיין רעטונגס־גרופּע:

„אין בראַטיסלאַווא, די רעזידענץ פון דער נאַצישער סלאָוואַקיי, דאָרטען איז געווען טעטיג די גרופּע פון אָרטאָדאָקסען און ציוניסטען, אונטער דער אָנפיהרונג פון הרב ווייסמאַנדעל און פרוי גיזי פליישמאַן, וועלכע האָבען צוזאַמען געאַרבעט פאַר הילף און רעטונג".

[לויט דעם אָריגינאַל פון פּסק־דין ז׳ 24].

דאָס אַלץ, און מעהר גאָרנישט ? בלויז אַן איינציגע שורה פון פּסק־דין האָט אַ שייכות צו הרב ווייסמאַנדעל׳ס הצלה־ווערק, און מעהר גאָרנישט ?

קיינער פון די קעמפערישע צדדים איז נישט געווען פעראינטערעסירט אַרויסצוברענגען דעם היסטאָרישען אמת, דאָס אין הרב ווייסמאַנדעל׳ס בינטעל בריף ליגט דער שליסעל צו דער גאַנצער פּערפּלאָנטערטער פראַגע פון די אויסקויף־פּערהאַנדלונגען מיט די נאַצישע מערדער. אין די דאָזיגע בריף איז דאָך פאַרהאַן סיי די פולע, אויסשעפּענדע אינפאָרמאַציע און סיי די אָביעקטיווע אָפּשאַצונג פון די אומגלויבליכסטע סיטואַציעס. די בריף זענען געוואָרען גע־שריבען אויף דער הייסער מינוט און קיינער קאָן זיי נישט „רעסטאַווירען", „צו־פּוצען" אָדער גאָר אַרויסשניידען פון זיי „פּאַסיגע אויסצוגען". נאָכמעהר — די דאָזיגע בריף געפינען זיך היינט צומאָל נישט אין די הענד פון הרב ווייס־מאַנדעל, ווייל זיי זענען ריכטיג דערגאַנגען צו די אַדרעסאַטען און די אָריגינאַלען

בבית המשפט המחוזי בירושלים

תיק פלילי מס. 124/53

בפני: כב' הנשיא דר' בנימין הלוי

בענין שבין:

היועץ המשפטי לממשלת ישראל — מאשים

נ ג ד

מלכיאל בן מנחם גרינולד — נאשם

האשמה בהוצאת דבה, עברה על סעיף 201
לפקודת החוק הפלילי, 1936.

- - - - - - - - - - -

למאשים: היועץ המשפטי ומר תל
לנאשם: מר תמיר

- - - - - - - - - - -

## פסק-דין

נושא המשפט — 1. הנאשם במשפט זה, מר מלכיאל גרינולד, בן 71, מירושלים, נאשם ע"י היועץ המשפטי בהוצאת דבה, עברה על הסעיף 201 לפקודת החוק הפלילי משנת 1936, בפרסמו בעלון פרטי מיום י' אב תשי"ב, חוברת שיש בו מאמר הוצאת שם רע על דר' ישראל קסטנר, דובר משרד המסחר והתעשיה, שלא כחק ומתוך כונה להוציא עליו שם רע. המאמר הנדון מתיחס בעקרו לפעילותו הצבורית של דר' ק' בתקופת השלטון הנאצי בהונגריה ולפעולות נוספות ידועות אחרי התקופה הנ"ל; ואם כי נסוח המאמר אינו מאפשר על נקלה לסכם את ההאשמות השונות שהוא מטיח כלפי דר' ק', נראה אולי לחלק את העקריות שבהן לארבעת הראשים כדלקמן:

א) שתוף פעולה עם הנאצים;

ב) "רצח בעקיפין" או "הכשרת הקרקע לרצח" של יהודי הונגריה;

ג) שותפות בגזל עם פושע מלחמה נאצי;

ד) הצלת אותו פושע מלחמה מעונש אחרי המלחמה.

הנאשם הודה שהוא פרסם את המאמר הנדון, וטענתו העקרית היא שתוכן הדברים אמת. נאשם הרוצה להסתמך על טענה זו (טענת "צידוק") במשפט פלילי חייב להוכיח לפי הסעיף 205(א) על הפקודה

זענען אויפגעהיט אין די אַרכיוועו פון די העכסט־מאָסגיביגע אידישע אָרגאַני־זאַציעס!

וואָלטען הרב ווייסמאַנדעל׳ס בריף יאָ געוואָרען צוגעשטעלט צום ריכטער פון ירושלים — וואָלט דאָך מינדעסטענס נישט מעגליך געווען אַזאַ נאַאיווע און קורצזיכטיגע אָפשאַצונג, אַז די אַלע „נאַצישע אָנבאָטען״ און די לאַנגע „אויסקויף־פערהאַנדלונגען״ זענען בלויז געווען אַ טייוולאָנישע אינטריגע מצד די נאַצישע רוצחים, כדי צו קאָמופלאַזשירען זייערע רוצחישע פלענער. די דאָזיגע „טעזע״ איז געוואָרען אויטאָריזירט דורכ׳ן ירושלימער ריכטער אין זיין ריקזיכטסלאָזער פעראורטיילונג פון קאַסטנער׳ן דעם נאַצי־פערמיטלער — זי איז אָבער עלול צוגלייך צו דינען אַלס אומדירעקטע פערטיידיגונג און בערעכטיגונג פאַר דער פערברעכערישער פערנאַכלעסיגונג אויפן הצלה־געביט!

ווי אַנדערש זעהט אויס די אָביעקטיווע זאַכלאַגע אַרום די אויסקויף־פערהאַנדלונגען, אין ליכט פון הרב ווייסמאַנדעל׳ס כסדר׳דיגע הצלה־אַלאַרמען. נעמען מיר, למשל, איניגע פראַגמענטען פון זיין אויספיהרליכען 16־זייטיגען פערטרויליכען מעמאָריאַל וואָס טראָגט די דאַטע: „ב״ה, א׳ לסדר מטות ומסעי תש״ד״, דאָס מיינט אין חודש יולי פון 1944:

— „מיר האָבען מעהרערע בעוויזען, אז מצד „אשכנזי״ (געמיינט, די נאַצים) איז דער משא־ומתן עהרליך געמיינט: א) אונזער איינדרוק בשעת דעם גאַנצען משא־ומתן, די דאָזיגע איינדרוקען סומירען זיך צוזאַמען און זענען פון פעראַנטוואָרטליכע מענשען פון אונזער זייט געוואָרען אונטערגעצויגען, אַז די אויפריכטיגקייט פון אונזער פער־האַנדלונגס־פּאַרטנער שטעהט אויסער יעדען צווייפעל; ב) דער פאַקט, וואָס מיר האָבען דאָ קלאָר און איינדייטיג געלערענט, אַז מצד „אשכנז״ איז דער פערטראַג פולקאָם געוואָרען געהאַלטען... דער דאָזיגער פאַקט האָט שוין אונזער ערפאַהרונג זינט 2 יאָהר. נאָך אונזער גאַנצער ער־פאַהרונג איז דאָס נישט געלעגען אין דער מאַכט פון דירעקטען פער־האַנדלונגס־פּאַרטנער (געמיינט, וויסליצעני) אליין, ווייל ער האָט דערצו אומבעדינגט געמוזט האָבען די מיטהילף פון „איש אייך״ (געמיינט, אייכמאַן); ג) מיר האָבען אויך איינמאָל בעקומען צו זעהען אמטליכע קאָרעספּאָנדענץ אויף דער דאָזיגער טעמע, וואָס וויסליצעני האָט אונז ספּאָנטאַן געצייגט...

„אויסער דעם האָבען מיר איצט, בליקענדיג אויף צוריק, בעקומען נאָך איניגע אָביעקטיווע בעוויזען: א) אין די גביית־עדות פון די צוויי אנטלאָפענע פון אוישוויץ־בירקענאו, געפינען זיך פאַקטען, וואָס אין

די אויגען פון די דאָזיגע וועטעראַנען פון בירקענויער גיהנום (זיי זענען דאָרט געווען צוויי יאָהר) האָט דאָס אויסגעזעהען בעזונדערס מערקווירדיג. זיי האָבען נעמליך פעסטגעשטעלט, אַז אום זומער 1943 איז אין בירקענאו געווען אַ „רוהע־מאָנאַט", און קיין איין דעפּאָרטאַציע־צוג איז נישט אָנגעקומען אהין. דאָס האָט אַלעמען דאָרטען געבראַכט צום שטוינען... ב) פון דער זעלבער קוועלע האָט מען זיך דערוואוסט, אַז אין סעפּטעמבער 1943 זענען געוואָרען געבראַכט איינִיגע טויזענד אידען פון טערעזיענשטאַדט קיין בירקענאו און זיי האָבען דאָרט בעקומען אַ ספּעציעל־זאָרגפעלטיגע בעהאַנדלונג, וואָס דאָס האָט ווידער אַלעמען געבראַכט צום שטוינען..."

און דאָ האָט זיך הרב ווייסמאַנדעל פערמאָסטען אויפצוקלערען די **ריכטיגע סיבה פוןביידע רעטזעלהאַפטע ערשיינונגען**, אַז דאָס איז טאַקע געשעהען אין איינקלאַנג מיט די נאַצישע אָנבאָטען בעת די אויסקויף־פערהאַנדלונגען אין יענעם פעריאָד:

„אין יענער צייט (צירקאָ מאי־יוני 1943) זענען מצד „אשכנז" געוואָרען פאָרמולירט 6 פּונקטען. דער וועזענטליכסטער פּונקט איז גע־ווען אָפּצושטעלען די „גירוש־איינשטעלונג" (געמיינט, די אידען־דעפּאָרטאַציעס) פון גאַנץ אייראָפּע, איינשליסענדיג אונגאַרן. און דווקא דער דאָזיגער אָנבאָט וועגען „אונגאַרן" האָט ביי אייך אין אויסלאַנד דעמאָלס ארויסגערופען ספקות לגבי דעם פּאַרטנער אונזערן... אַ ווייטערדיגער פּונקט אין זייער אָנבאָט איז געווען די פּראָקלאַמירונג פון איין „שאָן־מאָנאַטס" (געמיינט, אַ בעגנעדיגונגס־חודש) במשך פון זו־מער, מיר געדענקען שוין נישט, צי דאָס האָט געזאָלט זיין יוני אָדער יולי, וואָס אין פערלויף פון דאָזיגען חודש זאָל נישט פּאָרקומען קיין שום גירוש מצד „אשכנז", און מצד אונז זאָל מען דערווייל ליפערן די בעשטימטע פערפליכטונגען, וואָס דעמאָלס איז עס געוואָרען גע־פּאָדערט אין געלד און נישט אין סחורות... שפּעטער, אין הערבסט פון יאָהר 1943 האָבען מיר ווידער אָנגעקניפּט פערהאַנדלונגען אויף אַן „אַנדערער ליניע", דאָס מיינט, די ערלויבעניש פאַר אויסוואַנדערונג און אַלס ערשטע גרופּען זענען געוואָרען אָנגעמערקט די אידען פון טערעזיענשטאַדט, וואָס זייער גורל איז געבליבען הענגען, אָפּוואַרטענדיג דעם רעזולטאַט פון אונזערע פערהאַנדלונגען... אין די דאָזיגע ביידע פאַלען האָט „אשכנז" אַלוא געזוכט איינצוהאַלטען די פאָרגעשטעלטע בעדינגונגען..."

אויף די בלוט־טריפענדע זייטען פון דאָזיגען הצלה־בריף ווערען אויסגע־לעגט די אַלע פאַקטען און בעווייזען — דערפאַר איז נישט קיין חידוש וואָס הרב ווייסמאַנדעל׳ס בריף איז געוואָרען פערענדיגט מיט אַזאַ אויפשווידערענדיגען אַקאָרד:

— „דאָס אַלעס איז אויף אייער אחריות... צוליב אייער אומ־פערשטענדליכען, אומזיניגען שטאַנדפונקט... זאָל השם יתברך ענדליך בעלויכטען אייער פערשטאַנד..."

## צום פונקט 2 — וועגען דער נאַצישער „פּראָוואָקאַציע" מיט בראַנד׳ס שליחות:

אין גאַנג פון קאַסטנער־פּראָצעס האָט זיך אָפּט בעקומען דער איינדרוק, אַז דער גאַנצער פּלאַן פון יואל בראַנד׳ס שליחות מיטן אָנבאָט „צו פערקויפען דעם מיליאָן אונגאַרישע אידען" איז אויך נישט געווען מעהר ווי אַ ראַפינירט־טייוולאַנישע נאַצישע אינטריגע, כדי צו פערטומלען די אידישע קעפּ סיי אינע־ווייניג און סיי אין דרויסען. דער דאָזיגער שטאַנדפּונקט איז צום ערשטען געוואָרען אַרויסגעבראַכט דורכן הויפּט־עדות קעגען קאַסטנער׳ן, משה קראַוס, דעם גע־וועזענעם אָנפיהרער פון ארץ־ישראל־אַמט אין בודאַפּעסט. דערנאָך האָט זיך דערין אָנגעכאַפּט דווקא דער רעגירונגס־פּראָקוראָר און מאָהנער פון קאַסטנער׳ס צד. צום סוף איז די דאָזיגע היפּאָטעזע געוואָרען אַוועקגעשטעלט ווי איינע פון די גרונט־ אַרגומענטען אין געריכטס־אורטייל קעגען קאַסטנער׳ן.

אין דער בעגרינדונג פון „פּסק־דין" ווערט אַזוי־אַרום סומירט די עדות־ערקלערונג פון משה קראַוס:

„קראַוס האָט זיך פון דער ערשטער מינוט אָן בעצויגען קריטיש צו בראַנד׳ס שליחות, און האָט דערין געזעהען איינעם פון די נאַצישע מאַנעוורעס צו פערפיהרען די אידישע מנהיגים און אָבצולענקען זיי פון דער ווירקליכער פערניכטונג. נאָך פאַר דער אָפּרייזע פון בראַנד׳ן האָט קראַוס געפרעגט: „אויב די דייטשען פערנעמען זיך אַזוי ערנסט מיט דער פראַגע (דעם האַנדעל וועגען אָפּשטעלען די דעפּאָרטאַציעס) און שיקען ספּעציעל אַ איד צו קומען אין קאָנטאַקט מיטן וועלט־אידענטום, טאָ פאַרוואָס־זשע האָבען די דייטשען אָנגעהויבען די גירושים מיט 3—4 טעג פאַר דעם?"

[לויט דעם אָריגינאַל פון פּסק־דין ז׳ 154].

**דאָס איז געווען דער „שלאָגענדער בעוויז" אין מויל פון איינעם פון די הויפּט־עדות אויפן פּראָצעס — און דער פּראָקוראָר האָט זיך שפּעטער געשטיצט דערויף:**

„זאָל מיר ערלויבט זיין צו זאָגען איין וואָרט וועגען דער עצם שליחות. סוף כל סוף האָבען סיי די ענגלענדער און סיי די אמעריקאַנער געזעהען אַן אויספּרעסונגס־מיטעל אין גאַנצען פאָרשלאַג. און מיר דוכט זיך, אז היינט קאָנען מיר מעהר־ווייניג מיט אַ היסטאָרישער מאָס רעטראָספּעקטיוו בעהאַנדלען די פראַגע, צי איז טאַקע דער דאָזיגער אָנבאָט מצד די נאַצים געווען אַן ערנסטער אָנבאָט און צי איז טאַקע דאָס דאָזיגע שליחות פון בראַנד'ן געווען ערנסט געמיינט און געהאַט אויסזיכטען. איך גלויב, אז שוין אין אוועקשטעלען די דאָזיגע פראַגע ליגט דער ענטפער... און איך זאָג, אז עס איז נישט געווען צו גלויבען, דאָס דער פערשאָלטענער אייכמאַן איז געווען אימשטאַנד צו געבען אַ צוזאָג און ערפילען איהם. ער האָט גענומען, אָדער וואָלט געווען גע־נומען צעהנדליגער טויזענדער לאַסט־אויטאָס, נאָר ער וואָלט נישט גע־געבען קיין עקוויוואַלענט..."

**און דער ירושלימער ריכטער האָט געזוכט צו דעקען מיט זיין אויטאָריטעט די דאָזיגע אויפפאַסונג:**

„...דאָס איז געווען איינע פון די מאַקיאַוועלישע שיטות פון די נאַצים צו מאַכען אָפּהענגיג די אידען־רעטונג פון אונמעגליכע בעדינ־גונגען, כדי צו ברענגען אידען צו פערלוירענקייט, צו שאַפען קאָנפליק־טען צווישען אידען און די אַליאירטע און צום סוף צו קאָנען וואַרפען די שולד פאַר דער פערניכטונג אויף אַנדערע... פאַר די אונגאַרישע אידען, וואָס זענען געוואָרען סיסטעמאַטיש אויסגעראָטעט האָט נישט געקאָנט אַרויסקומען קיין שום נוצען פון דער דאָזיגער נאַצישער פראָ־פּאָזיציע. דער ענטשיידענדער פאַקט איז דאָך געווען — ווי קראַוס האָט דאָס ריכטיג געזעהען — אז די פערניכטונג איז דערווייל געוואָרען פאָרטגעזעצט אין שרעקליכסטען פערנעם, טראָץ בראַנד'ס שליחות... גערעכט איז געווען דער שטאַנדפּונקט פון קראַוס'ן, אז אויך בראַנד'ס מיסיע איז געוואָרען אויסגענוצט דורך אייכמאַנ'ען, כדי אַרויסצורופען פאַלשע האָפנונגען ביי די אידישע פיהרער אין אונגאַרן און אָפּצושוואַ־כען זייער ווידערשטאַנד צו דער פערניכטונג, וואָס איז אָנגעגאַנגען מיטן פולען טעמפּאָ"...

עס איז איבריג דאָ נאָכאַמאָל אונטערצושטרייכען ווי **די דאָזיגע „טעאָריע"**

**שטעהט אין פולשטענדיגע סתירה סיי מיט הרב ווייסמאַנדעל׳ס אויטענ־טישער דאָקומענטאַציע און סיי מיט די געהיימע נאַצישע אַרכיוואַלע מאַטעריאַלען פון יענער עפּאָכע.**

איבריגענס, ליגט דער טעות פון ירושלימער ריכטער׳ס טעאָריע אויבען־אויף: אין זעלבען „פסק־דין" איז געוואָרען ברייט אַרגומענטירט אייכמאַנ׳ס סיסטעם צו האַלטען שטרענג־געהיים די אַנטי־אידישע פערניכטונגס־אַקציע. דער ריכטער האָט אפילו געזוכט צו פערבונדען ביידע, דעם „סוד ההשמדה" מיטן „סוד ההצלה", כדי צו בעווייזען ווי ראַפינירט די נאַצישע מערדער זענען געווען אין זייער מערדערישע קאָנספיראַציע. טאַ ווי־זשע לעגט זיך עס אויפן שכל, אַז דער זעלבער אייכמאַן זאָל ריזיקירען מיט אַזאַ וועלט־אויפטרייסלענדיגער אונטערנעמונג אַרויסצושיקען קיין אויסלאַנד צוויי אָפיציעלע שליחים מיטן אויפטראַג זיינעם, „סחורה פאַר בלוט"? און דאָס אַלץ זאָל ער האָבען ריזיקירט בלויז כדי צו פערטומלען און פערנאַרען די פּאָר אידישע מנהיגים אין בודאַפּעסט זעלבסט? דער ריכטער אַליין האָט דאָך געהאַלטען פאַר נויטיג פעסטצושטעלען אַז „אומדירעקט האָט בראַנד׳ס שליחות מעגליך געווירקט לטובת די אונגאַרישע אידען, דורך איבערגעבען די גענויע אינפאָרמאַציעס וועגען דער פערניכטונג צו דער אידישער אַגענטור און צו די אַליאירטע רעגירונגען, וועלכע האָבען אינטערווענירט ביי האָרטי׳ן, דעם 26־טען יוני"...

אויך דער אַרגומענט, וואָס שטאַמט פון קראַוס׳ן און איז געוואָרען אַדאָפּ־טירט דורכן ירושלים׳ער ריכטער, הלמאַי אייכמאַן האָט צום ערשט אָנגעהויבען די בליצמעסיגע דעפּאָרטאַציעס פון די אונגאַרישע אידען און ערשט דערנאָך, אין גאַנג פון די גירושים, אַרויסגעשיקט די שליחים — האַלט נישט אויס די לאָגיק, אין אָנבליק פון היסטאָריש־בעוויזענעם פאַקט, דאָס די אויסקויף־פער־האַנדלונגען מיט די זעלבע נאַצי־מערדער האָבען נאָך פון פריהער זיך געהאַט געצויגען העכער אַ יאָהר צייט, נאָר מצד די אידישע פאָרשטעהער אין אויסלאַנד איז אַלץ נישט געקומען קיין פּאָזיטיווער ענטפער. דער ראַפינירטער מאַסען־מערדער, אייכמאַן, האָט דעריבער אָבגעוואַרט מיט זיין לעצטען „אָנבאָט" ביז דעם סאַמע גאַנג פון דער פערניכטונגס־אַקציע, און דעם אָנבאָט זיינעם „סחורה פאַר בלוט" האָט ער דאָך איבערגעשיקט מיט אַ ספּעציעלען נאַצישען קוריער־עראָפּלאַן, אין דער גרעסטער איילעניש: „אָדער וואַרע, אָדער בלוט"...

## צום פונקט 3 — וועגען דער פאַלש־פאַרגעשטעלטער ראָל פון „ועד הצלה" אין אַמעריקע:

די היסטאָרישע ראָל פון „ועד הצלה" אין אַמעריקע איז געוואָרען אַרויס־געבראַכט פאַרן קאָסטנער־געריכט אין אַן אַבסאָלוט־פערקריפּעלטער פאָרם.

דערביי איז געווען בולט די שאַרף־געגענגעזעצטע מיינונגען צווישן צוויי אַרויס־גערופענע עדות פון אַנטי־קאַסטנערישן צד גופא.

איינער פון די דערשינענע עדות, פראָפעסאָר בנימין אַקצין, אַ געוועזענער בעאַמטער פון רוזוועלט׳ס „וואָר רעפיודזשי באָרד״ און איצטיגער יורי־פראָפעסאָר אין דער העברעאישער אוניווערזיטעט, האָט זאַכליך און אָביעקטיוו אָוועקגע־שטעלט די שייד־ליניע צווישן דעם וואַשינגטאָנער „באָרד״ און דעם אַמערי־קאַנישן „ועד הצלה״, אין דער גורל־פראַגע פון אידישער רעטונג:

— „די אָפיציעלע ליניע פון „וואָר רעפיודזשי באָרד״ און פון דער אַמעריקאַנער רעגירונג איז געווען, נישט צו דערלויבען, אַז אין דער צייט פון קריג זאָלען ווערען איבערגעליפערט געלד־סומען אין די דייטשע הענד. זיי האָבען בלויז געוואָלט אויסנוצען די פערהאַנדלונגען, כדי אויפצוהאַלטען ווי־ווייט מעגליך דעם אויסראָטונגס־פראָצעס. סאַלי מאַ־יער האָט בעקומען אינסטרוקציעס, וואָס ער האָט אויך אויסגעפיהרט, נישט אויסצוצאָהלען די דייטשען קיין געלד, נאָר בלויז צו בעווייזען זיי דאָס געלד. אָבער נישט צו געבען קיין אויסקויף־געלד —

און דאָ קומט פראָפ. אַקצין׳ס כאַראַקטעריסטיק פון „ועד הצלה״:

„דער „ועד הצלה״ פון אגודת הרבנים אין אַמעריקע איז געווען איינע פון די אָרגאַניזאַציעס, וועלכע זענען געווען מעהר עקסטרעם, ווי דער „דזשאָינט״ למשל, אין דער פראַגע פון ראַטעווען אידען. דער דאָזיגער „ועד״ האָט פערלאַנגט פון „וואָר רעפיודזשי באָרד״ צו ער־לויבען איהם אָנצואווענדען נאָך מעהר אויסעראָרדענטליכע מיטלען. אין אַ געוויסען פעריאָד האָט זיך געוואָנדען דער פאָרשטעהער פון דאָזיגען „ועד הצלה״ אין דער שוייץ, מר. שטערנבוך, צום קאָמיטעט אין אַמע־ריקע, ווי אויך צו אונז, דורך דער פערמיטלונג פון אונזער רעפרעזענ־טאַנט אין שווייץ, מר. מעק־קלעלענד, מיט דער בקשה צו טראַנספערירען אויף זיין נאָמען אַ מיליאָן דאָלאַר פון די פאָנדען פון „ועד הצלה״, כדי צו קאָנען זיך דערמיט בענוצען און געבען די דייטשע אַגענטען געלד אָדער סחורות (דאָס דאָזיגע געדענק איך שוין נישט גענוי), אַלס קאָמפּענסאַטע פאַר פערלייכטערונגען צו די אידען אין אונגאַרן און אויך אין די שכנות׳דיגע לענדער. דער „ועד הצלה״ האָט קענטיג נישט געהאַט די מיטלען און ער האָט זיך געוואָנדען צום „דזשאָינט״ און געבעטען אַ הלוואה פון אַ מיליאָן דאָלאַר. דער „דזשאָינט״ האָט נישט מסכים געווען דערויף, נאָר בתנאי אַז דער „ועד״ זאָל זיך פערפליכטען אויף צוויי זאַכען: א) צו בענוצען זיך מיט געלד אויף דעם זעלבען

אופן ווי סאַלי מאַיער, דאָס מיינט בלויז צו צייגען די דייטשען, אַז דאָס געלד איז דאָ... ב) אַז דאָס געלד זאָל ווערען טראַנספערירט נישט בלויז אויפן נאָמען פון שטערנבוכין, נאָר אויף אַ בשותפות׳דיגער קאָנטע פון שטערנבוך און מעק־קלעלענד... אויף וויפיעל איך געדענק איז מעק־קלעלענד געוואָרען צוגעצויגען צו דער קאָנטע, צוליב דעם, וואָס דער „וואָר רעפיודזשי באָרד" האָט נישט געהאַט די זעלבע מאָס פער־טרויען צו שטערנבוכ׳ן און צום „ועד הצלה", ווי צו סאַלי מאַיער׳ן און דעם „דזשאָינט", דאָס מיינט צו זאָגען, אַז מיר זענען נישט געווען זיכער, דאָס אויב דאָס געלד וועט איבערגעוויזען ווערען בלויז אויפן נאָמען פון שטערנבוך, וועט ער דאָס נישט אויסצאָהלען צו די דייטשען. מעק־קלעלענד האָט בעקומען אינסטרוקציעס נישט צו ערלויבען בענוצען דאָס געלד פאַר אויסצאָהלונגען אָדער איינקויפונגען לטובת די דייטשע אגענטען..."

די דאָזיגע בעלויכטונג שטימט פולשטענדיג מיט די פאַקטען, וואָס ווערען אַרויסגעהויבען אין דעם אָפיציעלען שלוס־בעריכט פון „וואָר רעפיודזשי באָרד", און דער דאָקומענטאַרישער אַרכיוו פון „ועד הצלה" אין אַמעריקע בעשטעטיגט דאָס אַלץ אין דער פולער מאָס. דערפאַר האָט געמוזט קלינגען גאַנץ אויסטערליש די קאַפּויערדיגע „קאָנצעפּציע" וועגען „ועד הצלה" אין אַמעריקע, וואָס איז גע־וואָרען פּרעזענטירט אויפן קאַסטנער־פּראָצעס דורך אַן אַנדערען געשוואוירענעם עדות, ד״ר ראובן העכט, אַ רעוויזיאָניסטישער טהוער, וועלכער האָט בשעת דער מלחמה זיך געפונען אין דער שווייץ. דער דאָזיגער עדות האָט דערצעהלט פאַרן ירושלימער בעריכט פיעל פּרטים וועגען מוסי׳ס מיסיע צו הימלער׳ן אין נאָמען פון „ועד הצלה" אין אַמעריקע, און דערביי האָט ער צוגעגעבען אַזאַ סאָרט „פּירוש":

„אין געגענזאַץ צו דער „געלד־ליניע" פון קאַסטנער׳ן (אלס פער־מיטלער צווישען סאַלי מאַיער און די נאַצים) האָט דער „ועד" פון שטערנבוכין געגלויבט אין דער „פּאָליטישער ליניע" — אונזער „ועד האָט בעשלאָסען צו געהען אויף דעם צווייטען וועג, דאָס מיינט נישט צו בעצאָהלען קיין געלד... לויט אונזער מיינונג איז דאָס געווען אַ העכסט־געפעהרליכער וועג, ווייל דאָס וואָלט געקענט ברענגען צו וויי־טערדיגע אויספּרעסונגען און געלד־פאָדערונגען..."

[לויט דעם בעריכטס־בוך „תיק 124" ז׳ 214].

דער זעלבער עדות האָט כסדר גערעדט וועגען „ועד הצלה" אין סטיל פון

„מיר", „אונזער קאָמיטעט" וכדומה — און דאַן האָט איהם דער פּראָקוראָר געשטעלט די פאָלגענדע פראַגע:

— „די דאָזיגע אונטערנעמונג, וואָס אייער קאָמיטעט האָט דורכ־געפיהרט מיט מוסי און דער גאַנצער האַנדעל, וואָס איהר האָט געפיהרט, צי האָט איהר דערויף בעקומען אַן ערלויבעניש אָדער הסכמה אָדער שטעמפּעל פון עפּעס אַן אָפיציעל־אָנערקענטער קערפּערשאַפט, אַ שטייגער דער קהלות־פערבאַנד אין דער שווייץ, די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אָדער דער „דזשאָינט"?

— „די דאָזיגע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע איך האָב רעפּרעזענטירט האָבען איינגעשטימט דערצו— ענטפערט דער עדות.

— „דאָס מיינט פּיטער בערגסאָנ'ס קאָמיטעט און דער ועד פון אגודת ישראל?" — פרעגט דער פּראָקוראָר ווייטער.

— „נישט זיי, נאָר די רעוויזיאָניסטישע אינסטאַנצען האָבען דערויף איינגעשטימט. איך האָב געפיהרט די מיסיע פאַר עליה און הצלה. עס האָבען דערוועגען געוואוסט די רעוויזיאָניסטישע אָרגאַנען, בערג־סאָנ'ס קאָמיטעט, די „אַמעריקאַנישע ליגע פאַר אַ פרייע ארץ־ישראל", און דער עיקר דער „ועד הצלה" — האָט דער עדות ערקלערט.

דער דאָזיגער משונה'דיגער פּרוב צו אידענטיפיצירען די מוסי־אַקציע פון „ועד הצלה" מיט די רעוויזיאָניסטישע אָרגאַניזאַציעס איז געוואָרען ווידערהאָלט נאָך אין אַ מעהר דראַסטישער פאָרם דורך דעם רעוויזיאָניסטישען אָרגאַן אין ארץ־ישראל, „חרות", אין זיין נומער פון ערב ראש־השנה תשט"ז. דער אַרטיקעל איז טאַקע געוואָרען געשריבען אין צוזאַמענהאַנג מיטן קאַסטנער־פּראָצעס און זיין שרייענדיגער 8־שפּאַלטיגער טיטול קלינגט שוין גאָר אַרויסרופעריש:

— **אַט אַזוי זענען געוואָרען געשטערט די רעטונגס־אַקציעס פון אַרטאַדאָקסיש־נאַציאָנאַלען קאָמיטעט, וואָס האָט געווירקט מיט דער הילף פון מוסי"...**

אין פּאַרטייאיש־טענדענציעזען אַרטיקעל ווערט דער רעוויזיאָניסטישער טהוער ד"ר ראובן העכט אַוועקגעשטעלט אין צענטער פון דער גאַנצער מוסי־אַקציע און ווידער־אַמאָל ווערט פערלייקענט דער אַלגעמיין־בעוואוסטער היסטאָרישער פאַקט, אַז מוסי'ס אַקציע איז דווקא יאָ געווען פערבונדען מיט גאָר ערנסטע „אויסקויף־פערהאַנדלונגען".

דער רעגירונגס־פּראָקוראָר האָט טאַקע אַרונטערגעריסען די גלויבענס־ווירדיגקייט פון עדות, ד"ר העכט, דורך אונטערשטרייכען די סתירות צווישען

זיינע ערקלערונגען פאַרן געריכט אין פערגלייך מיט די פאַקטען אין מוסי׳ס ראַפּאָרט, וואָס האָט זיך געפונען צווישען די בייגעלעגטע דאָקומענטען:

„עס איז אינטערעסאַנט צו זעהען פון דאָקומענט נומער 77 (דעם מוסי־ראַפּאָרט) ווי אַזוי עס איז געקומען דערצו, אַז מוסי זאָל אויף זיך נעמען אַזאַ שטייגער אויפגאַבע, און די פאַקטען שטימען נישט מיט די שילדערונגען פון עדות ראובן העכט".

[לויט „תיק 124" ז' 303].

קלאָר, אַז דער דערמאָנטער ראַפּאָרט דינט אַלס די פונדאַמענטאַלע דאָקומענטאַרישע קוועלע פון דער גאַנצער היסטאָריש־וויכטיגער מוסי־אַקציע. אין ראַפּאָרט איז נישט פאַרהאַן די מינדעסטע אָנדייטונג וועגען וועלכער־עס־איז הילף אָדער אינספּיראַציע מצד רעוויזיאָניסטישע אינסטאַנצען בנוגע דער מוסי־אַקציע. פערקעהרט גאָר, אין מוסי׳ס ראַפּאָרט ווערט זיין גאַנצע שליחות אָפּיציעל צוגעשריבען דער אגודת הרבנים אין אַמעריקע, וואָס האָט אין דער דאָזיגער בלוטיג־ערנסטער אַקציע געדעקט מיט איהר אויטאָריטעט דעם „ועד הצלה". און דאָס איז טאַקע געווען די איינציגע אידישע אינסטאַנץ, וואָס האָט אויף זיך דעמאָלט געוואַגט צו נעמען די פולע אחריות פאַר אַזאַ מיסיע!

למען האמת דאַרף מען צוגעבען, אַז אין די אַרכיוען פון „ועד הצלה" ווי אויך אין דער צאָהלרייכער פּערטרויליכער קאָרעספּאָנדענץ פון מר. שטערנבוך צום „ועד הצלה" איז לחלוטין נישט צו געפינען דעם נאָמען פון ד"ר ראובן העכט.

מעגליך, אַז דער דערמאָנטער ד"ר העכט איז געווען צו יענער צייט אַ מיטאַרבעטער אָדער מיטהעלפער פון מר. שטערנבוכ׳ס אָפיס אין דער שווייץ — דאָס האָט אָבער גאָרנישט געהאַט צו טהוען מיט די היסטאָרישע ענטשיידונגען אַרום מוסי׳ס מיסיע, פאַר וועלכע עס איז בלויז געווען פעראַנטוואָרטליך די לייטונג פון „ועד הצלה" און די אגודת הרבנים אין אַמעריקע.

## צום פונקט 4 — וועגען די סיבות פון מוסי׳ס דורכפאַל ביי הימלער׳ן:

איינער פון די סאַמע סענסאַציאָנעלסטע דאָקומענטען, וואָס זענען אַרויסגעשוואומען אויפן קאַסטנער־פּראָצעס איז געוויס געווען דער פראַגמענט פון הימלער׳ס נאָטיצען, געשריבען מיט זיין האַנדשריפט, וואָס לויטעט אַזוי:

— „מאָנטאָג, דעם 15־טען יאַנואר 1945, איך האָב געהאַט אַ בעגעגעניש מיטן פּרעזידענט ד"ר זשאַן־מאַרי מוסי אין ווידבאַד. ער

האָט מיט מיר, ווי בעוואוסט, געשפּראָכען אין דער מיסיע פון די אמע־ריקאנער, אויב עס איז מעגליך צו געפינען א גרונדליכע לעזונג צו דער אידען־פראגע. ער זעלבסט האָט אָנגעבאָטען זיינע לייסטונגען דערצו.

„ד״ר זשאָן מוסי איז געוואָרען זעהר איבערראשט, ווען איך האָב איהם געזאָגט, אַז דער איד סאַלי מאַיער האָט אין נאָמען פון „דזשאָינט״ צונויפגעפיהרט מיין בעפולמעכטיגטען דעם ס״ס־אָבער־שטורם־באַנפירער בעכער, מיט דעם אמעריקאנער מעק־קלעלענד... נאָך א לענגערען גע־שפּרעך האָבען מיר סומירט פאָלגענדע פונקטען:

„1) ד״ר מוסי וועט צום ערשט קאָנטראָלירען דעם כאַראַקטער פון סאַלי מאַיערס מיסיע און ווער איז עס, מיט וועמען די אַמעריקאַ־נישע רעגירונג שטעהט ווירקליך אין קאָנטאַקט: צי זענען דאָס די „ראַבינישע יודען״ אָדער דאָס איז דער „דזשאָינט״.

„2) ווידער האָב איך פאַר איהם פאָרמולירט מיין שטעלונג: די אידען זענען ביי אונז מאָביליזירט צו ארבעט, פערשטענדליך אויך ביי שווערע ארבעטען ווי שאָסייען־בוי, קאנאלען, גרובענס, און דערפאַר איז צווישען זיי אַ הויכע שטערבליכקייט. זינט עס ווערען געפיהרט די פערהאַנדלונגען צו פערבעסערן דעם אידישען שיקזאל, ווערען די אידען בעשעפטיגט ביי נאָרמאַלע ארבעטען, אָבער זיי זענען פערפליכטעט, פערשטענדליך, ווי יעדער דייטש, צו ארבעטען פאַר אונזער קריגס־ווירטשאפט. אונזער שטעלונג אין דער אידען־פראגע איז: עס אינטע־רעסירט אונז אבסאָלוט נישט וואָס׳ארע שטעלונג די פעראייניגטע שטאטען און ענגלאנד נעמען אָן לגבי אידען. קלאָר, אַז צוליב די ער־פאהרונגען, וואָס מיר האָבען מיט זיי געהאַט דורך צענדליגער יאָהרען זינט דעם וועלט־קריג, ווילען מיר זיי נישט האָבען אין דייטשלאנד און אין דייטשען לעבענס־רוים. אין דער דאָזיגער פראגע וועלען מיר נישט אריינגעהן אין קיין שום דיסקוסיע. אויב אמעריקע וויל די אידען אריינגעמען, וועלען מיר דאָס אויפנעמען מיט אָנערקענונג, נאָר דאָס מוז זיין ענדגילטיג, און דערויף מוזען מיר בעקומען גאַראַנטיעס, אַז די אידען, וואָס מיר לאָזען זיי אַרויספאָהרען דורך דער שווייץ זאָלען ווען־עס־איז ווערען איבערגעפיהרט קיין פּאַלעסטינע. מיר ווייסען, אַז די אַראַבער האָבען פיינד די אידען אין דער זעלבער מאָס, וואָס מיר״...

[לויט דעם בעריכטס־בוך „תיק 124״, ד׳ 203].

**דער דאָזיגער דאָקומענט, און בעזונדערס זיין לעצטער פונקט וועגען דער**

מכלומרשטער „נאַצי־שטעלונג צו דער אידען־פראַגע" שטעלט פאַר מיט זיך אַזאַ שטיק ציניִשע געמיינקייט, צו וועלכער בלויז אַזאַ קאַלט־ראַפינירטער מאַסען־מערדער איז געווען פעהיג: צו רעדען וועגען דער „הויכער שטערבליכקייט פון אידישע צוואַנגס־אַרבעטער" אין דער צייט, ווען עס איז שוין כמעט נישט געווען קיין לעבעדיגע אידען אין גאַנץ אייראָפּע; אָדער צו רעדען וועגען „דייטש־לאַנד און דעם דייטשען לעבענס־רוים", אין דער צייט ווען די אַליאירטע אַר־מייען האָבען שוין געהאַלטען דאָס „דריטע רייך" אין דעם טויטען־צוואַנג! נאָר נישט דאָס איז דאָ דער עיקר. פאַרן קאַסטנער־פּראָצעס איז דער דאָקומענט גע־וואָרען געבראַכט, ווייל פון דאָזיגען דאָקומענט האָט עס געדאַרפט אַרויסדרינגען ווי הימלער פּערזענליך האָט ערנסט גענומען די פערהאַנדלונגען פון סאַלי מאַיער מיט דעם ס"ס־מאַן קורט בעכער, דורך דער פערמיטלונג פון קאַסטנער'ן.

דערויף איז דער אַנטי־קאַסטנערישער צד אַרויסגעקומען מיט אַ געגען־דאָקומענט, וואָס איז בעשטאַנען אין דעם עדות־פּראָטאָקאָל, וואָס גענעראַל שע־לענבערג, הימלער'ס פּאָליטישער פערטרויאונגס־מאַן און הויפּט־פערמיטלער אין די געשפּרעכען מיט מוסי'ן, האָט אָפּגעגעבען פאַר אינטערנאַציאָנאַלען מיליטע־רישען טריבונאַל אין נירענבערג. אין דאָזיגען פּראָטאָקאָל, געשריבען אין ני־רענבערג דעם 18־טען יוני 1948, האָט דער נאַצישער קריגס־פערברעכער שע־לענבערג, געוואָרפען די גאַנצע שולד פאַרן דורכפאַל פון מוסי'ס אונטערנעמונג, אויף הימלער'ס דערמאָנטען בעפולמעכטיגטען, קורט בעכער (דאָס מיינט אַלזאָ — קאַסטנער'ס מיטהעלפער).

אָט זענען איניגע קורצע אויסצוגען פון שעלענבערג'ס ערקלערונג:

— „ענדע זומער 1944 בין איך געוואָרען אריינגעצויגען צום ערשטען מאָל אין פּראָיעקט פון דעם בעזוך, וואָס דער געוועזענער פּרע־זידענט פון דער שווייצארישער פעדעראַל־רעגירונג, ד"ר זשאַן־מארי מוסי האָט געזאָלט מאַכען ביי הימלער'ן. דער דאָזיגער בעזוך איז צוליב טעכ־נישע סיבות געוואָרען אָפּגעלעגט ביז אָקטאָבער 1944... אין יאַנואַר 1945 איז מיר ווידער געלונגען דורכצופיהרען אַ צווייטען געשפּרעך צווישען מוסי און הימלער'ן. דאָס האָט אונז געבראַכט אַ שטיק וועגס נעהנטער צום ציעל, צו וועלכען מיר האָבען געשטרעבט. יעדע 2 וואָכען האָבען געדאַרפט אָפּגעהן טראַנספּאָרטען מיט 1200 ביז 1800 אידען פון די קאָנצענטראַציע־לאַגערן קיין שווייץ, אַלס טראַנזיט־לאַנד, מיטן בעדינג זיי דערנאָך איבערצופיהרען קיין אַמעריקע... דער דאָזיגער אָבמאַך איז טיילווייז געוואָרען רעאַליזירט, ווען עס איז אָנגעקומען קיין שווייץ דער ערשטער צוג מיט 1200 אידען. דער צווייטער טראַנס־פּאָרט פון אַ צוג מיט 1800 אידען, וואָס איז שוין געהאַט געווען צו־

זאַמענגעשטעלט דורך מיינעם אַ מיטאַרבעטער און איז געווען קורץ פאַרן אָבפאָהר, ווען איך האָב דערהאַלטען אַ פערבאָט פון היטלער׳ן דורך קאַלטענברונער׳ן, נישט פאָרטצוזעצען די דאָזיגע אַקציע".

שעלענבערג בעגרינדעט היטלער׳ס פערזענליכע אינטערווענץ געגען דער מוסי־אַקציע דערמיט, וואָס קורט בעכער, דאָס מיינט דער נאַצישער פערמיטלער פון דער „קאָנקורענץ־גרופע" מיט סאַלי מאַיער׳ן בראש, האָט אויפגעהעצט קאַלטענברונער׳ן געגען דעם און אַ דאַנק בעכער׳ס העצע איז קאַלטענברונער אַוועק צו דער „העכסטער אינסטאַנץ", צו היטלער׳ן פערזענליך, און אַרויסבעקומען דעם פערבאָט געגען יעדער לינדערונג אין דער אַנטי־אידישער מאָרד־פאָליטיק. אָט איז שעלענבערג׳ס אויספיהר:

„ אַ קורצע צייט פאַרן דאָזיגען פערבאָט, דאָס מיינט אין סאַמע קריטישען מאָמענט, האָט זיך אָבערגרופּענפיהרער ווינקעלמאַן, וועלכער איז דאַן געווען דער העכסטער פיהרער פון ס"ס און פּאָליציי אין אונגאַרן, פאָרגעשטעלט פאַר קאַלטענברונער׳ן. זיין ציעל איז געווען איבערצורייסען די רעאַליזירונג פון דער מוסי־אַקציע, ווייל דאָס איז נישט ערנסט, אָבער אין דער ווירקליכקייט, ווייל דאָס האָט געשטערט די ווירטשאַפטליכע פּלענער פון ווינקעלמאַן—בעכער. — איך בין פערזענליך איבערצייגט, אַז די געגען־אַקציע פון ווינקעלמאַן—בעכער האָט אויף אַן ענטשיידענעם אופן געווירקט איבערצורייסען די מוסי־אַקציע. און אומגעקעהרט, מען דאַרף שטעלען די בעפרייאונג פון די אונגאַרישע אידען אויף דער קאָנטע פון די פריהערדיגע געשפּרעכען, וואָס מוסי האָט געפיהרט מיט הימלער׳ן אין אָקטאָבער 1944, ווייל די דאָזיגע געשפּרעכען האָבען געברענגט די פּרינציפּיעלע ענדערונג ביי הימלער׳ן"...

[לויט דעם בוך „תיק 124", ז"ז 233—225].

לויט שעלענבערג׳ן קומט, אַלזאָ, דער פולער קרעדיט צו מוסי׳ן און דאַגעגען אין מוסי׳ס דורכפאַל איז שולדיג בעכער — טאָר מען אָבער נישט פערגעסען, אַז שעלענבערג האָט דאָ קודם־כל אין זינען געהאַט צו ראַטעווען זיין אייגענע פעל, ווייל מוסי׳ס פערבינדונגס־אָפיציר איז דאָך געווען ער, שעלענבערג אַליין!

צום בעדויערן איז אויך דער דאָזיגער היסטאָריש־וויכטיגער פונקט וועגען גורל פון די לעצטע אידען אין זינקענדיגען דייטשלאַנד, געוואָרען אַוועקגעשטעלט פאַרן ירושלים׳ער געריכט אונטערן זעלבען אַספּעקט: יאַ־קאַסטנער, נישט־קאַסטנער... אָביעקטיוו גענומען מוז מען זיך בעציהען מיט אַ געוויסען רעזערוו צו מאַנכע פון שעלענבערג׳ס פעסטשטעלונגען.

ערשטענס — איז ער אַליין געווען אַ נידערטרעכטיגער פערברעכער, איינער פון די העכסטע פיגורען אין געסטאַפּאָ־שטאַב, אַ מיטגרינדער פון די „איינזאַץ־טרופּען" אויסצומאָרדען אידען, און אַליין האָט ער דעם 20־טען מאַי 1941 אונטערגעשריבען דעם בעפעהל „אָפּצושטעלען די עמיגראַציע פון אידען אין פראַנקרייך און בעלגיע — אין אַנבליק פון דער ענדגילטיגער לעזונג פון דער אידען־פראַגע, וואָס וועט געוויס קומען". די פערברעכענס זיינע זענען גע־וואָרען אויסגעצעהלט פאַרן נירענבערגער טריבונאַל און זענען רעגיסטרירט אין אַ ספּעציעלען בעריכט וועגען „דער קרימינעלער פעראַנטוואָרטליכקייט פון וואַלטער שעלענבערג, נירענבערג דעם 10־טען אויגוסט 1948".

צווייטענס — שטימט עפּעס נישט גענוי די געשיכטע מיט בעכער'ס פריינדליכע קאָנטאַקטען מיט קאַלטענברונער'ן. ווען קאַלטענברונער זעלבסט איז געוואָרען געשטעלט צום משפט אין נירענבערג, האָט ער דווקא אַנגעגריפען קורט בעכער'ן פאַר זיין „האַנדעל מיט אידען" און האָט זיך אָפען בעריהמט, ווי ער האָט דורכגעוואָרפען הימלער'ן ביי היטלער'ן טאַקע צוליב בעכער'ס „פער־האַנדלונגען":

„דורך דער פערמיטלונג פון דער דאָזיגער פּערזאָן בעכער איז הימלער בעגאַנגען די ערגסטע סאָרט פערברעכענס, פערברעכענס וואָס זענען דאָ געוואָרען געטאַדעלט. דורך בעכער'ס פערמיטלונג און דעם „דזשאָינט" האָט ער אין אונגאַרן און אין אוישוויץ בעפרייט אידען אַלס „אויסטויש", צום ערשט — פאַר קריגס־מאַטעריאַלען, דערנאָך — פאַר רוי־שטאָפען, שפּעטער — פאַר אויסלענדישער וואַלוטע. איך האָב זיך דערוואוסט וועגען דער דאָזיגער זאַך דורך דעם געהיימען אינפאָר־מאַציע־דינסט און איך האָב עס באַלד געזוכט אָפּצושטעלען, — נישט דורך הימלער'ן, ווייל דאָרט וואָלט איך געווען דורכגעפאַלען, נאָר דורך היטלער'ן; אין דאָזיגען מאָמענט איז געקומען אַן ענדע צום גאַנצען פּערזענליכען פערטרויען, וואָס היטלער האָט נאָך מעגליך געהאַט צו הימלער'ן — ווייל די דאָזיגע אַקציע איז געווען עלול צו שעדיגען אויף דעם סאַמע ערגסטען אופן דעם גוטען נאָמען פון דייטשלאַנד..."

דער דאָזיגער פראַגמענט פון קאַלטענברונער'ס ערקלערונג איז ציטירט גע־וואָרען אין „פּסק־דין" פון קאַסטנער־פּראָצעס. קאַלטענברונער האָט אָבער נאָך מעהר דערצעהלט ביי זיין פּראָצעס פאַרן נירענבערגער טריבונאַל:

„דער דאָזיגער בעכער געפינט זיך איצטער אין נירענבערג. ווילט איהר ערלויבען צו קאָנפראָנטירען איהם מיט מיר? איך בין אַבסאָלוט אימשטאַנד צו בעווייזען פאַר דער וועלט, מיט דער הילף פון דאָזיגען

עדות אז, אָנהויבענדיג מיטן טראַנספּער פון די אַזוי־גערופענע ווייס־ווערק אין אונגאַרן ביז צום אָנגעגעבענעם טאָג האָבען הימלער, פאָהל און בעכער ווי אויך די 2 קאָמיטעטען אין אונגאַרן און שווייץ, גע־פיהרט די דאָזיגע ביזנעס. און איך קאָן בעווייזען ווי איך האָב גע־קעמפט געגען דעם"...

[The Trial of German Major War Criminals, Part III p. 307]

פון קאַלטענברונער'ס דאָזיגער ערקלערונג איז דרך־אגב צו לערנען, ווי הימלער'ס פערהאַנדלונגען „צו פערקויפען אידען" זענען גאָר ערנסט געוואָרען געמיינט. די פראַגע פון אויסקויפען די אידען איז, הייסט־עס, בעטראַכט געוואָרען אין די העכסטע נאַצישע ספערען. בנאמנות, אַ שאָד, וואָס דער ירושלים'ער ריכטער האָט דעם דאָזיגען פונקט אינגאַנצען פערזעהען...

## .11
# דער דריי־פּאַכיגער אידישער טעות
## (אויספיהרונגען)

דער פאָרגעשטעלטער דאָקומענטאַרישער אַנאַליז פון דעם הצלה־געראַנגעל דורך דער לעצטער תקופה פון דעם נאַצישען פערניכטונגס־קריג קעגען דעם אייראָפּעאישען אידענטום, האָט נישט געהאַט דעם צוועק צו פאָרמולירען דעם בעשולדיגונגס־אַקט און אָנצוטייטלען קלאָר מיטן פינגער: אָט דער און דער איז שולדיג אין דורכפאַל פון די אַבסאָלוט־בעוויזענע רעטונגס־מעגליכקייטען!

**ניין, — מיר ווילען זיך לחלוטין נישט נעמען דאָס רעכט צו זיין אַ שופט.**

אויף אַרויסצוטראָגען אַ משפט איז קודם־כל נויטיג גרינדליך אויסצושעפּען די טעמע; און דער בעשיידענער צוועק פון אונזער פאָרגעשטעלטען אַנאַליז איז בלויז געווען אַרויסצוהויבען די טעמע פון די אַרכיוען און אָנצוצייכנען דעם ברייטען אומפאַנג איהרען.

פון דעם צונויפגעשטעלטען בילאַנס פון די נישט־אויסגענוצטע און לייכט־זיניגע פערשפּילטע רעטונגס־שאַנסען בעט זיך אָבער אַ היסטאָריש־ווערטפולער

מוסר־השכל, וואָס שווימט־אַרויס ווי פון זיך אַליין — און **דעם מוסר־השכל לאָזט זיך קאָנדענסירען אין איין אייביג־אַקטועלען זאַץ:**

**— „עם לבדד ישכון"!**

דאָס מיינט צו זאָגען:

(א) דער גורל פון אידישען פאָלק און זיין גאַנצער קיום־גרעאַנגעל צווישען די פעלקער פון דער וועלט קען ווערען ריכטיג אויפגעפאַסט און פערשטאַנען נאָר אין ליכט פון די עכטע, אייגענאַרטיג־אידישע בעגריפען.

(ב) די איינציג־ריכטיגע און צוגלייך רעאַל־פּאָליטישע אָפּשאַצונג סיי פון אונזערע אָפענע שונאים און סיי פון אונזערע מכלומרשטע פריינד און פערבינדעטע מוז אַרויספליסען פון דעם היסטאָריש־וואונדערליכען און היסטאָריש־וואָהרהאַפטיגען פענאָמען פון דער אידישער אָפּגעזונדערטקייט און אידישער איינזאַמקייט.

(ג) די אייביגע אידישע וואַכזאַמקייט אַקעגען די דרויסענדיגע שונאים און דרויסענדיגע סכנות, איז טאַקע אַ דירעקטער פועל־יוצא פון דעם טיעף־פערוואָרצעלטען אידישען איינזאַמקייטס־בעוואוסטזיין און בעדייט אָבער צוגלייך דאָס פרימיטיוו־נאַטירליכע שוץ־מיטעל פון אַ יעדען פיזיש־שוואַכערען וועזען, וועלכעס פיהלט פאָרויס און פונדערווייטענס אַן אָנרוקענדע געפאַהר.

פרובט מען אַביסעל טיעפער אַריינדרינגען אין די וואָרצלען פון אונזער פסיכישער פערלוירענקייט און פּאָליטישער אָפּהענדיגקייט אין אָנבליק פון דעם מורא׳דיגען נאַצישען פערניכטונגס־הוראַגאַן — ווערט קלאָר, אַז אונזער אידישער מאָדערן־ערצויגענער דור, איז דאָ בעגאַנגען אַ דריי־פאַכיגען פאַטאַל־אומגליק־ליכען טעות:

**טעות נומער איינס** — מען האָט פאַלש אויפגעפאַסט דעם מהות און תכלית פון אונזער גרויזאַמען דם־שונא, דאָס נאַציש־ראַסיסטישע דייטשלאַנד.

**טעות נומער צוויי** — מען האָט העכסט־נאַאיוו און אפילו זעלבסט־אָפּנאַרעריש אָפּגעשאַצט די וואָג און ווערט פון אונזער פּאָליטישער פערבונדענ־קייט מיט דעם מעכטיגען אַנטי־נאַצישען מלחמה־פראָנט.

**טעות נומער דריי** — מען האָט געוואַלדיג פערפאַלשעוועט דאָסווירק־ליכע בילד פון אונזער אייגענעם מצב און מעמד, און ווי איז צו דעם שוואַכען און איינזאַמען, וואָס פערלירט דעם ניכטערען חשבון פון זיין שוואַכקייט און איינזאַמקייט און לאָזט זיך אויף אַ טראַגיש־פערפיהרערישער גרויסקייטס־שפּיעל, געבויט אויף פאָליטישע אילוזיעס!

און אָט דאָס איז דער סך־הכל פון אונזערע טראַגיש־בעצאָהלטע טעותים.

אַנטקעגען דעם נאַצישען שונא, וועלכער האָט געפיהרט קעגען אונז אַ בליץ־מעסיגען אויסראָטונגס־קריג האָבען מיר קאָנצענטרירט אונזער גאַנצען נאַציאָנאַלען אָפּוועהר־כח אויף דעם אַלגעמיין־פּאָליטישען און סטראַטעגיש־לאַנגדויערענדען מלחמה־פראָנט; דאַקעגען האָט אונז פערפעהלט מוט און שכל צו האַנדלען אויף אייגענער האַנד, כדי אויסצונוצען ביז דער לעצטער ריזיקאָ דאָס שוץ־געוועהר פון די שוואַכע, וואָס אין דאָזיגען פאַל האָט עס געמיינט: כאַבאַר, אויסקויף־געלד, מיט אַ צוגאָב פון דיפּלאָמאַטישען טאַלאַנט און מיט פּסיכאָלאָגיש־פּאָליטישער עלאַסטישקייט צו „פיהרען אַ האַנדעל״ מיט דעם טייוולאָניש־סאַדיסטישען שונא זעלבסט.

אויפן דאָזיגען פונקט פון פערהאַנדלען און איבערקויפען דעם שונא אין אַ געוויסען פּאָליטיש־קאָניוקטוריאַלען מאָמענט שלאָגט זיך טאַקע אָפּ מיט אַזאַ בולטקייט דער דריי־פאַכיגער טעות אונזערער.

דער וועזענטליכער טעות לגבי דעם דם־שונא אונזערען איז חלילה נישט געווען, וואָס מיר זאָלען איהם האָבען אונטערגעשעצט אין זיין אומפערגלייכליכער בעסטיאַלישקייט און פערברעכערישקייט. פערקעהרט גאָר. וויפיעל מיר האָבען זיך איהם געקענט פאָרשטעלען אין אונזער דמיון ווי דער שטן המשחית אַליין — איז ער אין דער ווירקליכקייט געווען נאָך ערגער, נאָך געפאַלענער, נאָך געזונקענער. די אַלע צאָהלרייך־אַרויסגעבראַכטע פאַקטען, אַז דער בלוטדורשטיגער שונא איז געווען גרייט וויפיעל מאָל צו נעמען כאַבאַר און צו האַנדלען מיט די אומשולדיג־פערפייניגטע אידען ווי מיט „לעבעדיגע סחורה״, זענען לחלוטין נישט קיין בעוויז אָדער אויסדרוק פון עפּעס אַ פונק מענשליכקייט, וואָס זאָל נאָך האָבען געטליעט ביי די נאַצישע פערברע־כער. אומגעקעהרט, — דאָס אַליין זאָגט עדות אויף נאָך אַ גרעסערער מאָס פון סאַדיזם און באַרבאַרישקייט.

בעת די דאָזיגע „פערהאַנדלונגען״ איז שוין דער נאַציזם נישט ערשינען צומאָל אין דער אידעאיש־פאַנאַטישער מאַסקע פון דעם „אַנטיסעמיטישען מי־טאָס״, אַזוי־צו־זאָגען. די פּלאַנמעסיגע מאָרד־פּאָליטיק קעגען אידען איז שוין מעהר נישט געווען בעגרינדעט מיט דער נאַצישער פּסיידאָ־פילאָזאָפיע וועגען „בלוט און עהרע״, וועגען די אידישע „גייסטיגע באַצילען״ אָדער וועגען דער „אידישער וועלט־געפאַהר״. דאָס איז שוין געווען אַן אָפענע, ציניש־ראַפינירטע מערדעריש־רויבערישע שפּיעל: „בלוט פאַר וואַרע, וואַרע פאַר בלוט״ — ווי אייכמאַן האָט עס קורץ און בינדיג פאָרמולירט. אָדער ווי הימלער אַליין האָט עס שפּעטער אויסגעלעגט אין זיינע טענות צום אידישען פאָרשטעהער, מאַזור

פון שטאָקהאָלם: „די פּראָלעטאַריזירטע מזרח־אידען זענען געווען די פּער־שפּרייטער פון די עפּידעמיעס, האָבען מיר אויסגעבויט קרעמאַטאָריעס צו פער־ברענען די טרעגער פון די עפּידעמיעס — און אַז איך האָב געלאָזען 450 טוי־זענד לעבעדיגע אידען אין אונגאַרן, וואָס האָב איך דען דערפאַר בעקומען?״...

אונזער טעות אין בעצוג צום נידערטרעכטיגען שונא איז אָבער בעשטאַנען דערין, וואָס מען האָט איהם גיכער יאָ געהאַלטען פאַר „אידעאיש־קאָנסעקווענט״ און „אויפריכטיג־קאָמפּראָמיסלאָזען״. מען האָט דערביי פערגעסען אונזערע היסטאָרישע לעקציעס, אַז בעת יעדער שחיטה אָדער פּאָגראָם זענען שטענדיג געגאַנגען געפּאָרט צוזאַמעןביידע תאוות: בלוט־דורשטיגקייט און געלד־גייציגקייט; די מערדער־האַק מיטן רויב־זעקעל; דער רייץ פון אידישען בלוט און פון אידישען רייכטום.

אַלע מאָל האָט עס בעת די שחיטות און פּאָגראָמען אויף אידען פּאַסירט, אַז ווען די בעסטיעס האָבען זיך שוין געהאַט געגנוג אָנגעזשלאָקעט מיט וואַרעם אידיש בלוט — דאַן האָבען זיי גיכער אין זינען געהאַט צו בערויבען דאָס אידישע פערמעגען. און דאָס זעלבע האָט זיך אונטער אַנדערע אומשטענדען אַרויסגע־שטעלט אין גאַנג פון דעם נאַצישען פערניכטונגס־קאַמף קעגען אידען. אין געוויסע מאָמענטען האָט עס געקענט אויסזעהען, אַז אַזאַ הימלער צי אייכמאַן האָבען זיך אויף אַ ווײַלע געהאַט איבערגעזויפט מיט די ימ׳ען בלוט פון מיל־יאָנען אידישע קרבנות, און דאַן האָט זיך זיי פערוואָלט כאַבאַר, אויסקויף־געלד, סחורות־ליפערונגען. און אויב די נאַצישע מאַסען־מערדער זענען געווען אומ־פערגלייכליך מעהר ראַפינירט און בעסטיאַליש־פערדאָרבען ווי אַלע פריהערדיגע טיפען פון אַלערליי פּאָגראָמשטשיקעס — זענען טאָקע זייערע פערלאַנגען פאַר „אויסקויף־געלד״ דאָס מאָל אויך געווען ראַפינירטערע און נידערטרעכטיגערע: מיליטעריש־וויכטיגע ליפערונגען האָבען זיי פערלאַנגט, ריזיגע סכומים פון כאַ־באַר, און דערצו האָבען זיי נאָך געזוכט צו געווינען פּאָליטיש־פּראָפּאַגאַנדיסטישען קאַפּיטאַל אין דער פאָרם פון „דאַנקבאַרקייט־אויסדרוקען״ פאַר די „הומאַניטאַרע נאַציס״...

און מיר אין אונזער טראַגישען טעות האָבען פערגעסען דעם עלעמענ־טאַרען פּרינציפּ, אַז ווען אַ פערברעכערישע באַנדע פון „קידנעפּערס״ האַלט אַ לעבעדיגען משכון אין זייערע לאַפּעס — דאַן מוז מען מיט זיי האַנדלען וועגען דעם פערלאַנגטען פּרייז פון „אויסקויף־געלד״, ווי הויך דער פּרייז זאָל נישט זיין; מען מוז מיט זיי רעדען ווי דורך אַ זיידען טיכעל; און מען מוז אויסשטעהען זייערע אַלערליי קאַפּריזען, ווייל אַזוי דיקטירט דער סאַמע הייליגסטער געבאָט פון ראַטעווען אַן אומשולדיג מענשליך לעבען!

ווי־זשע האָבען מיר אידען, דער „עם חכם ונבון״, געהאַנדעלט בשעת די נאַצישע מאַסען־מערדער, וועלכע האָבען נאָך אַלץ געהאַלטען אין זייערע נעגעל דעם לעבעדיגען משכון פון מיליאָנען אידען, האָבען זיך ערקלערט גרייט איינצוגעהן אויף אַ האַנדעל און אויסקויף־געלד ? !

און דאָ איז דער ריכטיגער מאָמענט אַרויסצולעגען אונזער גאַנצע ביטער־ניש און צאָרן צוליב דעם צווייטען טעות אונזערען — בנוגע דער וועלט, מיט דעם אַזוי־גערופענעם „וועלט־געוויסען״.

צווישען צוויי פייערן איז אונזער שווער־געפרובט פאָלק געוואָרען אַריינ־געשליידערט. פון איין זייט האָבען מיר אַליין מיט אונזער גאַנצען אייפער און ברען זיך ערקלערט אַלס גורל־פערבינדעטע פון דער פרייער און פאַר פרייהייט־קעמפענדער וועלט. די דאָזיגע פרייהייט־ליבענדע וועלט האָט אונזער דינסט־אָנבאָט גאַנץ גערן אויפגענומען. אויף דער גאַנצער לענג און ברייט פון טאָטאַלען מלחמה־פראָנט איז אונזער קרבנות־גרייטקייט געוואָרען אויסגענוצט ביז צו דער לעצטער מעגליכקייט. פון דער אַנדערער זייט אָבער, האָט די קריג־פיהרענדע וועלט בשום־אופן אונז נישט געוואָלט אָנערקענען אַלס פאָרמעלען און אָפיציעלען „מלחמה־פערבינדעטען״ און האָט אונז דורך דעם אָפגעזאָגט יעדע עלעמענטאַר־רעכטליכע שוץ, וואָס איז אפילו פערזיכערט דורך דעם אינטערנאַציאָנאַלען גע־זעץ פון קריגס־פיהרונג, און וועלכע די באַרבאַרישע נאַצי־פיהרער האָבען טראָץ אַלעם, אָפען־פאָרמעל, עס געזוכט נישט צו ברעכען.

אידען האָבען זיך געפונען אויף דער סאַמע ערשטער פייער־ליניע פון נאַצישען אָנגריף, און די וועלט־פיהרער האָבען דאָס גאָרנישט פערלייקענט. „איבער אידען האָט זיך אויסגעגאָסען דער צאָרן פון דער ערשטער אָפענסיווע קעגען די פעסטונגען פון פרייהייט און מענשליכע רעכט״, — אַזוי האָט ערקלערט טשוירטשיל, דער אַרכיטעקט און אָרגאַניזאַטאָר פון דער אַנטי־נאַצישער מלחמה־אַליאַנץ. גלייך ווי די נאַצישע מלחמה אין אייראָפּע האָט זיך אָנגעהויבען, האָט ד״ר חיים ווייצמאַן, דער דעמאָלסדיגער פּאָרזיצער פון דער „אידישער אַגענטור״, געשריבען אין אַן אָפיציעלער מעלדונג צו דער בריטישער רעגירונג אין לאָנ־דאָן : „אין דאָזיגען מאָמענט, אין מאָמענט פון ערנסטען קריזיס, וועגט איבער דער בעוואוסטזיין, אַז אידען זענען פערפליכטעט צו געבען זייער חלק אין שוץ פון די פערהייליגטע בעגריפען — איך וויל בעשטעטיגען אין דער קלאָרסטער פאָרם די דעקלאַראַציע, וואָס איך און מיינע חברים האָבען אָפגעגעבען פאַריגען חודש. „אַז די אידען וועלען שטעהן אויף דער זייט פון גרויס־בריטאַניע און וועלען קעמפען צוזאַמען מיט די דעמאָקראַטיעס״. בשעת די פערניכטונגס־מלחמה קעגען אייראָפּעאישען אידענטום איז געגאַנגען אין פולען ברען, האָבען

די נאַציס אָפּען און ציניש ערקלערט: „עס עקזיסטירט פּאַקטיש אַ מלחמה־צושטאַנד צווישען דייטשלאַנד און דעם וועלט־אידענטום“. דערביי האָט אַן אָפּיצ־יעלער נאַצישער פאַרשטעהער זיך פעררופען טאַקע אויף דעם דערמאָנטען בריף פון ד״ר ווייצמאַן, אַז „די דאָזיגע דעקלאַראַציע איז נישט געוואָרען אָפּגעגעבען בלויז אין נאָמען פון די אידען, בריטישע בירגער, נאָר אין נאָמען פון וועלט־אידענטום“.

ווען אָבער פון דער אידישער זייט האָט מען זיך געבעטען ביי די וועלט־פיהרער פאַרטצוזעצען די דאָזיגע קאָנסעקוועטע ליניע און אויסצורופען די אידישע אינטערנירטע אין די געטאָס און לאַגערן אַלס „ציווילע קריגס־געפאַנגענע“, וועלכע דאַרפען לויטן אינטערנאַציאָנאַלען געזעץ געניסען פון: (א) אויפזיכט און שוץ אין פיינדליכען געביט, (ב) הילפס־דינסט און קאָנטראָל פון אינטערנאַציאָנאַלען רויטען קרייץ און (ג) דער עיקר, וואָס זייערע לעבענס און בעגרעניצטע רעכט זענען געשיצט און גאַראַנטירט אונטער דער בייטש פון קאָנטער־רעפּרעס־יעס“ — איז דאָס אַלץ געוואָרען ברוטאַל אָפּגעוואָרפען. היטלער אַליין האָט אין סאָמע אָנהויב פון זיינע מלחמה־צוגרייטונגען ערקלערט, אַז „די אידען זענען אַ ווערטפולער משכון, וואָס די דעמאָקראַטיעס האָבען ביי מיר אין האַנד“. נאָר די דעמאָקראַטישע וועלט האָט דעם דאָזיגען משכון מפקיר געווען אין דער סאָמע קריטישסטער צייט.

אונזער פיינליכער טעות אין בעצוג צו אונזערע וועלט־פערבינדעטע האָט ־אונז געקאָסט דעם העכסטען פרייז.

אידען האָבען אַלץ געגלויבט און זיך כסדר געקלאַמערט אין דעם אילוזאָריש־פערפיהרערישען „וועלט־געוויסען“. אַלע אידישע וויי־געשרייען און רעטונגס־אַפּילען זענען געוואָרען אַדרעסירט צו די מעכטיגע פיהרער פון דער וועלט, אַלע האָפנונגען האָט מען אויף זיי געלעגט און אַלע סודות האָט מען זיי אָנגעטרויעט, און אַז עס האָט זיך געעפענט אַזוי פלוצלינג און אומדערוואַרטעט דער שאַנס צו „האַנדלען“ מיט די נאַציס — האָט מען ביי די וועלט־פיהרער געפרעגט אַן עצה און ביי זיי גע־בעטען אַ הסכמה. און דער רעזולטאַט איז געווען, אַז די רעטונגס־שאַנסען זענען געוואָרען רעדוצירט ביז צום לעצטען מינימום.

אויך דאָס לעצטע געוועהר פון שוואַכען איז פון אונז געוואָרען אַוועק־גענומען. פאַר אונזער אייגען געלד, אויף אונזער אייגענער פעראַנטוואָרטונג און ריזיקאָ, מיט אונזערע אייגענע הענד האָבען מיר געפּרובט אויסקויפען דאָס לעצטע ביסעל לעבעדיגע „אידישע משכונות“ — און אויך דערצו האָט די וועלט נישט דערלאָזען. אדרבא, לייענט אין דעם אָפיציעלען ראַפּאָרט פון פּרעזידענט רוזוועלט׳ס „וואָר רעפיודזשי באָרד“, אַזאַ שטייגער פרינציפּיעלע פעסטשטעלונג,

אין שייכות מיט די פערהאַנדלונגען צווישען מוסי׳ן מיט הימלער׳ן:

— „דער „ועד הצלה", נאָכדעם ווי ער האָט אַראָנזשירט צו באַרגען זיך ביים „דזשאָינט" אַ סומע פון אַ מיליאָן דאָלאַר, האָט דרינגענד געבעטען דעם „באָרד" צו רעקאָמענדירען דעם פינאַנץ־דעפּאַרטאַמענט אַרויסצוגעבען דעם נויטיגען „לעיסענס" איבערצופיהרען אַזאַ סומע — אַ ספּעציעלע זיצונג איז געוואָרען פּעררופען פון די מיטגלידער פון „באָרד" צו בעטראַכטען די דאָזיגע פראַגע. דער „באָרד" האָט איינשטימיג בעשלאָסען, אַז אונטער קיין אומשטענדען וועט ער נישט ערלויבען אויסצוצאָהלען אויסקויף־געלד". —

קורץ און שאַרף: קיין אויסקויף־געלד אונטער קיין שום בעדינגונגען!

און דאָ נעמט זיך נאָך היינט בונטעווען אונזער אידיש געוויסען:

— פאַרוואָס איז אידען געוואָרען פּרינציפּיעל פערוועהרט צו צאָהלען אויסקויף־געלד אַרויסצוראַטעווען די לעבעדיגע אידישע משכונות פון צווישען די ציינער פון די נאַצישע בעסטיעס? ! פאַרוואָס און פאַר־וועןָ, בשעת קיין אַנדערע פּאָליטיש־בעצווינגענדע רעטונגס־מיטלען זענען נישט געווען אין רשות פון אידען? !

— פאַרוואָס, למשל, טאָלערירט דאָס אַמעריקאַנער געזעץ אָדער די אַמעריקאַנישע געזעצליכע פּראַקטיק אַזאַ סאָרט האַנדעל מיט קידנעפּערס, און אפילו דער מלוכה׳שער אַפּאַראַט צו בעקעמפען פערברעכענס, די פּאָליציי גופא, העלפט מיט אַלע מעגליכקייטען צו פערלייכטערן דעם קאָנטאַקט און דעם האַנ־דעל מיט די העסליכע מערדערישע פערברעכער און דערלויבט זיי אויסצוצאָהלען ממש פאַנטאַסטישע סכומים אויסקויף־געלד (געדענקט: אַ סומע פון 600 טויזענד דאָלאַר פאַר אַ זעקס־יעהריג קינד, ווי דאָס האָט געהאַט פּאַסירט אין דעם טראַגישען גרינגלעיז־פּאַל!) ?

און נאָך עפּעס:

דער ציטירטער פּאַל מיטן בעשלוס פון „וואָר רעפיודזשי באָרד" איז זיך פערלאָפען אין פעברואַר 1945, ווען די פינסטערע מפּלה פון נאַצי־דייטשלאַנד איז שוין געווען צוגעחתמ׳ט און קיינער האָט צומאָל נישט געקענט אָנווענדען דעם תירוץ, אַז פאַרן פּרייז פון אַ מיליאָן דאָלאַר קען דער נאַציזם זיך ראַטעווען און ענדערן די גאַנצע מיליטעריש־סטראַטעגישע לאַגע; דער תירוץ וועגען „פער־לענגערן די מלחמה" איז דעריבער מעהר נישט געווען אין קורס, טאָ וועמען האָט דאָס געקענט שאַדענען דער פּרוב אויסצולייזען דעם לעצטען רעשט לעבעדיגע אידען פאַרן פּרייז פון כאַבאַר?

און דער גאַנצער אַרגומענט וועגן „פערשלעפּען די מלחמה״ און „צער־שטערן דעם כוחות־באַלאַנס אין דעם מלחמה־פערמעסט״, וואָס אין נאָמען פון דאָזיגען אַרגומענט איז אָפּגעוואָרפען געוואָרען לכתחילה אייכמאַנ׳ס אָנבאָט צו פערקויפען „דעם מיליאָן אונגאַרישע אידען״ — ווי אויבערפלעכליך־פאַלש און נישט־ערנסט איז דער דאָזיגער אַרגומענט געווען!

וואָס האָבען זיי אייגענטליך פערלאַנגט, די נאַצי־מערדער, אין זייער מאַקסימאַלסטען „אויסטויש־אָנבאָט״? אייכמאַן האָט פערלאַנגט דורכ׳ן שליח זיינעם, יואל בראַנד, גענוי: צעהן טויזענד לאַסט־אויטאָס און דערצו אַ געהעריגע פּאָרציע פון קאַפע, טהיי און זייף.

איז, ערשטענס, טאַקע גאָר אַ גרויסער צווייפעל, צי דער קריגס־ענטשיי־דענדער מאַנגעל ביי די נאַצים איז טאַקע געווען אויסגערעכענט — די לאַסט־אויטאָס! די סטראַטעגען פון דעם אַליאירטען גענעראַל־שטאַב האָבען גאַנץ גענוי געוואוסט, אַז די דייטשען מאַנגעלט גאָר אין די סאַמע וויכטיגע הויפּט־געוועהרען, לגבי וועלכע אַמעריקע האָט געשלאָגען דעם העכסטען פּראָדוקציע־רעקאָרד, און קודם־כל איז איבער די דייטשען געהאַנגען די געפאַהר פון אַ דוחק אין בענזין!

און צווייטענס איז דאָ נויטיג פעסטצושטעלען אויפן סמך פון די געהיימע נאַצישע דאָקומענטען, אַז די שרייעריש־אַרויסגערוקטע פאָדערונגען וועגן „נויטיגע מלחמה־אַרטיקלען״ זענען נישט געווען מעהר ווי בלויז אַ כיטרער מאַ־נעוור. דער בעסטער בעוויז דערויף איז דער שפּעטערדיגער הינטער־קוליסען־האַנדעל אַרום דער ערשטער בעפרייטער גרופּע פון די „318 אידען״, אינטער־נירטע אין בערגען־בעלזען, וואָס זענען דעם 21־טען אויגוסט 1944 געוואָרען צוגעשטעלט צו דער שווייצאַרישער גרענעץ. דערוועגען ווערט דערצעהלט אין אַ „העכסט־פערטרויליכען״ מעמאָריאַל, וואָס איז דעם 29־טען סעפּטעמבער 1944, געוואָרען צוגעשטעלט פערזענליך צום רייכס־אויסערן־מיניסטער, ריבענטראָפּ —

„דער הויפּט־זיכערהייטס־אמט (געמיינט, די געסטאַפּאָ) האָט מינד־ליך אינפאָרמירט, דאָס דער טראַנספּער פון די 318 אונגאַרישע אידען קיין שווייץ, איז פערבונדען מיט אַ פּראָיעקט צו ליפערן פאַר די ס״ס וויכטיגע אַרטיקלען פאַר דער קריגס־פיהרונג. אַלס קאָמפּענסאַטע וועט די ס״ס פּראָפיטירען פון בעפרייען די דאָזיגע אידען. די פּרטים פון דער דאָזיגער טראַנזאַקציע זענען נישט בעקאַנט אין בערלין, ווייל די פער־האַנדלונגען קומען פאָר דירעקט און בלויז מינדליך צווישען דעם רייכס־פיהרער (געמיינט, הימלער) און דעם בעפולמעכטיגטען פאַר דער דאָ־זיגער פראַגע, אָבער־שטורם־באַנפיהרער, אייכמאַן. אויסער דעם, צוליב

סיבות וואָס זענען אָפּהענגיג פון דער זיכערהייטס־פּאָליציי, איז גאָר־
נישט געוואָרען פיקסירט אין שריפט וועגען דער דאָזיגער פראַגע״.

אַזוי האָט געלויטעט דער דאָזיגער האַנדעל אין דער שטרענג־געהיימער
בעלויכטונג פון דער געסטאַפּאָ־צענטראַלע אין בערלין. אין דער ווירקליכקייט
האָט דער שאַכער־מאַכער מיט די נאַצי־פערברעכער אויסגעזעהען אינגאַנצען
אַנדערש. ד״ר קאַסטנער, וועלכער איז געווען דערין בעטייליגט אַלס פערמיטלער,
האָט עפענטליך פעסטגעשטעלט, אַז צום ערשט האָט אייכמאַן מיט זיינע העלפער
פערלאַנגט פאַר דער בערגען־בעלזענער גרופּע „צו טויזענד דאָלאַר פער קאָפּ״
און סחורות דערצו. אויסגעלאָזען האָט זיך עס דערמיט, וואָס מען האָט די נאַציס
צוגעשטעלט פיקטיווע צייגנישען אויף „דרייסיג טראַקטאָרען״ אין דער שווייץ
און פאַקטיש האָט מען זיי אָפּגעליפערט 15 טויזענד קילאָ קאַפּע...

**בקיצור, ווען מען איז נאָר אַריין אין אַ נעהנטערן האַנדעל מיט די נאַצי־באַנדיטען האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז די „קריגס־וויכטיגע אַר־טיקלען פאַר דער וואָפּען־ס״ס״ זענען בעשטאַנען אין טראַקטאָרען — אַלס פיקציע, און אין קאַפּע — אַלס פראַקטישע וואַלוטע...**

דאָס איז די שפּראַך פון די פאַקטען, און אין ליכט פון די דאָזיגע פאַקטען
וואַקסט פאַר אונז אויס דער טראַגישער און אכזריות׳דיגער טעות אונזערער —
לגבי זיך אַליין, לגבי אונזערע אייגענער שוואַכקייט און פערלוירענקייט!

דער סך־הכל פון די דורכגעלאָזענע הצלה־מעגליכקייטען שמייסט דאָך אונזער
געוויסען אָהן אויפהער:

(א) — די נאַצישע הויפּט־אידען־מערדער האָבען נאָך אין 1942 פאָר־
געשלאָגען, דורך דער פערמיטלונג פון הרב ווייסמאַנדעל מיט זיין רעטונגס־
קאָמיטעט אין בראַטיסלאַוואַ, זייער „אייראָפּע־פּלאַן״ פאַרן פּרייז פון 2 מיליאָן
דאָלאַר און דערביי האָט די סומע געדאַרפט ווערען אויסגעצאָהלט אין 10 ראַטעס
און דאָס אין אַ נייטראַל לאַנד — און דאָס וועלט־אידענטום איז נישט געווען
ביכולת צו מאָביליזירען אַזאַ שטייגער סומע פאַר „פּדיון שבויים״ אויף אייגענער
האַנד און אויף אייגענער אחריות און מיט דער הילף פון אייגענע אונטערערדישע
פערבינדונגען!?

(ב) — דאָס אונגאַרישע אידענטום, דער לעצט־דערהאַלטענער גאַנץ־
אָפּגעשווינטער אידישער קיבוץ פון אייראָפּע, איז געשטעלט געוואָרען אין מאַי
1944 צו אַן עפענטליכען „אויספערקויף״, די מערב׳דיגע גרויס־מאַכטען האָבען
דעם „אַנבאָט״ אָפּגעוואָרפען אויף אַ גענוג־פּראָוואָצירענדען אופן, בעגלייט מיט
אַן אַנטי־נאַצישער פּראָפּאַגאַנדיסטישער קאַמפּאַניע — נו, און די אידישע וועלט־
אָרגאַניזאַציעס מיט זייערע פערטרעטונגען אין די נייטראַלע לענדער, האָבען

צומאָל נישט געמאַכט קיין פּרוּב צו האַנדלען מיט די נאַצישע געלד־גייציגע פערברעכער אויף אַן אונטערערדישען וועג און זיי צו מאַכען וועלכע־עס־איז קעגען־פּראָפּאָזיציעס!?

— אויפן דאָזיגען פיינליך־פערשעמענדען בילד פון דער אידישער מוטלאָזיגקייט און אָפּהענגיגקייט טהוט זיך דעריבער אַזוי שטאַרק אונ־טערשיידען דאָס היסטאָריש־דערהאַבענע און גייסטיג־דערהויבענע ווערק פון „ועד הצלה״, געשאַפען און סטימולירט דורך דער אגודת הרבנים אין אַמעריקע און געדעקט מיט איהר פולער אויטאָריטעט.

עס איז דאָך מערקווירדיג פעסטצושטעלען, אַז דווקא די רעטונגס־אָרגאַניזאַציע פון די אידישע אָרטאָדאָקסישע קרייזען האָט זיך אויסגעצייכענט מיט דער גרעסטער מאָס געוואַגטקייט און רעוואָלוציאָנערישקייט אויפן געביט פון הצלה.

דער „ועד הצלה״ מיט זיין מוטיג־זעלבסטשטענדיגער האַנדלונג און מיט זיין תורה׳דיג־הלכה׳שער אויפפאַסונג פון געבאָט פון „פדיון שבויים״ — איז דערפאַר אַ שטיקעל טרייסט און מאָראַלישע רעהאַביליטאַציע פאַר אונזער שווער־געשלאָגענעם דור.

דערפאַר שטייגען די לייסטונגען פון „ועד הצלה״, היסטאָריש־גענומען, ווייט אַריבער דעם גענוג־אָנזעהעוודיגען בילאַנס פון זיינע דירעקטע מעשים און אויפטהוען — ווייל דער „ועד הצלה״ האָט מיט זיין עכט־אידישען פּאַטאָס און טיעף־אידישען נשמה־ציטער בעאיינפלוסט און בעווירקט דאָס גאַנצע רעטונגס־ווערק פאַר אידען, פון וואַנען און פון וועמען די רעטונגס־אַקציעס זאָלען נישט האָבען געקומען.

אויף וויפיעל דער אָפיציעל־אַמעריקאַנישער „וואָר רעפיודזשי באָרד״, וואָס איז געוואָרען געשאַפען דורך פּרעזידענט רוזוועלט אין יאַנואַר 1944, מיט אַזאַ פּאַטאַלער פערשפּעטיגונג, האָט דאָך געהאַט צו פערצייכנען גאַנץ ממשות׳דיגע דערגרייכונגען — איז אויך דערין געווען קענטיג דער דירעקטער איינפלוס פון „ועד הצלה״, ווי דאָס האָט עדות געזאָגט איינער פון די מיט־גרינדער און הויפּט־פיהרער פון „באָרד״, דער פינאַנץ־מיניסטער פון די פעראייניגטע שטאַטען אין מלחמה־פעריאָד, הענרי מאָרגענטוי:

„פאַר די 12 יאָהר, וואָס איך בין געווען סעקרעטערי פון דער טרעזשורי, האָב איך איבערגעלעבט מאָמענטען, ווען עס האָבען זיך אָפּגעשפּיעלט גרויסע טראַגעדיעס. דאָך דערמאָן איך זיך אין די פיעל געלעגענהייטען, ווען איהר (די פיהרער פון „ועד הצלה״) זענט געקומען צו מיר און געבעטען הילף אין אייער אַרבעט צו ראַטעווען טויזענדער

קרבנות פון די נאַציס. איך ווייס, אַז פיעל אָנגעזעהענע בעאַמטע אין וואַשינגטאָן, בעזונדערס איך, זענען געווען בעאיינדרוקט פון אייער מסירת־נפש אין אייער רעטונגס־אַרבעט". —

**דאָס איז געווען דער תוך און דער תמצית פון דעם „ועד הצלה" און זיין אַרבעט:**

## מסירת־נפש.

און דערמיט לאָזט זיך אונטערציהען די אונטערשטע שורה פון אונזער הצלה־אַנאַליז:

**— וואָלט געווען מעהר מסירת־נפש פאַר ראַטעווען אידען — וואָלטען פיעל מעהר אידישע נפשות געוואָרען געראַטעוועט!**

קאַפּיטעל 1

# דער נס פון ווילנע

דער העלדען־מאַרש פון טויזענדער ישיבה־לייט איבער די מלחמה־גרעניצען. — ווילנא ווערט גרעסטער תורה־צענטער, אַ דאַנק הגאון רבי חיים עוזר זצ״ל. — ברייט־האַרציגע הילף פון ליטווישען אידענטום פאַר די איבערגעלאָפענע ישיבות פון פוילען.

„דער נס פון ווילנע״ — אַזוי איז דער העלדישער רעטונגס־מאַרש פון טויזענדער ישיבה־לייט געוואָרען אָנגערופען. און אַזוי, אַלס אויסערגעוועהנליכער נס פון דער השגחה העליונה, וועט די דאָזיגע וואונדערליכע דערשיינונג פון ראַטעווען פון אונטערגאַנג די גרעסטע ישיבות און תורה־פעסטונגען פון מזרח־אייראָפּעאישען אידענטום בלייבען פערצייכענט אין דער מאַרטירער־געשיכטע פון אידישען פאָלק.

פרייטאָג, י״ז אלול פון יאָהר תרצ״ט, איז עס געווען דער בלוטיגער טאָג (דער 1־טער סעפּטעמבער, 1939), ווען דאָס נאַציסטישע דייטשלאַנד האָט געעפענט דעם בליץ־קריג קעגען פוילען און דערמיט אָנגעפאַנגען די צווייטע וועלט־מלחמה. מיט אַ 2 וואָכען שפּעטער, גענוי דעם 17־טען סעפּטעמבער, 1939, האָבען די רוסיש־סאָוויעטישע אַרמייען פערכאַפּט די מזרח־טיילען פון פוילען, לויט אַ פריהערדיגען געהיימען אָפּמאַך, באַקאַנט אַלס דער „ריבענטראָפּ־מאָלאָטאָוו־פּאַקט״, וואָס איז געוואָרען אונטערגעשריבען אין מאָסקווע, ערב דער דאָזיגער מלחמה.

דאָס דריי־און־האַלבען מיליאָניגע פוילישע אידענטום האָט זיך גלייך דערזעהען אין אַ טאָפּעלטען קלעם. פון מערב־זייט האָבען זיך אָנגעטראָגען די ווילד־זיגערישע פּאַנצער־אַרמייען פון די נאַצים, וואָס זייער אַריינמאַרש קיין פוילען איז גלייך געוואָרען געצייכענט מיט שטראָמען פערגאָסען אידיש בלוט און מיט אַ האָגעל פון גרויזאַמע גזירות אויף אידען. פון מזרח־זייט זענען אָנגעקומען די רוסישע אַרמייען, וואָס קיין פּאָגראָמען האָבען זיי טאַקע נישט דורכגעפיהרט אָבער קיין גזירות אויף אידען האָבען זיי אויך נישט געקאַרגט און ספּעציעל איז געוואָרען דורך זיי בעדראָט דער גייסטיגער מצב פון דעם אויסגעשפּראָכען־רעליגיעזען און טראַדיציע־טרייען פּוילישען אידענטום. אין דעם מזרח׳דיגען טייל פּוילען, אין געביט פון די אַזוי־גערופענע קרעסען, זענען געווען קאָנצענטרירט די גרויסע און וועלט־באַריהמטע ישיבות פון מיר און ראַדון, קלעצק און באַראַנאָוויטש, קאַמיענעץ און גראָדנע, מעזריטש און

ביאַליסטאָק און נאָך פיעל אַנדערע. די ראשי הישיבות ווי צוגלייך זייערע תלמידים האָבען זיך אָפּגעגעבען אַ חשבון פון דער אָנרוקענדער סכנה צוליב דער קאָמוניסטישער אינוואַזיע. מיט דער גאַנצער מסירות הנפש און הייליגער אַנטשלאָסענקייט האָבען די ישיבות בליץ־שנעל פערלאָזען זייערע איינגע־פונדעוועטע היימען און געלאָזען זיך אין וואַנדער־וועג אַריין.

אין יענעם מאָמענט האָט זיך פאַר די לעבענס־בעדראָטע ישיבות אַנט־פלעקט דער געוואַלדיגער נס פון ווילנע.

ווילנע, וואָס איז אין דער לעצטער פאָליטישער עפּאָכע געווען אָפיציעל אַ טייל פון דער פוילישער מלוכה, איז אַ דאַנק דעם געהיימען הסכם פוןביידע אָקופּאַנטישע אַרמייען, די דייטשע און רוסישע, געוואָרען צוגעטיילט — אָדער צוריקגעקערט — צו ליטע, וועלכע איז צו יענער צייט נאָך אָפיציעל געווען אַ זעלבסשטענדיגע רעפּובליק. ווילנע איז געבליבען ווי אַ גליקליכער אינזעל אין מיטען פון דעם ווילד־צעשטורעמטען מלחמה־ים. עס איז דעריבער געווען פאַרשטענדליך, הלמאי קיין ווילנע האָבען זיך גענומען רייסען פיעל בהלה׳דיג־אַנטלויפענדע, פחד־געשלאָגענע פוילישע אידען און גאַנץ ספּעציעל — די העלדיש־אַנטרונענע ישיבה־לייט.

ווילנע, ירושלים דליטא, איז פון שטענדיג אָן געווען בעקאַנט אין דער אידישער וועלט אַלס צענטער פון ישיבות און לימוד התורה. בעזונדערס אויס־געוואָקסען איז די ראָל פון ווילנע אַלס מרכז התורה, זינט דאָרט האָט פערנומען דאָס כסא הרבנות דער גאון הגאונים און מנהיג ישראל פון לעצטען דור, רבינו ר׳ חיים עוזר זצ״ל גראָדזענסקי. ווילנע איז געווען דער זיץ־אָרט פון „ועד הישיבות״, די צענטראַלע קערפּערשאַפט פון אַלע ישיבות אין מזרח־פּוילען. ווען עס האָט אָנגערוקט די גורל־שעה פאַרן פוילישען אידענטום האָט דער „ועד הישיבות״ מיט זיין נשיא, רבי חיים עוזר זצ״ל, נישט געלאָזען זיך בעגנוגנען בלויז מיט אויפנעמען בכבוד גדול און מיט אָפענע אָרעמס די אָנ־געלאָפענע ישיבה־לייט, נאָר זיי האָבען אָפען גערופען און דירעקט געהאָלפען צו אָרגאַניזירען דעם מאַסען־איבערגעלויף פון די ישיבות איבער די מסוכנ׳דיגע גרענעץ־ליניעס.

אין משך פון קורצע טעג און וואָכען איז ווילנע געוואָרען אומגעוואַנדעלט אין אַ ריכטיגער תורה־שטאָדט, ווייל כמעט אַלע ישיבות פון די קרעסען האָבען זיך דאָרט קאָנצענטרירט. אויף דער שוועל פון קריג, אין חודש תמוז, תרצ״ט, איז אין דער זעלבער ווילנע געוואָרען אָפּגעהאַלטען די „ועידת התורה״, וואָס האָט פאַקטיש בעדייט די גייסטיגע מאָביליזאַציע צום אָנרוקענדען שטורם. די דאָזיגע תורה־קאָנפערענץ איז געוואָרען גלייכצייטיג דורכגעפיהרט אין צוויי בעזונדערע אינסטאַנצען. עס איז געווען אַ צוזאַמענקונפט פון „ועד הישיבות״

פאַר די פערטרעטער פון די 20 גרויסע ישיבות און 36 ישיבות קטנות; און דערצו איז דאָרט אויך פאָרגעקומען אַ לאַנד־בעראַטונג פון דער חינוך־צענטראַלע „חורב", וואָס האָט אויסגעהאַלטען אין דעם קרעסען־געביט 147 רעליגיעזע שולען מיט לערך 20 טויזענד קינדער און 900 לערער. דער הויפּט־ציל פון די „חורב"־שולען איז טאַקע געווען צוצוגרייטען דעם תורה־טיפּ פון אידישע קינדער, וועלכע זאָלען ממשיך זיין אַלס בני־תורה אין די ישיבות.

אויף דער תורה־קאָנפערענץ אין ווילנע זענען געווען אַנוועזענד די אָנגעזעהענסטע רבנים און ראשי הישיבות, חינוך־עסקנים און רעליגיעז־פּעדאַגאָגישע כוחות. ווען דער אַלטיטשקער זאַמבראָווער רב, הרב רמ"מ רעגענשבורג, האָט פאָרגעשטעלט דעם בעריכט פון „ועד הישיבות" פאַר זיין 15־יעהריגער עקזיסטענץ, האָט ער געמאַכט אַ „שהחיינו" און זיך פונאַנדערגעוויינט פון גרויס התרגשות, צוליב די רומפולע לייסטונגען פאַר תורה און אידישקייט. הגאון והקדוש רבי אלחנן וואַסערמאַן הי"ד, האָט גערעדט מיט די האַרציגסטע ווערטער וועגען דער קדושה פון די תינוקות של בית רבן און גערופען די רבנים צו זאָרגען אויך פאַר די יונגעטשקע קינדערלעך און דעם חינוך זייערען. מיט גרויס התלהבות איז געוואָרען בעשלאָסען צו שאַפען אַ „קרן ברזל", אַן אייזערנעם פאָנד, לטובת די ישיבות. אַזוי איז די „ועידת התורה" אַריבער ווי אַ קראַפט־מאָביליזאַציע פון דער ישיבה׳שער תורה־וועלט. און מיט קוים 2 חדשים שפּעטער איז די גאַנצע ישיבה׳שע וועלט פון פּוילען און ליטע געוואָרען געשטעלט פאַר אַזאַ האַרבען נסיון, ווי די נאַצישע אָקופּאַציע און די קאָמוניסטישע אינוואַזיע.

אַן עד־ראיה, דער בעקאַנטער רעליגיעזער שריפטשטעלער שמואל ראָטשטיין, וועלכער האָט אַליין דורכגעמאַכט דעם געלויף פון וואַרשע קיין ווילנע, שילדערט דעם העלדענמוט פון די אַנטלויפענדע ישיבה־לייט:[1]

„אויב דער אַריינמאַרש פון די נאַציס קיין מערב־פּוילען האָט גלייך אויפגעטרייסעלט די אידען פון די דאָזיגע ראַיאָנען און פיינליך־איבערראַשקענע האָבען פיעל זיך געלאָזען לויפען וואוהין די אויגען טראָגען — האָבען אידען פון די מזרח־געביטען דאָך אויפגענומען די סאָוויעטישע אַרמיי מיט אַ געפיעל פון דערלייכטערונג און בערוהיגונג. זיי האָבען זיך געטראַכט, אַז וואָס עס זאָל זיי נישט אַלץ דערוואַרטען אונטער דעם סאָוויעטישען רעזשים, וועלען זיי דאָך אָפּראַטעווען דאָס לעבען און וועגען וואָס נאָך האָט אַ איד געזאָלט טראַכטען אין יענע קאָשמאַר־טעג? ווי אברהם אבינו האָבען אידען זיך געבעטען: „תן לי הנפש והרכוש קח לך"...

„טראָץ דעם האָט זיך געפונען אַ ציבור מענשען, וואָס האָט געשטעלט

1) „אחיעזר", הגאון רבנו חיים עוזר גרודזנסקי מוילנה, חייו ופעולותיו, הוצאת „נצח", תל־אביב, ע"ע 47—49.

דאָס גייסטיגע לעבען העכער איבער אַלעם, און האָט אויסגעוויילט „חיי עולם" אָנשטאָט „חיי שעה". דאָס זענען געווען די בני הישיבות, וועלכע זענען געווען קאָנצענטרירט אין די געביטען, אָקופּירטע דורך די סאָוויעטען. ביי זיי האָט דער סאָוויעטישער רעזשים אַרויסגערופען נישט ווייניגער גרויל, ווי דער נאַצישער רעזשים אין מערב־פּוילען. אין דער ישיבה'שער וועלט האָט געהערשט די איבערצייגונג, אַז אידען האָבען נישט קיין קיום נאָר אין זכות פון דער תורה. אָהן דער תורה איז דאָס לעבען קיין לעבען נישט, נישטאָ קיין קעגענוואַרט און קיין צוקונפט פאַרן אידישען פאָלק. אַזוי ווי דער מאמר פון רמב"ם „וחיי בעלי חכמה ומבקשיה בלא תלמוד תורה כמיתה חשובין" (פאַר די חכמים און פאַר די וואָס זוכען חכמה איז אַ לעבען אָהן לערנען געגליכען צום טויט). קיינער האָט דערין נישט געצווייפעלט, אַז דער סאָוויעטישער רעזשים וועט אונטער־דריקען מיט זיין שווערער האַנט דעם מקור פון אידישען גייסטיגען לעבען, די ישיבות, ווי ער האָט דאָס געטהון אין רוסלאַנד גופא. די ראשי הישיבות און די תלמידים וועלען ווערען אַרעסטירט און פערשיקט און וואָס וועט זיין מיט דער תורה, „ותורה מה תהא עליה?".

„געווען נאָך אַנדערע סיבות, וואָס האָבען געווירקט אויף די ישיבה־לייט. צווישען די ישיבות זענען געווען אַזעלכע, וועמענס תלמידים עס האָבען מיט יאָהרען צוריק אין גרויסע צאָלען געהאַט אַליין איבערגעלאָפען אין געהיים די גרענעץ פון רוסלאַנד קיין פּוילען, כדי צו קענען ווייטער אָנגעהן מיטן לערנען תורה. אַזוי, למשל, איז די קלעצקער ישיבה געהאַט אַריבער פון דער רוסישער סלוצק אין דער פּוילישער קלעצק, צוזאַמען מיט די תלמידים און מנהלים. אויסער דעם האָבען דאָך די ישיבה־לייט געבילדעט אין יעדען אָרט דעם סאַמע דרייסטען קעמפערישען לעגיאָן קעגען כפירה און הפקרות. אין יעדען אָרט, וואו אַ ישיבה האָט סטאַנציאָנירט האָבען זיך די אַלערליי „פרייע" געפילט געשטערט. די בני הישיבה פלעגען מוטיג בעקעמפען חילול שבת, פלעגען קעגענווירקען די אפּיקורסישע פעראיינען מיט זייערע נשמה־פערגיפטענדע ביבליאָטעקען און פלעגען העלפען פערלייגען אין די דאָזיגע ערטער „חורב"־שולען פאַר יונגלעך און „בית יעקב"־שולען פאַר מיידלעך. און אומזיסט איז געווען די אַרבעט פון די פרייע אָרגאַניזאַציעס צו פערוואַרפען נעצען אויף די קינדער פון די רעליגיעזע שולען. און דערפאַר איז נישט געווען קיין וואונדער, וואָס די „לינקע" עלעמענטען האָבען געפלעגט אַ ביטערע שנאה צו די ישיבה־לייט און זיי האָבען מיט אומגעדולד געוואַרט אויפן טאָג פון נקמה, ווען די סאָוויעטישע אַרמיי וועט אַריבער די גרענעץ און די שעה פון דער געגאַרטער נקמה איז דאָ...

„די ישיבה־לייט האָבען זיך נישט אָפּגעשטעלט צוליב אַזאַ „קליינעם"

מכשול ווי געשלאָסענע גרענעצן. פון מויל צו אויער איז געוואָרען איבער־געגעבען די ידיעה, אַז „רבי חיים עוזר" האָט געשיקט ספּעציעלע שליחים פון יענער זייט גרענעץ אַריבערצונעמען די ישיבות קיין ווילנע. רבי חיים עוזר פלעגט אין יענע טעג כסדר זאָגען „תורה מונחת בקרן זוית", פאַר דער תורה איז בעשטימט געוואָרען דאָס דאָזיגע ווינקעלע, די קליינע מלוכה ליטע, כדי דאָרטען איינצוזאַמלען אַלע ישיבות צוזאַמען... אויסער דער סכנה וואָס איז געווען פערבונדען מיטן גנב׳ענען אומלעגאַל די גרענעץ האָט דאָס אויך איינגעשלינגען גרויסע געלדער. די גרענעץ־ שמוגלער פלעגען פערלאַנגען הויכע פרייזען פאַר יעדען קאָפּ. די ישיבה־לייט האָבען אַרויסגעוויזען וואונדערליכע פעהיגקייטען אין דער אונטערערדישער אַרבעט, זיי פלעגען בעזאָרגען יעדען פּליט מיט „געהעריגע דאָקומענטען" און דערנאָך איהם איבערשיקען קיין ווילנע. דאָס שטעדטעלע איישישאָק, וואָס איז געלעגען נעבען ראַדון, איז געוואָרען צוגעטיילט צו ליטע און דאַקעגען ראַדון גופא איז געוואָרען בעשטימט אַלס רוסישער גרענעץ־פּונקט און דער בנין פון ישיבה, פון חפץ חיים׳ס ישיבה, איז געוואָרען אָקופּירט אַלס זיץ־אָרט פון רוסישען גרענעץ־שטאַב. אין ראַדון זענען דערפאַר געבליבען פיעל תלמידים פון ישיבה, פון די פעהיגסטע און בעהאַוונסטע, כדי אַנצופיהרען און ריכטען ווי געהעריג דעם גרענעץ־שמוגעל...

„די צאָהל צונויפגעזאַמעלטע ישיבה־לייט אין ווילנע האָט דערגרייכט ביז צוויי טויזענד פינף הונדערט. זיי זענען געוואָרען איינגעאָרדענט אין דרייסיג פערשידענע שוהלען, און דער קול התורה האָט אָפּגעהילכט איבער אַלע גאַסען פון ירושלים דליטא, צו דער גרויסער פרייד פון אַלע חובבי תורה. נישט קיין קליינינגקייט איז עס געווען צו בעשפּייזען אַזאַ גרויסע תורה־אַרמיי, גאַנץ בע־זונדערס אין די ערשטע טעג, נאָך איידער עס איז דערגאַנגען אַ געהעריגע הילף פון דרויסען, און צו דער זעלבער צייט, ווען די אַלט־בעזעסענע תושבים פון דער שטאָדט האָבען געמוזט זיך שטעלען אויף לאַנגע שעה׳ען אין דער רייהע פאַר די בעקערייען, אויף צו בעקומען אַ לאַבען ברויט פאַר זיך. רבינו חיים עוזר זצ״ל האָט נישט געוואָלט, אַז די ישיבה־תלמידים זאָלען פטר׳ן זייערע בעסטע שעה׳ען אויף צו שטעלען זיך אין דער ברויט־רייהע, דאָס האָט ער אויך געהאַלטען פאַר אַ בזיון התורה. און די דאָזיגע זאָרג האָט ער אַרויפגעלעגט אויף דעם „ועד הישיבות".

„רבינו חיים עוזר זצ״ל, אַ שוואַכער און קראַנקער, האָט זיך אַליין גע־שטעלט בראש דער אַקציע אויסצוהאַלטען די ישיבות. גלייך ווי ווילנע איז געוואָרען אַנעקסירט צו ליטע האָט רבינו חיים עוזר דערהאַלטען אַ טעלעגראַם פון דעם שאַוולער רב, הגאון ר׳ אהרן באַקשט: „מיט וואָס קען איך אייך העלפען?". דער ענטפער איז געווען גאַנץ קורץ: „שיקט אונז אַ וואַגאָן מעהל!".

נאָך עטליכע טעג איז דער מאַגאַזין פון „ועד הישיבות" געווען אָנגעפּולט מיט זעק מעהל, איינציגע בעקערייען האָבען ספּעציעל געבאַקען ברויט פאַר די ישיבה־לייט און קיינער פון זיי האָט נישט געהונגערט. דערצו זענען נעבען יעדער ישיבה געוואָרען געעפענט ספּעציעלע קיכען צו בעשפּייזען די תלמידים־פּליטים. די צאָהלרייכע פּליטים וואָס האָבען זיך דורכגעריסען קיין ווילנע האָבען ממש מקנא געווען די בני הישיבות, פאַר וועמען עס איז אַלץ געוואָרען בעזאָרגט בדרך כבוד, אַלע האָבען בעוואונדערט די מוסטערהאַפטע אָרדנונג אין דער אַרבעט פון „ועד הישיבות" אויף אַלע געביטען".

נאָך אַן עד־ראיה, אַ וויכטיגע פּערזענליכקייט אין דער רבנישער וועלט, וואָס האָט געבראַכט קיין אויסלאַנד דעם אויטענטישען בעריכט איבער דער לאַגע אין ווילנע — האָט געשילדערט מיט מעהר איינצעלהייטען דאָס בילד פון ווילנע אין יענער צייט:[2]

„איך געפין זיך נאָך אַלץ אונטער דעם מעכטיגען רושם, וואָס ווילנע (אָדער ווילניוס, ווי די ליטווינער רופען זי אָפיציעל) האָט אויף מיר געלאָזען. אין דער דאָזיגער שטאָדט איז דאָך היינט געוואָרען צונויפגעזאַמעלט דאָס גאַנצע ביסעל תורה, וואָס איז געוואָרען פּערזייהעט אין אייראָפּע דורך הונדערטער יאָהרען. דאָרט איז היינט די נעסט פון תורה. דאָרט אַהין זיינען אַלע ישיבות געוואָרען אַנטרינען, און דאָס איז טראַגיש און פיינליך. מיט אַנדערע ווערטער מיין איך צו זאָגען, אַז אין קיין אַנדער לאַנד פון דער אָקופּירטער אייראָפּע איז איז נישטאָ אַזאַ תורה־צענטער, און דאָס איז פאָרט פיינליך. פיינליך, ווייל די קליינע ליטע איז דאָך אַרומגערינגעלט און בלאָקירט פון אַלע זייטען און אַ שטורם־ווינט קען דאָס אַלץ פערניכטען, ח"ו.

„אין ווילנע האָב איך געטראָפען לערך אַכצעהן הונדערט ישיבה־תלמידים, מיט זייערע פיהרער, די גדולי התורה, רמי"ם און רבנים. שבת האָב איך זיי געזעהען עסען זופּ מיט טרוקען ברויט. זיי שלאָפען צו פופציג מענשען אין קאַלטע קלויזען, וואָס ווערען נישט בעהייצט, און זיי ציהען נישט אַראָפּ זייערע מלבושים פון זיך דורך לאַנגע וואָכען, נישט האָבענדיג קיין קישען צוקאָפּענס, נאָר שלאָפען אויף די בענק און דילען. זיי טרינקען געקאָכטע וואַסער, אָהן עפּעס. זיי וואוינען אויף די ערטער, וואו זיי לערנען און זיי לערנען דורך גאַנצענע טעג. זיי קומען צום שיעור זינגענדיגע, זיי לערנען און זענען זיך נוהג, אַ שטייגער די צרות און די נויט און די קעלט מיטן הונגער זענען גאָר זיי אינגאַנצען נישט נוגע. און איך רוף אויס פון גרויס התפעלות: „עבדי ה' זענען עס!" זייערע פּנימער זענען איינגעשרומפּען, די בלייכקייט פון זייער

2) „הפרדס", טבת, ת"ש, ע' 32.

אויסזעהען זאָגט עדות וועגען די שווערינקייטען זייערע, די נויט און פערקלע־מעניש, נאָר דאָס לערנען איז ווי אַמאָל און אדרבא, זיי שטאַרקען זיך נאָך״.

„איך האָב בעזוכט דעם „ועד הישיבות״ און אָנגעטראָפען הרב שוב און הרב קלמנוביץ, דער אָפיס דאַרף גיכער אָנגערופען ווערען „אוצר הלחם״. דאָרט טיילט מען אויס די ברויט און אַנדערע לעבענס־מיטעל פאַר די תלמידים און רבנים, און אַלץ מיט אַ וואָג און מאָס און אָהן יחסנות. — פון דאָרט בין איך געגאַנגען צו הגאון רבי חיים עוזר,ביים טיש האָב איך איהם געזעהען עוסק זיין אין זיינע ענינים. זיין געזונד־צושטאַנד דערלויבט איהם אפילו נישט צו שרייבען און זיך אָנשטרענגען, אָבער ער איז פול מיט ענערגיע און גייסטיגע פרישקייט ווי אין זיינע יונגע יאָהרען. — הרב אהרן קאָטלער האָב איך בעגע־גענט אין אַ לעדיגער דירה. ער האָט זיך זעהר געפרייט אויף דער דירה, וואָס ער האָט געפונען. ווייל איז מיר, ווי איך האָב איהם געטראָפען אין אַזאַ עלענד. הרב ר״א וואַסערמאַן איז פון דאַנען אַוועק מיט אַ צייט צוריק. ער איז דער איינציגער, וואָס האָט געקענט פאָהרען קיין ריגע, דערפאַר וואָס ער איז געווען אַ לעטישער בירגער און מען האָט איהם אַהין פערבעטען. — דער בריסקער רב און זיין זון, אַן אייניקעל פון רח״ס זצ״ל, האָב איך געטראָפען און ער האָט מיר דערצעהלט וועגען זייער אַנטלויפען פון וואַרשע. איך בין דערציטערט געוואָרען הערענדיג, ווי אַזוי ער האָט געוואָגעלט און געוואַנדערט טעג און נעכט, אָהן אָבשטעל און אויפהאַלט. געלאָפען פון איין פאַסטקע צו דער אַנדערער, פון דאָרף אין די וועלדער אַריין, פון איין געפאַהר צו דער צווייטער, ביז ער איז אָנגעקומען קיין ווילנע. זיין ישיבה איז איצט אין ווילנע, אויך די מירער ישיבה דערווייל, און 2 ישיבות פון באַראַנאָוויטש, אויך די ישיבות פון גראָדנע, לאָמזע, ראַדון, סלאָנים און נאָך. די ישיבה פון הגאון לייבאָוויץ ז״ל איז דאָ, אויך די קלעצקער ישיבה. און איבער אַלעם איז גרויס דער טרויער און צער איבער דעם חורבן פון דער לובלינער ישיבה. די שונאי ישראל האָבען זי אינגאַנצען חרוב געמאַכט און בלויז וועניגע תלמידים זענען אַנטלאָפען קיין ווילנע, ווייל דער מרחק איז גרויס און איינציגע פון די רמי״ם זענען דאָ און זיי אָרגאַניזירען זיך״.

„די ישיבות זענען אַרומגערינגעלט מיט דאגות פון אַלע זייטען — ווילנע איז די מעטראָפאָליע פון תורה ויראה. הילף און שטיצע בחומר וברוח איז נויטיג פאַר די ישיבות און פאַר די פליטים תלמידי חכמים״.

אויפן לעצטען פונקט פון דאָזיגען שטרענג־אויטענטישען ראַפּאָרט איז כדאי זיך אָפּצושטעלען, וועגען דעם פערנעהם פון דער הילף, וואָס איז געווען נויטיג פאַר די איבערגעלאָפענע ישיבות.

און דאָ מוז קודם־כל ווערען אונטערגעשטראָכען מיט דער גרעסטער

לויב און אָנערקענונג די געהויבענע ראָל פון ליטווישען אידענטום ביים אַקעגנ־טראָגען זייער ברייט־האַרציגע הילף צו די אָנקומענדע פליטים.

הרב שאול אמסטערדאַמסקי פון סובאַלק, איינער פון די ערשטע גליקליכע ניצולים פון עמק הבכא אין פוילען, האָט נאָך זיין אָנקום קיין אַמעריקע עדות־געזאָגט בזה הלשון:

„נאָכדעם ווי איך בין ניצול געוואָרען בדרך נס און אָנגעקומען קיין ליטע איז דאָס געווען מיין טרייסט, צוזעהענדיג די רוהיגע און געלאַסענע ליטווישע אידען ווי זיי זענען ממשיך אין אידישען וועג נאָך מיט מעהר מוט און מעהר ברען. דאָס ליטווישע אידענטום וועט ווערען איינגעשריבען מיט גאָלדענע אותיות אין דער געשיכטע פון אונזער פאָלק אַלס די ערשטע, וואָס האָבען זיך צוגעאיילט מיט זייער הילף פאַר אונזערע ברידער די פליטים, אַנטרינענע פון דער טויט־געפאַהר אונטער די היטלעריסטישע חיילות. אונזערע ברידער אין ליטע האָבען אויפגענומען די תורה־געסט, זיי האָבען איינגעאָרדענט די בני הישיבות. איך דערמאָן זיך, אַז בעת מיין אויפהאַלט אין אַ קליין שטעדטע־לע אין דער ליטע, וואָס מען רופט עס מאַרקינע אָדער מערטש, זענען צו מיר צוגעקומען אייניגע בעלי־בתים און זיך געבעטען רחמים, דאָס די ישיבה פון „חפץ חיים" פון ראַדון זאָל זיך איבערטראָגען אין זייערע שטעדטעלע. זייער געבעט איז געווען מיט אַזאַ גרויסע השתוקקות, אַז זיי האָבען אָנגעבאָטען איבער־צוגעבען פאַר די בחורים פריוואַטע צימערן צו שלאָפען אינגאַנצען בחינם, און דערצו האָבען זיי נאָך צוגעזאָגט צו שטיצען די ישיבה. עס איז ווערט צו געדענקען, אַז דאָס דאָזיגע שטעדטעלע געהער צו די סאַמע אָרעמסטע אין דער ליטע, וואָס מען רופט עס פון מלך אביונ׳ס גיטער".

מיט עהנליכע, טיעף־ריהרענדע ווערטער פון אָנערקענונג שילדערט זיין אָנקום קיין ליטע אַלס פליט דער מחבר פון בעקאַנטען ספר „ביכורי אביב", הרב משה ראָטענבערג, איינער פון די אָפּגעראַטעוועטע בעריהמטע תלמידים פון „ישיבת חכמי לובלין" און היינט אַליין דער ראש־ישיבה פון „ישיבת חכמי לובלין" מיטן זיץ־אָרט אין דעטראָיט; אָט וואָס ער דערצעהלט אין דער הקדמה צו זיין דערמאָנטען ספר:[3]

„עס איז וויכטיג אָפּצושטעלען זיך אַביסעל אויף די ליטווישע אידען. די אידען פון ליטע זענען בעקאַנט און בעריהמט מיט זייער אהבה צו תורה און אידישקייט און מיט דער גרויסמוטיגער מידה פון הכנסת אורחים זייערער. אָבער עס איז מיר אונמעגליך פאָרצושטעלען, ווי ווייט זיי האָבען זיך אויסגעצייכענט מיט דער מידה פון הכנסת אורחים לגבי אונזערע פליטים בכלל און די פליטי

3) „בכורי אביב", תוצאה שניה, ס"ט לואיס, תש"ב.

הישיבות בפרט. יעדע איינציגע שטאָדט האָט געשיקט דעלעגאַציעס צו די מנהלי הישיבות, אַז זיי ווילען אויפנעמען ביי זיך די ישיבות. די שטעדטלעך האָבען זיך ממש אַרומגעריסען צווישען זיך, ווער עס זאָל האָבען די זכיה צו לאָקירען ביי זיך די אָדער יענע ישיבה. —

„אין דער ערשטער צייט נאָך אונזער אָנקום זענען מיר געווען גע־צוואונגען צו זיצען אויף איין אָרט, אין ווילנע, ווייל די פליטים איז נישט געווען דערלויבט אַרומצופאָהרען, אויסער אַז מען האָט געהאַט אַ ספּעציעלע ערלויבעניש דערויף. דערנאָך, אַז די וועגען זענען געוואָרען אָפען האָבען מיר ערשט געהאַט די געלעגענהייט צו געניסען פון דער גוטסקייט און פריינדליכ־קייט פון דעם ליטווישען איד, וואָס אויסער זיין גרויסער מאָס פון הכנסת אורחים בעזיצט ער נאָך אַ ספּעציעלע איבערגעבענקייט פאַר לומדי תורה״.

די קאָנצענטראַציע פון אַלע געראַטעוועטע ישיבות אויף איין אָרט, אין דער שטאָדט ווילנע, האָט געמוזט אַרויסרופען אומגעהויערע שוועריגקייטען, און דערפאַר איז שפּעטער געקומען דער בעשלוס פונאַנדערצוטיילען די ישיבות איבער ליטע און זיי צו גרופּירען אין פערשידענע פּונקטען. דערוועגען גיט־איבער ש. ראָטשטיין אין זיין בוך: [4]

„די ליטווישע רעגירונג האָט געקוקט מיט אַ קרום אויג אויף דער קאָנצענטרירונג פון צעהן טויזענד פליטים אין ווילנע און האָט געפאָדערט זיי צו פּלאַצירען איבער גאַנץ ליטע און נישט צו שטויסען זיך אויף איין אָרט. אויך לגבי די ישיבות איז געוואָרען אַרויסגעשטעלט אַזאַ פאָדערונג. רבינו חיים עוזר און די ראשי ישיבות האָבען גאָרנישט אָנגעווענדעט אַקעגען דעם און זענען געווען צופרידען איבערצופיהרען די ישיבות אויף קלענערע ערטער, וואָס פּאַסען זיך בעסער פאַר לערנען תורה מיט התמדה און אָפּגעזונדערטקייט. די מירער ישיבה איז איבערגעגאַנגען קיין קיידאַן, די קלעצקער ישיבה — קיין לינאָוו, קאַמעניצער ישיבה — קיין ראַסיין, די ישיבה „תורת אמת״ פון באַראַ־נאָוויטש — קיין טראָקי, ישיבה „תורת חסד״ פון באַראַנאָוויטש — קיין טאַריג, ישיבת „בית יוסף״ פון ביאַליסטאָק — קיין בירזש, די מעזריטשער ישיבה — קיין נעמענטשין, ישיבת „בית יוסף״ פון פּינסק — קיין ווילקאָמיר, די ראַדונער ישיבה — קיין אוטין און איישישאָק, די לאָמזער ישיבה — קיין פּאַלאַנגין. בלויז עטליכע ישיבות זענען געוואָרען ווייטער געלאָזען אין ווילנע. און ווירקליך האָט דער פערלאַנג פון דער ליטווישער רעגירונג געבראַכט אַ ברכה פאַר די ישיבות. די התמדה און חשק צום לערנען איז געווען געוואַלדיג און האָט נאָך ווייט איבערגעשטיגען דעם צושטאַנד פון פאַר דער מלחמה״.

---

4) „אחיעזר״, ע׳ 50, און ווייטער.

די הויפט־שוועריגקייט איז געווען פון וואַנען צו שעפּען די גרויסצוגיגע און סיסטעמאַטישע הילף פאַר די ישיבות. און וועגען דעם שטעלט פעסט דער זעלבער מקור.

„ווי געזאָגט, זענען מערסטענס ישיבה־לייט אָנגעקומען עלענד און בלויז קיין ווילנע, און עס איז אויך געווען נויטיג זיי צו בעקליידען און בעשיכען ווי געהעריג. אויסער דער הילף פון דער בעקליידונגס־אָפּטיילונג ביים פּליטים־קאָמיטעט האָט רבי חיים עוזר זיך געוואָנדען צו די רבנים אין אַמעריקע, ווי אויך ענגלאַנד און שוועדען און נאָך אַ קורצער צייט זענען אָנגעקומען קאַסטענס מיט בעקליידונג. אויך אין ליטע גופא איז געוואָרען אָרגאַניזירט אַ זאַמעל־אַקציע פון מלבושים און אַלע ישיבה־לייט זענען געוואָרען בעקליידעט בדרך כבוד — און דאַן איז אָנגעקומען דער ספּעציעלער שליח אין נאָמען פון דעם ועד הצלה פאַר די ישיבות אין אַמעריקאַ, וואָס איז געוואָרען געגרינדעט דאָרט דורך הרב אליעזר סילווער".

בקיצור, — דער גורל פון די איבערגעוואַנדערטע ישיבות אין דער ליטע איז געווען פינאַנציעל אָפּהענגיג פון דער הילף פון אַמעריקע, און דאָ איז וויכטיג צו דערצעהלען, ווי אַזוי די דאָזיגע הילף איז געוואָרען אָרגאַניזירט.

קאַפּיטעל 2

# גרינדונג פון „ועד הצלה" פאַר ישיבות

די אַלאַרם־טעלעגראַמעס פון ווילנע צו אגודת הרבנים אין אַמעריקע. — „דאָס וויגעלע פון תורה אין לעצטע דורות", אין סכנה. — איינדרוקספולע רבנים־קאָנפערענץ פּראָקלאַמירט רעטונגס־אַקציע פאַר די קריגס־געטראָפענע ישיבות. — הרב סילווער ווערט געקליבן אַלס נשיא פון „ועד הצלה".

דאָס איז די געשיכטע ווי דער „ועד הצלה" אין אַמעריקע איז געוואָרען געשאַפען, מיט דער ערשטער אויפגאַבע זיינער — צו ראַטעווען די מלחמה־געליטענע ישיבות אין מזרח־איראָפּע.

פרייטאָג, דעם 1־טען סעפּטעמבער, 1939, איז אויסגעבראָכען די מלחמה און קוים מיט אַ וואָך שפּעטער, פרייטאָג, דעם 8־טען סעפּטעמבער איז אין דער ניו־יאָרקער אידישער פּרעסע דערשינען דער ערשטער הילפס־רוף פון אגודת הרבנים אין אַמעריקע נישט צו דערלאָזען, חלילה, צום אונטערגאַנג פון די ישיבות אין דער קריגס־צעפלאַקערטער איראָפּע.

אין דאָזיגען רוף איז געזאָגט:[1]

„די כוואַליעס פון מלחמה האָבען אַרומגענומען די מדינות, וואו עס געפינען זיך דער רוב מנין און רוב בנין פון כלל ישראל, און וואו עס געפינען זיך טויזענדער ישיבה־בחורים אין דער גרעסטער פערצווייפלונג.

„עס ליגט נאָך ביי אונז אַלעמען אין זכרון, אַז אין דער לעצטער מלחמה זענען אַלע ישיבות אָנגעגאַנגען מיט זייער טעטיגקייט פון הרבצת התורה און דער קול התורה האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט קיין איין טאָג, און דאָס איז דער גליק פון אידישען פאָלק.דאָס אין אַלע פינסטערנישען איז מען דורכגעגאַנגען מיט דער ליכטיגקייט פון דער תורה און עס איז אַזוי אָנגעהאַלטען געוואָרען דער קיום פון אידישען פאָלק.

„איבער דעם ווענדען מיר זיך צו אייך, טייערע ברידער, חובבי תורה אין אַמעריקע, וואָס השי"ת האָט מיט אונז געטאָן דעם חסד דאָס מיר זענען אין דער דאָזיגער פרייער מדינה פון שלום, אויף אונז איז געפאַלען דער זכות צו ראַטעווען די טויזענדער בני הישיבה פון אונטערגאַנג; נעמט אויף מיט כבוד די חשוב'ע פאָרשטעהער פון די ישיבות, וועלכע טהוען זייער אַרבעט מיט מסירת

1) „מאָרגען־זשורנאַל", סעפּטעמבער 8, 1939.

הנפש און העלפט מיט אַ ברייטער האַנד, פערגרעסערט אייערע נדבות פאַר די ישיבות, ראַטעוועט די טויזענדער בני הישיבה פון חרפת רעב, ר״ל.

„מיר אידען דאָ אין אַמעריקע טראָגען די אחריות, אַז די טויזענדער ישיבה־בחורים זאָלען קענען אָנגעהן מיט תורה און נישט אונטערגעהן, ח״ו.

„ברידער, רחמנים בני רחמנים! שטיצט יעדערער ביתר שאת ועוז והשי״ת ירחם על עמו ויזכנו בגאולה וישועה מהרה, והעושים והמעשים להחזקת התורה יתברכו בכתיבה וחתימה טובה״. —

(אונטערגעשריבען)

## אגודת הרבנים דארצות הברית וקנדה.

קורץ דערנאָך, ערב יום הכיפור פון יאָהר ת״ש, איז געוואָרען פער־עפענטליכט אַ ווייטערדיגער רעטונגס־רוף פון אגודת הרבנים פאַר די ישיבות, דאָס מאָל מיט מעהר איינצעלהייטען און מיט אַ ברייטערער בעגרינדונג:[2]

„די אומבעשרייבליכע קאַטאַסטראָפע, וועלכע האָט בעוה״ר געטראָפען דעם אומגליקליכען דריי־און־האַלב מיליאָניגען אידישען קיבוץ אין פוילען, האָט אויך נישט אויסגעמיטען דאָס האַרץ פון אונזער פאָלק, די גרעסטע אידישע תורה־צענטערס, וועלכע זענען אין דעם מאָמענט שוין אונטער רוסישער אָקופּאַציע.

„קייבעלס, וועלכע זענען דערהאַלטען געוואָרען די לעצטע טעג פון ווילנע, פונם גאון הדור, רבי חיים עוזר, די לעצטע דאַטירט פון ערב ראש השנה, דריי טעג פאַר דער רוסישער אינוואַזיע — בעריכטען, אַז אין יענעם מאָמענט האָבען די ישיבות פונקציאָנירט נאָרמאַל און אַז די נויט איז דאַן געווען זעהר גרויס. אַזוי אַז עס איז כמעט ווי זיכער, אַז די רוסישע אינוואַזיע האָט געטראָפען די ישיבות אין זייער גאַנצען בעשטאַנד.

„ביים איצטיגען מאָמענט איז נאָך צו־פריה צו וויסען גענוי די מאָס פון הילף, אין וועלכע עס נויטיגען זיך אונזערע גרעסטע תורה־צענטערס, וואָס זענען געטראָפען געוואָרען פון דער גרויסער קאַטאַסטראָפע. איין זאַך איז זיכער: די ספרי תורה פון דעם אידישען פאָלק געפינען זיך אין דעם גרעסטען פייער. און די אַרבעט זיי צו רעטען איז געוואָרען שווערער און קאָמפּליצירט.

„עס איז גאָר קיין ספק נישט, אַז די גרויסע ישיבות, וועלכע האָבען זיך קאָנצענטרירט אין ליטע און פוילען, דאָרט וואו עס איז געווען דאָס וויגעלע פון תורה אין די לעצטע פאָר הונדערט יאָהר, וועלען חס ושלום ניט אונטערגעהן. דורך דער גאַנצער אידישער געשיכטע האָט אונזער הייליגע תורה בעוויזען דעם וואונדער פון איהר כח החיים, ווייטער צו עקזיסטירען אונטער די שווערסטע

2) „מאָרגען־זשורנאַל״, סעפּטעמבער 22, 1939.

און די גרויזאַמסטע בעדינגונגען, אויך אין דער איצטיגער עת־צרה וועלען אונזערע תורה־פעסטונגען, אונטער דער לייטונג פון די גבורי התורה, די ראשי הישיבות, וועלכע האָבען זיי לעצטענס אונטערגעהאַלטען מיט איבערמענשליכע מסירת הנפש, אי״ה ווייטער פאָרטזעצען זייער טעטיגקייט אויף די זעלבע ערטער, אָדער איבערטראָגען זיי אויף מעהר זיכערע פּלעצער. אין יעדען פאַל וועט די רעטונג פון די ישיבות און די פאָרטזעצונג פון זייער עקזיסטענץ פאָדערן גרויסע סומען און קאָלאָסאַלע מיטלען. מיר מוזען זיין גרייט צו קענען געבען שנעלע הילף די ישיבות, מבצרי התורה, צו יעדען מאָמענט, ווען עס וועט קומען זייער ערשטער רוף. און עס איז די הייליגסטע און גרעסטע פליכט פון יעדען אידען צו העלפען פערשטאַרקען די אַרבעט און די אַקציעס לטובת די מרכזי התורה, וועלכע געפינען זיך אין געפאַנגענשאַפט, אין סכנות און אין גרויס נויט.

„מיר האָבען גערופען אַ ספעציעלען מיטינג דינסטאָג, ז׳ „לתשובה" פון די פאָרשטעהער פון די ישיבות אונטערן פאָרזיץ פון דער פיהרערשאַפט פון אגודת הרבנים, ביי וועלכען מיר האָבען אויפגעפאָדערט די ישיבות־פאָרשטעהער אויפן אָרט, צו פערשטאַרקען און צו פערפיעלפאַכען די אַרבעט און די זאַמלונגען צו ראַטעווען די פעסטונגען פון אידישען פאָלק אין זייער גרעסטער סכנה, חס ושלום.

„אויפן שוועל פון יום הדין וועקען מיר דעם געוויסען פון אונזערע אַמעריקאַנער ברידער: אונזערע ספרי תורה זענען אין סכנה, ח״ו; העלפט, ראַטעוועט!"

(אונטערגעשריבען)

**אגודת הרבנים דארצות הברית וקנדה.**
**הרב ישראל הלוי ראָזענבערג, הרב אליעזר סילווער און הרב יהודה לייב זעלצער.**

דער טיעף־ריהרענדער רעטונגס־מאַניפעסט פאַר תורה, וואָס אָטעמט מיט אַזויפיעל בטחון און אמונה אין דעם נצחיות׳דיגען כח פון תורה און יהדות, איז דערצו ביז גאָר אינטערעסאַנט צוליב זיינע ניכטער־פּראַקטישע מאָמענטען: ערשטענס, אַז דער גאון הדור פון ווילנע האָט כסדר אָנגעהאַלטען די ענגסטע פערבינדונג מיט דער אָנפיהרערשאַפט פון אגודת הרבנים אין אַמעריקע וועגען דער לאַגע און די שנעל־טוישענדע סיטואַציעס אין דער ישיבה׳שער וועלט; צווייטענס, אַז דער אַמעריקאַנישער ראַבינאַט האָט גאַנץ בעצייטענס פּלאַנירט אַ גרויסצוגיגע אַקציע אַרויסצוראַטעווען די ישיבות פון די בעדראָהטע סאָוויעטיש־בעהערשטע געביטען; דריטענס, אַז די פּראַקטישע הילפס־אַרבעט פאַר די ישיבות איז נישט געוואָרען פערנאַכלעסיגט אויף איין טאָג און אַז די אגודת הרבנים

צוזאַמען מיט די פאַרשטעהער פון די גרויסע ישיבות האָבען געזאָרגט פאַר די לויפענדע נויטען פון די ישיבות.

די אַלאַרמירענדע בעריכטען, וואָס זענען דערוויילע דערגאַנגען פון ווילנע האָבען אַרויסגערוקט די דרינגענדע בעדערפעניש אין אַן אויסעראָרדענטליכער און מעכטיגער רעטונגס־אַקציע פאַר די שווער־געטראָפענע ישיבות. דינסטאָג, ז׳ מרחשון, ת״ש איז געוואָרען אָבגעהאַלטען אַ ספעציעלע בעראַטונג פון דער הנהלה פון אגודת הרבנים, מיטן צוועק אונטערצונעמען די געהעריגע שריט. אויפן טיש פון דער זיצונג איז געלעגען אַ בינטעל לעצטע טעלעגראַמעס פון עמק הבכא. דער קאָוונער רב האָט אַלס ענטפער אויף אַן אָנפראַגע פון אגודת הרבנים אין אַמעריקע געמאָלדען, אַז הגאון רבי חיים עוזר און אַלע אַנדערע ווילנער רבנים און ראשי הישיבות זענען פריי און געהען ווייטער אָן אומגעשטערט מיט זייער טעטיגקייט און אַז אַלע ישיבות זענען ווייטער אָפען און די תלמידים געהען אָן מיט זייער לערנען ווי פריהער. אין די אַנדערע מעלדונגען פון ווילנע איז געוואָרען אָנגעגעבען, אַז די פאָלגענדע ראשי הישיבות זענען שוין אָנגעקומען קיין ווילנע: הרב אליעזר יהודה פינקעל פון מירער ישיבה, הרב ר׳ ברוך בער לייבאָוויץ פון קאַמעניצער ישיבה, הרב ר׳ אהרן קאָטלער פון קלעצקער ישיבה, הרב ר׳ אלחנן וואַסערמאַן פון באַראַנאָוויטשער ישיבה, הרב ר׳ מענדל זאַקס פון ראַדונער ישיבה, הרב ר׳ אברהם יפה פון ביאַליסטאָקער ישיבה, הרב ר׳ שבתי יגל פון סלאָנימער ישיבה, ווי אויך הרב קאָסטושאָווסקי פון לאָמזער ישיבה. צו דער זעלבער בעראַטונג האָט הרב סילווער איבערגע־וויזען אַ לעצטע טעלעגראַם פון פאָניעוועזשער רב, הגאון רבי יוסף כהנאמאַן, אַז אויסער די אָנגעגעבענע ראשי הישיבות פון פריהער געפינען זיך אויך אין ווילנע הרב ר׳ שמעון שקאָפּ פון גראָדנער ישיבה ווי אויך דער בריסקער רב.[3]

די וויכטיגסטע החלטה פון דער דרינגענדער בעראַטונג איז געווען צו רופען אַן עקסטראַ רעטונגס־קאָנפערענץ פון רבנים אין גאַנץ אַמעריקע לטובת די ישיבות. אין הסכם מיטן דאָזיגען בעשלוס איז די רבנישע רעטונגס־קאָנפערענץ געוואָרען צונויפגערופען קיין ניו־יאָרק אויף מאָנטאָג און דינסטאָג, א׳ און ב׳ כסלו, ת״ש.

דער כינוס הרבנים איז געעפענט געוואָרען דורך הרב ר׳ ישראל הלוי ראָזענבערג און דאָס ערשטע וואָרט האָט בעקומען דער חבר הנשיאות פון אגודת הרבנים הרב ר׳ דוב ארי׳ לעווענטאַהל.

— זינט אונזער לעצטע קאָנפערענץ — האָט הרב לעווענטאהל געזאָגט — האָבען זיך די אידישע צרות פערגרעסערט, חורבן פוילען, די צעשטערונג פון

3) „הפרדס״, מרחשון, ת״ש.

די ישיבות, די גאַנצע וועלט פון חסידות ווערט חרוב. מיר האָבען נישט קיין ידיעות וועגען די גדולי הדור, די אדמורי"ם און רבנים, וואו זענען זיי? אונזער לאַנד, אַמעריקע, לעבט אין שלום, אָבער די אימיגראַציע־געזעצען הערשען דאָ ווייטער. אונזער אסיפה איז גערופען ספּעציעל צו זוכען עצות, וואָס מיר קאָנען טהוען אין אַזאַ עת צרה, בפּרט פאַר הצלת התורה. דער ציעל פון די רשעים, וואָס פוילען איז אַריינגעפאַלען אין זייערע הענד, איז דאָך חרוב צו מאַכען אונזער תורה, און דערפאַר איז עס דער חוב פון גאַנצען כלל ישראל צו ראַטעווען די תורה און העלפען די ישיבות, וואָס זענען איבערגעלאָפען קיין ווילנע. געווען צייטען פון גזירת השמד אויף אידען, צו פייניגען די נשמה פון אידען, היינט פייניגט מען דעם גוף און די נשמה צוזאַמען, די רשעים ווילען אומברענגען אַלע אידען און אויך אָפּצומעקען די תורה און אידישקייט, דאָס איז אַ דאָפּעלט אומגליק. אגודת הרבנים איז שוין טעטיג 25 יאָהר צו העלפען און צו ראַטעווען תורה און ישיבות און דורך דעם מוסד „עזרת תורה" פאַר תלמידי חכמים, איצט איז אָבער די סכנה גאָר גרויס, און מען מוז אַלץ טהון צו ראַטעווען די ישיבות אין אייראָפּע.

די פּראָגראַם־רעדע פון דער קאָנפערענץ איז געוואָרען געהאַלטען דורך הרב ר' אליעזר סילווער, וועלכער האָט צוגלייך פאָרגעשטעלט דעם פּלאַן פאַר אַ ברייט־פערמאָסטענער רעטונגס־אַקציע.

— דאָס איז נישט פאַר אונז קיין געוועהנליכע קאָנפערענץ מיט אַ „זמן קבוע" — האָט הרב סילווער אָנגעפאַנגען מיט אַ הלכה'שער שקליא וטריא, ווי זיין נוסח איז אויף רבנישע אסיפות — דאָס גרויסע אומגליק אויף אידען אין אייראָפּע האָט אונז אַהערגעבראַכט צו אַן אויסעראָרדענטליכען כינוס. „כי בא השמש", עס האַלט חלילה ביים פערגעהן אונזער זון, די זון פון תורה און גמ־נה... אָבער מיר טאָרען נישט פערצווייפלען, און נישט אַראָפּלאָזען די הענד אויס שוואַכקייט, און גאָרנישט טהוען אויף צו ראַטעווען די שארית הפליטה פון אונזערע מקומות התורה. די נאַציס מיט די סאָוויעטען זענען גוזר גזירות שמד אויף תורה און אידישקייט. נאָר אידען האָבען שוין איבערגעלעבט אַזעלכע צייטען פון חורבן האומה והיהדות, און אידען האָבען קיינמאָל נישט פערלוירען דעם בטחון אין השי"ת, אידען האָבען זיך מוסר נפש געווען און געזוכט עצות ווי אַזוי צו ראַטעווען די תורה — און מען האָט געראַטעוועט. מיר גראָבען שטענדיג די ברונעמער פון תורה, אויף אַלע מקומות און אין אַלע צייטען, זיי פערשטאָפּען די ברונעמער אונזערע, אָבער מיר גראָבען אַלץ ווייטער נייע קוואַלען און ברונעמער.

— אונזער פליכט איז —האָט הרב סילווער פאָרגעברענגט זיין רעטונגס־פּלאַן — צו אָרגאַניזירען די גרעסטע הילף און רעטונג, וואָס איז נאָר מעגליך

פאַר דעם גאַנצען פוילישען אידענטום און פאַר אַלע פליטים, אָהן אויסנאַהם. דערפאַר דאַרפען מיר העלפען דעם „דזשאָינט" אין זיין אַלגעמיינער אַרבעט און פערלאַנגען זי אויסצוברייטערן. דאָך ליגט אויף אונז, רבנים אין אַמעריקע, גאַר אַ בעזונדערער חוב קדוש דורכצופיהרען אין אַמעריקע אַ ספּעציעלען זאַמעל־קאַמפּעין צו ראַטעווען די תורה־מוסדות אין פוילען און אין אַנדערע ערטער, ווייל תורה דאָס איז אונזער קיום. דערפאַר איז מיין פּלאַן, אַז מיר זאָלען שיקען אונזערען אַ ספּעציעלען שליח קיין ווילנע, כדי צוזאַמען מיט אונזערע גדולי הדור און ראשי הישיבות, און גאַר בעזונדערס מיטן גאון הדור און שר התורה רבינו ר' חיים עוזר, אויסצואַרבעטען דעם ריכטיגען וועג פאַר הילף און רעטונג. און מיר דאָ, אין אַמעריקע, מוזען דערוויל מאָביליזירען אַלע כוחות, אַלע רבנים און עסקנים, צונויפצוברענגען די נויטיגע מיטלען מציל צו זיין די ישיבות און מעגליך זיי אויך אַריבערצוברענגען קיין אַמעריקע, זאָל אַפילו זיין צייטווייליג לויטן מוסטער פון די „גלות־אוניווערזיטעטען" דאָ.

מיט ריהרענדע ווערטער האָט אַפּעלירט צום כינוס הרבנים דער לאָמזער ראש־ישיבה הרב רי"מ גאָרדאָן, וועלכער איז געווען איינער פון די אינ־ציאַטאָרען פון דער רעטונגס־אַקציע פאַר די ישיבות. הרב גאָרדאָן האָט בעריכטעט, אַז אין די אָקופּירטע געביטען פון פוילען זענען נאָך פערבליבען 11 גרויסע ישיבות מיט 4 טויזענד תלמידים און עס מוז אַלץ געטהון ווערען אויך זיי אַלעמען אַרויסצוראַטעווען.

אויף אַ ווייטערדיגער זיצונג פון כינוס הרבנים איז אַרויסגעטרעטען מיט אַ לענגערען רעפעראַט הרב ר' ישראל הלוי ראָזענבערג, וועלכער האָט זיך ברייטער אָפּגעשטעלט אויף דער אידישער טראַגעדיע אין אייראָפּע און געמאָנט הילף און רעטונג פון דער גרויסער וועלט פאַרן שווער־געפּרובטען אידישען פאָלק בכלל און פאַר די גייסטיגע אוצרות פון אידענטום בפרט.[4]

— אונזער כינוס קומט פאָר אין דער טראַגישסטער צייט פון אונזער געשיכטע — האָט הרב ראָזענבערג אויסגערופען — פינסטערע וואָלקענס פער־דעקען דעם אידישען הימעל. כמעט נישטאָ קיין אָרט, וואָס זאָל זיין פריי פון אידען־שנאה. ווער רעדט שוין פון די ערטער, וואָס זענען אונטער דער ממשלה פון דער חיה רעה, וואָס הייסט היטלעריזם. ווער האָט זיך געקענט פאָרשטעלען מיט יאָהרען צוריק, אַז עס וועלען אויפשטעהן אַזעלכע קאַניבאַלען און עסען אונזער פלייש, זויפען אונזער בלוט? די משכילים און אַלע אַנדערע „אויפגע־קלערטע" פלעגען אונז שטענדיג פערזיכערן, אַז די וועלט געהט פאָרווערטס, און אַז די אידען־שנאה ווערט פערשווינדען. היינט זעהען שוין אַלע בחוש, ווי פאַלש זייערע „נביאות'ן" זענען געווען.

---

4) „מאָרגען־זשורנאַל", נאָוועמבער 15, 1939.

— די אַנטיסעמיטען האָגלען אויף אונז מיט טענות און שקרים, מיט אַלערליי בלבולים. אָבער אפילו בלינדע קענען איינזעהען די נישט־געשטויגענקייט פון זייערע בעשולדיגונגען. געוויס האָבען מיר אויך גענוג פסול׳ס, אָבער אינגאַנצען גענומען זענען מיר אַ נאָבעל פאָלק, רחמנים בני רחמנים. אונזערע שונאים דאַקעגען זענען פון וואָרצעל אויס באַרבאַריש. די אַמאָליגע גערמאַנען האָבען געדינט צו כח און נישט געדולדעט קיין שוואַכע. ווען קינדער האָבען אויסגעפונען קראַנקע ציינער ביי זייער טאַטען, פלעגען זיי איהם דערפאַר דער־הרג׳ענען. אָט די ירושה האָבען די נאַציס איבערגענומען. אונזער שורש, אונזער אורשפרונג איז הימעל־וויט דערפון. שוין מיט 4 טויזענד יאָהר צוריק זענען אונזערע אבות געווען אַזוי נאָבעל אַז ווען מענשען וואָלטען כאָטש זיין אַזוי מענשליך ווי זיי, וואָלטען מיר טאַקע געהאַט דעם ריכטיגען פראָגרעס. יאָ, די וועלט איז פאָרטגעשריטען אין וויסענשאַפט, אין ערפינדונגען, נאָר דער גאַנצער שכל פון היינטיגע ערפינדונגען איז „להרע ולא להיטיב". מען האָט אַריינגעטהון די הויפט־חכמה אין שאַפען די שרעקליכסטע כלי־משחית, סאָבמאַרינען, לופט־באָמבערס, אַלערליי מאָרד־אינסטרומענטען. אין אָט דער „פראָגרעסיווער" צייט געפינען זיך מיליאָנען פון אונזערע ברידער אויף אַ ווולקאַן. נישט בלויז אין די דיקטאַטאָרישע לענדער נאָר אפילו אויך אין די דעמאָקראַטישע לענדער בעגעגענען מיר נישט די ריכטיגע סימפּאַטיע און מיטלייד. אַזוי אַ שטייגער האָט ענגלאַנד אַרויסגעלאָזען אין אָנהויב מלחמה קעגען די נאַציס אַ „ווייס בוך" וועגען די נאַצישע אכזריות׳ן קעגען אידען. אָבער די זעלבע ענגלאַנד האָט ערב דער מלחמה פובליקירט אַן אַנדער „ווייסען פּאַפּיר" קעגען אונזערע רעכט אויף ארץ־ישראל, און דורך דעם געשלאָסען די רעטונגס־טויערן פון אונזער הייליגען לאַנד פאַר אונזערע פליטים, וועלכע רייסען זיך איצט אַרויס פון שרעקליכען ווולקאַן אין אייראָפּע. דאָס אידישע פאָלק מוז אַליין אַלץ טהון אַרויסצוראַטעווען אונזערע ברידער פון דער סכנה און גאַנץ ספּעציעל איז עס די הייליגע פליכט פון אַמעריקאַנער אידענטום אַרויסצוראַטעווען די תורה און די גדולי התורה פון די שרעקליכע געפאַהרען.

צווישען די אַנדערע רעפערענטען אויף דעם כינוס זענען געווען הרב ר׳ אפרים עפשטיין פון שיקאַגאָ, הרב ר׳ יוסף בער סאָלאָווייטשיק פון באָסטאָן, הרב אהרן טייטעלבוים אין נאָמען פון „סענטראַל רעליף" ביים „דזשאָינט", הרב ר׳ מרדכי שולמאַן פון סלאָבאָדקער ישיבה, הרב ר׳ יעקב לעווינסאָן, הרב רמ״מ חאַדאַראָוו, הרב ר׳ אליעזר פּרעדמעסקי, הרב ר׳ אהרן דוד בוראַק, הרב ר׳ פנחס טייץ פון עליזאַבעט, הרב ר׳ אליעזר שענפעלד, הרב זלמן רייכמאַן, הרב מרדכי אהרן קאַפּלאַן, הרב לוי יצחק כהנא א.א.

נאָכדעם ווי דער כינוס הרבנים האָט אויסגעהערט אַ רייע פּראַקטישע

פלענער פאַר דער דורכפיהרונג פון אַ דרינגענדער הצלה־אַקציע לטובת די ישיבות און עס זענען אָנגענומען געוואָרען די החלטות, פאָרגעשלאָגען דורך הרב סילווער, האט הרב ראָזענבערג אַרויסגערוקט דעם הרב סילווער אַלס נשיא פון דעם ספעציעלען רעטונגס־קאַמפעין. דער כינוס האָט איינשטימיג אַקצעפּ־טירט דעם פאָרשלאַג און פון דאָזיגען מאָמענט אָן האָט זיך אָנגעפאַנגען די רוהמפולע טעטיגקייט פון הרב סילווער אַלס דער נשיא פון „ועד הצלה".

אין די פייערליכע רעזאָלוציעס פון כינוס הרבנים איז געוואָרען געזאָגט:

1) „אונטער דעם בעוואוסטזיין פון דעם גרויסען חוב פון דער איצטיגער שעה צו ראַטעווען — ווי רבן יוחנן בן זכאי בשעת חורבן הבית — דאָס האַרץ פון אידישען פאָלק, די היכלי התורה, וועמענס עקזיסטענץ עס בעדייט די קאָנסערווירונג פון ישראל און די פערזיכערונג פון זיין לעבענס־דויער, בעשליסט די רבנים־קאָנווענשאָן דורכצופיהרען אַ קאַמפעין להצלת הישיבות המרכזיות נגועות המלחמה.

2) „די אויפגאַבע פון דעם קאַמפעין זאָל זיין די רעטונג פון די גרויסע ישיבות, וואָס די מלחמה האָט אַרויסגעריסען פון זייערע פלעצער און וועמענס ראשי הישיבות און תלמידים (אומגעפעהר 4 טויזענד מאַן, נושאי דגל התורה), זענען היינט פליטים אין ווילנע, נאַקעט און באָרוועס, אויסגעהונגערט און ערשעפּט; די אויפגאַבע איז דעריבער זיי צו פערזאָרגען מיט דער ערשטער הילף, זיי צו העלפען זיך אָרגאַניזירען און פערזיכערן זייער עקזיסטענץ פאַר דער צוקונפט אין זיכערע ערטער.

3) „ביידע חדשים, טבת און שבט פון יאָהר ת"ש ווערען געווידמעט פאַר דער דורכפיהרונג פון רעטונגס־קאַמפעין; עס וועלען ווערען אויסגערופען 2 וואָכען פאַר אַ גרויסען קאַמפעין אין גרעיטער ניו־יאָרק; עס ווערט אַרויפגעלעגט אַ פליכט אויף אַלע רבנים הגאונים שליט"א אין אַלע ערטער פון אַמעריקע, אַז זיי זאָלען זיך שטעלען אין דינסט פון דעם רעטונגס־קאַמפעין, יעדער נישט ווייניגער פון 2 וואָכען, כדי זיך צו בעטייליגען אין דעלעגאַציעס, וועלכע וועלען בעזוכען אַלע קהלות איבערן גאַנצען לאַנד לטובת דעם ערפאָלג פון קאַמפעין.

4) „צו שיקען אַ ספעציעלען שליח קיין ווילנע, וואו עס געפינען זיך איצטער אַלע גרעסטע ראשי הישיבות מיט הגאון רבי חיים עוזר גראָדזענסקי בראש, כדי אויפן אָרט אַויסצופאָרשען די לאַגע און אויסהערען די עצות און מיינונגען, ווי אַזוי וואָס מעהר דערפאָלגרייך צו אָרגאַניזירען די רעטונג פון די ישיבות.

אין דער הנהלה פון רעטונגס־קאַמפעין פאַר די ישיבות זענען דורכן כינוס הרבנים געוואָרען געקליבען:

נשיא — הרב ר׳ אליעזר סילווער.

יו״ר נכבדים — הרב ר׳ ישראל הלוי ראָזענבערג, הרב ר׳ דוב ארי׳ הכהן לעווינטאַהל.

סגנים — הרב ר׳ משה ראָזען, הרב ר׳ יהודה לייב זעלצער, הרב ר׳ ישעי׳ קאַרלינסקי.

סגנים מערי השדה — הרב ר׳ יוסף דוב סאָלאָווייטשיק, הרב ר׳ חיים בן־ציון נאַטעלאָוויץ, הרב ר׳ אפרים עפשטיין, סגן יו״ר נכבד — פראָפ. נייטען אייזיקס.

ועד הפועל — הרב רי״מ גאָרדאָן, ר״מ דלאָמזא, אַלס יו״ר פון ועד הפועל, הרב ר׳ ישראל דושאַוויץ, הרב ר׳ יעקב לעווינסאָן, הרב ר׳ אברהם יצחק זעלמאַנאָוויטש, הרב ר׳ צבי הירש דאַכאָוויץ, הרב ר׳ אברהם יצחק פייוועלזאָהן, הרב ר׳ אהרן טייטעלבוים, הרב ר׳ יחיאל מיכל חרל״פ.

ועד הפועל מערי השדה — הרב ר׳ חיים יצחק הכהן בלאָך, הרב ר׳ חיים פישל עפשטיין, סט. לואיס; הרב ר׳ יוסף ראָזען, פאַסעיק; הרב ד״ר שרגא הכהן ראָזענבערג, קליוולענד; הרב ר׳ צבי יהודה אָלשוואַנג, שיקאַגאָ; הרב ר׳ אפרים פעלקאָוויץ, ברידזשפאָרט; הרב ר׳ משה דן שיינקאָפּ, וואָטערבורי.

גזברים — הרב ר׳ ישראל ראָזענבערג, ר׳ צבי הירש מאַנישעוויץ.

ועד התעמולה — הרב רש״א פרדס, שיקאַגאָ; הרב ר׳ ראובן לוואָוויץ, הרב ר׳ זלמן רייכמאַן, הרב ר׳ מרדכי אהרן קאַפּלאַן, הרב ר׳ יהודה גאָלטוסקי, הרב ר׳ משה ישר.

דער כינוס הרבנים, דער ערשטער אין דער תקופה פון דער לאַנג־יעהריגער מלחמה, האָט גלייך בעוויזען אַרויסצורופען אַ מעכטיגען אָפּקלאַנג אין דער אידישער עפענטליכקייט פון אַמעריקע. אָט זענען אייניגע אויסצוגען פון די ענטוזיאַסטישע אָפּרופען אין דער אידישער פרעסע:[5]

„די ספּעציעלע קאָנווענשאָן, וואָס די אגודת הרבנים האָט דאָ אָפּגעהאַלטען פאָריגען דינסטאָג און מיטוואָך, האָט געהאַט דעם אויסשליסליכען צוועק צו בעטראַכטען וועגען און מיטלען אויף אָפּצוראַטעווען די הרוב׳ע און האַלב חרוב׳ע ישיבות אין פוילען; אויף צו זעהען, אַז דער גרויסער נר תמיד, וואָס האָט בעלויכטען די אידישע וועלט זאָל ניט בלייבען, חלילה, אויסגעלאָשען. דאָך האָט די בעטרעפענדע קאָנווענשאָן, ווי מען האָט געקענט ערוואַרטען, ניט פאַר־הוילען איהרע אויגען פון די אַנדערע זייטען פון דער גרויסער קאַטאַסטראָפע און האָט אַרומגענומען דעם גאַנצען אידישען חורבן אין אַלע זיינע פאַזען. קינות

5) אפרים קאַפּלאַן אין „מאָרגען זשורנאַל״, נאָוועמבער 17, 1939.

זענען דאָרט געזאָגט געוואָרען ניט בלויז אויף דעם בראָך פון דעם גייסטיגען אידענטום נור אויך אויף דעם בראָך פון דער אידישער אומה, אויף איהרע פיזישע ליידען, אויף איהרע קערפערליכע נגישות, וואָס זי האָט אויסצושטעהען פון אַ שונא אַ גרויזאַמען, וועלכער פאָכעט איבער איהר קיום מיט אַ דראָהענדער „להשמיד"־שווערד.

„אָבער מיט קינות זאָגען אַליין זענען די רבנים ניט יוצא געוועזן. זיי האָבען ניט ווענינער ווי אַנדערע קאָנוועגשאָנס און קאָנפערענצען אַרום דער גרויסער אידישער נויט, בעטראַכט די אַלע פּראַקטישע רפואות אויף צו היילען, ווי ווייט נור מעגליך, די אָפענע, די טיפע אידישע וואונד, און זיי האָבען זיך פערפליכטעט בייצוטראָגען, ווי אימער, זייער חלק צו יעדער הילפס־אַקציע, וואָס דאָס מיינט גאָר אַ סך. וואָרום דער פאַקט איז, אַז די רבנים האָבען זיך דאָ געצעהלט פון אימער אָן צווישען די טעטיגסטע עסקנים אויף אַלע געביטען פון כלל־אַרבעט ווי אויך פון „פּרט"־אַרבעט. ניט בלויז זענען זיי „מעשים", נאָר אויך „עושים", אַקטיווע טהוער; ניט בלויז קאָמאַנדירען נאָר אויך סאָלדאַטען וואָס ליגען אין די טראַנשעען, אין די „טרענטשעס" ביי יעדען קאַמפּעין, ביי איטליכען „דרייוו" און זיי שמעקען אָפט צוליב דעם מעהר פּולווער ווי אַנדערע פּראָסטע סאָלדאַטען. יעדענפאַלס קריגען זיי ווענינער קרעדיט פאַר זייערע לייסטונגען. פאַראַן אַ טענדענץ, אַ נטיה, ביי דעם היגען עולם צו פערקלענערן זייערע פערדינסטען לטובת הכלל...

„און אויב זיי [די רבנים] נעמען־אונטער אַ ספּעציעלע אַקציע אויף אַרויסצוראַטעווען דעם ארון־קודש מיט די ספרי תורה פון די פלאַמען, וואָס האָבען זיי אַרומגענומען, איז עס דערפאַר וואָס אַנדערע בעגרייפען, ליידער, ניט גענוג די גרויסקייט פון אָט דער גייסטיגער קאַטאַסטראָפע. אפילו אַ היפּשער טייל פון די אָרטאָדאָקסישע אידען בעגרייפען עס ניט ווי געהעריג איז. אויך די דאָזיגע עלעמענטען זענען געשלאָגען מיט קורצזיכטיגקייט, ווען עס קומט צו העכערע גייסטיגע ווערטען, אָדער אַזוי־צו־זאָגען — צו אַבסטראַקטער קדושה. ווען זיי זעהען „גווילין נשרפין", אַז די פלאַמען פון דער ספר תורה און איהרע מענטעלעך ברענען, צינדט זיך ביי זיי אָן דער פונק פון מאַרטירערײ און זיי שפּרינגען אין פייער אַרויסצוראַטעווען די דאָזיגע הייליגקייטען. אָבער עס קימערט זיי ניט וואָס „אותיות פורחות באויר", וואָס די בוכשטאַבען, די ווערטער, די אמת'ע נשמה פון דער תורה פליהען אַרום אין אַ טמא'דיגער לופט, אין אַ דעמאָראַליזירטער אַטמאָספערע, וואו זיי קענען ניט קומען צו זייער קאָנקרעטען אויסדרוק; וואו עס איז זיי אונמעגליך זיך צו בעקליידען מיט דעם מלבוש פון זייער נצח'דיגען לעבען — ווייל אָהן דעם גייסט פון דער תורה

און זיין ריכטיגער אינקאָרפּאָרירונג אין דעם אידישען לעבען איז ניט געמאָלט קיין אידיש פאָלק.

„און דער פיינליכסטער פונקט אין דער אידישער טראַגעדיע פון איצ־טיגען מאָמענט, דאָס וואָס עס זענען היינט פאַרהאַן ניט ווייניג אידען, ביי וועמען דער פונק פון אהבת התורה איז אויסגעלאָשען און וואָס ישיבות, בתי תורה, זענען ביי זיי אפילו ניט אין דער בחינה פון „אַלטע אַנטיקען״, פאַר וועלכע מען דאַרף בויען אַ מוזעאום... זיי כאַפּען התפעלות פון אַלע אַלטערטימער. גראָבט זיי אויס מיט אַן אַרכעאָלאָגישער לאָפּאַטע אַ ביין פון עמלק׳ן און זיי וועלען פאַר דעם בעצאָהלען וויפיעל נאָר איהר ווילט. גראָבט זיי אויס אַ נאָז־לעכעל פון המן בן המדתא און זיי וועלען זאַמלען אַ פאָנד אויף אָפּצוקויפען דאָס און עס איינמאַרענירען אין דעם „אידישען אינסטיטוט״. און די, וואָס האָלטען שוין פון אידישער קולטור איז ביי זיי אַלץ קולטור, אפילו אַ בלעטעל פון אַן אַלטע ליבע־מעשה אָדער אַ שורה פון אַן אַלטער פאָלקלאָרענער „ציגעלע־מיגעלע״, אָבער אַ בלאַט גמרא איז ניט קולטור, אפילו ניט אַ גאַנצע „מסכת״, אויך ניט גאַנץ ש״ס...

„שיידען זיך די רבנים אָפּ אין זייער ווינקעלע און רופען „ממעמקים״, פון דער טיפעניש פון זייער עלענדער איינזאַמקייט, בעטען רחמים אויף דעם כלל ישראל און רופען צו אידען און בעטען רחמים פאַר דער תורה, פאַר די „ארזי הלבנון״, וועלכע זענען אונטערגעזעגט געוואָרען פון זייער גרונט; פאַר די גדולי התורה, די ראשי הישיבות און זייערע תלמידים, וועלכע וואַנדערן און וואַגלען און זוכען אַ שוץ איבער זייערע קעפּ; אַ מקום מקלט, וואו זיי זאָלען קאָנען צוריק עפענען די גמרות און זיך פאַרטייען מיט דבקות, מיט מתיקות אין דעם אַלטען, אַלטען ניגון פון „אמר אביי, אמר רבא״, און פאַרגעסען אָן דער רשעות׳דיגער וועלט און שעפען טרייסט, שעפען בטחון פון די קוואַלען, וואָס ציהען זיך פון יבנה, פון נהרדעא, פון פומבדיתא, פאַר זיך און פאַר דער גאַנצער אידישער אומה. —

„מוזען אַמעריקאַנער אידען, וואָס זענען כאָטש עטוואָס געקניפּט מיט די אידישע טראַדיציעס, העלפען. אַלע הילפס־אַפּילען זענען וויכטיג, זענען נויטיג, זענען הייליג. מען דאַרף ראַטעווען אידען, אָבער זאָל דער אַפּיל פאַר תורה ביי קיינעם ניט גרינגגעשעצט ווערען... די שונאים צעוואַרפען אונזערע תורה־געצעלטען, אָבער מיר מוזען זיי אויפבויען און דורך דער דאָזיגער היי־ליגער בוי־אַרבעט וועלען מיר בעקומען אונזערע פערהאַרטעוועטע גייסטיגע מוסקולען, מיט וועלכע מיר וועלען אַוועקלייגען די צוררים פון היינט, פונקט ווי אונזערע זיידעס האָבען אַוועקגעלייגט די צוררים פון אַמאָל...״

דאָס זענען געווען ביטערע, געוואַגט־מוטיגע ווערטער פון אַ טראַדיציע־טרייען אידישען פובליציסט — אָבער צי זענען די דאָזיגע פיינליך־שאַרפע שטראָף־רייד געווען אַבסאָלוט בערעכטיגט ?

דער רעטונגס־קאַמפּעין פאַר די ישיבות האָט אָנגעהויבען זיין אַרבעט; די רבנים האָבען אונטערגענומען די ערפילונג פון זייער הייליגער פליכט; און דער ענטפער פון דעם כלל אַמעריקאַנער אידען איז געווען אַ וואַרימער און אָפּפערווילינער. דאָס אַמעריקאַנער אידענטום האָט זיך גערענווילינ אָפּגערופען.

(די נעמען פון אַלע רבנים, בעטייליגטע אין היסטאָרישען כינוס און פון די אַנטייל־נעמער אין דעם רעטונגס־קאַמפּעין איבערן גאַנצען לאַנד — קומט בעזונדער).

קאַפּיטל 3

# דער ספּעציעלער שליח פון אמעריקע קיין ווילנע

ד״ר שמואל שמידט פון סינסינעטי נעמט־אונטער די ריזיקאַלישע און געפאַהרפולע רייזע. — אומעטום הערשט יאוש און דער־שלאָגענקייט, אויסער אין די ישיבות. — געלונגענע אינטערוועוצען ביי די העכסטע מלוכה־פיהרער פון ליטע. — דער פּאַטראָן פון די ישיבות, הגאון רבי חיים עוזר, אַלאַרמירט פאַר הילף, אַזוי לאַנג ווי דער וועג איז נאָך אָפען.

עס איז געווען בעשערט, אַז דווקא דער פונקט אין די החלטות פון ספּעציעלען כינוס הרבנים, וואָס האָט אויסגעזעהען צו זיין דער סאַמע געוואַגטסטער און ריזיקאַלישסטער — דאָס מיינט דעם פונקט וועגען שיקען אַן עקסטראַ שליח קיין ווילנע — איז געוואָרען גאַר שנעל רעאַליזירט און מיט פולען ערפאָלג.

דער פלאַן פון אַ ספּעציעלער שליחות פון אַמעריקע קיין ווילנע איז געוואָרען פאָרגעשלאָגען, צוזאַמען מיט די איבריגע פּראָיעקטען, דורך הרב סילווער. און נישט איינער האָט זיך דאַן געטראַכט: דאָס וואָלט דאָך בעדייט אַן אמת׳ע אַוואַנטורע, און ווירקליך האָט דער דאָזיגער פלאַן אויסגעזעהען אָהן שאַנסען. געווען איז דאָס אין דער צייט, ווען די דייטשע סאַבמאַרינס האָבען געהאַט אָנגעוואָרפען זייער טויט־שרעק איבער אַלע ימ׳ען. די קליינע פערוואָרפענע ליטע, ליגט ביי די ברעגען פון באַלטישען ים, וואָס איז דאַן אינגאַנצען געווען בלאָקירט דורך די נאַציס. דער יבשה־וועג אַהין האָט אויפסניי געפיהרט מיט דער טראַנזיט־ליניע דורך דעם היטלער־לאַנד גופא, אַלץ איינס צי מיט דער באַהן און צי מיטן עראָפּלאַן. און דאָך האָט זיך גלייך געפונען אַ בעלן אויף דער דאָזיגער העכסט־ריזיקאַלישער שליחות. געווען איז עס, ד״ר שמואל שמידט פון סינסינעטי, אַ בעקאַנטער געזעלשאַפטליכער טהוער און פובליציסט.

וואָס ד״ר שמידט האָט צו דערצעהלען וועגען זיין דאָזיגער ערשטער שליחות פאַרן „ועד הצלה״, קלינגט ביז גאָר אינטערעסאַנט:

— איך בין זינט לאַנגע יאָהרען דער רעדאַקטאָר־אַרויסגעבער פון אַן ענגליש־אידישען לאָקאַלען וואָכענבלאַט אין סינסינעטי, דעם „עוועררי פריידעי״ („יעדען פרייטאָג״). אין נומער פון מיין צייטונג, וואָס איז דערשינען פרייטאָג, דעם 3־טען נאָוועמבער, 1939, קורץ דערנאָך ווי דער נאַצישער קרייץ־צוג האָט זיך אָנגעפאַנגען איבער דעם פוילישען אידענטום, האָב איך אָנגעשריבען אַן „עדיטאָריעל״ וועגען די אַקטועלע געשעהענישען און דערביי זיך בענוצט מיט

אַזאַ שטייגער אויסדרוק: „די טראַגעדיע לאָזט זיך נישט אויסדרוקן מיט די בעגריפען פון הונגער אָדער נויט, — דער מקור פון אידישקייט ווערט אַרויס־געריסען". מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער רופט מיך אָן דורכן טעלעפאָן אונזער רב, הרב סילווער, און פרעגט מיך אַזוי שאַרפזיניג: „צי האָט איהר, ד"ר שמידט, געמיינט ערנסט מיט אייער אַרטיקעל וועגען דעם „האַרץ פון אידענטום", וואָס איז בעדראָהט?" — „געוויס האָב איך געמיינט ערנסט, רבי, נאָר איך פערשטעה ניט אייער פראַגע, צי וואָס ציעלט איהר אייגענטליך?" — האָב איך געפרעגט אַ דערשטוינטער. „איך טראַכט אייך אָנצובאָטען אַ זעהר וויכטיגע שליחות אויף צו העלפען ראַטעווען דאָס האַרץ פון אידענטום; איך וויל אייך אָנטרויען צו זיין דער ספעציעלער שליח פון אגודת הרבנים צו פאָהרען קיין אייראָפּע און באַזונדערס קיין ווילנע, זעהט איהר גרייט דערויף?" — אַזוי האָט הרב ס׳לווער גערעדט צו מיר מיט בליציגער ענערגיע און התלהבות, ווי זיין שטייגער. „איך בין געבליבען העכסט איבערראַשט פון אַזאַ אָנבאָט — האָט ד"ר שמידט שפּעטער דערצעהלט, — איך האָב געוואוסט די ריזיקאָ און די סכנות, מיך האָט אָבער אימפּאָנירט די וויכטיגקייט פון דער שליחות און דער פערזענליכער פערטרויען צו מיר, און דער אָנבאָט איז געוואָרען אָקצעפּטירט.

די פאָרמאַליטעטען פאַר אַזאַ געוואַגטער רייזע זענען אָבער געווען גענוג קאָמפּליצירטע. די אַמעריקאַנישע אינסטאַנצען זענען בדרך כלל נישט געווען גענויגט צו ראַטען אָדער גאָר העלפען אַמעריקאַנער בירגער צו לאָזען זיך אויף אַזעלכע ריזיקאַלישע וועגען. דערצו זענען געווען נויטיג געהעריגע אינטער־ווענצען אויף צו בעזאָרגען דעם שליח מיט ענטשפּרעכענדע דיפּלאָמאַטישע רע־קאָמענדאַציעס, ערשטענס — אויף צו פערלייכטערן זיין מיסיע, און צווייטענס — צו זיין צוגעגרייט „על כל צרה שלא תבוא".

ענדע יאַנואַר, 1940 איז דער ספעציעלער שליח געווען גרייט צו לאָזען זיך אין וועג אַריין. און ערשט דעם 28־טען פעברואַר איז ער, דורך אַ לאַנגען אומוועג איבער נאָרוועגען און שוועדען, אָנגעקומען צו זיין ציעל־פּונקט — ווילנע.

די איינדרוקען און איבערלעבענישען פון זיין שליחות האָט ד"ר שמידט פיקסירט אין אַ סעריע בריף, ריכטיגער, רייזע־נאָטיצען, וואָס זענען צו יענער צייט געוואָרען פּובליקירט אין זיין צייטונג „עווערי פריידעי", פאַרן פעריאָד פון מערץ ביז יולי 1940. אַלס אילוסטראַציע פאַר די שווערע מלחמה־פערבינדונגען איז גענוג צו דערמאָנען, אַז דער ערשטער רייזע־בריף זיינער איז דערגאַנגען קיין אַמעריקע מיט אַ פערשפּעטיגונג פון גאַנצע 6 וואָכען. עס וועט זיין בע־לעהרענד פאָרצושטעלען געוויסע כאַראַקטעריסטישע פראַגמענטען פון די דאָזיגע רייזע־בעריכטען, וואָס טראָגען די פאָרם פון אַ טאָג־בוך.

אין זיין ערשטען בעריכט, מיט דער דאַטע פון 28 פעברואַר, מעלדעט דער שליח:[1]

„איך בין די לעצטע נאַכט בשלום אָנגעקומען קיין ווילנע — איך בין שוין געוועזן אין „ועד הישיבות" און געזעהען רבי חיים עוזר גראָדזענסקי, ווי אויך בעזוכט דעם אָפיס פון „דזשאָינט" און געהאַט לאָנטש מיט מר. בעקעלמאַן, זייער פאָרשטעהער דאָ. ער איז דער זעלבער, וואָס איז צוזאַמען מיט גיטערמאַנען (דער דירעקטאָר פון „דזשאָינט" אין וואַרשע) געוואָרען פערהאַלטען דורך די דייטשען, זייענדיג אויף דער שיף, וואָס האָט זיי געפיהרט פון ריגע קיין שטאָקהאָלם. ער איז דערנאָך דאָ אין ווילנע געוואָרען אַרויסגעלאָזען אויף דער פריי, אַ דאַנק זיין אַמעריקאַנער פאַספּאָרט, דאַקעגען גיטערמאַן זיצט נאָך דערוויייל אין קאָנצענטראַציע־קעמפּ. מיט רבי חיים עוזר'ן האָב איך פער־ברענגט מעהר ווי אַ שעה. ער איז אַן אימפּאָנירענדע פערזענליכקייט, דער גאון פון היינטיגען דור. איך וויים, אַז איהר וועט נישט מזלזל זיין אין מיין סענטימענטאַלישקייט, ווען איך וועל זאָגען, אַז די גאַנצע רייזע מיט אַלע גע־פאַהרען איז ווערט געווען פאַר מיר אין דאָזיגען מאָמענט, בשעת איך האָב דערפיהלט ווי ער בעציהט זיך צו מיין שליחות. איך האָב געפיהלט, ווי רבי חיים עוזר וויזט מיר גלייך אַרויס גרויס התקרבות און בין געווען שטאָלץ צו זיין אין דער נאָהנטער סביבה פון אַזאַ פערזענליכקייט און הויכען גייסט — מען האָט מיר איבערגעגעבען, אַז עמיצער האָט טעלעגראַפירט צו רבי חיים עוזר'ן: „ביטע, שיקט מיר אייער נאָמען" — דאָס מיינט „חיים" (לעבען) און „עוזר" (הילף")...

אין זיין בריף פון מאָנטאָג, דעם 4־טען מערץ, 1940 האָט דער שליח נאָטירט:

„עס איז שוין מאָנטאָג אין דערפריה; איך וועל וואַהרשיינליך פערברענגען דעם גאַנצען טאָג מיט בעזוכען די ישיבות און אויך פאַר אַ קורצען געשפּרעך מיט רבי חיים עוזר'ן. אין אַלגעמיין האָט מיין אָנקום אַהער שוין געהאַט אַ וואונדערליכען פּסיכאָלאָגישען רעזולטאַט, בעזונדערס אין די פיהרענדע אָר־טאָדאָקסישע קרייזען. מיין שליחות האָט זיי געבראַכט אַ נייעם שטראָם פון מוט, אין וועלכען זיי נויטיגען זיך דורכאויס; טראָץ דעם איז ווערט אונטערצו־שטרייכען, אַז אַ שטימונג פון יאוש לאָזט זיך פעסטשטעלען אומעטום, מיטן בלויזען אויסנאַהם פון די ישיבות, דאָס מיינט טאַקע אינעווייניג אין די ישיבות גופא. דעם אמת געזאָגט, זענען די יאוש־שטימונגען גאַנץ פערשטענדליך. פון איין זייט גרענעץ ליגט דאָך נאַצי־דייטשלאַנד, וואָס קען איינשלינגען די קליינע

1) לויט'ן „עווערי פריידעי", סינסינעטי.

ליטע אין אַ טאָג אָדער צוויי; פון דער אַנדער זייט איז דאָ פאַרהאַן סאָוויעט־רוסלאַנד, וועלכע קען דאָס זעלבע טהוען אין פערלויף פון אַ קורצע ווײַלע. אַזעלכע פערספעקטיוען זענען גענוג אויף צו פערשפרייטען פערצווייפלונג אין יעדער אידישער קהלה; און עס איז פאַר מיר ניט געווען קיין איבעררעאַשונג, זאָג איך, צו געפינען זעהר פיעל פליטים דאָ אין אַ צושטאַנד פון דערשלאָגענ־קייט און גאָר אָפט אין דער העכסטער פערצווייפלונג. —

„איך האָב זיך געלאָזען אָנקוקען צוויי ישיבות. ביידע ישיבות, וואָס איך האָב בעזוכט זענען איינלאָקירט אין שוהלען. דאָרט האָב איך געטראָפען ביי 150 ישיבה־בחורים אין ביידע ישיבות, אַרום 50 אין די בריסקער און אַרום 100 אין די ראַדונער. די לעצטע האָט נאָך אַן אַנדער גרופּע תלמידים אין איישישאָק און זיי טראַכטען באַלד אַהין אַריבערצופיהרען אויך די ווילנער גרופּע. די ראַדונער ישיבה איז די ישיבה פון „חפץ חיים״, און די תלמידים איהרע מאַכען אַ בעזונדערען איינדרוק.

„אַ איד מיט די נאָרמאַלע פינף חושים קען קוים וויסען ווי אָפּצושאַצען דעם רעזערוואואַר פון אידישען גייסט, וואָס געפינט זיך אין די דאָזיגע ישיבות. איהר מוזט בעזיצען דאָס ריכטיגע, פונדאַמענטאַלע, ספעציפישע אידישע געפיהל אויף צו זיין פעהיג אַרומצונעמען דעם דינאַמישען אידישען קולטורעלען פערמע־גען, וואָס ווערט אין די דאָזיגע ישיבות פראָדוצירט און פרעזערווירט פאַר די צוקונפטיגע דורות. עס איז דער וויכטיגסטער אוצר, וואָס איז דער טרייבענדער כח פאַר אַלע פון אונז, וואָס לייסטען פאַר אַ פּאָזיטיוו אידיש לעבען; טראָץ דעם, וואָס פיעל צווישען אונז מעגען זיין וויט, וויט אַוועק פון די דאָזיגע קוואַלען, אין וועלכע דער אוצר ווערט פראָדוצירט״. —

אין ווייטערדיגע בריף, מיט דער דאַטע פון 8־טען און 11־טען מערץ, שרייבט דער שליח:

„איך האָב ניט בענוצט די שרייב־מאַשינקע זינט מיטוואָך, ווען איך האָב זיך געלאָזען קיין קאָוונע. זינט דאַן האָב איך בעזוכט וויכטיגע פּלעצער און איבערגעלעבט נייע עמאָציעס. איך האָב פערבראַכט דעם ערשטען טאָג מיט וויזיטירען איניגע יבנה־שולען ווי אויך די ישיבה און כולל אין דער נאָהנטער סלאָבאָדקע. ביי דער דאָזיגער געלעגענהייט האָב איך זיך געלאָזען אין דער שוהל, אין וועלכער מיין טאַטע, מיין זיידע און אויך איך אַליין פלעגען דאַווענען. איך האָב געפונען דעם זיידענ׳ס נאָמען אויסגעקריצט אויף אַ שטענדער, טראָץ דעם וואָס שוין 44 יאָהר זענען אַריבער זינט יענער צייט. — איך האָב אויך בעזוכט דעם קאָוונער רב, הרב שאַפּירא און אין אָוונד האָב איך געמאַכט אַ צווייטע נסיעה קיין סלאָבאָדקע צו זעהען זיך מיט דעם ראש הישיבה פון סלאָבאָדקע, רבי אברהם. ער איז אַן איינדרוקספולער מענש, מיט אַ זעלטענעם

פאַטריאַרכאַלען ערשיינען און אַרום איהם שפרודעלט עפּעס אַזאַ לויטערקייט.

„אויף די פאָרשטעהער פון דער ליטווישער רעגירונג האָט דער פאַקט אַז איך בין אַליין אַ געבוירענער אין קאָונע, געמאַכט אַ טיפען איינדרוק און האָט צוגעגעבען עפּעס־וואָס ספּעציעלעס און ראָמאַנטישעס צו מיין שליחות. דאָס וועט פאַר איך קלינגען געוויס, ווי איינער געהט פיהרען קוילען קיין ניו־קאַסטעל, דאָך איז עס אַ פאַקט, אַז איך, דער אויסלענדער, בין געווען ביכולת צו הויבען די פּאָזיציע פון די ישיבות אין די אויגען פון די רעגירונגס־פערטרעטער און צום טייל אפילו אין די אויגען פון געוויסע אידישע קרייזען. —

„עס איז איצטער 2 נאָכמיטאָג און איך בין אָקאָרשט צוריקגעקומען פון אַ בעזוך אין יאַנאָווע, וואו די קלעצקער ישיבה איז לעצטענס איינגעאָרדענט. רבי אהרן קאָטלער איז דער ראש ישיבה דאָרט. עס געפינען זיך אין דער קלעצקער ישיבה ביי 230 תלמידים, פון וועלכע ביי 40 זענען נאָך אַלץ אין ווילנע. רבי אהרן האָט מיר דערצעהלט וועגען זייערע איבערלעבונגען ביים פערלאָזען קלעצק. עס איז ניט געווען אַזוי לייכט צו דעצידירען זיך אויף דער רייזע, דערצו איז עס געווען פיעל שווערער, ווען די דאָרטיגע אידישע קהלה האָט זיך געבעטען ביי דער ישיבה צו בלייבען אויפן אָרט. בערך 45 פון די בעסטע תלמידים זענען געוואָרען געלאָזען אויפן פּלאַץ, אין קלעצק, צו בלייבען ווייטער אויף דער וואַך, און ערשט מיט 3 וואָכען צוריק ווען די רוסען האָבען רעקוויזירט דעם בנין פון דער ישיבה, ערשט דאַן האָבען די פערבליבענע תלמידים, וועלכע האָבען געהאַלטען „משמר" און געלערענט ביז דער לעצטער מינוט, זיך דע־צידירט אַריבערצושמוגלען קיין ליטע...

„נעכטען האָב איך בעזוכט די מירער ישיבה אין קיידאַן, וואו דער ראש־ישיבה איז רבי אליעזר פינקעל. דאָרט איז געוואָרען אימפּראָוויזירט אַ סאָרט באַנקעט פאַר מיינע בעגלייטער, הרב שוב און איצקאָוויטש, ווי אויך פאַר מיר. נאַטירליך זענען דאָרט געוואָרען געהאַלטען רעדעס און די היסטאָרישע מיסיע, וואָס איך האָב אונטערגענומען איז געוואָרען שטאַרק אונטערגעשטראָכען און ספּעציעל דער הערואיזם פון „הרב ד"ר שמידט", וועלכער איז געקומען צו זיי אין אַזאַ געפאַהרפולער צייט. איך בין געוואָרען געבעטען צו זאָגען אַ פּאָר ווערטער און האָב זיי געזאָגט, אַז איך בין ניט קיין רב און אַז איך בין זעהר אַ געוועהנליכער איד אויף וויפיעל עס איז שייך צו תורה, דאָך הויב איך אָן צו טראַכטען, אַז איך מוז געוויס פערמאָגען עפּעס גוטס אין זיך, זינט איך האָב די גרויסע זכיה אויסצופיהרען אַזאַ היסטאָרישע וויכטיגע שליחות.

„ביידע, די קלעצקער און מירער ישיבות זענען צווישען די גרעסטע פּליטים־ישיבות און אין ביידע האָב איך אָנגעטראָפען אַ זעלטענע מסירת הנפש פאַר לימוד התורה — איך האָב ניט געקענט געפונען קיין סימן, אַז זייער גייסט

און התמדה זאָל האָבן עפּעס געליטן פון די שרעקליכע איבערלעבענישן אין די לעצטע חדשים". —

דעם 18־טען מערץ האָט דער שליח געמאָלדען אין זיין בריף:

„אין אַלגעמיין וויל איך זאָגען, אַז דער אופן, ווי אַזוי די ישיבות האָבען בעוויזען צו אָרגאַניזירען זייער זיך דאָ איז ניט עפּעס ווייניגער ווי אַ גרויסער נס. די ישיבות פאַר זיך אַליין זענען דאָך אַזאַ אינסטיטוציע, וואָס איז געבליבען אומבעריהרט און ניט בעשעדיגט, אַבסאָלוט ווידערשטאַנדספעהיג (אימון) צו די פּלאָגען פון צייטען און געשעהענישען, און דאָס איז דאָך אַ נס. איך האָב געזאָגט אין אַ קעיבעל, וואָס איך האָב אַוועקגעשיקט נעכטען, אַז דער פאַקט וואָס אַרום 2400 פּליטים פון די ישיבות לערנען איצט תורה מיט אַזאַ איבערגעבענ־קייט און ברען איבער די פערשידענע שוהלען פון די ליטווישע שטעדטלעך, נאָכדעם ווי זיי זענען אַנטלאָפען פון אַן אמת'ן גיהנום, איז די גרעסטע מאַני־פעסטאַציע פאַר אונז, אַז מיר זענען אַן אויסדערוועהלט פאָלק, דער עם הנבחר"...

„עס זעהט אויס, ווי פון דער השגחה וואָלט ליטע געוואָרען אויסגעקליבען אַלס רעטונגס־האַפען פאַר די ישיבות. אין דאָזיגען קליינעם לאַנד זענען איצט לאָקירט אַלע גרעסטע ישיבות פון אייראָפּע. איך געפין, אַז אין אַלגעמיין טהוט די היגע רעגירונג טראַקטירען די פּליטים אין אַ צופרידענשטעלענדער פאָרם. —

דעם 7־טען מאַי, 1940, מיטוואָך, האָט דער שליח איבערגעשיקט אַ בעזונדערס וויכטיגען בעריכט:

„איך האָב געהאַט אַן אוידיענץ ביים ליטווישען פּרעמיער־מיניסטער, מאַרקיוויטש, וואָס האָט געדויערט אַ האַלבע שעה. איך האָב שוין דערוויל ער־לעדיגט די לעצטע געלד־איבערווייזונג פון 5 טויזענד דאָלאַר מיט אַ צוגאָב־פּערגיטיגונג פון 50 פּראָצענט דורך דער אָפיציעלער פערמיטלונג פון ליט־ווישען פינאַנץ־מיניסטעריום. דערנאָך האָב איך פערברענגט אַ שעה מיט אַ האַלבע אין אַ קאָנפערענץ מיטן אַמעריקאַנישען געזאַנדטען אין ליטע, מר. נאָרעם און מיטן בריטישען דיפּלאָמאַטישען פערטרעטער, מר. פּעטערסאָן. איך בין צוריקגעפאָהרען קיין ווילנע אָבצוהאַלטען אַ וויכטיגע בעראַטונג מיט רבי חיים עוזר'ן און נאָך איינינע פון די אָנפיהרענדע ראשי הישיבות, וועלכע זענען ספּעציעל געקומען פון די אַרומיגע פּראָווינץ־שטעדטלעך, וואו זייערע ישיבות סטאַנציאָנירען.

„מיין געשפּרעך מיטן פּרעמיער־מיניסטער איז געווען זעהר אינטערעסאַנט. ער איז אַ דורכאויס קלוגער און דורכגעטריבענער מענש. עס האָט אויסגעזעהען, ווי ער וואָלט צום ערשט גאָרנישט געהאַט געוואוסט וועגען דער גרויסער צאָהל ישיבות, וואָס האָבען געפונען אַ מקום־מקלט אין דער ליטע, און איז געווען זעהר בעאיינדרוקט פון דאָזיגען פאַקט. ער איז געווען זעהר צופרידען צו הערען

פון מיר, אַז איך טראָג אַרויס אַזאַ גוטע מיינונג וועגען דעם לאַנד פון מיין געבורט און האָט מיך געבעטען צו לאָזען הערען אַ גוט וואָרט איבער דער וועלט וועגען ליטע, ווייל די ליטווישע רעגירונג פערמאָגט דאָך ניט די געהעריגע מיטלען פאַר פּראָפּאַגאַנדע און איז דערפאַר אויסגעשטעלט בלויז אויף איהרע גוטע פריינד... אַלע אָפיציעלע פאַרשטעהער, אויבען אויסגערעכענט, האָבען מיר פערזיכערט, אַז איך האָב ביי זיי געהאָלפען שאַפען אַ בעסערע פער־שטענדעניש און מעהר רעספּעקטפולע בעציהונג צו די ישיבות און צום אָרטאָ־דאָקסישען אידענטום און דערפאַר איז געוואָרען פערלייכטערט דער קאָנטאַקט מיט די בעזונדערע רעגירונגס־אינסטאַנצען". —

דאָס איז געווען דער לעצטער דערמוטיגענדער ראַפּאָרט פון שליח פאַר זיין אָפּפאָהר פון ליטע. אויף דער צוריקרייזע האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אין רוים און פון דאָרט נאָטירט אין זיין בריף, מיט דער דאַטע פון זונטאָג, דעם 2־טען יוני, 1940:

„דער פסוק „ישועת ה׳ כהרף עין" איז געוואָרען פאַר מיר בעזונדערס קלאָר היינטיגע וואָך. דעם לעצטען דינסטאָג בין איך געווען ביים ראַנד פון דערשלאָגענקייט און האָב אייך געקייבעלט, אַז איך וועל זיך מוזען לאָזען צוריק־וועגס אַהיים דורך דעם פּאַסיפיק און מיטוואָך מיטאָג־צייט, דעם נעכסטען טאָג, האָב איך געהאַט אין האַנד די דייטשע וויזע און איצטער בין איך שוין אין רוים מיט אַ געוויסען שאַנס אַהיימצופליהען מיט דעם זעלבען „קליפּער", וואָס וועט איבערפיהרען דעם דאָזיגען בריף מיינעם... איך האָב שוין געהאַט אויפגעגעבען די האָפנונג צו בעקומען אַ דייטשע טראַנזיט־וויזע און האָב אָנ־געגעבען אַ ביטע פאַר אַ רוסישער וויזע מיט דער דער אינטערווענץ פון אַמעריקאַנישען געזאַנדטען אין קאָוונע. דער שאַנס צו וואַרטען מינדעסטענס 2—3 וואָכען פאַר דער רוסישער וויזע איז ניט געווען קיין סגולה אויף אַ גוטער שטימונג... אָבער מיטוואָך פריה האָב איך בעקומען אַ קעיבעל, אַז דער דייטשער קאָנסולאַט אין שטאָקהאָלם האָט איבערגעוויזען פאַר מיר אַ וויזע קיין קאָוונע און מיט אַ האַלבע שעה שפּעטער האָט דער דייטשער קאָנסול גע־מאָלדען דעם אַמעריקאַנער פאַרשטעהער, אַז די וויזע איז גרייט פאַר מיר... איך האָב פאַקטיש זיך געשראָקען פאַרן געדאַנק צו פאָהרען אַהיים דורך דייטש־לאַנד, נאָר דאָס איז פאָרט דער לייכסטער וועג און די צייט איז איצט בעזונדערס וויכטיג פאַר אונזערע ענינים..."

נאָכדעם ווי דער שליח האָט אין דער סאַמע קירצעסטער צייט דורכגעמאַכט די רייזע פון קאָוונע ביז ליסאַבאָן, בענוצענדיג זיך כסדר מיט עראָפּלאַנען, איז ער געווען געצווינגען צו מאַכען דעם לעצטען עטאַפּ פון דער צוריקרייזע אויף אַ שיף.

אויף דער אַמעריקאַנער שיף „וואַשינגטאָן" האָט דער שליח נאָטירט דינסטאָג, דעם 11־טען יוני:

„צוליב דעם, וואָס אונזער שיף האָט בעגעגענט אַ סאָבמאַרין, וואָס האָט זיך אויפגעפיהרט זעהר פערדעכטיגט, איז געוואָרען געגעבען אַ בעפעהל צו זיין גרייט פאַר יעדער עווענטואַליטעט. נאָכדעם ווי עס איז פאָרגעקומען אַ סיגנאַלען־אויסטויש צווישען אונזער שיף און דער סאָבמאַרין איז אונזער שיף אַוועק אין איהר ווייטערדיגען וועג. ווער די סאָבמאַרין איז געווען און אונטער וועמענס פאָהן זי פערקעהרט איז געבליבען אומבעקאַנט. היינט 7 פריה האָבען מיר ווידער אָנגעטראָפען אויף אַ סאָבמאַרין, אָבער זי האָט זיך אַליין צוריקגעצויגען אין אַ זייט און מיט אונז ניט געקומען אין בעריהר.

„אין ערשטען פאַל האָט די סאָבמאַרין געגעבען אַ מעסעדזש צו פערלאָזען אונזער שיף אין פערלויף פון 10 מינוט. דער קאַפּיטאַן האָט פערלאַנגט פון דער סאָבמאַרין צו ווידערהאָלען דעם מעסעדזש, האָט יענע זיך אָפּגעזאָגט דערפון. דער קאַפּיטאַן האָט דאַן געגעבען דעם בעפעהל צו לאָזען זיך מיט דער גאַנצער פאַרע און אָנצוטהון די רעטונגס־גאַרטלען. נאָך אַלעמען איז דאָס געווען העכסט־אינטערעסאַנט און שפּאַנענד און דערביי אַ שפּאָגעל־נייע איבערלעבונג צו די אַלע ערפאַהרונגען, מיט וועלכע מיין לעבען איז געוואָרען רייך. די מענשען אויף דער שיף האָבען זיך פערהאַלטען וואונדערליך רוהיג. דאָס איז קודם כל געווען צו פערדאַנקען דעם פאַקט, אַז פיעל פון זיי האָבען דאָס געהאַלטען פאַר אַן איבונג, אַ בלויזע מאַנעווער. איך גלויב, אַז ווען עס איז געקומען צום העכסטען פונקט און די פרויען מיט די קינדער זענען אַרויף אויף די רעטונגס־שיפלעך, האָבען די מעהרסטע פּאַסאַזשירען פערשטאַנען, אַז דער ענין איז גאַנץ ערנסט; דאָך איז ניט געווען קענטיג קיין פּאַניק אָדער ניט־פּאַסיגע נערוועזיטעט, ניט מצד די פּאַסאַזשירען און ניט פון קיינעם פון דער מאַנשאַפט... און ווען איך בין אַזוי געשטאַנען און אָבסערווירט די פרויען און קינדער, וועלכע לאָזען זיך אין די רעטונגס־שיפלעך, מוז איך מודה זיין, אַז די שרעק פאַרן טויט האָט זיך גענומען אָפּרופען אין מיר. דאָס איז דאָך אַ נאַטור־געזעץ, דאָס געפיהל פון זעלבסט־דערהאַלטונג. — דערנאָך בין איך געשטאַנען רוהיג און געשמייכעלט צו זיך אַליין. איך האָב זיך דערמאָהנט, אַז אין דער דאָזיגער געפאַהר, וואָס דראָהט מיך צוזאַמען מיט 13—14 הונדערט אַנדערע פּאַסאַזשירען און מאַטראָזען בין איך פאַקטיש אַ ניט־וויכטיגער יחיד, אָבער ווען איך זאָל בלייבען צווישען די געראַטעוועטע וואָלט מיין אייגענער לעבענס־דראַנג גאָרניט געוואָרען גע־נומען אין בעטראַכט אין פערגלייך דערמיט, וואָס אַנדערע פאַקטאָרען וואָלטען געווען פערבונדען מיט מיין ניצול־ווערען...

„די דאָזיגע איבערלעבונג פון היינטיגען פריהמאָרגען האָט געהאָלפען צו

ענטדעקען אין מיר אַדער גיכער פערפעסטיגען מיך צו אַ נייע גייסטיגער מדרגה, צו וועלכער איך בין דערגאַנגען במשך פון מיין לעצטער שליחות...״

אויף אַזוי־פיעל די אויטענטישע בעריכטען, וואָס דער געוואַגטער שליח, ד״ר שמואל שמידט, האָט אַליין פאַרצייכענט אין זיין טאָג־בוך. מען מוז אָבער בעמערקען, אַז איניגע פון די ציטירטע שטעלען, ספּעציעל דאָרטען וואו עס רעדט זיך וועגען ״דעם כח פון אמונה״, דעם ״פערטרויען אין דער הייליגער שליחות״, און בפרט דער לעצטער אָבזאַץ וועגען ״אַ נייער גייסטיגער מדרגה״, פערדינען אַ געוויסע בעלויכטונג. כדי געהעריג אויפצוקלערען די דאָזיגע ריהרענד־מענשליכע מאָמענטען איז אָבער נויטיג צו דערצעהלען עפּעס וועגען דעם פּער־זענליכען לעבען פון דערמאָנטען שליח. און דאָס וועט געוויס ניט זיין בבחינת פערראַטען עמיצענ׳ס אַ פּערזענליכען סוד, דאָס איז לחלוטין ניט געווען קיין סוד אין די געזעלשאַפטליכע קרייזען, אַז דער בעטרעפענדער שליח האָט צו יענער צייט געהערט צו די אָנגעזעהענע טהוער פון דער ״פּועלי ציון״־בעוועגונג אין אַמעריקע. ניט מעהר, וואָס אַ שטיק צייט פאַר זיין שליחות קיין ווילנע און אין אַ גרויסער מאָס טאַקע אַלס פּועל־יוצא פון דער דאָזיגער אונטערגענו־מענער שליחות, האָט ד״ר שמידט געפונען דעם וועג פון תשובה און האָט זיך אַליין צוריקגעקעהרט צום ״מקור פון אידענטום״, און דאָס מיט דער פולער מאָס פון אַלע פערזענליכע קאָנסעקווענצען פון אַזאַ שריט.

ביי אַ געוויסער געלעגענהייט האָט ד״ר שמידט זיך פערטרויערט וועגען זיינע פּערזענליכע ראַנגלענישען און איבערלעבונגען פון יענער צייט:

— ווען הרב סילווער האָט מיר גאַנץ אומדערוואַרטעט אָנגעבאָטען די געוואַגטע שליחות קיין ווילנע, האָב איך געהאַט דורכצומאַכען אַ קאַמף מיט מיין אייגענעם געוויסען. איך האָב זיך פשוט ניט געפיהלט ראוי צו אַזאַ דער־האַבענער מיסיע פאַר תורה. איך האָב זיך דאַמאָלס דערוועגען פערטרויעט פאַר דעם לאָמזער ראש ישיבה, רבי יחיאל מיכל גאָרדאָן, איינעם פון די הויפּט־אָרגאַניזאַטאָרען פון דער גאַנצער אונטערנעמונג. דער לאָמזער ראש ישיבה האָט מיר דערויף געענטפערט מיט אַ שמייכעל: ״אַ איד קען דאָך זיך ענדערן אין איין רגע, און דערמיט ווערען ראוי צו דער סאַמע הייליגסטער שליחות״. און אָט בשעת איך האָב זיך געלאָזען אין געפאַהרפולען וועג האָב איך בעשלאָסען מיט־צונעמען מיט זיך אַ טלית ותפילין...

— דער גייסטיגער איבערברוך איז אָבער ביי מיר פאָרגעקומען נאָך מיין פּערזענליכער בעקאַנטשאַפט מיט רבי חיים עוזר׳ן זצ״ל, אין ווילנע. רבי חיים עוזר האָט מיך פערבעטען אויף אַ פּערזענליכען אינטימען שמועס. געווען איז דאָס איינמאָל אין אַ שבת׳דיגען נאָכמיטאָג, צווישען 3 און 5 דעם זייגער, בשעת ער פלעגט קיינעם געוועגליך ניט אויפנעמען. ״דערצעהלט מיר עפּעס וועגען



TREASURY DEPARTMENT

WASHINGTON 25

MAR 1 1945

FOREIGN FUNDS CONTROL
In reply please
refer to: 81610

License No. W-2426

Dear Sirs:

You are hereby authorized, so far as Executive Order No. 838[illegible] as amended, is concerned, and notwithstanding General Ruling No. 11 to remit the Swiss franc equivalent of $937,000 to a banking instit[illegible]tion in Switzerland for credit to a joint account in the names of Isaac Sternbuch, representative in Switzerland of the Vaad Hahatzal[illegible] Emergency Committee of the Union of Orthodox Rabbis of the United States and Canada, and Roswell D. McClelland, representative of the War Refugee Board in Switzerland, provided the following terms and conditions shall be complied with:

(1) No part of the above sum shall be expended or committed for expenditure except as authorized by specific action of the War Refugee Board, Washington, D. C.

(2) Any withdrawal, transfer, or payment order against the above joint account shall be signed jointly by Isaac Sternbuch, representative in Switzerland of the Vaad Hahatzala Emergency Committee of the Union of Orthodox Rabbis of the United States and Canada, and Roswell D. McClelland, representative of the War Refugee Board in Switzerland.

You, or your bank of account, are authorized to effect the remittance licensed herein by (a) payment of the dollar amount invo[illegible] to the Federal Reserve Bank of New York for credit to the Banque Nationale Suisse, Zurich, for credit to the joint account referred [illegible] above, or (b) purchase of the Swiss francs involved from the Federa[illegible] Reserve Bank of New York as fiscal agent of the United States, as [illegible] be prescribed by the Federal Reserve Bank of New York.

Sincerely yours,

L. C. Aarons

L. C. Aarons
Acting Director




Vaad Hahatzala Emergency Committee,
Union of Orthodox Rabbis of the
United States and Canada,
132 Nassau Street,
New York, New York.

זיך״, האָט דער גאון פון תורה און חכמה צו מיר געזאָגט, אַ שמייכלענדער. איך האָב געענדיקט, אַז נאָך אין די יאָהרען 1920—1923 בין איך געווען אין פוילען אין אַ מיסיע פון „דזשאָינט״, אונטער דער אָנפיהרונג פון ד״ר באָגען. דאַמאָלס בין איך געפאָהרען אַלס „מעדיקעל דירעקטאָר״, ווייל דאָס איז אייגענטליך מיין אָפיציעלער בערוף אַלס „פּאָבליק־היעלט־מען״. דאָס מיינט אַ סאָציאַלער טהוער אויפ׳ן געביט פון פאָלקס־געזונד, און מיין ספּעציאַ־ליטעט איז טאַקע פּראָפילאַקטיק (פערהיטונג פון עפּידעמישע קראַנקהייטען). אין די שפּעטערע יאָהרען בין איך געווען אַ מיטגליד אין אַ מעדיצינישער עקספּעדיציע פון „הדסה״ קיין ארץ ישראל.

— דער גאון האָט מיך דאַן געגומען אויספרעגען נאָך נענטערע פרטים פון מיין פּערזענליכען לעבען, און באַלד אַ זאָג געטהון: „אויב אַזוי ערלויבט מיר איך ניט צו רופען דאָקטאָר שמידט, נור היימיש, ר׳ שמואל״... דאָס האָט מיך גערירט ביז טרעהרען. דער שמועס איז שוין דערנאָך אַוועק אויף אַנדערע רעלסען און עס האָט געדויערט לאַנג געגומען ביז דער טלית ותפילין, וואָס איך האָב מיטגענומען אין מיין באַגאַזש, איז מיר געוואָרען פּערזענליך נויטיג יעדען טאָג...

דאָס זענען בלויז איניגע און ווייניגע פרטים פון ד״ר שמידט׳ס ריין־פּערזענליכע איבערלעבונגען.

צוריקקעהרענדיג צו דער ערפאָלגרייכער שליחות זיינען קיין ווילנע דאַרף מען צוגעבען, אַז נאָך זייענדיג דאָרטען אויפן אָרט האָט דער ספּעציעלער שליח געטהון אַלץ צו דערמוטיגען און טרייבען די רעטונגס־אַרבעט אין אַמעריקע פאַר די מלחמה־בעדראָהטע ישיבות. אָט איז איינער פון די פּרעסע־בעריכטען פון יענעם פּעריאָד:[2]

„הגאון ר׳ אליעזר סילווער, דער נשיא פון „ועד הצלה״ האָט נאָך פסח עטליכע מאָל בעזוכט ניו־יאָרק צו וועקען צו גרויסער הצלה־אַרבעט פאַר די ישיבות און אַליין האָט בעזוכט ספּרינגפיעלד און וואוסטער, מאַסס. און דאָרט דורכגעפיהרט דעם זאַמעל־קאַמפּעין — כמעט יעדען טאָג קומען אָן טעלעגראַמעס אין הרב סילווער׳ס הויז און אין אָפיס פון „ועד הצלה״ אין ניו־יאָרק און פון פערשידענע ערטער טראָגען זיך הילפס־רופען, ובפרט פון הגאון רבי חיים עוזר אין ווילנע און פון דעם ספּעציעלען שליח פון ועד הצלה דאָרטען, מר. שמואל שמידט און פון פיעל ראשי ישיבות — אין די לעצטע טעג האָט מר. שמידט אַלאַרמירט אין דרינגענדע טעלעגראַמעס און דאָס אויך אין נאָמען פון רבי חיים עוזר׳ן, אַז מען זאָל צואיילען מיטן איבערשיקען די הילף פאַר די ישיבות,

2) „הפרדס״, סיון ג׳, ת״ש.

ווייל עס הענגט אַ געפאַהר, אַז דער וועג פון שיקען הילף זאָל חלילה ווערען איבערגעהאַקט; און דעריבער כל־זמן דער וועג איז נאָך אָפען דאַרף מען איבערשיקען טעלעגראַפיש וואָס עס לאָזט זיך פאַר פדיון שבויים און ניט פערשפעטיגען די לעצטע שעה״...

גלייך נאָכדעם ווי ד״ר שמידט האָט זיך צוריקגעקעהרט בשלום פון זיין שליחות איז אין האָטעל „פענסילווועניא״ אין ניו־יאָרק פאַרגעקומען אַ בעריכטס־קאָנפערענץ פון „ועד הצלה״, אויסצוהערען דעם אויטענטישען ראַפּאָרט איבער דעם מצב פון די מלחמה־געטראָפענע ישיבות.

דינסטאָג, כ״ג סיון, ת״ש איז די אסיפה געוואָרען אָפּגעהאַלטען. עס זענען אָנוועזענד געווען הרב סילווער, הרב ראָזענבערג, דער לאָמזער ראש ישיבה און פיעל רבנים און חובבי תורה פון ניו־יאָרק און אומגעגענד. נאָך דער ערעפנונגס־רעדע פון הרב סילווער האָט בעקומען דאָס וואָרט צו זיין בעריכט דער שליח, ד״ר שמידט:

— „די גייסטיגע גבורה פון די ישיבה־לייט איז גאָרניט אָפּצושילדערן. זיי זענען הונגעריג און דורשטיג, די תלמידים, אָהן אַ מלבוש און אָהן אַ דאַך איבערן קאָפּ, און זייער מסירת הנפש ביים לערנען תורה האָט קיין גרענעץ ניט. די צרות פון אַרום האָבען אויף זיי ניט קיין שליטה. ממש יעדען טאָג זעהט מען די נסים, וואָס קומען פאַר מיט די ישיבות אין זייער אומגליק און נויט. יעדער וואָס זעהט די ישיבות אין זייער הערצאישען געראַנגעל מוז קומען צו דער גרויסער אמונה, צו דער אמונה אין נצחיות פון דער תורה.

— „רבי חיים עוזר איז ממש דער פאָטער פון אַלע ישיבות, ער איז דער לעבעדיגער נערוו פון גאַנצען כלל ישראל. יעדער איד געפינט ביים גאון הדור אַן עצה אין זיין פערזענליכער נויט, אַלע ווענדען זיך אויף דער דאָזיגער אַדרעס. רבי חיים עוזר שיקט איבער זיין ברכה פאַר אַמעריקאַנער אידען און בפרט פאַר די רבנים און עסקנים פון „ועד הצלה״ און ער פערלאַנגט צו פער־שטאַרקען די עבודת הקודש צו ראַטעווען די תורה און דער זכות פון דער תורה הקדושה וועט אַלעמען ביישטעהן...״

נאָכן אויסהערען דעם ריהרענדען בעריכט האָבען הרב קאַלמאַנאָוויץ, הרב סילווער און הרב ראָזענבערג האַרציג בעדאַנקט דעם שליח פאַר זיין געלונגענער שליחות און פאַר דער מאָס פון מסירת הנפש, וואָס ער האָט אַרויסגעוויזען זיך אונטערצונעמען אַזאַ מיסיע אין אַ צייט פון מלחמה־געפאַהרען, און דער זכות פון דער הייליגער תורה האָט איהם געהאָלפען ניצול צו ווערען פון די אַלע סכנות.

קאַפּיטעל 4

# דאס ליכט פון ווילנע ווערט פערלאשען

די קאָמוניסטישע איבערקעהרעניש אין ליטע און די פטירה פון רבי חיים עוזר זצ"ל. — די לעצטע לעבענס־טעג פון גאון הדור, וואָס האָבען אָפּגעשלאָסען אַ גאַנצע רוהמפולע תקופה. — די ישיבה'שע וועלט ווערט געשטעלט פאַר נייע שווערע נסיונות — טיעפער טרויער נאָך רבי חיים עוזר'ן אין אַמעריקע. — פערשטאַרקטע רעטונגס־אַקציע פאַר די ישיבות, וואָס האָבען פערלוירען זייער באָדען אין אייראָפּע.

עס איז בעקאַנט דער אַלטער פאָלקס־משל: „פּאַרוואָס חזר'ט מען זיך איבער צוויי מאָל די תפילה פון „אנא ה' הושיעה נא"? דערפאַר, וואָס כדי צו קענען אויסהאַלטען ביז צו דער גרויסער ישועה דאַרף מען דערווייל כאָטש אַ קליינע ישועה; און אַזוי טהוט דאָך טענה'ן דער בגילופינ'דיגער בעל־עגלה, אַז ביז צו דער קרעטשמע דאַרף מען אויך אַ טרונק בראָנפען"...

דאָס איז אַ טיפער אידישער משל, און דער נמשל דערפון איז געווען — דער „נס פון ווילנע". אַ דאַנק דעם נס פון ווילנע זענען דערוויל די גרעסטע וועלט־ישיבות געוואָרען געראַטעוועט פון דעם מלחמה־פייער, וואָס האָט גלייך צום אָנהויב געדראָהט מיט צוזאַמענברוך און אונטערגאַנג, חלילה. אָבער ווילנע אַליין איז אויך נישט געווען מעהר ווי אַ צייטווייליגע אָפּרוה־סטאַנציע פאַר די אַנטרינענדע און וואַנדערענדע ישיבות. בלויז פאַר אַ קורצער ווײַלע האָט ווילנע געדינט אַלס אָטעם־פויזע, ריכטיגער זיך אויסגעדריקט: פאַר אַ זאַמעל־פּאָזיציע, וואו די ישיבות האָבען זיך צעמענטירט און פון דאָסניי געזאַמעלט די כוחות אין אָנבליק פון די ווייטערדיגע שווערע נסיונות און סכנות. און די נסיונות און געפאַהרען זענען געקומען נאָך פיעל שנעלער, ווי מען האָט דאָס ערוואַרט.

דאָס קליינע מדינה'לע ליטע האָט ניט בעוויזען לאַנג אָנצוהאַלטען דעם שיין פון פּאָליטישער זעלבסטשטענדיגקייט. די סאָוויעטען האָבען זיך נישט געלאָזען בעגנוגנען מיט זייער אויסערן־פּאָליטישען דרוק אויף ליטע און אויף דער שנעל איז דורך זיי געוואָרען צוגעגרייט דער קאָמוניסטישער פוטש, וואָס אָפיציעל האָט עס זיך גערופען „די קאָמוניסטישע רעוואָלוציע פון ליטווישען פאָלק", און דער „גוטוויליגער בעשלוס פון דער ליטווישער סאָוויעטישער רעפובליק זיך אָנצושליסען אין דעם מעכטיגען סאָוויעטען־פערבאַנד". בקיצור,

דעם 17־טען יולי 1940 אין די „רויטע אַרמעי" אַריימאַרשירט קיין ליטע און דורך דעם האָבען די רוסען מיליטעריש אָקופּירט דאָס גאַנצע לאַנד, ווילנע אַריינגערעכענט.

די ערשיטערונג אין דער ישיבה'שער וועלט איז געווען אַ שווערע. דאָס געשעהעניש האָט זיך בעזונדערס שווער אָפּגערופען אויף דעם שוואַכען און פיזיש־קראַנקען גאון הדור, רבי חיים עוזר'ן, דעם טאַטע און אפּטרופּוס פון די איבערגעלאָפענע ישיבות. קורץ נאָך דער רוסישער אָקופּאַציע פון דער ליטע איז דאָס גרויסע ליכט פון ווילנע איינגעלאָשען געוואָרען.

דאָס איז געווען אַ מורא'דיגער קלאַפּ פאַר דער תורה־וועלט בכלל, און פאַר די עלענדע ישיבות בפרט. מען דאַרף געדענקען, אַז באַלד ביי זייער אַריינקום קיין ווילנע איז דער ישיבה'שער וועלט געווען באַשערט צו בעקומען שווערע און טראַגישע קלעפּ מיט דער פּטירה פוןביידע גרויסע און בעריהמטע ראשי הישיבות, פון צווישען די גרעסטע און לאַנג־יעהריגע מרביצי התורה פון די לעצטע דורות, — דאָס זענען געווען דער גראָדנער ראש ישיבה, הגאון רבי שמעון שקאָפּ און דער קאַמענעצער ראש ישיבה, הגאון רבי ברוך בער לייבאָוויץ, וואָס ביידע האָבען אויסגעהויכט זייערע ליכטיגע נשמות גלייך נאָכן ניצול ווערען קיין ווילנע, ניט קענענדיג פיזיש איבערטראָגען די מלחמה־קאַטאַסטראָפע. און דאָ איז געקומען דער סאַמע שרעקליכסטער קלאַפּ — רבי חיים עוזר איז מעהר ניטאָ!

איינער פון די רבנישע פּערזענליכקייטען, וואָס האָט אַליין מיטגעמאַכט די געשעהענישען אין ווילנע בעת דעם אַריינמאַרש פון די סאָוויעטישע אַרמעיען און איהם איז בעצייטענס געלונגען פון דאָרט זיך אַרויסצוכאַפּען, האָט בשעתו געשילדערט דעם ענגען צוזאַמענהאַנג פון רבי חיים עוזר'ס פּטירה מיט דעם שווערען קלאַפּ פון דער רויטער אָקופּאַציע:[1]

„די אָקופּאַציע פון ליטע דורך די סאָוויעטען האָט בלי ספק דערנעהנטערט די פּטירה פון רבי חיים עוזר'ן. ריכטיג, אַז די דאָקטוירים האָבען נאָך מיט 4 יאָהר צוריק פעסטגעשטעלט, אַז ער ליידט פון דער שרעקליכער ראַק־קראַנקהייט (קענסער), אָבער ניט די קרענק און ניט די אויסערגעוועהנליכע יסורים זיינע האָבען געקענט משפּיע זיין אויף זיין מעכטיגען גייסט, וועלכער האָט זיך תמיד מתגבר געווען איבער דעם שוואַכען גוף זיינעם; בלויז די גייסטיגע יסורים האָבען בעוויזען צו בעצווינגען דעם דאָזיגען תורה־ריעז, ביז דער גוף האָט זיך איינגעבראָכען און די הייליגע נשמה איז געוואָרען פערלאָשען.

„רבי חיים עוזר האָט זיך דאָך געפיהלט פעראַנטוואָרטליך פאַר אַלע

1) „הפרדס", אדר, ת"ש.

ישיבות, פאַר זייערע פיהרער און פאַר זייערע טויזענדער תלמידים. ער איז ניט בלויז געווען זייער טאַטע ברוחניות, נור אויך די מאַמע זייערע בפשטות ממש, צו זאָרגען פאַר אַלע זייערע הצטרכות'ן. אַ גרויסע און שווערע לאַסט האָט געהויערט אויף איהם און ער האָט די לאַסט געטראָגען מיט אהבה און מסירת הנפש.

„מיט יעדען שריט פון דער סאָוויעטישער רעגירונג צו פערוואַנדלען ליטע אין אַ קאָמוניסטישער מדינה, איז רבי חיים עוזר'ס קראַנקהייט געשטיגען, די יסורים זענען געוואָרען אומדערטרעגליכער, די היץ איז ביי איהם געוואָרען געהעכערט פון טאָג צו טאָג, ער האָט מעהר ניט פערלאָזען דאָס בעט און מען האָט קוים ביי איהם געפועל'ט אַריבערצופאָהרען אין אַ קור־אָרט נעבען ווילנע, „מאַגיסטראַצקיע" האָט זיך עס גערופען. אָבער אויך דאָרט האָט ער ניט אויפגעהערט פון זיין כלל־אַרבעט. אויך דאָרט פלעגט ער יעדען טאָג אוֹיפ־נעמען יעדען, וואָס איז ביי איהם געקומען בעטען אַן עצה אָדער הילף, און ער פלעגט פאַר יעדען ווייטער שיקען טעלעגראַמעס און שרייבען בריף, און אַלץ מיט זיין שטענדיגען פריינדליכען שמייכעל. ווער עס האָט ניט געוויסט וועגען זיין מצב וואָלט ניט געקענט צוגלויבען, אַז דער גאון קאָרטשעט זיך אין יסורים און פיין.

„ווען אין ווילנע האָט מען דערפיהלט, אַז די טעג פון ליטע'ס זעלבסט־שטענדיגקייט זענען געצעהלטע, און יעדען טאָג האָט מען שוין דערוואַרט דעם אַריינקום פון דער „רויטער אַרמעי", האָט מען געטראַכט מציל צו זיין רבי חיים עוזר'ן דורך בעקומען פאַר איהם אַ ספעציעלע אַריינפאָהר־ערלויבעניש קיין ארץ ישראל. אָבער רבי חיים עוזר האָט זיך קאַטעגאָריש קעגענגעשטעלט און אָפגעוואָרפען יעדען רעיון צו פערלאָזען ליטע. זיין דעה איז געווען, אַז ער טאָר ניט פערלאָזען זיין פאָזיציע אַלס פערזאָרגער פון די ישיבות און די אַנדערע טויזענדער נויט־בעדערפטיגטע, וואָס ער טראָגט דעם עול פאַר זייערט־וועגען. ער האָט געענטפערט: „אויב איהר קענט בעקומען פאַר מיר אַן ער־לויבעניש אויף נאָך אַ יאָהר צו לעבען אויפן עולם השפל, בין איך מסכים"...

„צו דער זעלבער צייט, וואָס ער האָט זיך העפטיג קעגענגעשטעלט יעדען פלאַן אַוועקצופאָהרען האָט ער אָבער ניט אויפגעהערט צו זוכען אַלערליי וועגען און תחבולות אַרויסצוראַטעווען פון ליטע וואָס מעהר און מעהר רבנים און תלמידי הישיבות, אַזוי לאַנג ווי עס איז נאָך פאַראַן אַ מעגליכקייט דערויף. גאַנצע טעג און נעכט האָט ער אַוועקגעגעבען פאַר דעם צוועק. ער פלעגט שרייבען בריף און שיקען טעלעגראַמעס קיין ארץ־ישראל, אַמעריקע און איבער אַלע עקען וועלט, אומעטום וואו עס איז בלויז געווען די מינדעסטע האָפנונג צו בעקומען פון דאָרטען אַ וויזע פאַר עמיצען.

„נאָך דער אָקופּאַציע פון די רוסען האָט מען געקענט מערקען, ווי דער

גאון איז ערשיטערט. אין ווילנע האָבען די רעליגיעזע מוסדות געהאַט מעהר צו ליידען אין פערגלייך מיט קאָוונע און אַנדערע שטעדט. אין ווילנע איז גלייך געוואָרען אָפּגעשטעלט דער שחיטה־אָפּצאָהל, פון וועלכען עס איז אויסגעהאַלטען געוואָרען די גאַנצע קהלה. די תלמוד תורה׳ס זענען געוואָרען געשלאָסען, די קינדער זענען גלייך געוואָרען גענומען אין די לינק־אידישיסטישע שולען. אַלע זענען געוואָרען אַרומגעכאַפּט פון יאוש, נור רבי חיים עוזר האָט דאָס פאַר קיינעם ניט אַרויסגעוויזען און, גאָר גענומען טרייסטען, אַז אין ליטע וועט פאָרט ניט זיין אַזוי שלעכט. ער האָט געוועקט די עסקנים ווייטער צו אַרבעטען מעשים און ניט אַראָפּלאָזען די הענד פאַר יאוש. און ער האָט באמת אַליין מקיים געווען דאָס וואָס ער האָט געמאָהנט פון אַנדערע.

„די לעצטע וואָך פון זיין לעבען האָט זיך דערנעהנטערט און די אַרומיגע מענשען, די מקורבים און משפחה, האָבען דאָס גאָרניט בעמערקט. זיי האָבען געוואוסט, אַז דער מצב איז גאָר ערנסט, אָבער קיינער האָט זיך ניט פאָרגעשטעלט, אַז די טעג זענען געצעהלטע. בלויז דער גאון אַליין האָט געפיהלט, וואָס עס געהט פאָר און ער האָט זיך בעמיהט צו ערלעדיגען וואָס מעהר ענינים, צו געזעגנען זיך מיט פריינד און תלמידים, און בפרט צו ענטפערן אויף די שאלות ותשובות, וואָס האָבען זיך אָנגעזאַמעלט פון אַלע עקען וועלט. די תלמידים זענען אַריין און אַרויס, רבנים־פּליטים קומען בעטען הילף, מענער און אויך פרויען קומען אַראָפּרעדען די האַרץ און בעטען אַן עצה; און דער גאון שמייכעלט צו אַלעמען, נעמט יעדען אויף בסבר פנים יפות, גיט עצות, ערלעדיגט הילף פאַר יעדען און טרייסט און מוטיגט אַלעמען אַרום; ער רעכענט זיך אָפּ וועגען פער־שידענע צדקה־חשבונות מיט די מנהלים פון „ועד הישיבות״; און דאָס אַלץ מיט אינערליכער רוהיגקייט און געדולדיגקייט, קוים איניגע טעג פאַר דער פטירה — ערשט אין די דאָזיגע טעג איז געוואָרען קלאָר, אַז רבי חיים עוזר איז ניט בלויז געווען דער גאון הדור אין תורה, נור אויך אַ גאון אין מדות, אַ גאון אין מענש־ליכקייט, אַ גאון אין עניני צדקה און גמילת חסדים.

„עטליכע טעג פאַר זיין פטירה האָט רבי חיים עוזר גערופען צו זיך דעם לוצקער רב, הגאון ר׳ זלמן סאראצקין שליט״א און איהם געבעטען צו ענטפערן אין זיין נאָמען אויף אַ לעצטער שאלה וועגען דער כשר׳ער שחיטה אין דער שווייץ. ווי בעקאַנט איז די ריטועלע שחיטה פערבאָטען זינט פיעל יאָהרען אין דער שווייץ, און פרומע אידען דאָרט קאָנסומירען דאָס פלייש פון די כשר׳ע שעכט־הייזער אין די נאָהנטע גרענעץ־פונקטען, מחוץ פון דער שווייץ. און אָט איז אָנגעקומען אַ שאלה פון די שווייצאַרישע רבנים, אַז היות ווי עס איז גע־וואָרען ערפונדען אַ נייער סערום צו בעטויבען בהמות פאַר דעם קוילענען זיי, און דער סערום טהוט גאָרניט שאַדענען דעם געזונד פון דער בהמה און

די בעטויבונג איז אַ גאַנץ לייכטע; און דעריבער פרעגען די רבנים אַ שאלה, צי קען מען דערויף בעקומען אַ היתר בשעת הדחק...

„און עס איז ביז גאָר מערקווירדיג, וואָס רבי חיים עוזר האָט געבעטען צו ענטפערן צו די שווייצער רבנים, בזה הלשון: „דאָס אידישע פאָלק איז דאָך אַן אַלט פאָלק, אַלט און זאַט פון צרות און יסורים מצד די שונאים, וואָס זענען אויפגעשטאַנען קעגען אונז. פון די אַלע שונאים איז קיין זכר ניט געבליבען, און דאָס אידישע פאָלק לעבט ווייטער. אין אַזאַ צייט פון נס ונות מוז יעדער איינער זיך מוסר נפש זיין פאַר יעדער תקנת חכמים און נאָך דערצו אין ענין שחיטה, וואָס איז נוגע אַן איסור דאורייתא, טאָר מען דעריבער ניט מוותר זיין אויף אַ קוצו של יוד, ודבר ה׳ יקום לעולם״.

„די לעצטע נאַכט איז געקומען. נאָך בייטאָג האָט מען בעמערקט, אַז דער גאון איילט זיך צו ערלעדיגען זיינע כתבים און חשבונות. ער האָט איבערגעגעבען די געלדער און משכונות׳ן, וואָס זענען ביי איהם געווען איינגעלעגט, ער האָט אָנגעזאָגט די שטוב-מענשען ווי אַזוי צו ערלעדיגען די אַלע חשבונות און פקדונות. — צומאָרגענס, 11 אין דערפריה, זענען ביי זיין בעט געזיצען איניגע רבנים. זיי האָבען צווישען זיך שטיל געשמועסט, און רבי חיים עוזר איז געלעגען מיט פערשלאָסענע אויגען. די רבנים דערנעבען זענען געווען זיכער, אַז רבי חיים עוזר איז איינגעדרימעלט אין זיין שוואַכקייט, אָבער דער גאון האָט שוין מעהר ניט געלעבט — ער איז נפטר געוואָרען מיט מיתת נשיקה. — אין איניגע מינוטען איז די ביטערע בשורה בעקאַנט געוואָרען און ביטערע יללות זענען אויסגעבראָכען פון יעדען׳ס האַרץ: „דער גאון הדור האָט אונז פערלאָזען אין אַזאַ פינסטערער שעה!״...

וויכטיגע פרטים וועגען די לעצטע טעג פון רבי חיים עוזר׳ס רוהמפולען לעבען ווערען אַרויסגעבראַכט אין ביאָגראַפישען בוך „אחיעזר״, פון ש. ראָטשטיין [2]:

„לאַנגע יאָהרען האָט רבי חיים עוזר געליטען ביטערע יסורים פון זיין האָפּנונגסלאָזער קראַנקהייט, און ניט איינמאָל האָט זיך געדוכטען, אַז דאָס אומגליק רוקט אָן. דער חולה האָט מקבל געווען יסורים באהבה, אָהן אַרויסצולאָזען אַ זיפץ אַמאָל, און ער האָט קיינמאָל ניט איבערגעריסען זיין מסירת הנפש׳דיגער אַרבעט פאַר קיום התורה, ביז עס איז געקומען דער טרויעריגער טאָג פון ה׳ אלול, ת״ש. גענוי מיט אַ יאָהר פריהער, נאָך פאַר דער מלחמה, האָט זיך די קראַנקהייט זיינע געהאַט אַזוי פערשאַרפט, אַז איינמאָל, געווען איז דאָס אין טאָג פון ז׳ אב, תרצ״ט, האָט זיך אין ווילנע געהאַט פערשפרייט אַן

2) „אחיעזר״ ו״י ע״ע 5—58.

אַלאַרמיסטישע ידיעה וועגען רבי חיים עוזר'ן. צום גליק איז דאָס געווען דעמאָלס אַ פאַלשער קלאַנג. פון דער השגחה העליונה איז בעשערט געווען, אַז דער כלל ישראל זאָל זוכה זיין נאָך אַ יאָהר פון רבי חיים עוזר'ס לעבען — און וואָס ער האָט בעוויזען אויפצוטהון אין דאָזיגען טראַגישען אומגליקליכען יאָהר איז געוואָרען פריהער געשילדערט. —

„אין טאָג פון 17־טען יולי 1940 איז די רוסישע אַרמיי אַריין קיין ליטע און אויך אין די אַנדערע באַלטישע לענדער און זיי אַנעקסירט אַלס טייל פון סאָוויעטען־פערבאַנד. דער רושם דערפון אויפן אידישען ציבור און בפרט אין די בירגערליכע קרייזען, אין געווען דערשיטערענדיג. „סאָוויעטיזאַציע", איז דאָך דער טייטש קאָנפיסקאַציע פון גאַנצען פריוואַטען אייגענטום, פון די הייזער, קראָמען און אַלץ, לאָזענדיג די מענשען בלויז און אויסגעלעדיגט. נאָך שווערער איז געווען דער רושם אין די ישיבה'שע קרייזען. זיי, די ישיבה־בחורים, זענען אַנטלאָפען אין שרעק פאַרן רויטען דעספאָט, און דאָ וועט ער זיי אויפסנייַ דערגרייכען. וואָס־זשע וועט איצט זיין מיט די ישיבות און וואָס'אַרע גורל ערוואַרט די בני הישיבות? דער גלות אין סיביר, אין אַרכאַנגעלסק, אָדער גאָר לעבענסלענגליכע טורמע? — מען האָט געוואוסט פון דעם פאַקט, אַז ווען די קלעצקער ישיבה איז איבערגעלאָפען קיין ווילנע האָט זיך דערנאָך בעוויזען דאָרט אַ סאָוויעטישער קאָמיסאַר און בעת זיין עפענטליכער רעדע ערקלערט: „מיר ווייסען גוט וועגען אייער ישיבה, נאָך פון יענע צייטען, וואָס זי האָט זיך געפונען אין סלוצק; אַז מיר האָבען איינגענומען סלוצק — איז די ישיבה אַנטלאָפען קיין קלעצק, און אַז מיר זענען איצט אַריין קיין קלעצק — איז די ישיבה אַוועק קיין ווילנע, אָבער וואוהין וועט די ישיבה לויפען ווען מיר וועלען נעמען ווילנע?"...

„איינער פון די נאָהנסטע מקורבים האָט זיך אָנגערופען צו רבי חיים עוזר'ן בעת דער געזעגנונג: „מיר האָבען דאָך פאָרט אַ הבטחה „כי לא תשכח מפי זרעו", אַז די תורה הקדושה וועט ניט פערגעסען ווערען פון אידישען פאָלק!" דערויף האָט רבי חיים עוזר זיך אָפגערופען מיט התלהבות: „אויף דער דאָזיגער הבטחה בין איך זיך טאַקע סומך!"...

אין דער זעלבער קוועלע ווערט אויך געשילדערט די זעלטענע איינדרוקס־פולע לוויה פון רבי חיים עוזר'ן אין ווילנע — אַ לוויה, וועלכע האָט פאַקטיש סימבאָליזירט דעם סתימת הגולל, דעם טראַגישען שלוס־קאַפּיטעל, אין דער רוהמפולער דורות־לאַנגער תורה־תקופה פון דעם ליטווישען אידענטום.

אָט זענען אייניגע אויסצוגען פון דער שילדערונג פון לויה־טאָג:

„די שרעקליכע בשורה האָט זיך צושפרייט בליץ־שנעל איבער ווילנע און איינגעהילט אין אבלות דעם גאַנצען אידישען ציבור. אין הויז פון „ועד

הישיבות" זענען זיך צונויפגעקומען די נאָהנטסטע מקורבים כדי צו בעראַטען זיך וועגען דעם סדר פון דער לויה. באַלד איז די ידיעה געוואָרען איבערגע־וויזען אין אַלע תפוצות הגולה, אַז דער רועה נאמן פון כלל ישראל איז מעהר ניטאָ. אינטערעסאַנט איז אָבער געווען, אַז צוזאַמען מיטן בעשלוס צו שיקען טרויער־טעלעגראַמעס אפילו קיין וואַרשע, לאָדז און קראָקע — איז געוואָרען בעשלאָסען ניט צו טעלעגראַפירען קיין ביאַליסטאָק, לעמבערג און גראָדנע, די שטעדט אונטער דער רוסישער אָקופּאַציע, כדי ניט איינצושטעלען די מענשען, צו וועמען די טעלעגראַמעס זענען אַדרעסירט...

„דערווייל איז פאָרגעקומען אַ שטורמישע אסיפה וועגען סדר פון דער לויה. אייניגע אָנוועזענדע האָבען דערמאָהנט דעם פאַקט, אַז די רוסען האָבען אַמאָל געהאַט אַרעסטירט די אַלע מספּידים און פיעל מלווים בעת דער לויה פון רבי אליעזר, דעם מינסקער רב, מיט פיעל יאָהרען צוריק. איז אפשר דערפאַר נויטיג צו בעטען אַן ערלויבעניש ביי דער סאָוויעטישער מאַכט? צום סוף איז געוואָרען בעשלאָסען איינצואָרדנען די לוויה ווי עס פּאַסט פאַר רבי חיים עוזר'ן — דאָס מיינט ניט צו בעטען ביי די „רויטע" קיין רשות, און דערביי אָפּצו־לעגען די מאַסען־לוויה אויף זונטאָג (די פּטירה איז געווען פרייטאָג), אַז גאַנץ ווילנע זאָל קענען זיך בעטייליגען. און אַזוי איז עס אויך געשעהען".

אידען איבער דער גאָרער וועלט און גאַנץ בעזונדערס דאָס תורה־טריי אידענטום און די רבנישע קרייזען אין אַמעריקע האָבען נאָכגעפאָלגט מיט טיפער זאָרג און ערנסט די ענטוויקלונג פון די געשעהענישען אין ליטע, זינט דער רויטער אָקופּאַציע.

באַלד אין די ערשטע טעג פון דער קאָמוניסטישער איבערקערעניש אין ליטע זענען אין אַמעריקע געוואָרען פערשפרייט אַלאַרמיסטישע קלאַנגען און פּעסימיסטישע ידיעות, אַז עס איז שוין, חלילה אַלץ חרוב ומוחרב און אַז אַלע ישיבות זענען שוין צושטערט און צוטריבען. אָבער רבי חיים עוזר, וועלכער איז אַליין געשטאַנען אויף דער וואַך און אונטערגעהאַלטען דעם מוט פון די ישיבות אין מאָמענט פון פרישען נסיון, האָט זיך מזדרז געווען גלייך צו טעל־לעגראַפירען און מעלדען דער אגודת הרבנים אין אַמעריקע, אַז די ישיבות האָבען דערווייל זיך ניט אונטערגעגעבען, זיי עקזיסטירען ווייטער אָהן איבעררייס, אָבער זיי נויטיגען זיך אין דער סאַמע שנעלסטער הילף און רעטונג.

די אגודת הרבנים אין אַמעריקע האָט די דאָזיגע דערמוטיגענדע אינפאָר־מאַציעס באַלד געבראַכט צו דער אידישער עפענטליכקייט:[3]

„אַ טעלעגראַם, וואָס איז אַרויס פון ווילנע זונטאָג אין אָוונד, נאָכדעם

3) „מאָרגען־זשורנאַל, אויגוסט 11, 1940.

ווי די רוסישע אַרמיי איז דאָרט אַריין, און איז אונטערגעשריבען דורך רבי חיים עוזר גראָדזענסקי׳ן, מעלדעט צו דער אגודת הרבנים, אַז אַלע ישיבות זענען ווייטער טעטיג און בעטען ניט אָפּצושטעלען די הילף״.

שפּעטער איז דערשינען אַ ספּעציעלער אויפרוף פון אגודת הרבנים, פון אַזאַ אינהאַלט:[4]

„די אגודת הרבנים פאָדערט פון אָרטאָדאָקסישען אידענטום אין אַמעריקע אָנצוהאַלטען דעם נויטיגען אינטערעס און צו שטיצען מיט אַלע מעגליכקייטען די הייליגע ישיבות, וועלכע געפינען זיך אין ליטע, מיט דער זעלבער איבער־געבענקייט ווי ביז־איצט.

„דער פאַקט איז, אַז די אַלע ישיבות, וועלכע האָבען זיך געפונען אין פוילען און האָבען זיך איינגעאָרדענט אין ליטע פונקציאָנירען דאָרט אומגע־שטערט, טראָץ די ענדערונגען וואָס זענען דאָרט פאָרגעקומען. די פערטרעטער פון די ישיבות אין אַמעריקע שטעהען אין קאָנטאַקט מיט זייערע ישיבות; זיי האָבען ערשט היינטיגע וואָך דערהאַלטען בריף און טעלעגראַמעס, אין וועלכע עס ווערט מיטגעטיילט, אַז די ישיבות זענען ב״ה גאַנץ און מען לערנט מיט התמדה; און צו גלייכער צייט אַפּעלירען זיי נישט צו פערנאַכלעסיגען זיי אין דעם קריטישען מאָמענט. די מעגליכקייטען פון איבערשיקען געלדער פאַר די ישיבות זענען נישט אינגאַנצען איבערגעריסען. די ישיבות האַלטען זיך בלויז אויף דער שטיצע פון אַמעריקע, און אַמעריקאַנער אידען טאָרען נישט איבעררייסען זייער שטיצע. אפילו חרב חדה... אל יתיאש מן הרחמים!

„און דעריבער איז יעדער איד מחויב צו טאָן דאָס אויסערסטע אויפצו־האַלטען די ישיבות, די בתי היוצר לנשמת האומה, אום מיר זאָלען נישט זיין שולדיג, חלילה, אין זייער חורבן, וואָס קען קומען, אויב מיר וועלען זיי פער־נאַכלעסיגען אין איצטיגען מאָמענט. אַמעריקאַנער אידען דאַרפען זיך דערהויבען צו דער געוואונשטער הויך, און ערפילען זייער הייליגען חוב״.

(אונטערגעשריבען)

## אגודת הרבנים דארצות הברית וקנדה.

דערווייל האָבען אָנגעהויבען דערגעהן קיין אַמעריקע די פּיינליכע בע־ריכטען וועגען דעם פערערגערטען געזונד־צושטאַנד פון גאון הדור, רבי חיים עוזר. די אגודת הרבנים האָט גערופען מתפלל זיין פאַר אַ רפואה שלימה, פאַרן מנהיג הדור. און שנעל האָט זיך דערטראָגען פון ווילנע די פינסטערע בשורה וועגען זיין פּטירה.

דערשלאָגען און דערשיטערט פון דער שרעקליכער בשורה האָט די

4) „מאָרגען־זשורנאַל״, אויגוסט 13, 1940.

אגודת הרבנים אַרויסגעלאָזען אַ טרויער־פּראָקלאַמאַציע, אין וועלכער עס איז געוואָרען געזאָגט:[5]

„קשה סילוקן של צדיקים יותר משריפת בית אלקינו". די אגודת הרבנים דריקט אויס איהר גרויסען צער און וועהטאָג אויף דעם פערלוסט פון דעם גאַנצען כלל ישראל דורך דער הסתלקות פון דעם גאון הדור און מנהיג הדור, רשכבה"ג מרן ר' חיים עוזר זצ"ל, וואָס זיין השפעה איז געווען גרויס צווישען די גאוני הדור פון פריהער, ווען ער איז נאָך געווען יונג; און נאָך דער לעצטער וועלט־מלחמה איז ער כמעט געווען אַ יחיד בדורו, אלס גאון ומנהיג, וואָס זיין וואָרט האָט זיך געהערט און זיין השפעה איז געווען גרויס אין דער גאַנצער אָרטאָדאָקסישער וועלט. אויף זיינע שולטערן האָט ער געטראָגען די לאַסט פון תורה און אידענטום פאַר צעהנדליגער יאָהרען צו פערשטאַרקען זייער עקזיס־טענץ. אויך אין די לעצטע יאָהרען, ווען ער איז שוין קראַנק געווען האָט ער דעם ריעזיגען יאָך געטראָגען אויף זיך מיט גרויס סבלנות, ביז דער לעצטער מינוט פון זיין רייכען הייליגען לעבען.

„אוי לה לספינה שאבדה קברניטה! און מיר רופען דאָס גאַנצע פאָלק צו אַן אבל כללי — וכל בית ישראל יבכו את השריפה אשר שרף ה'.

(אונטערגעשריבען)

**אגודת הרבנים דארצות הברית וקנדה.**

די אגודת הרבנים האָט גלייכצייטיג גערופען דורכצופיהרען עפענטליכע הספדים איבערן גאַנצען לאַנד:

„לבכי ולמספד" — די אגודת הרבנים פאָדערט אויף אַלע רבנים ומטיפים אין לאַנד צו מאַכען הספדים אויף דעם גאון הדור של כל בני הגולה, מרן ר' חיים עוזר זצ"ל בהרב ר' דוד שלמה זצ"ל, וועלכער איז לעצטענס נפטר געוואָרען אין ווילנע, וועמענס גרויסע האַרץ האָט אויפגעהערט צו פולסירען, טראָגענדיג אויף זיך דעם לאַסט און וועהטאָג פון כלל ישראל — די הספדים זאָלען געמאַכט ווערען פון איצט ביז ט"ו אלול הבע"ל".

גראָד איז אין די ערשטע אבלות־טעג נאָך דער פטירה פון רבי חיים עוזר זצ"ל, געוואָרען אָפּגעהאַלטען אין סינסינעטי אַ לאַנד־קאָנפערענץ פון אגודת ישראל אין אַמעריקע. הרב סילווער, אַלס נשיא פון אגודת ישראל און אַלס דער גאַסט־געבער פון דער קאָנפערענץ אין זיין קהלה, סינסינעטי, האָט געעפענט דעם צאָהלרייך־בעזוכטען צוזאַמענפאָהר און זיינע ערשטע ווערטער זענען געווען געווידמעט דער געוואַלדיגער אבידה פאַרן כלל ישראל:[6]

---

5) „מאָרגען־זשורנאַל", אויגוסט 14, 1940.
6) „הפרדס", אלול, ת"ש.

„אבינו! רבינו! אונזער טאַטע, אונזער מורה דרך! דער בן־יחיד פון דור, דער שר התורה איז פון אונז נסתלק געוואָרען. איך האָב געהאַט די זכיה צו לערנען אין זיין קיבוץ ביי 9 יאָהר, און דער קשר, וואָס איז געווען צווישען אונז די גאַנצע צייט. אין יעדען ציבור־ענין דאָ, בין איך געשטאַנען מיט איהם אין קאָנטאַקט, ובפרט אין לעצטען יאָהר וועגען דער רעטונג פון די ישיבות, וואָס יעדען טאָג זענען געווען זיינע טעלעגראַמעס און בריף, ממש ביז דעם לעצטען טאָג פון דער הסתלקות. איך האָב געהאַט דעם זכות צו דערהאַלטען דעם לעצטען בריף זיינעם, דאַטירט „ביום ער״ח מנחם ציון״, דאָס מיינט 4 טעג אַפר דער פטירה און אַלץ וועגען ראַטעווען די ישיבות.

„אונזער דור האָט געהאַט דעם זכות, וואָס רבי חיים עוזר זצ״ל איז געווען אונזער וועג־ווייזער, ער איז געווען דער טאַטע פון די ישיבות און ער האָט מיטגעלעבט אַלע צרות פון כלל ישראל. אהבת תורה מיט אהבת ישראל צוזאַמען. און איצטער איז אָך און וועה, דאָס גרויסע ליכט איז מעהר ניטאָ און צו וועמען וועלען מיר זיך ווענדען? — דאָך דאַרפען מיר געדענקען אַז „אור זרוע לצדיק״, אַ צדיק זייעט און פערשפרייט ליכטיגקייט נאָך זיך. דווקא איצטער איז די צייט אויסצושפרייטען די געצעלטען פון דער תורה, „הרחיבי מקום אהלך״, נייע ערטער און נייע פעסטונגען פאַר תורה מוזען מיר אויסבויען. מיר טאָרען זיך ניט מייאש זיין, „מנעי רגלך מיחף״, ניט מיט אַוועקזעצען זיך אַלס אבלים אויף דער ערד וועלען מיר יוצא זיין. לאָמיר זיך מחזק זיין און פלאַנצען נייע מקומות התורה, מיר וועלען אויסבויען מויערן און פעסטונגען פאַר תורה און יראת שמים אין ארץ ישראל, אין ארצנו הקדושה, און די השגחה האָט אויף אונז אַרויפגעלעגט דעם חוב אויך דאָ צו גראָבען און זוכען ברונעמער פאַר תורה!״

דעם הייליגען אָנדענק פון מנהיג הדור איז דערנאָך געוואָרען געווידמעט אַ ספעציעלע סעסיע פון דער יעהרליכער רבנים־קאָנפערענץ, וואָס איז געוואָרען אָפּגעהאַלטען אין די ערשטע טעג פון חשון, תש״א, אין פאַר־ראַקאָוועי, ניו־יאָרק.

אין זיין ערעפנונגס־וואָרט צו דער רבנים־קאָנפערענץ האָט הרב ר׳ ישראל הלוי ראָזענבערג, חבר הנשיאות, גערופען די רבנישע וועלט צו מעהר מעשים פאַר הצלה:

„וואָס טוען מיר היינט, די פינף מיליאָן אידען אין אַמעריקע? אין דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבען אַמעריקאַנער אידען כמעט געראַטעוועט די הונ־גערענדע אידען אין אייראָפּע. און איך זאָג דאָס צום זכות פון אונזער אגודת הרבנים, אַז ווען נישט מיר וואָלט דער „סענטראַל רעליעף״ דעמאָלס נישט געווען מצליח זיין, און איהר אַלע, רבנים, האָט דעמאָלס פיעל געהאָלפען. אָבער היינט, וואָס טוען מיר דען? מען לאָזט זיך בעגנוגנען מיט סתם טרייסט־ווערטער?

טרייסט־ווערטער דאַרפֿן אָבער קומען בעגלייט פון מעשים. אונזער איצטיגע קאָנפערענץ מוז אָנהויבן גרויסע הצלה־אַרבעט!

די אבלות־זיצונג פון דער רבנים־קאָנפערענץ איז געוואָרען אָפּגעהאַלטען אונטער׳ן פאָרזיץ פון הרב סילווער, וועלכער האָט געזאָגט:

„איצט געהען מיר אַריין אינעווייניג אין קודש הקדשים, דאָס זענען די ישיבות. ביז היינט האַלטען זיך נאָך די ישיבות אויף זייערע פלעצער, יעדע ישיבה אין איהר פאָזיציע, און מען לערענט מיט התמדה טאָג און נאַכט. עס זענען פאַלש די אַלע בעריכטען, אַז די ישיבות זאָלען זיך האָבען געשלאָסען, חס וחלילה. דאָס זענען סתם בלבולים. אַלע ישיבות האַלטען זיך פעסט, אַזוי די גרויסע ווי די קלענערע. עס זענען נאָך, ברוך השם, פאַרהאַן מקומות התורה אין איי־ראָפּע. די ישיבות אין אונגאַרן זענען אויף זייערע ערטער און לערנען תורה בהתמדה רבה. און די ישיבות, וואָס זענען איבערגעלאָפען פון פוילען זענען טעטיג אַלע, און אויך אין די געביטען פון דער נאַצישער אָקופּאַציע לערענט מען מיט מסירת הנפש ממש. אויך די „ישיבת חכמי לובלין״, וואָס בערך 50 פון איהרע תלמידים זענען ניצול געוואָרען קיין ווילנע, עקזיסטירט פאַקטיש ווייטער. זיי האָבען זיך צום ערשט געוואָלט פעראייניגען מיט דער ישיבה פון מיר, נאָר רבי חיים עוזר זצ״ל האָט ניט מסכים געווען און האָט געזאָגט, אַז אַזאַ גרויסע ישיבה טאָר ניט איהר נאָמען ווערען אָפּגעמעקט, און די ישיבה עקזיס־טירט פאַר זיך און ביז היינט לערענט מען דאָרט מיט גרויס התמדה. אויסער דעם זענען פאַרהאַן ידיעות, אַז אין לובלין גופא זענען געבליבען פיעל תלמידים און זיי דערהאַלטען דאָרטען דעם נאָמען פון דער ישיבה.

— ביז היינט האָט דער „ועד הצלה״, וואָס איז געוואָרען געשאַפען פון אגודת הרבנים לטובת די ישיבות, צונויפגעזאַמעלט דעם סכום פון 140 טויזענד דאָלאַר. אונזער הצלה־אַרבעט מוז אָבער פערשטאַרקט ווערען. מען דאַרף ווייטער שיקען שטיצע פאַר די ישיבות דאָרט און מען דאַרף ראַטעווען די ישיבות און זיי אַריבערברענגען אַהער אָדער אין אַנדערע זיכערע ערטער, און דערצו איז נויטיג אַ געוואַלדיגע אַרבעט״.

הרב ר׳ אברהם קאַלמאַנאָוויץ, דער נשיא פון ישיבת מיר, האָט דערנאָך מספיד געווען רבי חיים עוזר זצ״ל און דערצעהלט וועגען זיין געוואַלדיגער מסירת הנפש. „מיר, די יונגערע פון איהם, האָבען זיך פשוט געשעהמט צו־קוקענדיג זיך צו דער אומדערמידליכער אַרבעט פון דאָזיגען גאון און צדיק. אין די ערשטע צייט, ווען עס האָבען זיך אָנגעהויבען בעווייזען אין ווילנע די ערשטע קליינע פאַרטיעס גראַטעוועטע תלמידים, און די קליינע גרופּקעלעך האָבען זיך געוואָלט צוזאַמענשליסען, האָט רבי חיים עוזר דערצו ניט דערלאָזען. זאָל יעדע ישיבה דערהאַלטען איהר פּאָהן!״

הרב ר׳ אפרים עפשטיין, דער נשיא פון „ועד הישיבות״ אין שיקאַגאָ, האָט אויסגערופען: „אבל אשמים אנחנו!״ מיר האָבען נאָך ניט געטאָן גענוג פאַר ראַטעווען די ישיבות. איצט איז דער מאָמענט, אַז דאָס אַמעריקאַנער אידענטום זאָל דווקא בעווייזען די מידה פון גאווה און שטאָלץ, זאָגענדיג, אַז אויף אונז האַלט זיך די גאַנצע תורה־וועלט. דווקא אין אַזאַ צייט פון חורבן, ווען די וועלט זינקט אין בלוט און טרעהרען, ווילען מיר זיין די בויער און רעטער פאַר תורה!״

אַזוי־אַרום האָבען זיך די רבנים אַרויפגעהויבען צו דער הויך פון זייערע אויפגאַבען. נישט בלויז אָפּצוקומען מיט הספדים און דרשות, נור טאַקע איבער־צונעמען די לאַסט פון דער ירושה, וואָס דער גאון הדור האָט איבערגעלאָזען, זיין גרויסע און אומשטערבליכע ירושה — די ישיבות.

אויף דער רבנים־קאָנפערענץ איז געוואָרען בעשלאָסען אויסצוברייטערען און פערפעסטיגען דעם „ועד הצלה״, צו מאָביליזירען נייע כוחות פאַר דער רעטונגס־אַקציע און צו ענטפערען אויף די נויטען און פאָדערונגען פון דער ניי־געשאַפענער סיטואַציע.

טראָץ דעם, וואָס די הויכע סאָוויעטישע מאַכט־אָרגאַנען האָבען צום אָנהויב געהאַנדעלט גאַנץ פאָרזיכטיג און צוריקגעהאַלטען אין בעצוג צו די ישיבות און מען האָט זיך פאַקטיש געמאַכט „אַוועקקוקען״ פון זייער עקזיסטענץ — איז פאַר דער ישיבה׳שער וועלט געווען קלאָר, אַז דער באָדען אין ווילנע איז אַ פערשפּילטער און מען מוז וואָס שנעלער זיך ראַטעווען דורך אויסוואַנדערען און אַנטלויפען!

יאָ, — אויסוואַנדערען, אַנטלויפען, — אָבער וואוהין?

אַ נייער קאַפּיטעל פון יסורים און פּיין, אָבער צוגלייך פון מוט און גבורה האָט זיך געעפענט אין דעם הערואישען קיום־געראַנגעל פון די ישיבות.

קאַפּיטעל 5

# די ישיבות אויפ׳ן וואַנדער־וועג

דער סוד פאַרוואָס דווקא די ישיבה־לייט האָבען בעוויזען אַזוי־פיעל מוט און דרייסטקייט פאַר זעלבסט־רעטונג. — דער געלויף פון ווילנע איבער מאָסקווע און וולאַדיוואָסטאָק, ביז דעם יאַפּאַנישען טראַנזיט־האַפען אין קאָבע. — איבערראַשענדע בעגעגעניש מיט יאַפּאַנישע אידען־פריינד און דער „רעליגיעזער דיספוט״ וועגען אידענטום אין טאָקיאָ. — מוסטערהאַפטע הילפס־גרייטקייט פון אַ פערוואָרפענער אידישער קהלה און דאָס ספּעציעלע שליחות פון „ועד הצלה״ אַרויסצוראַטעווען די ישיבה׳שע פּליטים פון יאַפּאַן.

נישט איינער, ווען דער מלחמה־גורל האָט געפיהרט איבער דעם בהלה׳דיגען געלויף פון די חרוב׳ע אידישע היימען, האָט זיך אַליין געמוזט שטעלען די דאָזיגע רעטזעלהאַפטע פראַגע:

— פון וואַנען האָט זיך דווקא צו די ישיבה־לייט, דוכט זיך אַזעלכע צניעות׳דיג־צוריקגעהאַלטענע און בטלניש־אומבעהאָלפענע, פון וואַנען האָט זיך דווקא צו זיי גענומען אַזאַ מוט און אויסדויער, אַזאַ מאָס פון ריזיקע און דרייסט־קייט אויסצוקעמפען פאַר זיך אַ וועג פון רעטונג אין סאַמע שטורם פון אידישען חורבן?

דעם ריכטיגען און טרעפליכסטען ענטפער דערויף האָט אומדירעקט גע־געבען די אגודת הרבנים אין אַמעריקע, דורך דעם, וואָס זי האָט אין איינעם פון איהרע ערשטע הילפס־רופען בעצייכענט די ישיבות אַלס „די ספרי תורה פון כלל ישראל״. אָט אין דער דאָזיגער כאַראַקטעריסטיק ליגט דער ענטפער אויפ׳ן גרויסען רעטעניש. אין דער דאָזיגער בעצייכנונג איז בעהאַלטען דער מקור פון ווידערשטאַנדס־כח און פון דעם רעטונגס־לוסט פון די בעדראָהטע ישיבות; דערין איז צו זוכען די אויפקלערונג פאַר זייער גבורה׳דיגען געראַנגעל און בטחון׳דיגען הצלה־מאַרש.

יעדער איינער ישיבה־מאַן, צוגלייך דער ראש הישיבה ווי דער יונגסטער פון זיינע תלמידים, איז געוואָרען געטראָגען פונם טיעפען בעוואוסטזיין, אַז נישט סתם זיין אייגענעם לעבען לויפט ער אָפּצוראַטעווען; ניין, נישט קיין פּריוואַט פּערזענליכער ענין איז דאָס פאַר זיי געווען. פערקעהרט גאָר, ריין־פּערזענליך גענומען זענען אפשר די ישיבה־לייט געווען מעהר דערשלאָגען און ערשיטערט, מעהר בעזאָרגט און פערצווייפעלט, ווייל זיי זענען דאָך מערסטענס געווען אָפּ־געריסען פון זייערע היימען, פון זייערע עלטערען און גאַנצע משפחות. עלענדע

און איינזאַמע זענען זיי פּאַקטיש געווען. נישט מעהר, וואָס מיט זייער גייסטיגען מוט זענען זיי געווען ביכולת איבער דעם אַלעם זיך מתגבר צו זיין, און דאָס איז געשעהען דערפאַר, וואָס יעדער ישיבה־מאַן האָט זיך אָפּגעגעבען אַ חשבון דערפון, אַז ער טראָגט מיט זיך אַן אומשעצבאַרען גייסטיגען אוצר. אַ הייליגע ספר־תורה טראָגט ער מיט זיך, די תורה־פאָהן האַלט ער אין זיינע הענד, און פאַר דעם המשך און קיום פון תורה־גייסט ביים אידישען פאָלק לויפט ער, קעמפט ער צו ראַטעווען זיך!

דערפאַר איז פערשטענדליך, הלמאי די ישיבה־לייט, די יושבי־אוהל און צוריקגעצויגענע פון הויות העולם; די זעלבע, וואָס „תורתם אומנותם" און די „ד' אמות של הלכה" זענען געווען זייער גאַנצע וועלט — זיי, די ישיבה־לייט האָבען זיך גאָר אַרויסגעריסען די ערשטע און אַזוי־אַרום אויך אָפּט אויסגע־טראָטען אַ רעטונגס־וועג פאַר אַנדערע אידען, פליטים. און זיי, די בני תורה, זענען ווידער געווען די לעצטע זיך אָפּצושרעקען פאַר מכשולים און כשלונות אויפן וועג צו דער רעטונג. זיי זענען אַרויס אין וועג מיטן כח פון אמונה, און דער דאָזיגער כח האָט זיי בעגלייט אויף יעדען טריט און שריט.

ד"ר יצחק לעווין, איינער פון די יונגע, דינאַמישע רעליגיעזע פיהרער פונם פוילישען אידענטום, וואָס האָט אַליין געהאַט דורכצומאַכען און מיטצו־מאַכען דעם לאַנגען רעטונגס־מאַרש פון ווילנע קיין ניו־יאָרק, האָט אין זיינע רייזע־נאָטיצען אַרויסגעבראַכט איניגע כאַראַקטעריסטישע מאָמענטען:[1]

„אָט איז דער נייער שליאַך פון דער אידישער וואַנדערונג: דריי־פערטעל פון ערד־קוגעל, אַן ערך פון פינף־און־צוואַנציג טויזענד קילאָמעטער, דורך סיביר און דעם פּאַציפישען אָקעאַן געהט היינט דער וועג פון „ירושלים ד'ליטא" צו די וואָלקען־קראַצערס פון ניו־יאָרק, — און אויב דאָס איז מעגליך, דאַן איז דאָס דאָך דער בולט'סטער בעוויז פון דער נאָך־אַלץ אומגעהויער־שטאַרקער לעבענס־קראַפט, פון דעם אַבסאָלוט נישט־צוברעכבאַרען לעבענס־ווילען פון אונזער פאָלק — מען האָט אָנגעזאָגט דעם אידישען פאָלק, אפשר דעם גרעסטען קאַמף אין זיין געשיכטע. מען האָט מיט אַ זיכערקייט, וואָס איז דער סימן מובהק פון שטאַרקערען, בשעת ער שלאָגט זיך מיטן שוואַכערען, מודיע געווען דער וועלט, אַז נאָר איין אויסגאַנג פון דער מלחמה איז זיכער: אַז דאָס אידישע פאָלק וועט אונטערגעהען. מיר גיבען זיך נישט אונטער און מיר קאַפּיטולירען נישט פאַר קיין שום צרות, דאָס איז דער מוסר השכל פון אונזער חדשים־לאַנגער וואַנ־דערונג. מיר שרעקען זיך נישט און מיר קומען ביי אַלע שוועריגקייטען. מיר געהען אונזער וועג, זאָל ער זיין ווי־לאַנג, ווי געפעהרליך.

1) ד"ר יצחק לעווין: „חורבן אייראָפּע", ז"ז 211, 214.

„וואַנדערענדיג איבער די ימים און לענדער, האָבען מיר אויך געזעהען בעשיינפערליך די גרויסקייט פון אידישען גייסט, דעם געוואַלדיגען כח פון אונזער אייגענער אַלטער קולטור. ווען די צרות זענען שוין געווען אַזוי שטאַרק, אַז עס האָט געדראָהט דער צוזאַמענברוך און אָט — האָט זיך געדאַכט — מוז אַלץ איינפאַלען, האָבען מיר געפונען חיזוק און דערמונטערונג אין די אומשטערב־ליכע גייסטיגע ווערטען פון אידענטום. „לולא תורתך שעשועי, אז אבדתי בעניי״, — וויפיעל מאָל האָבען מיר דאָס געזעהען אַלס פשוט׳עווירקליכקייט! און אויף וואָס זאָגען אייגענטליך עדות די טויזענדער גולים פון דער תורה־וועלט, וועלכע האָבען צום וואַנדערשטאָק מיטגענומען אויפן וועג אַ ספר? זעהט מען דען נישט קלאָר, וואָס פאַר אַ לעבענס־שטאַרקענדען איינפלוס דאָס ספר האָט אויפן אידישען פאָלק?

„אין טראַנסיבירישען צוג און אויף די וואַסערען פון פּאַציפיק האָט זיך נישט איינמאָל געלאָזט הערען אַ מעלאָדיע, וועלכע האָט אוודאי געמוזט אַרויס־רופען וואונדער איבער וואונדער — ביינאַכט צי בייטאָג, פּלוצים שטיל איבער די כוואַליעס האָט זיך צוטראָגען אונזער אַלטער גמרא־ניגון, דאָס האָט דער אייביגער וואַנדערער, דער איד, זיך געטרייסט מיט זיין תורה. דאָס האָט איהם פערטראָטען זיין היים. דאָס האָט געשטילט זיין בענקשאַפט נאָך קינדער, אָדער עלטערן. דאָס האָט איהם געלאָזט אויף אַ ווילע פערגעסען זיין שרעקליכע לאַגע, זיין ביטערע נויט״.

דאָס און נאָך עפּעס. צום גרויסען מוט און בטחון פון די בני תורה איז נאָך צוגעקומען אַ זעהר וויכטיגער און אפשר טאַקע ענטשיידענדער מאָמענט, וואָס די ישיבה׳שע וועלט האָט געוואוסט, אַז זי איז נישט עלענד אין איהר גע־ראַנגעל און אַז די העכסטע רבנישע אינסטאַנצען אין אַמעריקע וועלען אַלץ טאָן צו ראַטעווען די בעדראָטע ישיבות און בני הישיבות!

די אַדרעס פון „ועד הצלה״ און פון הרב סילווער׳ן פערזענליך, איז זיי אַלעמען געווען גוט בעקאַנט. ווען די ישיבה־לייט האָבען זיך דעצידירט אויפן ריזיקאַלישען וואַנדער־וועג, איז פאַר זיי געווען קלאָר, אַז עס איז פאַרהאַן אין אַמעריקע אַן אינסטאַנץ, וואָס זאָרגט פאַר זייער רעטונג און עס איז פאַרהאַן צו וועמען צו טעלעגראַפירען און וועמען צו אַלאַרמירען; און דאָס קען ווערען דורכגעפיהרט פון יעדען פערוואָרפענעם ווינקעל אין טיעף־רוסלאַנד אָדער אַזיע.

דער מחבר פון בעקאַנטען ספר „ביכורי אביב״, דער יונגער ראש־ישיבה הרב ר׳ משה ראָטענבערג, וועלכער האָט אין דער הקדמה צו זיין דערמאָנטען ספר געשילדערט דעם בהלה־וועג פון ווילנע איבער מאָסקווע, וולאַדיוואָסטאָק,

קאָבע ביז קיין ניו־יאָרק, איז געווען צווישען די ערשטע גליקליכע אָנצוקומען אַ געראטעטער קיין אַמעריקע, און ער האָט דערצעהלט:[2]

— גלייך מיטן אַריינמאַרש פון דער רויטער אַרמיי זענען געוואָרען גע־שלאָסען די אויסלענדישע קאָנסולאַטען אין קאָוונע. בלויז דער האָלענדישער קאָנסול האָט אַרויסגעגעבען פיקטיווע וויזעס ערגעץ־וואו אין אַ קליינער האָ־לענדישער אינזעל, מיטן נאָמען קוראַסו, אין האָלענדיש וועסט־אינדיע. אַנדערע האָבען דאָך מצליח געווען צו בעקומען וויזעס קיין ארץ־ישראל. דער איינציגער וועג אַרויסצובעקומען זיך פון דער קאָמוניסטישער ממשלה האָט געפיהרט דווקא איבער מאָסקווע און גרויס־רוסלאַנד ביז דער יאַפּאַנישער גרענעץ. דורכצופאָהרען רוסלאַנד האָט מען אָבער געדאַרפט האָבען אַן אַרויספאָהר־צייגניש, „פּרעפּוסטקא״, פון דער רוסישער געהיים־פּאָליציי, וואָס האָט זיך דעמאָלס גערופען „נ. ק. וו. ד.״. זענען געווען פיעל מענשען, וואָס האָבען מורא געהאַט צו בעטען אַזאַ „פּרע־פּוסטקא״, אַז מען זאָל נישט, חלילה, בעקומען גלייך אויפן אָרט אַ פרייע וויזע קיין סיביר...

— מיר האָט אָבער אָפּגעגליקט צו טעלעגראַפירען בעצייטענס צו הרב סילווער קיין אַמעריקע, און היות ווי רבי חיים עוזר זצ״ל האָט אויך פאַר מיר ממליץ געווען, בין איך געווען פון די סאַמע גליקליכסטע צו בעקומען אַן ענטפער־טעלעגראַם קיין ווילנע, אַז עס איז פאַר מיר געוואָרען אַרויסגעשיקט אַן אַמעריקאַנישע וויזע קיין מאָסקווע. איך האָב זיך נישט געפוילט צו פאָהרען קיין מאָסקווע. נאָר דאָרט האָט דער אַמעריקאַנער דיפּלאָמאַטישער פאָרשטעהער מיר צום ערשט געענטפערט, אַז ער פערנעמט זיך נישט מיט קיין קאָנסולאַרע פונקציעס. דערויף האָב איך איהם געוויזען די טעלעגראַמע פון הרב סילווער, און דאָס האָט געווירקט אַז איך זאָל בעקומען די אַמעריקאַנישע וויזע אויפן אָרט און שטעל.

— פון מאָסקווע בין איך געפאָהרען 3 מעת־לעת מיטן טראַנסיבירער עקספּרעס, ביז וולאַדיוואָסטאָק. דערנאָך בין איך איבערגעפאָהרען מיט אַ קליינער יאַפּאַנישער שיפעל צום פּאָרט סאַראָגע, אויף דער יאַפּאַנישער גרענעץ. די יאַפּאַנער האָבען פערלאַנגט פון מיר די סומע פון 60 דאָלאַר אין מזומן געלד; איך האָב טעלעגראַפירט צו הרב סילווער, און דאָס געלד זאָפאָרט בעקומען צוגעשיקט טעלעגראַפיש, אויך פאַר נאָך אַנדערע פליטים וועלכע האָבען זיך געפונען מיט מיר צוזאַמען.

— פון סאַראָגע זענען מיר געפאָהרען ביז קאָבע, אַ גרויסער יאַפּאַנישער טראַנזיט האַפען, פון וואַנען עס פלעגען נאָרמאַל קורסירען שיפען קיין אַמעריקע.

2) לויט אַ פּערזענליכען ראַפּאָרט פון הרב ראָטענבערג.

ווידער האָב איך געשיקט טעלעגראַמעס צו הרב סילווער, און גאַנץ שנעל האָב איך דערהאַלטען אַ שיפס־קאַרטע צו פאָהרען מיט דער אַמעריקאַנער שיף, „פּרעזידענט טעפט״. ווי נאָר איך בין בשלום אָנגעקומען קיין אַמעריקע, בין איך אַריבערגעפאָהרען קיין סינסינעטי צו זעהען הרב סילווער און זאָגען איהם אַ „יישר כח״...

די ספּעציפישע ראַנגלענישען פון די ראשי הישיבות, ווען זיי האָבען גענומען זיך גרייטען אין ווייטען וואַנדער־וועג, זענען געוואָרען אונטערגע־שטראָכען אין אַן אַנדערן בעריכט פון אַן עד־ראיה, הרב אַמסטערדאַמסקי:[3]

„די לאַגע איז געוואָרען ערגער פון טאָג צו טאָג. ווער עס האָט געהאַט זיך פערזאָרגט מיט עפּעס אַ וויזע, אין וועלכען לאַנד עס זאָל נישט זיין, אָדער ערגעץ־וואו אויף אַ וויסט אינזעל, האָט נאָך געהאַט אַ שטיקעל האָפנונג זיך אַרויסצובעקומען. ערגער איז געווען די לאַגע פאַר די מענשען וועלכע האָבען נישט געהאַט קיין שום האָפנונג אויף אַ וויזע. די קאָנסולאַטען זענען אַלע גע־וואָרען געשלאָסען. און די פּליטים זענען געווען פערזאָרגט, און וואָס וועלען זיי שוין קענען אויפטאָן מיט אַ וויזע אין האַנד, אַז מען דאַרף דערצו האָבען אַ „פּרעפּוסטקא״ אַרויסצופאָהרען? — ספּעציעל האָבען דערפאַר מורא געהאַט די אַריבערגעלאָפענע פון סאָוויעטיש־אָקופּירטען מזרח־טייל פון פּוילען. די דאָ־זיגע וועלען דאָך געוויס נישט בעקומען קיין ערלויבענישען צו פערלאָזען רוס־לאַנד, און זיי וועלען נאָך זיין די ערשטע קאַנדידאַטען פערשיקט צו ווערען קיין סיביר... נאָך ערגער האָט אויסגעזעהען דער מצב פון די רבנים און ראשי הישיבות, ווי אויך ישיבה־לייט וועלכע זענען דאָך מערסטענס געהאַט אַריבערגעלאָפען פון יענער זייט מזרח־פּוילען. — דאָך האָבען זיך געפונען פיעל ישיבה־לייט, וואָס האָבען אַרויסגענומען זייערע וויזעס, טראָץ אַלע ספקות און חששות, ווייל אויב זיי זאָלען דאָ נישט האָבען די מעגליכקייט עוסק צו זיין אין לערנען תורה, איז זיי סיי־ווי אַלץ איינס...״

ווי געזאָגט, איז דער איינציגער וועג זיך צו ראַטעווען פון רוסישער אָקופּאַציע געווען דאָס אַריבערכאַפּען זיך אויף דער אַזיאַטישער טעריטאָריע קיין יאַפּאַן. יאַפּאַן גופא, טאָר מען אָבער דערביי נישט פערגעסען, איז געווען אַ טרייע פערבינדעטע פון נאַציסטישען דייטשלאַנד; האָט דאָס דאָך פּאַקטיש געקענט מיינען, צו אַנטלויפען פון איין פּאַסטקע אין דער אַנדערער...

און דאָ קומט טאַקע אַרויס בולט דער נייער הצלה־נס פון יאַפּאַן. דער נס האָט זיך אָנגעפאַנגען אין דער פּאָרט־שטאָדט, קאָבע, און האָט זיך דערנאָך געצויגען ביז קיין שאַנכאַי, דעם בעריהמטען אינטערנאַציאָנאַלען האַפען, וואָס איז געוואָרען פערכאַפּט דורך די קריגערישע יאַפּאַנעזער.

---

3) „הפרדס״, ניסן, תש״א.

צו יענעם מאָמענט איז נאָך יאַפּאַן אפילו נישט געווען קיין אָפיציעלער צד אין דער מלחמה, און יאַפּאַן האָט זיך געמוזט רעכענען מיט דער עפנטליכער מיינונג אין אַמעריקע. פון דער אַנדערער זייט אָבער האָבן די יאַפּאַנישע פּאַרטען געשוויבעלט מיט נאַצישע שפּיאָנען און דער דייטשער קאָנסול פון קאָבע האָט באַלד אין אָנהויב גענומען קוקען מיט אַ קרום אויג אויף די אידישע פּליטים, וואָס זוכען דאָרט אַ רעטונג. און דאָ האָבן זיך אומדערוואַרטעט אַרויסגערוקט איניגע יאַפּאַנישע אידען־פריינד, מיט דעם יאַפּאַנישען פּראָפעסאָר און העברעאיש־קענער, קאָטוזשע, בראש.

דער ערשטער, וואָס האָט דערצעהלט אין דער אידישער עפנטליכקייט וועגען די דאָזיגע יאַפּאַנישע אידען־פריינד איז געווען דער בעקאַנטער לאָמזער רב און אָנערקענטער ראש ישיבה, הרב משה שאַצקעס. נאָך זיין גליקליכען אָנקומען קיין אַמעריקע איז אין דער אידישער פּרעסע געוואָרען בעשריבען די גאַנצע סענסאַציאָנעלע געשיכטע, בזה הלשון:[4]

„דעם לאָמזער רב, הרב ר׳ משה שאַצקעס, האָט זיך זיכער ניט געחלומ׳ט, אַז ער וועט אַמאָל זיצען אין טאָקיאָ, אין קלוב פון די פּלאָט־אָפיצירען, און דאָרט פיהרען אַ שמועס מיט פּאַרשטעהער פון דער יאַפּאַנעזישער רעגירונג און הויכע מיליטער־לייט וועגען וועזען פון דער אידישער רעליגיע. ווען וואָלט עס יאָ געקענט איינפאַלען, אַ חוץ אונזער אומפּערגלייכליך־משונה׳דיגער צייט?!

„און דער שמועס איז ניט געווען אויף איין פוס. גאַנצע זעקס און אַ האַלבע שעה איז מען געזעסען און גערעדט וועגען די עיקרים פון דער תורה, דעם אידישען קוק אויף שלום און מלחמה, די אידישע פיהרונגען אין אַמאָליגען ארץ־ישראל, און מ׳האָט זיך געגריבעלט אין סאַמע תוך פון אידישקייט. דאָרט האָבן זיך בעגעגענט צוויי ווייטע וועלטען, וואָס האָבן זיך געוואָלט דערקענען.

„פון איין זייט זענען געזעסען אין זייערע יאַרמעלקעס און אַטלאַסענע כאַלאַטען דער לאָמזער רב, דער אַמשינאָווער רבי, און אַ רבינ׳ס אַ זוהן. פון דער צווייטער זייט זענען געזעסען אַ יאַפּאַנישער פּלאָט־קאַפּיטאַן, אַ פּראָפעסאָר פון טעאָלאָגיע אין טאָקיער אוניווערזיטעט און עטליכע הויכע יאַפּאַנישע קאַבינעט־בעאַמטע. די יאַפּאַנער האָבן געפרעגט און די אידען האָבן געענטפערט. דער לאָמזער רב האָט גערעדט דייטש און דער יאַפּאַנישער פּראָפעסאָר האָט דאָס איבערגעזעצט פאַר זיינע קאָלעגען אין זייער לשון.

„ווי אַזוי קומט דער לאָמזער רב אין טאָקיאָ? נו, און ווי אַזוי קומט עס, אַז אין קאָבע, די יאַפּאַנישע פּאָרט־שטאָדט, זאָלען איצט זיצען, צווישען בערג, צוויי־הונדערט ישיבה־בחורים און לערנען תורה? און ווי קומט עס, אַז

---

4) זכריה שוסטער אין „טאָג״, אויגוסט 1, 1941.

אין דער זעלבער פערוואָרפענער שטאָדט, וואו עס זענען ביז־איצט געווען בלויז 22 אידישע פאַמיליעס, זאָלען זיך איצט געפינען גאַנצע 1,300 אידישע פליטים? און עס האַלט שוין ביים פרעגען, ווי קומט עס, אַז די יאַפּאַנישע רעגירונג, היטלער׳ס שותף אין אַזיע, זאָל זיך בעציהען צו די אידישע פליטים אויף גאָר אַן אָנשטענדיגען אופן? און ווער וואָלט זיך געריכט, אַז צווי יאַפּאַנער, אַ קאַפּיטאַן און אַ פּראָפעסאָר, זאָלען זיין גאָר גרויסע אוהבי ישראל און אַוועק־געבען אַלע זייערע כוחות צו ראַטעווען אידישע פליטים און באמת ליב האָבען אַלץ וואָס האָט צו טאָן מיט אידישקייט?

„דער לאָמזער רב קען זיך גאָרניט אָפּוואונדערען פון קאַפּיטאַן פוגעמאַטשי און פּראָפעסאָר קאָטוזשע, וועלכע האָבען זיך מתקרב געווען צו די רוסישע און פּוילישע אידען אין קאָבע און זיי זעהען ווי ווייט מעגליך צו מאַכען בעקוועם דאָס לעבען פאַר די פליטים... זיי קומען אָפט פון טאָקיאָ קיין קאָבע און רעדען מיט די אידישע כלל־טהוער און ישיבה־לייט; זיי בעמיהען זיך ביי דער רעגירונג פאַר די דורכוואַנדערענדיגע אידען; זיי זענען גאָר פשוט חסידי אומות העולם. דער פּראָפעסאָר האָט אפילו איבערזעצט דעם תנ״ך אויף יאַפּאַניש און פערשטעהט אַ סך העברעאישע ווערטער...

„דער לאָמזער רב קען זיך ניט אָפּלויבען פון די קאָבער אידען, וועלכע שטאַמען מערסטענס פון רוסלאַנד. די 22 אידישע פאַמיליעס דאָרט טראָגען אויף זיך די לאַסט צו העלפען הונדערטער און הונדערטער דורכפאָהרענדע אידען. די קאָנפערענץ, וואָס איז געוואָרען אָפּגעהאַלטען אין טאָקיאָ האָט טאַקע געהאַט אַ שייכות מיט דעם גורל פון די אידען, וואָס האָבען זיך פערוואַלגערט אין יאַפּאַן. די יאַפּאַנער האָבען געוואָלט וויסען, ווער אידען זענען, אין וואָס גלויבען זיי, פון וואַנען שטאַמען זיי״...

איינער פון די אָנטיילנעמער אין דאָזיגען אויסטערלישען דיספּוט מיט די יאַפּאַנישע פאָרשטעהער איז געווען הרב שלמה שאַפּירא פון קראָקע, אַן איידעם פון בעריהמטען לעצטען קראָקאָווער רב, הרב ר׳ נחמיה קאָרניצער ז״ל. אין דערמאָנטען פּרעסע־בעריכט ווערט דער דאָזיגער אָנטיילנעמער בלויז אַנאָנים בעצייכענט אַלס „אַ רבינ׳ס אַ זוהן״. הרב שאַפּירא׳ס דערגענצונגען סיי וועגען דעם גאַנג פון מאַרשרוט פון ווילנע קיין קאָבע, זענען גאַנץ אינטערעסאַנט: [5]

— אין דער ערשטער צייט איז דאָס אַרויספאָהרען פון ווילנע נישט גע־ווען פערבונדען מיט קיין בעזונדערע שוועריגקייטען. עס איז געווען גענוג צו בעווייזען אַ וויזע־סטעמפּעל אויפן פּאַס, און מען האָט בעקומען אַ רעכט אַרויס־צופאָהרען. עס זענען געוואָרען פערצייכענט גענוג קוריאָזען מיט פיקטיווע וויזעס.

5) לויט אַ פּערזענליכען ראַפּאָרט פון הרב שאַפּירא.



TREASURY DEPARTMENT
WASHINGTON 25

MAR 1 1945

License No. W-2426

Dear Sirs:

FINAL NOTICE
DEPARTMENT OF STATE
WASHINGTON



February 23, 1945.

In reply refer to
~~DA-D~~ BF-D
811.111 Refugees/1323

FINAL NOTICE
DEPARTMENT OF STATE
WASHINGTON



In reply r...
~~DA-D~~ B...
811.111 R...

CABLE OR RADIO TRANSFER
The Public National Bank and Trust Company of New York
FOREIGN DEPARTMENT

CUSTOMER'S RECEIPT

PAYMENT SUBJECT TO APPROVAL OF MAIN BRANCH

MARCH 10 1945

FOR REMITTANCE TO CREDIT SUISSE BERN — Amount Swfcs. 1,000,000.

Treas. Dept. Lic. W-2426

for a/c Isaac Sternbuch, c/o Hijefs, Montreaux, representative in Switzerland of Vaad Hahatzala Emergency Committee, and Roswell D. McClelland, rep. War Refugee Board in Switzerland

| | |
|---|---|
| Rate .2332 | $ 233,200. |
| Commission | $ 36. |
| Cable or Radio Charge | $ 18. |
| Total | $ 233,254. |

Amount One Million Swiss Francs - - - - - - - - - -
(Repeat in words amount to be paid)

Purchaser VAAD HAHATZALA EMERGENCY COMMITTEE
Address 132 NASSAU STREET, NEW YORK, 7, N.Y.

THE PUBLIC NATIONAL BANK AND TRUST COMPANY OF NEW YORK
By J. Lubach

THIS TRANSFER IS SUBJECT TO THE CONDITIONS PRINTED ON THE REVERSE SIDE HEREOF

CABLE OR RADIO TRANSFER
The Public National Bank and Trust Company of New York
FOREIGN DEPARTMENT

CUSTOMER'S RECEIPT

...TO APPROVAL OF MAIN BRANCH

MARCH 19 1945

...MITTANCE TO CREDIT SUISSE BERN — Amount Swfcs. 3,018,010.29

for a/c Isaac Sternbuch, c/o Hijefs, Montreaux, representative in Switzerland of Vaad Hahatzala Emergency Committee, and Roswell D. McClelland, rep. War Refugee Board in Switzerland

| | |
|---|---|
| Rate | $ 703,800. |
| Commission | $ 109. |
| Cable or Radio Charge | $ 14. |
| Total | $ 703,923. |

Three Million, Eighteen Thousand Ten &29/100 SWISS FRANCS
(Repeat in words amount to be paid)

Purchaser VAAD HAHATZALA EMERGENCY COMMITTEE
Address 132 Nassau Street, New York, 7, N.Y.

THE PUBLIC NATIONAL BANK AND TRUST COMPANY OF NEW YORK
By J. Lubach

THIS TRANSFER IS SUBJECT TO THE CONDITIONS PRINTED ON THE REVERSE SIDE HEREOF

For the Secretary of State:

~~D. W. Corrick,~~
~~Chief, Division of Accounts~~
Assistant Chief, Accounts Branch,
Division of Budget and Finance.

אַזוי למשל, האָט דער האָלענדישער קאָנסול אין קאָוונע געלעגט אויף די פּעסער אַ סטעמפּעלע אין האָלענדיש, אַז „קיין קוראַסאָ איז נישט נויטיג קיין אַריינפאָהר־וויזע". דאָס איז געווען נישט מעהר ווי אַן אויגען־פּערבלענדעניש, ווייל דווקא אין דאָזיגען האָלענדישען אינזעל האָט זיך געפאָדערט אַ ספּעציעלע ערלויבעניש פון דאָרטיגען גאָווערנאָר און קיין געוועהנליכע וויזע האָט גאָרניט געהאָלפען...
עס איז אָבער געוועזן גענוג געווען אַזאַ שטייגער סטעמפּעלע אויף אַרויסצובעקומען אַ יאַפּאַנישע טראַנזיט־וויזע, און פיעל פּליטים זענען אַ דאַנק דעם דערפאָהרען ביז יאַפּאַן.

— די ישיבה־לייט זענען אָבער געווען אין אַ מעהר האָפנונגספולער לאַגע. די כסדר׳דיגע אינטערווענצען פון „ועד הצלה" אין אַמעריקע ביי די העכערע אינסטאַנצען אין וואַשינגטאָן האָבען זיך געלאָזען אויסווירקען אויך אין דערוויטענס. ספּעציעל אין מאָסקווע האָט די אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדע זיך בעצויגען העכסט פריינדליך צו די ראשי הישיבות און רעליגיעזע עסקנים, וועמענס נעמען עס האָבען פיגורירט אויף ספּעציעל־רעקאָמענדירטע רשימות פון וואַשינגטאָן, כדי צו בעקומען „דרינגענדע טוריסטען־וויזעס". דער אַמערי־קאַנער פאָרשטעהער אין מאָסקווע איז דאַן געווען שטיינהאַרדט, און זיין פּער־זענליכע גינסטיגע שטעלונג צו דער פראַגע האָט זיך געלאָזען פיהלען. ווען די רבנים און רעליגיעזע פאָרשטעהער האָבען זיך אָפּגעזאָגט אונטערצושרייבען די וויזעס אום שבת, האָט דער אַמעריקאַנער פערטרעטער אַרויסגעגעבען אַ דרינגענדען בעפעהל צו עפענען דעם אָפּיס אום זונטאָג און שנעל אָפּצוליפערען די רבנישע וויזעס קיין אַמעריקע.

— נאָכ׳ן אָנקומען קיין קאָבע זענען אָבער אַרויסגעשוואומען נייע גרויסע שוועריגקייטען און אפילו בעשווערונגען מצד דעם דאָרטיגען אַמעריקאַנישען קאָנסול; און עס האָבען זיך געפאָדערט נייע אומאויפהערליכע אינטערווענצען מצד דעם „ועד הצלה" אין וואַשינגטאָן, און דאָס האָט געפאָדערט צייט.

דערוויל איז קאָבע געוואָרען אַ לענגערער אויפענטהאַלטס־פּונקט און נישט בלויז אַ טראַנזיט־סטאַציע פאַר די אידישע פּליטים, און די ישיבה־לייט צווישען זיי. די קליינע אידישע קהלה האָט אַלץ געטאָן צו לינדערען די נויט און בע־דערפנישען פון די עלענדע וואָגלער, וועלכע זענען געבליבען שטעקען אין מיטען וועג. בעזונדערס האָט זיך אויסגעצייכענט מיט זיין ברייט־האַרציגקייט דער ראש הקהל פון קאָבע, מר. פּאָנעווסקי. צו יענער צייט האָט דער ראש הקהל פון קאָבע אַליין אונטערגענומען אַ רייזע קיין אַמעריקע. דער „ועד הצלה" האָט אויסגענוצט די געלעגענהייט און געגעבען אַ ספּעציעלען קבלת־פּנים פאַרן אידישען פאָרשטעהער פון קאָבע:

„אין דער אויפנאַהמע האָבען זיך בעטייליגט די אָנגעזעהענסטע רבנים

און מנהיגים פון רעליגיעזען אידענטום אין אַמעריקע, הרב לעווינטאַהל, הרב ראָזענבערג, הרב סילווער, ווי אויך הרב לעווינסאָן, הרב זאב גאָלד, הרב זאַקס פון ישיבת חפץ חיים אין ראַדון, הרב גאָרדאָן פון דער לאָמזער ישיבה, הרב כ״ץ פון טעלזער ישיבה, הרב קאַלמאַנאָוויץ פון מירער ישיבה, הרב דוד לייב סילווער פון האַריסבורג, מר. אלימלך טרעס, נשיא פון „צעירי אגודת ישראל״ און מר. פ. ניומאַן — דער שליח פון „ועד הצלה״ אין יאַפּאַן.

„די רבנים האָבען געוויינט, ווען זיי האָבען זיך צוגעהערט צום טרויעריגען באריכט פון מר. פּאָנעווסקי וועגען דעם מצב פון די פליטים אין יאַפּאַן און אין שאַנכאַי, צווישען זיי הונדערטער רבנים, ראשי ישיבות, בני תורה און תלמידי הישיבות — עס זענען אָבער אויך געוואָרען געהערט ווערטער פון טרייסט און דערמוטיגונג, אַז אין קאָבע זענען די דאָרטיגע קליינע צאָהל אידען ממש זיך מוסר נפש צו העלפען די פליטים מיט וואָס עס איז מעגליך.

הרב סילווער האָט פאַרגעשלאָגען דעם הרב זאב גאָלד אַלס יושב־ראש פון דער מסיבה. הרב סילווער האָט זיך אָפּגעשטעלט אויפן דאָזיגען נס, אַז אין דער גרויסער מדבר, יאַפּאַן, האָבען זיך אָפּגערופען אידישע גואלים, וואָס זענען זיך מוסר נפש פאַר תורה און הצלה, און ער האָט געדאַנקט דעם אָנוועזענדען ראש הקהל פון קאָבע און פערזיכערט, אַז אַמעריקאַנער אידען וועלען אַלץ טאָן אַרויסצוראַטעווען די בני תורה פון זייער קלעם און אַריבערברענגען זיי קיין אַמעריקע״.

די געשעהענישען אויפן אַלגעמיינעם מלחמה־פראָנט זענען דערווייל געלאָפען מיט אַ געפעהרליכען אימפעט. עס האָט זיך דערנעהנטערט די שעה פון יאַפּאַנ׳ס פערברעכערישען געהיים־פּלאַנירטען איבערפאַל אויף פּוירל האַרבאָר. די יאַפּאַנישע רעגירונגס־אינסטאַנצען האָבען פערשאַרפט זייער שטעלונג צו די אידישע פליטים, פערשטעקטע אין מיטען וועג. דער באָדען פאַר די וואָגלענדע אידען האָט גענומען ברענען אונטער די פיס, און דער „ועד הצלה״ האָט גענומען קלאַפּען אין דעם טויער פון אַלע רעטונגס־אַקציעס — וואַשינגטאָן.

קאַפּיטעל 6

# וואַשינגטאָן — דער שליסעל צו רעטונג

אַמעריקע, אַלס „נישט־קריגערישער צד" האָט אָפענע טויערען פאַר פּליטים־רעטונג אין די ערשטע מלחמה־יאָהרען. — ווי אַזוי די „צעירי אגודת ישראל" האָבען אַרויסבעקומען די ערשטע „אַזיל־וויזעס" פאַר די גדולי התורה אין אייראָפּע. — די ראָל פון דזשעימס מעקדאָנאַלד און די הילף פון סענאַטאָר טעפּט. — די אַמעריקאַנישע קאָנסולען מאַכען בעשווערונגען און הרב סילווער רופט צו דעמאָנסטרירען קיין וואַשינגטאָן.

דאָס איז פון אָנהויב־אָן פאַר קיינעם נישט געווען קיין סוד, אַז דער שליסעל צו יעטוועדער ערנסטער און ממשות׳דיגער הצלה־אַקציע ליגט פּאַקטיש אין וואַשינגטאָן. דערויף האָבען געווירקט צוויי הויפּט־סיבות. ערשטענס איז דאָך דאָס געווען מלחמה־צייט, ווען יעדע רעטונגס־אַרבעט איז אָפט גיכער אָפּהענגיג פון גינסטיגע פּאָליטישע בעדינגונגען ווי פון געהעריגע געלד־מיטלען; און שוין דאַמאָלס איז אַמעריקע געווען דער פּאַקטישער טאָן־געבער און דעה־זאָגער אין דער וועלט, וואָס אַזוי איהרע פריינד און פערבינדעטע ווי צוגלייך איהרע געגנער און שונאים, האָבען זיך גערעכענט מיט איהר מיינונג. צווייטענס, זענען דאָך די פעראייניגטע שטאַטען פון אַמעריקע געוואָרען אָפּיציעל בעטראַכט במשך די ערשטע 2 מלחמה־יאָהרען אין אייראָפּע (פון 1־טען סעפּטעמבער, 1939 ביז דעם 7־טען דעצעמבער 1941) אַלס נישט־קריגערישער צד; די אַמע־ריקאַנישע דיפּלאָמאַטישע׳ פערטרעטער, איינשליסענדיג די קאָנסולען, זענען דורך דעם דאָזיגען פעריאָד געזיצען אין אַלע קריגס־פיהרענדע אייראָפּעאישע לענדער און די טויערען פון אַמעריקע זענען פּאַקטיש געווען אָפען פאַר מלחמה־פּליטים, טראָץ די אומגעהויערע רייזע־בעשווערונגען צוליב די קריגס־אָפּעראַציעס אויף די ימים און אין דער לופטען.

צוליב דעם וועט גאָרנישט זיין איבערגעטריבען צו זאָגען, אַז דער שליסעל צו אידישער רעטונג, אַזוי אין ברייטערען הויך־דיפּלאָמאַטישען אומפאַנג ווי אויך אין בעגרעניצטען אינדיווידועלען מאָסשטאַב (דאָס מיינט פשוט: אַזיל־וויזעס פאַר אויסדערוועהלטע יחידים) איז געלעגען אין די הענד פון וואַשינגטאָן.

קורץ און בינדיג: די שטעלונג פון די רעגירונגס־קרייזען אין וואַשינגטאָן און בפרט די מיינונג פון „ווייסען הויז" אין געווען אַבסאָלוט־ענטשיידענדיג אין

אַלע אונטערגענומענע דיפּלאָמאַטישע אַקציעס און קאָנקרעטע מעשים אויפן געביט פון דער אידישער רעטונג, דורך אַלע פערשידענע עטאַפּען פון נאַצישען פערניכטונגס־קריג קעגען דעם אייראָפּעאישען אידענטום. אויף וויפיעל עס איז געלונגען צו בעאיינפלוסען וואַשינגטאָן אין דער ריכטונג פון עפּעס טאָן אויף ראַטעווען אידען — איז עפּעס וואָס געשעהען אויפן געביט פון דער ממשות׳דיגער הצלה; און אויף וויפיעל די הערשענדע מאַכט און אָרגאַנען זענען געבליבען קאַלט און גלייכגילטיג צום גורל פון די פערפּייניגטע אידען — זענען די גרויס־צוגיגע הצלה־פּרואוון דורכגעפאַלען און אַלע געוואַגטע אונטערנעמונגען האָבען זיך אויסגעלאָזען מיט די סאַמע ביטערסטע ענטוישונגען.

דאָס נעמליכע איז שייך צו זאָגען וועגען אַלע אונטערגענומענע אַקציעס פון „ועד הצלה״ אין אַמעריקע, אין דעם ערשטען פעריאָד פון אַרויסראַטעווען די ראשי הישיבות און בני־תורה פון דער מלחמה־צופלאַקערטער אייראָפּע.

און אויב די דאָזיגע היסטאָריש־דערהויבענע און היסטאָריש־ווירקזאַמע אונטערנעמונג אַרויסצוראַטעווען די גדולי התורה פון גיהינום־פייער אַרויס איז טאַקע טיילוויז געלונגען — איז דאָס געוואָרען דערמעגליכט אַ דאַנק דעם, וואָס עס איז רעכטצייטיג געוואָרען געפונען אַ וועג צום ברענגען עטוואָס אין בעוועגונג דעם רעטונגס־שליסעל אין וואַשינגטאָן. דער זכות פון די ערשטע, וועלכע האָבען מצליח געווען צו קומען אין קאָנטאַקט מיט וואַשינגטאָן לטובת דער הצלה־אַרבעט, און דאָס טאַקע ביים סאַמע אָנהויב פון דער מלחמה אין אייראָפּע — געהער צו „צעירי אגודת ישראל״ אין אַמעריקע.

די געבענשטע און דערפאָלגרייכע הצלה־אַרבעט פון „צעירי אגודת ישראל״ איז געוואָרען געפיהרט אין דער שטיל, און בשעתו האָט מען זעהר ווייניג דער־צעהלט דערוועגען אין דער עפענטליכקייט. ערשט אייניגע יאָהר שפּעטער, ווען די אידישע עפענטליכקייט אין אַמעריקע איז געוואָרען מאָביליזירט דורכ׳ן „ועד הצלה״ צו דער ברייט־פערמאָסטענער רעטונגס־אַרבעט אַריבערצוברענגען קיין אַמעריקע טויזענדער יונגע ישיבה־לייט, וועלכע זענען געבליבען שטעקען אין יאַפּאַן אין מיטען פון זייער העלדענמוטיגען וואַנדער־וועג — ערשט דאַן האָט מען זיך דערוואוסט וועגען דער ענטשיידענדער ראָל פון „צעירי אגודת ישראל״ אין דער דאָזיגער אַקציע. די לייטונג פון אגודת הרבנים אין אַמעריקע האָט פערעפענטליכט אַ ספּעציעלען אַנערקענונגס־בריף פון אַ קורץ־אָנדייטענדען, אָבער פיעל־זאָגענדען אינהאַלט:[1]

„אַ וואַרימע ברכה צו די „צעירי אגודת ישראל״ פאַר זייערע גרויסע און דערהאַבענע מעשים ביים העלפען דעם „ועד הצלה״ צו ראַטעווען די רבנים,

---

1) „הפרדס״, שבט, תש״א, ז׳ 19.

ראשי־ישיבות און תלמידי הישיבות פון די בלוטיגע לענדער. זאָלען זיי ווערען געבענשט מיט די אַלע ברכות, וואָס זענען צוגעזאָגט אין דער תורה״.

(אונטערגעשריבען)

**אגודת הרבנים דארצות הברית וקנדה,**
**„ועד ההצלה״.**

גלייכצייטיג דערמיט האָט הרב סילווער, אַלס נשיא פון „ועד הצלה״, געפונען פאַר נויטיג אַרויסצוהויבען די רוהמפולע טעטיגקייט פון „צעירי אגודת ישראל״ אין אַמעריקע, און דערביי אויך עפענטליך אונטערצושטרייכען דעם כאַראַקטער פון זייערע לייסטונגען:[2])

„איך דריק בעזונדערס אויס מיין ברכה פון טיפען האַרצען צו די „צעירי אגודת ישראל״ פאַר זייער גרויסע מסירת־הנפש פאַר הצלת התורה, צו ראַטעווען אונזערע רבנים און גאונים, די ראשי הישיבות און זייערע תלמידים. ווער נאָך ווי איך וויס די גרויסקייט פון זייער אַרבעט, אַז ממש טאָג און נאַכט זענען זיי אַריינגעטאָן אין דער הצלה־אַקציע, שטעהען אויף וואַך אין וואַשינגטאָן. אין זכות פון דערהאַלטען אידישע לעבענס און אין זכות פון ראַטעווען די הייליגע תורה זאָלען זיי מצליח זיין אין אַלע זייערע מעשים און דער זכות התורה זאָל אויף זיי מגין זיין אין אַלע זייערע שריט״.

(אונטערגעשריבען)

**אליעזר סילווער,**
יו״ר הנשיאות לועד ההצלה.

אַ קורצע צייט דערנאָך איז דערשינען אין רבנישען זשורנאַל „הפרדס״, אַ קורצע שילדערונג איבער דער טעטיגקייט פון „צעירי אגודת ישראל״ אין אַמעריקע, פון וועלכער עס האָט זיך בעקומען אַ פולער בעגריף איבער דעם אומגעהויערען פערנעם פון זייער הצלה־אַרבעט.

— „זייער אָפיס איז אָפען פון 8 אַזייגער פריה ביז שפעט אין דער נאַכט. מען אַרבעט דאָרט טאָג און נאַכט, נישט מיד צו ווערען. השי״ת האָט זיי געגעבען חן און חסד ביי די הויכע שרים פון דער מדינה. זיי קומען אָן קיין וואַשינגטאָן, האָבען אָפטע קאָנפערענצען יעדע וואָך מיט די פיהרער פון סטעיט דעפּאַרטאַמענט און עס איז זיי געלונגען צו בעקומען וויזעס פאַר 400 פּערזאָן, דערונטער די רבנים וגאונים, די צדיקים און גדולי הדור, תלמידי־חכמים און אָנפיהרער

2) דאָרט.
3) דאָרט, סיון, תש״א, ז׳ 28.

פון קהלות. זיי אַליין בעטראַכטען דאָס אַלס גרויסען נס, וואָס זיי האָבען מצליח געווען אַרויסצובעקומען די דאָזיגע עקסטראַ־וויזעס. אין דער לעצטער צייט זענען אָנגעקומען קיין אַמעריקע: רבי אהרן קאָטלער, רבי ראובן גראָזאָווסקי, רבי מענדל זאַקס, הרב יפה׳ן, ד״ר יצחק לעווין, רש״ז לוואָוויץ, ר׳ שבתי פרענקעל, ר״מ ראָטענבערג און אַנדערע און דאָס אַלץ אַ דאַנק די ספּעציעל־אָנערקענטע וויזעס. פיעל אַנדערע, וועלכע האָבען שוין דערהאַלטען זייערע וויזעס וואַרטען אין יאַפּאַן אויף די שיפען, וואָס זאָלען זיי אַריבערפיהרען קיין אַמעריקע.

„מען קען זיך פאָרשטעלען ווי גרויס און פעראַנטוואָרטליך עס איז זייער דאָזיגער אַרבעט, און אַלץ ווערט געטאָן אָהן שום אָפּצאָהל. זיי אַליין בעטראַכטען דאָס פאַר אַ זכיה, וואָס השי״ת האָט זיי אויסגעוועהלט צו קענען העלפען די אומגליקליכע ברידער אין עמק הבכא. און דאָס איז ממש אַ וואונדער, וואָס צו זיי, געבוירענע אין אַמעריקע, איז געקומען אַזאַ התעוררות פון הימעל. זיי רוהען נישט און שוויגען נישט. זיי פאָהרען כסדר קיין וואַשינגטאָן און האַלטען אָן דעם קאָנטאַקט מיט די סענאַטאָרען, קאָנגרעס־מענער, מיט די אָנפיהרער פון סטעיט־דעפּאַרטאַמענט און זוכען אַלץ עצות ווי אַזוי אַרויסצוראַטעווען די פליטים פון ליטע און יאַפּאַן. זייער אַרבעט איז שוין בעקאַנט געוואָרען איבער גאַנץ אַמעריקע און ספּעציעל איבער אַלע טיילען פון אייראָפּע. הונדערטער און טויזענדער בריף דערגעהען צו זיי יעדען טאָג, מיט בקשות נאָך הילף. איצטער זענען זיי פערנומען מיט איינשאַפען עפידעיוויטס און דאָס איבערשיקען פאַר די פליטים אין ליטע און יאַפּאַן. זיי פאָרשען אויס און זוכען־אָפּ די קרובים פון די פליטים, וואָס וואוינען דאָ, אין אַמעריקע און פערלאַנגען פון זיי די נויטיגע עפידעיוויטס. און זיי שיקען דאָס גלייך איבער צו די בעטרעפענדע קאָנסולען, אין יעדען פלאַץ, דאָרטען וואו דער פליט געפינט זיך. — אין שפּיץ פון דער דאָזיגער אַרבעט שטעהט מר. אלימלך טרעס, דער פרעזידענט פון „צעירי אגודת ישראל״ אין אַמעריקע. — פיעל אַרבעט איז אויך געוואָרען אָפּגעטאָן דורך זיי ביים איבערשיקען שפּייז־פּאַקעטען צו די פליטים אין פערשידענע לענדער. — אין לעצטען יאָהר, צוזאַמען מיטן פריהערדיגען יאָהר האָבען זיי איבערגעשיקט אַמעריקאַנער וויזעס צו 421 פערזאָן און נאָך 500 פערזאָן וואַרטען צו בעקומען וויזעס גאָר שנעל״.

אין דערמאָנטען בעריכט איז ספּעציעל געוואָרען אונטערגעשטראָכען דער נאָמען פון דאַמאָלסדיגען פרעזידענט פון „צעירי אגודת ישראל״, מר. אלימלך טרעס. און אָט איז טשעקאַווע צו דערמאָנען, אַז ביי אַ געוויסער געלעגענהייט, היפּשע יאָהרען נאָך דער מלחמה, האָט דער זעלבער מר. טרעס זיך דערלויבט אויפצודעקען פאַר דער עפענטליכקייט עפּעס־וואָס פון זיינע אַמאָליגע דיפּלאָ־

מאַטישע אינטערווענצען און דערפאָלגען אויפן געביט פון הצלה:[4]

„בשעת עס איז אויסגעבראָכען די צווייטע וועלט־מלחמה — אַזוי האָט מר. טרעס דערצעהלט אין אַ געשפרעך מיטן פאָרשטעהער פון „המודיע", דעם צענטראַל־אָרגאַן פון אגודת ישראל אין ירושלים, און געווען איז דאָס אין גאַנג פון דער פערטער „כנסיה הגדולה", זומער פון יאָהר תשי"ד (1954) — זענען אונזערע חברים געווען בעזאָרגט כדי לכל הפחות צו קענען ראַטעווען די גדולי התורה פון עמק הבכא אין אייראָפּע, און מיר האָבען בעשלאָסען זיך צו ווענדען צו דער רעגירונג אין וואַשינגטאָן וועגען דער דאָזיגער זאַך. די טיר קיין וואַשינגטאָן האָט פאַר אונז געעפענט דזשעימס מאַקדאָנאַלד, דער זעלבער, וועלכער איז שפּעטער געווען דער ערשטער אַמעריקאַנער געזאַנדטער אין מדינת ישראל. ער דאַרף בעטראַכט ווערען אַלס איינער פון די „חסידי אומות העולם". ער האָט אַמאָל אויסגערופען, אַז „ווען איך וואָלט געווען אַ איד, וואָלט איך געווען אַ פרומער און אַ חבר אין אגודת ישראל". ער האָט אונז געבראַכט צו איינעם פון די הויכע רעגירונגס־בעאַמטע, מר. ברעקענרידזש לאָנג, וועלכער האָט אַרויסגעוויזען אַ העכסט־פּאָזיטיווע בעציהונג צו דער פראַגע און האָט פערלאַנגט אַז מיר זאָלען איהם דערלאַנגען אַ רשימה פון די רבנים, וועמען מיר ווילען אַריבערברענגען קיין אַמעריקע.

„דאָס איז פאַר אונז געווען אַ ליל־שימורים (אַ וואַך נאַכט). דורך אַ גאַנצער נאַכט זענען מיר געזיצען און דן געווען איבער די נעמען פון די גדולי ישראל, וועמען מען דאַרף מציל זיין. אין דער בעראַטונג האָט זיך בעטייליגט הגאון רבי שלמה היימאַן ז"ל (ראש ישיבה פון „תורה ודעת"), און הרב שמחה וואַסערמאַן. עס זענען געוואָרען צוגעגרייט צוויי אַלטערנאַטיווע רשימות, איינע מיט 20 נעמען און די אַנדערע פון 100 נעמען. מר. לאָנג האָט זיך נישט גע־וואַקעלט און אָנגענומען די רשימה מיט די 100 נעמען. ער האָט צוגעזאָגט צו שיקען זאָפאָרט טעלעגראַמעס צו די אַמעריקאַנישע פערטרעטערשאַפטען אין פּוילען, ליטע און לעטלאַנד. דערביי האָט ער אונז געראַטען צו שיקען טעלעגראַ־מעס צו די בעטרעפענדע רבנים, אַז זיי זאָלען זיך ווענדען צו די אַמעריקאַנישע קאָנסולאַטען אויף אָפּצונעמען די וויזעס.

„דאָס איז געווען אַ פרייטאָג־צונאַכטס, ווען מיר האָבען בעקומען די דעציזיע פון וואַשינגטאָן. פּיקוח נפש איז דוחה שבת, אָבער פאַר אונזערע גרופּע „צעירים" איז געשטאַנען אַן אַנדערע פראַגע, פון וואַנען צו נעמען צו בעצאָהלען פאַר די טעלעגראַמעס. אויך אין אַמעריקע שיקט מען נישט איבער טעלעגראַמעס אומזיסט, און מיר האָבען דאַן נויטיג געהאַט אַ סומע פון 800 דאָלאַר אויף אַרויסצושיקען די אַלע וויכטיגע טעלעגראַמעס. אין אונזער פערלעגענהייט האָבען

4) „המודיע", ו' תמוז, תשי"ד.

מיר זיך געוואָנדען צום לייטער פון אָרטיגען טעלעגראַפען־אַמט. מיר האָבען איהם פאָרגעשלאָגען אַלס משכון אונזערע זייגערס און נאָך אַנדערע ווערט־זאַכען. דער לייטער פון דעם טעלעגראַפישען דינסט האָט דערויף מסכים געווען און די טעלעגראַמעס צו די בעטרעפענדע רבנים זענען געוואָרען אַרויסגעשיקט, נישט צו פערלירען אפילו אַן איבעריגע מינוט״.

„די טעלעגראַמעס, וואָס זענען דערגאַנגען קיין ליטע און לעטלאַנד האָבען דאָרט אַרויסגערופען אַ גרויסען רעש. באַלד זענען אָנגעקומען הונדערטער טע־לעגראַמעס פון דאָרטען וועגען ראַטעווען נאָך אַנדערע רבנים און גדולים. ווידער אַמאָל האָבען מיר זיך געוואָנדען קיין וואַשינגטאָן און ווידער האָבען מיר אָנגעטראָפען אָפענע אויערען. די צאָהל פון די אַרויסגעשיקטע וויזעס איז דערגאַנגען ביז 1200.

— „מה׳ מצעדי גבר כוננו״ (פון הימעל ווערען געריכטעט דעם מענשענ׳ס טריט) — אַזוי האָט אויסגעפיהרט אין זיין דאָזיגען געשפרעך מר. טרעס — אין צווישען־צייט זענען אָבער געוואָרען געשלאָסען די אַמעריקאַנישע קאָנסו־לאַטען אין די אַלע אָקופירטע געביטען. די וויזעס זענען געוואָרען איבערגע־שיקט קיין בערלין, די בעטרעפענדע רבנים האָבען קיין בערלין נישט געקענט אָנקומען אויף אָפצונעמען די וויזעס, און אַזוי־אַרום איז נכשל געוואָרען איינע פון די וויכטיגסטע הצלה־אַקציעס פאַר די גדולי התורה — נאָך אַ געוויסער צייט איז דאָך געלונגען אַרויסצוראַטעווען אַ בעדייטענדע צאָהל פון גדולי התורה, אדמורי״ם און ראשי הישיבות, וועלכע לעבען היינט אין אַמעריקע.

צוויי נעמען פון הויכגעשטעלטע אַמעריקאַנער פּאָליטישע פיגורען זענען דאָ געוואָרען אָנגעגעבען אין דעם געשפרעך פון מר. טרעס — דזשעימס מאַק־דאָנאַלד און בעקענרידזש לאָנג; ביידע האָבען זיי געהאַט גרויסע פערדינסטען פאַר אויסבאַהנען דעם ערשטען וועג פון הצלה און וועגען זייער ביידענ׳ס לייסטונגען איז וויכטיג צו דערמאָנען.

דזשעימס מאַקדאָנאַלד, דער שפּעטערדיגער אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר אין מדינת ישראל און דער פריהערדיגער הויך־קאָמיסאַר פאַר די פליטים ביים אַמאָליגען פעלקער־בונד אין זשענעווע, איז גוט בעקאַנט דער אידישער עפענט־ליכקייט מיט זיינע לאַנג־יאָהריגע בעמיהונגען צו העלפען ראַטעווען די אידישע קרבנות פון נאַצי־רעזשים. ביי יעדער געלעגענהייט, אויף יעדען אָפיציעלען אַמט זיינעם, סיי אויף דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרענע און סיי אין דער אַמעריקאַנער דיפּלאָמאַטישער דינסט, האָט ער שטענדיג געזאָרגט פאַרן גורל פון די אידישע פליטים. ער האָט דערביי אויך געהערט צו די ווייניגע פּאָליטישע פערזענליכ־קייטען, וועלכע האָבען באַלד אין די ערשטע יאָהרען פון נאַצי־רעזשים גע־וואָרענט וועגען די מורא׳דיגע סכנות, וואָס דער נאַציזם טראָגט פאַר אידען.

בשעת ער האָט אין יאָהר 1935 זיך דעצידירט אויף זיין דראַסטישען און צוגלייך דראַמאַטישען שריט צו רעזיגנירען פון אַמט אַלס „הויך־קאָמיסאַר פאַר די פליטים״, כדי אַזוי־אַרום אויסצודריקען דעם הילכיגען פּראָטעסט קעגען דער גלייכגילטיגקייט פון דער גרויסער וועלט אין אַנבליק פון די ערשטע נאַצישע אכזריות׳ן אויף אידען — האָט ער דאַמאָלס געשריבען אין זיין רעזיגנאַציע־בריף, בזה הלשון:[5]

„ווען די אינערליכע פּאָליטיק פון איינע פון די מלוכות ברענגט מיט זיך די געפאַהר פון דעמאָראַליזאַציע און גלות פאַר הונדערטער טויזענדער מענשען, דאַרפען די אַרגומענטען פון דיפּלאָמאַטישען טאַקט אָפּטרעטען זייער פּלאַץ לטובת די אַרגומענטען פון עלעמענטאַרער מענשליכקייט. איך וואָלט געווען פערלייקענט זיך אַליין, אויב איך וואָלט נישט געווען געצויגען די אַלגעמיינע אויפמערק־זאַמקייט צו דער געשאַפענער לאַגע און איך וואָלט נישט געווען געפאָדערט, אַז די עפענטליכע מיינונג אין דער וועלט זאָל דורך דער פערמיטלונג פון פעלקער־בונד און די מלוכות, וועלכע זענען זיינע מיטגלידער, טאָן אַ טאַט, וואָס זאָל זיין אימשטאַנד אָפּצושטעלען די טראַגעדיעס, וועלכע זענען שוין פאַר־געקומען און וואָס זאָל אויסמיידען די טראַגעדיעס, וועלכע זענען נאָך עלול צו געשעהען״. —

בעקענרידזש לאָנג, וועלכער איז דורך לאַנגע יאָהרען געווען אַסיסטענט־סעקרעטערי אָוו סטעיט, האָט געהערט צו די געצעהלטע העכערע רעגירונגס־בעאַמטע אין וואַשינגטאָן, וואָס האָבען אַרויסגעוויזען אַ טיפערען אינטערעס פאַר די הצלה־פראַגען. ווען דאָס פּראָבלעם פון ראַטעווען דאָס אייראָפּעאישע אידענ־טום איז צום ערשטען מאָל געוואָרען אָפיציעל אַוועקגעשטעלט אויפן פאָרום פון קאָנגרעס — און געשעהען איז דאָס אויף דעם עקסטראַ־פערהער פון דער אויסלענדישער קאָמיטע פון רעפּרעזענטאַנטען־הויז, דעם 26־טען נאָוועמבער, 1943 — איז דער אַסיסטענט־סעקרעטערי לאָנג דאָרט אויפגעטראָטען אַלס דער רעגירונגס־רעפּרעזענטאַנט אין דער דאָזיגען פּראַגע. וואָס איז שייך דער זאָרג אַרויסצוראַטעווען פון פייער די גדולי התורה איז די שטעלונג פון מר. לאָנג געווען אַ פּאָזיטיווע און קאָנסעקווענט־אויסגעהאַלטענע ביז צום לעצטען שאַנס. איינע פון די בריף פון סטעיט־דעפּאַרטאַמענט אין די דאָזיגע ענינים איז נאָך דאַטירט דעם 11־טען יאַנואַר 1944. אין דאָזיגען בריף, אַדרעסירט צו מר. טרעס, מעלדעט דער שעף פון דער וויזע־אָפּטיילונג אין סטעיט־דעפּאַרטאַמענט, האַוואַרד ק. טרעיווערס, אַז אַלס רעזולטאַט פון אַ טעלעפאָנישער אינטערווענץ ביים מר. לאָנג וואָס איז געוואָרען דורכגעפיהרט דעם 23־טען דעצעמבער, 1943, — זענען געוואָרען אונטערגענומען וויכטיגע דיפּלאָמאַטישע אינטערווענצען

5) לויט דעם אָריגינאַל אין ענגליש, לאָנדאָן, 1935.

מיטן צוועק צו ראַטעווען אַ צאָהל גדולי התורה, אינטערנירטע צו יענער צייט אין לאַגער פון וויטעל.[6]

דאָס טויער פאַר הצלה, וואָס איז געוואָרען געעפענט צום אָנהויב לטובת דער רעטונג פון אַ געקליבענער צאָהל פון תורה־מנהיגים, איז געוואָרען נאָך לאַנגע בעמיהונגען צו־ביסלעך אויסגעברייטערט אויך אויף די תלמידי־הישיבות. די וויכטיגסטע דערגרייכונג איז דאָ געווען, וואָס די מאָסגעבענדע רעגירונגס־אינסטאַנצען אין וואַשינגטאָן האָבען ענדליך איינגעזעהען, וואָס אייגענטליך עס מיינען די ישיבות אַלס די גייסטיגע פעסטונגען פון אידענטום און ווי וויכטיג עס איז איבערצופלאַנצען אַ צאָהל פון אַזעלכע לעצט־געראַטעוועטע ישיבות אויפן אַמעריקאַנישען באָדען און דאָס מיטן צוועק צו גאַראַנטירען אַ געהעריגע גייסטיג־רעליגיעזע השפעה אינערהאַלב דעם אַמעריקאַנער אידענטום.

און אָט אין דער דאָזיגער מיהזאַמער אַקציע צו געווינען אָנערקענונג פאַר די ישיבות אין די אָפיציעלע רעגירונגס־אינסטאַנצען פון וואַשינגטאָן האָט געשפּילט אַ וויכטיגע ראָל דער אומפּערגעסליכער אַמעריקאַנער אידען־פריינד, דער פערשטאָרבענער סענאַטאָר ראָבערט א. טעפט. דער פולער קרעדיט פאַר געווינען דעם העכסט־איינפלוסרייכען סענאַטאָר טעפט צו אינטערוועניר‏ען לטובת די ישיבות געהערט צו הרב סילווער. דערפאַר וועט זיין אינטערעסאַנט צו ברענגען איניגע ציטאַטען פון אַ פּרעסע־בעריכט, אין נאָמען פון הרב סילווער:[7]

„אין די „יונייטעד סטעיטס אימיגריישן־סירוויס" געפינען זיך די רע־קאָרדס פון סענאַטאָר טעפּט'ס בעמיהונגען לטובת די ראשי־ישיבות און בני הישיבות — בעת עס האָבען זיך אָנגעהויבען די השתדלות'ן פאַר אַריינלאָזען און אָנערקענען די ישיבות פון טעלז קיין קליוולאַנד, ישיבת חכמי לובלין קיין דעטרויט, בית יוסף אין ברוקלין און אַ גאַנצע רייע אַנדערע ישיבות, זענען געווען גרויסע שוועריגקייטען. די אַמעריקאַנער רעגירונג איז נישט געווען זעהר סימ־פּאַטיש צום פאָרשלאַג פון הרב סילווער, אַז מען זאָל די דאָזיגע ישיבות געבען די רעכט פון העכערע לערן־אינסטיטוציעס און דערצו מיט אַלע פּריווילעגיעס אויפצונעמען תלמידים פון אויסלאַנד. ווידער־אַמאָל איז עס געווען סענאַטאָר טעפּט, וועלכער האָט זיך מיט דעם ענין פּעראינטערעסירט און אַ דאַנק דעם זענען הונדערטער פון די דאָזיגע ישיבות אַריבערגעקומען קיין אַמעריקע".

„בעת די מלחמה האָט זיך אָנגעהויבען צווישען די פּעראייניגטע שטאַטען און די אַקסיס און נאָך פריהער, בעת אַמעריקע האָט איינגעפיהרט דעם דרעפט־געזעץ (אַלגעמיינע מיליטער־דינסט) האָט דער צענטראַלער דרעפּט־באָרד געמאַכט שוועריגקייטען ביים אָנערקענען דעם רבנישען סטאַטוס פאַר די תלמידים פון

6) לויט דעם אָריגינאַל אין אגודה־אַרכיוו.
7) לויט צ. ה. וואַקסמאַן אין „אידישען זשורנאַל", טאָראָנטאָ, 1946.

אַ סך ישיבות. הרב סילווער האָט איינגעטענה׳ט מיט די בעאַמטע פון דרעפט־באָרד, ער האָט זיי געזאָגט, דאָס איז דאָך די איינציגע שארית־הפליטה פון אונזער רבנישער וועלט, די וועלכע טראָגען ווייטער דעם פאַקעל פון תורה און אידישקייט, וואָס היטלער האָט אין אייראָפּע פערלאָשען. זיינע אַרגומענטען האָבען דאָך נישט געריהרט געוויסע ביוראָקראַטען אין וואַשינגטאָן, ביז עס איז געקומען סענאַטאָר טעפּט צו־הילף. ווידער־אַמאָל האָט הרב סילווער איהם צוגעשטעלט מאַטעריאַל און בעקענט דעם סענאַטאָר מיט דער סטרוקטור פון די נייע־געגרינדעטע ישיבות אין אַמעריקע. סענאַטאָר טעפּט האָט דעם ענין פערשטאַנען און אונטערגענומען שריט, אַז די ישיבות זאָלען געניסען פון די זעלבע פּריווילעגיעס ווי אַלע אַנדערע רעליגיעזע לערן־אַנשטאַלטען, און די רעזולטאַטען זענען געווען דערפאָלגרייך.

„אָבער נישט בלויז אין אַלגעמיינע ענינים, אויך ווען עס האָט זיך געהאַנדעלט צו ראַטעווען איינצעלנע אידען און פערשאַפען „עמוירדזשענסי וויזעס״ האָב הרב סילווער תמיד געפונען אָפענע טירען ביי סענאַטאָר טעפּט — הרב סילווער האָט דערצעהלט פון אַ פאַל מיט אַ ליטווישען רב, אַ פּליט, וועלכער איז חדשים־לאַנג געווען פערהאַלטען דורך די אימיגריישאָן־בעאַמטע אין סיאַטעל, וואַשינגטאָן. די אידישע הילפס־אָרגאַניזאַציעס פאַר אימיגראַנטען האָבען געהאַלטען דעם פאַל פאַר אַ האָפנונגסלאָזען. הרב סילווער האָט זיך דערפון דערוואוסט און איז אַוועק צו סענאַטאָר טעפּט. דער סענאַטאָר האָט אַפּעלירט געגען דער דעפּאָרטאַציע פון דאָזיגען רב, וועמענס פּאַפּירען עס זענען נישט געווען אין אָרדנונג. הרב סילווער האָט דערביי געזאָגט דעם סענאַטאָר, אַז די אַנדערע אָרגאַניזאַציעס האָבען דעם ענין אויפגעגעבען. אָבער סענאַטאָר טעפּט האָט זיך מיט דעם פעראינטערעסירט און דעם רב געראַטעוועט״. —

טראָץ דעם וואָס די פּרינציפּיעלע שטעלונג פון וואַשינגטאָן איז געווען אַ גינסטיגע האָט דאָך די הצלה־אַקציע פאַר די גדולי התורה און פאַר די בני הישיבות אָנגעטראָפען אויף צוויי גרויסע מכשולים:

דער ערשטער מכשול איז געווען אַזוי־צו־זאָגען אַן אָביעקטיווער — דאָס מיינט וואָס די מלחמה־פראָנטען האָבען זיך שנעל אויסגעברייטערט, די נאַציס האָבען כסדר פאָרגעזעצט זייער מיליטערישען עראָבערונגס־מאַרש איבער אייראָפּע און דערפאַר זענען געוואָרען צושטערט איניגע דרייסט־אונטערגענומענע אַקציעס אַרויסצוראַטעווען פיעל פון די וועלט־בעריהמטע רבנישע פערזענליכקייטען מיט דער הילף פון די ספּעציעל־אָנערקענטע אַמעריקאַנישע „עמוירדזשענסי וויזעס״.

דער צווייטער מכשול איז שוין אָבער געווען פון אַ גאַנץ אַנדערען כאַראַקטער — דערין זענען געווען שולדיג איניגע אַמעריקאַנישע קאָנסולאַר־בעאַמטע אין די ענטשיידענדע טראַנזיט־פּלעצער, וואָס מיט זייער טעמפּ־טרוקע־

נעם פאָרמאַליסטישען צוגאַנג האָבען זיי אָפט צו־נישט געמאַכט די הומאַניטאַרע אינסטרוקציעס פון וואַשינגטאָן.

אָנהויב 1941, צו יענער צייט ווען די נאַציס האָבען אין געהיים צוגע־גרייט דעם בליץ־אָנגריף אויף סאָוויעט־רוסלאַנד, האָט זיך דווקא געוויזען אויס־דוכטען, אַז די הצלה־אַרבעט פאַר די פערוואָגעלטע בני־תורה נעמט־אָן גאַנץ ברייטע פאָרמען. צו יענעם מאָמענט אין די לייטונג פון „ועד הצלה" אַרויסגע־קומען אין דער עפענטליכקייט מיט אַן אויפמונטערענדיגען ראַפּאָרט:

„אין פערלויף פון דער צייט האָט די רעגירונג אין וואַשינגטאָן אונז צוגעזאָגט, געלויבט השי"ת, העכער 2 טויזענד וויזעס און עס איז פאַרהאַן די בעסטע האָפנונג צו בעקומען נאָך אַריינפאָהר־ערלויבענישען אין די פעראייניגטע שטאַטען פאַר די איבעריגע רבנים, ראשי־ישיבות און ישיבה־תלמידים, וועלכע האָבען ביז־איצט נאָך נישט זוכה געווען צו קיין וויזעס.

„מיר האָבען זיך פערבונדען מיט פערשידענע רייזע־ביוראָס און שיפס־קאָמפּאַניעס, צו אָרגאַניזירען די אימיגראַציע־ענינים אין געהעריגע בעדינגונגען.

„מיר האָבען אַרויסגעשיקט אַן עקסטראַ־שליח קיין יאַפּאַן, אַז ער זאָל זיך פעראינטערעסירען אויפן אָרט מיט דער עמיגראַציע פון די תלמידי הישיבות, ראשי־ישיבות און רבנים.

„ בעדייטענדע צאָהל פון רבנים און ישיבה־לייט געפונען זיך שוין אין יאַפּאַן און בעזרת־השם וועלען זיי בקרוב אָנקומען קיין אַמעריקע."

קורץ דערויף האָט דער „ועד הצלה" פערעפענטליכט אַן אייגענאַרטיגען הילפס־רוף — דאָס מאָל נישט אויף צו קלויבען געלד, נאָר אויף צו חתמ'ענען „אַפידייוויטס":

„ראַטעוועט אידען! אין אייערע הענד זענען די נפשות פון די גדולי התורה!" פון יעדען פערמעגליכען איד וועלען מיר דאָס מאָל בעטען נישט קיין געלד, נאָר אַז איהר זאָלט אונטערשרייבען אייגענהענדיג די אַפידייוויטס. איילט אייך יעדער צו, זאָל יעדער איינער ראַטעווען אַ ראש־ישיבה, אַ רב, ראַטעוועט די בני־תורה, ראַטעוועט אָנגעזעהענע עסקנים, ראַטעוועט יונגעלייט, ראַטעוועט אַ זקן, אַ קינד!

„בלויז אייער אונטערשריפט אויף די אַפידייוויטס פערלאַנגען מיר פון אייך היינטיגען מאָל. יעדער איינער, וועלכער וויל פאַר זיך איינהאַנדלען אַ חלק לעולם־הבא, וועלכער וויל האָבען אַ חלק אין ראַטעווען נפשות, זאָל נישט פערזוימען אונטערצוחתמ'ענען אַן אַפידייוויט! שרייבט גלייך אין אָפיס פון „ועד הצלה"! פערלאַנגט און פרעגט, וועט מען אייך גלייך שרייבען דעם נאָמען פון רב, וואָס איז אין סכנה, און מען וועט אייך אויך אינפאָרמירען ווי־אַזוי דורכ־

צופיהרען דעם אַפידייוויט — זייט געבענשט אַלע אונטערשטיצער און אונטער־שרייבער!"

(אונטערגעשריבען)

**הרב אליעזר סילווער, הרב יוסף קאנוויץ,**
**הרב יעקב לעווינזאָן.**

עס האָט אָבער נישט גענומען לאַנג און עס האָבען זיך דערטראָגען קיין אַמעריקע די אַלאַרמירענדע בעריכטען וועגען די שוועריגקייטען און שטרויכ־לונגען, וואָס געוויסע אַמעריקאַנער קאָנסולען לעגען אויפן רעטונגס־וועג פון די גדולי התורה. זיי, די ביוראָקראַטישע, האַרצלאָזע קאָנסולאַר־בעאַמטע האָבען זיך קנאַפּ גערעכענט מיט די דרינגענדע גינסטיגע אָנווייזונגען פון וואַשינגטאָן, און קנאַפּ־וואָס זיך איבערגענומען מיט דעם מלחמה־פייער, וואָס האָט זיך אַלץ שטאַרקער צובושעוועט פון אַלע זייטען, זיי זענען בעשטאַנען אויף זייערע נאָר־מאַלע, קליינליכע פאָרמאַליטעטען, און האָבען לחלוטין נישט געוואָלט אָנערקענען דעם סטאַטוס פון „עמוירדזשענסי". אָט די געגנערישע שטעלונג פון מאַנכע קאָנסולען האָט פאַקטיש געדראָהט צו פאַראַליזירען די גאַנצע ברייט־פערמאָסטענע רעטונגס־אַרבעט.

הרב סילווער האָט דעריבער געהאַלטען פאַר נויטיג אַרויסצוקומען מיט אַן עפענטליגען אַלאַרם־סיגנאַל צו דער גאַנצער רבנישער וועלט:

„צאו והפגינו!" — „קומט אַרויס צום פּראָטעסט!"[8]).

דער וועהטאָג פון טיפער ענטוישונג און דער אַנגסט פון דער נייער גע־פאַהר האָט זיך געהערט פון דאָזיגען מעכטיגען פּראָטעסט־רוף:

„עס איז געקומען די צייט צו דעמאָנסטרירען אין אונזער רעזידענץ, וואַשינגטאָן, דעם קעפּיטאָל פון די פעראייניגטע שטאַטען. עס איז געקומען די צייט צו קלאַפּען אין די טירען פון „ווייסען הויז" איבער דער עוולה, וואָס ווערט געגען אונז בעגאַנגען מצד די געזאַנדטע פון די פעראייניגטע שטאַטען אין אויסלאַנד. ערשט נישט־לאַנג האָבען מיר זוכה געווען צו אַ פריינדליכער שטע־לונג מצד דער רעגירונג, מען האָט אונז מבטיח געווען גינסטיג צו בעטראַכטען דאָס אַריבערברענגען די גדולי התורה און בני הישיבות פון די בלוטיגע לענדער און אָפּצוראַטעווען זיי פון חורבן און אונטערגאַנג. זייערע אַלעמענס נעמען זענען בעשיינפערליך געוואָרען רעגיסטרירט דורכן סטעיט־דעפּאַרטאַמענט און מיר האָבען געהאָפט אויף גרויסע זאַכען. מיר האָבען צו זיך געזאָגט: ווי איידעל זענען די מיניסטאָרען פון דער וואַשינגטאָנער רעגירונג, אונטער דער פיהרער־שאַפט פון פּרעזידענט, דעם דערהאַבענעם גייסט־מענש, — און פאַר אונזער

8) „הפרדס", אייר, תש"א, ז' 5.

פאָלק האָבען מיר נאָר געהאַט דאַנק און לויב צום פּרעזידענט און זיינע שרים און יועצים...

„און קוים אַ האַלב יאָהר איז אַריבער זינט מען האָט אונז אויפגענומען מיט שמייכלענדיגע פּנימער, זינט מיר האָבען בעקומען דעם צוזאָג לטובת אונזערע גדולים. מיר האָבען די דאָזיגע אָנגענעהמע בשורה פערשפּרייט איבער אַלע לענדער, אונזערע רבנים אין ליטע, פּוילען, דייטשלאַנד און פראַנקרייך האָבען זיך צוגעגרייט צו קומען אַהער צוזאַמען מיט זייערע תלמידים, און צו ברענגען זייער ברכה פאַר אונזער רעגירונג. נאָר זינט דאַמאָלס געהט דער ענין מיט גרויסע שטערונגען. די פערטרעטער פון די פעראייניגטע שטאַטען אין די בלוטיגע לענדער האָבען פערשטיינערטע הערצער, זיי לעגען שטרויכלונגען אויפן וועג פון אונזערע רבנים און גדולים, און אַנשטאָט אַ ברכה איז דערמיט פאַר זיי געוואָרען געבראַכט אַ קללה ווייל זיי זענען געוואָרען דערוויל אַרויסגעריסען פון זייערע ערטער און זיך געלאָזט איבער וועגען פון סכנות. און עס איז נישטאָ ווער עס זאָל דערפיהלען דעם וועהטאָג און די שאַנד, ווי מיר זענען געוואָרען צו שפּאָט...

„לאָמיר דעריבער שטורעמען און דעמאָנסטרירען אין די גאַסען פון וואַשינגטאָן! לאָמיר שרייען אויף דער עוולה, וואָס ווערט אונז געטאָן! אונזער פּרעזידענט איז דאָך געלויבט פון אַלע, בלויז גוטס טוט ער פאַר יעדען לאַנד און אָרימען פאָלק, ער העלפט יעדען נויטבעדערפטיגען — טאָ ווי איז זיין האַרץ געהאַרטעוועט צום גורל פון אונזערע חכמים, די גדולי ישראל, וואָגלענדיגע פון אָרט צו אָרט, אַנטלויפענדיגע פון דער סכנה!?"

„לאָמיר אַלע צוזאַמען פאָהרען קיין וואַשינגטאָן, צו שטורמען און פּראָ־טעסטירען!"

אין דאָזיגען האַרצרייסענדיגען רוף איז דאָקומענטירט געוואָרען דער ביטערער און העכסט־פּיינליכער מצב, ווען די איידעלע צוזאָגען פון די העכסטע מאַכט־פאַקטאָרען אין וואַשינגטאָן זענען געוואָרען פאַקטיש סאַבאָטאַזשירט דורך געוויסע קליינע און טאַקע קליינליכע אַמעריקאַנער בעאַמטע אויף די ענטשיי־דענדע פּלעצער.

הרב סילווער האָט געהאַלטען, אַז דאָ איז נויטיג אַן אומגעוועהנליכע דעמאָנסטראַטיווע אַרויסטרעטונג, כדי אויפצושטורעמען סיי די אַמעריקאַנער רע־גירונג און סיי די אַמעריקאַנער עפענטליכקייט. דער דאָזיגער געוואַגטער פּלאַן פאַר אַ רבנישער דעמאָנסטראַציע אין וואַשינגטאָן איז שפּעטער טאַקע געוואָרען רעאַליזירט — נאָר דאָס געהער שוין צו אַ גאַנץ אַנדערען קאַפּיטעל פון לעצטען רעטונגס־פּערמעסט פאַר דעם אייראָפּעאישען אידענטום בכלל.

קאַפּיטעל 7

# סיביר — אַ נס אין דעם אומגליק

די ביטערע גזירה פון דער סאָוויעטען־רעגירונג צו פערשיקען די „פערדעכטיגטע אידישע עלעמענטען" אויף קאַטאָרגע־אַרבעט קיין סיביר. — די פערשיקטע רבנים און ישיבה־לייט געהען־אויס פון הונגער און קעלט און אַלאַרמירען דעם „ועד הצלה" אין אַמעריקע. — דער נאַצישער אָנגריף אויף רוסלאַנד און די רוסישע מיליטערישע אַליאַנץ מיט אַמעריקע און ענגלאַנד עפענען דעם הצלה־וועג פאַר סיביר. — די פערצווייגטע רעטונגס־אַקציע קיין סיביר ביי דער מיטהילף פון אַמעריקאַנער „רויטען קרייץ" און דער פוילישער גלות־רעגירונג.

די נאַצישע עראָבערונגס־מלחמה אין אייראָפּע האָט זיך דערווייל אַלץ מעהר אויסגעברייטערט און דאָס אידישע אומגליק איז געוואָרען אַלץ גרעסער און טיפער. מיטן אויסברוך פון נאַצישען בליץ־קריג קעגען סאָוויעט־רוסלאַנד, דעם 22־טען יוני, 1941, האָט זיך פאַקטיש אָנגעהויבען דער אָרגאַניזירטער מאַסען־מאָרד איבערן אידענטום אין פוילען און מזרח־אייראָפּע בכלל. אַלס פועל־יוצא פון דעם זיגרייכען מאַרש זייערען איבער די רוסיש־בעהערשטע טעריטאָריעס האָבען די נאַצישע רוצחים שנעל אַריינבעקומען אין זייערע לאַפּעס מיליאָנען אידען פון מזרח־פוילען, די באַלטישע לענדער, ווי אויך פון די אָריגינעל־סאָוויעטישע געביטען אין ווייס־רוסלאַנד, אוקראַינע און געוויסע טיילען פון צענטראַל־רוסלאַנד.

און אָט אין דאָזיגען אומגליק, וואָס האָט דערווייל נאָכגעיאָגט די עלענדע פּליטים, וועלכע זענען געהאַט פריהער אַנטלאָפען פון די דייטש־אָקופּירטע שטחים אין פוילען — איז ווידער בעשערט געווען אַן איבערראַשענדער נס. לכתחילה האָט מען דאָס גאָרנישט געהאַלטען פאַר אַ נס, נור להיפך, פאַר אַ ביטערע צרה יין גזירה. און די יעניגע, וועלכע האָבען אַרויסגערופען די דאָזיגע צרה און ורכגעפיהרט די גזירה האָט מען לחלוטין נישט געקענט חושד זיין אין עפּעס אַ בעהאַלטענער גוטער כוונה. ניין, — דאָס איז געווען די קאָמוניסטישע געהיים־פּאָליציי, די „נ. ק. וו. ד.", וואָס האָט אָרגאַניזירט אַ פאָרמעלען יאַגד איבער די אומגליקליכע אידישע פּליטים פון פוילען, און זיי פערשיקט אויף קאַטאָרגע־אַרבעט קיין סיביר און אַנדערע ווייסט־פערשאָלטענע מקומות פון אַזיאַטישען רוסישען מדבר. איז אָבער דאָך געווען בעשערט, אַז די פערשיקונג קיין סיביר

זאָל שפּעטער דינען אַלס לעבענס־רעטונג פאַר פיעל פון די פערשיקטע אידען, ווייל אַ דאַנק דער פערשיקונג זענען זיי נישט אַריינגעפאַלען אין די נאַצישע טויטען־לאַגערס!

און היות ווי די אידישע רעליגיעזע קרייזען, די רבנים, ראשי הישיבות און ישיבה־תלמידים, זענען דורך דער רוסישער געהיים־פּאָליציי געוואָרען בע־טראַכט אַלס בעזונדערס „פערדעכטיגטער עלעמענט״ און די אַלע אויסגערעכענטע זענען געווען רעגיסטרירט צו דער ערשטער קאַטעגאָריע פון „אומגעווינשענע״, וועלכע מען דאַרף פערשיקען קיין סיביר — דערפאַר טאַקע זענען פיעל פון זיי ניצול געוואָרען און און געבליבען לעבען, ווען פון דעם סיבירישען אומגליק איז געוואָרען אַ רעטונג.

דאָס האָט אָבער גענומען גענוג צייט און גענוג קרבנות, ביז וואַנען עס איז ענדליך געוואָרען דורכגעבראָכען דער הצלה־וועג קיין סיביר. עס האָט געדויערט גענוג לאַנג ביז די פערשיקטע פון סיביר האָבען בעוויזען אַרויסצו־שיקען אַלאַרם־סיגנאַלען וועגען זיך. נישט אַלע האָבען צומאָל אויסגעהאַלטען צום מאָמענט, ווען די אַלאַרם־רופען זענען דערגאַנגען קיין אַמעריקע, און נישט אַלעמען האָט דערנאָך געסטאַיעט כח און געזונד אויסצוהאַלטען ביז וואַנען די הילף האָט זיך דורכגעשלאָגען קיין סיביר. אויך שפּעטער, ווען קיין סיביר איז געוואָרען געעפענט אַ וועג פאַר סיסטעמאַטישער הילף פון אַמעריקע, האָבען דער פאַטאַלער קלימאַט און די טראַגישע לעבענס־בעדינגונגען אין יענע וויסטע מקומות נאָך אַלץ געקאָסט פיעל קרבנות. דערפאַר איז סיביר געווען אַ רעטונגס־פּלאַץ בלויז פאַר אַ טייל פון די פערשיקטע, און דאַקעגען פאַר פיעל אַנדערע איז סיביר געבליבען אַ בית־הקברות...

מען מוז דערביי אונטערשטרייכען אַז די ערשטע, אויספיהרליכע בעריכטען וועגען דער לאַגע פון די פערשיקטע אין סיביר זענען דערגאַנגען קיין אַמעריקע ערשט נאָכדעם, ווי עס האָט זיך צעבושעוועט די נאַציש־רוסישע מלחמה און דאָס שווער־געליטענע סאָוויעט־רוסלאַנד איז געווען געצוואונגען צו זוכען די הילף און די סימפּאַטיע פון דער גרויסער דעמאָקראַטישער וועלט, בפרט פון אַמעריקע. פון דער אַנדערער זייט זענען די ערשטע מעגליכקייטען פאַר אַ רעגעלמעסיגע און פּלאַנירטע הילף לטובת די פערשיקטע אין סיביר געוואָרען געעפענט ערשט נאָכדעם ווי אַמעריקע איז אַליין געוואָרען אַריינגעצויגען אין דעם אַנטי־נאַצישען קריג דורך דעם יאַפּאַנישען אָנפאַל אויף פּוירל האַרבאָר, און עס איז גלייך דערויף געוואָרען איינגעשטעלט די גרויסע מיליטערישע אַליאַנץ צווישען אַמעריקע, ענגלאַנד און רוסלאַנד. ערשט אין יענעם מאָמענט איז דער „ועד הצלה״ געווען ביכולת אַוועקצושטעלען ווי געהעריג דאָס רעטונגס־ווערק פאַר די בני תורה אין סיביר און דער „נס פון סיביר״ האָט בעקומען אַ ממשות.

וועגען דעם גאַנג און פערנעם פון די רוסישע מאַסען־גירושים קיין סיביר בעקומט זיך אַן אויספיהרליך בילד פון דער שילדערונג פון איינעם פון די ערשטע רבנישע פערזענליכקייטען, וואָס האָט זיך געפונען אויף דער פער־שיקונג. דער דאָזיגער בעריכט איז דערגאַנגען קיין אויסלאַנד אויף אַן אומלעגאַלען וועג, און האָט בשעתו אַרויסגערופען אַ געוואַלדיגען רושם צוליב זיין אויטענ־טישקייט:[1]

„ווי בעקאַנט האָט די סאָוויעטישע רעגירונג צום ערשט געהאַט בעוויליגט די ערלויבעניש פאַר פיעל טויזענדער אידען, וועלכע זענען אַנטלאָפען צוליב די נאַצישע רדיפות, צו בעזעצען זיך אין וועלכען פלאַץ זיי וועלען זיך אַליין אויס־קלויבען אויף דער טעריטאָריע, וואָס איז געוואָרען אַנעקסירט דורך רוסלאַנד. פיעל אידען האָבען אויסגענוצט די דאָזיגע רעכט און זענען אַריבער די גרענעץ פון מזרח־פוילען. אָנהויב 1940 האָט די סאָוויעטישע רעגירונג זיך גענומען אינטערעסירען מיט די דאָזיגע פליטים. מען האָט אַלע פליטים גערופען צו רעגיסטרירען זייערע נעמען און זיי דערביי געשטעלט פערשידענע פראַגען.

„אַ קורצע צייט שפעטער איז אַרויס דער בעפעהל, אַז יעדער איינער דאַרף אַרויסנעמען אַ סאָוויעטישען פאַספאָרט, דערביי האָבען זיי איינגעפיהרט 2 סאָרטען פעסער: דער ערשטער פאַס איז געוואָרען אַרויסגעגעבען אויף אַ טערמין פון 5 יאָהר און דאָס אָהן שום בעגרענעצונגען; און דער פאַספאָרט פון דער צווייטער קאַטעגאָריע האָט בעזיצען אַ צושריפט פון פאָלגענדען אינהאַלט: „לויט פונקט 11 פון דעם רעגירונגס־בעפעהל". דאָס האָט געמיינט אין דער ווירקליכקייט, אַז דער בעטרעפענדער מענש איז אונטער פערדאַכט... אַזעלכע שטייגער פאַספאָרטען האָבען בעקומען די „בורזשואַזע עלעמענטען", געוועזענע סוחרים, הויז־אייגענטימער וכדומה.

„אַרום דעם 15־טען יוני, 1940 האָבען זיך אָנגעהויבען די אַרעסטען פון פליטים אין די קלענערע ערטער. צום אָנהויב זענען אָבער געוואָרען פער־האַלטען בלויז איינצעלנע פערזאָנען און פליטים אָהן זייערע פאַמיליעס. דאָס האָט שוין אַרויסגערופען אַ בהלה צווישען די פליטים, און מען האָט זיך גע־נומען בעהאַלטען אין די קעלערען און אויף די בוידעמער. דעם 24־טען יוני האָבען זיך אָנגעפאַנגען די אַרעסטען אין די גרויסע שטעדט און ספעציעל אין לעמבערג. דעם 28־טען יוני, פרייטאָג איז דאָס געווען, האָבען זיך אויף די גאַסען פון לעמבערג אַרומגעדרעהט טויזענדער געהיים־אַגענטען פון „נ. ק. וו. ד.". עס האָט זיך דערהערט אַן אַלאַרם־סיגנאַל, ווי בעת אַ לופט־אַטאַק. אין די גאַסען און הייזער איז געוואָרען פערלאָשען די בעלייכטונג. פינקטליך 10 אַזייגער ביינאַכט זענען די גאַסען געוואָרען צוריק בעלויכטען און עס האָבען זיך פון

1) „הפרדס", שבט, תש"א.

אַלע זייטען בעוויזען מיליטער־פּאַטרולען און געהיים־פּאָליציי. אַלע לעמבערגער הייזער זענען געוואָרען גענומען אונטער בעלאַגערונג און דער געיעג אויף די פּליטים האָט זיך געעפענט. די שטאָדט איז געוואָרען איינגעטיילט אויף בעזונדערע ראַיאָנען און אין יעדען ראַיאָן האָבען אַרומגעקרייזט צעהנדליגער אויטאָמאָבילען מיט געהיים־אַגענטען און פּאָליציי, וואָס האָבען געהאַט פערטיגע רשימות פון די רעגיסטרירטע פּליטים, צוזאַמען מיט זייערע פאָטאָגראַפיעס. אַלע הייזער זענען געוואָרען דורכגעזוכט און יעדער, וואָס האָט נישט געהאַט קיין רוסישען פּאַספּאָרט איז געוואָרען פערהאַלטען. מען האָט געשלעפּט אַלטע און קראַנקע, אָהן רחמנות. יעדע פאַמיליע האָט בעקומען איין שעה אויף צוגרייטען זיך.

„אַלע פערהאַלטענע זענען געוואָרען אָפּגעפיהרט צו דער באַהן־סטאַציע, און דאָרט זענען שוין געווען צוגעגרייט לאַסט־וואַגאָנען, מיט קליינע פענסטערלעך ביים דאַך. שבת, דעם 29־טען אין דער פריה, זענען אַלע לעמבערגער אידען אַרויס אויף די גאַסען. אַזאַ דעמאָנסטראַציע האָב איך נאָך אין מיין לעבען נישט געזעהען. מענער און פרויען האָבען זיך געלאָזען לויפען נאָך די לאַסט־אויטאָמאָבילען מיט די אַרעסטירטע פּליטים, כדי אַריינצווואַרפען פעקלעך עסען און אַנדערע זאַכען אין די אויטאָס פון די אַרעסטירטע צו דער פערשיקונג.

„די געשרייען און געוויינען זענען געגאַנגען ביז צום הימעל. אַ דערשיטערנדע סצענע האָט זיך אָפּגעשפּילט ביים הויז, אין וועלכען עס האָט געוואוינט דער בעריהמטער גאון הרב ר׳ דובעריש ווײדענפעלד, דער טשעבינער רב. דער גאון איז קראַנקערהייט געוואָרען אַרויסגעשלעפּט אין דרויסען, האַלטענדיג אין זיינע הענד אַ ספר תורה. מאַסען אידען האָבען זיך פערזאַמעלט אַרום און גענומען זיך בעטען ביי די געהיים־אַגענטען, אַז זיי זאָלען לאָזען צו־רוה דעם טשעבינער רב, ווייל ער איז אַ קראַנקער און עס ווערען געמאַכט באַמיהונגען ביי דער סאָוויעטישער מאַכט צו בעפרייען איהם פון דער פערשיקונג. אָבער דער טשעבינער רב האָט זיך אויפגעשטעלט און געזאָגט: „איך וויל נישט זיין קיין אויסנאַהם! דאָרט, וואו מען נעמט אַלע אידען, וויל איך אויך געהן!” און מען האָט איהם גענומען.

„אין דאָזיגען שבת און צומאָרגענס זונטאָג האָט מען אַרויסגענומען פון די גירוש־צוגען 14 קרבנות, וואָס זענען געשטאָרבען פון האַרץ־אַטאַקען און פון דער ענגשאַפט און היץ — עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז ביז 25 טויזענד אַגענטען פון דער רוסישער געהיים־פּאָליציי זענען ספּעציעל אָנגעקומען קיין מזרח־פּוילען דורכצופיהרען דעם יאַגד אויף די אידישע פּליטים, און זיי האָבען בעוויזען צו אָרגאַניזירען די מאַסען־אַרעסטען און פערשיקונגען גלייכצייטיג א־ן אין עטליכע הונדערט שטעדט און שטעדטלעך, אומעטום וואו די פּליטים זענען געוואָרען פריהער רעגיסטרירט צו בעקומען רוסישע פּעסער...

„צווישען די פערשיקטע האָבען זיך געפונען, אַ חוץ דעם טשעבינער רב, אויך זיין מחותן, דער זשמיגראָדער רבי, האדמו״ר הגאון הצדיק ר׳ סיני האַלבערשטאַם זצ״ל, מיט זיין משפחה; דער גאָרליצער רבי, האדמו״ר הגאון הצדיק ר׳ אלישע האַלבערשטאַם זצ״ל, מיט זיין משפחה און פיעל רבנים און בני תורה״.

צווישען די ערשטע וועמענ׳ס הילפס־רופען, עס האָבען זיך דערטראָגען קיין אַמעריקע פון די קאַטאָרגע־פערשיקונגען אויף סיביר, זענען געווען די ישיבה־לייט פון דער קלעצקער און ראַדונער ישיבות.

אין אַ טעלעגראַם, אַרויסגעשיקט אויף דער אַדרעס פון קלעצקער ראש ישיבה, הגאון רבי אהרן קאָטלער, איז געווען געזאָגט:

„נעווינאַנסקי, פּאָלאַק, ראָדקין, ראָזקאָלענקער, סירקין, פייבושעוויטש, בעפרייט פון סיבירישען לאַגער — צייטווייליגער וואוין־אָרט, שטאָדט דזשיזאַק, סאַמאַרקאַנדער אָבלאַסט — מיר האָפען זעהען זיך מיטן פאָטער — בעפרייאונג פון איבעריגע דרייסיג צום שנעלסטען״.

„אַרויס פון סיביר, אָנגעקומען קיין דזשיזאַק, סאַמאַרקאַנדסקאַיאַ אָבלאַסט — יודעלעוויטש, גאָלדבורט, פעקאַרסקי, ווײַנבלאַנד, גורוויטש, שניידער, צילינסקי, אַראַנאָווסקי, נאַרדוכריצען, שאַרעץ — שיקט אַרויס געלד טעלעגראַפירט, יודעלעוויטש״.

ביסלעכווייז האָט דער קאָנטאַקט מיט סיביר זיך אויסגעברייטערט. עס זענען במשך פון דער צייט אָנגעקומען אומצעהליגע הילפס־מאָהנונגען פון די סאַמע פערוואָרפענסטע ווינקעלעך אין טיף אַזיע, געשריבען דורך פערוואָגעלטע ישיבה־לייט, וואָס זייער איינציגע רעטונג איז געווען דער „ועד הצלה״ אין אַמעריקע.

אין אַ בריף, וואָס איז געווען געשריבען צו הגאון רבי ראובן גראָזאָווסקי, קאַמעניעצער ראש ישיבה, איז געוואָרען דערצעהלט:

„טייערער פריינד ר׳ ראובן. אייער טעלעגראַמע דערהאַלטען, אין וועלכער איהר פרעגט וועגען יצחק׳ס קינדער. איך ווייס נאָר פון אַ טייל, ניט פון אַלע. איך ווייס פון אַכציג, וואָס זענען אַרויסגעפאָהרען מיט אונז, עלף (11) פון זיי זענען שוין אַוועקגעפאָהרען צום טאַטען ר׳ ברוך בער. עס קאָן זיין, אַז זיי איז שוין בעסער פאַר אונז. דאָס זענען זייערע נעמען — — — — — מיר פיהלען זיך גוט. אונזער פריינד „רעב״ (הונגער) איז ביי אונז אַ זעהר אָפטער גאַסט. אויף אייערע טעלעגראַמעס קען איך ניט ענטפערען פון דאַנען, נור פון אַ גרויסער שטאָדט. מיר האָבען איצט דערהאַלטען זעקס טויזענד רובל און 1060 רובל. איך שיק דאָס צו אונזערע בעקאַנטע, וואָס איך ווייס זייער אַדרעס. מיר בעטען זעהר, שיקט פעקלעך דורך ארץ־ישראל. מיר וואַרטען זעהר אויף אייערע פעקלעך און בריף״. —

און אָט איז אַן אַנדער אויסצוג פון אַ בריף, וואָס איז אָנגעקומען דירעקט

צום „ועד הצלה" פון די אייניקלעך פון דעם בעריהמטען ראַדונער ראש ישיבה, הגאון רבי נפתלי טראָפּ ז"ל:

„עס איז קוים אַריבער די יאָהר־צייט נאָך אונזער טאַטען, הגאון רבי אייזיק כאַרקאָווער ז"ל, וואָס איז אויסגעגאַנגען דאָ פון הונגער און קעלט — איצט זענען מיר ווידער געוואָרען פעריתום'ט פון אונזער מוטער ע"ה, די טאָכטער פון ראש־ישיבה רבי נפתלי ז"ל. דריי קינדער זענען מיר פערבליבען. ראַטעוועט אונז, ווי לאַנג עס איז נאָך מעגליך! פערשפעטיגט ניט מיט אייער הילף, מיר פאָכען דאָ צווישען לעבען און טויט. דעם טאַטען דעם גאון, און די מאַמען, די צדיקת, האָבען מיר בעגראָבען אין סיביר, צי זענען מיר אַלע פעראורטיילט אונטערצוגעהן?"...

דער „ועד הצלה" האָט נישט פערנאַכלעסיגט קיין איין טאָג און גלייך אויף די ערשטע אַלאַרמען פון סיביר איז געוואָרען אונטערגענומען אַ ברייט־פערצווייגטע הילפס־אַקציע פאַר די פערשיקטע ישיבה־לייט, די תורה־מאַרטירער.

די אגודת הרבנים אין אַמעריקע האָט זיך אויך דאָס מאָל מזרדז געווען אַרויסצוקומען אין דער עפענטליכקייט מיט אַ וואַרימען הילפס־רוף, לטובת די בני תורה אין סיביר:

„זינט דעם קריזיס צוליב דער מלחמה צווישען דייטשלאַנד און רוסלאַנד זענען מיר ערשיטערט, וואָס די שארית הפליטה פון אחינו בני ישראל אין אייראָפּע ווערט חרוב און צושטערט, און מיר זענען דערצו בעזאָרגט איבערן גורל פון טויזענדער ישיבה־לייט, רבנים און בני תורה, וואָס אַ גרויסער טייל פון זיי וואָלט געהאַט די מעגליכקייט אויסצוואַנדערען פון דאָרט, און צוליב דעם נייעם מלחמה־קריזיס זענען זיי דאָרטען פערבליבען.

„פון צייט צו צייט האָבען זיך געהערט גרוסען פון אַ טייל בני תורה, וואָס געפינען זיך אין סיביר און בעטען הילף. אָבער אין די לעצטע טעג זענען דערהאַלטען געוואָרען אָפּטע טעלעגראַמעס און בריף פון בני תורה אין סיביר, דערפון איז צו דרינגען, אַז אַ גרויסע צאָהל פון ישיבה־תלמידים און בני תורה זענען צעוואָרפען איבער ווייטע מקומות פון רוסלאַנד, און אַלע טעלעגראַמעס פון דאָרט רופען אין איין קול: „דרינגענדע הילף, אַז מיר זאָלען נישט אויסגעהען פון הונגער און קעלט — געוואַלד, ראַטעוועט אויף אַלע וועגען און מעגליכקייטען".

„ריכטיג, אַז דורכן „ועד הצלה" איז גלייך געוואָרען אַרויסגעשיקט הילף צו די פערשיקטע אין סיביר, אָבער צוליב די שוועריגקייטען ביים אויסטוישען די וואַליוטע איז דערווייל נישט מעגליך צו אָרגאַניזירען די געהעריגע הילף. דער „ועד הצלה" זוכט אַנדערע וועגען צו בעזאָרגען די הילף אויף דעם סאַמע פּראַקטישסטען וועג. דער „ועד הצלה" האָט זיך פערבונדען מיט דעם „רויטען קרייץ", וועלכע האָבען פערזיכערט די מעגליכקייט איבערצוליפערען מיט זייער

הילף פעקלעך און בעקליידונג פאַר די פערשיקטע אין סיביר; און עס איז געװאַלדיג נויטיג צו שיקען פיעל טויזענדער פעקלעך פאַר די דאָזיגע געצייכענטע תורה־אידען, צו שטאַרקען זייי פיזיש און אויך גייסטיג ביז עס וועט קומען די ישועת ה׳.

„דער „ועד הצלה״ האָט זיך געשטעלט אין פערבינדונג מיט די רעגירונגען, וואָס דורך זייי איז מעגליך צו ליפערען שנעלע הילף קיין סיביר, און דערצו זענען נויטיג גרויסע געלד־מיטלען — מיר ווענדען זיך דעריבער צום אַמעריקאַנער אידענטום, אָהן אונטערשיד פון פאַרטיי, צו העלפען דעם „ועד הצלה״ אין דער דאָזיגער אַרבעט״. —

(אונטערגעשריבען)

**אגודת הרבנים דארצות הברית וקנדה.**

באַלד איז געוואָרען פראָקלאַמירט אַ ספּעציעלער קאַמפּעין פאַרן „ועד הצלה״ אין גרויס ניו־יאָרק, און די אגודת הרבנים האָט ווידער געמאָהנט הילף און רעטונג:[2]

„טייערע ברידער! חברים רבנים! פּרעזידענטען און וויס־פּרעזידענטען פון שוהלען, טייערע עסקנים — עוסקים בצרכי ציבור באמונה! „ממעמקים״ — פון די טיפענישען פון די סיבירער מדבריות און פערוואָרפענע ווינקלען, וואו זייי זענען צושפּרייט ווי שוצלאָזע שאָף, הערען זיך די הילפס־רופען.

„די פיהרערשאַפט פון דער אגודת הרבנים, צוזאַמען מיט דעם ועד הפועל פון „ועד הצלה״, ווי אויך אַלע ראשי־ישיבות, פּליטים פון אייראָפּע, וואָס זענען געוואָרען געראַטעוועט אַהער אַ דאַנק דעם „ועד הצלה״, רופען אייך, ברידער אידען, דורכגעדרונגען צו ווערען מיט דער שטימע פון די פיהרער פון אייראָפּעאישען תורה־אידענטום, וואָס געפינט זיך איצט בצרה ובשבי׳ און ראַטעווען זייי פון הונגער־טויט״.

ווען די פעדעראַציע פון פּוילישע אידען אין אַמעריקע האָט געגעבען די איניציאַטיוו פאַר אַ זאַמעל־אַקציע פון בעקליידונג און מעדיקאַמענטען פאַר אַלע הונגעריגע און אויסגעפּייניגטע פערשיקטע אידען בכלל, איז די אגודת הרבנים ווידער אַרויס מיט אַ פייערליכען רוף און האָט אונטערגעשטיצט די אַלגעמיינע אַקציע פאַר די סיביר־פערשיקטע, מיט דער גאַנצער רבנישער אויטאָריטעט:[3]

„די אגודת הרבנים פון די פעראייניגטע שטאַטען און קאַנאַדע האָט זיך געוואָנדען מיט אַ קול קורא צו אַלע אידען צו בעטייליגען זיך אין דער אַקציע

---

2) „מאָרגען־זשורנאַל״, יאַנואַר 22, 1942.
3) „מאָרגען־זשורנאַל״, פעברואַר 15, 1942.

License No. NY 470712-R
Date: October 30, 1942.

# LICENSE

(GRANTED UNDER THE AUTHORITY OF EXECUTIVE ORDER NO. 8389 OF APRIL 10, 1940, AS AMENDED, AND THE REGULATIONS AND RULINGS ISSUED THEREUNDER)

To Union of orthodox Rabbis of United States

673 Broadway, New York, N. Y.

1. Pursuant to your application of October 9, 1942 [illegible] hereby licensed:

Remit $10,000.00 to the Polish Embassy at Kuibyshev, U.S.S.R. for distribution among the Rabbinical students of Poland nationality [illegible] in [illegible]



## RCA RADIOGRAM



R.C.A. COMMUNICATIONS, INC

RECEIVED AT 64 BROAD STREET, NEW YORK, AT

W472 LONDON 39 1 1725 (NEW ADD 132 NASSAU STREET)

NLT RA

CHIEF

ASSURE

THAT ST

AND ST

## WESTERN UNION CABLEGRAM

Received at 40 Broad Street (Central Cable Office), New York, N.Y.

WLNL5 JERUSALEM 45 10 1247 WU=

NLT VAD HAHATZALAH

132 NASSAUST NEWYORK=

FEARFULLEST REPORTS JUST RECEIVED SITUATION DEMANDS UNFAILINGLY IMMEDIATE DESPATCH ADDITIONAL PARCELS LAST HOPE SUSTAIN LIFE REMNANT THEOLOGICAL STUDENTS RABBIS MANY WHOM ALREADY SUCCUMBED NAME ALMIGHTY IMPLORE YOU CABLE IMMEDIATELY TENTHOUSAND DOLLARS=

CHIEFRABBI ISAAC HERZOG RABBIS SZADE KAHANE SARNE FINKEL.

פון דער פעדעראַציע פון די פוילישע אידען אין אַמעריקע צו שיקען קליידער און מעדיקאַמענטען פאַר די אידישע פליכטלינגע פון פוילען, וואָס געפינען זיך אין רוסלאַנד.

„מיר בעטען יעדען רב, יעדען גייסטיגען פיהרער, מעורר צו זיין די אידען שבת אין זייערע דרשות, זיי זאָלען געבען קליידער און וואַרימע וועש פאַר אונזערע פוילישע אידען, מיר בעטען אויך אַלע אידען, זיי זאָלען גלייך זאַמלען מלבושים און קליידער.

„די פעדעראַציע פון די פוילישע אידען האָט דורך דער פערמיטלונג פון דער פוילישער רעגירונג זיך פערזיכערט, אַז די פעקלעך מיט קליידער און וועש וועלען גלייך אָפּגעשיקט ווערען קיין רוסלאַנד און אָנקומען דירעקט צו די נויטבעדערפטיגטע אידישע פליכטלינגע".

גראָד איז אָבער דער ענטשיידענדער מאָמענט, ווען אַמעריקע איז אַריין אין גרויסען קריגס־בונד קעגען די נאַציס און זייערע פערבינדעטע, געווען פערבונדען מיט געוויסע פסיכאָלאָגישע שוועריגקייטען פאַר דער הילפס־אָרגאַניזירונג. פון איין זייט איז אַ דאַנק דעם געשטאַנען אָפען דער וועג פון שיקען הילף אין דער פערבינדעטער רוסלאַנד; פון דער אַנדערער זייט זענען דערווייל די אַמעריקאַנער אידען אַליין אויך געוואָרען פערכאַפּט פון דער מלחמה־בהלה. דערויף האָט זיך דאַמאָלס אָפּגעשטעלט די אידישע פרעסע אין אַמעריקע, אין איהרע ענערגישע מאָהנונגען לטובת דעם „ועד הצלה": [4])

„אין איינקלאַנג מיט דער פּראָקלאַמאַציע פון דער אגודת הרבנים וועט איבער גאַנץ אַמעריקע די היינטיגע וואָך זיין געווידמעט צו דער אַקציע פאַרן „ועד ההצלה", די קערפערשאַפט וואָס גיט זיך אָפּ מיטן ראַטעווען רבנים, ישיבה־לייט און אַנדערע בני תורה. די דאָזיגע „וואָך" וועט זיך בעזונדערס אויסצייכנען מיט אַ קאָנפערענץ אין סינסינעטי, וואו דער אומדערמידליכער הרב ר' אליעזר סילווער איז דער רב און וועט אויך זיין דער יושב־ראש פון דער קאָנפערענץ.

„דער „רעקאָרד" פון „ועד ההצלה" רעדט פאַר זיך אַליין. דער „ועד ההצלה" האָט צו זיין קרעדיט די רעטונג פון הונדערטער רבנים און ישיבה־לייט און סתם לומדים, וואָס וואָלטען, חלילה, אומגעקומען אָדער פשוט פער־הונגערט געוואָרען. אַ סך פון די געראַטעוועטע געפינען זיך איצט אין אַמעריקע, אַנדערע זענען געשיקט געוואָרען קיין ארץ־ישראל. עס זענען אָבער נאָך פאַראַן גאָר אַ גרויסע צאָהל, וואָס זענען געבליבען געשטראַנדעט אין פערשידענע לענדער און פאַר וועמען רעטונג דאַרף ערשט קומען — דער פאַקט, וואָס רוס־

4) „מאָרגען־זשורנאַל", יאַנואַר 25, 1942.

לאַנד איז איצט אָפּען פאַר רעטונגס־ אַרבעט פון דעם סאָרט און וואָס אַ סך פון די פליכטלינג־רבנים און בני תורה געפינען זיך אין אַזיאַטישע לענדער, ווי פּערסיע, אינדיע און טערקיי, מיינט, אַז אפילו אין איצטיגען מאָמענט קען מען נאָך העלפען אַ סך וויכטיגע אידען. גראָד שפּילט ארץ־ישראל איצט אַ וויכטיגע ראָל, ווי אַן אַנטרינונגס־פּלאַץ.

„און דערפאַר איז צו האָפען, אַז די אַקציע פון דעם ועד ההצלה וועט געשטיצט ווערען פולהאַרציג פון דעם ברייטען אידישען עולם אין אַמעריקע. זאָל קיינער ניט פּרובירען זיך אַרויסדרייהען פון מיטהילף דורך אָנגעבען פאַר אַ תירוץ, דאָס וואָס אַמעריקע איז איצט אין קריג. איצט ווי פריהער זענען נאָך דאָ מעגליכקייטען אָנצוגעהן מיט דער אַקציע פון ועד ההצלה".

איבער דעם פּערנעם פון דעם רעטונגס־ווערק פאַר די לעבענס־בעדראָהטע תורה־לערנער אין סיביר זאָגען צום בעסטען עדות די טעטיגקייטס־בעריכטען פון „ועד הצלה" פאַר יענעם פּעריאָד.

די סאַמע שווערסטע און קאָמפּליצירסטע אויפגאַבע איז געווען אויסצו־געפינען די אַדרעסען פון די פערשיקטע און פערשקלאַפּטע, וועלכע זענען געווען פונאַנדערגעטיילט אין קלענערע גרופּעס איבער פערשידענע פּלעצער פון דער סיבירישער קאַטאָרגע־אַרבעט. ווען דער „ועד הצלה" איז געווען אימשטאַנד צו בעריכטען, אַז אין זיין בעזיץ זענען פאַרהאַן ביי 3 טויזענד פּריוואַטע אַדרעסען פון רבנים, גדולי התורה, תלמידי הישיבות און רעליגיעזע עסקנים, און אַ דאַנק דעם געניסען זיי אַלע פון פּערזענליכער סיסטעמאַטישער הילף, איז דאָס געווען אַ רעזולטאַט פון אומגעווענליכע אָנשטרענגונגען. דער „ועד הצלה" האָט דאָ אויגענוצט אַלערליי מעגליכע פערבינדונגען, ווי: 1) דער אַמעריקאַנער „רויטער קרייץ" (רעד קראָס). 2) די רוסישע קריגס־הילף („ראָשן וואָר רעליעף"). 3) די סאָציאַלע הילף פון דער פּוילישער גלות־רעגירונג אין לאָנדאָן. און 4) אַ ספּעצ־יעלע זאַמעל־שטעלע פאַר אַדרעסען, וואָס איז געווען ביי דער אָפּטיילונג פון „ועד הצלה" אין ארץ־ישראל, און וואָס האָט סיסטעמאַטיש איינגעשאַפּט די אַדרעסען ביי פּריש־אָנגעקומענע, ניצול־געוואָרענע פּליטים.

די רעגעלמעסיגע הילף פאַר סיביר איז געוואָרען איבערגעשיקט אַהין אויף 3 פערשידענע אופנים:

א) דורך דירעקטע געלד־איבערווייזונגען צו די נויטבעדערפטיגטע, וואָס דערביי איז געווען בעזונדערס בייהילפיג די פּוילישע רעגירונג מיט די דיפּלאָ־מאַטישע פערטרעטונגען איהרע איבער ווייטע טיילען פון אַזיאַטישען רוסלאַנד.

ב) דורך שיקען שפּייז־פּאַקעטען ווי אויך פּאַקעטען מיט רפואות, בעקליי־דונג און פערשידענע געברויכס־אַרטיקלען אַלס מתנות.

ג) דורך ספּעציעלע פערזאָרגונגס־אַקציעס פון אַ רעליגיעזען כאַראַקטער,

ווי דאָס ליפערן מצות אָדער פסח׳דיג מעהל, אַלס מתנות צום דעקן די רע־ליגיעזע הצטרכות׳ן וכדומה.

די אַקציע פון געלד־איבערווייזונגען איז געוואָרען דורכגעפיהרט אויף ספּעציעלע עֶרלויבענישען, „לעיסענס״, פון פינאַנץ־דעפּאַרטאַמענט אין וואַשינג־טאָן און דורך דער פערמיטלונג פון די אָפיציעלע פּוילישע הילפס־אַגענטורען אין רוסלאַנד איז דאָס געלד געוואָרען צוגעשטעלט, אויף אַ גענוג־גינסטיגען אויסטויש־קורס, צו די נויטבעדערפטיגטע, לויט די צוגעשטעלטע אַדרעסען פון „ועד הצלה״. אָט איז איינע פון די „לעיסענס״ פון דאָזיגען טיפּ, אויסגעשטעלט דעם 30־טען אָקטאָבער, 1942 דורך דער פעדעראַל־רעזערוו־באַנק אין ניו־יאָרק, אין נאָמען פון דער „טרעזשורי״ אין וואַשינגטאָן. די „לעיסענס״, נומער — 470712 איז אַרויסגעגעבען אויפן נאָמען פון אגודת הרבנים אין די פעראייניגטע שטאַטען, און זעהט־פאָר די איבערווייזונג פון אַ סומע פון 10 טויזענד דאָ.אַר „צו דער דיספּאָזיציע פון דער פּוילישער אַמבאַסאַדע אין קויבישעוו (די צייט־ווייליגע סאָוויעטישע הויפּט־שטאָדט, ווען מאָסקווע האָט זיך געפונען אין אַ בעלאַגערטען צושטאַנד), צום פונאַנדערטיילען צווישען די ישיבה־תלמידים פון דער פּוילישער נאַציאָנאַליטעט, וואָס זענען אין סאָוויעט־רוסלאַנד״. אַזעלכע איבערווייזונגען זענען געוואָרען דורכגעפיהרט מאָנאַטליך.

אַ פיעל גרעסערן פערנעם און אַ פיעל וויכטיגערע בעדייטונג האָט געהאַט די אַקציע פון שיקען שפּייז־פּאַקעטען, ווי אויך מלבושים און אַנדערע אַרטיקלען, דאָס איז געווען די סאַמע ווירקזאַמסטע הילף, און די דאָזיגע הילף האָט געמוזט ווערען אָנגעהאַלטען דורך אַ לענגערע צייט, פּאַקטיש ביז צו דער ענדע פון דער מלחמה, אין 1945; און בלויז אַ דאַנק דער דאָזיגער ווירקזאַמער הילף זענען די בני תורה און רבנים, פערשיקטע אויף סיביר, געוואָרען דערהאַלטען ביים לעבען.

די זענדונגען פון פּראָדוקטען און אַנדערע אַרטיקלען זענען געגאַנגען קיין רוסלאַנד פון 3 פערשידענע פּלעצער:

1) דירעקט פון אַמעריקע, ביי דער פערמיטלונג פון דער „רוסישער מלחמה־הילף״, זענען געוואָרען איבערגעשיקט ביי 12 טויזענד פּעקלעך מאָנאַטליך, בערך, און די פּעקלעך האָבען ענטהאַלטען צוקער, אייער־פּודער, מילך־פּודער, מילך־שאָקאָלאַד, פּודינג און פעטס, מיט אַ צוגאָב פון פערשידענע קליינע שטוב־אַרטיקלען (ווי זאָקען, נאָדלען, וועש וכדומה).

2) דורך טעהעראַן, דער הויפּט־שטאָדט פון איראַן, ביי דער מיטהילף פון אַמעריקאַנער „רויטען קרייץ״, אָדער פון דער דאָרטיגער פערטרעטונג פון דער „דזשוזיש איידזשענסי״, און שפּעטער דורך דער הילף פון אַן אייגענעם פאָרשטעהער פון „ועד הצלה״; די טעהעראַנער פּאַקעטען זענען געווען מעהר

ווערטפולע, יעדער האָט בעטראָפען ביי 30 דאָלאַר און דורכשניטליך זענען געוואָרען געשיקט ביי 700 פּאַקעטען אַ חודש.

3) פון ארץ־ישראל, אויף אַ ספּעציעלער בעוויליגונג פון דער ענגלישער מאַנדאַט־רעגירונג און ביי דער אָרגאַניזירונג פון דעם „ועד הצלה"־קאָמיטעט אין ירושלים, אונטער דעם פּאָרזיץ פון הרב הראשי הערצאָג; די דאָזיגע פּאַקעטען זענען געווען פון אַ גאָר הויכער קוואַליטעט, נישט האָבענדיג קיין שפּייז־אַרטיקלען נאָר וויכטיגע הויז־אַרטיקלען און סחורות, וואָס ביי דעם הערשענדען סחורות־מאַנגעל אין רוסלאַנד האָט יעדער איינער לייכט דאָס געקענט איינטוישען אויף די ווערטפולסטע שפּייז־פּראָדוקטען.

אַ דאַנק דער הומאַניטאַרער הילף פון אַמעריקאַנער „רויטען קרייץ" איז דער „ועד הצלה" געווען ערפאָלגרייך ביים פערזאָרגען די סיבירער פערשיקטע מיט מצות אויף פסח. אָט זענען איניגע דאָקומענטען וועגען דעם גאַנג פון דער דאָזיגער אַקציע.

אין אַ בריף פון 12־טען מאַי, 1943 מעלדעט די הויפּט־קוואַרטיר פון אַמעריקאַנער „רויטען קרייץ" אין וואַשינגטאָן, צום סעקרעטאַר פון אגודת הרבנים אין אַמעריקע:[6]

— „איך בין צופרידען אייך צו מעלדען, אַז מיר האָבען אָקאָרשט בע־קומען אַ טעלעגראַם פון דירעקטאָר פון אונזערע אָפּעראַציעס אין קאַירא, אַז די 5 טאָן מעהל פאַר די אידישע פּליטים אין דרום־רוסלאַנד, וועגען וועלכען מיר האָבען געהאַט געפיהרט אַ קאָרעספּאָנדענץ, איז געוואָרען אָפּגעליפערט צו אייער פאָרשטעהער אין טעהעראַן, דעם 15־טען אַפּריל.

„דערוויל גלויבען מיר, אַז איהר וועט זיין אינטערעסירט צו הערען, דאָס מיר זענען געווען ביכולת צו אַראַנזשירען די מתנה פון 5 טאָן מעהל און אַז דאָס איז געוואָרען אָפּגעליפערט אין דער ריכטיגער צייט צו זיין צום געברויך אויף פסח".

וועגען די עהרענהאַפטע בעמיהונגען פון אַמעריקאַנער „רויטען קרייץ" צו פערזאָרגען די הונגעריגע פרומע פּליטים אין רוסלאַנד מיט כשר מעהל צו באַקען מצות, איז געוואָרען שפּעטער דערצעהלט אין אַן אויספיהרליכען בעריכט פון דעם הויפּט־שטאַב פון „רויטען קרייץ" אין וואַשינגטאָן:[7]

„איך בין זיכער, אַז עס וועט אייך אינטערעסירען דער אינהאַלט פון אַ ראַפּאָרט, וואָס מיר האָבען לעצטענס בעקומען פון מר. סי. אי. באַילעי, אונזער געהילפס־דירעקטאָר פאַר די מיטעל־מזרח־אָפּעראַציעס אין קאַירא, וועגען די דעטיילען פון בעזאָרגען דאָס מעהל, וואָס די אגודת הרבנים אין אַמעריקע האָט

6) „הפרדס", תמוז, תש"ג.

7) לויט'ן אָריגינאַל אין אַרכיוו פון „ועד הצלה".

אונז געבעטען לטובת די רבנים־פּליטים אין אַזיאַטיש רוסלאַנד, כדי צו קענען דאָס בענוצען אויף באַקען מצות פֿאַר פּסח. אין דערמאָנטען ראַפּאָרט ווערט געשריבען:

„אייער קעיבעל, דאַטירט דעם 17־טען מערץ און דערהאַלטען דעם 19־טען מערץ, 1943, איז אָנגעקומען אין דער צייט, ווען איך האָב זיך געגרייט צו פליהען פון קאַירא קיין איראַן און איך האָב גענומען אַ קאָפּיע פון קעיבעל מיט זיך — פון איראַן קיין רוסלאַנד איז נישט ערלויבט צו שיקען קיין שום פּראָדוקטען, אויסער אין דער פאָרם פון פּאָסט־פּאַקעטען, וואָס וועגען נישט מעהר ווי 5 קילאָ — אויסער דעם איז פאַרהאַן אַ שטרענג געזעץ אין איראַן קעגען יעדען עקספּאָרט פון ווייץ, און דער ראַטגעבער פון אַפּראָוויזאַציע־מיניסטעריום איז דערביי נישט געווען אַנוועזענד אין טעהעראַן און קיין אַנדערער האָט נישט געוואָלט נעמען די פעראַנטוואָרטליכקייט פאַר אַ ספּעציעלער ערלויבעניש אין דעם פאַל — אָבער אויך נאָכדעם ווי די אָפּיציעלע אויטאָריטעט האָט אַרויסגעגעבען אַזאַ סאָרט ערלויבעניש האָט די פּאָסט־מאַכט דאָס נישט געוואָלט אָנערקענען — ענדליך בין איך אָנגעקומען צום אַפּראָוויזאַציע־מיניסטער, און ווייל ער פּערזענליך איז געווען אויף אַ מיטינג פון פּאַרלאַמענט האָט מיך אויפגענומען זיין אַסיסטענט און דערקלערט, אַז דערצו איז נויטיג אַ פאָרמעלע דעציזיע פון מיניסטאָרען־קאַבינעט — שליסליך איז נאָך לאַנגע פערהאַנדלונגען געוואָרען דערהאַלטען אַ פּערזענליכער בריף פון אַפּראָוויזאַציע־מיניסטער און דער פּאָסט־אַמט האָט בעוויליגט די פּאַקעטען אָנצונעמען“. —

„אַלס צוגאָב צום דאָזיגען ראַפּאָרט ערלויב איך מיר צו מעלדען, אַז אויף מיין אייגענער אויטאָריטעט האָב איך אַרויסגעגעבען 2 זעקלעך מעהל, אין וואָג פון 300 פונט צוזאַמען, צום געברויך פאַר די פּסח־צערעמאָניעס פון די אידישע מלחמה־פּליטים, וואָס געפינען זיך אין דער שטאָדט טעהעראַן און צעהלען ביי 175 פערזאָן. אין דאָזיגער צאָהל זענען איינגעשלאָסען אידען פון פערשידענע לענדער: פון פוילען, טשעכען, פראַנקרייך, אונגאַרן און אַנדערע, און די דאָזיגע קליינע מתנה האָבען זיי בעקומען אַ וואָך פאַר פּסח“. —

(אונטערגעשריבען)

**פיליפּ אי. רעיאן,**
דירעקטאָר פאַר ציוויל־הילף און
אויסלענדישע אָפּעראַציעס

ביים גאַנצען אומפאַנג פון דער רעטונגס־אַקציע פאַר סיביר איז פון דער ערשטער מינוט אָן נישט געוואָרען אַוועקגעקוקט פון דעם סאַמע צוועקמעסיגסטען און זיכערסטען וועג פון רעטונג — דאָס מיינט אַרויסצוראַטעווען די ישיבה׳ש

וועלט פון סיביר גופא! אויב די דאָזיגע אַקציע איז נישט געווען אַזוי ערפאָלג־רייך, איז זי אָבער געוואָרען געפיהרט מיט נישט וועניגער ענערגיע און איניציאַ־טיוו. עס זענען געוואָרען געמאַכט דיפּלאָמאַטישע בעמיהונגען אין אַלע מעגליכסטע ריכטונגען: אין וואַשינגטאָן — וועגען אויסעראָרדענטליכע („עמוירדזשענסי״) וויזעס קיין אַמעריקע; אין לאָנדאָן — וועגען ספּעציעלע סערטיפיקאַטען פאַר ישיבה־לייט קיין ארץ־ישראל; און ביי דער פּוילישער גלות־רעגירונג — וועגען בעקומען צייטווייליגע אַזיל־פּלעצער פאַר די ישיבה־לייט, אַלס דאַכלאָזע פּוילישע בירגער, קריגס־געליטענע.

אַ פּאָזיטיווע, ערהאַבען־מענשליכע בעציהונג האָט אין דער פראַגע אַרויס־געוויזען די פּוילישע רעגירונג מיט דעם פּרעמיער גענעראַל שיקאָרסקי, אין שפּיץ. איינינע דיפּלאָמאַטישע אַקציעס זענען דורך דער פּוילישער גלות־רעגירונג געוואָרען אונטערגענומען ביי די פערבינדעטע רעגירונגען, ווי אויך ביי נייטראַלע לענדער. די אַקציע ביי דער קאַנאַדישער רעגירונג איז טיילווייז געהאַט גע־לונגען צו יענער צייט. איין גרופּע פון ראשי הישיבות און ישיבה־תלמידים, אַנטלאָפענע פון ווילנע קיין יאַפּאַן האָט בעקומען אַ דאַנק דער פּוילישער אינ־טערווענץ אַריינפאָהר־וויזעס קיין קאַנאַדע, אין אַ צאָהל פון 80. אין דער ערשטער גרופּע, וואָס איז ענדע 1941 אָנגעקומען קיין קאַנאַדע, האָבען זיך געפונען תלמידים פון די לובאַוויטשער, קלעצקער, מירער, לובלינער, קאַמענעצער, ביאַליסטאָקער ישיבות. א טייל פון די דאָזיגע ישיבה־לייט האָבען שפּעטער איבערגעוואַנדערט קיין אַמעריקע און אַנדערע זענען געבליבען אין קאַנאַדע, און דאָרט בעררייכערט דאָס תורה־לעבען.

אין אַ בריף, דאַטירט דעם 18־טען מערץ, 1943, צום רב הכולל פון גרויס־ בריטאַניע, טשיף־ראַביי ד״ר הערץ, אין לאָנדאָן, האָט דער פּוילישער פּרעמיער־מיניסטער, גענעראַל שיקאָרסקי געשריבען:[8]

„מיט עטליכע חדשים צוריק האָב איך געגעבען זעהר שטרענגע אינ־סטרוקציעס צו מאַכען אַלע מעגליכע אָנשטרענגונגען דורכצופיהרען די עוואַ־קואַציע פון אַלע פּוילישע בירגער פון שאַנכאַי, וואָס די מעהרסטע פון זיי זענען פּוילישע אידען, איך בין ספּעציעל בעזאָרגט צו בעפרייען די רבנים און רע־ליגיעזע סטודענטען, ווייל איך בעגרייף די וויכטיגקייט פון ראַטעווען די לעבענס פון די וועג־ווייזער און גייסטיגע פיהרער פון אידענטום, בעזונדערס אין די דאָזיגע טראַגישע מאָמענטען, ווען מיליאָנען פון זייערע ברידער אין פּוילען ווערען אויסגעראָטען דורך די נאַצי־מערדער אויף דעם סאַמע שרעקליכסטען אופן. ווי איהר וועט זיך דערמאָנען האָב איך בעת מיין אויפענטהאַלט אין מעק־

8) לויט׳ן אַרכיוו פון „ועד הצלה״.

סיקאָ אַראַנזשירט אַן אַזיל פאַר פוילישע בירגער און איך האָף גאַנץ ערנסט, אַז אין דאָזיגען לאַנד וועלען זיי קענען געפינען אַ האַפען נאָך זייערעליידען.

(אונטערגעשריבען)

**שיקאָרסקי**

אין אַ בריף צו דער אגודת הרבנים אין אַמעריקע, דאַטירט דעם 16־טען פעברואַר, 1943, האָט דער פוילישער אַמבאַסאַדאָר אין וואַשינגטאָן, ציעכאַנאָווסקי, געמאָלדען, אַז די פוילישע רעגירונג איז גרייט איינצושליסען אין דער רשימה פון אַזיל־בערעכטיגטע פוילישע בירגער אין מעקסיקאָ, אויך די נעמען פון 500 רבנים און רבנישע סטודענטען, פוילישע בירגער, וועלכע געפינען זיך אין רוסלאַנד און זיי פון דאָרט צו עוואַקואירען. די אַלע פראוווען אַרויסצוראַטעווען פערזענליך די פערשפאַרטע אין שאַנכאַי, ווי די פערשיקטע אין סיביר, האָבען זיך אָבער נישט איינגעגעבען, טראָץ אַלע בעמיהונגען.

בלויז איין וועג צו וועדען אַנטרינען פון דער פערשיקונג אין טיף־רוסלאַנד איז געוואָרען געעפענט פאַר אַ צאָהל אידישע פליטים, פוילישע בירגער — דאָס איז געווען דער וועג פון רוסלאַנד איבער טעהעראַן קיין ארץ־ישראל. מיטן דאָזיגען וועג האָבען זיך אָבער געקענט בענוצען בלויז וועניגע ישיבה־לייט, ווייל דאָס איז געווען פאָרמעל פערבונדען מיט דעם אָנשלוס אין דער פוילישער גלות־אַרמיי, אונטער דער אָנפיהרונג פון גענעראַל אַנדערס.

אָבער די דאָזיגע פראַגע געהער שוין צו אַן אַנדער קאַפּיטעל — צום קאַפּיטעל פון דער הילף, וואָס דער „ועד הצלה" האָט דורכגעפיהרט פאַר ארץ־ישראל און דורך ארץ־ישראל.

קאַפּיטעל 8

# שאַנכײַ — אַ וואַנדער־סטאַנציע פאַר תורה

די ערשטע גרופּען פון ניצול־געוואָרענע גדולי תורה קומען אָן פון יאַפּאַן קיין אַמעריקע. — יאַפּאַן גרייט זיך צו דער מלחמה און דער רעטונגס־וועג ווערט אָפּגעשניטען. — שאַנכײַ ווערט אָקופּירט דורך די יאַפּאַנער און אין שאַנכײַער פינסטערן געטאָ בליהט־אויף אַ וואונדערליך תורה־לעבען. — די מירער ישיבה פערשרייבט אַ הערליכען בלאַט אין שאַנכײַער גלות. — דאָס געהיימניש, ווי אַזוי דער „ועד הצלה" האָט איבערגעשיקט אונטער־ערדישע הילף קיין שאַנכײַ דורך דער גאַנצער צייט פון קריג.

און אַזוי ווערט געשריבען אין דער וואַנדער־מגילה פון די ניצול־געוואָרענע בני הישיבות:

— ויסעו מקאָבע ויחנו בשאַנכײַ...

דער נאָמען פון דאָזיגען יאַפּאַנישען האַפען — קאָבע, איז בעקאַנט געוואָרען איבער דער אידישער וועלט בלויז אַ דאַנק דעם, וואָס אַ צאָהל אידישע פליטים, אַנטלאָפענע פון אייראָפּעאִישען גיהנום, האָבען דאָרטען, אין דאָזיגען אַזיאַטישען פאָרט, אָפּגעכאַפּט אויף אַ ווײַלע דעם אָטעם. און טאַקע נישט מעהר, ווי בלויז אויף אַ ווײַלע.

לאַנג האָט דער פליטים־צענטער אין קאָבע נישט אָנגעהאַלטען. בלויז קלענערע גרופּעס פון די וואָגלענדע פליטים האָבען בעוויזען זיך צו דערוואַרטען אין קאָבע אויף איינרייזע־וויזעס קיין אַמעריקע, קיין קאַנאַדע ווי אויך קיין ארץ־ישראל; און זיי האָבען זיך געצעהלט צו די גליקליכע, ווייל פאַר זיי איז געווען בעשערט איינצושפּאָרען די אַלע ביטערע נאָכוועהענישען, וואָס די פער־בליבענע אין קאָבע איז אויסגעפאַלען דערנאָך. אָבער די נאָכוועהענישען זענען פאַקטיש פערבונדען מיט אַ נאָמען פון אַן אַנדערן פּלאַץ, מיט אַ נאָמען פון אַ שווערער, פיינליכער און דערצו לאַנג־יעהריגער אויפענטהאַלט־סטאַנציע — שאַנכײַ.

שאַנכײַ, וואָס איז שוין דווקא יאָ אַ בעוואוסטער נאָמען, אַ נאָמען פון אַ מין אינטערנאַציאָנאַלען הפקר־פּאָרט פון אַ טרויעריג־בעריהמטער רעפּו־טאַציע; שאַנכײַ האָט געהאַט אַלע שאַנסען צו ווערען פערוואַנדעלט אין אַ

ריכטיגען גיהנום פאַר די אומגליקליכע פליטים, און בפרט פאַר די צאַרטע און אײדעלע בני תורה. און צום סוף איז טאַקע אַ דאַנק די וואַנדערענדע ישיבה־לייט געוואָרען דער נאָמען „שאַנכאַי" פערצייכענט מיט גאָלדענע אותיות אין דער געשיכטע פון די טראַגישע אידישע מלחמה־וואַנדערונגען.

דער טראַנזיט־לאַגער אין קאָבע איז געוואָרען דורך דער יאַפּאַנישער רעגירונג ליקווידירט אין חודש אויגוסט, 1941. און ערשט שפּעטער מיט אַ פּאָר חדשים, נאָך דעם געשעהעניש פון 7־טען דעצעמבער, 1941, אין פּוירל האַרבאָר, איז געוואָרען קלאָר, אַז אויך די ליקווידאַציע פון אידישען פליטים־לאַגער אין קאָבע האָט אייגענטליך געהערט צו די יאַפּאַנישע קריגס־צוגרייטונגען.

במשך פון דער צייט, וואָס קאָבע איז געווען אָפען פאַר די פליטים, האָט דער „ועד הצלה" געטאָן אַלעס מעגליכע אַרויסצונעמען פון דאָרט וואָס מעהר בני תורה. דער „ועד הצלה" צוזאַמען מיט דער אגודת הרבנים אין אַמעריקע, האָבען נישט אויפגעהערט צו אַלאַרמירען די אידישע עפענטליכקייט וועגען דער געפאַהר, וואָס הענגט איבער די פערוואָרפענע פליטים אין דער ווייטער אַזיע.

אָנהויב 1941, ווען עס זענען דערגאַנגען קיין אַמעריקע די ערשטע ידיעות פון די וואַנדערענדע אידען אויפן וועג פון וולאַדיוואָסטאָק קיין קאָבע, האָט דער „ועד הצלה" אַרויסגעלאָזען דעם טיף־ריהרענדען רוף: „העלפט ראַטעווען די תורה!"

„דער חורבן התורה איז גרויס, די נשמה פון אידען איז די גאוני התורה, ואין לנו שיור רק התורה הזאת!

„ברידער אידען!

„די לעצטע טעלעגראַמעס און הילפס־רופען, וואָס מיר האָבען דערהאַלטען צו ראַטעווען די גרעסטע גאונים וצדיקים, אדמורי"ם וראשי ישיבות, ותלמידי הישיבות פון דעם שוידערליכען אייראָפּעאישען גיהנום, — זענען מורא׳דיג. הונדערטער רבנים און תלמידים געפינען זיך אויף דעם וועג קיין יאַפּאַן, וואָס זיי דאַרפען האָבען באַלד טיקעטס צו פאָהרען נאָך ארץ־ישראל און אַמעריקע, אַנדערע פון זיי מוזען אויך קריגען געלד־הוצאות. מען קען ניט וואַרטען! מיר דאַרפען באַלד אַרויסשיקען די טיקעטס, אויב ניט זענען זיי אין אַ גרויסער סכנה צו פערלירען די טראַנזיט־וויזע איבער יאַפּאַן.

„עס ליגט אַ הייליגער חוב אויף די רבנים פון אַלע קהלות אין אַמעריקע באַלד צו בעשטימען אַ צייט דורכצופיהרען אַ קאַמפּעין פאַרן „ועד הצלה", אונזערע גרויסע פיהרער, די רבנים גאונים און ראשי ישיבות ותלמידי הישיבות, שרייען: ראַטעוועט אונז, מיר טרינקען זיך אין אַ ים פון פייער און מיר זענען אין דער גרעסטער סכנה. מיר האָבען ב"ה בעקומען די וויזעס אין וואַשינגטאָן פאַר זיי,

אַרויסצוראַטעווען פון פייער, נאָר מיר דאַרפען האָבען די טיקעטס און הוצאות. דאָס איז ממש די גרעסטע מצוה — פקוח נפשות.

(אונטערגעשריבען)

**רעטונגס־קאָמיטעט פאַר די תורה־אויטאָריטעטען,**
הרב ישראל הלוי רוזנברג, עהרען־טשערמאַן,
הרב דוב ארי׳ הכהן לעווינטהאַל, עהרען־טשערמאַן,
הרב אליעזר זילבר, טשערמאַן פון פרעזידיום,
הרב יוסף קאַנוויץ, חבר הפרעזידיום,
הרב יעקב לעווינסאָן, חבר הפרעזידיום.

באַלד זענען אָנגעקומען וויטערדיגע אַלאַרם־בעריכטען פון אַנדערע גרופען וואָגלענדע ישיבה־לייט, וואָס זייער ציעל־פונקט איז ווידער געווען — קאָבע. אָט איז איינע פון אַזעלכע טעלעגראַמעס:[1]

„יאָקאָהאַמאַ, יאַנואַר 29, 3.48 פריה. נאַכט־טעלעגראַם צום ועד הצלה, 673 בראָדוויי, ניו־יאָרק סיטי.

„נאָכשטעהענדע ישיבה־לייט דאָ־הי האָבען נישט קיין רעקאָמענדאַציעס — מירער תלמידים אַדלער, באַלאַק, צעהלבערגער, לאַנגע, עמיל לאסקאוויטש, בורשטין, גראסבארד, ראדון־תלמידים טשעטשיק, ברעסקין, קלעצק־תלמידים שטולמאַן, לובלין־תלמידים רבי אברהם מרדכי הערשבערג, אלעזר ביין, יוסף יעקב גענגער, בנימין געלבפיש, מענדל מאָרגנשטערן. — די פאָלגענדע האָבען רעקאָמענדאַציעס, מירער־תלמידים פאָרטנוי, האָלענדער, לייטנער עדואַרד, פארעצ־קי, זופניק, עדעלמאַן. — קאַמעניצער תלמידים שוואַב און זיין פרוי, כ״ץ, יעקובסאָן, מילנער, טעלזער, גוטווירט. — סלאָנים־תלמידים קאָפּעלאָוויטש, צאַלעגענדער, לידסקי. — פאָלגענדע רבנים עסקנים דאָ האָבען נישט, חיים בער גינזבערג, דאַלינאָווער רב יצחק ישעי׳ גענגער, רבי שלמה שאַפּירא —

(אונטערגעשריבען)

**פראַ—נוימאַן**

(דער ספעציעלער שליח פון „ועד הצלה״ קיין יאַפּאַן).

צו דער זעלבער צייט איז אָנגעקומען אַ טעלעגראַם צו הרב סילווער, אַז אין יאָקאָהאַמאַ איז געוואָרען געשאַפען אַ ספעציעלער הילפס־קאָמיטעט פאַר די דורכוואַנדערענדע אידישע פליטים, און דער קאָמיטעט האָט געמאָלדען, אַז „עס קומען אָן אַהין הונדערטער טעלעגראַמעס פון ישיבה־תלמידים צו ראַטעווען זיי,

1) „הפרדס״, שבט, תש״א.

עס איז נויטיג דרינגענדע הילף, הונדערטער רייזע־בילעטען קיין יאַפּאַן און שיפּס־קאַרטען, כל־זמן עס איז נישט צו שפּעט״.[2]

דערויף איז די אגודת הרבנים אַרויס מיט אַ געוויסענס־פּייניגענדען וועק־רוף צו דער רבנישער וועלט: „ואתם תחרישון?״ (און איהר וועט שווייגען?)

„וואו זענט איהר, רבנים פון אַמעריקע? וואו זענט איהר, פיהרער פון די בתי הכנסיות, יונגע און אַלטע? איז איצטער די צייט צו זיצען מיט פער־לעגטע הענד? איז די צייט צו שווייגען?

„ברוך השם, אַז מיר בעזיצען די מיטלען, די רעגירונגס־בעוויליגונגען זיי צו ברענגען אַהער; זיי מיט זייערע משפּחות און תלמידים ווענדען זיך דעריבער צו אונז, העכער דריי טויזענד נפשות רופען צו אונז אין זייער ענגשאַפט, ראַטעוועט!

„רבנים פון אַמעריקע, וועט איהר שווייגען? ווען אונזערע ספרי תורה, די גדולי התורה אונזערע, וואַלגערן זיך אין דער נויט, וועט איהר צוקוקען צום בלוט וואָס ווערט פערגאָסען? וועט איהר קענען בלייבען רוהיג, ווען זיי וועלען אַלע ווערען פערשיקט אין די וויסטעניישען, זיי, אונזערע גדולים און קדושים?

„מיר האָבען שוין בעצאָהלט פאַר רייזע־בילעטען פון הונדערטער משפּחות, און פון זיי געפינען זיך בערך טויזענד אין יאַפּאַן, און הונדערטער זענען אין מיטען וועג אויף די ימים, אָבער דאָס איז נישט גענוג — שטעהט־אויף, רבנים, נעמט־אָן כח און מוט פאַר דער מצוה פון פדיון שבויים!״

גלייכצייטיג דערמיט איז געוואָרען פערעפענטליכט אַ קורצער סומאַרישער איבערזיכט איבער דער טעטיגקייט פון „ועד הצלה״ אויפן געביט פון דער רעטונגס־אַקציע פאַר די פליטים אין יאַפּאַן:[3]

„דורך דעם פעריאָד פון אונזער אַרבעט — איז געשריבען אין בעריכט — האָבען מיר פערזיכערט העכער צוויי טויזענד וויזעס, און עס איז דאָ אַ האָפנונג צו בעקומען נאָך איינרייזע־ערלויבענישען קיין אַמעריקע פאַר די איבעריגע רבנים, ראשי ישיבות און ישיבה־תלמידים, וועלכע האָבען נאָך דערווייל נישט קיין וויזעס — דער טיקעט און רייזע־קאָסטען פאַר יעדען פּליט בעטרעפען ביי 300 דאָלאַר — מיר האָבען זיך פערבונדען מיט פערשידענע שיפס־קאָמפּאַניעס און רייזע־אַגענטורען צו ערלעדיגען די איבערוואַנדערונג אונטער געהעריגע בעדינגונגען — 250 רייזע־בילעטען האָט אונז פערזיכערט דער „דזשאָינט״ — מיר האָבען געשיקט אַ ספּעציעלען שליח קיין יאַפּאַן, כדי דורכצופיהרען אויפן אָרט די איבערוואַנדערונג פון די רבנים, ראשי הישיבות און תלמידים״.

---

2) דאָרט.
3) דאָרט.

צווישען די ערשטע, וואָס האָבען זיך פרייוויליג אָנגעשלאָסען אין דער גרויסצוגיגער הילפס־אַקציע און האָבען מאָביליזירט אַלע זייערע כוחות פאַר דער דאָזיגער היסטאָרישער אויפגאַבע, איז געווען די בעוועגונג פון „יאָנג איזראַעל" (ישראל הצעיר) אין אַמעריקע. די לייסטונגען פון „יאָנג איזראַעל" זענען געווען פון אַזאַ פערנעם און כאַראַקטער, אַז דער „ועד הצלה" האָט געפונען פאַר נויטיג אַרויסצולאָזען אַ ספעציעלע פראָקלאַמאַציע דערוועגען:¹)

„די לייטונג פון „יאָנג איזראַעל" אונטער דער אָנפיהרונג פון ר' יצחק מאיר ביונים, האָט אָרגאַניזירט אַ גרויסע פראָפּאַגאַנדע־אַקציע איבער אַלע צענטערן פון „יאָנג איזראַעל" אין ניו־יאָרק, נואַרק און איבער דער גאַנצער מדינה, צו העלפען דעם „ועד הצלה" און זיי טוען אַ געוואַלדיגע אַרבעט פאַר הצלת התורה.

„די אָנפיהרער פון „ועד הצלה", וואָס זייער אויפגאַבע איז אַרויסצוראַ־טעווען די רבנים הגאונים, ראשי הישיבות מיט זייערע טויזענדער תלמידים, וועלכע געפינען זיך אין דער גרעסטער סכנה אין די מלחמה־געטראָפענע לענדער, טוען אויסדריקען זייער דאַנק און אָנערקענונג פאַר דער הילפס־טעטיגקייט פון „יאָנג איזראַעל".

„גרויס איז זייער זכות, און גאַנץ בעזונדערס אָנערקענען מיר און דריקען אויס אונזער ליעב און ברכה, און האַלטען פאַר נויטיג מפרסם צו זיין וועגען דעם גרויסען מסירת־נפש פון דעם פיהרער זייערען, דעם געצייכענטען מענש, אדם הדגול מרבבה, ירא וחרד ומשכיל ר' יצחק מאיר ביונים, וועלכער איז איז טעטיג אָהן איבעררייס פאַר הצלת התורה און פאַר ראַטעווען די תורה־טרעגער פון אומקום ח"ו.

„מיר בענשען אַלע פיהרער פון „יאָנג איזראַעל" און זייערע אַלע חברים, אַז דער זכות פון דער תורה זאָל אויף זיי מגין זיין, און זאָלען זיין געבענשט מיט דער ברכת התורה, ושלום על ישראל".

(אונטערגעשריבען)

**אליעזר סילווער**, יו"ר
**יוסף קאַנוויץ**,
**יעקב לעווינסאָן**,
חברי הנשיאות של „ועד ההצלה".

דערווייל, זענען די שוועריגקייטען געוואָרען גרעסער. דער אויפענטהאַלט פון די פליטים אין יאַפּאַן האָט זיך פערשלעפט, די פאָרמאַליטעטען זענען גע־וואָרען מעהר קאָמפּליצירט. און אָט וואָס עס איז דערוועגען געוואָרען דערצעהלט

---

¹) „הפרדס", שבט, תש"א.

אין אַ בריף פון די רבנים־פּליטים אין קאָבע, וואָס האָבען זיך געהאַט דאָרט צוזאַמענגעשלאָסען אין אַ גרופּע מיטן נאָמען: „איחוד הרבנים והכוללים, גולי פּולין בקאָבע, יאַפּאַן": [5])

„מיר אַלע האָבען דורכגעמאַכט ווייטע וועגען, געוואָגעלט איבער לענדער און ימים, געווען נע־ונד איבער גרענעצען און לאַגערן, און אַלץ געהאָפט אָנצוקומען וואָס שנעלער צו אַ רעטונגס־פּלאַץ אין אַמעריקע, אָבער די ישועה איז פאַר אונז נאָך נישט געקומען. — לענגער פערבלייבען דאָ איז ניט מעגליך און צו פאָהרען ווייטער איז אויך נישט מעגליך, ווייל עס פעהלען נאָך אַלץ געוויסע פאָרמאַליטעטען אויף צו בעקומען די וויזעס. — צום ערשט איז קודם־כל נויטיג צו בעקומען אַן „אַפידייוויט" פון אַ קאַפּיטאַל־קרעפטיגען מענש אין אַמעריקע מיט אַ טשעק־קאַנטאָ אין אַ באַנק און דערנאָך צו פערלאַנגען אַ „רעקאָמענדעישאָן" פון וואַשינגטאָן. — לעצטענס איז אָבער צוגעקומען אַ נייע ביטערע גזירה, וואָס די קאָנסולען לעגען פערשידענע מכשולים ביים אַרויס־געבען די וויזעס די יעניגע, וועלכע בעזיצען קרובים אין רוסלאַנד אָדער דייטש־לאַנד, און עס מוז אַלץ געטאָן ווערען אַראָפּצונעמען די דאָזיגע גזירה". —

איינער פון די ערשטע דורכצומאַכען דעם לאַנגען הצלה־וועג פון קאָבע קיין אַמעריקע איז געווען דער קלעצקער ראש־ישיבה, הגאון רבי אהרן קאָטלער. דער לעבעדיגער גרוס, וואָס דער קלעצקער ראש־ישיבה האָט אַריבערגעבערענגט קיין אַמעריקע פון דער שארית הפליטה פון די צושטערטע תורה־פעסטונגען אין אייראָפּע האָט געקלונגען אי אַלאַרמירענדיג און אי דערמוטיגענדיג.

דער אָנקום פון הרב קאָטלער קיין אַמעריקע האָט אַרויסגערופען אַ גע־וואַלדיגען אינטערעס. אום ערב פסח פון יאָהר תש"א איז ער אָנגעקומען מיט דער שיף ביז קיין סאַן־פראַנציסקאָ. אויפן וועג פון סאַן־פראַנציסקאָ איבער שיקאַגאָ קיין ניו־יאָרק איז דער קלעצקער ראש־ישיבה אָפּגעשטיגען אין סינ־סינעטי, כדי זיך פערזענליך צו טרעפען מיט הרב סילווער און איבערצוגעבען דעם ערשטען אויטענטישען בעריכט וועגען דעם מצב פון די וואַנדערענדע בני תורה, בעת זייער אָפּשטעל אין יאַפּאַן.

אַ פייערליכער קבלת פנים פאַר הרב קאָטלער איז געוואָרען צוגעגרייט אויף דער לאַנד־קאָנפערענץ פון אגודת הרבנים אין אַמעריקע, וואָס איז געוואָרען אָפּגעהאַלטען אין ניו־יאָרק, אין די טעג פון ב' און ג' אייר תש"א.

הרב סילווער האָט פאָרגעשטעלט דעם חשוב'ען גאַסט פאַר דער רבנישער קאָנפערענץ און דער גאַנצער כינוס האָט דערנאָך אויסגעהערט מיט דער גרעסטער שפּאַנונג דעם דערהאַבען־דערשיטערענדען בעריכט פון איינעם פון די אָנערקענסטע גאונים און אָנגעזעהענסטע ראשי־ישיבות אין היינטיגען דור.

---

5) „הפרדס", סיון, תש"א.

— ראשית־כל וויל איך געבען אַ שבח והודיה צו השם יתברך, און דערנאָך וויל איך אויסדריקען מיין דאַנק־אָנערקענונג צו אגודת הרבנים און צום „ועד הצלה", וואָס איך האָב איצט די זכיה צו שטעהען פאַר אייך — אַזוי האָט אָנ־געהויבען הגאון רבי אהרן קאָטלער — איך בין אַ טאַטע פון קינדער, וועלכע זענען פאַרוואָגעלט און עלענד, און מיין אויפגאַבע איז זיי אַלעמען צו ראַטעווען. איך רעד צו אייך אין נאָמען פון די אַלע, וועמען איהר וואָלט געוואָלט דאָ הערען ביי זיך, אָבער זייער שטים קען צו אייך נישט דערגרייכען פון אַזעלכע וויסטע מרחקים.

— בעת דעם איצטיגען חורבן איז מקויים געוואָרען דער פסוק „ויותר יעקב לבדו", ווייל בלויז די בני הישיבות זענען געבליבען אויף זייערע פּאָזיציעס פון לערנען תורה. די ישיבות אין דער ליטע האַלטען זיך אַלץ ווייטער, און מען לערנט מיט נאָך אַ גרעסערע התמדה, ווי ווען עס איז. אָבער זיי זענען דאָך געבליבען אָהן יעדען אָנהאַלט. זיי האָבען ניט מיט וואָס צו דערהאַלטען דעם גוף, און די נשמה האַלט זיך בלויז בדרך נס. מען דאַרף וויסען אין וואָס'אַרע שטימונג די ישיבות לעבען היינט אין די פערבליבענע ערטער, און מיט וועלכען חשד מען קוקט אויף זיי. נאָר זיי האַלטען זיך, די ישיבה־לייט; די תורה שטאַרקט זיי, די אמונה דערלאָזט זיי ניט אַרונטערפאַלען, חלילה, אין תהום אַריין. זיי וויסען, אַז נאָך דעם „וסרתם" קומט, חלילה, דער „ואבדתם"... און זייער אַלעמענ'ס האָפנונג איז אויף אייך, דעם אַמעריקאַנער אידענטום, דאָס איהר וועט ערפילען די פליכט צו ראַטעווען די תורה.

— איך קאָן אייך ניט מצייר זיין די ביטערע מינוטען, בעת איך האָב זיך געמוזט געזעגענען מיט מיינע קינדער, מיינע תלמידים. גרויסע יסורים האָבען מיר פערשאַפט די מינוטען פון געזעגענען, און ווי שווער דאָס איז געווען פאַר מיר, אַזוי שווער און פיינליך איז דאָס געווען פאַר זיי, מיינע תלמידים. און דאָך האָבען זיי מיך געבעטען אונטערצונעמען די שווערע נסיעה קיין אַמעריקע און זיי דאַרטען לאָזען, כדי צו וועקען אַמעריקאַנער אידען צו נאָך גרעסערע און שנעלערע מעשים פאַר הצלה. געדענקט, אַז די ספרי־תורה אונזערע בלוטיגען, און אויב מען זאָל ניט טאָן אַלץ אויף צו ראַטעווען אונזערע גייסטיגע אוצרות, די נושאי דגל התורה, וועט דאָס דאָך מוזען זיך אָפּרופען אויף דער געשטאַלטונג פון גאַנצען כלל ישראל — האָט אויסגערופען דער קלעצקער ראש ישיבה.

אויף אין דער אידישער פרעסע האָט געפונען אַ וואַרימען אָפּקלאַנג דער דאָזיגער מאָהנענדער רוף אויף דעם רבנישען כינוס:[6]

„עס איז חרוב געוואָרען דער רוב פון כלל ישראל, חרוב געוואָרען אידישע הייזער אין אַ מבהיל־דיגער צאָהל, חרוב געוואָרען דאָס לעבען פונם ציבור;

6) „מאָרגען זשורנאַל", 1־טער מאַי, 1941.



TREASURY DEPARTMENT

WASHINGTON




## 95 Refugee Rabbis and Students Reach U. S. After Four Years Spent in Shanghai Ghetto

Special to THE NEW YORK TIMES.

SAN FRANCISCO, July 18— Almost seven years after they fled from Poland ahead of Nazi troops, ninety-five refugee rabbis and rabbinical students who spent the last four war years in a Shanghai ghetto under close Japanese guard arrived here today aboard the General M. C. Meigs of the American President Lines.

Overjoyed at glimpsing the United States for the first time, fifty-five of them, led by Rabbi Leib Malin of the Rabbinical College Mirrer Yeshiva, planned to go to Toronto, Canada, to re-establish there the seminary in which they were teaching or studying in Poland, and the rest were to be distributed among rabbinical colleges in this country.

All are members of Orthodox Jewry and are the advance guard of about 500 refugee Hebrew scholars from Polish seminaries who suffered through most of the war years in Shanghai.

Rabbi Malin said that despite the suffering "we established our colleges again and continued our studies without interruption." Their suffering early in the war was reduced later, the refugees said, by aid from the Vaad Hatzala Rescue Committee, with headquarters in New York, which got assistance to them through the Swiss Government.

One of the most distinguished scholars in the passenger list was Rabbi Samuel Walkin, who has accepted a professorship at Tesk Elchonon Rabbinical University in New York.

Twenty-six of the refugees, who were associated with the Lubavicher College, will go to New York to join Rabbi Josef I. Shneirson, head of Tomchei Tmimim, the main Lubavicher college in this country.

EXECUTIVE OFFICE OF THE PRESIDENT
WAR REFUGEE BOARD
WASHINGTON 25, D. C.




October 2, 1944

[illegible]rs:

The following message for you from Rabbi Kolbe was received through the American Legation in Stockholm under date of September 29, 1944:

"The latest cable from Rabbi Shmulowitz in Shanghai states that rapid inflation is resulting in unforeseen requirements for funds necessary to support immediately our own program as well as the Miryeshivahs and Mirerkole's part of the community program. It is reported by Shanghai that all is well."

Very truly yours,

J. W. Pehle

J. W. Pehle
Executive Director

Vaad Hahatzala Emergency Committee
132 Nassau Street,
New York 7, New York.

אויסגעריסען מיטן שטורם די צענטערס, אין וועלכע עס האָבען ביז גאָרניט לאַנג צוריק געבליהט אידישע צדקה־מוסדות, וואָס האָבען בעוויזען די גרויסע נאָבעלע מידות פון אונזער פאָלק״... — מיט אָט די ווערטער האָט הרב אהרן קאָטלער, דער אָקאָרשט־אַריבערגעקומענער ראש פון דער בעריהמטער קלעצקער ישיבה, אָנגעהויבען זיין שילדערונג פון דער גרויזאַמער אידישער לאַגע, דאָרט אין דעם עמק הבכא — אין אַ טאָן פון „אני הגבר״, פון איינעם וואָס האָט אַליין דורכגעלעבט סכנה׳דיגע מאָמענטען און צוגעזעהען דעם אידישען עלענד, האָט ער גערעדט. גערעדט מיט אַ נאַט־רליכער טראַגישקייט, מיט טרעהרען פליסענדיג פון די אויגען, מיט אַ שטיקענדער שטימע, וואָס איז ווילעווייז אַריינגעפאַלען אין בכיות און האָט אויפגעשרויפט אַלע פערזאַמעלטע רבנים און צובראָכען זייערע הערצער.

„און איבער דער גאַנצער ליניע פון חורבן — האָט הרב קאָטלער פאָרט־געזעצט — זענען די טרעגער פון תורה געבליבען אויף זייערע פאָזיציעס, איופהאַלטענדיג דעם „נר תמיד״ מיט אומבעשרייבליכער גבורה!״

דער רבנישער כינוס איז געוואָרען אויפגעשטורעמט פון דאָזיגען גרוס. הרב יעקב לעווינסאָן, חבר הנשיאות פון „ועד הצלה״, האָט אָפגעגעבען דעם בעריכט פאַר דער אָפגעטוענער אַרבעט אין פערלויף פון 4 חדשים, ביז צום כינוס. דער „ועד הצלה״ האָט צונויפגעזאַמעלט ביי 81 טויזענד דאָלאַר און אויסגעגעבען אויף רייזע־בילעטען און אַנדערע הוצאות העכער 79 טויזענד דאָלאַר און דורך דעם אַרויסגעהאָלפען לערך 600 פליטים. אין דאָזיגען סכום איז נישט איינגעשלאָסען די הילף פון „דזשאָינט״ ווי אויך פון „עזרת תורה״, וואָס האָט אויך זיך בעטייליגט מיט אַ גרעסערע סומע צו העלפען די פליטים.

אין די רעזאָלוציעס פון דער רבנים־קאָנפערענץ איז געוואָרען געזאָגט:

א) „צוליב דער שוידערליכער טראַגישער לאַגע פון אידישען פאָלק, וואָס האָט ניט איהר גלייכען אין דער אידישער געשיכטע זינט דעם חורבן בית שני, וואו אַלע אונזערע ברידער מעבר לים טרינקען זיך אין אַ ים פון בלוט און שטעהען אין גרעסטען געפאַהר פון אונטערגאַנג, רחמנא ליצלן, בעשליסט די אגודת הרבנים גוזר תענית צו זיין אום ערב ראש חודש סיון, און פאָדערט אויף אַלע אידען צוזאַמענצוקומען אין די שוהלען און מתפלל זיין צו השי״ת, ער זאָל זיך מרחם זיין אויף שארית ישראל און זאָל זאָגען צום משחית, הרף —

ב) און ג) די האַלב־יעהרליכע קאָנווענשאָן פון אגודת הרבנים דריקט אויס איהר טיפען דאַנק און אָנערקענונג צו די פיהרערשאַפט פון „ועד הצלה״, וועלכער איז געשאַפען געוואָרען פון אגודת הרבנים, פאַר זייער גרויסער אָנ־שטרענגונג פאַר הצלת נפשות פון הונדערטער רבנים, גדולי התורה און בני הישיבות, וואָס איז געוואָרען דורכגעפיהרט פון די פיהרער, רבנים און עסקנים

— די קאָנווענשאָן בעגריסט דעם פּלאַן פון ועד ההצלה צו בעשטימען אַ „ועד המועצה" פון חשוב'ע בעלי־בתים און געזעלשאַפטליכע טוער; די קאָנווענשאָן רעקאָמענדירט צום „ועד הצלה" צו רופען אַמוועניגסטען איין מאָל אין חודש אַ מיטינג פון „ועד המועצה" און „ועד הפועל".

און אַט די אַלע ענערגישע שריט און אַקציעס האָבען גענומען געבען גאַנץ בעדייטענדע רעזולטאַטען, אָבער גלייכצייטיג דערמיט זענען אויך אויפ־געקומען נייע סכנות און נייע מכשולים, ווי דאָס איז געוואָרען געשילדערט אין אַ בעריכט פון יענער צייט:

„נאָך פסח האָבען זיך אָנגעהויבען גוטע טעג פאַרן „ועד הצלה". עס האָבען זיך בעוויזען פון יאַפּאַן די ערשטע רבנים, ראשי ישיבות, גאוני התורה און ,תלמידי הישיבות. אָבער די גוטע טעג האָבען זיך נישט געצויגען לאַנג, און באַלד זענען געקומען פרישע גזירות פון וואַשינגטאָן בנוגע די אימיגראַציע־געזעצען, אַז ווער עס האָט קרובים אין רוסלאַנד אָדער דייטשלאַנד טאָר נישט בעקומען די וויזע ביים אַמעריקאַנער קאָנסול. און איצט איז דער חורבן נאָך גרעסער, ווייל די מערסטע רבנים און ראשי הישיבות מיט זייערע תלמידים זענען נאָך אַלץ פערבליבען אין ווילנע אָדער ליטע, און נאָך דעם איבערפאַל פון דעם נאַצישען צורר אויף רוסלאַנד ווערט איצט געפיהרט די מלחמה אין די באַלטישע לענדער, איבער ליטע, פוילען און אוקראַינע, וואָס דאָרט איז די שארית הפליטה פון כלל ישראל געוואָרען איצטער געטראָפען פון דער גאַנצער אכזריות פון דעם דייטשען „בליץ־קריג". אונזער האַרץ וועהטאָגט איבערן גורל פון די אַלע אידישע קהלות און אידישע ישובים, וואו עס לעבען מיליאָנען אידען אין דער גרעסטער געפאַהר און וואו עס געפינען זיך צווישען זיי אַ גאַנצע רייע בעריהמטע גאונים און רבנים, חכמים און מנהיגים, וואָס אויף זיי ליגט די שווערסטע לאַסט פון דער פערניכטונגס־מלחמה קעגען דעם כלל ישראל —

„זינט פסח זענען דערווייל אָנגעקומען קיין אַמעריקע פיעל בעריהמטע גאונים, רבנים און ראשי הישיבות, הרב ר' אהרן קאָטלער, ר"מ דישיבת קלעצק; הרב ר' מענדיל זאַקס, ר"מ דישיבת „חפץ חיים" אין ראַדון; הרב ר' ראובן גראָזאָווסקי, ר"מ דישיבת קאַמעניץ; הרב ר' אברהם יאפין, ר"מ דישיבת ביאַ־ליסטאָק; הרב ר' משה שאַצקעס, אב"ד פון לאָמזע; הרב ר' דוד ליפשיץ, אב"ד פון סובאַלק; הרב ר' משה לייב לוסקין, אב"ד פון שווענציאַן; הרב ר' חיים צבי קריגער, רב אין בריסעל, בעלגיע; הרב ר' משה מרדכי שקאָפּ, רב ור"מ אין גראָדנע, — אַלע זענען זיי געקומען אַ דאַנק דער הילף פון „ועד הצלה", און די תלמידים פון דער מירער ישיבה זענען געוואָרען אַרויסגעהאָלפען פון דער מסירת הנפש'דיגער אַרבעט פון הרב ר' אברהם קאַלמאַנאָוויץ".

„לויט אַ לעצטער ידיעה זאָלען פון אָנהויב חודש יולי ווערען געשאַפען

פינף ספעציעלע אויספאָרשונגס־קאָמיסיעס, וואָס זאָלען אויפזיכט נעמען איבער יעדען איינוואַנדערער אין די פעראייניגטע שטאַטען, און ווי מען מעלדעט פון וואַשינגטאָן זאָל ווערען פערלייכטערט די גזירה וואָס איז לעצטענס געוואָרען אַרויסגעגעבען צו די קאָנסולען, נישט אַרויסצוגעבען קיין וויזעס צו די יעניגע פליטים, וואָס זייערע משפחות זענען געבליבען אין די נאַציש־אָקופּירטע געביטען. די דאָזיגע גזירה האָט אַרויסגערופען אַ ריכטיגע מהומה אין די פליטים־לאַגערן, און ספעציעל ביי די רבנים און ישיבה־תלמידים, וואָס זענען אויף טראַנזיט־וויזעס אין יאַפּאַן". —

אין צווישען איז געקומען דער קלאַפּ, פאַר וועלכען די פליטים אין יאַפּאַן האָבען זיך געשראָקען — די יאַפּאַנישע רעגירונג האָט אַרויסגעלאָזען דעם בעפעהל צו פערטרייבען אַלע אידישע פליטים פון דעם טראַנזיט־האַפען אין קאָבע און זיי מיט צוואַנג אַריבערצופיהרען קיין שאַנכאַי.

אַזוי האָט זיך אָנגעפאַנגען דאָס פיינליכע און צוגלייך דערהויבענע קאַפּיטעל — שאַנכאַי.

און צום ערשט אַ בינטעל אינפאָרמאַציעס וועגען דעם אָנקום פון די ישיבה־לייט קיין שאַנכאַי, לויט ווי דאָס ווערט בעשריבען אין דאָקומענטאַרישען בוך פון ד"ר יצחק לעווין, „חורבן אייראָפּע": [7]

„די פּוילישע פליטים פון ווילנע זענען קיין שאַנכאַי אָנגעקומען זומער, 1941. אַ קליינע צאָהל איז דאָרט געווען נאָך פון די חדשים מערץ־אַפּריל, ווייל זינט מערץ, 1941 האָט יאַפּאַן שוין קיין פליטים מעהר נישט אַריינגעלאָזט און ווער עס האָט נאָר געהאַט אַ רוסישע אַרויספאָהר־וויזע האָט געמוזט דירעקט מיט דער שיף פאָהרען פון וולאַדיוואָסטאָק קיין שאַנכאַי. די העכער טויזענד אידישע פליטים פון ווילנע, וועלכע זענען געווען אין קאָבע און יאָקאָהאַמאַ פון יאַנואַר און פעברואַר, 1941, האָבען סוף זומער געמוזט פערלאָזען יאַפּאַן און זענען אַלע געשיקט געוואָרען קיין שאַנכאַי. צווישען זיי האָט זיך געפונען כמעט אַ העלפט רעליגיעזע אידען, רבנים, עסקנים און ישיבה־לייט. אָנקומענדיג קיין שאַנכאַי אין אַזאַ גרויסער צאָהל און האָבענדיג צווישען זיך פערטראָטען פערשידענע שיכטען פון דער אידישער אינטעלעקטועלער וועלט און זייענדיג דורשטיג נאָך אַ היימישער אַטמאָספערע — האָבען די רעליגיעזע פליטים באַלד זיך גענומען צום אויפבויען אַן אייגען גייסטיג לעבען. עס זענען באַלד געגרינדעט געוואָרען צוויי ישיבות; די תלמידים פון דער מירער ישיבה, וועלכע זענען געקומען אין אַ גרעסערער צאָהל, האָבען זיך עטאַבלירט בעזונדער, און די תלמידים פון די אַנדערע ישיבות האָבען געגרינדעט אַ נייע קאָלעקטיווע ישיבה א. נ. „ישיבת המזרח הרחוק".

7) „חורבן אייראָפּע", ניו־יאָרק, זייט 218.

און אָט איז אַ ווייטערדיגע פעסטשטעלונג מכח דער הערזאָישקייט פון פערטריבענע בני תורה אין שאַנכאַי — לויט דער זעלבער קוועלע:

„אַ גלענצענד קאַפּיטעל שטעלט פאָר אין דער שוואַרצעסטער תקופה פון אונזער חורבן — דער ענין ישיבות אין שאַנכאַי. בערך 400 ישיבה־לייט פון פוילען און ליטע זענען אין יאָהר 1941 אָנגעקומען, ווי בעוואוסט, קיין שאַנכאַי: די גרעסטע גרופּע האָט בעלאַנגט צו דער מירער ישיבה, אָבער אויך קלעצק, קאַמעניץ, ראַדון, לובלין, ליובאַוויטש און אַנדערע זענען געווען היפּש פערטראָטען. אָט די ישיבה־לייט, וואָס צוזאַמען מיט אַ גרופּע רבנים און כולל־לייט, ווי אויך סתם אָרטאָדאָקסישע עסקנים פון פוילען, האָבען דערגרייכט די צאָהל פון פינף הונדערט, זענען געוואָרען אַ לעגענדע. זיי האָבען בעוויזען דער וועלט, אַז גייסטיגע תורה־ווערטען קענען אויפהאַלטען אַ אידישען קיבוץ אין דער שרעקליכסטער לאַגע. מען קען זאָגען, אַז עטליכע צעהנדליג טויזענד אידען אין שאַנכאַי האָבען זיך געשטאַרקט גייסטיג און מאָראַליש ביים תורה־אידעאַל, וואָס די ישיבה־לייט האָבען דאָרט פערפלאַנצט. די ישיבות זענען געווען דער גייסטיגער צענטער פון שאַנכאַיער אידענטום; זיי האָבען אַריינגעבראַכט מוט און לעבענס־ווילען צווישען די אַרומיגע אידישע מאַסען, וועלכע האָבען געזעהען דעם גע־וואַלדיגען אידעאַליזם פון די תורה־לערנער.

„און נישט נאָר דאָס אַליין. די ישיבות האָבען באמת געזאָרגט פאַר דער דערציהונג פון גאַנצען אונטערוואַקסענדען דור. די תלמוד־תורה, וואָס איז אָנ־געפאַנגען געוואָרען מיט 23 קינדער, האָט זיך צעוואַקסען ביז צוויי הונדערט תלמידים, געטיילט אין 12 קלאַסען. אין יאָהר 1943 איז געגרינדעט געוואָרען אַ ישיבה קטנה, כדי צוצוגרייטען די קינדער, וואָס ענדיגען די תלמוד־תורה, פאַר אַ ריכטיגער ישיבה. ביי דער מירער ישיבה איז געעפענט געוואָרען אַ מכינה, וועלכע האָט אַריינגענומען העכער 300 תלמידים פון דער ישיבה קטנה. אַזוי־אַרום איז ענטשטאַנען אַ גאַנצע קייט פון תורה־אַנשטאַלטען, אין וועלכע דאָס אַלטע אידישע ליכט איז געוואָרען אונטערגעהאַלטען.

„מען האָט זיך אין שאַנכאַי נישט בעגנוגענט מיט לערנען די תורה אין די ישיבות. מען האָט אויך געזאָרגט, אַז מענשען זאָלען ביי זיך אין שטוב קענען זיך פערטיפען אין די תורה־אוצרות: מען האָט געדרוקט ספרים! עס קלינגט פשוט אומגלויבליך, אַז אין מלחמה־צייט, ווען די ישיבה־לייט און רבנים זענען געווען פערמאַכט אין אַ געטאָ, האָבען זיי בעוויזען אָפּצודרוקען אַ גאַנצע רייע ספרים. און נישט נאָר סידורים, תהלימ׳לעך, קיצור שולחן ערוך׳ס אָדער גמרות, מען האָט אָפּגעדרוקט דעם רשב״א אויף ש״ס, די „שערי תשובה״ פון רבינו יונה, דעם „מסילת ישרים״ פון ר׳ משה חיים לוצאַטו. מען האָט אויך אידיש איבערגעדרוקט דאָס פּאָפּולערע ספר „דער תורה־קוואַל״ פון ר׳ אלכסנדר זושא

פרידמאַן פון וואַרשע, דעם מערטירער און קדוש פון גערטאָ, אַזוי אַז די ברייטע מאַסען, וואָס קענען נישט גוט לייענען העברעאיש, זאָלען האָבען זייער תורה־ספר. די גאַנצע אויפלאַגע איז תיכף צוכאַפּט געוואָרען. די ליובאַוויטשער גרופּע האָט האָט פּערעפענטליכט אַ זאַמלונג „ליקוטי דיבורים" פון ליובאַוויטשער רבי׳ן. אַ סלאָנימער חסיד האָט איבערגעדרוקט דאָס ספר „יסוד עבודה" פון סלאָנימער רבי׳ן". —

און נאָך אַן איבעראַשענדער פאַקט, וואָס פערדינט צו ווערען אונטער־געשטראָכען [8]:

„אָט זענען מיר לעצטענס געוואויר געוואָרען, אַז די פּעראייניגטע ליטוויש־פּוילישע ישיבות האָבען אָפּגעדרוקט במשך דער צייט פון זייער גלות אין שאַנכאַי ג אַ נ ץ ש " ס ! ווער עס קען נאָר אַביסעל די געשיכטע פון אידישען דרוק, דער ווייסט, אַז אָפּדרוקען אַ ש"ס האָט מען קוים בעוויזען אַמאָל אין עטליכע דורות; טאָ וואָס׳אַרע געשעהעניש איז עס, ווען אידען, פערטריבענע פון זייער היים, פערוואָגעלטע ווייט אין מזרח, לעבענדיג אין דער גרעסטער סכנה, אין אַ צייט ווען דער מלחמה־פּאַרטנער פון יאַפּאַן, נאַצי־דייטשלאַנד, האָט אויסגעמאָרדעט מיליאָנען אידען — האָט בעוויזען אָפּצודרוקען גאַנץ ש"ס! איז עס נישט אַ סימן פון אַ גבורת־הנפש אָהן אַביישפּיעל?"

אין דעם דאָזיגען וואונדערליכען קאַפּיטעל פון „גבורת הנפש אָהן אַ ביישפּיעל", וואָס איז געוואָרען פערשריבען אין דעם גלות־שאַנכאַי, פערנעמט אַ ספּעציעלע פּאָזיציע, ווי שוין דערמאָהנט, די מירער ישיבה.

די מירער ישיבה איז געווען אַ גליקליכער אויסנאַהם פון כמעט אַלע אַנדערע ישיבות, וואָס די מירער ישיבה האָט פּאַקטיש זיך אַרויסגעלאָזט אין וואַנדער־וועג אַריין ווי אַ געשלאָסענער קאָלעקטיוו, ווי אַ גאַנצקייט, בעת דער לאַנגער וואַנדערונג האָט די מירער ישיבה געקעמפט צו דערהאַלטען זיך אַלס גאַנצקייט.

הרב קאַלמאַנאָוויץ, דער נשיא פון דער מירער ישיבה, וואָס אַ דאַנק זיינע אומאויפהערליכע בעמיהונגען איז די ישיבה געוואָרען אָפּגעראַטעוועט כמעט אין קאָמפּלעט, האָט דערצעהלט זעהר אינטערעסאַנטע פּרטים איבער דעם מסירת הנפש פון די ראשי הישיבה און פון די משגיחים ווי צוגלייך פון די תלמידים, וועלכע האָבען אויף אַלע קלענערע סטאַציעס פון נע־ונד זיין נישט אויפגעהערט צו לערנען. בעזונדערס כאַראַקטעריסטיש זענען די פּרטים וועגען דער שטעלונג פון ראש־הישיבה, הגאון ר׳ חיים הלוי שמואלעוויץ (דער איידעם פון בעריהמטען מירער ראש־ישיבה, הגאון רא"י פינקעל, וועלכער איז פון ווילנע ניצול געוואָרען קיין ירושלים).

---

8) דאָרט זייט 229.

און אָט וואָס הרב קאַלמאַנאָוויץ האָט געשריבען אין זיינעם אַ הילפס־רוף לטובת דער מירער ישיבה:[9])

„כדי צו פערשטעהן וואָס עס בעדייט די מירער ישיבה און וואָס דער ענין איז פון איהר הצלה, איז וויכטיג פאָרצושטעלען די מסירת הנפש פאַר תורה, און ווי ווייטביידע זענען פערבונדען צוזאַמען. הר״מ הגאון ר׳ חיים הלוי שמואלעוויץ, וועלכער געפינט זיך אין יאַפּאַן, האָט ער מיט זיין משפחה געהאַט אַן אַמעריקאַנער וויזע. עטליכע מאָל האָב איך איהם טעלעגראַפיש אַרויסגערופען, אַז ער זאָל קומען קיין אַמעריקע און העלפען אין דער רעטונגס־אַרבעט פאַר דער ישיבה. ער האָט גענטפערט, אַז ער קען נישט פערלאָזען די ישיבה, אפילו אויף איין שעה. און דאָ לעצטענס האָט ער בעקומען אַ וואָרנונג פון אַמעריקאַנער קאָנסול, אַז ער זאָל זיך צואיילען צו פערלאָזען יאַפּאַן, אַנדערש וועט דער קאָנ־סולאַט מבטל זיין די וויזע אינגאַנצען. און ער ענטפערט, אַז זאָל געשעהען וואָס עס זאָל נישט געשעהען, אָבער ער קען זיך נישט שיידען פון דער ישיבה, און אויב פאָהרען קיין אַמעריקע איז ער גרייט בלויז מיט דער ישיבה צוזאַמען. אויך ווען איך האָב זיך בעמיהט צו בעקומען וויזעס פאַר אַ טייל ישיבה־תלמידים קיין קאַנאַדע, האָב איך דערהאַלטען אַ טעלעגראַם פון דעם ראש־ישיבה, אַז ער איז נישט מסכים צוצורייסען די ישיבה אויף שטיקער, נאָר אַלע זאָלען זיך האַלטען צוזאַמען, ווייל לויט זיין מיינונג איז די הצלה פון דער ישיבה אַלס גאַנצע וויכטיגער ווי די הצלה פון יחידים.

„אין מיין נויט און פיין האָב איך אויף זיך גענומען די לאַסט צוצו־גרייטען אַ רעטונגס־וועג פאַר דער מירער ישיבה — מיט השי״ת הילף האָבען מיר געראַטעוועט פון דער מירער ישיבה 305 נפשות, תלמידים, די הנהלה און יונגעלייט פון כולל, און 30 זענען בעוה״ר געבליבען אין ליטע — ווען די ישיבה איז אָנגעקומען קיין קאָבע, איז דאָרט געוואָרען גלייך געדונגען אַ גרויס הויז אויף אַ באַרג און די ישיבה איז געוואָרען איינגעאָרדענט מיט איהר גאַנצער רוחניות׳דיגער פראַכט. מען האָט געלערענט טאָג און נאַכט מיט אַ געוואַלדיגער התמדה, דער ראש־ישיבה האָט געזאָגט זיינע שיעורים און דער משגיח האָט געשמועסט אין מוסר, ווי נאָרמאַל״. —

דאָס איז געווען אין קאָבע — און אין שאַנכאַי האָט גאָר די מירער ישיבה געהאַט צו פערצייכנען איהר ריכטיגען גלאַנץ־פעריאָד!

איינער פון די רבנים־פליטים אין שאַנכאַי, הרב שמעון וויסאָקער, דער פריהערדיגער וואָסילישאָקער רב, ווען עס איז געווען בעשערט זיך אַרויס־צוראַטעווען פון שאַנכאַיער געפאַנגענשאַפט דורך אַ דיפּלאָמאַטישען אויסטויש מיט

9) „הפרדס״, תמוז, תש״א.

דער יאַפּאַנישער רעגירונג, האָט אויף אַזאַ אופן געשילדערט דאָס בילד פון דער מירער ישיבה:

— „דער חשק צו לערנען תורה איז געוואַלדיק און אויסטערליש. די נעכט זענען געגליכען צו די טעג און מען פערטיפט זיך אין עמקות פון דער הלכה. ווען מען קומט אַריין אין ישיבה און מען זעהט און מען פערטראַכט זיך, ווי אַזוי די דאָזיגע יונגע בחורים, נע־ונד׳ניקעס, אַנטלאָפענע פון חורבן, בע־הערשען זייערע יסורים און זייער צער און זיי פערגעסען אָן זייער עלענדען און געפאַלענעם מצב און אָן זייערע פערוויסטע היימען און אָן זייערע פערלוירענע משפחות — און זייער גאַנצער געדאַנק איז אויסגעפילט מיט דעם לערנען תורה לשמה און מיט לייטערען זייערע געפיהלען דורך לערנען מוסר און אין ,תפלה בדבקות, — ווען מען זעהט דאָס דאָזיגע בילד מוז מען אויסרופען: „מה נורא המקום הזה, אין זה כי אם בית אלוקים״. —

„עס האָבען מיר דערצעהלט מענשען, וועלכע זענען שוין זינט צעהנדליגער יאָהרען פערוואָרפען אויפן ווייטען מזרח און זענען פערשטענדליך דערווייטערט פון אידישקייט, אַז ווען זיי זענען אַריינגעקומען אין דער ישיבה בעת דעם דאַוונען זענען זייערע אויגען געוואָרען בעגאָסען פון טרעהרען, אויס געריהרטקייט״.

„און פון דער אַנדערער זייט — די מאַטעריעלע לאַגע אין דער ישיבה: שוואַכקייט און פערעלטערטקייט, נויט און פערלאָזענקייט, „פת במלח תאכל״ ממש, און וואַסער אָהן צוקער, און אויף וועטשערע איז ניטאָ קיין ברויט, ווייל דער יקרות איז מורא׳דיג, נאָר אַ זופּ פון רייז. — ווינטער פון יאָהר תש״ב, האָט פּאַסירט אַ טרויעריגע זאַך, וואָס די מערהייט פון די בני הישיבה זענען אַוועקגעפאַלען אויף אַ שווערער קראַנקהייט צוליב דעם מאַנגעל פון וויטאַמינען, זייער הויט פון דער צונג און אינוועניג אין מויל און האַלז האָט געפּלאַצט, און דאָס האָט פערשאַפט גרויליגע יסורים און די דאָקטוירים האָבען פעסטגעשטעלט, אַז דאָס נעמט זיך פון זייער מאָגערער בעשפייזונג״. —

צו דער זעלבער צייט האָט דער ראש ישיבה, הרב שמולעוויץ, נישט אויפגעהערט צו אַלאַרמירען און בעטען רעטונג פאַר דער מירער ישיבה:

„דער רוחניות׳דיגער מצב פון דער ישיבה איז אויסגעצייכענט ביז גאָר, די שקידה איז נפלא׳דיג, וואָס אַזעלכעס איז שוין ניט געווען צעהנדליגער יאָהרען; מיר האָבען אָפּגעדרוקט דורך פאָטאָגראַפיע נאָך ספרים צום לערנען — אָבער עקאָנאָמיש איז דער מצב זעהר שווער, דער יקרות איז שרעקליך, איילט אייך צו אַרויסצוראַטעווען די ישיבה אויפן דיפּלאָמאַטישען וועג״. —

אין אַ שפּעטערדיגען בריף צום מירער ראש ישיבה אין ארץ־ישראל, צו הגאון רא״י פינקעל, האָט הרב שמואלעוויץ מודיע געווען פון שאַנכאַי:

„עס איז זעהר לייד, וואָס מיר האָבען ניט די מעגליכקייט צו שילדערן

פאַר כת״ר די פּראַכט פון דער ישיבה אין רוחניות... עס איז נאָך קיינמאָל ניט געווען אַזאַ תקופה פון הצלחה אין רוחניות, ווי איצטער... אויך דער כולל, וואָס דערהאַלט זיך ביי דער ישיבה דורך דער גאַנצער צייט פון אונזער אָפּריכטען גלות, האָט דערגרייכט אַ הויכע מדרגה פון פולקאָמענהייט... און אַזוי פּעראַיי־ניגען זיך צוזאַמען די ישיבה מיטן כולל צו איין גרויסען און ליכטיגען פלאַם, וואָס טוט בעלויכטען די גאַנצע שארית הפליטה...״

און איצט בלייבט נאָך אויפצוקלערען איין רעטזעלהאַפטען פּונקט — וועגען דער סיסטעמאַטישער הילף פון „ועד הצלה״ אין אַמעריקע, וואָס איז דערגאַנגען קיין שאַנכאַי דורך דעם גאַנצען, לאַנגען פּעריאָד פון דער מלחמה, טראָץ דעם, וואָס שאַנכאַי האָט דאָך געהערט צום „פיינדליכען געביט״. די דאָזיגע פראַגע איז צום ערשטען מאָל געוואָרען אַרויסגעהויבען אין דער עפענטליכקייט אין דער אידישער פּרעסע פון אַמעריקע, און נאַטירליך, אַז געשעהען איז דאָס שוין נאָכן פּערענדיגען דעם קריג מיט דער פולשטענדיגע קאַפּיטולאַציע פון יאַפּאַן. די איבעררעשענדע געשיכטע איז געוואָרען אַנטדעקט דורך ד״ר יצחק לעווין.[10]

„וואָס עס פרעגט זיך, אין פלוג, איז אַ פּשוט׳ע שאלה: גלות שאַנכאַי האָט דאָך געדויערט גאַנצע פיער יאָהר (זינט פּוירל האַרבאָר ביז צום אונטערגעבען זיך פון יאַפּאַן) און אייגענטליך נאָך מעהר, ווייל די ישיבות־גרופּען זענען אָנ־געקומען קיין יאַפּאַן סוף 1940 און אָנהויב 1941. טאָ ווי אַזוי האָבען זיי מאַטעריעל געקענט אויסהאַלטען אַזאַ לאַנגע צייט? ווער האָט זיי געהאָלפען, אַז זיי זאָלען קענען אָנגעהן מיט זייער הייליגער גייסטיגער אַרבעט? — און דאָ אַנטפּלעקט זיך פאַר אונז איינס פון די שענסטע קאַפּיטלען פון דער טעטיגקייט פון „ועד הצלה״.

„זינט סוף 1941 האָט דער „ועד הצלה״ אין ניו־יאָרק געשיקט קיין שאַנ־כאַי אַ רעגולערע שטיצע פאַר אַלע 400 ישיבה־לייט, וואָס האָבען זיך דאָרט געפונען (פון מיר, קלעצק, ראַדון, נאָוואָרידאָק, ליובאַוויטש, טעלז, לובלין, כולל קאָוונע א. א.) ווי אויך פאַר אַלע רבנים און רבנישע משפּחות (בערך 200 פּער־זאָן). די שטיצע האָט אויסגעמאַכט דורכשניטליך די גאַנצע צייט 28 דאָלאַר אַ חודש פאַר יעדען נפש. חוץ דעם זענען געשיקט געוואָרען כסדר סובסידיעס צו די רעליגיעזע אָרגאַניזאַציעס אין שאַנכאַי (אגודת ישראל און מזרחי), מען האָט אויך שטאַרק געשטיצט די תלמוד תורה אין שאַנכאַי (אונטער דער אָנפיהרונג פון דאָרטיגען רב, הרב אשכנזי) און מען האָט בעזונדער געהאָלפען די קראַנקע מענשען.

„צוזאַמען האָט דער „ועד הצלה״ געשיקט קיין שאַנכאַי דורכשניטליך 190 טויזענד דאָלאַר אַ יאָהר און במשך פון דער גאַנצער צייט — בערך אַ מיליאָן דאָלאַר!

10) „מאָרגען־זשורנאַל״, 4 יולי 1946.

„דאָס איז ניט קיין גוזמא. דאָס איז אַ ציפער, וועלכע די ביכער פון „ועד הצלה" ווייזען אויף, שוואַרץ אויף ווייס... אָבער ניט דאָס איז דער עיקר. ניין, ווייט ניט דער עיקר. אין דער אמת'ן איז ענין שאַנכאַי אַ העלדען־טהאַט, אַ גבורה אָהן פרעצעדענס, אויך דאָ אין אַמעריקע. ווייל ו ו י האָט מען דאָס געקענט שיקען אַ מיליאָן דאָלאַר במשך דער מלחמה אין לאַנד פון שונא? דאָס איז דאָך געווען קעגען אַלע מלחמה־געזעצען. דאָס איז דאָך געווען אַ מלחמה־פערברעך! — און הגם ניט אַלץ קען שוין אין איצטיגען מאָמענט ווערען דערצעהלט, הגם ניט אַלע פּרטים מעגען איצט איבערגעגעבען ווערען אין דער עפענטליכקייט, דאָך וויל איך אַראָפּנעמען דעם סוד פון אַ לייסטונג, וואָס וועט אַמאָל אַריינגעהן אין דער אידישער געשיכטע. —

„די פערצווייפלונג איז געווען גרויס אין „ועד הצלה" אין יאָהר 1942. אַלע וועגען פון הצלה האָבען זיך פערמאַכט. אַמעריקע איז געווען אין קריג און אַלע טויערען זענען געוואָרען פערשלאָסען. אין ווייטען מזרח איז די רעליגיעזע גרופּע געשטאַנען מוטיג אויפן פּאָסטען. אָבער זי האָט סיגנאַליזירט דורך פריינד אין נייטראַלע לענדער (שווייץ, שוועדען און דרום אַמעריקע): „מיר אַרבעטען מיט די לעצטע כוחות. ראַטעוועט אונז און שיקט הילף!"

„עס זענען געווען אויסגעשעפּט אַלע פּריוואַטע טראַנספּער־מעגליכקייטען, די צענזור האָט מיט אַ פעסטער צוואַנג אַרומגענומען די גאַנצע קאָרעספּאָנדענץ פון און קיין אַמעריקע. עס איז ניט געבליבען קיין אָפען „שפּאַרקעלע". איז איינמאָל ביי אַ גרופּע פון די אָנפיהרער פון „ועד הצלה" אויפגעקומען אַ מאָד־נער געדאַנק: לאָמיר וועגען דער לאַגע דערצעהלען טאַקע אין סטעיט־דעפּאַרטאַ־מענט אין וואַשינגטאָן, לאָמיר דאָרט פערלאַנגען הילף. — און מעשה־נס, וואַשינגטאָן האָט פערשטאַנען, אַז ווען עס געהט צו דערהאַלטען מענשליכע לעבענס טאָר קיין געלד ניט שפּילען קיין ראָלע. עס זענען אָבער אַנטשטאַנען געוואַלדיגע טעכנישע שוועריגקייטען, וועלכע מען האָט געמוזט בייקומען, כדי דאָס געלד פון „ועד הצלה" זאָל דורך אַ נייטראַל לאַנד קענען קומען צו דער רעליג־יעזער גרופּע אין שאַנכאַי.

„דער סטעיט־דעפּאַרטאַמענט האָט זיך ערקלערט גרייט צו געבען אַ „לעיסענס" אויפן נאָמען פון אַן אַליאירטער מלוכה צו שיקען געלד פון אַמעריקע אין אַ נייטראַל לאַנד. גלייכצייטיג האָט מען געדאַרפט פועל'ן, אַז די דיפּלאָמאַטישע פערטרעטונג פון אָט־דער מלוכה זאָל דורך אַ שיפרירטער טעלעגראַמע מודיע זיין אין דעם נייטראַלען לאַנד, אַז דאָס געלד דאַרף תיכף ווערען ווייטער געשיקט צו דער רעליגיעזער גרופּע אין שאַנכאַי. — די מלוכה איז געפונען געוואָרען. די פּוילישע אַמבאַסאַדע אין וואַשינגטאָן און דער פּוילישער גענעראַל־קאָנסולאַט אין ניו־יאָרק האָבען אַרויסגעוויזען די גרעסטע פערשטענדניש פאַר דער זאַך. זיי

האָבען אָנגעגעבען אַ בקשה אויף אַ „לעיסענס" צו שיקען געלד קיין שווייץ. דער סטעיט־דעפּאַרטאַמענט איז געוואָרען פערשטענדיגט דורכ׳ן „ועד הצלה" אַז אַט די בקשה אויף אַ „לעיסענס" מיינט הילף פאַר די ישיבות אין שאַנכאַי. אויף צומאָרגענס איז די „לעיסענס" געוואָרען בעוויליגט. טעלעגראַפיש זענען געוואָרען אַוועקגעשיקט גרויסע סכומים, איינער נאָכן אַנדערען, פון וואַשינגטאָן קיין בערן און פון דאָרט, דורך דער פּוילישער אַמבאַסאַדע אין דער שווייץ, קיין שאַנכאַי — באַלד האָבען אָנגעפאַנגען צו קומען אויסדרוקען פון טיפסטען דאַנק אין „ועד הצלה" פון שאַנכאַי. דאָס לעבען פון די פיעל הונדערטער ישיבה־לייט, רבנים און זייערע משפחות איז געווען געראַטעוועט". —

אַלס אַ קליינע אילוסטראַציע צום אויטענטישען בעריכט וועגען דער בעוויליגטער אונטערערדישער הילף פאַר שאַנכאַי — זאָל דינען אַ קורצער אויסצוג פון איינעם פון די פערטרויליכע בעריכטען, וואָס דער „עקזעקוטיוו־אָפיס פון פּרעזידענט" אין וואַשינגטאָן האָט דורך דעם ספּעציעל־געשאַפענעם „וואָר רעפיודזשי באָרד" (קאָמיטעט פאַר מלחמה־פליטים) איבערגעשיקט דעם 29־טען אויגוסט, 1944 צו דער לייטונג פון „ועד הצלה": [11])

„די פאָלגענדע מעלדונג פאַר אייך פון רבי וואָלבע איז געוואָרען דער־האַלטען דורך דער אַמעריקאַנער פאַרשטעהערשאַפט אין שטאָקהאָלם, אונטער דער דאַטע פון אויגוסט 26, 1944:

„די סומע פון 214,239 שווייצער פראַנק איז געוואָרען דערהאַלטען דורך רבי שמולעוויץ (געמיינט דעם ראש ישיבה פון מירער ישיבה אין שאַנכאַי), און אַלע דריי איבערווייזונגען זענען געוואָרען פערטיילט גענוי לויט די אינסטרוק־ציעס. די פאָנדען זענען געוואָרען איינגעטיילט און אויסגעצאָהלט אויפן באַזיס פון גרופּעס, און דערביי איז געווען איינגעשלאָסען די גרופּע פון חב"ד, אין אָנ־בליק פון זייער קריטישער לאַגע. עס איז געווינשען, אַז אין פאַל פון ווייטערע איבערווייזונגען זאָלען די גרופּעס ווערען אויסגערעכענט גענוי דורך אייך, ווי דאָס איז געווען אין די לעצטע צוויי איבערווייזונגען". —

ווי געזאָגט, איז דאָס געווען אַן אָפיציעלער ראַפּאָרט, וואָס איז געוואָרען איבערגעשיקט צום „ועד הצלה" דורך דער פערמיטלונג פון די העכסטע אַמערי־קאַנער רעגירונגס־אינסטאַנצען, און דערביי איז דער אינהאַלט געווען אַבסאָלוט קלאָר און דורכזיכטיג: דער אָנגעבער איז געווען הרב וואָלבע, פערטרעטער פון „ועד הצלה" אין נייטראַלען שוועדען; עס האָט זיך געהאַנדעלט וועגען אַ גרעסערער סומע פון 214 טויזענד שווייצער פראַנק; און עס איז דאָרט געווען אָפען גערעדט וועגען פערטיילונגען און אונטערשטיצונגען פאַר ישיבה־לייט און אַנדערע רעליגיעזע גרופּעס.

11) לויט אַ דאָקומענט אין אָריגינאַל אין אַרכיוו פון „ועד הצלה".

צום הערליכען קאַפּיטעל פון שאַנכאַי מוז נאָך געמאַכט ווערען איין קליינע הוספה, אין נאָמען פון איינעם פון די אָנגעזעהענסטע פליטים־עסקנים, הרב שלמה שאַפּירא, וועלכער איז געווען אויך בעטייליגט אין דעם בעריהמטען דיספּוט מיט די יאַפּאַנישע רעגירונגס־פאָרשטעהער; און אָט וואָס הרב שאַפּירא ערקלערט : [12]

— עס איז אונמעגליך צו רעדען וועגען שאַנכאַי און נישט צו דערמאָנען דערביי דעם דאָרטיגען רב, הרב ר' מאיר אשכנזי ז"ל, אַליין אַ חב"ד'ניק, וואָס איז אַנטלאָפען נאָך דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע פון רוסלאַנד און איז געבליבען שטעקען אין שאַנכאַי. הרב אשכנזי איז געווען דער פּאַטראָן פון אַלע פליטים אין שאַנכאַי, ער איז געשטאַנען בראש פון דעם קבלת־פּנים־קאָמיטעט לכבוד די פליטים און זיין הויז איז געווען אַ היים פאַר יעדען פליט און גאַנץ בעזונדערס איז געווען זיין זאָרג פאַר די בני תורה, רבנים און ראשי הישיבות. עס איז קוים צו שילדערן דאָס מסירת הנפש און אהבת ישראל פון הרב אשכנזי אין שאַנכאַי; יעדער איינער פון אונז „שאַנכאַיער" וועט איהם קיינמאָל נישט פערגעסען !

12) פון אַ פּערזענליכען ראַפּאָרט.

קאַפּיטעל 9

# הילף קיין ארץ־ישראל און דורך ארץ־ישראל

צוליב דעם ענגלישען „ווייסען פּאַפּיר" זענען די טויערן פון ארץ ישראל געווען פערהאַקט פאַר יעדער הצלה־אַרבעט. — דיפּלאָמאַטישע אינטערווענצען פון הרב הראשי הערצאָג אין לאָנדאָן, ביי דער אונטערשטיצונג פון אגודת הרבנים אין אַמעריקע און דעם „ועד הצלה", וועגען שאַפען אַן „אַזיל" פאַר ישיבות אין הייליגען לאַנד. — דער „ועד הצלה" העלפט ראַטעווען גדולי התורה און ישיבה־לייט קיין ארץ ישראל. — די ספּעציעלע פערטרעטונג פון אַמעריקאַנער „ועד הצלה" אין ירושלים פיהרט אָן אַ ברייט־פערצווייגטע הילפס־אַרבעט. — פון ירושלים איבער טעהעראַן האָט געפיהרט די רעטונגס־ליניע פאַר סיביר.

זינט דעם ערשטען טאָג פון זיין גרינדונג האָט דער „ועד הצלה" פּרינ־ציפּיעל און פּראַקטיש לחלוטין נישט בעגרענעצט זיין רעטונגס־ווערק אויף אַמעריקע. דער הויפּט־ציעל איז געווען — רעטונג פון די בני תורה, ראשי הישיבות און תלמידי הישיבות. אויף וויפיעל עס איז נאָר געווען מעגליך אַרויס־צוראַטעווען די גדולי התורה פון דער געפאַהר און זיי אַריבערצופיהרען קיין ארץ ישראל — האָט דער „ועד הצלה" נישט געקאַרגט קיין שום זאַך דערין צו העלפען, נאָכמעהר: דער „ועד הצלה" האָט מיט אַלע זיינע מעגליכקייטען אונטערגעשטיצט די פּאָליטישע און דיפּלאָמאַטישע אַקציעס אויף אויסצוקעמפּען עליה־רעכט פאַר די בעדראָהטע ישיבות אין אונזער הייליגען לאַנד אַריין, ארץ ישראל!

די אָביעקטיווע לאַגע איז אָבער, ליידער, געווען אַזאַ, אַז צוליב דער אכזריות פון דער בריטישער מאַנדאַטאָר־רעגירונג אין ארץ ישראל, זענען די עליה־טויערן געווען כמעט ווי אינגאַנצען פערהאַקט פאַר די אַנטרונענע אידישע פּליטים פון דעם נאַצישען גיהנום אין דער אָקופּירטער אייראָפּע.

אויף דער שוועל פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, אין מאַי, 1939, האָט די בריטישע רעגירונג אַרויסגעלאָזען דאָס טרויעריג־בעריהמטע „ווייסע פּאַפּיר", אויפן יסוד פון וועלכען די מאַסען־עליה קיין ארץ ישראל איז געוואָרען אָפּ־געשטעלט מיט דער גרעסטער ווילקירליכקייט. אויב אָבער דאָס „ווייסע פּאַפּיר" האָט צום אָנהויב נאָך געהאַט געלאָזען אַ קליינע שפּאַרע פאַר דער עליה פון

פליטים, אין דער פאָרם פון די „לעצטע־ענדגילטיגע" 75 טויזענד סערטיפיקאַטען, אויסגערעכענט אויף 5 יאָהר — איז פאַקטיש די דאָזיגע שפאַרע אויך געוואָרען פערשטאָפּט גלייך מיטן אויסברוך פון דער נאַצישער עראָבערונגס־מלחמה אין אייראָפּע. מיטן מאָמענט, ווען די ווילדע נאַצישע האָרדעס האָבען פערכאַפּט פוילען און עס האָט זיך אָנגעפאַנגען דער בלוטיגער אָנגריף איבערן פוילישען אידענטום, אין זעלבען מאָמענט האָט די בריטישע רעגירונג זיך צוגעאיילט אַרויסצוגעבען אַ ספעציעלע „קלאַוזולע" צום „ווייסען פּאַפּיר", אַז יעדער אי־דישער פליט, וואָס האָט זיך אפילו איין טאָג געפונען אין די נאַציש־בעהערשטע געביטען, איז פערדעכטיגט אַלס „נאַצישער שפּיאָן" און טאָר נישט בשום־אופן ווערען אַריינגעלאָזט קיין ארץ ישראל. די טעמפּקייט און רשעות פון דער ברי־טישער מאַנדאַטאָר־מאַכט איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז בעת דער גערער רבי זצ"ל, איז געוואָרען אַרויסגעראַטעוועט פון וואַרשאָווער געטאָ אין געווען נויטיג אַ ספעציעלע אינטערווענץ פון הרב הראשי הערצאָג ביים דאַמאָלסדיגען ברי־טישען הויך־קאָמיסאַר אין ארץ ישראל, מעקמייקעל, כדי אַראָפּצונעמען פון עלטעסטען און בעריהמטעסטען צדיק הדור דעם „חשד" פון „שפּיאָנאַזש"...

אגב, איז צו בעמערקען, אַז דעם ערשטען טשעק צו ראַטעווען דעם גערער רבי'ן און זיין משפחה, האָט געגעבען הרב סילווער, פאַר דעם „ועד הצלה", אויך די „עזרת תורה" האָט זיך בעטייליגט אין דעם רעטונגס־פאָנד.

פון דער דאָזיגער גזירה זענען באַלד פון אָנהויב געוואָרען פּאָרמעל געטראָפען די רבנים און ישיבה־תלמידים, אַריבערגעלאָפענע פון פוילען קיין ווילנע. און דערפאַר איז לכתחילה געווען נויטיג אַ ספעציעלע השתדלות ביי די סאַמע העכסטע אויטאָריטעטען פון דער בריטישער רעגירונג אין לאָנדאָן, מיטן צוועק צו בעפרייען די ראשי הישיבות און בני הישיבות פון דער „אַנטי־שפּיאָנאַזש־קלאַוזולע". בעת די אינטערווענצען אין לאָנדאָן איז דערביי געוואָרען אַרויסגעבראַכט דער פּלאַן וועגען „אַ צייטווייליגען אַזיל פאַר די בעדראָהטע ישיבות אין הייליגען לאַנד" אויף דער תקופה פון דער מלחמה, וואָס איז ממילא נישט געשטאַנען אין קיין שום סתירה צו דער פּאָליטישער ליניע פון „ווייסען פּאַפּיר".

דער ערשטער, וואָס האָט געגעבען די איניציאַטיוו פאַר אויסקעמפען ספעציעלע עליה־מעגליכקייטען פאַר די בעדראָהטע ישיבות, איז געווען הגאון רבי יחזקאל אַבראַמסקי, דער דאַמאָלסדיגער ראב"ד פון לאָנדאָן. נאָך אין די ערשטע חדשים פון דער מלחמה איז דערוועגען געוואָרען פערעפענטליכט אַזאַ בעריכט:

„הרב ר' יחזקאל אַבראַמסקי האָט איבערגעשיקט אַ בריף צו דער אגודת הרבנים אין אַמעריקע און געמאָלדען, אַז אין לאָנדאָן איז געוואָרען געשאַפען

אַ קאָמיטעט אויף אויסצופועל'ן די בעווילינגונג אַריבערצופיהרען קיין ארץ ישראל איניגע ישיבות, וואָס זענען געוואָרען איבערגעפיהרט פון פוילען קיין ליטע. די ראשי הישיבות פערלאַנגען אין זייערע טעלעגראַמעס פון ווילנע דורכצר־פיהרען דעם פּלאַן וואָס שנעלער. הרב אַבראַמסקי בעט דעריבער, אַז די אגודת הרבנים אין אַמעריקע זאָל זיך בעטייליגען אין דער אַקציע. בפרט איז וויכטיג צו פערזיכערען די בעשפייזונג און אויסהאַלטונג פון די היימלאָזע ישיבות נאָך זייער אָנקומען אין ארץ ישראל. אויב די אגודת הרבנים זאָל געבען אַזאַ פער־זיכערונג איז מעגליך צו בעקומען די געהעריגע דערלויבעניש פון דער ענגלישער רעגירונג".

מיט דער דאָזיגער בעווילינגונג מצד דער בריטישער רעגירונג, איז עס אָבער נישט צוגעגאַנגען אַזוי לייכט. טראָץ דער מלחמה־געפאַהר און די רייזע־שוועריגקייטען איז דער הרב הראשי פון ארץ ישראל, רא"י הערצאָג, געווען געצוואונגען אונטערצונעמען אַ נסיעה פון ירושלים קיין לאָנדאָן, און דאָס ספּעציעל אין דער פראַגע פון ראַטעווען די מלחמה־געליטענע ישיבות דורך איבערטראָגען זיי צייטווייליג קיין ארץ ישראל. פאַר דער דאָזיגער אינטערוועניץ־רייזע קיין לאָנדאָן, איז פאָרגעקומען אַ טעלעגראַם־אויסטויש צווישען הרב הראשי הערצאָג און הרב סילווער, דעם נשיא פון „ועד הצלה". [1]

הרב הראשי הערצאָג האָט טעלעגראַפירט צום „ועד הצלה":

— עס איז נויטיג אַן אָפיציעלע גאַראַנטיע פון דער אגודת הרבנים אין אַמעריקע אַז די אגודת הרבנים וועט זיין פעראַנטוואָרטליך פאַר דער פולער אויסהאַלטונג פון די אַריבערגעבראַכטע ישיבות פון אייראָפּע אויף אַ פעריאָד פון איניגע יאָהר; עס איז אויך נויטיג אַ פערזיכערונג, אַז דער „ועד הצלה" וועט זיך בעטייליגען אין די רייזע־קאָסטען פון איבערפיהרען די ישיבה־לייט קיין ארץ ישראל.

הרב סילווער האָט געענטפערט אין נאָמען פון „ועד הצלה":

— די אגודת הרבנים וועט זיין גרייט צו נעמען אויף זיך די פאָרמעלע פינאַנציעלע פעראַנטוואָרטונג אויסצוהאַלטען די געראַטעוועטע ישיבות און דער „ועד הצלה" וועט ליפערן די נויטיגע פאָנדען, ביי דער מיטהילף פון דעם לאָנדאָנער קאָמיטעט פאַר די ישיבות.

אין איינקלאַנג מיט דער דאָזיגער הבטחה איז שפּעטער געוואָרען אָפּ־געהאַלטען אַ זיצונג פון דער הויפּט־לייטונג פון „ועד הצלה", אונטערן פאָרזיץ פון הרב סילווער, און פון די איינגעפּלאָסענע געלדער פון ישיבה־קאַמפּעין איז געוואָרען אַרונטערגענומען אַ סומע פון 50 טויזענד דאָלאַר — ספּעציעל אַלס רעזערוו־פאָנד אויף אַריבערצופיהרען די ישיבה־לייט קיין ארץ ישראל.

---

1) „הפרדס", שבט און אדר, ת"ש.

די פּאָליטישע אינטערווענצען ביי דער ענגלישער רעגירונג האָבען דער־ווייל אָנגעטראָפען אויף אַלץ נייע שווערינקייטען. אין דער צייט, וואָס אין זיין ערשטען פּלאַן האָט הרב הראשי הערצאָג גערעדט וועגען „טויזענד ישיבה־תלמידים צוזאַמען מיט די ראשי הישיבות", איז שוין אין דעם צווייטען בעריכט געווען אָנגעגעבען די ציפער פון בלויז „פיר הונדערט תלמידים", און די פערלאַנגטע גאַראַנטיע פאַר זיי איז געווען אָנגעצייכענט אויף 3 יאָהר. דערביי איז געווען קלאָר פאָרמולירט, אַז עס האַנדעלט זיך אין אַ גאַראַנטירטען מינימום פון 4 פונט שטערלינג פאַר יעדען תלמיד מאָנאַטליך. וויכטיג איז אויך צו דערמאָנען, אַז דער „ועד הישיבות" פון שיקאַגאָ, אונטער דער אָנפיהרונג פון זיין נשיא, הרב ר' אפרים עפשטיין, האָט פון זיין זייט גלייך צוגעשטעלט אַ גאַראַנטיע פאַר 50 ישיבה־לייט, וועלכע האָבען געדאַרפט ווערען אַרויסגעראַטעוועט קיין ארץ ישראל.

און נאָך אַ מאָמענט איז ביז גאָר אינטערעסאַנט אונטערצושטרייכען: הגאון רבי חיים עוזר זצ"ל, האָט ממש אין די לעצטע טעג פון זיין רוהמרייכען לעבען זיך גענומען די טירחא ספעציעל צו שרייבען צו הגאון ר' יחזקאל אַבראַמסקי אין לאָנדאָן און איהם מזרז זיין וועגען דער אַקציע אַריבערצופיהרען אַ גרויסע צאָהל ישיבה־לייט קיין ארץ ישראל.[2]

דערווייל האָט זיך דער מצב אויף די מלחמה־פראָנטען כסדר פערשאַרפט. די רוסישע אַרמייען האָבען אָקופּירט ווילנע צוזאַמען מיט ליטע און די אַנדערע באַלטישע לענדער. די אַלאַרמירטע ישיבות האָבען צום טייל זיך גענומען לאָזען אויפן וואַנדער־וועג, נישט האָבענדיג קיין זיכערען ציעל־פונקט פאַר זיך. אָבער בלויז ווייניגע גדולי התורה און בני הישיבות האָבען די זכיה געהאַט צו געניסען פון רעטונגס־סערטיפיקאַטען קיין ארץ ישראל. צווישען דער קליינער געצעהלטער גרופּע פון גדולי התורה, וואָס האָט בעוויזען ניצול צו ווערען קיין ארץ ישראל און דאָס מיט דעם סאַמע קירצעסטען וועג: פון ווילנע קיין אָדעס, און פון דאָרט מיטן שוואַרצען ים קיין סטאַמבול, און דערנאָך פון סטאַמבול מיט דעם יבשה־וועג איבער קליין־אַזיע קיין ארץ ישראל — האָט זיך געפונען דער בעריהמטער גאון, רבי זאב הלוי סאָלאָווייטשיק, דער בריסקער רב, און איינער פון די אָנערקענטסטע ראשי הישיבות, הגאון ר' אליעזר יהודה פינקעל, דער ראש פון דער מירער ישיבה. ביידע גדולי הדור זענען ניצול געוואָרען קיין ארץ ישראל מיט דער הילף פון „ועד הצלה".

און זאָל דאָ פערצייכענט ווערען אַ העכסט־כאַראַקטעריסטישער פאַל: ווען די קליינע גרופּע גדולי התורה און ישיבה־תלמידים איז געווען אין מיטען וועג, צוזאַמען מיט אַ גרעסערע צאָהל עולים קיין ארץ ישראל, וואָס האָבען בעקומען

---

2) „הפרדס", אדר, תש"א.

צוגעטיילט סערטיפיקאַטען דורך דער פּערמיטלונג פון דער „דזשואיש איידזשענסי" אין ירושלים — האָט דער פאָרשטעהער פון דער „דזשואיש איידזשענסי" גע־האַלטען פאַר נויטיג צו טעלעגראַפירען פון סטאַמבול, אַז אויב דער „ועד הצלה" וועט נישט איבערווייזען טעלעגראַפיש די רייזע־קאָסטען אויף אַ סומע פון 6 טויזענד דאָלאַר, וועלען די גדולי התורה נישט האָבען די מעגליכקייט ווייטער צו פאָהרען. אַזאַ סומע איז געוואָרען תיכף איבערגעשיקט קיין סטאַמבול.[3]

בעת דער בריסקער רב איז אָנגעקומען קיין ירושלים עיר הקודש, איז פאַר איהם געוואָרען צוגעגרייט אַן אויסערגעוועהנליכער קבלת־פנים. פאַרן אַריינ־פאָהר קיין ירושלים, אין דער פאָרשטאָדט מוצא, האָט איהם בעגעגענט אַ דעלעגאַציע פון די ישיבות און ספּעציעלע שליחים האָבען דעם בריסקער רב איבערגעגעבען בעגריסונגס־בריף פון הגאון רבי איסר זלמן מעלצער, ראש ישיבה פון „עץ חיים" און אויך אין נאָמען פון אַנדערע ישיבות, „מרכז הרב", „תורת חיים", „שערי תורה" וכו'.

אין דער שפּעטערדיגער קליינער גרופּע ניצולים פון ווילנע קיין ארץ ישראל האָט זיך געפונען דער קרינקער רב, הגאון ר' יחזקיה יוסף מישקאָווסקי ז"ל, איינער פון די גרינדער און פיהרער פון „ועד הישיבות" אין ווילנע, וואָס איז דערנאָך געוואָרען מפורסם אַלס איינער פון די איבערגעגעבענסטע הצלה־עסקנים אין דער תקופה פון שרעקליכען חורבן.

דאָס זענען אָבער אַלץ געווען איינצעלנע אויסנאַהמען. די רעטונגס־אַרבעט פאַר די ישיבות האָט געמוזט ווערען געפיהרט אין אַנדערע ריכטונגען, ווייל די הצלה־טויערן קיין ארץ ישראל זענען געווען געשלאָסען.

ווען הרב הראשי לאר"י, הגאון רי"א הערצאָג, האָט אין ווינטער פון יאָהר תש"א (1941), אַליין אונטערגענומען די נסיעה קיין אַמעריקע, כדי צו מאָביליזירען דרינגענדע הילף פאַר די מוסדות הצדקה והחסד אין ארץ ישראל גופא, האָט הרב הערצאָג גלייך ביי זיין אָנקומען קיין אַמעריקע געהאַלטען פאַר זיין חוב אַרויסצולאָזען אַ וואַרימען אויפרוף צום אַמעריקאַנער אידענטום לטובת דעם רעטונגס־ווערק פאַר די בעדראָהטע ישיבות.

„אויף די אידען אין אַמעריקע — איז געזאָגט אין דאָזיגען אויפרוף — האָט די השגחה העליונה אַרויפגעלעגט די גרויסע און הייליגע אויפגאַבע צו איילען מיט הילף און רעטונג פאַר אידען, וואָס טרינקען זיך אין אַ ים פון צרות, און צו ראַטעווען דעם רעשט פון אונזערע גייסטיגע אוצרות פון דעם שרעקליכען חורבן.

„שוין אין איצטיגען מאָמענט האַלט איך עס אַלס מיין הייליגער חוב מעורר צו זיין דאָס אַמעריקאַנער אידענטום וועגען די אָנשטרענגונגען, וואָס

3) „הפרדס", שבט, תש"א.

ווערן געמאַכט אַרויסצוראַטעווען די ישיבות הקדושות פון ליטע, אום זיי אַריבערצופיהרען טיילוויז קיין ארץ ישראל און טיילוויז אין די פעראייניגטע שטאַטען. איך וויל אונטערשטרייכען מיטן גאַנצען נאָכדרוק, אַז דאָס איז די הייליגע פליכט פון אחינו בני ישראל אין אַמעריקע, וואָס זיי זענען בבחינת יוסף, אין דער בחינה „כי למחיה שלחני אלוקים לפניכם"; נישט בלויז איז נויטיג דורכצופיהרען אַלע מעגליכע בעמיהונגען אין דער דאָזיגער ריכטונג, נאָר מען מוז וואָס שנעלער צואיילען דאָס רעטונגס־ווערק. — ביטע, איילט און פער־שנעלערט, טייערע ברידער, צו ראַטעווען וואָס עס איז נאָך פערבליבען פון אונזער מקדש הרוחני, אַזוי לאַנג ווי עס איז נאָך נישט פערשפעטיגט!"

(אונטערגעשריבען)

בברכת התורה ובברכת ציון וירושלים

**יצחק אייזיק הלוי הרצוג.**

אין צווישען־צייט, בשעת דעם אויפענטהאַלט פון הרב הערצאָג אין אַמעריקע, איז ארץ ישראל גופא געוואָרען געשטעלט פאַר אַ גרויסער און שרעק־ליכער געפאַהר. די נאַציש־פאַשיסטישע אַרמייען האָבען פלוצלינג געעפענט אַ נייעם מלחמה־פראָנט אין דער ליבישער מדבר, נאָהנט צו דער גרענעץ פון עגיפטען, און פון דאָרט איז געוואָרען אָנגעצייכענט די דרייסט־פערמאָסטענע דייטש־איטאַליענישע אָפענסיווע אויפן גאַנצען נאָהנטען מזרח, אַריינגערעכענט ארץ ישראל. די ראַשיגע און איבעראַשענדע נאַצישע נצחונות אויפן מדבר־פראָנט האָבען אַוועקגעשטעלט דעם אידישען ישוב אין ארץ ישראל פאַר נייע, גרויסע נסיונות. צוליב דער ניי־געשאַפענער לאַגע האָט דער הרב הראשי הערצאָג צוגעאיילט זיין צוריק־רייזע אַהיים, קיין ירושל׳ם. אונטער אַזעלכע אומשטענדען זענען די אויסזיכטען צו ראַטעווען די ישיבות קיין ארץ ישראל געוואָרען נאָך שוואַכער און בעגרעניצטער.

אין זיין רעדע פאַר דעם רבנים־צוזאַמענפאַהר אין ניו־יאָרק האָט הרב הראשי הערצאָג דערצעהלט, אַז ער האָט פון זיין זייט ווייטער אונטערגענומען אַן אינטערווענץ „אין וואַשינגטאָן וועגען די רבנים און תלמידי הישיבות, וועלכע זענען אין יאַפּאַן". און אין זיין געזעגענונגס־וואָרט צום אַמעריקאַנער אידענטום האָט הרב הערצאָג ערקלערט מיט דער גאַנצער מאָס פון בטחון:

„איך בין גליקליך צוריקצופאַהרען אַהיים קיין ארץ ישראל, אונזער הייליג לאַנד. איך בין פול מיט האָפנונג וועגען דער צוקונפט פון ארץ ישראל, וואָס מיר האָבען אַ הבטחה, דאָס נאָך קיין דריטער חורבן וועט מעהר נישט קומען — איך גלויב באמונה שלימה, אַז די גאולה איז פיעל נעהנטער ווי מיר טראַכטען, און איך ווינש אַמעריקאַנער אידען זאָלען זוכה זיין צו זעהען די גאולה במהרה

בימינו, און דער עיקר, אַז אַמעריקאַנער אידען זאָלען נישט פערגעסען אַן ארץ ישראל״. —

און אַט וואָס הרב הערצאָג האָט געזאָגט אויף דעם רבנים־צוזאַמענקונפט וועגען „ועד הצלה״:

— ווען בעת דעם חורבן בית שני האָט טיטוס זיך געטראַכט, אַז עס איז שוין נישטאָ, חלילה, קיין איבערבלייבונג פון כלל ישראל, דאַמאָלס האָט רבי יוחנן בן זכאי געזאָגט: „תן לי יבנה וחכמיה״, און דורך די דאָזיגע ווערטער פון רבי יוחנן בן זכאי עקזיסטירען מיר דאָך ביז היינטיגען טאָג; און דאָס זעלבע דאַרפען מיר טוען היינט־צו־טאָג. מיט דער תורה וועלען מיר מנצח זיין אַלע שונאים. און דעריבער טוט אַלעס מעגליכע פאַר דעם „ועד הצלה״ אייערען, זעהט צו ראַטעווען יעדען ישיבה־מאַן, אויף וויפיעל דאָס איז מעגליך אַהערצו־ברענגען צו זיך, הגם איך האָב זיך, חלילה, נישט מייאש געווען אויך פון ארץ ישראל״. —

און דער „ועד הצלה״ האָט נישט מסיח דעת געווען פון ארץ ישראל, טראָץ אַלע מכשולים און כשלונות.

אין וויטערדיגען פעריאָד פון דער מלחמה, ווען די נאַצישע אַרמייען האָבען געפיהרט די פערביסענע מלחמה מיט רוסלאַנד און אַ דאַנק דעם פער־אייניגטען אַנטי־נאַצישען מלחמה־פראָנט איז געוואָרען געעפענט די מעגליכ־קייט פון אָרגאַניזירען אַ רעטונגס־אַקציע פאַר די פערשיקטע אין סיביר — האָט דער „ועד הצלה״ אַרויסגעהויבען אין זיין אויפרוף די לאָזונג פון אַרויס־ראַטעווען די גולי סיביר קיין ארץ ישראל:

„אַ גרויסע הילפס־אַרבעט קאָן איצט געטאָן ווערען אין סיביר, דאָרט איז מעגליך צו שיקען הילף אָהן שוועריגקייטען; ס׳איז אויך דאָ אַ גרויסע מעגליכ־קייט אַרויסצונעמען די רבנים און תלמידי הישיבות, און זיי טראַנספערירען קיין ארץ ישראל״. —

אויסער דער הילף ביים טראַנספערירען בני תורה פון די געפעהרליכע פונקטען האָט דער „ועד הצלה״ אויך געשיקט סיסטעמאַטישע הילף פאַר נויט־בעדערפטיגטע רבנים־פליטים און איבערגעוואַנדערטע ישיבה־לייט אין ארץ ישראל. אין איינעם פון די וועק־רופען פון דער אגודת הרבנים לטובת דעם „ועד הצלה״ איז דער דאָזיגער פאַקט געוואָרען פעסטגעשטעלט:[4]

„די אגודת הרבנים פון אַמעריקע, שטעהענדיג אויף דער וואַך פאַר די אינטערעסען פון אידישקייט דאָ אין לאַנד און איבער גאַר דער וועלט, האַלט פאַר איהר הייליגסטען חוב צו רופען אונזערע אַמעריקאַנער אידען צו העלפען מיט אַלע מעגליכקייטען דעם „ועד הצלה״, דעם נאַציאָנאַלען עמוירדזשענסי־

4) „מאָרגען זשורנאַל״, 26־טען דעצעמבער, 1941.

קאָמיטעט פון תורה־אידענטום אין אַמעריקע, וועלכער האָט ביז־איצט געראַ־טעוועט טויזענדער נפשות פון היטלער׳ס גיהנום און געהאָלפען דעם קיום התורה — דער ועד ההצלה טוט די דאָזיגע אַרבעט אומאויפהערליך, מיט דער גרעסטער מסירת הנפש. ער פיהרט אויך אָן אַ שטענדיגע הילפס־אַרבעט צווישען די פליטים בני תורה אין ארץ ישראל״. —

לויט אַ שפּעטערדיגען בעריכט, וואָס איז אָפּגעגעבען געוואָרען דורך הרב ר׳ יעקב לעווינסאָן, חבר הנשיאות פון „ועד הצלה״ — זענען „הונדערטער רבנים, גאונים און תלמידי הישיבות געוואָרען בעזעצט אין ארץ ישראל, אַ דאַנק דער הילף פון „ועד הצלה״.

ווי געזאָגט, האָט די מיליטערישע אַליאַנץ צווישען רוסלאַנד מיט די דע־מאָקראַטישע גרויסמאַכטען, אַמעריקע און ענגלאַנד, געגעבען אַ נייעם שאַנס פאַר הצלה־אַרבעט. און דער דאָזיגער נייער שאַנס איז געוואָרען ווי געהעריג אויסגענוצט דורך דעם „ועד הצלה״. זינט עס איז געוואָרען פערלעגט דער פערבינדונגס־פּונקט אין טעהעראַן, די הויפּט־שטאָדט פון איראַן (פּערסיע), אַלס די הויפּט־בריק צווישען רוסלאַנד און דער פרייער וועלט, איז טעהעראַן געוואָרען פערוואַנדעלט אין אַ זעהר וויכטיגען צענטער פון דער אידישער רעטונגס־אַרבעט בכלל און פון דעם אַמעריקאַנער „ועד הצלה״ בפרט. טעהעראַן איז קודם־כל געוואָרען אויסגענוצט אַלס אויסגאַנגס־פּונקט פון די הילפס־טראַנספּאָרטען פאַר די פערשיקטע אין סיביר און אַנדערע וויסטע מקומות אין אַזיאַטישען רוסלאַנד. אָבער מיט דער גאַנצער אָרגאַניזאַציע פון דער הילפס־אַרבעט איבער טעהעראַן האָט געהאַט אָנצופיהרען דער ספּעציעל־אויסגעבילדעטער עהרען־קאָמיטעט פון אַמעריקאַנער „ועד הצלה״ אין ארץ ישראל.

וועגען דעם פערנעם פון דער דורכגעפיהרטער רעטונגס־אַרבעט דורך ארץ ישראל, ביי דער אויסנוצונג פון די טראַנספּאָרט־מעגליכקייטען אין טעהע־ראַן, זאָגען עדות פיעל דאָקומענטען און ראַפּאָרטען פון יענעם פעריאָד, און אָט זענען איניגע פון זיי אַלס אילוסטראַציע.

דאָס איז אַ טעקסט פון אַ טעלעגראַם איבערגעוויזען דעם 3־טען פעברואַר, 1943, פון טעהעראַן, אויף דער אַדרעס פון אגודת הרבנים אין אַמעריקע:[5])

„אַלע פּאַקעטען זענען שוין געוואָרען אַרויסגעשיקט לויט אייערע אָנוויי־זונגען — שיקט אַרויס זאָפאָרט ווייטערדיגע סומעס און רשימות, אַנדערש וועט איהר פערלירען דעם שאַנס״.

(אונטערגעשריבען)

**רפאל שאַפאַר,**

פאָרשטעהער פון „דזשואיש איידזשענסי״ אין טעהעראַן

5) לויט׳ן אָריגינאַל איז אַרכיוו פון „ועד הצלה״.

און דאָס איז אַ מוסטער פון אַן אַלאַרם־טעלעגראַם, וואָס אַזעלכע זענען געװען אָפט אָנגעקומען אויף דער אַדרעס פון „ועד הצלה״:

ירושלים, מאַי 10, 1943, צום „ועד הצלה״, 132 נעסאָו סטריט ניו־יאָרק:

„די שרעקליכסטע ראַפּאָרטען אָקאָרשט דערהאַלטען — דעם מצב פאָדערט אומבעדינגט די שנעלסטע שיקונג פון ווייטערדיגע פּאַקעטען — דאָס איז די לעצטע האָפנונג צו דערהאַלטען דאָס לעבען פון די פּערבליבענע רבנים און תלמידי הישיבות — פיעל פון זיי זענען שוין געפאַלען — אין נאָמען פון השם יתברך בעטען מיר רחמים — שיקט זאָפאָרט טעלעגראַפיש צעהן טויזענד דאָלאַר״.

(אונטערגעשריבען)

## הרב הראשי הערצאָג, הרבנים: כהנא, סאַרנע, פינקעל

און דער ענטפער פון „ועד הצלה״ איז נישט געװאָרען אויפגעהאַלטען קיין איבעריגע מינוט. אויף דער אַדרעס פון הרב הערצאָג איז געװאָרען אַרויסגעשיקט די סומע פון 10 טויזענד דאָלאַר, אויסער דעם זענען געװאָרען איבערגעשיקט 5 טויזענד דאָלאַר דירעקט קיין טעהעראַן, אויף דרינגענדע שפּייז־פּאַקעטען פון דאָרט מיט דעם שנעלסטען וועג קיין רוסלאַנד. און דערצו איז נאָך געװאָרען איבערגעװיזען דורך דער פערמיטלונג פון דער „אַמעריקען עקספּרעס־באַנק״ אַ סומע פון 6 טויזענד דאָלאַר אויף פּערזענליכע געלד־אונטערשטיצונגען פאַר די לעבענס־בעדראָהטע אין סיביר.

די נעמען פון די אונטערגעצייכענטע אויף דער אַלאַרם־טעלעגראַמע פון ירושלים, דאָס זענען טאַקע געװען די עהרען־פערטרעטער פון „ועד הצלה״ אין ארץ ישראל: הרב הראשי הערצאָג, דער זקן הרבנים פון דער אַמאָליגער װאַרשאָװער קהלה — הרב ר׳ שלמה דוד כהנא, דער ראש ישיבה פון דער חברונ׳ער (סלאָבאָדקער) ישיבה אין ירושלים — הגאון רבי יחזקאל סאַרנא, און דער מירער ראש ישיבה, הגאון ר׳ אליעזר יהודא פינקעל. צום זעלבען עהרען־קאָמיטעט האָט אויך געהערט דער קרינקער רב, הרב מישקאָװסקי. דער ירושלימ׳ער קאָמיטעט האָט זיך פערנומען סיי מיט דער פונאַנדערטיילונג פון דער סיסטע־מאַטישער הילף פאַר די נויטבעדערפטיגטע אין ארץ ישראל גופא און סיי מיט דער אָרגאַניזירונג פון דער הילף פאַר די פערשיקטע אין סיביר.

דאָס הילפס־װערק דורך דער פערמיטלונג פון ירושלים האָט אָנגעהאַלטען לאַנגע יאָהרען, פּאַקטיש ביז דעם סוף פון דער מלחמה. אָט זענען איניגע ראַ־פּאָרטען װעגען דעם אומפאַנג פון דער דאָזיגער הילפס־אַרבעט:

זומער, 1943 האָט דער ירושלימ׳ער קאָמיטעט פון אַמעריקאַנער „ועד הצלה״ געמאָלדען װעגען דעם טראַנספּאָרט פון 821 פּאַקעטען שפּייז, קליידונג און מעדיקאַמענטען; צו דער זעלבער צייט זענען געװאָרען אַרויסגעשיקט דירעקט פון טעהעראַן 976 פּאַקעטען.

ווינטער, 1945 האָט די פּערטרעטונג פון „ועד הצלה" אין ירושלים בעריכ־טעט וועגן דעם טראַנספּאָרט פון 3350 פּעקלעך מצות קיין סיביר און אַנדערע פּלעצער אין אַזיאַטישען רוסלאַנד, ווי אויך אַ ספּעציעלע ליפערונג פון תפילין, סידורים און אַנדערע רעליגיעזע הצטרכות׳ן. אויף דער דאָזיגער ליפערונג איז געווען נויטיג אַ ספּעציעלע ערלויבעניש פון דער ארץ ישראל׳דיגער מאַנדאַטאָר־מאַכט.

און אַזוי האָט די הילף אָנגעהאַלטען, ווי לאַנג די נויט האָט געהאַלטען.

קאַפּיטעל 10

# נייער צושטראָם פון תורה און אידישקייט פאַר אַמעריקע

דער אָנקום פון די גרעאַטעוועטע גדולי התורה און מנהיגי הישיבות ברענגט אַן אויפשוואונג פון רעליגיעזער אידישקייט אין אַמעריקא. — דער נס פון „יבנה וחכמיה" ווערט אויפסניי דעמאָנסטרירט אויפן אַמעריקאַנער באָדען. — פּיעל פון די חרוב־געוואָרענע ישיבות אין אייראָפּע ווערען דערפאָלגרייך איבערגעפלאַנצט אין אַמעריקע. — געלעגט דעם יסוד פאַר אויסבויען דעם אָריגינעל־תורה׳דיגען חינוך פון דער אַמעריקאַנער־געבוירענער אידישער יוגענד.

אין איינעם פון די טעטיגקייטס־בעריכטען פון „ועד הצלה" איז געוואָרען בעטאָנט מיט שטאָלץ:

— „במשך פון דריי מיט אַ האַלב יאָהר איז אונז ב"ה געלונגען אַריבער־צוברענגען קיין אַמעריקע הונדערטער יחידים און משפחות, צווישען זיי גדולי התורה און ראשי־הישיבות פון די גרעסטע ישיבות, און זיי מיט זייער תורה האָבען בערייכערט דאָס אידישע גייסטיגע לעבען אין אַמעריקע". —

און דאָס איז געוויס נישט געווען סתם אַ צופעליגקייט אין דער רוהמ־פולער אַרבעט פון „ועד הצלה". די גרינדער און פיהרער פון דאָזיגען רעטונגס־ווערק האָבען קלאָר געציעלט צום דאָזיגען טאָפּעלטען צוועק — צו ראַטעווען די גדולי התורה און דורך דעם צו פערזיכערן דעם ווייטערדיגען קיום פון רוח התורה והיהדות ביי די אָפּגעראַטעוועטע טיילען פון אידישען פאָלק, ספּעציעל ביים אַמעריקאַנער אידענטום. אָט אַ שטייגער, ווען אַלס איינער פון די ערשטע ניצולים פון ליטע, דורכן לאַנגען אומוועג איבער יאַפּאַן, איז אָנגעקומען קיין אַמעריקע דער בעריהמטער קלעצקער ראש ישיבה, הגאון רבי אהרן קאָטלער, האָט דער נשיא פון „ועד הצלה", הרב ר׳ אליעזר סילווער איהם אויפגענומען מיט אַזאַ ברוך הבא":

„איך טראָג אַקעגען אַ הייסע און האַרציגע ברכה לכבוד דעם גרויסען און חשוב׳ען אורח, וואָס דאָס אַמעריקאַנער רעליגיעזע אידענטום האָט די זכיה אויפצונעמען ביי זיך אין די איצטיגע טעג. — מיט זיין ערשיינען וועט ווערען אויפגעהויבען דער כבוד התורה אין אַמעריקע, און מיר וועלען זוכה זיין דאָ מגדל צו זיין גדולי התורה והיראה, ביז מען וועט זיך צוריקקעהרען לארצנו הקדושה. — זאָל זיין אָנקום זיין מיט ברכה און הצלחה".

די דאָזיגע ברכה אויף הצלחה איז טאַקע מקויים געוואָרען און דער בעסטער בעוויז דערפאַר איז דער הויכער תורה־מוסד אונטערן נאָמען „בית מדרש גבוה באמריקה״, וואָס דער קלעצקער ראש־ישיבה האָט קורץ נאָך זיין אָנקומען פערלעגט אין לעיקוואוד, ניו־דזשוירזי.

דער דאָזיגער אויפטו פון „ועד הצלה״, צו ראַטעווען די תורה דורך דעם אַרויסראַטעווען די גדולי התורה, איז געוואָרען אונטערגעשטראָכען ביי יעדער געלעגענהייט. ווען הרב ר׳ ישראל הלוי ראָזענבערג, חבר הנשיאות פון אגודת הרבנים, האָט געזוכט אַרויסצוהויבען דאָס בעזונדערע חשיבות פון „ועד הצלה״, האָט ער זיך אויסגעדרוקט בזה הלשון:

„ברידער, רחמנים בני רחמנים! הצלת נפשות איז אַ מצוה, וואָס ניטאָ קיין פערגלייך צו איהר! און הצלת התורה איז אַ מצוה, וואָס האָט גאָר קיין גרעניץ ניט! און דעריבער דאַרפט איהר זעהען מקיים צו זייןביידע דאָזיגע הייליגע מצוות מיט איינמאָל. דאָס זענען ביידע גרויסע זכיות, ראַטעווען אידישע נפשות און ראַטעווען די תורה!״

דער וועזענטליכער געדאַנק וועגען דער טאָפּעלטער הצלה־אויפגאַבע איז געוואָרען נאָך מעהר אויספיהרליך בעגרינדעט דורך הרב ר׳ יעקב לעווינסאָן, חבר הנשיאות פון „ועד הצלה״:

„אַז מען רעדט וועגען דער וויכטיגקייט פון „ועד הצלה״, וואָס איז גע־וואָרען געשאַפען דורך דער אגודת הרבנים אין אַמעריקע, זענען פאַראַן אַזעלכע, וואָס פערטיפען זיך נישט אין דער בעדייטונג פון דאָזיגען מוסד. — אין דער אמת׳ען איז דאָס אַ הייליגע אַרבעט, וואָס דער קיום האומה הענגט דערפון אָפּ, ווייל אויב מיר זאָלען נישט צואיילען צו ראַטעווען אין פאַסיגען מאָמענט דעם שארית הפליטה פון אונזערע גאונים, די מאורי התורה, וועלכע געפינען זיך אין גרויס ענגשאַפט אין דער קליינער ליטע, איז נישט בלויז וואָס די דאָזיגע גאונים און ראשי הישיבות זענען אין סכנה, נאָר די גאַנצע אומה איז אין סכנה; דערפאַר וואָס מיר ווען, חלילה, בלייבען אָהן דעם יסוד און כח ממשיך צו זיין אונזער גייסטיגען קיום; ממשיך צו זיין די קייט פון תורה ומסורה, וואָס דאָס איז אונזער לעבען און אָהן דעם „איז אונזער אומה נישט קיין אומה״. אין נאָרמאַלע צייטען האָט זיך געצויגען דער מקור ההשפעה פון די אייראָפּעאישע לענדער, איבער דעם ים, צו אונז אידען אין אַמעריקע; און דער גאַנצער פער־מעגען פון תורה און רבנות, וואָס מיר פערמאָגען אין דער דאָזיגער מדינה איז דאָס אַלץ געקומען פון דאָרטען; אויך די ראשי הישיבות, גדולי התורה, וואָס פערשפרייטען דאָס תורה־ליכט דאָ אין אַמעריקע, און די ישיבות וואָס זענען געוואָרען דאָ געשאַפען, זענען דאָך אויסגעוואַקסען אין די ישיבות פון פוילען און ליטע — און דערפאַר, ווען מיר ראַטעווען אַ גאון און גדול בתורה, איז נישט

בלויז וואָס מיר ראַטעווען אַ נפש מישראל, נאָר אַ חלק פון דער אומה ראַטעווען מיר, אַן „אבר שהנשמה תלויה בו״; און ווען מיר ברענגען אַריבער פון די סכנה׳דיגע לענדער איניגע הונדערט תלמידים פון ישיבות, וואָס האָבען אַריינגע־זאַפּט אין זיך דעם ריח און רוח התורה דורך „פּת במלח ומים במשורה״ — ברענגען מיר אַ נייעם שטראָם בלוט אין אָרגאַניזם פון אַמעריקאַנער אידענטום, כדי צו הייליגען און לייטערן די נשמות פון יענע, וועלכע זענען ליידער אָפּ־געקעהרט פון דרך התורה״.

און מערקווירדיג, אַז דאָס איז געווען פון אַנהויב אַן דער הויך־אידעאַליסטישער, דערהאַבען־היסטאָרישער שטאַנדפּונקט פון דער אגודת הרבנים אין אַמעריקע. מיט דער פולער קלאָרקייט און ווייטזיכטיגקייט איז דער דאָזיגער שטאַנדפּונקט געוואָרען אַרויסגעברענגט אין אַ ספּעציעלען אַפּיל פון אגודת הרבנים אַריינצוציהען די פּריש־אָנגעקומענע רבנים־פּליטים אין דעם אַמעריקאַנער אידיש־רעליגיעזען לעבען. אָט זענען איניגע כאַראַקטעריסטישע שטעלען פון דאָזיגען אַפּיל, פּערעפענטליכט אום זומער, תש״א:[1])

„דער חורבן אייראָפּע, דער צעפאַל פון הונדערטער־יאָהר־אַלטע קהלות, וואָס זענען געווען די צענטערס פון תורה און יראת שמים, וואו עס איז קול־טיווירט געוואָרען דער גייסט פון ישראל סבא, האָט געבראַכט אַ בעדייטענדע צאָהל חשוב׳ע רבנים, צווישען זיי גדולי ישראל, אין אונזער לאַנד.

„מיר זענען גליקליך, וואָס מיר האָבען געקענט אין אַ געוויסער מאָס בייהילפיג זיין אין דער געוואַלדיגער אַרבעט פון הצלה און פּדיון־שבויים און אַזוי־אַרום געהאָלפען ראַטעווען פון עמק הבכא פיעלע פּאָהנען־טרעגער פון תורה־אידענטום און פון דער תורה.

„אמת, עס האָבען זיך געראַטעוועט בלויז אַ טייל פון די רבנים און גדולי התורה, אָבער די דאָזיגע צאָהל פון רבנים, גייסטיגע פיהרער, וואָס זענען אויסגעוואַקסען על ברכי התורה און וועלכע האָבען אונטער זיך יאָהרען פון דערפאַהרונג, אַלס פיהרער פון זייערע קהלות, וועלען בלי ספק בייטראָגען צום אויפבליה און פונאַנדערוואוקס פון אָרטאָדאָקסישען אידענטום און דער פער־שטאַרקונג פון די תורה־פּאָזיציעס אין דעם לאַנד. מיר, די רבנים אין אַמעריקע, בעגריסען זייער קומען אַהער. מיר זענען גליקליך, וואָס זיי האָבען זיך גע־ראַטעוועט פון גיהנום און מיר זענען טאָפּעלט צופרידען מיט זייער קומען, צוליב דעם וואָס זייער אַנוועזענהייט אין דעם לאַנד וועט קרעפטיגען די היגע אָרטאָדאָקסיע, דאָס היגע אידישע לעבען. דאָס אידישע אַמעריקע, דער פינף־מיליאָניגער אידישער קיבוץ אין דער גרויסער און פרייער מדינה, נויטיגט זיך אין נאָך מעהר רבנים, אמת׳ע תורה־טרייע מורי־דרך פאַר די פערש־ידענסטע

1) „מאָרגען זשורנאַל״, 4־טען יולי, 1941.

קהלות אין אונזער גרויסען לאַנד, וואו עס זענען נאָך ניט פאַרהאַן געװוג דער־פאַהרענע רבנים, גדולי תורה. —

„די דאָזיגע ניי־געקומענע רבנים זענען גרייט אין זייער נייער היים פּאַרטצוזעצען זייער תורה־טעטיגקייט און זייער רבנישע אַקטיוויטעט — דאָס פּרעזידיום פון אגודת הרבנים האָט דעריבער בעשלאָסען זיך צו װענדען צו אַלע אָרטאָדאָקסישע קהלות איבערן לאַנד און צו תורה־ און מסורה־טרייע אידען בכלל, צו זאָרגען דערפאַר, אַז אין יעדער קהלה, וואו עס זענען ניט פאַרהאַן געװוג רבנים, און בפרט אין די ערטער, וואו עס זענען קיין רבנים מובהקים ניטאָ, אָנצושטעלען רבנים, גדולי התורה און יראי־שמים פון די ניי־געקומענע״.

און דער אמת דאַרף געזאָגט ווערען, אַז די ניי־איינגעוואַנדערטע רבנים און ראשי הישיבות זענען אַליין געװען דורכגעדרונגען מיטן דאָזיגען בעוואוסט־זיין פון דער אומגעהויערער היסטאָרישער אחריות זייערער, איבערצופלאַנצען תורה און אידישקייט אינערהאַלב דעם מעכטיגען אידישען קיבוץ אין אַמעריקע.

אַזוי שנעל ווי די ניצול־געוואָרענע רבנים, גדולי התורה און מנהיגי הישיבות האָבען איבערגעטראָטען דעם באָדען פון אַמעריקע — האָבען זיי זיך גלייך אַריינגעוואָרפען אין דער מסירת־הנפש׳דיגער אַרבעט, און דאָס אין צוויי ריכטונגען:

פון איין זייט האָבען זיי געהאַלטען פאַר זייער סאַמע דרינגענדסטער אויפגאַבע צו אָרגאַניזירען און אויסברייטערן די הצלה־אַרבעט פאַר די יעניגע, וועלכע זענען געבליבען שטעקען אין מיטען וועג; און זינט דעם מאָמענט פון זייער אָנקומען איז דורך זיי געוואָרען געשאַפען דער ספּעציעלער הצלה־קאָמיטעט פון די ראשי ישיבות און רבנים־פּליטים, וואָס האָט פיעל געווירקט או סצו־ברייטערן די טעטיגקייט פון גאַנצען „ועד הצלה״.

פון דער אַנדערער זייט האָבען די אָנגעקומענע רבנים און מרביצי התורה זיך גלייכצייטיג גענומען מיטן גאַנצען ברען און התלהבות צו פערשפּרייטען דעם לימוד התורה אין אַמעריקע, צו פערשטאַרקען די פאַרהאַנענע ישיבות און אויס־צובויען נייע פעסטונגען פאַר תורה; טייל פון די ראשי הישיבות האָבען שנעל געפונען פּאָזיציעס פאַר זיך אין די עקזיסטירענדע ישיבות פון אַמעריקע און טייל זענען צוגעטראָטען אויסצובויען פון דאָסניי די חורוב׳ע מוסדות התורה זייערע פון דער אַלטער היים.

און אויב די ראשי הישיבות און גדולי התורה האָבען מצליח געווען אויף ביידע דאָזיגע געביטען איז עס קודם־כל געווען אַ פּועל־יוצא פון דעם גייסט פון גבורה און קרבנות־גרייטקייט, וואָס זיי האָבען מיט זיך געבראַכט פון דעם הערא־אישען געראַנגעל פאַר תורה און קיום היהדות אין די לענדער פון דער מורא׳די־גער אידישער קאַטאַסטראָפע.

אין זייער ערשטער פראָקלאַמאַציע „צו דער אידישער עפענטליכקייט אין אַמעריקע", האָבען די אַריבערגעקומענע גדולי התורה און מנהיגי הישיבות טאַקע געהאַלטען פאַר נויטיג צו דעקלאַרירען:[2]

„מיר, די אונטערגעשריבענע ראשי הישיבות און רבנים, געקומענע לעצטענס פון עמק הבכא מעבר לים, אַלס עדי־ראיה פון דאָרטיגען חורבן און שלוחי־ציבור פון די וועלט־בעריהמטע ליטווישע און פוילישע פליכטלינג־ישיבות, קאָנצענטרירט די לעצטע צייט אין ליטע, געפינען פאַר אונזער חוב צו ברענגען דעם אידישען ציבור דאָ אין לאַנד אַ גרוס פון קדוש השם, הערויאיזם און אויסדויער, וועלכע אונזערע טייערע בני תורה ווייזען אַרויס אין טראַגישען געראַנגעל פאַר דעם קיום פון תורה און אידישקייט.

„אונזער וואָרט גרייכט אייך אין אַ גורל־שעה פאַר דעם אידישען פאָלק און דער תורה הקדושה. דאָס געשפּענסט פון בלוט און פייער אויף יענער זייט ים האָט אויך וועהטאָגליך אָנגעריהרט די גייסטיגע צענטערס פון אונזער פאָלק, די מוסדות התורה אין מזרח־אייראָפּע, וועלכע זענען דער רוב מנין און רוב בנין פון תורה ביי אידען. דערמיט איז אויך בעדראָהט געוואָרען די תורה הקדושה אַליין, דער לעבענס־נערוו פון אידענטום.

„הונדערטער יאָהרען האָט איבער די דאָזיגע הייליגע געצעלטען געשוועבט די קדושה פון „סיני" און עס האָבען זיך דאָרט געזאַמעלט די גרעסטע אוצרות פון אונזער גייסט. דער אויסברוך פון דער מלחמה מיט קנאַפּע צוויי יאָהר צוריק האָט אויסגעוואָרצעלט דעם כרם ישראל פון זיין היימישען באָדען און פערוואָרפען טויזענדער בני תורה, די חמדת ישראל, אויף נע־ונד אין פרעמדע לענדער. דער מקום מקלט און מעטראָפּאָליע פון תורה איז געוואָרען ליטע, וואו עס האָבען זיך, זייט ביי זייט מיט די אָרטיגע ישיבות, פערזאַמעלט אויך די פליכטלינג־ישיבות פון פוילען. הונגער און נויט, שרעק און געפאַהר זענען געוואָרען דער טאָג־אָרדנונג אין לעבען פון די דאָזיגע תורה־צענטערס און דאָך איז דער לימוד התורה פאָרטגעזעצט געוואָרען מיט ברען און אייפער. פער־וואָגעלט פון די היימען האָבען זיך די בני תורה בעהעפט אַלע צוזאַמען און געקלאַמערט אַרום דער תורה הקדושה מיט אומפערגלייכליכער מסירת נפש, און בעוואַכט דעם נר תמיד פון אידישקייט קעגען דעם ווילדען הוראַגאַן פון רשעות און פערפאָלגונג. —

„דער קיום פון די ישיבות אין משך פון דער פריהערדיגער וועלט־מלחמה און אַזוי אויך פון די איצטיגע צוויי טראַגישע מלחמה־יאָהרען איז אַ הוכחה גלויה פון השגחת ה' אויף די חמדת ישראל, און אַ בולט'ער נס, דורך וועלכען דער ארון הברית איז דורכגעטראָגען געוואָרען איבער דערנער און אבני־נגף

2) „מאָרגען זשורנאַל, 8־טען אויגוסט, 1941.

צווישען ימים פון בלוט און פלאַמען. די רשעות פון אונזערע פערביסענסטע שונאים און אַלע זייערע בייזע אַנגריפען האָבען ניט בעוויזען צו ריהרען אונ־זערע בני תורה פון זייער הייליגען פּאָסטען; אין די דאָזיגע געשעהענישען איז פערווירקלעכט דער נסיון און אויסדויער, די הבטחה פון „לא תשכח מפי זרעו", אַז די תורה וועט קיינמאָל ניט פערגעסען ווערען ביי אידען, „ונצח ישראל לא ישקר". דאָס גיט אונז די זיכערהייט אַז אויך איצט, אין דער טראַגישער וועלט־קאַטאַסטראָפע, האַלטען זיך די בני תורה צוזאַמען און טראָגען הויך דעם דגל התורה. עס איז דעריבער ניטאָ קיין זין פאַר יאוש, קיין רעכט און גרונד צו צווייפלען אין דער עקזיסטענץ פון די אהלי תורה, די „יבנה וחכמיה" פון יענער זייט ים.

„מיר מוזען אָבער טוען אונזער פליכט צו דערהאַלטען די סלתה ושמנה של אהלי שם ועבר. אונזער אַקטיוויטעט קען בעזהשי"ת מכריע זיין די וואָגשאָל לכף זכות און אונזער גלייכגילטיגקייט קען, חלילה, ברענגען דעם חורבן, וואָס אונזערע ביטערסטע שונאים האָבען עס ניט בעוויזען. מיט מוט און בטחון אין נצח ישראל, מיט אַ קלאָרען, האָפנונגספולען בליק אין עתיד מוזען מיר שטעהען אויף דער וואַך גרייט צו ענטפערן ווירדיג און ברידערליך דעם ערשטען רוף פון אונזערע פערפייניגטע בני תורה".

„עת צרה היא ליעקב וממנה יושע".

(אונטערגעשריבען)

**אהרן קאָטלער**, הר"מ דישיבת קלעצק
**אלי' מאיר בלאָך**, הר"מ דישיבת טעלז
**אברהם יאַפין**, הר"מ דישיבת ביאַליסטאָק
**מנחם מנדיל זאַקס**, הר"מ דישיבת „חפץ חיים" ראַדון
**משה מרדכי שקאָפּף**, הר"מ דישיבת גראָדנאָ
**ראובן גראָזאָווסקי**, הר"מ דישיבת קאַמעניץ
**משה אַצקעס**, אב"ד דלאָמזע
**משה ליב לוסקי**, אב"ד דסוועניציאַן
**דוד ליפשיץ**, אב"ד דסובאַלק.

איינער פון די אונטערגעצייכענטע ראשי־הישיבות, הרב ר' אליהו מאיר בלאָך ז"ל, פון טעלז, האָט מסביר געווען אין אַ מאמר „הישיבות בגלות", דעם דאָזיגען נס פון קיום הישיבות:[3]

---

3) „הפרדס", שבט, תש"א.

„דאָס איז נישט צום ערשטען מאָל אין דער געשיכטע פון אידישען פאָלק, אַז די ישיבות, די צענטערס פון תורה און חכמה, זאָלען מיטגעהן אין גלות. „כל מקום שגלו ישראל — גלתה שכינה עמהם״. אין די גרויליגע טעג, ווען אידען ווערען געררודפ׳ט אָהן אויפהער, איז דאָס געוועזן אַ נס פון דער השגחה העליונה, אַז אויך די היכלי התורה זאָלען געהען אין גלות צוזאַמען מיט אידען, כדי צו דערהאַלטען דעם אידישען גייסט אויך אין די נייע גלות־לענדער און די תורת א־ל חי זאָל ניט ווערען פערגעסען. —

„און דעריבער, אויב דאָס איז אַ גזירה אויף די ישיבות אי׳צטער ווייטער צו לאָזען זיך אין גלות־וועג אַריין, איז צו געבען אַ שבח צו השי״ת, וואָס ניט איינצעלנע צוריסענע אברים זענען די ישיבות, נאָר גאַנצערהייט און צוזאַמענ־געשלאָסען, יעדע ישיבה מיט איהר אייגענאַרטיגען כאַראַקטער; און אונטער די סאַמע שווערסטע בעדינגונגען לערנען זיי תורה מיט נאָך מעהר ברען און התמדה; און זיי האַלטען־אויס אַלע ביטערע נסיונות און מיט דער גאַנצער אי־דישער האַרטנעקיגקייט קלאַמערן זיי זיך אין די קרנות המזבח און פערלאָזען ניט זייערע פאָזיציעס.

„אָט דאָס דאָזיגע וואונדער זעהען מיר היינט־צו־טאָג ביי די לומדי תורה פון היינטיגען דור. די ישיבות און תורה־צענטערס זענען געוואָרען געראַטעוועט פון דער שווערד פון ביטערען צורר, אָבער די גייסטיגע סכנה הענגט איבער זיי ווייטער, און זיי זוכען אַ שטיל ווינקעלע צו ציהען ווייטער די גאָלדענע קייט״. —

דאָס האָט געשריבען דער טעלזער ראש ישיבה, און ער איז נישט בלויז געווען אַ „נאה דורש״ נאָר טאַקע אויך אַ „נאה מקיים״. אין דער סאַמע קירצעס־טער צייט האָט די פערוואָגעלטע טעלזער ישיבה אָפּגעזוכט פאַר זיך אַ נייע היים — אין קליוולאַנד. און אַזוי האָט געלויטעט די ערשטע ידיעה וועגען דער ערעפנונג פון דער ישיבה:

„אין טאָג פון ד׳ מרחשון, תש״ב איז אין דער שוהל „חבת ירושלים״ אין קליוולאַנד, פאָרגעקומען דער קבלת־פנים לכבוד דער טעלזער ישיבה, וואָס האָט געעפענט איהר אָפּטיילונג דאָרט, און לכבוד די ראשי הישיבה הרב רא״מ בלאָך און הרב רח״מ כ״ץ און די טעלזער תלמידים, צוזאַמען מיט זיי. עס האָבען זיך פערזאַמעלט די רבנים פון שטאָדט און די חשוב׳ע בעלי־בתים, און דער פרעזידענט פון דער שוהל, מר. אליעזר לעווענטאַל האָט געדאַנקט פאַר דער גרויסער זכיה. — איינער פון די ניצול־געוואָרענע טעלזער בני הישיבה, הרב אברהם נייהויז, האָט געהאַלטען אַ ריהרענדע רעדע, און דער לעצטער האָט גערעדט הרב רא״מ בלאָך, דער ראש ישיבה. זיין מעכטיגער רוף איז אַלעמען אַריין אין די הערצער און פיעל האָבען אויסגעבראָכען מיט טרעהרען, ווען דער ראש הישיבה האָט געשילדערט וואָס „טעלז״ איז אַמאָל געווען און ווי די

רעשטלעך פון די טעלזער תלמידים זענען היינט פערוואָגעלט און אויך אין שאַנכאַי האָבען זיי געעפענט אַ ישיבה פאַר זיך...

דאָס איז געווען דער בעשיידענער אָנפאַנג פון דער טעלזער ישיבה אין קליוולאַנד.

דאָס זעלבע לאָזט זיך דערצעהלען וועגען דער איבערפלאַנצונג פון דער נאָוואַרידאָקער ישיבת „בית יוסף" אין אַמעריקע.

דער אונטערגעצייכענטער אויף דעם כרוז פון די ראשי־הישיבות, הרב אברהם יאַפין, איז געווען דער איידעם פון הגאון הצדיק רבי יוזל זצ"ל, דעם מייסד פון די נאָוואַרידאָקער ישיבות אין אַמאָליגען רוסלאַנד. הרב יאַפין אַליין, איז געשטאַנען בראש פון דער ביאַליסטאָקער ישיבה, וואָס איז געווען איינער פון די מרכזים פון די ברייט־פערצווייגטע און צאָהלרייך־צעוואַקסענע נעץ פון ישיבות „בית יוסף" אין פוילען. לויט אַ רשימה, וואָס איז געוואָרען פערעפענט־ליכט, האָבען זיך אין פוילען געפונען אויף דער שוועל פון קריג 64 נאָוואַרידאָקער ישיבות און ישיבות קטנות, מיט פאָלגענדע 4 מרכזים: ביאַליסטאָק, מעזריטש, וואַרשע און פינסק. אויסער דעם איז געווען אַ מרכז מיט 3 ישיבות אין לעטלאַנד.

דער אָנהויב פון דער ישיבת „בית יוסף" אין באָראָ־פאַרק, ברוקלין, איז געווען זעהר אַ בעשיידענער:

„אין טאָג פון ה' אלול, תש"א, איז פאָרגעקומען די פייערונג פון עפענען די ישיבה, מיט דער בעטייליגונג פון חשוב'ע רבנים און תלמידי הישיבות. דעם ערשטען שיעור אין הלכה האָט געזאָגט ר' אברהם יפה'ן. נאָך פיעל בעגריסונגס־דרשות פון הרב רי"א הענקין, אין נאָמען פון דער אגודת הרבנים און פיעל אַנדערע רבנים האָט דערנאָך געזאָגט אַ פלפול בהלכה דער יונגער עילוי ר' יעקב חיים יפה'ן, דער זון פון ראש ישיבה".

אַ קורצע צייט שפּעטער איז שוין געקומען די בשורה, אַז די ישיבת „בית יוסף" איז אַריבער אין אַן אייגענעם בנין, און אַז די ישיבה צעהלט שוין איניגע הונדערט תלמידים, דערונטער פיעל געבוירענע אין אַמעריקע, וואָס האָבען זיך אָנגעשלאָסען אין דרך התורה והמוסר פון נאָוואָרידאָק!

עהנליך קלינגט אויך די געשיכטע פון בענייען די מירער ישיבה אויפן אַמעריקאַנער באָדען. אָנגעהויבען האָט זיך די מירער ישיבה מיט אַ קליינער גרופּע תלמידים, וואָס זענען אָנגעקומען קיין אַמעריקע, אין דער צייט וואָס דער ישיבה־קאָלעקטיוו איז געוואָרען פערוואָרפען קיין שאַנכאַי. אויף דער איניציאַטיוו פון אגודת הרבנים איז געוואָרען געגרינדעט דער כולל פון געקליבענע מירער תלמידים „בית התלמוד" אין ברוקלין.

און די אַנדערע ראשי הישיבות זענען ווידער אַריין אין די עקזיסטירענדע

ישיבות פון אַמעריקע, זיי אויסצובויען, זיי צו פערפעסטיגען, צו פערטיעפען און פערפולקאָמען.

דער לאָמזער רב, הגאון ר׳ משה שאַצקעס, בעקאַנט אַלס ראש־ישיבה און אַלס תורה־עסקן צוגלייך, איז נאָך זיין ניצול־ווערען קיין אַמעריקע, געוואָרען אויפגענומען אַלס ראש מתיבתא אין ישיבת ר׳ יצחק אלחנן אין ניו־יאָרק.

צו דער זעלבער צייט איז פאָרגעקומען דער חנוכת הבית פון דער נייער געביידע פאַר דער „מתיבתא תורה ודעת״ אין ברוקלין. דער חנוכת הבית איז געוואָרען פערוואַנדעלט אין אַ געוואַלדיגער מאַניפעסטאַציע פאַר לימוד התורה אין אַמעריקע. הרב הראשי הערצאָג, זייענדיג צו־גאַסט אין אַמעריקע, האָט זיך בעטייליגט אין דער שמחה און הרב סילווער איז ספּעציעל געקומען צו דער חגיגה פון סינסינעטי. אַלס איינער פון די ראשי הישיבה אין „תורה ודעת״, איז דאַן געוואָרען אויפגענומען הרב הגאון ר׳ חיים קאַפּלאַן, וועלכער איז פריהער געווען ראש ישיבה אין בריסק.

אין אַ שפּעטערדיגען טערמין איז דער בעריהמטער גאון רבי ראובן גראָ־זאָווסקי, ראש ישיבה פון קאַמעניץ, געוואָרען אויפגענומען אַלס דער ריש מתיבתא פון דעם „בית מדרש עליון״ פון דער מתיבתא תורה ודעת, אין ספּרינגוואלי, נ. י.

דאָס זעלבע איז געווען מיט די יונגערע ראשי ישיבות צווישען די ניצולים. הרב ר׳ מיכל פיינשטיין איז איבערגעגאַנגען צו דער ישיבה „תפארת ירושלים״, ניו־יאָרק, הרב ר׳ ירוחם גאָרעליק ווי אויך ר׳ נח באָרנשטיין, דער איידעם פון הרב דושאַוויץ, — אין ישיבת ר׳ יצחק אלחנן א. א.

די געבענשטע און פּרוכטבאַרע איניציאַטיוו פון די אַריבערגעקומענע ראשי הישיבות און מרביצי התורה, האָט זיך אויך געלאָזט פילען דורך דעם אָנהויבען דעם אויסבוי פון תורה׳דיגען חינוך אין אַמעריקע פון דעם סאַמע פונדאַמענט — דאָס מיינט דורך פערלעגען מוסדות התורה פאַר יונגערע קינדער, מיט אַ שלימות׳דיגען פּערנעם. און דערפאַר איז עס נישט געווען קיין חידוש, וואָס צווישען די הויפּט־גרינדער און הויפּט־שטיצער פון דער ניי געשאַפענער אָרגאַניזאַציע פאַר שלימות׳דיגען רעליגיעזען חינוך „תורה ומסורה״, האָבען זיך געפונען פיעל פון די אָנגעזעהענסטע ראשי הישיבות.

עס וועט דערביי זיין בעלעהרענד צו ציטירען אייניגע בעריכטען וועגען דער גרינדונג פון „תורה ומסורה״:

„אַמאָל, אין די מדינות פּוילען און ליטע, וואָס יעדער איד דאָרט האָט געטראָגען דעם חותם פון דער הייליגער מסורה, האָט מען געוואוסט, אַז דער תכלית פון אידישען חינוך איז צו דערציהען די קינדער צו תורה און יראת שמים, און אַזוי האָט זיך די קייט פון תורה ומסורה געצויגען פון דור צו דור. ליידער,

איז דאָס נישט דער מצב אין אַמעריקע, וואָס אין די אַזוי־גערופענע „תלמוד־תורה׳ס״ לערנט מען גאָרנישט ברוח ישראל סבא, און די לעהרער אַליין זענען צומאָל נישט קיין שומרי דת... און דערפאַר איז עס צו געבען אַ שבח להשי״ת, וואָס עס האָבען זיך אָפּגעזוכט אין אַמעריקע יחידי סגולה און צוזאַמען מיט די גדולי התורה וראשי הישיבות האָבען זיי געגרינדעט די צענטראַלע פון „תורה ומסורה״. — אַלס מנהל פון „תורה ומסורה״ איז געוואָרען איינגעלאַדען הרב ד״ר שמשון רפאל ווייס; דער יושב־ראש פון דער גרינדונגס־אסיפה איז געווען מר. שמואל פייערשטיין; הגאון ר׳ אהרן קאָטלער האָט גערעדט וועגען דער פליכט צו פערלעגען בתי תלמוד תורה אין אַמעריקע; הגאון ר׳ אליעזר סילווער האָט מעורר געווען וועגען דער חינוך־אַרבעט; עס האָבען זיך נאָך משתתף געווען הגאון ר׳ ראובן גראָזאָווסקי, ר״מ דישיבת קאַמעניץ, הגאון רמ״מ זאַקס, ר״מ דישיבת ראַדון און אַנדערע״.

דערנאָך איז געוואָרען אויסגעקליבען „אַ גייסטיגער קאָונסיל״ (מועצה רוחנית) פון דער צענטראַלע „תורה ומסורה״, און צווישען די חברים פון דער מועצה זענען געווען אויסגערעכענט אַלע אויבען־דערמאָנטע אַריבערגעקומענע ראשי הישיבות פון דער חרוב׳ער אידישער אייראָפּע, און אויסער זיי זענען אויך געווען אין דער דאָזיגער רשימה: הרב ר׳ אברהם קאַלמאַנאָוויץ, פון דער מירער ישיבה, הרב ר׳ מרדכי שולמאַן, פון סלאָבאָדקער ישיבה, ווי אויך הגאון ר׳ יצחק הוטנער, ר״מ פון ישיבת רבינו חיים ברלין.

אַ געהעריגען פלאַץ אין דעם אויסבוי און פונאַנדערוואוקס פון אָריגינעל־תורה׳דיגען חינוך אין אַמעריקע פערנעמען אויך די ליובאַוויטשער חב״ד־ישיבות, וואָס זענען צוגלייך איבערגעפלאַנצט געוואָרען אין דער מלחמה־תקופה פון דער חרוב׳ער אייראָפּע קיין אַמעריקע.

די חב״ד־ישיבות „תומכי תמימים״ זענען אָבער אַ פרשה פאַר זיך, און נישט פערבונדען דירעקט מיט דעם „ועד הצלה״. ווי בעוואוסט האָט דער ליובאַ־וויטשער רבי זצ״ל, נאָך זיין ניצול־ווערען עפ״י נס פון וואַרשע קיין אַמעריקע, אַליין געגרינדעט אַ קאָמיטעט פאַר „פדיון שבויים״, ספעציעל פאַר די תורה־מוסדות פון חב״ד און פון די נאָהנטע קרייזען אַרום זיי. אויף אַ פערזאַמלונג פון „אגודת חסידי חב״ד״, וואָס איז געוואָרען אָפּגעהאַלטען אין ניו־יאָרק, יום ג׳ דחוהמ״פ, תש״א, האָט דער איידעם פון דאַמאָלסדיגען ליובאַוויטשער רבין, הרב ר׳ שמריה גור־אריה, אָפּגעגעבען דעם פאָלגענדען בעריכט:

„בשעת דער רבי שליט״א איז אָנגעקומען קיין אַמעריקע מיט אַ יאָהר צוריק, האָט ער אין זעלבען טאָג ערקלערט, אַז זיין אַרבעט דאָ איז פאָרטצוזעצען די הצלה וואָס ער האָט נאָך אָנגעהויבען אין פוילען, באַלד אין אָנפאַנג מלחמה, אַרויסצוראַטעווען און אַריבערצופיהרען די ישיבות זיינע פון אייראָפּע קיין אַמעריקע

און אַנדערע פּלעצער. אַ דאַנק דער גרויסער אינטערווענץ ביים סטעיט דעפּאַרטאַ־מענט אין וואַשינגטאָן, איז אונז ב״ה געלונגען צו בעקומען 300 וויזעס פון דער רעגירונג פאַר די תלמידים פון אונזערע ישיבות, רבנים און בע״ב, וועלכע געפינען זיך אין פערשידענע מדינות פון איירָאפּע, ווי פּוילען, ליטע, לעטלאַנד, עסטלאַנד, פינלאַנד, שווערען, שווייץ, בעלגיע, פראַנקרייך א. א.

„אויף דער זעלבער אסיפה איז געוואָרען געהערט אַ בעריכט פון דער ישיבה „תומכי תמימים״, וואָס איז געוואָרען פערלעגט דורכן ליובאַוויטשער רבין אין ברוקלין. דאָרט לערנען תלמידים, וואָס האָבען אַמאָל געלערנט אין דער צענטראַלער ישיבה פון „תומכי תמימים״ אין אָטוואָצק, און זענען אָנגעקומען קיין אַמעריקע ביים אָנהויב פון דער מלחמה, זיי האָבען געלעגט דעם יסוד פאַר דער ישיבה״. —

דערצו איז ווערט צו בעמערקען, אַז די אגודת הרבנים אין אַמעריקע האָט מיט אַלע מעגליכקייטען און מיט איהר גאַנצען אויטאָריטעט אונטערגעשטיצט די ליובאַוויטשער זעלבסשטענדיגע אַקציע פון „פדיון שבויים״.

קאַפּיטעל 11

# דער „ועד הצלה" — אַלס רעטונגס־ווערק פאַר'ן כלל ישראל

ווי אַזוי דער ערשטער אַלאַרם־סיגנאַל וועגן דער אידישער קאַ־טאַסטראָפע אין אייראָפּע איז דערגאַנגען צום ועד הצלה. — די ערשטע נאַציאָנאַלע אידישע הצלה־בעראַטונג, וואָס איז געוואָרען צונויפגערופען דורך דער אגודת הרבנים אין אַמעריקע. — די פּוילישע גלות־רעגירונג העלפט איינשטעלען די אונטערערדישע פערבינדונגען פון ועד הצלה. — די אומגליקליכע שווייג־טאַקטיק פון די גרויסע פּאָליטיש־אידישע אָרגאַניזאַציעס.

צום ערשט דאַרפען פעסטגעשטעלט ווערען איניגע פאַקטען צוליב היסטאָרישער פינקטליכקייט:

א) דער ערשטער אַלאַרם־בעריכט וועגן דעם אויסברוך פון נאַצישען מיליאָנען־מאָרד איבערן אייראָפּעאישען אידענטום און די ליקווידאַציע פון האַלב־מיליאָניגען געטאָ אין וואַרשע — איז אָנגעקומען קיין אַמעריקע דורך די אונטערערדישע פערבינדונגען פון „ועד הצלה".

ב) דער ערשטער אַלאַרם־צוזאַמענטרעף פון אַמעריקאַנער אידענטום וועגען אונטערנעמען געהעריגע שריט אין אָנבליק פון דער מאַסען־שחיטה אויף אידען — איז געוואָרען צונויפגערופען דורך דער אגודת הרבנים אין אַמעריקע און איז פאָרגעקומען אין איהרע אָפיסעס.

ג) פון ערשטען מאָמענט אָן, זינט דער דערשיטערענדער ידיעה וועגען פער־נעם און כאַראַקטער פון דער אידישער קאַטאַסטראָפע אין אייראָפּע, האָט די אגודת הרבנים געהאָלפען שאַפען אַ נאַציאָנאַל־אידישען אַלגעמיינעם פראָנט פאַר דער רעטונגס־אַקציע און האָט דערנאָך סיסטעמאַטיש אונטערגעשטיצט יעדען געוואַגטען פּלאַן און דרייסטע טהאַט פאַר הצלה, אָהן אונטערשיעד פון וועמען די איניציאַטיוו איז געקומען.

ד) ערשט דאַן, ווען די פערשידענע פּרובען פאַר אַן אַלגעמיינער אידישער רעטונגס־אינסטאַנץ האָבען זיך נישט איינגעגעבען, צוליב דער פּאָליטישער קורצזיכטיגקייט און פּאַרטייאישער ענג־האַרציגקייט פון מאַנכע וועלטליכע אידי־שע אָרגאַניזאַציעס און זייערע אחריות'לאָזע פיהרער, איז דער „ועד הצלה" פּאַקטיש געוואָרען אומגעוואַנדעלט, מיט דער הילף און דער אויטאָריטעט פון אגודת הרבנים, אין דעם דערהאַבענעם רעטונגס־ווערק פאַרן כלל ישראל.

און איצטער דאַרפֿן די פֿאַקטן ווערן ברייטער בעלויכטן.

דעם 2־טען סעפּטעמבער, 1942 איז דורך דער פֿערמיטלונג פֿון געהיימען דיפּלאָמאַטישען דינסט פֿון דער פּוילישער גלות־רעגירונג געוואָרען איבערגע־וויזען צו ד״ר יצחק לעווין אין ניו־יאָרק אַ פּערטרויליכע דעפּעשע, וועלכע האָט אויסגעמיטען די אַמעריקאַנער צענזור. דער אינהאַלט פֿון דער דעפּעשע איז געווען אַזאַ: [1])

„לויט לעצטענס דערהאַלטענע צאָהלרייכע אויטענטישע ידיעות, האָט די דייטשע מאַכט לעצטענס אויסגעלעדיגט דעם וואַרשאָווער געטאָ, און אויסגע־מאָרדעט בעסטיאַליש אַרום הונדערט טויזענד אידען. די מאַסען־מאָרדען האַלטען אָן. פֿון די קערפּער פֿון די ערמאָרדעטע ווערט אויסגעאַרבעט זייף און קינסטליכע בעמיסטיגונג. דעפּאָרטירטע פֿון פֿערשידענע אָקופּירטע לענדער וועלען האָבען דעם זעלבען גורל. מען דאַרף אָננעמען, אַז נאָר ענערגישע רעפּרעסיעס מצד אַמעריקע קענען אויפֿהאַלטען די פֿערפֿאָלגונגען. טהוט תיכף אַלץ וואָס איז מעגליך, כדי שנעל אַרויסצורופֿען אַזאַ רעאַקציע, אויפֿשטורעמדיג די מלוכה־מענער, די פּרעסע און די עפֿענטליכע מיינונג. פֿערשטענדיגט וועגען דעם: וויז׳ן, סילווער׳ן, דעם לובאַוויטשער, איינשטיינ׳ען, קלאַצקינ׳ען, גאָלדמאַנ׳ען, טאָמאַס מאַן און אַנדערע. דערמאָנט נישט מיין נאָמען. איך בעט צו בעשטעטיגען דאָס דערהאַלטען די דאָזיגע טעלעגראַמע״.

די דאָזיגע אַלאַרמיסטישע אינפֿאָרמאַציע איז אורשפּרינגליך געווען אַד־רעסירט צו רבי יעקב ראָזענהיים, דעם פּרעזידענט פֿון דער אַלוועלטליכער אגודת ישראל, און אַרויסגעשיקט איז זי געוואָרען דורך מר. יצחק שטערנבוך, איינעם פֿון די פֿערבינדונגס־מענער פֿון „ועד הצלה״ אין דער שווייץ און נאָהנטען מיטאַרבעטער פֿון הצלה־עסקן, ר׳ חיים ישראל אייז ז״ל.

וועגען דעם געהיימען וועג, ווי אַזוי די דאָזיגע אויפֿטרייסלענדע בשורה איז אָנגעקומען קיין אַמעריקע, האָט ד״ר לעווין דערצעהלט פֿאָלגענדע כאַראַק־טעריסטישע איינצעלהייטען: [2])

„אַלס ערשטע שוועריגקייט ביי דער רעטונגס־אַקציע פֿאַר אייראָפּעאישע אידען אין יאָהר 1942, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבען די מאָרד־כוואַליע, האָט זיך אין אַמעריקע אַרויסגעשטעלט די פֿולשטענדיגע אונמעגליכקייט פֿון שטעלען זיך אין פֿערבינדונג ניט נאָר מיט פּוילען און אַנדערע דייטש־בעזעצטע געביטען, נאָר אויך מיט די נייטראַלע לענדער, בעיקר מיט דער שווייץ. די אַמעריקאַנער צענזור האָט פֿערנומען כמעט אַלע בריף און טעלעגראַמעס. — די צענזור איז געוואָרען אויסגעמיטען דורך דעם, וואָס עס איז געלונגען צו פֿערזיכערן די

1) „חורבן אייראָפּע״, ז׳ 288.

2) אויף דער ייוו״אָ־קאָנפֿערענץ, 15 יאַנואַר, 1949.

קאָאָפּעראַציע פון די פּוילישע קאָנסולאַטען אין ניו־יאָרק און אין בערן ביים פערמיטלען די ידיעות. דער פּוילישער גענעראַל־קאָנסול אין ניו־יאָרק, סילווין סטראַקאַטש און דער פּוילישער געזאַנדטער אין בערן, לאַדאָש, האָבען זיך דאָ פערשריבען אַ שעהן בלאַט. — דער אונטערערדישער קאָנספּיראַטיווער קאָנטאַקט האָט זיך אָנגעהויבען דעם 3־טען סעפּטעמבער, 1942, ווען דער פּוילישער קאָנ־סולאַט אין ניו־יאָרק האָט דערהאַלטען און איבערגעגעבען די ידיעה פון ה׳ שטערנבוך.

און אָט אַלס פּועל־יוצא פון דער דאָזיגער ערשטער געהיימער שוידער־בשורה איז געוואָרען צונויפגערופען אַ פערטרויליכע בעראַטונג דורך דער פּיהרערשאַפט פון אגודת הרבנים; דערויף זאָגט עדות ד״ר י. לעווין: [3]

„אַזוי שנעל ווי איך האָב בעוויזען וועגען דעם מודיע צו זיין עטליכע פון די לייטענדע אידישע פּערזענליכקייטען אין ניו־יאָרק, האָט די אגודת הרבנים גערופען אַ דרינגענדע בעראַטונג, אין וועלכער עס האָט זיך אויך בעטייליגט ד״ר אריה טאַרטאַקאָווער פון אידישען וועלט־קאָנגרעס".

פון דער זעלבער ערשט־האַנטיגער קוועלע דערוויסט מען זיך פאָלגענדע וויכטיגע פּרטים:

„צוויי טעג שפּעטער איז פאָרגעקומען אַ ווייטערע בעראַטונג, שוין אין לאָקאַל פון וועלט־קאָנגרעס, וואו ד״ר וויז איז געווען אָנוועזענד און, דוכט זיך, אפילו געפיהרט דעם פאָרזיץ. אויף דער צווייטער בעראַטונג איז בעשלאָסען געוואָרען, אַז ד״ר וויז זאָל וועגען דער דערהאַלטענער ידיעה פון שטערנבוך׳ן מודיע זיין דעם סטעיט־דעפּאַרטאַמענט. — איך וויל דערביי בעמערקען, אַז דער גענויער טעקסט פון דער טעלעגראַמע, איז תיכף איבערגעשיקט געוואָרען דורך ר׳ יעקב ראָזענהיים, צו פּרעזידענט רוזוועלט".

דערביי וועט זיין אינטערעסאַנט צו דערמאָנען די שפּעטערדיגע פּאָלעמיק, וואָס האָט זיך ענטוויקעלט אַרום דער דערמאָנטער טעלעגראַמע פון שטערנבוך׳ן, צי זי איז טאַקע געווען די סאַמע ערשטע אינפאָרמאַציע וועגען דער נאַצישער שחיטה אין אייראָפּע. די פּאָלעמיק איז געוואָרען אַרויסגערופען צוליב העברי מאָרגענטוי׳ס אַ פעסטשטעלונג אין זיינע מלחמה־מעמואַרען, געדרוקט אין „קאָ־ליער׳ס" מאַגאַזין פון 1־טען נאָוועמבער 1947, אַז די ערשטע אינפאָרמאַציע וועגען די דייטשע מאַסען־מאָרדען איבער אידען איז געקומען „פון אַ מאַן מיטן נאָמען גערהאַרד רינגער, וואָס איז געווען אין דער שווייץ דער רעפּרעזענטאַנט פון אידישען וועלט־קאָנגרעס". דאָס האָט ער, מאָרגענטוי, זיך דערוויסט פון ד״ר סטיפען וויז, וועלכער איז געקומען צו סאָמנער וועלס, דעם דאַמאָלסדיגען אויסערן־מיניסטער.

3) „חורבן אייראָפּע", ז׳ 157.

דערויף האָט ד״ר לעווין פּערעפּענטליכט אַן ערקלערונג, אין „מאָרגען זשורנאַל״ פון 23־טען נאָוועמבער, 1947:

„דער היסטאָרישער אמת איז, אַז ד״ר ווייז האָט די דאָזיגע ידיעה צו ערשט בעקומען נישט פון רינגער׳ן, נאָר פון די פּערטרעטער פון וועלט־קאָנגרעס, וועלכע האָבען זיך בעטייליגט אין אַ דרינגענדער בעראַטונג, וואָס איז געוואָרען גערופען פון דער לייטונג פון אגודת הרבנים אין די ערשטע טעג פון סעפּטעמ־בער, 1942״. —

נאָך דער דאָזיגער פעסטשטעלונג האָט זיך אָפּגערופען ד״ר גערהאַרד מ. רינגער מיט אַ נייער מעלדונג, אַז ד״ר סטיפען ווייז האָט נאָך געהאַט דערהאַלטען דעם 29־טען אויגוסט, 1942 אַ טעלעגראַמע פון מר. סילווערמאַן אין לאָנדאָן מיט אַלאַרמירענדע אינפאָרמאַציעס וועגען דעם אויסברוך פון די נאַצישע מאַסען־מאָרדען.[4]

דערויף איז ווידער ד״ר לעווין אַרויסגעקומען מיט אַ נייער שלאָגפערטיגער טענה:[5]

„איך ווייס נישט, וואָס ה׳ סילווערמאַן האָט טעלעגראַפירט צו ד״ר ווייז, אָבער איך נעם־אָן, אַז דער אינהאַלט איז געווען אַן עהנליכער. טאָ פרעגט זיך: פאַרוואָס האָט ד״ר ווייז געשוויגען לגמרי ביז צו דער זיצונג אין דער אגודת הרבנים? — מיר האָבען אַ טענה צום סטעיט־דעפּאַרטאַמענט, פאַרוואָס מען האָט פערשוויגען אונזער קאַטאַסטראָפע, אָבער נישט קיין קלענערע טענה האָבען מיר צו די אידען, וואָס האָבען געהאַט אַזעלכע ידיעות ביי זיך און זיי נישט בע־טראַכט פאַר גענוג וויכטיג, כדי צו אַלאַרמירען די עפענטליכקייט און על־כל־פנים די פיהרער פון אידישע אָרגאַניזאַציעס״. —

אין נאָמען פון דער היסטאָרישער אחריות מוז מען אַרויסברענגען דעם דאָזיגען אומפערשטענדליכען פאַקט, אַז דער ענטפער פון געוויסע אידישע קרייזען אויף די גרויליגע ידיעות פון אייראָפּע איז געווען — צו שווייגען, דערווייל צו שווייגען;

שווייגען — און דאָס איז פאַקטיש געווען דער רעזולטאַט פון דער צווייטער אַלגעמיין־אידישער בעראַטונג, נאָך דער ערשטער אַלאַרמיסטישער צוזאַמענקונפט ביי דער אגודת הרבנים. ד״ר לעווין, אַליין אַ בעטייליגטער אין דער גאַנצער פערטרויליכער סעריע בעראַטונגען, האָט געפונען פאַר נויטיג באַלד אין אָנ־הויב אַרויסצוטרעטען קעגען דער פאַטאַליסטישער שיטה פון שווייגען:[6]

„די ידיעה, וועלכע איז אָנגעקומען דעם דריטען סעפּטעמבער, האָט פער־

---

4) ביולעטין פון „אידישען וועלט־קאָנגרעס״.

5) „וואָכענצייטונג״, לאָנדאָן.

6) „אידישע שטימע״, ניו־יאָרק, נאָוועמבער, 1942.

לאַנגט קלאָר און דייטליך: „שטורעמט אויף, ווייל עס געשעהט אַזעלכעס, וואָס איז נאָך ביז היינט נישט דערהערט געוואָרען!" די ערשטע פליכט פון די פיהרער פון די אָרגאַניזאַציעס איז אַלזאָ געווען צו אַלאַרמירען ווייטער די עפענטליכקייט. מיר, אידען, האָבען נישט קיין אַנדער כלי־זין, ווי דעם „קול קול יעקב"; און אונזער געשיכטע לערנט אונז, אַז „בזעקיך יצילוך קיבוציך"; דאָס אויפטרייסלען פון דער אידישער מחנה האָט אַ סך מאָל געבראַכט דערצו, אַז ס'איז געפונען געוואָרען אַ מיטעל ווי אָפּצושטעלען דעם לויף פון דער קאַטאַסטראָפע.

„אָבער לײדער איז דאָס מאָל אָנגעווענדעט געוואָרען אַן אַנדערע טאַקטיק. מען האָט קודם־כל געמאַכט אַ „חרם", אַז דער אָפּקלאַנג פון דער מורא'דיגער טראַגעדיע זאָל נישט קומען אין דער פרעסע. אַנשטאָט צו שלאָגען טרעוואָגע אויף אַלע גלאָקען; אַנשטאָט מרעיש עולמות צו זיין — האָט מען אַרויפגעלעגט די פליכט אויף אַלע אָנטיילנעמער אין דער בעראַטונג פון די פּאַרטיי־פאָרשטעהער, וואָס איז פאָרגעקומען קודם אין לאָקאַל פון דער אגודת הרבנים און דאַן אין לאָקאַל פון אידישען וועלט־קאָנגרעס — צו שווייגען. מען האָט עס מאָטיווירט אויף צוויי אופנים: ערשטענס, זענען דאָך די ידיעות „נישט זיכער", און מען מוז זיי קודם־כל קאָנטראָלירען; צווייטענס, קען עס נאָך „ערגער מאַכען", אויב די אידישע פרעסע און עווענטועל אויך די אַלגעמיינע פרעסע זאָל אַרויס מיט אַ שטורם." —

האָט מען אָנגעהויבען פעסטצושטעלען די ידיעות. עס זענען געלאָפען טעלעגראַמעס נאָך טעלעגראַמעס, און לײדער וואָס אַ שפּעטערע טעלעגראַמע, אַלץ דערשיטערענדער זענען געווען די בעריכטען, וואָס זי האָט אַנטהאַלטען. דאָס בלוט איז פערגליווערט געוואָרען אין די אָדערן, בעת מען האָט געלײענט די קורצע דעפּעשען: „דעפּאָרטאַציעס", מאַסען־שחיטות", „אויסגעלעדיגטע געטאָס", „אומבעוואוסטער אויפענטהאַלטס־אָרט פון די פערשיקטע" וכדומה. דער קאָמיטעט, וואָס איז אויסגעקליבען געוואָרען אויף דער בעראַטונג אין אידישען וועלט־קאָנגרעס, און וואָס זיין פאָרזיצער איז ד"ר סטיפען ווייז, האָט נאָך עטליכע וואָכען אָפּגעהאַלטען ווידער אַ זיצונג און עס איז געוואָרען מיטגעטײלט פון דער לײטונג, אַז מען מוז ווייטער וואַרטען און — שווייגען. עס האָט געזאָלט אָנקומען אַ וויכטיגער מענש פון אַ ווייטער נסיעה און ברענגען אַ בעריכט. — אין דער צייט אין דאָס אידישע בלוט ווייטער געפלאָסען"...

עס בלייבט, אַלזאָ, נאָכצופאָלגען ווייטער די שריט און רעאַגירונגען פון דעם פעראייניגטען קאָמיטעט, אונטער קלינגענדען נאָמען „דזשאָינט עמויר־דזשענסי קאָמיטע פאָר יוראָפּיען דזשואיש אַפּעירס", וואָס איז דאַן געוואָרען צוזאַמענגעשטעלט פון פערטרעטער פון פאָלגענדע אָרגאַניזאַציעס: 1) אַמעריקען

דזשואיש קאָמיטע. 2) אַמעריקען דזשואיש קאָנגרעס. 3) אגודת הרבנים. 4) אגודת ישראל. 5) בני ברית. 6) ציוניסטישע עמוירדזשענסי קאָמיטע. 7) דזשואיש לייבאָר קאָמיטע. 8) סינאַגאָג קאָונסיל אָוו אַמעריקע. 10) הדסה.

ליידער איז די עקזיסטענץ פון דאָזיגען אַלגעמיין־נאַציאָנאַלען קאָמיטעט נישט געווען קיין לאַנגע און אויך נישט קיין רוהמפולע. אַ יאָהר בערך, זינט דער קאָמיטעט איז געוואָרען געשאַפען אין אַזאַ גורל־שעה פאַרן אידישען פאָלק, איז דערשינען אַזאַ סאָרט אָפּשאַצונג וועגען דעם קאָמיטעט אויף די שפאַלטען פון דער אידישער פרעסע: [7]

„עס איז אַן אָפענער סוד: די „דזשאָינט עמוירדזשענסי קאָמיטע" איז נישט טעטיג. זי עקזיסטירט אויפן פּאַפּיר. דער דאָזיגער קאָמיטעט, וואָס וואָלט גע־דאַרפט האָבען זיין אָפיס און זיינע בעאַמטע, וועלכע זאָלען אויספיהרען זיינע בעשלוסען — איז ממש אַ חוזק. ער קומט זיך צונויף איינמאָל אין עטליכע וואָכען (יאָ, איין מאָל אין עטליכע וואָכען!). די זיצונגען ווערען געפיהרט מיטן זייגער אין האַנד. נאָך די זיצונגען — ווערט גאָרנישט אויסגעפיהרט. איך גלויב, אַז אַ שעה נאָך די זיצונגען געדענקט מען נישט מעהר, וואָס עס איז גערעדט געוואָרען. קיין פּראָטאָקאָלען ווערען אויך נישט געמאַכט. עס איז אַ לויזער שמועס"...

אָבער אויך די דאָזיגע ריין־פאָרמעלע עקזיסטענץ פון קאָמיטעט, די ריין־דעמאָנסטראַטיווע אחדות־שילד זיינע — האָט נישט לאַנג אָנגעהאַלטען. ד"ר לעווין, איינער פון די קאָמיטעט־מיטגלידער, דערצעהלט טאָקע ווי אַזוי דער קאָמיטעט איז געוואָרען ליקווידירט: [8]

„דעם 24־טען סעפּטעמבער, 1943 איז אין אָפיס פון אַמעריקאַנער אידישען קאָנגרעס פאָרגעקומען אַ זיצונג פון „דזשאָינט עמוירדזשענסי קאָמיטע". אויף דער דאָזיגער זיצונג איז בעריכטעט געוואָרען וועגען העכסט־וויכטיגע ענינים. עס האָבען זיך בעוויזען נייע און גרויסע מעגליכקייטען צו העלפען די אייראָפּע־אישע אידען דורכן אינטערנאַציאָנאַלען רויטען קרייץ, מיט דער הסכמה און אפילו פינאַנציעלער מיטהילף פון דער אַמעריקאַנער רעגירונג — פּלוצים איז אַרויסגעשפּרונגען אַ מיטגליד פון קאָמיטעט (מר. מאָנטאָר) מיט אַ פאָרשלאַג אויפצולעזען דעם קאָמיטעט און איבערגעבען זיין טעטיגקייט צו דער „אַמערי־קאַנער אידישער קאָנפערענץ". עס האָט זיך אָנגעהויבען אַ גרויסע דעבאַטע. זעהר שאַרף דאַגעגען איז אַרויסגעטראָטען ד"ר ישראל גאָלדשטיין, דער פאָר־זיצער פון דער אַמעריקאַנער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. די זעלבע שטעלונג האָבען פערטראָטען אַנדערע מיטגלידער פון קאָמיטעט, ווי ריכטער פּראָסקאַוער,

7) „מאָרגען זשורנאַל", 26 אויגוסט, 1943.

8) „אידישע שטימע", יאַנואַר, 1944.

מר. מינקאָף און דער שרייבער פון די שורות — אָבער אין דער צווישען־צייט, ביז צו דער נעקסטער זיצונג, וואָס איז געוואָרען אָפּגעהאַלטען דעם 29־טען אָקטאָבער, 1943, איז פאָרגעקומען דער אַרויסטריט פון דער „אַמעריקען דזשואיש קאָמיטע" פון דער „אַמעריקען דזשואיש קאָנפערענץ" און צוליב דעם איז שוין ענדגילטיג געחתמ'עט געוואָרען דער גורל פון „דזשאָינט עמוירדזשענסי קאָ־מיטע". דעם 29־טען אָקטאָבער האָט מען שוין קיין איין וואָרט נישט גערעדט וועגען די רעאַלע הילפס־מעגליכקייטען, נאָר וועגען דער אויפלעזונג. מען האָט עס נישט ערלעדיגט אויף איין זיצונג, און ערשט דעם 5־טען נאָוועמבער, 1943 איז דאָס גרויסע געשעהעניש פּראָקלאַמירט געוואָרען.

„נאָך שטורמישע דעבאַטען, בעת וועלכע די אגודת הרבנים, דער אידישער אַרבעטער־קאָמיטעט, די אגודת ישראל, און די „אַמעריקען דזשואיש קאָמיטע" האָבען זיך אַרויסגעזאָגט קעגען דער אויפלעזונג, איז עס דאָך בעשלאָסען געוואָרען מיט אַ מערהייט פון 5 קעגען די דערמאָנטע 4 אָרגאַניזאַציעס. — איצט פרעגט זיך: האָט מען געמעגט אַריינמישען די הצלה־אַרבעט אין דער אינערליך־אַמעריקאַנער שטרייט־פראַגע פון דער „קאָנפערענץ"? מיר האָבען געהערט ביי די צוויי זיצונגען פון 29־טען אָקטאָבער און דעם 5־טען נאָוועמבער בלויז מאָטיוען פון „פרעסטיזש", פון „אויטאָריטעט", — לגבי דער קאַטאַסטראָפע אין אייראָפּע איז נישטאָ קיין שום „פרעסטיזש" און קיין שום „אויטאָריטעט". דאָס זענען אַלץ פערוועלקטע, אָפּגעשטאַנענע בעגריפען — ווען עס גיסט זיך בלוט, ווען מיר געהען אונטער". —

און איצטער איז נויטיג זיך אומצוקערען צו דער געשיכטע פון „ועד הצלה" און צום בילאַנס פון זיינע געוואַגטע רעטונגס־דערגרייכונגען. און עס איז נויטיג קודם־כל צו אַנאַליזירען די סיבות און גורמים, וועלכע האָבען אַרויס־גערופען און אויך דערמעגליכט די אומוואַנדלונג פון דעם פריהערדיגען „ועד הצלה" פאַר די ישיבות אין דעם אַלגעמיין־אידישען רעטונגס־אינסטרומענט.

דער ערשטער און דערצו סימפטאָמאַטישער גורם איז געווען — די אחדות אין די רעליגיעזע רייען בנוגע די הצלה־פראַגען; אין דער דאָזיגער אחדות איז געלעגען דער כח און דער סוד פון הצלחה פון „ועד הצלה" אין דעם גלאַנץ־פעריאָד פון זיין אַרבעט. דווקא אין דער טראַגישער תקופה, בעת די צענטראַלע אידישע, נישט־רעליגיעזע אָרגאַניזאַציעס אין אַמעריקע האָבען דע־מאָנסטרירט אַזאַ פיינליך בילד פון צושפליטערונג און קליינליכקייט — איז געווען אימפּאָנירענד פעסטצושטעלען די מאָס פון אחדות און האַרמאָניע אין דער טעטיגקייט פון „ועד הצלה". דער רבנישער זשורנאַל „הפרדס", וואָס האָט נאָכגעפאָלגט מיט ספּעציעלען אינטערעס די ענטוויקלונג פון „ועד הצלה", האָט דאָס ביי אַ געלעגענהייט אויסגערופען מיט ענטציקונג: „נברך ברכת הגומל,

אנו, היראים!" (מיר, די רעליגיעזע אידען, מעגען בענשען די ברכה פון „הגומל" [9]).

„עס טהוט ווי דאָס האַרץ צוליב דעם עלבון האומה, וואָס מיר זענען אַזוי געוואָרען דערנידריגט. געפאַלען ביז גאָר זענט איהר, אידישע פיהרער, — אין אַזאַ ביטערער צייט פון צרות אויף אידען, ווען אחדות פאָדערט זיך אויף יעדען טריט און שריט, האָבען די נישט־רעליגיעזע אָרגאַניזאַציעס געפונען אַלס פאַסיגע צייט אויף שפּאַלטונגען — און מיר, רעליגיעזע אידען, מעגען בענשען די ברכה פון הגומל. מיר דאַרפען לויבען השי"ת דערפאַר... מיט בעפרידיגונג פערצייכנען מיר דעם כח און כשרון פאַר אחדות, וואָס ווערט לעצטענס בעוויזען בעת דער הצלה־אַרבעט לטובת די פליטים, רבנים, ראשי ישיבות — די רבנים, אָנפיהרער פון אַלע רעליגיעזע ריכטונגען, האָבען זיך פעראייניגט מיט אמת'ער פריינדשאַפט און אַרבעטען האַנד ביי האַנד. די פיהרער פון אגודת ישראל מיט זייער נשיא בראש און די פיהרער פון מזרחי און אַנדערע אָרגאַניזאַציעס, זענען פעראייניגט מיט גרויס התלהבות אין דער געמיינזאַמער אַרבעט פאַר הצלה — מיט ברידערליכקייט און געטריישאַפט זיצען ביי איין טיש און אין דער זעלבער לייטונג (פון ועד הצלה) די רבנים: הרב ר"י רוזנבערג, הרב ר"א סילבער, הרב רד"א לבנטל, הרב ר"י קנוביץ, הרב ר"י לוינסון, הרב רח"י בלוך, הרב ר"ש היימן, הרב ר"י הופמן; אַלע רבנים און אדמורי"ם, אַלע צוזאַמען ווי איין מענש אין דער הצלה־אַרבעט". —

דער צווייטער, ענטשיידענדער גורם איז געווען — דער כח פון אמונה און בטחון: דאָס מיינט גאַנץ קלאָר, אַז מען טאָר זיך נישט מייאש זיין אפילו אין דער סאַמע פאַטאַלסטער סיטואַציע; אַז אין אַנבליק פון גאַנץ־אומגעוועגליכע געפאַהרען מוזען דווקא ווערען אונטערגענומען אויסערגעוועגליך־געוואַגטע מעשים; אַז מען טאָר נישט יוצא־זיין בלויז מיט פיהרען „הויך־פּאָליטיק", נאָר מען מוז אויסנוצען אַלערליי אינטערווענצען און איינפלוסען און דערביי זיך נישט אָפּ־שטעלען פאַר קיין שום גרעניץ, ווען עס האַנדעלט זיך אין ראַטעווען אידען!

אויף איינער פון די צאָהלרייכע קאָנפערענצען פון „ועד הצלה", וואָס איז געוואָרען אָפּגעהאַלטען ווינטער, תש"ב אין סינסינעטי, האָט הרב ר' אפרים עפּשטיין, דער פיהרער פון דער רוההמפולער הצלה־אַרבעט אין שיקאַגאָ, אויס גערופען: [10])

„מיט צוויי יאָהר צוריק האָט מען געלאַכט פון אונז און פון אונזער אַרבעט, און היינט זעהען שוין אַלע די געוואַלדיגע טהאָט פון „ועד הצלה" — און

9) „הפרדס", טבת, תש"א, ז' 11.
10) „הפרדס", שבט, תש"ב, ז' 6.

דערפאַר זאָגען מיר צו הרב סילווער און צו אַלע אָנפיהרער פון „ועד הצלה״, געהט ווייטער און זייט ממשיך אייער ווערק!״

צווישען די ריהרענדסטע אויפרופען, וואָס די אגודת הרבנים האָט אַרויסגעלאָזט אין דער סאַמע אומגליקליכסטער צייט פון דער אידען־פערניכטונג, איז פאַרהאַן אַזאַ סאָרט אויפרוף: „אידען, מען קאָן נאָך ראַטעווען!״ [11])

— „מיר רופען צו אייך, אידען, מיר בעטען פון אייך נישט צו פער־שפעטיגען די שטונדע! לאָמיר אַמוועניגסטען ראַטעווען, וואָס מיר קענען און וואָס ליגט אין אונזערע הענד צו טהון! לאָמיר דערלאַנגען די הילף צו די, וואָס האָבען דורכגעמאַכט דעם גיהנום! לאָמיר טוען און נישט פערשפעטיגען, ווייל אויב חלילה ניט, וועלען מיר זיך אייביג נישט שענקען״. —

ווען די אגודת הרבנים און די אַנדערע רעליגיעזע אידישע אָרגאַניזאַציעס אין אַמעריקע, וואָס זענען געווען גרופירט אַרום דעם „ועד הצלה״, זענען גע־וואָרען איינגעלאַדען צו בעטייליגען זיך אין דער גרויסער פּראָטעסט־דעמאָנ־סטראַציע, אָפּגעהאַלטען דעם 1־טען מערץ, 1943 אין מעדיסאָן־סקווער־גאַרדען, איז דורך די רעליגיעזע אָרגאַניזאַציעס געוואָרען געשטעלט דער בפירוש׳ער בעדינג: נישט בלויז פּאָליטישע רעזאָלוציעס, נאָר פּראַקטישע הצלה־מעשים! און דערוועגען איז צו יענער צייט דערשינען אַזאַ כאַראַקטעריסטישער בעריכט אין דער אידישער פּרעסע: [12])

— „דער מיטינג, וועלכער איז צונויפגערופען געוואָרען פונם „ועד לפקוח נפש״ (אַ קאָמיטע פאַר דער רעטונג פון אידישע לעבענס), וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרען פון דער אגודת הרבנים, און אין וועלכער עס זענען פערטראָטען די אגודת הרבנים, די אגודת ישראל, מזרחי, יאַנג איזראַעל און אַנדערע אָרטאָ־דאָקסישע קערפּערשאַפטען, האָט אָנגענומען אַ בעשלוס אָנטיילצונעמען אין דעם גרויסען פּראָטעסט־מיטינג פון מעדיסאָן־סקווער־גאַרדען, —דער מיטינג האָט אָבער איינשטימיג בעשלאָסען, אַז די אָרטאָדאָקסישע אָרגאַניזאַציעס וועלען אין איהם אָנטיילנעמען נאָר דאַן, ווען דער מיטינג וועט זיך ניט פערנעמען מיט פּאָליטישע פאָדערונגען נאָר בלויז זיך בעגנוגנען מיט אַ פאָדערונג צו דער וועלט, און ספּעציעל צו אַמעריקע, צו ראַטעווען אידען. —

„נאָך דער איינלייטונגס־רעדע פון הרב ישראל ראָזענבערג, וועלכער האָט געגעבען דעם טאָן צו דער פערזאַמלונג, האָט זיך ענטוויקעלט אַ דראַמאַטישע דיסקוסיע, אין וועלכער ס׳איז געקומען צום אויסדרוק דער גאַנצער צער פון די פיהרער פון תורה־געטרייען אידענטום אין אַמעריקע צוליב׳ן חורבן אייראָפּע. די דעבאַטע וועגען די מיטלען און וועגען ווי־אַזוי צו טאָן די אַרבעט פון הצלת

---

11) לויט׳ן אויפרוף אין די אידישע טאָג־צייטונגען פון ניו יאָרק.

12) „מאָרגען זשורנאַל״, 17 יאַנואַר, 1943.

נפשות און פדיון שבויים, איז געווען אָפּט מאָל שטורמיש און זי האָט געוויזען — ווי ד. ל. מעקלער האָט זיך ריכטיג אויסגעדריקט — אַז אויף אָרטאָדאָקסישע אסיפות, ביי דער אָרטאָדאָקסיע, פיהלט מען די נשמה פון אַמעריקאַנער אידענטום. ביי דעם מיטינג האָט טאַקע גערעדט די נשמה פון דער אידישער אַמעריקע״...

אויף איין ציטאַטע פון פאַרגעשטעלטען פרעסע־באַריכט לוינט זיך בע־זונדערס אָפּצושטעלען — אויף די ווערטער פון רעדאַקטאָר פון „מאָרגען־זשורנאַל״, ד. ל. מעקלער, וועגען דעם, אַז „אויף אָרטאָדאָקסישע אסיפות פיהלט מען די אידישע נשמה״. ריכטיג, טאַקע די דאָזיגע אידישע נשמה, וואָס האָט געבלוטיגט און זיך געקאָרטשעט אין יסורים צוליב דעם אומפערגלייכליכען אי־דישען בראָך און אומגליק — די זעלבע צופייניגטע און צוטרייסעלטע אידישע נשמה האָט געצוואונ:ען צו העכסט־געוואַגטע און ריזיקאַלישע שריט און אונטער־נעמונגען. דאָ זענען מיר דערגאַנגען צום ענטשיידענעם פונקט אין דעם גאַנצען הצלה־פּראָבלעם, און דאָ ליגט דער שליסעל סיי צו די טיילווייזע דערפאָלגען און סיי צו די טראַגישע דורכפאַלען אין דעם אַלגעמיינעם הצלה־ווערק. דער דאָזיגער שליסעל הייסט „פדיון שבויים״! קלאָרער זיך אויסגעדרוקט: אויסקויף־געלד פאַר די צום־טויט־פערמשפּט׳ע אידען!

און טאַקע דערין שטעקט דער דריטער און סאַמע וויכטיגסטער גורם, אַ דאַנק וועלכען דער „ועד הצלה״ איז געווען בערופען צו זיין היסטאָרישער ראָל און פליכט: דערפאַר, וואָס דער „ועד הצלה״ האָט געוואַגט צו ברעכען דראַקאָנישע געזעצען און פעראָרדנונגען; געוואַגט אויסצונוצען אומלעגאַלע, אונטערערדישע און עכט־רעוואָלוציאָנערע שיטות; געוואַגט צו ריזיקירען מיט אַלע קאָנטאַקטען און פערבינדונגען, אינטערוועניצען און פערמיטלונגען — אין נאָמען פון ער־האַבענסטען געבאָט פון פקוח נפשות און פדיון שבויים!

דאָס הייסט נישט, אַז מען האָט פערנאַכלעסיגט אָדער גרינג־געשעצט דעם אָפיציעלען וועג און די אָפיציעלע פּאָליטישע השפעות. — פערקעהרט גאָר, דווקא די אָנפיהרונג פון „ועד הצלה״ ווי צוגלייך די פיהרערשאַפט פון אגודת הרבנים אין אַמעריקע האָט געזוכט אויסצונוצען ביז צו דער לעצטער מעגליכקייט יעדען אָפיציעלען שאַנס פאַר רעטונג, הן מצד די אינטערנאַציאָנאַלע קערפּער־שאַפטען און הן מצד די רעגירענדע אינסטאַנצען אין די פעראייניגטע שטאַטען, אָבער דערמיט האָט מען זיך ווייט נישט געלאָזען בעגנוגנען, ווייל אין אָנבליק פון אַזאַ נאַציאָנאַלען אומגליק איז געווען נויטיג צו זיין גרייט אויף אַלע דריי וועגען: „לדורון, לתפלה ולמלחמה״!

אָט זענען איניגע ביישפּילען פון די מוטיגע אַקציעס און איניציאַטיוועס אויפן דיפּלאָמאַטיש־פּאָליטישען געביט.

זומער, 1942, בעת עס האָט זיך אַלעמען אויסגעדוכטען, אַז דאָס נאַצישע

פערניכטונגס־פראָגראַם קעגען אידען וועט ווערען דורכגעפיהרט אין דער פאָרם פון דעם אָרגאַניזירטען הונגער־טויט אין די געטאָס און דערפאַר איז די הויפט־זאָרג געווען צו שיקען בעשפייזונג פאַר די געטאָ־אַרעסטאַנטען — דאַמאָלס האָט די אגודת הרבנים אויף איהר קאָנווענשאָן אין אַטלאַנטיק־סיטי (ח' תמוז, תש"ב) אָנגענומען די פאָלגענדע דעקלאַראַציע, אַריינגעטראָגען דורך הרב ד"ר יצחק לעווין: [13])

„די קאָנווענשאָן פון אגודת הרבנים פון די פעראייניגטע שטאַטען און קאַנאַדע, ווענדעט זיך מיט אַ הייסער און דרינגענדער בקשה צום פרעזידענט פון די פעראייניגטע שטאַטען, וועלכער האָט אַ וואַרים מיטגעפיהל פאַר אַלע ליידענדע מענשען, אַז ער זאָל דערמעגליכען צו שיקען שפייז פאַר אַלע אונזערע אומגליקליכע ברידער אידען, וועלכע געפינען זיך אין די געטאָס אין פוילען און וועלכע געהען־אויס פאַר הונגער אונטער דער הערשאַפט פון די נאַציס.

„נעמענדיג אין בעטראַכט, אַז די געטאָס זענען פאַקטיש גרויסע תפיסות און טויט־שטראָף איז דורך די דייטשע מושלים אַרויפגעלעגט געוואָרען אויף יעדען, וואָס וועט אָהן זייער בעוויליגונג אַרויס פון דאָרטען, — איז עס אַ פאָדערונג פון יושר און גערעכטיגקייט, אַז די אידען, וואָס געפינען זיך אין די געטאָס, זאָלען האָבען דעם כאַראַקטער פון ציווילע קריגס־געפאַנגענע, לויטן אינטערנאַציאָנאַלען רעכט, צו וועלכע מען קען שיקען שפייז־פעקלעך אפילו בשעת דער מלחמה.

„די קאָנווענשאָן דריקט אויס איהר האָפנונג, אַז דער פרעזידענט פון די פעראייניגטע שטאַטען וועט העלפען, כדי שפייז זאָל קענען צוקומען צו די צעהנדליגער טויזענדער אידען, צווישען וועלכע עס געפינען זיך די גאוני התורה און די פלענער פון די רשעים, וואָס ווילען פערניכטען אונזער פאָלק, וועלען נישט געלונגען".

אין שפעטערדיגען פעריאָד איז די אגודת הרבנים אין אַמעריקע געשטאַנען אין דער פאָדערשטער רייע פון קאַמף פאַר שאַפען אַ ספעציעל אַמעריקאַנער מלוכה־אינסטאַנץ צו ראַטעווען די פערבליבענע אידען אין אייראָפּע. און ווען די בעמיהונגען זענען ענדליך געלונגען און עס איז דורך פרעזידענט רוזוועלט געוואָרען פראָקלאַמירט, אין יאַנואַר, 1944, די שאַפונג פון דעם „וואָר רעפיודזשי באָרד", איז דער „ועד הצלה" געווען פון די ערשטע און אייפערדיגסטע מיט־העלפער פון דאָזיגען רעטונגס־קאָמיטעט (דערוועגען וועט דערצעהלט ווערען אין אַ בעזונדער קאַפּיטעל). צו דער זעלבער צייט האָט אָבער דער „ועד הצלה" זיך נישט מיט אַלעם פערלאָזען אויף אויף דער דאָזיגער אָפיציעלער אַמעריקאַנער

13) „חורבן אייראָפּע", ז' 30.

אינסטאַנץ, נאָר אַלץ ווייטער געזוכט געהיימע, מעהר־ווירקזאַמע וועגען און מיט־לען צו ראַטעווען אידען פאַר יעדען פרייז!

צום דאָזיגען פונקט וועגען די אונטערערדישע און אומלעגאַלע הצלה־אַרבעטען וועט זיין גענוג צו ברענגען אַלס אילוסטראַציע אייניגע פאַקטען, וואָס זענען בעקאַנט געוואָרען אין דער עפענטליכקייט.

אין זיין רעפעראַט געהאַלטען אויף דער ערעפנונגס־קאָנפערענץ פון „ייוו״א״ (יידישער וויסענשאַפטליכער אינסטיטוט) אין ניו־יאָרק, דעם 15־טען יאַנואַר, 1949, האָט ד״ר יצחק לעווין אויפגעדעקט צום ערשטען מאָל געוויסע פאַקטען צו דער געשיכטע פון די „אונטערערדישע פערזוכען צו ראַטעווען אידען בעת דעם חורבן״. [14]

— דאָס גאַנצע יאָהר 1943 און אַ טייל פון 1942 — אַזוי האָט ערקלערט ד״ר לעווין — איז אָנגעגאַנגען אַ פיבערהאַפטע קאָמוניקאַציע פון אַמעריקע מיט דער שווייץ וועגען רעטונגס־ענינים. ווי איז דאָס געווען מעגליך? די צענזור איז געוואָרען אויסגעמיטען דורך דעם, וואָס עס איז געלונגען צו פערזיכערן די קאָאָפעראַציע פון די פוילישע קאָנסולאַטען אין ניו־יאָרק און אין בערן — זיי האָבען געשטעלט אין אונזער רשות דעם דיפלאָמאַטישען שיפר פון דער פוילישער רעגירונג און אַוועקגעשיקט אַלס אָפיציעלע רעגירונגס־טעלעגראַמעס די ידיעות וועגען דער רעטונגס־אַרבעט. אַזוי־אַרום איז מעגליך געווען אין אַ פערהעלטניסמעסיג שנעלען טעמפאָ זיך צו קאָמוניקירען פון אַמעריקע מיט דער שווייץ. בעאַמטע פון די צוויי קאָנסולאַטען זענען געזעסען לאַנגע שטונדען, אַמאָל גאַנצע נעכט ביים שיפרירען און דעשיפרירען די לאַנגע טעלעגראַמעס. די קאָמוניקאַציע איז געווען אַ קאָסטבאַרע, ווייל שיפרירטע טעלעגראַמעס האָבען נישט געקענט געשיקט ווערען מיט וועלכען עס איז הנחה־אָפצאָל (צ. ב. אַלס „בריף טעלעגראַמעס״). דערביי זענען די גענוג־לאַנגע ידיעות זיך נאָך שטאַרק צעוואַקסען, ווען זיי האָבען זיך פערביטען אויף גרופעס פון צאָהלען אין דער שיפרירטער שפּראַך. די אַקציע האָט אָפּגעקאָסט טויזענדער דאָלאַרען יעדען חודש בלויז אַלס אָפּצאָל פאַר טעלעגראַמעס.

— די הומאַניטאַרע מיטאַרבעט פון די פוילישע קאָנסולאַטען — האָט דערצעהלט ד״ר לעווין — איז געגאַנגען נאָך ווייטער. ווען עס האָט זיך אַרויס־געוויזען, אַז עס איז דרינגענד נויטיג צו שיקען געלד אין דער שווייץ און מען האָט אויף דעם פאַר קיין פאַל נישט געקענט בעקומען קיין אָפיציעלע בעוויליגונג, האָט די פינאַנץ־אָפּטיילונג פון דער פוילישער אַמבאַסאַדע אין וואַשינגטאָן עטליכע מאָל במשך פון יאָהר 1943 אַרויסבעקומען אַ „לעיסענס״ אויף איהר נאָמען, כדי צו שיקען געלד, כלומר׳שט פאַר פוילישע רעגירונגס־צוועקען,

---

14) „נאָכ׳ן חורבן״, ז׳ 156 און ווייטער.

פון אַמעריקע אין שווייץ. די דאָזיגע „לעיסענס" איז געוואָרען פערנוצט, כדי צו שיקען געלד פון „ועד הצלה" צו זיין פערטרעטער אין שווייץ (קודם ר' חיים ישראל אייז אין ציריך און נאָך זיין טויט, ה' יצחק שטערנבוך אין מאָנטרע). די אַמבאַסאַדע אין וואַשינגטאָן האָט נאָך יעדען אַוועקשיקען פון די געלד־סומען פון „ועד הצלה" נאָכגעשיקט אַ שיפרירטע טעלעגראַמע קיין בערן, אין וועלכער מען האָט אויפגעקלערט וועמען איבערצוגעבען דאָס געלד און אויך ספּעציפיצירט דעם צוועק, אויף וועלכען דאָס געלד האָט געדאַרפט ווערען בענוצט (צ. ב. אויף קויפען פּאַספּאָרטען, א. א. וו.).

— ווען עס איז דעם 23־טען יאַנואַר, 1944 — האָט ד"ר יצחק לעווין ווייטער איבערגעגעבען — געשאַפען געוואָרען דער „וואָר רעפיודזשי באָרד", איז די דאָזיגע שוועריגקייט בעזייטיגט געוואָרען, אָבער אויך נאָר צום טייל. דער „וואָר רעפיודזשי באָרד" האָט געהאַט אין זיין רשות די אָפיציעלע קאַנאַלען פון דער אַמעריקאַנער רעגירונג, כדי זיך צו קענען פערשטענדיגען מיט אויס־לאַנד, און איז דערביי נישט געווען אונטערגעוואָרפען דער צענזור. ער האָט פערמיטעלט ביים איבערשיקען געוויסע ידיעות פון און קיין שווייץ, שוועדען, טערקיי אָדער פּאָרטוגאַל, אויך פאַר פּריוואַטע אָרגאַניזאַציעס, ווי דער „ועד הצלה" אָדער דער „אידישער וועלט־קאָנגרעס". אָבער עס איז קלאָר, אַז דער „וואָר רעפיודזשי באָרד" אַלס אָפיציעלע רעגירונגס־קערפערשאַפט האָט אויך נישט געטאָרט אַלץ וויסען. די ריכטיגע אונטערערדישע אַרבעט האָט געקענט געפיהרט ווערען נאָר אַלס פולשטענדיגער סוד. — אין וואַשינגטאָן איז מען טיילמאָל געווען דערשטוינט און אויפגערעגט צוליב דעם, וואָס דער „ועד הצלה" האָט געהאַט שנעלערע און גענויערע ידיעות וועגען געוויסע רעטונגס־שריט פון „וואָר רעפיודזשי באָרד" גופא...

דאָס איז געווען פּאַקטיש דער אלף און דער תיו פון דער הצלה־אַרבעט: פדיון שבויים פאַר יעדען פּרייז!

און אויפן דאָזיגען פּונקט האָבען זיך צוזאַמענגעשטויסען צוויי שטאַנד־פּונקטען אינערהאַלב דער אָנפיהרערשאַפט פון אַמעריקאַנער אידענטום: צי איז פדיון שבויים אַ דערלאָזבאַרער רעטונגס־מיטעל אָדער איז עס גאָר אַ „בלעק־מאַרקעט"־ביזנעס?...

ווען עס זענען דערגאַנגען קיין אַמעריקע די ערשטע אויטענטישע בעריכטען פון הרב וויסמאַנדעל אין בראַטיסלאַווא, וועגען זיינע אויסערסט־וויכטיגע כאַבאַר־פערהאַנדלונגען מיט די סאַמע אָנפיהרער פון דער אַנטי־אידישער פערניכטונגס־אַקציע, און אַזאַ אויטענטישער דאָקומענט וועגען דעם נאַצישען אָנבאָט אָפּ־צושטעלען די אידען־דעפּאָרטאַציעס אין אייראָפּע איז געוואָרען פאַרגעשטעלט „פאַר איינעם פון די בעריהמטע מנהיגים פון אַמעריקאַנער אידענטום" (אַזוי

דערצעהלט ד״ר יצחק לעווין אַלס עד־ראיה אין זיין דאָקומענטאַרישען בוך[15] איז יענעמ״ס תשובה געווען, אַז „אַזוי ווי דאָס איז אַ „בלעק־מאַרקעט״־געשעפט, מוז מען דערוועגען פרעגען דעם סטעיט־דעפּאַרטאַמענט״...

פון דער אַנדערער זייט איז דער תורה־שטאַנדפּונקט וועגען פדיון שבויים און פקוח נפשות געווען דער איינציג־מאָסגעבענדער פאַר די האַנדלונגען פון „ועד הצלה״. און דער דאָזיגער הלכה׳שער שטאַנדפּונקט איז געוואָרען קלאָר און דרייסט פאָרמולירט אויף איינעם פון די רבנישע קאָנפערענצען.

געווען איז עס אויף דער קאָנווענשאָן פון אגודת הרבנים אין כסלו, תש״ה, אָפּגעהאַלטען אין לעיקוואוד, ניו־דזשוירזי. דער חבר הנשיאות, הרב ר׳ ישראל ראָזענבערג, האָט דאָן פאָרגעשטעלט אַן אויספיהרליכען בעריכט וועגען דער הצלה־אַרבעט פון דער אגודת הרבנים פאַר דעם אייראָפּעאישען אידענטום און האָט דערביי געהאַלטען פאַר נויטיג ספּעציעל צו אנערקענען די לייסטונגען פון נשיא פון „ועד הצלה״, הרב ר׳ אליעזר סילווער[16]). ביי דער דאָזיגער געלעגענהייט פון דורכפיהרען דעם חשבון הנפש פון דער רבנישער וועלט אין אַמעריקע, איז געוואָרען געזאָגט:

„אַנדערע, ווי דער „דזשאָינט״ האָבען געוואַרט אויף אַ „ספּעציעלער ערלויבעניש״. מיר האָבען נישט ווייניגער ליב אַמעריקע, ווי די הערען פון דזשאָינט, אָבער מיר האָבען פאַר זיך אַ דין־תורה וועגען פקוח נפש. און אויב די רעגירונג זאָגט אונז נישט בפירוש, אַז מען טאָר דאָס נישט טאָן, און מיר ווייסען, אַז עס איז פאַראַן אפילו אַ ספק אָדער אַ ספק־ספיקא פון פקוח נפשות, דאַן טאָן מיר אַלץ, וואָס עס איז נאָר מעגליך. און אַ דאַנק דעם זענען געוואָרען געראַטעוועט טויזענדער אידישע נפשות״. —

אָט־דאָס איז געווען דער יסוד פון דער אַרבעט פון „ועד הצלה״ — אין פאַל פון ראַטעווען נפשות מוז אַלץ ווערען געטאָן, מוז אַלץ ווערען אויסגע־פּרובט, מוז אַלץ ווערען ריזיקירט!

15) דאָרט, ז׳ 160.

16) „הפרדס״, כסלו, תש״ה.

# דער רבנים־מאַרש קיין וואַשינגטאָן און די שאַפונג פון רוזוועלט׳ס רעטונגס־קאָמיטעט פאַר מלחמה־פּליטים

דאָס פּיינליכע בילד פון דער אידישער צוריסענקייט אין טראַגישען מאָמענט פון דער אידישער קאַטאַסטראָפע. — קריסטליכע אידען־פריינד בלייבען דעזאָריענטירט אין זייערע רעטונגס־פּלענער פאַר אידען. — די איינדרוקספולע רבנישע מאַניפעסטאַציע און דער טיעף־דורכגעטראַכטער רבנישער הצלה־פּראָגראַם. — די פּיינליכע הינטער־קוליסען־געשיכטעס אַרום דעם „ווייסען הויז“. — דער אָרגאַניזירטער פּאַרלאַמענטאַרישער דרוק, וואָס האָט שנעל געברענגט געהעריגע רעזולטאַטען.

דער מאָמענט איז געווען אַ דאָפּעלט־טראַגישער. אין איראָפּע איז געגאַנגען דער נאַצישער אויסראָטונגס־קריג קעגען אידען מיטן גאַנצען ברען און מיט דער גאַנצער פלאַנמעסיגקייט און דאָס, אָפען פאַר די אויגען פון דער גאַנצער וועלט; און אין אַמעריקע האָט זיך דאָס צאָלרייכע און איינפלוסרייכע אַמעריקאַנער אידענטום צומאָל זיך נישט געקענט אייניגען אין אַן אַלגעמיין־נאַציאָנאַלען רעטונגס־קאָמיטעט, מיט אַ געמיינזאַמען, קלאָר־געפאַסטען רעטונגס־פּראָגראַם כלפּי פּנים און אַ געשלאָסענעם פּאָליטיש־קעמפערישען רעטונגס־פראָנט כלפּי חוץ.

ווען עס איז דעם 5־טען נאָוועמבער, 1943 אָפיציעל געוואָרען פונאַנדערגעלאָזן דער „פעראייניגטער אידישער עמוירדזשענסי־קאָמיטעט פאַר די ענינים פון איראָפּעאישען אידענטום“ און עס האָבען זיך נאָך דערצו אָנגעהויבען די עפענטליכע קעגענזייטיגע זידלערייען צווישען דער ציוניסטיש־בעהערשטער „אַמעריקאַנער אידישער קאָנפערענץ“ און דעם רעוויזיאָניסטיש־בעאיינפלוסטען „עמוירדזשענסי־קאָמיטעט צו רעטען דאָס איראָפּעאישע אידענטום“ — איז די אידישע צושפּליטערטקייט און פערלוירענקייט אַרויסגעטראָטען פאַר דער אַמעריקאַנער עפענטליכקייט אויף דעם סאַמע פּיינליכסטען אופן. און דאָס טיעף־פּיינליכסטע דערביי איז געווען וואָס די גרופּע פון אָנגעזעהענע קריסטליכע אַמעריקאַנער פּאַרלאַמענטאַריער פוןביידע פּאַרטייען (די דעמאָקראַטען און

רעפובליקאַנער) און פון ביידע הייזער (דעם רעפּרעזענטאַנטען־הויז און דעם סענאַט), וואָס האָבען גאָר ערנסט געמיינט מיט אַ גרויס־צוגיגער איניציאַטיוו צו ראַטעווען די רעשטלעך פון אייראָפּעאישען אידענטום — זיי, די קריסטליכע אידען־פריינד זענען אינגאַנצען געבליבען צוטומעלט און ענטוישט אין אָנבליק פון דער אידישער צוריסענקייט.

אין אַזאַ פיינליכען און דערצו טאַקע חרפה׳דיגען מאָמענט איז דערשינען די אגודת הרבנים אין אַמעריקע און האָט גערעטעוועט די סיטואַציע. דער שטאַנדפונקט פון דער אגודת הרבנים איז געווען — ווי דאָס איז שפעטער פאָרמולירט געוואָרען אין אַן אָפיציעלער פרעסע־מעלדונג[1] — דער איינציג־ריכטיגער און היסטאָריש־פעראַנטוואָרטליכער, און דאָס האָט געקלונגען קלאָר און איבערצייגענדיג: „די אגודת הרבנים שטיצט יעדע איניציאַטיוו, פון וועל־כער ריכטונג זי זאָל נישט קומען, אויב זי (דאָס מיינט, די אגודת הרבנים) געפינט, אַז די איניציאַטיוו ענטשפּרעכט די אינטערעסען פון כלל ישראל, און ספּעציעל ווען עס האַנדעלט זיך וועגען הצלת ישראל".

דאָס איז געווען דער דערהאַבענער און נאַציאָנאַל־ווירדיגער שטאַנדפונקט פון דער רבנישער וועלט אין אַמעריקע, און געטריי דעם דאָזיגען שטאַנדפונקט, האָט די אגודת הרבנים אין אַמעריקע אונטערגענומען און דורכגעפיהרט דעם בעריהמטען איינציג־אַרטיגען „רבנים־מאַרש קיין וואַשינגטאָן". דער דאָזיגער רבנים־מאַרש צום ווייסען הויז, וואָס איז פאָרגעקומען צוויי טעג פאַר יום־כיפּור פון יאָהר תש"ד (דעם 7־טען אָקטאָבער, 1943), איז געוואָרען דורכגעפיהרט אין קאָאָפּעראַציע מיטן דערמאָנטען „עמוירדזשענסי־קאָמיטעט פאַר דער רעטונג פון אייראָפּעאישען אידענטום"; און ווי־אַזוי מען זאָל נישט בעאורטיילען מאַנכע אַנדערע שריט פון זעלבען קאָמיטעט, מוז מען אָבער אָביעקטיוו פעסטשטעלען, אַז די רבנישע דעמאָנסטראַציע קיין וואַשינגטאָן, איז געווען אַ העכסט־געלונגענע אונטערנעמונג און האָט טאַקע געהאַט ווייט־גרייכענדע אויסווירקונגען.

אויפן סמך פון די אויטענטישע בעריכטען און מאָסגעבענדע אָפּשאַצונגען פון יענעם פעריאָד לאָזט זיך קלאָר זאָגען אַז דער רבנים־מאַרש אויף וואַשינגטאָן איז געווען געלונגען פון אַלע שטאַנדפונקטען גענומען, און נעמליך:

א) דער רבנים־מאַרש האָט מאַניפעסטירט פאַר דער אַמעריקאַנער עפענט־ליכקייט די גאַנצע גרויל און טראַגיק פון דעם אידישען אומגליק;

ב) דער רבנים־מאַרש האָט אַרויסגעבראַכט און פאָרמולירט די וועזענט־ליכע פראַגען פון דער רעטונגס־אַקציע און האָט דערביי געגעבען די פולע אוי־טאָריטעט צו דער פאַרלאַמענטאַרישער רעטונגס־קאַמפּאַניע;

---

1) „מאָרגען זשורנאַל" פון 21־טען יאַנואַר, 1944.

ג) דער רבנים־מאַרש האָט געראַטעוועט דעם אידישען כבוד און מיט זיין ווירדיגער דערשיינונג פערדעקט ווי־נישט־איז דעם תהום פון דער אינערליך־אידישער צוריסענקייט.

וואָס שייך דעם איינדרוקספולען אַקט פון דעם רבנישען אויפמאַרש וועט זיין גענוג צו ציטירען די ריהרענדע שילדערונגען אין דער גאַנצער אידישער פּרעסע, אָהן אונטערשיד פון ריכטונג.

אַן אויספיהרליכער ראַפּאָרט איז דערשינען אויף דער פראָנט־זייט פון מאָרגען זשורנאַל״, דעם 7־טען אָקטאָבער 1943:

„אַ ריהרענדע דעמאָנסטראַציע פון דער רעליגיעזער פאָרשטעהערשאַפט פון אַמעריקאַנער אידענטום פאַר דער רעטונג פון אייראָפּעאישע אידען, איבער וועלכע עס פאָכעט די שווערד פון נאַצי־מערדער, איז היינט סצענירט געוואָרען אין דעם רעגירונגס־טייל פון וואַשינגטאָן״.

„די דעמאָנסטראַציע איז געווען אַ העכסט אימפּאָזאַנטע און געמאַכט אַ שטאַרקען רושם אין וואַשינגטאָן. באַלד ביים אָפּשטייגען פון ספּעציעלען טרעין אויף יוניאָן־סטעישאָן האָבען די איבער 300 רבנים מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ הערליך בילד. אין דער ערשטער רייע זענען געגאַנגען די נשיאים פון ראַבינאַט — הרב א. ל. לעוועַנטאַל, הרב אליעזר סילווער און הרב ישראל ראָזענבערג, און נאָך זיי הרב זאב גאָלד, הרב בוראַק, דער באָיאַנער רבי הרב פרידמאַן, און נאָכגעפאָלגט פון אַנדערע רבנים האָבען אַלע מאַרשירט צו דער קאָנגרעס־געביידע, זאָגענדיג תהלים.

„אויף די טרעפּ פון דער קאָנגרעס־געביידע האָבען די רבנים פאַר עטליכע מינוט ווידער געזאָגט תפילות, און די הויפּט־פאָרשטעהער זענען דאַן אַריינ־געפיהרט געוואָרען אין דער געביידע, צו וויס־פּרעזידענט וואַלאַס אין קאַבינעט. צווישען די רבנים, וואָס זענען געוואָרען אַריינגעפיהרט זענען געווען: הרב סילווער, הרב ראָזענבערג, הרב לעוועַנטאַל, הרב גאָלד, הרב פרידמאַן, הרב בוראַק, הרב קאַרלינסקי. הרב סילווער האָט פאָרגעלייענט אין העברעאיש די פּעטיציע וואָס די דעלעגאַציע האָט מיט זיך געבראַכט קיין וואַשינגטאָן. די דאָזיגע פּעטיציע, געשריבען אין רבנישען סטיל, האָט אָנגעשלאָגען אַ הויכען און ווירדיגען טאָן וועגען דער מורא׳דיגער קאַטאַסטראָפע, וואָס איז בעפאַלען אידען אין אייראָפּע, און געפאָדערט, אַז די אַמעריקאַנער רעגירונג זאָל אָננעמען באַלדיגע מיטלען פאַר זייער רעטונג. די פּעטיציע האָט אויך געפאָדערט, אַז די טויערן פון ארץ־ישראל זאָלען באַלד געעפענט ווערען פאַר די רעטונגס־נויטיגע. הרב גאָלד האָט איבערגעזעצט די פּעטיציע אויף ענגליש.

וויס־פּרעזידענט וואַלאַס האָט דאַן געענטפערט אויף דער פּעטיציע. ער האָט אויסגעדריקט טיפע סימפּאַטיע מיט דער מיסיע פון די רבנים. „איך

פערזיכער אייך — האָט דער וויים־פּרעזידענט געזאָגט — אַז איך און אַלע, וואָס זענען דאָ מיט מיר פיהלען דעם גרויסען טרויער אויף דעם אידישען אומגליק״.

„נאָך דער איינדרוקספולער צערעמאָניע אויף די טרעפּ פון דער קאָנגרעס־געביידע זענען די רבנים אָפּגעפאָהרען אין ספּעציעלע אויטאָמאָבילען צו דעם לינקאָלן־מעמאָריאַל. דאָרט האָבען זיך אויפסניי אָפּגעשפּילט איינדרוקספולע סצענעס. תפילות זענען געזאָגט געוואָרען בציבור און דער מעליצער רבי, הרב יצחק הורוויץ, וועלכער איז אַ פיינער מנגן, האָט געמאַכט אַ הזכרה נאָך די אידישע קדושים און פערענדיגט מיט אַ „הנותן תשועה״ — די צערעמאָניע ביים לינקאָלן־מעמאָריאַל האָט זיך פערענדיגט מיט אַ רעדע אויף דער ראַדיאָ פון הרב זאב גאָלד, וועלכער האָט פאָרמולירט די פאָדערונגען פון די רבנים פאַר אידישער רעטונג.

פון דאָרט האָבען די מעהרסטע רבנים מאַרשירט צום ווייסען הויז און זיך אָפּגעשטעלט ביים הויפּט־איינגאַנג. אַ דעלעגאַציע פון פיער, בעשטעהענדיג פון די רבנים ראָזענבערג, גאָלד, פרידמאַן און קאַרלינסקי, בעגלייט פון מר. בערגסאָן פון דעם „עמוירדזשענסי־קאָמיטעט״, איז אַריינגעפיהרט געוואָרען אין ווייסען הויז און געוואָרען אויפגענומען פון פּרעזידענט׳ס סעקרעטאַר, מעקינ־טאַיר. דער סעקרעטאַר האָט ערקלערט, אַז ער ווייסט, דאָס ער איז נישט וויכטיג גענוג צו פערטרעטען דעם פּרעזידענט, אָבער דער פּרעזידענט איז נישטאָ אין דער צייט אין ווייסען הויז, און דערפאַר איז ער גרייט איבערצוגעבען דער דעלעגאַציע׳ס פערלאַנג צו רוזוועלט׳ן.

די דעלעגאַציע האָט זיך געפיהלט שטאַרק ענטוישט, וואָס דער פּרעזידענט האָט זיי נישט אויפגענומען און הרב גאָלד, דער ראש המדברים, האָט אָפען אויסגעדרוקט פאַר מר. מעקינטאַיר די ענטוישונג פון דער דעלעגאַציע. ער האָט ערקלערט, אַז אויב דער פּרעזידענט האָט נישט געהאַלטען פאַר נויטיג אויפ־צונעמען די דעלעגאַציע, האַלט ער נישט פאַר נויטיג פאָרצולייענען די פּעטיציע און ער האָט דערפאַר איבערגעגעבען די פּעטיציע אין שריפט צום סעקרעטאַר, אַז ער זאָל זי איבערגעבען צום פּרעזידענט״.

דער „טאָג״ פון 7־טען אָקטאָבער, 1943 האָט אין זיין בעריכט פעסט־געשטעלט:

„די הונדערטער רבנים און רביים, די וויכטיגסטע פיהרער פון אַמעריקאַנער ראַבינאַט און חסידישע אידען, האָבען געמאַכט אַ שטאַרקען איינדרוק אויף דער אָפיציעלער וואַשינגטאָן, און ס׳איז זיכער, אַז דער מאַרש פון דער פיהרערשאַפט פון דער אַמעריקאַנער אָרטאָדאָקסיע וועט לאַנג בלייבען אין זכרון פון דער וואַשינגטאָנער בעפעלקערונג״.

אויך דער „פאָרווערטס״ פון 7־טען אָקטאָבער האָט העכסט־פּאָזיטיוו גע־שילדערט דאָס געשעהעניש:

„וואַשינגטאָן, אָקט. 6: פינף הונדערט רבנים פון אַלע טיילען לאַנד האָבען דאָ היינט דורכגעפיהרט אַן איינדרוקספולע דעמאָנסטראַציע, וואָס האָט געפאָדערט הילף פאַר די געפייניגטע אידען אין איראָפּע.

„די דעמאָנסטראַציע האָט געהאַט דעם צוועק אויפמערקזאַם צו מאַכען די ניט־אידישע וועלט וועגען די גרויסע אידישע ליידען אין די לענדער, וואָס היטלער האָט פערכאַפּט — וואַשינגטאָן האָט נאָך אַזאַ דעמאָנסטראַציע קיינמאָל נישט געזעהען. פינף הונדערט רבנים, אַלע אָנגעטאָן אין שוואַרצען, האָבען מאַרשירט איבער די גאַסען און האָבען אויפן קול געזאָגט תהלים. מענשען אין די גאַסען זענען געשטאַנען און געקוקט מיט פערוואונדערטע פּנים׳ער און האָבען איינע די צווייטע געפרעגט, וואָס דאָס דאַרף בעדייטען. תפילות, טרעהרען, געוויין, האָט מען דעם גאַנצען טאָג געהערט און געזעהען פון די רבנים — ווען הרב סילווער האָט אין זיין ביטע געלייענט וועגען דעם גרויסען אידישען אומגליק אין איראָפּע, האָט צווישען די פערזאַמעלטע אויסגעבראָכען אַ געוויין״.

דאָס זענען איניגע אויסצוגען פון די דאַמאָלסדיגע פּרעסע־ראַפּאָרטען. אָבער נאָך מעהר בעלעהרענד זענען געווען די פּובליציסטישע אָפּשאַצונגען פון דער אידישער פּרעסע.

אונטער דער איבערשריפט „דער רבנים־טאָג אין וואַשינגטאָן״ איז דער־שינען אַן עדיטאָריעל אין „טאָג״ פון 8־טען אָקטאָבער, 1943:

„דאָס בילד פון די רבנים אין וואַשינגטאָן, די פייערליכע פּראָצעסיע פון אידישע רעליגיעזע פאָרשטעהער אויף די גאַסען פון דער אַמעריקאַנער הויפּט־שטאָדט, דער „א־ל מלא רחמים״, נאָך די געפאַלענע קדושים, די אויפנאַמע ביים ווייס־פּרעזידענט וואַלאַס און ספּיקער רעיבאָרן — דאָס אַלץ האָט געמאַכט אַן אומפערגעסליכען רושם.

„די אַכטונג פון אַמעריקע צו רעליגיע בכלל און צו די רעליגיעזע איבערצייגונגען פון אַנדערע בפרט — דאָס האָט נישט אַנדערש געקענט ווי בעשאַפען אַרום דעם רבנים־מאַרש די לופט פון שטאַרקער אויפטרייסלונג. אַזאַ לופט האָט זיך געפיהלט איבער דער גאַנצער אַמעריקאַנער הויפּט־שטאָדט — פון די העכסטע בעאַמטע ביז דעם מענש אין גאַס.

„אונזער הויפּט־שטאָדט האָט געזעהען אַ גאַנץ פאָלק אין געוויין און אין תחנונים, אַ גאַנץ פאָלק, וואָס איז הילפלאָז קעגען דעם גרעסטען רשעות, וואָס די מענשליכע געשיכטע האָט ווען־עס־איז אויסגעטראַכט. מען קען זאָגען מיטן פולען מויל, אַז אויב סטרונעס פון מענשליכקייט זענען נאָך פערבליבען אין דער

וועלט, האָבען זיי אויפגעציטערט אין וואַשינגטאָן און אויסגעשפּילט דאָס געזאַנג פון אומגליק אָבער אויך פון רחמנות. —

„צי וועלען זיין ממשות׳דיגע רעזולטאַטען פון אָט־דער דעמאָנסטראַציע? דאָס איז ווייט נישט אין אונז געווענדעט. אין אונז איז געווענדעט בלויז דאָס בעטען, מאָהנען און פערלאַנגען. אין אונז איז געווענדעט, אַז מיר זאָלען נישט רוהען אין אָנגעזיכט פון דער אידישער טראַגעדיע. אין אונז איז געווענדעט אַזאַ אויסדרוק פון אונזערע געפיהלען, וואָס זאָל כאָטש טיילוויז זיין אין דער זעלבער מאָס, ווי עס איז די מאָס ליידען פון אונזערע ברידער און שוועסטער אונטער דער האַק פון דער נאַצישער מערדעריי.

„אין דעם פּרט איז דער רבנים־מאַרש געווען איינער פון די שטאַרקסטע צער־אויסדרוקען, וואָס אונזער פאָלק האָט געגעבען דער וועלט און אין יענעם אָרט וואו עס זיצען די, וועלכע קענען אונז העלפען״.

אין „פאָרווערטס״ פון דער זעלבער דאַטע האָט חיים ליבערמאַן געשריבען, אין זיין קאָלום „די מלחמה״:

„וואַשינגטאָן האָט שוין געזעהען אידישע דעלעגאַציעס, אָבער אַזאַ דע־לעגאַציע האָט זי נאָך נישט געזעהען, און אויך האָט זי ניט געהערט קיין אידישען געוויין, געוויין געמישט מיט תפילות — די רבנים האָבען גענומען אַ שטיק פון דער שוהל, אַ שטיק פון יום־כיפור, און עס אַרויסגעטראָגען אויף די גאַסען פון אונזער הויפּט־שטאָדט, וואָס איז געוואָרען די הויפּט־שטאָדט פון דער גאַנצער וועלט: נאַט, זעהט!

„אוודאי וואָלט עס ניט געדאַרפט אַזוי זיין, אַז אידען זאָלען דאַרפען לויפען קיין וואַשינגטאָן רייסען קברים אויף דער אידישער טראַגעדיע. געוויס פעהלט דאָרט נישט קיין סימפּאַטיע פאַר אידישע ליידען. נאָר די פּאָליטיק איז אַזוי פערוויקעלט און פערפלאָנטערט, אַז אונזערע טראַגעדיע, די גרעסטע טראַגעדיע אין דער מלחמה, איז אָפּגערוקט געוואָרען אין הינטערגרונד, און די אידישע הערצער זענען דורך דעם שטאַרק פערוואונדעט — און אויב עס איז נויטיג געווען צו געהן קיין וואַשינגטאָן צו דראַמאַטיזירען אונזער טראַגעדיע און אונזערע געפיהלען, האָט מען ניט געקענט דורכטראַכטען קיין גרעסערע און מעהר איינדרוקספולע דראַמע, ווי עס איז געווען די טרויער־פּראָצעסיע פון די עטליכע הונדערט רבנים.״ —

דער לייט־אַרטיקלער פון „מאָרגען זשורנאַל״ דאַקעגען, האָט געפונען פאַר נויטיג צו בעטאָנען און טאַדלען די הינטער־קוליסען־שפּיל פון דער רבנים־דעמאָנסטראַציע און ספּעציעל דעם פאַקט, וואָס פּרעזידענט רוזוועלט האָט זיך אַרויסגעדרעהט פון אויפנעמען פּערזענליך דעם רבנישען מאַרש:

„דער מאַרש קיין וואַשינגטאָן פון הונדערטער רבנים איז געווען אַזוי

איינדרוקספול ווי וויכטיג. כאָטש שפּעטלעך, איז אָבער נאָך אַלץ נישט געווען צו־שפּעט צו לאָזען הערען די עכט־אידישע שטימע, ווי זי קומט פון רעליגיעזע אידישע פיהרער. —

„עס איז אָבער צו בעדויערן, וואָס גרייכענדיג דאָס ווייסע הויז האָט דער פּרעזידענט נישט געפונען פאַר נויטיג די רבנישע דעלעגאַציע אויפצונעמען און זיך בעגנוגענט דאָס צו טאָן דורך זיין סעקרעטאַר. דאָס איז נאָך מעהר צום בעדויערן דערפאַר, וואָס די בעשולדיגונג ווערט געמאַכט, אַז דאָס איז געווען צוליב „איינפלוסען", וואָס זענען אויסגעאיבט געוואָרען אויפן פּרעזידענט מצד געוויסע אידישע עלעמענטען — צו מאַכען אידישע רעטונג פאַר אַ „פּאָליטישען באָל", מיט וועלכען זיך אַרומצושפּילען און עס צו דערפיהרען צום פּרעזידענט'ס טיר, איז פּשוט סקאַנדאַליעז". —

דער דאָזיגער ממש אומגלויבליכער פאַקט, אַז דאָס האָבען „געוויסע אידישע עצה געבער'ס" פּערהאַקט די טיר פון רוזוועלט'ס קאַבינעט פאַר דער רבנישער אַזוי־איינדרוקספולער רחמים־מאַניפעסטאַציע — דער דאָזיגער פאַקט איז אייגענטליך אַרויסגעבראַכט געוואָרען אין דער עפענטליכקייט דורך דער פיהרערשאַפט פון דער אגודת הרבנים. דעם 7־טען אָקטאָבער אין אין זעלבען „מאָרגען זשורנאַל" געווען געמאָלדען פאָלגענדעס:

„הרב ישראל ראָזענבערג פון דער נשיאות פון אגודת הרבנים האָט ערקלערט פאַרן רעפּאָרטער פון „מאָרגען זשורנאַל", אַז דער גאַנצער ראַבינאַט איז ענטוישט פון דעם, וואָס דער פּרעזידענט האָט נישט אויפגענומען די דעלעגאַציע. ער האָט דערביי אויך געמאַכט די בעשולדיגונג, אַז ער ווייסט דאָס געוויסע כוחות האָבען געאַרבעט קעגען דעם". —

ווער־זשע זענען עס געווען די דאָזיגע אומפּעראַנטוואָרטליכע כוחות, וועלכע האָבען געוואַגט צו אינטריגירען קעגען דעם רבנים־מאַרש און דערמיט פּאַקטיש אויך געצילט צונישט־צומאַכען דעם גאַנצען רעטונגס־פּלאַן פאַרן אייראָפּעאישען אידענטום, וואָס איז געווען פערבונדען מיט דער רבנישער דעמאָנסטראַציע?

זענען געקומען ווייטערדיגע ענטוויקלונגען אַרום דער רעטונגס־אַקציע אויפן פאָרום פון אַמעריקאַנער קאָנגרעס און האָבען אויפגעדעקט ווער עס איז געשטאַנען אונטער די דאָזיגע „געוויסע כוחות".

די איינציגע שטימע, וואָס האָט זיך דערהערט אין דער אידישער עפענטליכקייט קעגען דער דערפאָלגרייכער און העכסט־געלונגענער דעמאָנסטראַציע, איז געקומען מצד דעם העברעאישען זשורנאַל „בצרון", וועלכער איז קענטיג געווען אינספּירירט פון די זעלבע „כוחות". עס וועט זיין טשעקאַווע צו ציטירען דעם דאָזיגען שפּאָטישען און צינישען אַרויסטריט, ווייל דאָס וואַרפט אַ ליכט אויף

דעם גאַנצען העסליכען שפּיל. אָט וואָס דער „בצרון" האָט געוואַגט צו שרייבען:[2]

„אונזערע רבנים און גאונים, די רשכבה"ג׳ס, און די חופק"ק׳ס, און זייער הייליגער כבוד, די אדמורי"ם און צדיקים פון אַלע מינים און דאָס גאַנצע ביסעל כלי־קודש האָט פּלוצלינג פערלאָזען די כסא־הרבנות׳ן זייערע און האָבען אַנגעגורט די לענדען און אויסגעפּוצט זייערע פּיאות און צורעכט־געמאַכט די בערד און האָבען זיך גענומען שטורמען די מויערן פון וואַשינגטאָן די רעזידענץ־שטאָדט. —

„די רבנים אונזערע זענען גרויסע בקיאים אין ש"ס, נאָר איין מסכתא האָבען זיי נישט געלערענט אָדער זיי האָבען זי פערגעסען, און דאָס איז די מסכתא דרך־ארץ. זיי האָבען נישט געוויסט און נישט פערשטאַנען, אַז מען קען נישט נעמען וואַשינגטאָן מיט שטורם. זיי האָבען געדאַרפט וויסען, אַז עס זענען פאַרהאַן גוט־בעקאַנטע שליסלען צום ווייסען הויז, שליסלען פון דרויסען, און שליסלען אינוועניגסטע און אפילו אַריינצוקומען דאָרט „לפני ולפנים", און די דאָזיגע שליסלען געפינען זיך אין אַנדערע הענד. דאָס איין אַן אַלטער כלל: „מי שטרח בערב שבת — יאכל בשבת". געוויס וויסען זיי, אַז ווען דער ציוניזם האָט זיך געפונען אין גרויס געפאַהר, טאָ ווער איז געגאַנגען בעטען רחמים און אָפּשרייען דעם גזר־דין? נישט די דאָזיגע, וועלכע זענען אויפגעגאַנגען מיט שטורם אויף וואַשינגטאָן, נאָר איינער אַ בעוואוסטער „ראַביי", וועלכער שטעהט שטענדיג אויף דער וואַך און וואָס אין זיינע הענד און אין די הענד פון זיינע חברים זענען געוואָרען איבערגעגעבען די שליסלען צו די טויערן פון מלכות..."

דאָס אַלץ איז געווען געשריבען שוואַרץ אויף ווייס אין אַזאַ חוזק־טאָן, וואָס האָט בלויז קאָמפּראָמיטירט און געמאַכט צו שאַנד און צו שפּאָט דעם זשורנאַל, וועלכער האָט אַזעלכעס געוואַגט צו פערעפענטליכען! אין נאָמען פון היסטאָרישער פּינקטליכקייט איז אָבער פאָרט וויכטיג אַרויסצושיילען צוויי זאַכ־ליכע פראַגען פון דאָזיגען ציניש׳ען אָנפאַל, און די דאָזיגע פראַגען אָביעקטיוו און רייך־זאַכליך אויפצוקלערען:

א) וואָס׳אַרע פּראַקטישע רעזולטאַטען האָט טאַקע געבראַכט די רבנישע אינטערווענץ אין וואַשינגטאָן?

ב) וואָס איז געווען די ראָל פון דאָזיגען „בעקאַנטען ראַביי", וואָס אין זיינע הענד האָבען זיך געזאָלט געפונען אַלע שליסלען צום ווייסען הויז?

אָט וועגען דעם אויסגאַנג פון דעם אָרגאַניזירטען פּאָליטישען דרוק אין וואַ־שינגטאָן, וואָס דער איינדרוקספולער רבנים־מאַרש איז געווען זיין סאַמע הויך־פּונקט, זאָגט צום בעסטען עדות די כראָנאָלאָגישע ענטוויקלונג פון די געשעהע־נישען אויפן וואַשינגטאָנער רעטונגס־פראָנט, ביז צו דער פּראָקלאַמירונג פון רוז־

2) „בצרון", תשרי, תש"ד, ע"ע 67, 68.

וועלט׳ס „וואָר רעפיודזשי באָרד״, די ספּעציעלע אַמעריקאַניש־מלוכה׳שע אינסטאַנץ פאַר דער רעטונג פון די קריגס־פּליטים, לייען: אידען!

דער כראָנאָלאָגישער צוזאַמענשטעל פון די פאַקטען און געשעהענישען איז אַזאַ:

דעם 6־טען אָקטאָבער, 1943 איז אויף די הענד פון וויס־פּרעזידענט וואַלאַס געוואָרען איבערגעגעבען די רבנישע פּעטיציע, אין וועלכער עס זענען געוואָרען פאָרמולירט 7 פּונקטען פון דעם רעטונגס־פּראָגראַם פאַר די לעצט־פּערבליבענע אידען אין אייראָפּע. אָט זענען די 7 פּונקטען אין אַ קאָנדענסירטער פאָרם: 1) צו זוכען דעם ווירקזאַמען וועג ווי־אַזוי תיכף אָפּצושטעלען די מאַסען־רציחות אויף אידען. 2) צו וואָרענען דאָס דייטשע פאָלק און אַלע אָקופּירטע לענדער, אַז עס וועט זיי נישט געשאָנקען ווערען די רציחות קעגען אידען און דאַקעגען וועלען זיי בעלוינט ווערען פאַר העלפען אידען. 3) צו שיקען שיפען מיט בעשפּייזונג און מעדיקאַמענטען פאַר די אידען אין די געטאָס אונטער דער אויפזיכט פון „אינטערנאַציאָנאַלען רויטען קרייץ״. 4) צו בעווייגען די נייטראַלע לענדער אַז זיי זאָלען געבען אַן אַזיל פאַר די אַנטרינענע אידישע פּליטים. 5) צו פערלייכטערן דעם אַריינקום אין די פעראייניגטע שטאַטען, כדי צו ראַטעווען די טויט־בעדראָהטע. 6) צו עפענען די טויערן פון ארץ־ישראל, אונזער היסטאָריש אידיש פאָטערלאַנד פאַר דעם אויפנעמען די אַנטרינענע פון דער פערניכטונג. 7) צו שאַפען אַ ספּעציעלע אַגענטור, פאַר דעם צוועק פון ראַטעווען די רעשט אידען אין אייראָפּע.

דעם 8־טען אָקטאָבער, 1943 איז אין דער אידישער פּרעסע געווען געמאָלדען וועגען דער פאָרמעלער בעהאַנדלונג פון דער אַריינגעטראָגענער רבנישער פּעטיציע:

„וואַשינגטאָן, דאָנערשטאָג: די פּעטיציע, וואָס די רבנים האָבען נעכטען צוגעשטעלט צו וויס־פּרעזידענט וואַלאַס האָט געמאַכט אַ שטאַרקען איינדרוק אין סענאַט. די רבנישע פּעטיציע איז נאָכאַמאָל פאָרגעלייענט געוואָרען פון וויס־פּרעזידענט פאַרן פּלענום פון סענאַט, און די פאָרשלאַגען פאַר אידישער רעטונג, וואָס זי ענטהאַלט זענען איבערגעשיקט געוואָרען פאַר בעטראַכטונג צו דער אויסלענדישער קאָמיטע פון סענאַט״ („מאָרגען זשורנאַל״).

„וואַשינגטאָן, אָקטאָבער 7: אַלס דירעקטע ענטוויקלונג פון דער רבנים־דעלעגאַציע׳ס בעזוך אין וואַשינגטאָן, האָט דער וויס־פּרעזידענט וואַלאַס היינט אויף דער זיצונג פון סענאַט פאָרגעלייענט די פּעטיציע, וואָס די רבנים האָבען איהם איבערגעגעבען וועגען ראַטעווען די אידען פון נאַצי־אייראָפּע און עפענען די טויערן פון ארץ־ישראל פאַר אידישער איינוואַנדערונג, — די פּעטיציע איז

היינט אויך פערעפענטליכט געוואָרען אויף דער ערשטער זייט פון „קאָנגרעשאָנעל רעקאָרד" („טאָג").

אַ דאַנק דעם דאָזיגען פאָרמעלען שריט פון וויים־פרעזידענט וואַלאַס איז פאַקטיש געוואָרען אַוועקגעשטעלט אויפן סדר־היום פון סענאַט די פראַגע פון דער אידישער רעטונג און ספּעציעל דער לעצטער און סאַמע ענטשיידענדער פונקט אין רעטונגס־פּראָגראַם — דאָס מיינט דעם פּלאַן צו שאַפען אַ ספּעציעלע אַמעריקאַנער רעטונגס־אינסטאַנץ! און טאַקע דער דאָזיגער הויפּט־פונקט איז געוואָרען אַוועקגעשטעלט אין איינקלאַנג מיט דער פּאַרלאַמענטאַרישער אַקציע פון אַ גרופּע קריסטליכע קאָנגרעס־לייט און סענאַטאָרען, וואָס אויך זייער הויפּט־ציעל איז געווען צו פּראָקלאַמירען אַזאַ רעטונגס־אַגענטור ביי דער אַמעריקאַנער רעגירונג.

דעם 17־טען נאָוועמבער, 1943 האָט די אגודת הרבנים בעשלאָסען אָפיציעל צו שטיצען די ענטשפּרעכענדע רעטונגס־רעזאָלוציע אויף דעם פאָרום פון רע־פּרעזענטאַנטען־הויז און סענאַט, און דערוועגען איז געוואָרען פּובליקירט דער פאָלגענדער בעריכט אין דער אידישער פּרעסע:[3]

„די אגודת הרבנים האָט נעכטען אינדאָרסירט די רעזאָלוציע, וועלכע איז אַריינגעבראַכט געוואָרען איןביידע הייזער פון קאָנגרעס דורך 12 סענאַטאָרען און 2 קאָנגרעסלייט, אויף דער איניציאַטיוו פון „עמוירדזשענסי קאָמיטעט צו ראַ־טעווען די אידען פון אייראָפּע", וואָס פאָדערט אויף פּרעזידענט רוזוועלט גלייך צו בעשטימען אַ ספּעציעלע רעגירונגס־אַגענטור צו ראַטעווען די אייראָפּעאישע אידען פון אונטערגאַנג.

„די פאָדערונג פאַר אַ ספּעציעלער רעגירונגס־אַגענטור איז געווען איינע פון די פאָדערונגען אין דער פּעטיציע, וואָס די אגודת הרבנים האָט פּרעזענטירט דורך 500 פון איהרע מיטגלידער אין דעם היסטאָרישען מאַרש אין וואַשינגטאָן, צום וויים־פּרעזידענט וואַלאַס, צו די פיהרער פון ביידע הייזער און צום ווייסען הויז.

„בעגריסענדיג די וויכטיגקייט פון דער רעזאָלוציע אין קאָנגרעס פאַר דער רעטונג פון דער שארית ישראל, האָט דאָס פּרעזידיום פון אגודת הרבנים, אין בעשטאַנד פון הרב ישראל ראָזענבערג, הרב אליעזר סילווער און הרב ב. לעווענטאַל, נעכטען טעלעגראַפירט צו די סענאַטאָרען, וועלכע אַרבעטען פאַר דער דורכפיהרונג פון דער רעזאָלוציע, בעגריסענדיג זיי פאַר זייער הומאַניטאַרען אַקט און זאָגענדיג זיי, אַז דאָס אידישע פאָלק וועט דאָס קיינמאָל נישט פערגעסען".

מיט אַ חודש שפּעטער, דעם 18־טען דעצעמבער, 1943 האָט די אגודת הרבנים יאָרט־עזעצט איהרע בעמיהונגען פאַר דער דורכזעצונג פון דער געהע־

3) „מאָרגען זשורנאַל" פון 18־טען נאָוועמבער, 1943.

ריגער רעטונגס־רעזאָלוציע, און דערביי האָט די אגודת הרבנים שאַרף געטאַדעלט די צושטערערישע אַקציע פון „געוויסע אידישע כוחות". צום בעסטען בעקומט זיך דאָס בילד פון דער דאַמאָלסדיגער אַקציע פון דעם פאָלגענדען בעריכט אין דער אידישער פרעסע:[4]

„די אגודת הרבנים האָט לעצטען פרייטאָג טעלעגראַפירט אַ דראַמאַטישען אַפּיל צו די מיטגלידער פון דער אויסערן־קאָמיטע פון דעם רעפּרעזענטאַנטען־הויז „צו שטיצען מיט זייער גאַנצער אויטאָריטעט די רעזאָלוציע פאַר שאַפען באַלד אַ קאָמיטע צו ראַטעווען די לעצטע אידען אין אייראָפּע".

„גלייכצייטיג האָט די אגודת הרבנים אַפּעלירט צו קאָנגרעסמאַן סאָל בלום, פאָרזיצער פון דער פאָרעין אַפעירס קאָמיטע, אַז ער זאָל זעהען „וואָס גיכער דורכצוזעצען די רעזאָלוציע (וואָס איז אַריינגעבראַכט געוואָרען פון וויל ראַדזשערס דזשוניאָר און קאָנגרעסמאַן דזשאָסעף באַלדווין), כדי די פּראַקטישע רעטונגס־אַרבעט זאָל גלייך ווערען אונטערגענומען".

„דער ראַבינאַט דערמאָנט קאָנגרעסמאַן בלום, אַז „יעדע מינוט איז טייער" און אַז די אגודת הרבנים וויל „בשום אופן נישט גלויבען די בעריכטען", אַז קאָנגרעסמאַן בלום האָט „צוריקגעהאַלטען פון דער האָוז אָוו רעפּרעזענטאַטיווס די רעזאָלוציע וועגען שאַפען אַ קאָמיסיע פאַר רעטונג פון דער שארית ישראל אין אייראָפּע".

„די אגודת הרבנים האָט געהאַנדעלט נאָכדעם ווי עס איז בעקאַנט געוואָרען, אַז קאָנגרעסמאַן ענדריו סאָמערס האָט לעצטען דאָנערשטאָג, אויפן פלאָר פון רעפּרעזענטאַנטען־הויז בעשולדיגט בלום׳ען אין צוריקהאַלטען די רעזאָלוציע. דער ראַבינאַט האָט ניט נאָר אַפּעלירט צו בלום׳ען און צו די אַנדערע מיטגלידער פון דער אויסערן־קאָמיסיע פון דער „האַוז" און פון דעם סענאַט, נאָר אויך געשיקט אַ דאַנק־טעלעגראַמע צו קאָנגרעסמאַן סאָמערס פאַר זיין מוטיגער אַרויסטרעטונג אויפן פלאָר פון דער „האַוז", פערטיידיגענדיג די רעזאָלוציע פאַר ־אַטעווען די אייראָפּעאישע אידען".

דעם 20־טען דעצעמבער, 1943 האָט די סענאַט־קאָמיסיע פאַר אויסלענ־דישע ענינים איינשטימיג אָנגענומען די פאָרגעשלאָגענע רעזאָלוציע וועגען אַ ספּעציעלער רעטונגס־אַקציע פאַרן אייראָפּעאישען אידענטום, און דערוועגען איז דערשינען פאָלגענדער ראַפּאָרט:[5]

„וואַשינגטאָן, דעצ. 20: די סענאַט־קאָמיסיע איבער אויסלענדישע פראַגען האָט היינט איינשטימיג אָנגענומען די דזשילעט־רעזאָלוציע אויפצופאָדערן פּרע־זידענט רוזוועלט צו שאַפען אַ קאָמיסיע פון דיפּלאָמאַטישע, עקאָנאָמישע און מי־

4) „מאָרגען זשורנאַל" פון 21־טען דעצעמבער, 1943.
5) „טאָג" פון 21־טען דעצעמבער, 1943.

ליטעראַרישע עקספּערטען צו ראַטעווען אידען אין אייראָפּע. — סענאַטאָר דזשילעט פון אייאָוואַ האָט מיט דער שטיצע פון 11 אַנדערע סענאַטאָרען אַריינגעבראַכט די רעזאָלוציע.

„די האַנדלונג פון דער סענאַט־קאָמיסיע אין אָננעמען איינשטימיג די דאָזיגע רעזאָלוציע, נישט געקוקט אויף דער קעגנערשאַפט פון אַ צאָהל אידישע פיהרער און אויך פון סטעיט־דעפּאַרטאַמענט, פערשטאַרקט די אויסזיכט, אַז די דאָזיגע רעזאָלוציע זאָל דורכגעהן אויך אויף אַן אָפענער זיצונג פון סענאַט. — אַן ענליכע רעזאָלוציע איז אויך אַריינגעבראַכט געוואָרען אין „הויז"־קאָמיטע דורך די קאָנגרעסלייט ראַדזשערס און באַלדווין, נאָר די „הויז"־קאָמיטע האָט אונטערן דרוק פון אָפּאָזיציע די רעזאָלוציע פערשיקט".

דעם 22־טען יאַנואַר, 1944 איז געוואָרען פערעפענטליכט די היסטאָרישע פּראָקלאַמאַציע פון פּרעזידענט פרענקלין ד. רוזוועלט (עקזעקוטיוו־אָרדער נומער 9417) וועגען דער „גרינדונג פון אַ קריגס־פּליטים־קאָמיטע, אָדער ווי ער האָט זיך אָפיציעל געראופען: „וואָר רעפיודזשי באָרד".

אין רוזוועלט'ס פּראָקלאַמאַציע איז געוואָרען בפירוש פאָרמולירט דאָס אַרבעטס־פּראָגראַם פון דעם ניי־געשאַפענעם קאָמיטעט ביים הויפּט־אָפיס פון פּרעזידענט. אַזוי האָט געלויטעט דאָס פּראָגראַם:

א) די רעטונג, טראַנספּאָרט, אויסהאַלטונג און הילף פאַר די קרבנות פון דעם שונא'ס אונטערדריקונג.

ב) די שאַפונג פון שוץ־ערטער פאַר דער צייטווייליגער אַנטערינונג פון אַזעלכע קרבנות.

דורך רוזוועלט'ס דעקרעט זענען אין דער הויפּט־לייטונג פון פּליטים־רעטונגס־קאָמיטעט געוואָרען בעשטימט: דער אויסערן־מיניסטער, דער פינאַנץ־מיניסטער און דער קריגס־מיניסטער; דערביי איז געוואָרען קלאָר אונטערגע־שטראָכען אין דער פּראָקלאַמאַציע, אַז דער נייער קאָמיטעט איז דירעקט פער־אַנטוואָרטליך צום פּרעזידענט פון די פעראייניגטע שטאַטען.

דעם 26־טען יאַנואַר, 1944 איז אין דער פּרעסע דערשינען אַן ערקלערונג פון דעם „עמוירדזשענסי־קאָמיטעט פאַר דער רעטונג פון אייראָפּעאישע אידען", און אין דער דאָזיגער ערקלערונג איז געוואָרען פעסטגעשטעלט, צווישען אַנדערען: [6]

„פּונקט 4 וואָכען, נאָך דעם ווי די אויסערן־קאָמיטע פון דעם אַמעריקאַנער סענאַט האָט איינשטימיג אָנגענומען די רעזאָלוציע, וועלכע איז געספּאָנסערט געוואָרען דורך דעם עמוירדזשענסי־קאָמיטעט, וואָס פערלאַנגט די שאַפונג פון אַ ספּעציעלער רעגירונגס־קאָמיסיע פון דיפּלאָמאַטישע, מיליטערישע און עקאָ־

---

6) „טאָג" פון 26־טען יאַנואַר, 1944.

נאָמישע עקספערטען צו ראַטעווען די אידען אין איראָפּע — האָט פּרעזידענט רוזוועלט אָנגענומען די רעקאָמענדאַציע פון דער סענאַט־קאָמיטע און האָט געשאַפן אַזאַ קאָמיסיע. — דאָס בעשטימען פון דעם אויסערן־מיניסטער האַל, פינאַנץ־מיניסטער מאָרגענטוי און קריגס־מיניסטער סטימסאָן אין „וואָר רעפּ־יודזשי באָרד" איז אין פולען איינקלאַנג מיט דעם אינהאַלט פון דער דזשילעט־טאַפט־באַלדווין־ראָדזשערס רעזאָלוציע, וועלכע פאָדערט פון פּרעזידענט „צו שאַפען אַ קאָמיסיע פון דיפּלאָמאַטישע, עקאָנאָמישע און מיליטערישע עקספּערטען אויסצואַרבעטען און אויסצופיהרען אַ פּלאַן פון באַלדיגער אַקציע מיטן ציעל צו ראַטעווען פון אויסראָטונג דורך די נאַציס דעם שארית הפליטה פון אידען אין איראָפּע".

דערמיט איז אָבער די טראַגיש־פּיינליכע שפּיל פון דער אידישער קעג־נערשאַפט צו דער רעטונגס־רעזאָלוציע נאָך נישט אינגאַנצען אויפגעקלערט. איינציגע טעג פאַר דער פּובליקאַציע פון פּרעזידענט רוזוועלט'ס דעצידירענדע שריט פאַר דער רעטונג פון איראָפּעאישע אידען איז אין דער אידישער פּרעסע דורכגעלאָפען אַ העכסט־סענסאַציאָנעלע ידיעה פון אַזאַ אינהאַלט:[7]

„דער בית־דין פון אגודת הרבנים האָט נעכטען אויף דער בקשה פון פּיטער ה. בערגסאָן, הויפּט פון דער ארץ־ישראל דעלעגאַציע, אויפגעפאָדערט ראַבאַי סטיפען ס. ווייז צו ערשיינען פאַרן בית־דין אויף דער בעשולדיגונג, אַז ד"ר סטיפען ס. ווייז זאָל פערזענליך און אַלס פאָרזיצער פון דער אַמעריקאַנער אידישער קאָנפערענץ פיהרען אַ קאַמפּעין קעגען דער אַרבעט פון עמוירדזשענסי־קאָמיטעט צו ראַטעווען די אידען אין איראָפּע. — מר. בערגסאָן האָט אין זיין אייגענעם נאָמען און אין נאָמען פון פרייען ארץ־ישראל־קאָמיטעט נאָך מיט אַ וואָך צוריק אָנגעקלאָגט ד"ר וויז'ן פאַרן בית־דין. ער האָט בעגלייט זיין אָנקלאַגע מיט שטאַרקע בעשולדיגונגס־דאָקומענטען. כאָטש מר. בערגסאָן האָט געקענט אָנקלאָגען ד"ר וויז'ן פאַר אַן אַמעריקאַנער געריכט האָט ער עס ניט געטאָן, כדי אויסצומיידען אַ חילול־השם".

באַלד דערויף איז צומאָרגענס געקומען פאָלגענדער אָפיציעלער קאָמוני־קאַט פון דער אגודת הרבנים אין אַמעריקע:[8]

„אין צוזאַמענהאַנג דערמיט, וואָס די אגודת הרבנים האָט, אויף דער קלאַגע פון דער „עמוירדזשענסי־קאָמיטע צו ראַטעווען די אידען אין איראָפּע", איינ־געלאַדען ד"ר סטיפען ווייז צו אַ בית־דין זענען דערשינען אין צייטונגען פער־פיהרערישע ידיעות וועגען דעם כאַראַקטער פון אגודת הרבנים און עס זענען

7) „מאָרגען זשורנאַל" פון 20־טען יאַנואַר, 1944.
8) „מאָרגען זשורנאַל" פון 21־טען יאַנואַר, 1944.

פערשפרייט געוואָרען אָנצוהערענישען וועגען דעם, אַז די אגודת הרבנים איז אַ שותף צו געוויסע פאַרטייען, דערקלערט די אגודת הרבנים:

1) „אגודת הרבנים האָט קיינמאָל ניט געהאַט צו טאָן און האָט ווייטער ניט קיין שייכות מיט קיין פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע, אָדער פּאַרטיי.

2) „אגודת הרבנים שטיצט יעדע איניציאַטיוו, פון וועלכער ריכטונג זי זאָל ניט קומען, אויב זי געפינט, אַז זי ענטשפּרעכט די אינטערעסען פון כלל ישראל, און ספּעציעל ווען עס האַנדעלט זיך וועגען הצלת ישראל.

3) „אַרויסגעהענדיג פון דעם דאָזיגען שטאַנדפּונקט האָט אגודת הרבנים, כדי צו פערמיידען אַ חילול השם אין דער איצטיגער עת צרה ליעקב — נאָכדעם ווי זי האָט זיך בעקענט מיט די דאָקומענטען און טענות פון דעם עמוירדזשענסי־קאָמיטעט — אָנגענומען די פּאָדערונג פון דעם עמוירדזשענסי־קאָמיטעט איינ־צולאַדען ד״ר סטיפען וויז צו דערשיינען פאַר אַ בית־דין. די איינלאַדונג צו ד״ר וויז איז געשריבען אין אַ העפליכען טאָן.

4) „די אגודת הרבנים האַלט ווייטער, אַז עס איז אין העכסטען אינטערעס און פאַרן כבוד פון אַמעריקאַנער אידענטום, אַז דער ענין זאָל בלייבען צווישען אידען און זאָל דערלעדיגט ווערען דורך אַן אומפּאַרטייאישען בית־דין״.

(אונטערגעשריבען)

**אגודת הרבנים דארצות הברית וקנדה,**
הרב יהודה ליב זעלצער, מנהל

אַזוי ווייט די מעלדונג פון דער אגודת הרבנים. — דערווייל איז פון דער דאָזיגער פּאָלעמיק געוואָרען אויפגעקלערט דער גאַנצער הינטערגרונד פון דער געשיכטע. אויפגעקלערט זענען געוואָרעןביידע פראַגען: א) סיי וועגען דער פערזאָן פון דעם בעקאַנטען ראַביי, וואָס אין זיינע הענד האָבען זיך געזאָלט געפונען אַלע שליסלען צום ווייסען־הויז; און ב) דער עיקר איז געוואָרען אַב־סאָלוט קלאָר דער אויסגאַנג פון דער גרויסצוגיגער פּאָליטישער אַקציע, אין וועלכער די אגודת הרבנים האָט געשפּילט אַ גאָר בעדייטענדע ראָל און וואָס דער פּראַקטישער רעזולטאַט איהרער איז דאָך געווען די סאַמע וויכטיגסטע דערגריי־כונג אויפן געביט פון הצלה — די שאַפונג פון „וואָר רעפיודזשי באָרד״.

קאַפּיטעל 13

# די צוזאַמענאַרבעט פון „ועד הצלה" מיט'ן „וואָר רעפיודזשי באָרד"

דער כח פון אידישער מסירת־הנפש. — קאָנטאַקט מיט די פער־טרויליכע שליחים פון „ועד הצלה" אין די נייטראַלע לענדער ווי אויך אין די נאַציש־בעהערשטע געביטען. — רעטונגס־פּלענער פון „ועד הצלה" וואָס זענען געוואָרען בעשטעטיגט אין וואַשינגטאָן. — די פיינליכע פּערנאַכלעסיגונגען פונם „אינטערנאַציאָנאַלען רויטען קרייץ". — וויכטיגע רעטונגס־אַקציעס וואָס זענען ליידער געקומען צו־שפּעט.

אין דעם שלוס־ראַפּאָרט פון פּרעזידענט רוזוועלט'ס „וואָר רעפיודזשי באָרד", וואָס איז דערשינען קורץ נאָך דער מלחמה, דעם 15־טען סעפּטעמבער, 1945, ווערט אונטערגעשטראָכען די ענגע צוזאַמענאַרבעט פון דער דאָזיגער אָפיציעל־מלוכה־שער רעטונגס־אַגענטור פאַר פּליטים מיט דעם „ועד הצלה", וועלכער איז געוואָרען געשאַפען אויף דער איניציאַטיוו פון דער אגודת הרבנים אין אַמעריקע [1]). דערביי איז בעמערקונגסווערט, אַז דער „ועד הצלה" ווערט אין אָפיציעלען ראַפּאָרט אַוועקגעשטעלט אין דער פאָדערשטער רייע פון די רעטונגס־אָרגאַניזאַציעס; דער ראַפּאָרט צעהלט נעמליך אויס גאַנצע 17 אידישע און נישט־אידישע אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס, מיט וועמען דער „וואָר רעפיודזשי באָרד" איז געווען אין קאָנטאַקט, און אין דער דאָזיגער רשימה איז דער „ועד הצלה" אַוועקגעשטעלט פּראָמינענט אויפן צווייטען פּלאַץ.

וועגען דעם פולען פּערנעם פון דער דאָזיגער צוזאַמענאַרבעט און גאַנץ בעזונדערס וועגען דער שעפערישער איניציאַטיוו און מאָראַליש־דערמוטיגענדען איינפלוס, וואָס דער „ועד הצלה" האָט אַריינגעטראָגען אין דער דאָזיגער היסטאָריש־וויכטיגער צוזאַמענאַרבעט — וועגען דעם אַלעם וואָלטען צום סאַמע געניסטען געקענט עדות זאָגען די געהיימע אַרכיוועון פון דעם „וואָר רעפיודזשי באָרד", וואָס זענען רעגיסטרירט אין אַ ספּעציעלער פּאָזיציע אין די קאַטאַלאָגען פון די „נאַציאָנאַלע אַרכיוועו" אין וואַשינגטאָן. [2])

---

1) לויט'ן אָפיציעלען ראַפּאָרט, ז' 12.
2) לויט דעם ספּעציעלען ביולעטין פון וואַשינגטאָן.

צוליב דעם אָבער, וואָס דער „באָרד״ האָט אַלס מלוכה׳שע אויספיהר־אינסטאַנץ פון גאָר הויכען ראַנג געפיהרט זיין גאַנצע טעטיגקייט אין דער שטרענגסטער געהיימניש — און מען טאָר נישט פערגעסען, אַז דאָס איז געווען אין מלחמה־צייט און פיעל פון די אונטערגענומענע אַקציעס, זענען באַלד אין תחילת געווען בעטראַכט ווי מלחמה־סודות! — איז זיך נישט צו חידוש׳ן, וואָס די אַרכיוועו פון „באָרד״ ווערען ביז היינטיגען טאָג געהאַלטען שטרענג בסוד, און קיינער האָט נישט צו זיי קיין צוטריט, אויסער ביי אַ ספעציעלער ערלויבעניש פון סטעיט־דעפּאַרטאַמענט; דערצו פאָדערט זיך נאָך אַ בעזונדערע ערלויבעניש אויף צו פערעפענטליכען עפּעס־וואָס פון די אָפיציעל־אָפּגעשטעמפּעלטע אַמעריקאַנער מלוכה־געהיימנישען.

דאָס בילד פון דער אַרבעט פון „ועד הצלה״ אין דאָזיגען ענטשיידענדען פעריאָד פון די גרויסצוגיגע רעטונגס־אַקציעס וועט דעריבער נישט זיין פול, די פאַרגעשטעלטע ביישפּילען וועלען אָבער זיין גענוג אויף צו געבען אַ בעגריף וועגען דעם אומפאַנג און כאַראַקטער פון דער געמיינזאַמער רעטונגס־אַרבעט. די פאַר־געשטעלטע פאַקטען שטיצען זיך אויף די פאַרהאַנענע און צוגענגליכע אָפיציעלע דאָקומענטען.

אויב אָבער עמיצער זאָל זיך וואונדערן, הלמאי דווקא דער „ועד הצלה״ פון די רבנישע און רעליגיעז־געזעלשאַפטליכע אידישע קרייזען האָט גענאָסען פון אַ ספעציעלער אָנערקענונג און איז דורך דעם געווען בכח אויסצואיבען אַ פּאָזי־טיוועו איינפלוס אויף דעם אָפיציעל־מלוכה׳שען פליטים־קאָמיטעט — וועט זיין כדאי דאָ צו דערמאָנען די מאָסגעבענדע ערקלערונג פון איינעם פון די סאַמע העכסטע פיהרער פון „וואָר רעפיודזשי באָרד״:[3]

„פיעל אָנגעזעהענע בעאַמטע אין וואַשינגטאָן און בעזונדערס איך אַליין, זענען געווען בעאיינדרוקט פון אייער מסירת־נפש אין דער רעטונגס־אַרבעט״ — אַזוי האָט אין איינעם פון זיינע בריף צום „ועד הצלה״ פעסטגעשטעלט מר. הענרי מאָרגענטוי, דער דאַמאָלסדיגער פינאַנץ־מיניסטער און איינער פון די דריי, וועלכע זענען דורך פרעזידענט רוזוועלט געוואָרען נאָמינירט אין דער הויפּט־לייטונג פון „באָרד״.

קורץ און שאַרף: דאָס איז געווען דער כח פון אידישער מסירת נפש!

און איצט אַ צאָהל פאַקטען אַלס אילוסטראַציע פאַר דער ענגער צוזאַמען־אַרבעט פון „ועד הצלה״ מיט דער מאָסגעבענדער רעטונגס־אינסטאַנץ אין וואַשינגטאָן.

---

3) לויט׳ן „מאָרגען זשורנאַל״, דעצעמבער, 1945.

### 1) די פֿערבינדונגען מיט די פֿערטרעטער פֿון „ועד הצלה" אין נייטראַלע ווי אויך נאַציש־אָקופּירטע לענדער.

דער ערשטער געביט פֿון צוזאַמענאַרבעט איז געווען — די טעכנישע פֿערבינדונג און די אינפֿאָרמאַציע־דינסט פֿון די ספּעציעלע פֿערטרעטער פֿון „ועד הצלה" אין די נייטראַלע לענדער ווי אויך אויף יענער זייט מלחמה־באַריקאַדע, דאָס מיינט די נאַציש־בעהערשטע מדינות.

אין רוזוועלט'ס פֿעראָרדנונג פֿון 23־טען יאַנואַר, 1944 וועגען דער גרינדונג פֿון „וואָר רעפֿיודזשי באָרד" זענען באַלד פֿון פֿאָרויס געוואָרען פֿעסט־געזעצט די צוויי וויכטיגע פּרינציפּען: ערשטענס — אַז די ניי־געשאַפֿענע אַגענטור נוצט־אויס לטובת איהר אַרבעט אַלע מלוכה'שע אַמטען און אינסטאַנצען ווי צוגלייך אַלע אויסלענדישע פֿערטרעטונגען און פֿערבינדונגען; צווייטענס — אַז די נייע רעטונגס־אַגענץ דאַרף אָננעמען און אויסנוצען די לייסטונגען און מיטאַרבעט פֿון פּריוואַטע אָרגאַניזאַציעס און אויך פּריוואַט־פּערזאָנען.

און דער „ועד הצלה" האָט פֿון ערשטען מאָמענט זינט דער גרינדונג פֿון „באָרד" געזוכט אויסצונוצען ווי געהעריג ביידע דאָזיגע שאַנסען — דעם שאַנס, וואָס דער „באָרד" האָט געהאַט צו זיין דיספּאָזיציע אַלע אַמעריקאַנער־מלוכה'שע פֿערבינדונגען און דאָס אָהן יעדער קאָנטראָל פֿון דער מיליטערישער צענזור; און דעם אַנדערען שאַנס, וואָס זיינע דאָזיגע העכסט־וויכטיגע פֿערבינדונגען איז דער „באָרד" געווען גרייט צו שטעלען צום דינסט פֿון דער רעטונגס־אַרבעט פֿון די נישט־מלוכה'שע אָרגאַניזאַציעס. דער וויכטיגסטער רעזולטאַט אין דער דאָזיגער ריכטונג איז געווען וואָס אַ דאַנק דער פֿערמיטלונג פֿון „באָרד" איז געוואָרען פֿערלייכטערט און אויך פֿערשנעלערט דער קאָנטאַקט פֿון דער צענט־ראַלע פֿון „ועד הצלה" אין ניו־יאָרק מיט די צאָהלרייכע פֿערטרעטער און אַגענטען אין אויסלאַנד.

אין אַרכיוו פֿון „ועד הצלה" זענען אויפֿגעהיטען פֿיעל צענדליגער גע־היימע ראַפּאָרטען און מעלדונגען, וואָס זענען אויף דער רעקאָמענדאַציע פֿון „וואָר רעפֿיודזשי באָרד" געוואָרען איבערגעשיקט דורך די אַמעריקאַנישע דיפּ־לאָמאַטישע פֿערטרעטונגען. די הויפּט־פּונקטען פֿאַר דעם פּאָליטיש־אינפֿאָר־מאַטיווען און פֿינאַנציעל־אָרגאַניזאַטאָרישען רעטונגס־ווערק זענען צו יענער צייט געווען די נייטראַלע לענדער: שווייץ, שוועדען און טערקיי. די וויכטיגסטע פֿערבינדונגען פֿון „ועד הצלה" מיט זיינע אויסלענדישע אַגענטורען זענען טאַקע געגאַנגען איבער די אַמעריקאַנער געזאַנדשאַפֿטען אין בערן (שווייץ), שטאָקהאָלם (שוועדען), ווי אויך דעם גענעראַל־קאָנסולאַט אין סטאַמבול און דער געזאַנד־שאַפֿט אין אַנקאָראַ (טערקיי).

די פערטרויאונגס־מענער פון „ועד הצלה״ אין די דאָזיגע לענדער, וואָס זייערע נעמען פיגורירען זעהר אָפט אין די פערטרויליכע ראַפּאָרטען פון „וואָר רעפיודזשי באָרד״ זענען געווען:

אין דער שווייץ — מר. יצחק שטערנבוך ווי אויך מר. פינעס, מר. ראָזענבוים און מר. רובינפעלד.

אין שוועדען — הרב וו. וואָלבע.

אין טערקיי — מר. יעקב גריפּעל, מר. קאַסטנער ווי אויך מר. יוסף קלאַרמאַן (דערביי דאַרף מען צוגעבען, אַז דער ערשטער און דריטער זענען דאָרט גלייכצייטיג געווען טעטיג אין נאָמען פון „ועד הצלה״ ביי דער „סוכנות היהודית״ [„דזשואיש אײדזשענסי״] אין ירושלים).

אין איינעם פון די איבערגעוויזענע ראַפּאָרטען פון דער שווייץ, וואָס טראָגט די דאַטע פון 9־טען אָקטאָבער, 1944 און איז דורך דעם „באָרד״ געוואָרען פערזעהען מיט דער בעצייכנונג „שטרענג פערטרויליך״, ווערען אָנגעגעבען די פאָלגענדע נעמען פון די פערבינדונגס־מענער פון „ועד הצלה״ אין די נאַציש־אָקופּירטע לענדער:

אין סלאָוואַקיי — הרב שמואל דוב אונגאַר, הרב מיכאל דוב ווייסמאַנדעל און בערטאָלד דאָנענבוים.

אין אונגאַרן — יוליוס לינק, פיליפּ פּרוידינגער (וואָס זיי ביידע זענען דערנאָך אַנטלאָפען קיין רומעניען), ווי אויך טשאַרלס ראָט, ש. ב. פרעי און ד״ר ריינער.

עס איז ווערט צו בעטאָנען, אַז דער „וואָר רעפיודזשי באָרד״ האָט אָנ־געהאַלטען אַן ענגען קאָנטאַקט מיט די פערטרעטער פון „ועד הצלה״ אין די נייטראַלע לענדער אויך צום גונסטען פון זיין אייגענער רעטונגס־אַרבעט: זיי, די שליחים פון „ועד הצלה״ האָבען זעהר אָפט געליפערט העכסט־אויטענטישע אינפאָרמאַציעס איבער דער אידישער לאַגע אויף יענער זייט פון מלחמה־פראָנט און דערצו האָבען די זעלבע שליחים פון „ועד הצלה״ געהאָלפען אויסאַרבעטען און פאָרמולירען די סאַמע ווירקזאַמסטע רעטונגס־פּלענער פון דעם „וואָר רעפ־יודזשי באָרד״. אין איינעם פון די ראַפּאָרטען פון „באָרד״ צום „ועד הצלה״ ווערט קלאָר אַרויסגעברענגט די ענגע צוזאַמענאַרבעט פון דעם פערטרעטער פון „באָרד״ אין דער שווייץ, מר. מעק־קלעלענד, מיט דער אָפיציעלער דאָרטיגער פאָרשטעהערשאַפט פון „ועד הצלה״. אין אַן עקסטראַ־מעלדונג אין נאָמען פון אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר אין טערקיי, שטיינהאַרט, ווערט ווידער אונטער־געשטראָכען דער גאָר ענגער קאָנטאַקט זיינער מיט די דאָרטיגע פערטרויאונגס־מענער פון „ועד הצלה״.

איבריגענס, האָט דער „וואָר רעפיודזשי באָרד״ אַליין אונטערגעשטראָכען

די גרויסע הילף, וואָס ער האָט געגאָסען פון די נישט־מלוכה׳שע („פּריוואַטע״) אָרגאַניזאַציעס פאַר דער רעטונגס־אַרבעט:[4]

„דאָס איז געווען איינע פון די סאַמע וויכטיגסטע פונקציעס פון דעם „וואָר רעפיודזשי באָרד״ צו דערמעגליכען די דאָזיגע פּריוואַטע אַגענטורען אויסצונוצען אין דער פולער מאָס זייערע קוועלען פאַר רעטונג און הילפס־אַרבעט. זיי האָבען געהאַט אַן ענטשפּרעכענדען פּערסאָנאַל אין די נייטראַלע לענדער, אַ באַזירטען קאָנטאַקט מיט דעם „אונטערגרונד״ און ווידערשטאַנדס־טעטיגע העלפער אין דעם שונא׳ס געביטען, און דערצו אַ טיפען אינטערעס פאַר דעם רעטונגס־פּראָבלעם און שנעל־צוגענגליכע פאָנדען. — דער „באָרד״ האָט געבעטען די אַלע פּעראינטערעסירטע פּריוואַטע אָרגאַניזאַציעס איבערצו־ליפערן פּלענער און אָנרעגונגען און צו העלפען מיט עצות פאַר דעם סטעף פון „באָרד״ וואָס שייך דער ענטוויקלונג פון די אַרבעטס־פּלענער און פּראָגראַמען״.

די צאָהלרייכע קאָרעספּאָנדענץ פון „באָרד״ מיט דעם „ועד הצלה״ איז טאַקע דער בעסטער בעוויז פאַר דער איבערגעבענקייט און אויך לייסטונגס־פעהיגקייט פון די פּערטרעטער פון „ועד הצלה״ אַזוי אין די נייטראַלע לענדער ווי אין די פיינדליכע געביטען. די דאָזיגע קאָרעספּאָנדענץ נעמט אַרום פיעל פון די סאַמע דרינגענדסטע הצלה־פּראָבלעמען פון יענעם פּעריאָד, און וועגען דעם וועט נאָך אויסקומען אויספיהרליך צו דערצעהלען.

צו די ערשטע דערפאָלגרייכע רעזולטאַטען פון דער צוזאַמענאַרבעט, דאַרף ווערען פערצייכענט דער לעגאַליזירטער קאָנטאַקט פון „ועד הצלה״ מיט די אינטערנירטע אידישע פּליטים אין דעם יאַפּאַניש־אָקופּירטען פּאָרט, שאַנכאַי. אַ דאַנק דעם „באָרד״ איז געוואָרען איינגעשטעלט אַ סטאַבילער קאָנטאַקט מיט שאַנכאַי דורך דער פּערמיטלונג פון דעם פּערטרעטער פון „ועד הצלה״ אין שטאָקהאָלם. אַ דאַנק דעם „באָרד״ איז אויך בעדייטענד פּערלייכטערט געוואָרען די סיסטעמאַטישע ליפערונגען פון געלד־פאָנדען פאַר די הונגער־פּערפּייניגטע רבנים און בני־תורה אין שאַנכאַי. אָט זענען איינינע אויסצוגען פון דער אָפיציע־לער קאָרעספּאָנדענץ דורך דער פּערמיטלונג פון „וואָר רעפיודזשי באָרד״.

דעם 3־טען מערץ, 1944 האָט דער פינאַנץ־מיניסטער ערלויבט אַלס פּועל־יוצא פון דער אינטערווענץ פון „באָרד״, איבערצושיקען אַ קעיבעל פון „ועד הצלה״, וואָס איז געווען בעשטימט פאַר הרב חיים שמולעוויטש, לויט זיין געוויעם אַדרעס, 21 בעיקאַל ראוד, אין שאַנכאַי; דעם 27־טען אַפּריל האָט דער „באָרד״ טראַנספּערירט אַ מעלדונג פון הרב וואָלבע אין שטאָקהאָלם, אַז ער האָלט אַן אַ רעגולערע פּערבינדונג מיט שאַנכאַי; דעם 29־טען אויגוסט האָט ווידער הרב וואָלבע געמאָלדען פון שטאָקהאָלם, אַז די סומע פון 214,239

4) לויט׳ן אָפיציעלען ראַפּאָרט, ז׳ 11.

שווייצער־פראַנק איז געוואָרען דערהאַלטען דורך הרב שמולעוויטש אין שאַנכאַי.

**2) די רעטונגס־אַקציע דורך די דרום־אַמעריקאַנער „שוץ־פּאַספּאָרטען״.**

זעהר אַן אינטערעסאַנטער שאַנס פאַר אַ בשותפות־דיגער רעטונגס־אַקציע פון „ועד הצלה״ מיט דער „וואָר רעפיודזשי באָרד״ איז געוואָרען געעפענט אַרום די אַזוי־גערופענע „שוץ־פּאַספּאָרטען״ פון פערשידענע דרום־אַמעריקאַנער לענדער לטובת די אינטערנירטע טויט־פעראורטיילטע אידען.

דעם אמת געזאָגט, איז דער „ועד הצלה״ געווען די איינציגע רעטונגס־אָרגאַניזאַציע וואָס האָט געזוכט אויסצונוצען דעם דאָזיגען שאַנס פאַר רעטונג אין אַ ברייטערע מאָס. ליידער מוז מיט בעדויערן ווערען פעסטגעשטעלט, אַז טראָץ דעם וואָס פרעזידענט רוזוועלט׳ס „באָרד״ האָט אויפן דאָזיגען געביט געליפערט זיין פולע אויטאָריטאַטיווע דעקונג און דערביי אויך אויסגענוצט געוויסע אויסערן פּאָליטישע איינפלוסען פון די פעראייניגטע שטאַטען — איז אָבער די דאָזיגע הילף געקומען צו־שפּעט און דערפאַר האָט דאָס דאָזיגע רעטונגס־מיטעל נישט געבראַכט די דערוואַרטעטע רעזולטאַטען.

אין דעם אָפיציעלען בעריכט פון „באָרד״ ווערט די דאָזיגע פראַגע אונטערגעשטראָכען מיט נאָכדרוק: [5])

„איינע פון די מעהרסט־ערפאָלגרייכע מיטלען צו ראַטעווען די יעניגע קרבנות פון דעם שונא׳ס פערפאָלגונגען, וואָס האָבען נישט געקענט אַנטלויפען, איז געווען דער סיסטעם צו בעשיצען אידען אין די פיינדליכע טעריטאָריעס דורך פאַרשטעלען בירגערשאַפט פון די לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער. — די אידען אין היטלער־אייראָפּע, זענען געוואָרען בערויבט פון זייער בירגער־רעכט אין די אייראָפּעאישע מלוכות און אין די אויגען פון די דייטשען זענען זיי געוואָרען בעטראַכט אַלס „שטאַטסלאָזע״. מאַנכע פון די דאָזיגע „שטאַטסלאָזע״ אידען אין די נאַצישע הענד איז געלונגען צו בעקומען אידענטיטעטס־פּאַפּירען אָדער פּאַספּאָרטען צו עמיגרירען אין פערשידענע דרום־אַמעריקאַנער לענדער. אין מעהרסטע פאַלען זענען די דאָזיגע דאָקומענטען געווען פון אַ צווייפעלהאַפטער גילטיגקייט און זענען נישט געוואָרען אָנערקענט דורך די בעטרעפענדע רע־גירונגען. דער „באָרד״ האָט דעריבער זיך בעמיהט צו בעקומען אַזאַ סאָרט אָנערקענונג און אַלס פועל־יוצא דערפון צו צווינגען די דייטשען צו געבען שוץ צו די אידען, וועלכע בעזיצען אַזעלכע דאָקומענטען״.

די גאַנצע סענסאַציאָנעלע געשיכטע פון די דרום־אַמעריקאַנער פּאַספּאָרטען

---

5) לויט׳ן אָפיציעלען בעריכט פון וואַשינגטאָן, ז׳ 33.

און די ספעציפישע ראָל פון „ועד הצלה" אין דער גאַנצער אַקציע, איז געוואָרען צום ערשטען מאָל אַרויסגעהויבען אויף דער ייוו"א־קאָנפערענץ אין ניו־יאָרק, דעם 15־טען יאַנואַר, 1949, אין דעם רעפעראַט פון ד"ר יצחק לעווין וועגען די „אונטערערדישע פערזוכען צו ראַטעווען אידען בעת'ן חורבן":[6]

— ווי אַזוי איז געגאַנגען די רעטונג מיט די דרום־אַמעריקאַנער פּאַס־פּאָרטען? — האָט געפרעגט דער רעפערענט און דערויף געענטפערט — אָנ־געפאַנגען האָט זיך די מעשה נאָך אין סאָוויעט־רוסלאַנד. ווען די סאָוויעטישע אַרמייען האָבען סעפּטעמבער, 1939, פערנומען דעם מזרח'דיגען טייל פון פּוילען און עס איז געוואָרען שווער פאַר געוויסע מענשען צו בעקומען אַן אויסרייזע־בעוויליגונג, האָבען זייערע פריינד אָדער קרובים אין אַמעריקע און אַנדערע לענדער, זיי געשיקט פּאַספּאָרטען פון דרום־אַמעריקאַנער לענדער, כדי זיי זאָלען אויף דעם סמך קענען אַרויספאָהרען. די דאָזיגע פּאַספּאָרטען זענען נישט געווען קיין געפעלשטע דאָקומענטען; עס האָט זיי אַרויסגעגעבען אַן אויטאָריזירטער קאָנסול, אָבער נאַטירליך אָהן אַ רעכטליכען יסוד. אָבער אַזאַ דאָקומענט האָט געקענט אָפּגעפרעגט ווערען נאָר דורך דער העכערער מאַכט פון בעטרעפענדען לאַנד גופא. לגבי אַנדערע מלוכות איז ער געווען פול־ווערטיג.

— ווען די נאַציס זענען בעפאַלען דעם סאָוויעטען־פערבאַנד, יוני, 1941, האָבען זיי אין די בעזעצטע געביטען פון פּוילען און ליטע אָנגעטראָפען אויף אַ געוויסע צאָהל מענשען וואָס האָבען ביי זיך געהאַט אַזעלכע דרום־אַמעריקאַנער פּאַספּאָרטען. די דאָקומענטען זענען על־פּי־רוב געוואָרען לכתחילה רעספּעקטירט. די בעזיצער האָבען נישט געמוזט טראָגען דעם „יודען־צייכען" און געקענט וואוינען מחוץ פון די געטאָס. ווען ידיעות דערוועגען זענען אָנגעקומען אין שווייץ, האָט מען פון דאָרט אָנגעפאַנגען שיקען נייע דאָקומענטען פון דעם מין, בעיקר אויסגעשטעלט פון קאָנסול פון פּאַראַגווייִ אין בערן, שפּעטער אויך פון אַנדערע לענדער ווי סאַלוואַדאָר, א. א. וו. דער דאָקומענט איז בעשטאַנען פון אַ פאָרמעלען פּאַספּאָרט, צו וועלכען עס איז געווען צוגעלעגט אַ בריף מיט בערך אַזאַ אינהאַלט: „איך האָב דעם כבוד אייך מיטצוטיילען, אַז אויפ'ן יסוד פון די בעמיהונגען פון אייערע קרובים, האָט איהר, אייער פרוי און אייערע קינדער בעקומען אָנערקענט די בירגערשאַפט פון פּאַראַגווייִ. — בייגעלייגט בעקומט איהר דעם פּאַספּאָרט פאַר דער משפחה, וואָס איז גילטיג ביז'ן יאָהר 1945. אַזוי ווי מיר האָבען נישט געהאַט אייערע פאָטאָגראַפיעס, ווערט איהר געבעטען צו לאָזען אַריינקלעבען זיי שפּעטער ביי אַ נאָטאַר און דאָס לאָזען דורך איהם בעשטעטיגען"; (אונטערגעשריבען) דער קאָנסול פון פּאַראַגווייִ אין בערן".

— דער דאָזיגער בייגעלעגטער בריף האָט פאַר זיך אַליין געהאַט אַ

---

6) „נאָכ'ן חורבן", ז' 163.

בעדייטונג, ווייל די געסטאַפּאָ האָט קודם־כל אויפגעהאַלטען די דעפּאָרטאַציע פון מענשען, וועלכע האָבען געוויזען אַזעלכע בריף. עס האָבען אָנגעהויבען כסדר צו קומען אין שווייץ אַלאַרם־רופען פון פוילען און אַנדערע נאַצי־אָקופּירטע לענדער, וועגען צושטעלען דרום־אַמעריקאַנער פּאַספּאָרטען, אָדער לכל־הפּחות, בריף פון אַ דרום־אַמעריקאַנער קאָנסולאַט מיטן אינהאַלט, אַז די בירגערשאַפט איז געוואָרען אָנערקענט פאַר דער בעטרעפענדער משפחה און דער אָריגינעלער פּאַספּאָרט וועט איהר ווערען אויסגעשטעלט שפּעטער... הונדערטער משפחות אין פוילען, בעלגיע, האָלאַנד, האָבען אין אָנפאַנג 1943 שוין געהאַט דרום־אַמעריקאַנער פּאַספּאָרטען אָדער בריף פון די קאָנסולאַטען אין זייערע הענד. די געסטאַפּאָ האָט די בעזיצער פון די דאָקומענטען אינטערנירט און, נאָך אַ צייט, אַוועקגעשיקט אין בעזונדערע לאַגערן, ווי למשל, אין וויטעל (פראַנקרייך), אין טיטמאָניג (בייערן) און בערגען־בעלזען.

— צייטווייליג זענען די מענשען געווען געראַטעוועט. אָבער, ליידער, נאָר צייטווייליג, ווייל נאָך אַן אויפהאַלט פון העכער אַ יאָהר אין די לאַגערן האָט די געסטאַפּאָ כמעט אַלע בעזיצער פון די דרום־אַמעריקאַנער דאָקומענטען אַוועק־געשיקט קיין אוישוויץ. עס האָבען נישט געהאָלפען די שטאַרקסטע אינטערווענצען פון אַמעריקאַנער סטעיט־דעפּאַרטאַמענט ביי די רעגירונגען פון פּאַראַגוויי, טשילי, האָנדוראַס, ניקאַראַגואַ, קאָסטאַריקאַ, סאַלוואַדאָר א. א., זיי זאָלען לגבי דייטשלאַנד אָנערקענען די פּאַספּאָרטען אַלס פולשטענדיג עכטע. הגם די בעטרעפענדע רעגירונגען האָבען דאָס געטאָן איז עס אָבער געקומען צו־שפּעט. דער שפּאַנישער אַמבאַסאַדאָר אין בערלין, וואָס האָט פערטראָטען די אינטערעסען פון רוב פון די דערמאָנטע לענדער אין דייטשלאַנד, האָט לכתחילה געהאַט דערקלערט, אַז די פּאַספּאָרטען זענען געפעלשטע און הגם ער האָט שפּעטער, אונטערן דרוק פון די אינטערווענצען פון וואַשינגטאָן ביי די דרום־אַמעריקאַנער רעגירונגען, גע־מוזט צוריקציהען די בעוואָרענישען, איז שוין געווען אונמעגליך אַרויסצורייסען די גרופען „דרום־אַמעריקאַנער" אין וויטעל, טיטמאָנינג און בערגען־בעלזען פון רשות פון דער געסטאַפּאָ.

און דאָ האָט דער רעפערענט אויף דער ייווו"א־קאָנפערענץ צוגעגעבען פאָלגענדע בעמערקונג:

— די אַקציע צו ראַטעווען יענע גרופען האָט געהאַט דראַמאַטישע מאָ־מענטען. קאַרדעל האַל און הענרי מאָרגענטוי, דאַמאָלסדיגע מיטגלידער פון רוז־וועלט'ס קאַבינעט, האָבען — אויף שטורמישע, פרעצעדענטלאָזע פערלאַנגען פון רבנישע דעלעגאַציעס אין נאָמען פון „ועד הצלה" — אונטערגענומען די שטאַרקסטע שריט, כדי צו פערזיכערן די אָנערקענונג פון די פּאַספּאָרטען דורך די בעטרעפענדע רעגירונגען. הענרי וואַלאַס, דער דאַמאָלסדיגער וויצע־פּרעזידענט

פון די פעראייניגטע שטאַטען, האָט בעת זיין וויזיט אין דרום־אַמעריקע, אין מערץ, 1943, אויפגענומען דעם ענין פערזענליך מיט געוויסע רעגירונגען. אָבער אַלע בעמיהונגען זענען אין לעצטען רעזולטאַט נישט געווען ערפאָלגרייך.

אין דער געהיימער קאָרעספאָנדענץ פון „ועד הצלה״ מיט דעם „וואָר רעפיודזשי באָרד״ פערנעמט די דאָזיגע פּאַספּאָרטען־פראַגע אַ געגוג בולט׳ן אָרט.

דעם 10־טען אַפּריל, 1944 האָט די פערטרעטונג פון „ועד הצלה״ אין שווייץ אַרויסגעבראַכט אַ גרויסצוגיגען פלאַן וועגען אַזאַ רעטונגס־אַקציע מיט דער הילף פון די „שוץ־פּאַספּאָרטען״, און דערוועגען האָט געמאָלדען דער „באָרד״:

„דרום־אַמעריקאַנער פּאַספּאָרטען פאַר צעהן טויזענד פאַמיליעס וואָלט געווען נאָך אַ מעגליכקייט פאַר רעטונג. דורך דער פערמיטלונג פון די בעטרע־פענדע קאָנסולאַטען אין דער שווייץ וואָלטען די פּאַספּאָרטען געקענט ווערען צו אונז איבערגעגעבען אין געהיים. און היות ווי די בעזיצער פון די דאָזיגע פּאַס־פּאָרטען וואָלטען געוואוסט אַז דער פּאַספּאָרט איז בלויז גילטיג אויף דער צייט פון דער מלחמה און זיין צוועק איז בלויז צו ראַטעווען דאָס לעבען, וואָלטען די דאָזיגע פּאַספּאָרטען נישט געוואָרען שלעכט אויסגענוצט. אויסשליסליך צו גוט־בעקאַנטע רבנים און אַנדערע פערלעסליכע פערזאָנען וואָלטען די פּאַספּאָרטען געוואָרען אַרויסגעגעבען״.

דער פּרוביר־שטיין פאַר דער צוועקמעסיגקייט פון דער פּאַספּאָרטען־אַקציע איז געווען דער אינטערנירונגס־לאַגער אין וויטעל, פראַנקרייך. און דווקא די פרשה וויטעל האָט זיך געענדיגט זעהר טראַגיש, ווי עס איז דערנאָך געוואָרען אויספיהרליך בעריכטעט אין דער אידישער פּרעסע:[7]

„לעצטענס האָט זיך בעוויזען אין דער פּרעסע אַ ליסטע פון קרוב 200 אידען, וועלכע האָבען זיך געפונען אין אַן אינטערנירונגס־לאַגער פאַר דרום־אַמעריקאַנער בירגער אין וויטעל (פראַנקרייך) און זענען פון די דייטשען פער־שיקט געוואָרען אין דעם שרעקליכעןט טויט־לאַגער, אין אָשוויענטשים. — די העכער 200 אידען אין וויטעל האָבען זיך דאָרט געפונען זינט אָנהויב יאָהר 1943. זיי זענען אַהין געבראַכט געוואָרען אין עטליכע טראַנספּאָרטען. דאָס זענען געווען מענשען, וועלכע האָבען ביי זיך געהאַט פּאַספּאָרטען פון פּאַראַגוויי, ניקאַראַגואַ, קאָסטאַ־ריקאַ א״ו. די דאָקומענטען זענען געווען אויטענטישע, ד. ה. אויסגעשטעלטע דורך קאָנסולען פון די בעטרעפענדע לענדער אין פערשידענע מקומות. לויטן אינטערנאַציאָנאַלען רעכט האָבען די מענשען געדאַרפט בלייבען אינטערנירט, און עווענטועל ווערען אויסגעטוישט קעגען דייטשע בירגער אין די בעטרעפענדע לענדער. כל זמן זיי זענען אינטערנירט דאַרפען זיי שטעהען

7) „מאָרגען־זשורנאַל״, 28 סעפּטעמבער, 1944.

אונטערן שוץ פון אינטערנאַציאָנאַלען רויטען קרייץ. אַזוי איז דער ענין רעגו־לירט דורך אַן אָפּמאַך צווישען אַלע קריג־פיהרענדע לענדער.

„אָבער ביים סוף פון יאָהר 1943, האָט מען פלוצים אָפּגענומען די דאָ־קומענטען ביי די 200 אידען אין וויטעל, כלומרשט פאַר אַ רעוויזיע. די מענשען זענען געוואָרען אומרוהיג און אַזוי ווי דער אינטערנאַציאָנאַלער רויטער קרייץ האָט געהאַט אַ צוטריט צום לאַגער אין וויטעל, איז געלונגען צו געבען צו וויסען די אידען אין אַמעריקע פון דעם, אַז עס דראָהט אין וויטעל אַ סכנה. מיר הָאבען זיך באַלד אָריענטירט וועגען דעם וואָס עס געהט אָן. די בלוט־דורשטיגע נאַצי־בעסטיע האָט דערשפּירט, אַז די 200 אידען קענען נאָך אַנטרינען מיט זייער לעבען, האָט איהר דאָס פערדראָסען. עס איז געוואָרען שיטערער דער מאַטעריאַל פאַר די טויטען־קאַמערן אין אָשוויענטשים אָדער טרעבלינקע, האָט מען זיך פערלעגט נאָך אַריינצוואוואַרפען די 200 אידען פון וויטעל אין די גאַז־אויוועגס".

די פערטרעטער פון „ועד הצלה" אין שווייץ האָבען מיט ספעציעלער זאָרג נאָכגעפאָלגט דעם גורל פון די אינטערנירטע אין וויטעל. אין אַ פערטרויליכע מעלדונג פון „באָרד" צום „ועד הצלה" איז געוואָרען איבערגעוויזען דער פאַל־גענדער אַלאַרם פון וויטעל:

„פון די 238 אינטערנירטע אין דעם אַמעריקאַנער לאַגער אין וויטעל איז אָנגעקומען אַ דרינגענדער אַפּיל. אַנגעזעהענע רבנים, וועלכע זענען געוואָרען געראַטעוועט מיט אַ יאָהר צוריק דורך בעקומען פערשידענע דרום־אַמעריקאַנער פּאַספּאָרטען, זענען איינגעשלאָסען אין דער דאָזיגער גרופּע. פּאַראַגוויי און נאָך איניגע מלוכות, אָבער נישט אַלע אַנדערע, אָנערקענען די דאָזיגע פּאַספּאָרטען. אויפן גרונד דערפון, וואָס די דאָזיגע פּאַספּאָרטען ווערען בעטראַכט בלויז אַלס העפליכקייטס־זאַך און ווערען נישט אָנערקענט אַלס בערעכטיגט צום אויסטויש זענען די דאָזיגע אַלע פערזאָנען געוואָרען איזאָלירט דעם 20־טען מערץ פאַר דעפּאָרטאַציע.

„די מעהרסטע פערזאָנען אין דער דאָזיגער גרופּע זענען איינגעשלאָסען אין דער אויסטויש־רשימה פון דעם אַמעריקאַנער קריגס־מיניסטעריום, ווי דאָס איז געשריבען דורך מר. שבתי פרענקעל, פון 113 ווילסאָן סטריט אין ברוקלין, צו זיינע עלטערן אין וויטעל. דער איינציגער שאַנס צו ראַטעווען די מענשען איז, אַז אַ שוץ־מאַכט זאָל אָפיציעל מעלדען צו די דייטשען, אַז עס ווערט צוגעגרייט אַן אויסטויש פאַר די דאָזיגע פערזאָנען. היות ווי די אַלע פערזאָנען בעזיצען פון לאַנג סערטיפיקאַטען קיין ארץ־ישראל און זיי קענען אַהינפאָהרען דורך ליסאַבאָן, וואָלטען זיי נישט געוועזן קיין לאַסט פאַר די פעראייניגטע שטאַטען, אין פאַל דער אויסטויש זאָל ווערען רעאַליזירט".

„אויפמערקזאַמקייט מוז אויך ווערען געגעבען צו ראַטעווען נאָך איניגע

טויזענד (אויסער דער גרופּע פון וויטעל) פון אָנגעזעהענע פּערזאָנען, וועלכע זענען אינטערנירט אין טיטמאָנינג און אַנדערע לאַגערן. מיר האָבען וועניג ידיעות פון זיי און האָבען נישט דערהאַלטען קיין שום ווענדונג״.

אַ האַלב יאָהר איז אַריבער און דער „ועד הצלה״ האָט אַלץ ווייטער נישט אויפגעגעבען די בעמיהונגען צו ראַטעווען די גרופּע פון וויטעל. דעם 20־טען אָקטאָבער, 1944 האָט די אַמעריקאַנער געזאַנדשאַפט אין בערן פערמיטעלטביים איבערשיקען דעם פאָלגענדען ראַפּאָרט:

„עס זענען דערהאַלטען געוואָרען גלויבענסווירדיגע אינפאָרמאַציעס פון פראַנקרייך, אַז די אינטערנירטע, וועלכע זענען געוואָרען דעפּאָרטירט פון דאָרט דעם לעצטען פריהלינג, זענען אין צוויי גרופּעס געוואָרען איבערגעשיקט פון פראַנקרייך קיין מזרח, בערך אין דער העלפט און אין דער ענדע פון חודש מאַי. עס וואָלט געווען העכסט וויכטיג, אַז איהר זאָלט בעטען ביי דער רעגירונג פון פּאַראַגוויי אָנצונעמען די געהעריגע שריט, ביי דער פערמיטלונג פון דער שפּאַנישער אַמבאַסאַדע אין בערלין, פעסטצושטעלען דאָס אָרט און דעם גורל פון די דאָזיגע מענשען ביים היינטיגען טאָג״.

„אויף אונזער ביטע האָט דער פריהערדיגער פעדעראַל־ראַטגעבער מוסי געמאָלדען זיין גרייטקייט צו פאָהרען קיין בערלין און פּרואווען אויסצוגעפינען און ראַטעווען די פערשיקטע פון וויטעל״.

דער סאַמע אינטערעסאַנטסטער פּונקט אין דאָזיגען ראַפּאָרט איז געוויס דער נאָמען — מוסי. דאָ איז דער דאָזיגער נאָמען אַרויסגעשוואומען צום ערשטען מאָל אויפן געביט פון דער אידען־רעטונג אין לעצטען פּעריאָד פון דער מלחמה, אָבער וועגען מוסי׳ס ראָל אין ראַטעווען דאָס לעבען פון דער גאַנצער שארית הפליטה אין דער נאַציש־בעהערשטער אייראָפּע, וועט נאָך אויסקומען צו דער־צעהלען גאַנץ גענוי.

### 3) די פערשפּעטיגטע הילף פון „אינטערנאַציאָנאַלען רויטען קרייץ״.

אויך דאָס פּראָבלעם פון דער רעטונגס־דינסט מצד דעם אינטערנאַציאָנאַלען רויטען קרייץ האָט בעקומען אַ נייעם שאַנס זינט דער גרינדונג פון דעם „וואָר רעפיודזשי באָרד״ דורך פּרעזידענט רוזוועלט. פאַקטיש אָבער איז די דאָזיגע פראַגע געוואָרען אויפגעהויבען פיעל מאָל, און לאַנג פאַר דעם, דורך דעם „ועד הצלה״ און דער אגודת הרבנים אין אַמעריקע.

ליידער איז די הילף פון דעם „אינטערנאַציאָנאַלען רויטען קרייץ״ געקומען אין דער גאָר לעצטער מינוט, ווען עס איז נישט געהאַט געבליבען פיעל צו ראַטעווען. און דווקא די הילפס־לייסטונגען פון דער לעצטער מינוט האָבען בע־

וויזען ווי פערברעכעריש און נישט־צום־פערגעבען עס איז געווען די גלייכ־גילטיגקייט פון דעם זעלבען „רויטען קרייץ", דעם סימבאָל פון קריסטליכער רחמנות און פון אַלמענשליכער סאָלידאַריטעט, צום גורל פון די צום־טויט־פעראורטיילטע אידען אין אייראָפּע.

די הילף פון אינטערנאַציאָנאַלען רויטען קרייץ האָט זיך אויסגעדריקט אין לעצטען מלחמה־פעריאָד אין בעזאָרגען שפייז־טראַנספּאָרטען ווי אויך מעדיצינישע אַרטיקלען פאַר די לעצט־עקזיסטירענדע לאַגערן. און דווקא די דאָזיגע מעג־ליכקייט פון רויטען קרייץ ביים לינדערן די געפאַהר פון הונגער־טויט פאַר די אידען אין די געטאָס און אַרבעטס־לאַגערן איז דאָך געוואָרען אויפגעהויבען אויף אַ ספּעציעלער פאָרום בעת אַ רבנים־קאָנפערענץ, נאָך אין יאָהר 1942.

די זעלבע פראַגע, וועגען די געוואַלדיגע פליכטען און שאַנסען פון רויטען קרייץ לטובת די הונגער־פערשמאַכטע אידען אין אייראָפּע, איז פיעל מאָל גע־וואָרען בעטאָנט אין דער אידישער פּרעסע, ספּעציעל דורך ד"ר י. לעווין: [8]

„מיר דאַרפען פאָדערן, אַז די ערשטע שיף (מיט שפייז־פּראָדוקטען) זאָל געשיקט ווערען פאַר די אידען אין די געטאָס, צום אינטערנאַציאָנאַלען רויטען קרייץ, וועלכער זאָל דאַן ווייטער די הילף עקספּעדירען. עס קאָן זיין, אַז דער פּרואוו וועט זיך נישט איינגעבען, אָבער די „יונייטעד ניישאָנס" וועלען וועניגס־טענס ווייזען זייער גוטען ווילען. אַזוי פיעל קומט דאָך זיכער די אומגליקליכסטע פון אַלע אומגליקליכע אין דער דאָזיגער מלחמה — די אידען אונטערן נאַצי־רעזשים — אַז די פרייע וועלט זאָל זיי ווייזען בפועל, אַז זי פיהלט מיט זיי מיט. דאָס הייסט בשום אופן נישט געהאַנדעלט מיטן שונא, ווייל דאָס געהט דורך דעם וועג, וועלכער איז דווקא אָנגעצייכענט אין די מלחמה־געזעצען: דורכן אינטערנאַציאָנאַלען רויטען קרייץ".

ביי אַן אַנדערער געלעגענהייט איז געוואָרען אַרויסגערוקט די פאָדערונג פון בעזאָרגען שפייז פאַר די שמאַכטענדע אידען אין דעם גיהנם פון טראַנס־ניסטריע: [9]

„דער... בריף איז פון סטאַמבול (קאָנסטאַנטינאָפּאָל). עס רעדט זיך אין איהם וועגען דער שרעקליכער לאַגע פון די אידען אין טראַנסניסטריע. נאָך דער שילדערונג פון גיהנם און פון די ליידען פון די אידען דאָרט, וואָס זענען אָהן אַ ביישפּיל, שרייבט דער בעריכט־געבער, אַז נאָך גרויזאַמער איז די סיטואַציע דאַדורך, וואָס די בעשטעהענדע הילפס־מעגליכקייטען ווערען נישט אויסגענוצט צוליב דעם מאַנגעל פון געלד־מיטלען. — עס האַנדעלט זיך וועגען 80 טויזענד

---

8) „מאָרגען זשורנאַל", 2 יולי, 1943.
9) „מאָרגען זשורנאַל", 29 אָקטאָבער, 1943.

אידען, און זיי שטאַרבען אויך אויס פון הונגער. אַ סך עסען גראָז און שטאַרבען אַוועק פון פערגיפטונג.

„איצט קומען מיר צו דער אייגענטליכער שאלה: קען די דאָזיגע מיני־מאַלע הילף טאַקע געשיקט ווערען? האָט מען עס געקענט ביז איצט טאָן און האָט מען די מעגליכקייטען, אויב זיי זענען געווען, אויסגענוצט? — די זאַך איז פשוט: דאָס געלד מוז געהן צום אינטערנאַציאָנאַלען רויטען קרייץ״. —

און ווידער אַמאָל:[10]

„אפילו ווען עס האַנדעלט זיך וועגען דורכלאָזען דורך דער בלאָקאַדע אַ טראַנספּאָרט מיט שפּייז פאַר הונגער־ליידענדע מענשען, וואָלט אַ גאַראַנטיע פון רויטען קרייץ, אַז דאָס וועט צוגעשטעלט ווערען צו די ליידענדע מענשען, גע־דאַרפט גענוג זיין״.

דער סאַמע לעצטער פּונקט אין דער לעצטער ציטאַטע, אין וועלכען עס רעדט זיך וועגען „דורכלאָזען דורך דער בלאָקאַדע״ אַ טראַנספּאָרט מיט שפּייז פאַר די הונגער־ליידענדע אידען — איז אָבער גאָרנישט געווען אַזאַ פשוט׳ער ענין. עס איז אינטערעסאַנט צו הערען וואָס דער אָפיציעלער טעטיגקייטס־ראַפּאָרט פון „וואָר רעפיודזשי באָרד״ האָט דערוועגען צו דערצעהלען:[11]

„דער נאַצישער פּלאַן אויסצוראָטען אַלע שפּורען פון די „נידריגע״ ראַסען האָט איינגעשלאָסען דעם מאַסען־מאָרד דורך הונגער־טויט און פּלאַנמעסיגער אויסשעפּונג, ווי צוגלייך דורך די אַנדערע דירעקטע מיטלען: עס איז דעריבער געווען די אויפגאַבע פון דעם „באָרד״ אונטערצונעמען ענערגישע שריט צו בע־זאָרגען שפּייז און אַנדערע נויטיגע אַרטיקלען פאַר אויסגעהונגערטע אינטערנירטע אין די נאַצישע קאָנצענטראַציע־לאַגערן. דאָס איז אָבער געווען אַ שווערע אויפ־גאַבע. די אָפיציעלע פּאָליטיק פון די ענגליש־אַמעריקאַנער בלאָקאַדע־אָרגאַנען איז געווען נישט צו דערלויבען קיין טראַנספּאָרט פון שפּייז־פּראָדוקטען צו די בלאָקאַדירטע געביטען פון שונא, אויסער פאַר די קריגס־געפאַנגענע אָדער ציוויל־אינטערנירטע בירגער פון די קריגס־פיהרענדע מלוכות, וואָס זענען אויך געוואָרען אנערקענט צוגלייך ווי קריגס־געפאַנגענע דורך דער גענפער קאָנווענץ וועגען די מלחמה־געפאַנגענע. די דאָזיגע קאָנווענץ האָט פאָרויסגעזעהען פערזיכערונגען פאַר דער צושטעלונג פון די שפּייז־פּעקלעך ווי אויך סיסטעמאַטישע וויזיטאַציעס און ראַפּאָרטען פון די דעלעגירטע פון אינטערנאַציאָנאַלען רויטען קרייץ סיי וועגען דער צאָהל און סיי וועגען די בעדינגונגען פון די קריגס־געפאַנגענע. די דייטשען זענען אָבער נישט געווען גרייט אויסצובנרייטערן די גילטיגקייט פון די גענפער קאָנווענץ בנוגע די ראַסיסטיש־דעפּאָרטירטע אָדער פּאָליטישע אינטער־

---

10) „מאָרגען זשורנאַל״, 26 נאָוועמבער, 1943.

11) לויט׳ן אָפיציעלען בעריכט פון וואַשינגטאָן, ז׳ 56.

נירטע, וועלכע זענען געווען בירגער פון די לענדער, אונטער דער נאַצישער קאָנטראָל.

און ווייטער מעלדעט דער אָפיציעלער ראַפּאָרט:

„איניגע חדשים איידער דער „באָרד" איז געוואָרען געגרינדעט האָבען פּריוואַטע אַמעריקאַנער הילף־אָרגאַניזאַציעס בעקומען די ערלויבעניש צו שיקען קליינע קוואַנטומס פון שפּייז־פּאַקעטען, וואָס זענען געוואָרען אַרויסגעשיקט פון נייטראַלע לענדער, לויט געגוי אָנגעגעבענע נעמען פון אַזעלכע „נישט־אָנערקענטע" אינטערנירטע אין די דייטשע קאַצעטען, — און דאָס האָט בעדייט אַ לייכטע מילדערונג פון דעם שטרענגען קורס פון די בלאָקאַדע־אָרגאַנען בנוגע הילפס־טראַנספּאָרטען צו דעם שונא׳ס טעריטאָריע. דער „באָרד" האָט דערמעגליכט די אויסברייטערונג פון די דאָזיגע פּריוואַטע פּראָגראַמען און האָט דערביי אָנגעהויבען אַ נייע אַקציע צו בעקומען ברייטערע ערלויבענישען און בלאָקאַדע־פערלייכטערונגען. די אַפּראָוויזאַציע־ליפערונגען לויט די דערמאָנטע הילפס־פּראָגראַמען זענען געקומען אויסשליסליך פון נייטראַלע לענדער און די אָפּליפע־רונגען זענען געוואָרען דורכגעפיהרט דורך דעם אינטערנאַציאָנאַלען רויטען קרייץ".

דאָס סאַמע אינטערעסאַנטסטע אין אָפיציעלען ראַפּאָרט איז דער פאַקט, אַז ווען די דאָזיגע גרויסצוגיגע הילף דורך שיקען שפּייז־פּאַקעטען איז ענדליך געוואָרען אַוועקגעשטעלט אויף אַ גאָר גרויסען מאַסשטאַב, און עס איז געלונגען נאָך אַ לאַנגער אַרבעט און נאָך צאָהלרייכע אינטערווענצען ביי די פערשידענע בלאָקאַדע־קאָנטראָלערען צו מאָביליזירען גאַנצע 300 טויזענד שפּייז פּאַקעטען צו ראַטעווען די הונגער־פערשמאַכטע אין די דייטשע קאַצעטען — איז דערווייל די מלחמה אין אייראָפּע געוואָרען פערענדיגט...

אין איינקלאַנג מיט די ציטירטע בעריכטען פון „וואָר רעפיודזשי באָרד" לויטען די איבערגעוויזענע מעלדונגען פון דער פערטרעטונג פון „ועד הצלה" אין שווייץ וועגען דער איינ:עשטעלטער צוזאַמענאַרבעט מיט דעם רויטען קרייץביים איבערשיקען די שפּייז־זענדונגען פאַר די לעצטע לעבענס־געבליבענע אידען אין די דייטשע לאַגערן.

דעם 24־טען אָקטאָבער 1944 האָט אַ בעריכט פון בערן געמאָלדען קורץ:

„דורך דעם אינטערנאַציאָנאַלען רויטען קרייץ האָבען מיר לעצטענס אַרויסגעשיקט אַ לאָדונג, וואָס שליסט איין 5 טויזענד קילאָ צוקער און 5 טויזענד קילאָ מאַקאַראָני קיין טערעזיענשטאַדט. די פערטיילונג פון די דאָזיגע פּראָדוקטען וועט ווערען דורכגעפיהרט דורך אידען זעלבסט" (געמיינט, די אידישע זעלבסט־פערוואַלטונג אין טערעזיענשטאַדט).

אין אַ צווייטען בעריכט פון דער זעלבער דאַטע האָבען די פערטרעטער

פון „ועד הצלה״ אין שווייץ געמאָלדען, אַז דער אינטערנאַציאָנאַלער רויטער קרייץ איז גרייט איבערצונעמען די ליפערונג פון שפּייז־פּראָדוקטען פאַר די אינטער־נירטע אידישע פּליטים, וואָס זענען אויך געווען אונטער דער גרעסטער געפאַהר פון הונגער־טויט, אין דער ווייטער שאַנכאַי. אַזוי האָט געלויטעט די טעלעגראַפישע מעלדונג:

„דורך דעם „אינטערקראָס״ (פערקירצונג פון „אינטערנאַציאָנאַלען רויטען קרייץ״) שיקען מיר אַרויס שפּייז־פּאַקעטען, ווי מיר האָבען עס פריהער געטאָן פאַר טערעזיענשטאַדט״.

ווי געזאָגט, איז ליידער די דאָזיגע הילפס־גרייטקייט, אַזוי מצד די בלאָ־קאָדע־היטערס ווי מצד דער לייטונג פון אינטערנאַציאָנאַלען רויטען קרייץ, געקומען ווייט צו־שפּעט. דער איבערוויגענדער טייל פון די שפּייז־טראַנספּאָרטען איז געבליבען אָנגעהויפט אין דעם דייטשען פּאָרט ברעמען בעת די מלחמה איז געווען פערענדיגט און די וועניגע לעבען־געבליבענע קאַצעטניקעס זענען געוואָרען בעפרייט דורך די אַריינמאַרשירענדע אַליאירטע אַרמעען. דער ראַפּאָרטען פון „וואָר רעפיודזשי באָרד״ טרייסט אונז דערמיט, וואָס די שפּעטער־געשאַפענע הילפס־אָרגאַניזאַציע פאַר די אויסגעוואָרצעלטע פּליטים, די אונררא״א, האָט איבערגענומען די פערבליבענע שפּייז־טראַנספּאָרטען. פאַר די יעניגע אידען, וואָס זענען אויסגעגאַנגען פאַר נויט און ערשעפּונג אין דעם לעצטען מלחמה־פּעריאָד און פאַר וועמען די דאָזיגע טראַנספּאָרטען וואָלטען בעדייט זייער לעבענס־רעטונג — איז דאָס אָבער געוויס אַ גאַנץ שוואַכע טרייסט...

און דאָ זענען מיר דערגאַנגען צו די שוואַכע פּונקטען אין דער טעטיגקייט פון פּרעזידענט רוזוועלט׳ס „וואָר רעפיודזשי באָרד״. וועגען די דאָזיגע טראַגיש־פאַטאַלע פּונקטען איז אָנגעגאַנגען אַ פערביטערטער געראַנגעל צווישען דעם „ועד הצלה״ און דעם מלוכה׳שען „באָרד״ אין וואַשינגטאָן, און דער סאַמע פער־ביטערסטער געראַנגעל איז געווען אַרום דער שליסעל־פראַגע צו אַ ווירקליך־ווירקזאַמער רעטונגס־אַקציע: „צי מעג מען אויסקויפען די אידען פון די נאַצישע מערדער־הענד, אָדער נישט?״...

קאַפּיטעל 14

# דער אָפֿענער און געהיימער גערעאַנגעל פֿאַר „פּדיון שבויים"

דער פּרינציפּיעלער קאַמף פֿון „ועד הצלה" צו דערלויבען אויס־צוקויפֿען אידישע לעבענס. — די ביטערע געגנערשאַפֿט פֿון „וואָר רעפיודזשי באָרד" פּאַראַליזירט פיעל רעטונגס פּלענער. — ווי אַזוי דער „משא ומתן" מיט די נאַצישע מערדער האָט אויסגעזעהען אין דער ווירקליכקייט. — ווי די געשעהענישען האָבען פולשטענדיג בעשטעטיגט די שטעלונג פֿון הרב ווייסמאַנדעל און פֿון „ועד הצלה".

פֿון אַזאַ ערנסט־געזעלשאַפֿטליכער טריבונע ווי עס איז די אָפֿיציעלע פּובליקאַציע פֿון „יידישען וויסענשאַפֿטלעכען אינסטיטוט", די „ייוואָ־בלעטער", איז בשעתו געוואָרען געגעבען אַזאַ סאָרט כאַראַקטעריסטיק פֿון פּרעזידענט רוז־וועלט׳ס „וואָר רעפיודזשי באָרד": *)

„דער וואָר רעפיודזשי באָרד האָט דורך דעם ביסעל, וואָס ער האָט אויפגעטאָן בעוויזען, אַז עס זענען געווען מעגליכקייטען צו ראַטעווען, נאָר די מעגליכקייטען האָט מען בעצייטענס נישט אויסגענוצט". —

שטיצענדיג זיך אויף דעם אויסשעפענדיגען דאָקומענטאַרישען מאַטעריאַל לאָזט זיך פעסטשטעלען, אַז אייגענטליך האָט דער „באָרד" געהאַט פֿאַר זיך אָפֿען צווייערליי וועגען פֿאַר דער רעטונגס־אַקציע פֿון אייראָפּעאישען אידענטום:

א) דער וועג פֿון פּאָליטישען דרוק און דיפּלאָמאַטישען איינפלוס, אָדער מיט אַנדערע ווערטער, אויסצונוצען פּאָליטיש דעם מיליטערישען ריקצוג פֿון נאַצי־דייטשלאַנד דורך אָפּשרעקען די נאַצישע מיטלויפער אין די אָקופּירטע לענדער און צו פערזיכערן זיי „אַ מאָראַליש־פּאָליטישע בעלוינונג" פֿאַר ראַטעווען אידען.

ב) דער וועג פֿון דירעקטער אינטערווענץ, וואָס מיינט צו זאָגען, צו שטעלען זיך אין קאָנטאַקט מיט די נאַצישע אידען־מערדער גופא און דורך „אַנטשפּרע־כענדע קאָנצעסיעס" בעאיינפלוסען זיי אָפּצושטעלען דעם סיסטעמאַטישען אויס־ראָטונגס־קריג קעגען אידען.

אין ליכט פֿון די פֿאַקטען מוז מען פעסטשטעלען, אַז אין דער צייט, וואָס דער ערשטער וועג איז געוואָרען אויסגענוצט אין אַ געוויסער מאָס (און דאָ האָט זיך ספּעציעל אויסגעצייכענט דער דאַמאָלסדיגער אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר

---

*) „ייוו"א־בלעטער", ניו יאָרק, 1945.

אין טערקיי, שטיינהאַרדט, וואָס זיין פערדינסט איז גרויס ביים ראַטעווען דאָס רומענישע אידענטום 1), איז ליידער דער אַנדערער וועג אינגאַנצען געוואָרען פערוואָרפען, ריכטיגער געזאָגט: געוואָרען שיקאַנירט און באָיקאָטירט.

דער „ועד הצלה" איז כמעט געשטאַנען איינער אַליין אין דאָזיגען ביטערען גערעַנגעל פאַר דער רעכט פון „פדיון שבויים". דער גערעַנגעל איז געוואָרען געפיהרט אָפען און אין געהיים, פון דרויסען און פון אינוועניג; דורך רחמנות־וועקענדע אַפּעלירונגען און דורך דרייסט־ריזיקאַלישע אונטערנעמונגען. דער „ועד הצלה" האָט זיך נישט אונטערגעגעבען. ער האָט געזוכט און אָפּטמאָל אויך געפונען אייגענע, געהיימע קאַנאַלען אויסצומיידען די שטרענגע קאָנטראָל, נאָר דער פערנעם פון דעם הצלה־ווערק איז געווען — צו גרויס, די אחריות פאַר מיליאָנען לעבענס — צו טראַגיש, און די זעלבסטשטענדיגע געהיימע קאַנאַלען — ווייט צו־בעגרעניצט. און דאָס סאַמע פיינליכסטע איז דערביי געווען, וואָס דער „וואָר רעפיודזשי באָרד", וועלכער האָט געהאַט אַלע שליסלען אין האַנד, האָט עקשנות'דיג און אכזריות'דיג געשטערט און טאַקע בפירוש צעשטערט פיעל גרויסצוגיגע רעטונגס־שאַנסען.

זיי, די פאָרשטעהער פון „באָרד", האָבען אַליין אויסגעפאָרשט מאַנכע נאַצישע „פּראָפּאָזיציעס" און אַליין געהאַט די מעגליכקייט פעסטצושטעלען ווי בלוטיג־ערנסט די „אָנבאָטען" זענען געווען. אַזוי דער צייטווייליגער פערטרעטער פון „באָרד" אין טערקיי, איירא הירשמאַן, ווי דער ספּעציעלער פערטרויאונגס־מאַן פון „באָרד" אין דער שווייץ, מעק־קלעלענד, האָבען זיך געטראָפען מיט די נאַצישע שליחים און פון זיי אויסגעהערט אַלע איינצעלהייטען מכח אַבסאָלוט־אויטאָריטאַטיווע נאַצישע בעדינגונגען צו בעפרייען אידען. איירא הערשמאַן פערזענליך איז געוואָרען אַזוי איבערגענומען פון דעם אָנבאָט, וואָס יואל בראַנד האָט געבראַכט אין אייכמאַנ'ס נאָמען צו „פערקויפען דעם מיליאָן אונגאַרישע אידען", אַז ער איז גלייך אָפּגעפלויגען מיט אַן אויטענטישען בעריכט קיין וואַ־שינגטאָן. נאָר דער ענטפער פון „באָרד", די ספּעציעל־געשאַפענע רעטונגס־אַגענטור, איז געווען אַ קאַטעגאָרישער „ניין!" ווי דאָס איז אָפען בעשריבען אין דעם אָפיציעלען טעטיגקייטס־בעריכט זיינעם 1). מעק־קלעלענד אין דער שווייץ האָט זיך אפילו פערזענליך געטראָפען מיט דעם נאַצי־פיהרער, דעם הויכען ס. ס. אָפיציר קורט בעכער, הימלער'ס געהיימען עמיסאַר, און ער האָט נישט געקענט צווייפלען אין דער וואָגיגקייט פון דעם נאַצישען אָנבאָט. טראָץ דעם זאָגט ווידער־אַמאָל עדות דער אָפיציעלער בעריכט פון „באָרד", אַז בלויז אָפּצונאַרען די נאַציס איז געוואָרען דערלויבט, אָבער נישט איבערצוקויפען זיי. 2)

---

1) זעה זיין בוך: „מסטרומה ועד הנה".

2) לויט'ן אָפיציעלען ראַפּאָרט, ז' 39 און ווייטער.

און נאָך עפּעס: אין בעריכט פון „וואָר רעפיודזשי באָרד״ ווערט דערצעהלט, אַז די פאָנדען פאַר אַלע רעטונגס־אַקציעס זענען בעיקר געוואָרען געליפערט דורך די אידישע הילפס־אָרגאַניזאַציעס און בלויז די מינימאַלע אַדמיניסטראַציע־קאָסטען זענען געוואָרען געדעקט דורך דער אַמעריקאַנישער רעגירונג. דורך דער גאַנצער צייט האָט דער „באָרד״ אַרויסגעגעבען צו די אידישע אָרגאַניזאַציעס „לעיסענס״, דאָס הייסט ערלויבענישען איבערצופיהרען געלד פון אַמעריקע קיין אויסלאַנד, אויף 20 מיליאָן דאָלאַר, דערפון האָט דער „ועד הצלה״ איבערגע־ליפערט פאַר זיין רעטונגס־אַרבעט ביי אַ מיליאָן דאָלאַר אין משך פון לעצטען מלחמה־יאָהר. דערפון איז דאָך קלאָר, אַז די סומע פון „אויסקויף־געלד״ וואָס איז געקומען אין בעטראַכט פאַר די נאַצישע געלד־גייציגע פערברעכער, וואָלט בע־דייט קוים אַ ברוכטייל פון די אידישע הילפס־פאָנדען. און דאָך האָט דער ״באָרד״ געשטערט יעדען שאַנס און יעדער מעגליכקייט אין דער דאָזיגער ריכטונג.

דער ערשטער אָפיציעלער „לעיסענס״, נומער 2117, וואָס דער „ועד הצלה״ האָט בעקומען צוגעטיילט פון טרעזשורי־דעפּאַרטאַמענט מיטן צוועק דורכצופיהרען הצלה־אַרבעט אין פיינדליכע געביטען, איז דאַטירט דעם 22־טען יאַנואַר, 1944, גענוי דעם זעלבען טאָג, ווען רוזוועלט האָט פּראָקלאַמירט די שאַפונג פון „וואָר רעפיודזשי באָרד״. פּרינציפּיעל איז דער „לעיסענס״ געוואָרען אַרויסגעגעבען „כדי מעגליך צו מאַכען דאָס אַריבערפיהרען מענשען, וועמענס לעבען עס שטעהט אין סכנה, פון דעם שונא׳ס געביטען אין אַנדערע זיכערע פּלעצער״. פּראַקטיש גענומען איז דער „לעיסענס״ געוואָרען בעגרעניצט דורך צוויי פאָרגעשריבענע בעדינגונגען: ערשטענס, אַז וועגען אַלע אויסצאָהלונגען פאַר דער רעטונגס־אַרבעט אויפן סמך פון דאָזיגען „לעיסענס״ מוז ווערען גענוי אינפאָרמירט דער אַמעריקאַנער געזאַנדטער אין שווייץ; צווייטענס, טאָרען די דאָזיגע רעטונגס־פאָנדען נישט איבערשטייגען אין פערלויף פון 6 חדשים די אַלגעמיינע סומע פון 430 טויזענד שווייצאַר־פראַנק, דאָס מיינט דעם עקוויוואַלענט פון 100 טויזענד דאָלאַר. עס איז איבריג צוצוגעבען, אַז ביידע פאַר־בעדינגונגען האָבען פון פאָראויס אויסגעשלאָסען יעדע גרויסצוגיגע זעלבסטשטענדיגע אַקציע פון „ועד הצלה״ אויפן געביט פון „פדיון שבויים״, — ווייל נישט דער אַמערי־קאַנער געזאַנדטער וואָלט געגעבען זיין הסכמה דערויף און נישט דער סכום פון 100 טויזענד דאָלאַר איז געווען ענטשפּרעכענד דערפאַר. און דאָס איז טאַקע געווען די כוונה פון טרעזשורי־דעפּאַרטאַמענט. די זעלבע כוונה איז אַרויסגע־קומען נאָך מעהר בולט, ווען עס האָט זיך מיט העכער אַ יאָהר שפּעטער גע־האַנדעלט אין דער רעטונגס־מיסיע פון „ועד הצלה״ קיין בערלין צו הימלער׳ן. דאַן, אין מערץ, 1945, האָט דער „ועד הצלה״ זיך געהאַט גאָר ביטער צו ראַנגלען אין דער פראַגע פון „אויסקויף־געלד״. ווען נאָך די גרעסטע אָנשטרענגונגען איז

געוואָרען אַרויסבעקומען דער „לעיסענס" נומער 2426 פון טרעזשורי־דעפּאַרטאַ־מענט אויף אַ סומע 237 טויזענד דאָלאַר איז דערביי געוואָרען געשטעלט דער נאָכמעהר־דראַקאָנישער בעדינג, אַז מיט דעם רעטונגס־פאָנד פון „וועד הצלה" דאַרף דיספּאָנירען אין שווייץ דער פאָרשטעהער פון „וועד הצלה" צוזאַמען מיטן פערטרעטער פון „וואָר רעפּיודזשי באָרד". ריכטיג, אַז דעם 28־טען מערץ, 1945 האָט דער פאָרשטעהער פון „וועד הצלה" מר. שטערנבוך, טעלעגראַפירט: [3] „מיר זענען אין שטענדיגען קאָנטאַקט מיט מר. מעק־קלעלענד (דער פערטרעטער פון „באָרד") און אַרבעטען האַרמאָניש אונטער די בעסט־מעגליכע אומשטענדען". אָבער דער פערזענליכער גוטער ווילען פון דערמאָנטען פערטרעטער האָט קנאַפּ־וואָס געקענט אויפטאָן, בשעת עס איז פון פאָרויס געוועזן דער בפירוש'ער פערבאָט פון „באָרד" נישט צו דערלויבען בשום־אופן קיין אויסקויף־געלד, ווי דאָס ווערט אַזוי קלאָר אונטערגעשטראָכען אין אָפיציעלען שלוס־ראַפּאָרט. [4]

דער גערַאנגעל פון „וועד הצלה" אין דער פראַגע פון „פּדיון שבויים" האָט זיך פאַקטיש געצויגען זינט הרב ווייסמאַנדעל האָט געפונען דעם איבער־ראַשענדען קאָנטאַקט מיטן הויפּט־שטאַב פון דער אידען־פערניכטונג, דורך דער פערמיטלונג פון וויסליצעני, דעם נאַצישען „אידען־ספּעץ" פאַר דער סלאָוואַקיי. טראָץ אַלע דורכפאַלען און ענטוישונגען האָט הרב ווייסמאַנדעל מיט זיין העלדענ־מוטיגער גרופּע אין בראַטיסלאַוואַ נישט רעזיגנירט פון ווייטערדיגע בעמיהונגען צו ראַטעווען וואָס עס לאָזט זיך. אויף הרב ווייסמאַנדעל'ס איניציאַטיוו האָבען שפּעטער די אונגאַרישע אידען געפּרואווט אונטערנעמען אַ רעטונגס־האַנדעל אויף אייגענער האַנד מיט די זעלבע נאַצישע אידען מערדער. ד"ר קאַסטנער, וועלכער האָט געשפּילט די הויפּט־ראָל אין די דאָזיגע פערהאַנדלונגען, הויבט אַרויס אין זיין בעריכטס־בוך די אונערמידליכע מסירות־נפש'דיגע בעמיהונגען פון הרב ווייסמאַנדעל: [5]

— דער ערשטער ערפאָלגרייכער פערזוך צו פערהאַנדלען מיט די דייטשען דורך אויסקויף־געלד — אַזוי שטעלט פעסט ד"ר קאַסטנער — ווערט אונטער־גענומען אין בראַטיסלאַוואַ, אין מערץ, 1942, דורך הרב ווייסמאַנדעל, אינזשיניער שטיינער און פרוי גיזי פליישמאַן. — דער ס. ס. הויפּט־שטורם־פיהרער, וויס־ליצעני, ערקלערט זיך גרייט פאַרן פּרייז פון 50 טויזענד דאָלאַר איבערצולאָזען 25 טויזענד אידען אין סלאָוואַקיי, ער פערלאַנגט 2 דאָלאַר פאַר אַ קאָפּ. —

— „און וואָס איז, אַז מען צאָהלט אויסקויף־געלד? — פרעגט דער זעל־בער אין זיין בעריכט — די נייטראַלע מלוכות האָבען פיעל מעהר געצאָהלט!

---

3) לויט די אָריגינאַלען אין אַרכיוו פון „וועד הצלה".

4) ז' 44.

5) לויט קאַסטנער'ס בעריכטס־בוך אין דייטש (מימאָגראַפירט).

שוועדן האָט געליפערט שטאָל פאַר דייטשלאַנד, טערקיי — כראָם, די שווייץ — קלירינג־קרעדיטען...

נאָכדעם ווי ד״ר קאַסטנער דערצעהלט אויספיהרליך וועגען דעם קאָנטאַקט, וואָס הרב ווייסמאַנדעל האָט איינגעשטעלט כדי אונטערצונעמען די געוואַגטע רעטונגס־אַקציע פאַרן גאַנצען אונגאַרישען אידענטום, ברענגט ער אַרויס דעם גאַנץ־איבערראַשענדען פאַקט, אַז די פּערטרעטונג פון „ועד הצלה" אין דער שווייץ, וואָס איז געווען אין ענגסטער פערבינדונג מיט הרב ווייסמאַנדעל, איז גרייט געווען אויף אַ העכסט־רעוואָלוציאָנערען שריט לטובת דער רעטונג פון אונגאַרישען אידענטום.

אָט וואָס קאַסטנער שרייבט:

— מיין אויפענטהאַלט אין סלאָוואַקיי האָב איך אויסגענוצט אויף צו בעזוכען די ביוראָ'ען פון דער „אידישער צענטראַלע" און צו בעשפּרעכען די פראַגע (וועגען זיין פערמיטלונג צווישען קורט בעכער, הימלער'ס פערטרויאונגס־מאַן און סאַלי מאַיער, דעם פערטרעטער פון „דזשאָינט" אין שווייץ) מיט אונזערע פריינד פון בראַטיסלאַווער רעטונגס־קאָמיטעט. — הרב ווייסמאַנדעל איז ביי דער מיינונג, אַז אָהן סחורות־ליפערונגען וועט די זאַך נישט צו־שטאַנד קומען, און פון דער אַנדערער זייט וועלען די אַליאירטע נישט בעוויליגען זייער ער־לויבניש (פאַר סחורות־ליפערונגען). ער גלויבט דעריבער, אַז ווען דער „דזשאָינט" זאָל ליפערן די געלד־מיטלען וועלען זיינע אָרטאָדאָקסישע פריינד אין דער שווייץ געפינען דעם וועג אויפצוזאַמלען די נויטיגע סחורות אין די נייטראַלע לענדער און דורך דעם פערזיכערן די מעגליכקייט צו ברענגען דעם אָפּמאַך צו אַ פּאָזיטיווען רעזולטאַט.

דאָס וואָלט געוויס געווען דער בעסטער אויסוועג פון דער געניוג קאָמפּ־ליצירטער סיטואַציע. איז אָבער דאָס אומגליק געווען, וואָס סאַלי מאַיער איז געגאַנגען אויפן וועג פון אָפּנאַרען די נאַציס דורך אַן אָפּשלעפּונגס־פּאָליטיק. קאַסטנער דערצעהלט אַליין אַז דער בראַטיסלאַווער רעטונגס־קאָמיטעט איז געווען ענטוישט וואָס דווקא סאַלי מאַיער האָט איבערגענומען דאָס פיהרען די אונטער־האַנדלונגען מיט הימלער'ס בעפולמעכטיגטען. זיי אין בראַטיסלאַוואַ האָבען דאָך געהאַט גאַנץ ביטערע ערפאַהרונגען מיטן זעלבען סאַלי מאַיער.

— גיזי פליישמאַן און הרב ווייסמאַנדעל — בעמערקט ד״ר קאַסטנער אין זיין בעריכט — האָבען אויסגעדריקט זייער בעדויערן, וואָס סאַלי מאַיער און נישט קיין אַנדערע אידישע פערזענליכקייט וועט אונטערהאַנדלען. זיי האַלטען איהם פאַר אַ לאַנגזאַמען און קרענקליכען שטימונגס־מענש... (און דאָס האָט געזאָגט אויך פרוי גיזי פליישמאַן, די פערטרעטערין פון „דזשאָינט" אין סלאָ־

וואַקיי, ווען עס איז אויסגעקומען צו שטעהען אין כסדר'דיגער פערבינדונג מיט סאַלי מאַיער).

פון הרב ווייסמאַנדעל'ס דרייסטע פּלענער איז גאָרנישט געוואָרען. גאַנץ שנעל האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז צוליב דער אומגליקליכער פערשלעפּונגס־פּאָליטיק איז אויך געפאַלען אַלס קרבן דער לעצטער רעשט פון סלאָוואַקישען אידענטום, וואָס האָט העכער צוויי יאָהר אויסגעמיטען דעם גירוש קיין פּוילען אין די טויטען־לאַגערס אַריין.

דעם 26־טען סעפּטעמבער 1944 האָט דער פערטרעטער פון „ועד הצלה" אין שווייץ טעלעגראַפירט קיין ניו־יאָרק און אַלאַרמירט:[6])

„די סיטואַציע אין סלאָוואַקיי איז געוואָרען פערערגערט. דער נייטרער רב און זיינע מיטאַרבעטער זענען געוואָרען אַרעסטירט. די דעפּאָרטאַציעס ווּעלען באַלד ווערען בענייט. דער אויפשטאַנד איז געווען פריהצייטיג. מיר טאָן אַלעס מעגליכע אָפּצושטעלען די פערניכטונגען".

ד"ר קאַסטנער שטעלט זיך אָפּ אין זיין בעריכט גאַנץ אויספיהרליך איבער דער דאָזיגער פינאַל־טראַגעדיע פון סלאָוואַקישען אידענטום. ער שרייבט אָפען, אַלס דירעקט־בעטייליגטער אין די פערהאַנדלונגען מיט די העכסטע נאַצישע פיהרער, אַז ווען סאַלי מאַיער וואָלט געהאַנדעלט ענערגיש און ענטשלאָסען איז געווען אַ גרויסער שאַנס צו ראַטעווען די לעצטע סלאָוואַקישע אידען טראָץ דער נאַצישער בעשולדיגונג, דאָס די אידען זענען געשטאַנען בראש פון דעם דורכגעפאַלענעם סלאָוואַקישען אויפשטאַנד.

און ווידער־אַמאָל איז געווען קלאָר, אַז דער איינציגער וועג פון הצלה איז בעשטאַנען אין איבערקויפען די נאַצישע הויפּט־מערדער. דער וועג איז געווען אָפען, די נאַצישע פערמיטלער זענען געווען גרייט צו נעמען נישט דווקא קיין מיליטעריש־וויכטיגע אַרטיקלען נאָר אפילו טראַקטאָרען אָדער גאָר קאָפע, ווי קאַסטנער בעשטעטיגט דאָס אַלס עדות. און דאָך איז דאָס אומגליק נישט געוואָרען אויסגעמיטען, צוליב דער אידישער קורצזיכטיגקייט. עס איז דעריבער פערשטענדליך, הלמאי די פערטרעטונג פון „ועד הצלה" אין שווייץ האָט נישט געקענט מעהר בלייבען גלייכגילטיג צו סאַלי מאַיער'ס „שפּיצעל" און האָט גענומען זוכען אייגענע פערבינדונגען מיט די העכסטע נאַצישע אויטאָריטעטען, און טאַקע אויף דער איינציג־רעאַלער באַזע פון אויסקויף־געלד; פון „פדיון שבויים".

דעם 21־טען נאָוועמבער, 1944 האָט דער פערטרעטער פון „ועד הצלה" אין שווייץ טעלעגראַפירט קיין ניו־יאָרק דורך אַ שטרענג־פערטרויליכען קאַנאַל:[7])

6) לויט דעם אַרכיוו פון „ועד הצלה".
7) ווי אויבען.

„נאָך אויסשעפּענדיגע פערהאַנדלונגען מיט הימלער'ן מעלדעט אונז אונזער שליח װעגען דער מעגליכקייט צו עװאַקואירען 300 טויזענד אידען פון דעם שונא'ס לאַנד און פון זיינע אָקופּירטע געביטען אין נייטראַלע לענדער — די דאָזיגע עװאַקואַציע זאָל װערען דורכגעפיהרט אין טראַנספּאָרטען פון 15 טויזענד פּערזאָן יעדען חודש און דאָס געלד (אויסקויף־געלד) דאַרף װערען דעפּאָנירט אין אַ שװייצער באַנק לויט דער פּראָפּאָרציע פון 1 מיליאָן פראַנק פאַר דער בעפרייאונג פון יעדען טראַנספּאָרט — אין פּרינציפּ האָבען מיר בעשטעטיגט די פּראָפּאָזיציע, אונזער שליח איז אַ זעהר אײנפלוסרייכע און װיכטיגע פּערזענליכקייט. — מיר בעטען אייך נישט צו פאָדערן פון אונז קיין צוזאַמענאַרבעט מיטן „דזשאָינט" (געמיינט: סאַלי מאַיער), מיר האָבען אַזוי געטאָן, לויט אייער װאונש, אין דער פראַגע פון ראַטעװען די אונגאַרישע אידען און די רעזולטאַטען זענען געװען קאַטאַסטראָפאַלע. — די שװייצאַרישע און אַמעריקאַנער רעגירונגס־קרייזען פּאַװאָריזירען איהם (סאַלי מאַיער'ן), װייל ער בעמיהט זעלטען די דאָזיגע רעגירונגס־פאָרשטעהער"... —

פון דער דאָזיגער טעלעגראַם איז גענוג בולט דער דאָפּעלטער גרעַנגעל, װאָס דער „ועד הצלה" האָט געהאַט צו פיהרען פאַר דעם רעכט פון „פדיון שבויים" — אַזוי כלפּי חוץ װי כלפּי פנים. דאָ איז קודם־כל נויטיג אונטער־צושטרייכען, אַז דער שװער־פּונקט איז נישט געלעגען אין דער צענטראַלע פון „דזשאָינט" אין ניו־יאָרק. פערקעהרט — עס זענען פאַראַן גענוג בעװייזען, אַז אין געװיסע פּעריאָדען פון דער הצלה־אַרבעט איז געלונגען איינצושטעלען אַן ענגע צוזאַמענאַרבעט צװישען „ועד הצלה" און דעם „דזשאָינט". דער בעסטער בעװייז דערפאַר, איז דער פערלאַנג פון דער לייטונג פון „ועד הצלה" אין ניו־יאָרק, אַז זיין פערטרעטונג אין שװייץ זאָל אַרבעטען אין קאָנטאַקט מיטן דאָרטיגען „דזשאָינט" פאָרשטעהער. נאָך אַ מעהר איבערצייגענדער בעװייז איז דער פאַקט, װאָס װערט אונטערגעשטראָכען אין דעם אָפיציעלען בעריכט פון „װאָר רעפיודזשי באָרד", אַז אין דעם ענטשיידענדען מאָמענט פון די פערהאַנדלונגען מיט הימ־לער'ן אין בערלין האָט דער „דזשאָינט" מסכים געװען אויסצובאָרגען דעם „ועד הצלה" אַ סכום פון אַ מיליאָן דאָלאַר [8]. דער דורכפאַל פון ערנסטע רעטונגס־שאַנסען דאַרף גיכער װערען צוגעװיזען צום פערטרעטער פון „דזשאָינט" אין שװייץ.

און איצטער איז נויטיג צו בעלויכטען איניגע פּונקטען פון דער דערמאָנטער טעלעגראַם, װאָס בעלויכט די סיטואַציע פון דרויסען און פון אינעװעניג.

פּונקט 1: צו דער פראַגע פון דער פערשפּילטער רעטונג פאַר אונגאַ־רישען אידענטום.

---

8) אין אָפיציעלען ראַפּאָרט, ז' 43.

צום אָנהויב איז געווען אַ שאַנס צו ראַטעווען „אַ מיליאָן" אָדער ריכטיגער: דריי־פערטעל מיליאָן אונגאַרישע אידען. נאָכדעם איז צו אונזער בראָך און ווייטאָג דער גאַנצער „האַנדעל" מיט די נאַציס געוואָרען רעדוצירט צום... טראַנספּאָרט פון 1670 אַרויסגעראַטעוועטע אונגאַרישע אידען פון בערגען בעלזען! ווי מערקווירדיג איז עס געווען פעסטצושטעלען, אַז דער זעלבער „וואַר רעפיודזשי באָרד", וואָס האָט מיט אַזאַ לייכט האַרץ אָפּגעוואָרפען דעם נאַצישען אָנבאָט צו בעפרייען דאָס גאַנצע אונגאַרישע אידענטום, האָט גאָר געוואַלדיג שטאָלצירט מיטן פאַקט פון אויסקויפען שפּעטער ביי די נאַציס דעם בערגען־בעלזענער „טראַנספּאָרט", פאַר וועלכען עס איז אגב, לויט קאַסטנער'ס בעריכט בעצאָהלט געוואָרען גאַנצע טויזענד דאָלאַר פאַר אַ קאָפּ! אָט איז כאַראַקטעריסטיש צו ציטירען אַ רייע פערטרויליכע מעלדונגען פון „וואָר רעפיודזשי באָרד" צום „ועד הצלה" וועגען דער דאָזיגער בעגרעניצטער רעטונגס־אַקציע. אין אַ מעלדונג פון 26־טען אויגוסט, 1944 שרייבט דער עקזעקוטיוו־דירעקטאָר פון „באָרד": [9]

„איך בין זיכער, אַז איהר וועט זיין גליקליך צו הערען, אַז דער „באָרד" האָט אָקאָרשט בעקומען אַ בעריכט פון זיין פערטרעטער אין בערן, אַז 320 אונ־גאַרישע אידען, טראַנספּערירטע פון בערגען־בעלזען, זענען אָנגעקומען קיין שווייץ — מר. מעק־קלעלענד בעריכטעט אויך, אַז צווישען די 320 בעפרייטע אידען געפינען זיך זיכער רבנים און אַנדערע מיטגלידער פון דער „גרופּע פון 1200" וואָס וועגען זייער גורל זענט איהר געווען זעהר בעזאָרגט".

לויט אַ שפּעטערדיגען בעריכט פון „וואָר רעפיודזשי באָרד", דאַטירט דעם 8־טען דעצעמבער, 1944, זענען ווייטערדיגע 1355 אידען פון זעלבען בערגען־בעלזענער טראַנספּאָרט געוואָרען איבערגעפיהרט צו דער שווייצאַרישער גרעניץ. באַלד דערויף האָב הרב קאַלמאַנאָוויטש געשריבען אַ ספּעציעלען דאַנק־בריף צום „באָרד", אין נאָמען פון דער לייטונג פון „ועד הצלה". איז טשעקאַווע צו הערען וואָס דער הויפּט־דירעקטאָר פון „באָרד", מר. דזשעי. וו. פּעהלי, האָט צוריקגעענטפערט אין אַזאַ ריהרענדען בריף צום „ועד הצלה", אויף דער אַדרעס פון הרב קאַלמאַנאָוויטש: [10]

„איך האָב דערהאַלטען אייער בריף פון 11־טען דעצעמבער, 1944, אין וועלכען איהר דריקט אויס אייער פרייד איבער דער נייעס פון ראַטעווען די 1355 אידען פון בערגען־בעלזען. נייעס פון אַזאַ סאָרט ברענגט האָפנונג צו אַלע, וועלכע אַרבעטען אומאויפהערליך צו ראַטעווען די פערפאָלגטע אידען אין דעם שונא'ס געביט. — די געוואַלדיגע הומאַניטאַרע אונטערנעמונג, וואָס איז בעשטימט געוואָרען פאַר דעם „וואָר רעפיודזשי באָרד" איז פערבונדען מיט

9) לויט'ן אָריגינאַל אין אַרכיון פון „ועד הצלה".
10) אַרכיון פון „ועד הצלה".

פיעל שטערונגען און ענטוישונגען, אָבער דער פאַקט, אַז טויזענדער לעבענס זענען געראַטעוועט געוואָרען אַ דאַנק די דאָזיגע בעמיהונגען ווי אויך פון די פריוואַטע אָרגאַניזאַציעס, אַ שטייגער דער „ועד הצלה", ברענגט האָפנונג צו די אומגליקליכע מענשען אין אייראָפּע און ערמוטיגט די אַלע, וועלכע זעצען פאָר צו אַרבעטען פאַר זייער רעטונג און הילף. אייער קאָמיטעט דאַרף ווערען גראַטולירט פאַר זיין חלק צו דערמעגליכען דעם דאָזיגען פראָיעקט פאַר לעבענס־רעטונג". —

בקיצור, דער זעלבער „באָרד" וואָס האָט געהאָלפען בעגראָבען דעם פראָ־יעקט צו ראַטעווען דאָס אונגאַרישע אידענטום, איז אַריין אין התפעלות, ווען דער „ועד הצלה" האָט איבערגעבראַכט דעם קאָפּ פון „באָרד" אויסגעקויפט אַביסעל לעבעדיגע אידען!

פונקט 2: וועגען דעם פּאָזיטיווען איינפלוס, וואָס די זעלבסטשטענדיגע אַקציע פון „ועד הצלה" האָט געהאַט אויף סאַלי מאַיער'ן.

אין דער דאָזיגער הינזיכט איז געוויס גלויבענסווירדיג דאָס עדות־זאָגען פון קאַסטנער'ן, וועלכער איז אגב, אין זיין בעריכט נישט סימפּאַטיש פאַרן „ועד הצלה". פון זיין בעריכט איז צו לערנען צוויי זאַכען, אַז די פערטרעטער פון „ועד הצלה" אין שווייץ האָבען געזוכט אַלע מיטלען צו בעאיינפלוסען סאַלי מאַיער'ן נישט צו דערפיהרען זיינע פערהאַנדלונגען צו אַ צוזאַמענברוך, ווייל דאָס איז געוויס עלול אַרויסצורופען פאַטאַלע נקמה־שריט מצד די נאַצישע פערברעכער; און אַז סאַלי מאַיער אַליין האָט זיך דערשראָקען פאַר דער „קאָנ־קורענץ" פון „ועד הצלה" און איז אַ דאַנק דעם געוואָרען אַביסעל וייכער און נישט געלאָזט צום ענדגילטיגען איבעררייס פון די פערהאַנדלונגען.

— דעם 18־טען נאָוועמבער — דערצעהלט קאַסטנער — האָט קעטליץ, בעכער'ס פערטרעטער אין שווייץ, טעלעגראַפירט צום דאָזיגען נאַצי־הענדלער: „געלד נאָך נישט בעקומען, יעדעס מאָל נייע שוועריגקייטען. איך בין איבער־צייגט, אַז זיי (סאַלי מאַיער) האָבען עס גאָרנישט אין זינען" — דערנאָך מעל־דעט קעטליץ צו בעכער'ן, אַז ער פּרובט־אויס פערשידענע מעגליכקייטען פאַר ליפערונגען און עס איז איהם געלונגען „צו שאַפען איינינגקייט אויפן אידישען פראָנט", דערמיט האָט ער געגעבען אָנצוגעהערען וועגען זיינע געשפרעכען מיט פערטרעטער פון דער „אגודה" (לייען: „ועד הצלה") אין דער שווייץ איבערן קאָפּ פון סאַלי מאַיער.[11]

— דעם 29־טען נאָוועמבער — דערצעהלט ווייטער קאַסטנער — קומען מיר מיט אַן אויטאָ צו דער שווייצאַרישער גרעניץ. סאַלי מאַיער, וועלכער איז געוואָרען טעלעגראַפיש אינפאָרמירט וועגען אונזער קומען איז מעהר נישטאָ. ער

11) לויט קאַסטנער'ס בעריכטס־בוך.

האָט געוואַרט פון 4 ביז 6 נאָכמיטאָג און איז צוריקגעפאָהרען קיין סט. גאַלען. דאַקעגען ווערען מיר ערוואַרט דורך קעטליץ, בעכער׳ס דעלעגירטען און איינעם אַ הער רובינפעלד. קעטליץ ערקלערט זיך ענטשלאָסען איבערצורייסען מיטן בלאָף. נישט נאָר ער האָט נישט בעקומען קיין געלד, נאָר ער האָט אויך דער־האַלטען אַ בעפעהל צו פערלאָזען די שווייץ אין פערלויף פון 24 שעה. ער איז איבערצייגט, אַז סאַלי מאַיער׳ס האַנד שטעקט דערין. דאַקעגען האָט ער מיטגעברענגט דעם שווייצאַרישען אגודיסט, רובינפעלד, ווייל ער האָט דעם איינדרוק, אַז מיט די אָרטאָדאָקסען לאָזט זיך גיכער אַרבעטען. רובינפעלד ער־קלערט זיך פון זיין זייט גרייט אַריינצוגעהן אין די פערהאַנדלונגען אויפן אָרט פון סאַלי מאַיער און איבערצונעמען די פינאַנסירונג פון דער אַקציע. זיין אָר־גאַניזאַציע, די „ "HIJEFS" ״ (אַזוי איז געווען דער אָפיציעלער נאָמען פון דער שווייצאַרישער פערטרעטונג פון אגודת הרבנים אין אַמעריקע און דעם „ועד הצלה״), דיספּאָנירט מאָמענטאַל בלויז מיט 1 מיליאָן פראַנק, אָבער זאָלען ווייטערדיגע אידען־טראַנספּאָרטען בעפרייט ווערען פון דייטשלאַנד, קען ער דיספּאָנירען מיט גרעסערע פאָנדען.

און דאַן בעמערקט ד״ר קאַסטנער, אַז ערשט נאָכדעם ווי ער האָט וועגען דער דאָזיגער נייער „קאָמבינאַציע״ אַלאַרמירט סאַלי מאַיער׳ן איז דער לעצטער געקומען צו אַ ווייטערדיגער בעגעגניש און סוף־כל־סוף האָט ער איינגעשטימט אונטערצושרייבען אַ בריף, אַז די דיספּאָנירונג פון 20 מיליאָן פראַנק איז פער־זיכערט לטובת דעם גאַנג פון די ווייטערדיגע פערהאַנדלונגען... און ווידער האָט סאַלי מאַיער — לויט קאַסטנער׳ס בעריכט — גענומען פערשלעפּען די פערזיכערונג זיינע, ביז עס איז דעם 5־טען פעברואַר, 1945 אָנגעקומען אַ בע־פעהל פון בערלין אינגאַנצען איבערצורייסען די געשפרעכען מיט סאַלי מאַיער, און זיך צו קאָנצענטרירען אויף די פערהאַנדלונגען מיט דער נייער גרופּע (געמיינט, דעם שווייצאַרישען בונדעס־ראַט, מוסי, אין נאָמען פון „ועד הצלה״), און טאַקע לויטן הסכם מיט דער דאָזיגער גרופּע ווערען בעפרייט צומאָרגענס, דעם 6־טען פעברואַר, 1200 אידען פון טערעזיענשטאַדט. און ערשט אונטער דעם דאָזיגען דרוק האָט סאַלי מאַיער פאָרגעשטעלט די בעשטעטיגונג, אַז אויף זיין נאָמען און אויפן נאָמען פון פאָרשטעהער פון „וואָר רעפיודזשי באָרד״ אין שווייץ, מר. מעק־לעלען, ווערען דיספּאָנירט 20 מיליאָן פראַנק צום פערענדיגען די פערהאַנדלונגען...

פונקט 3: וועגען דער אָפענהערציגער פעסטשטעלונג, אַז סיי די שווייצאַ־רישע און סיי די אַמעריקאַנישע רעגירונגס־פאָרשטעהער זענען נישט געווען צופרידען, וואָס דער „ועד הצלה״ האָט זיי פערשאַפען צופיעל „קאָפּ־דרעהענישען״. דאָס איז דווקא געווען ריכטיג אין דער פולער מאָס, און דאָס איז געווען

דער בעסטער בעוויז פאַר דער מסירת־הנפש׳דיגער אַרבעט פון „ועד הצלה". די פערטרעטער פון „ועד הצלה" אומעטום, האָבען אַליין נישט געפונען קיין רוה און האָבען אַנדערע נישט געלאָזט צו־רוה. אַזוי איז עס געווען אין וואַשינגטאָן, אַזוי איז געשעהען אין דער שווייץ, און דאָס זעלבע איז געווען אין טערקיי, אין שוועדען און אַנדערע פלעצער. דער „ועד הצלה" האָט נישט געלאָזט דער־שטיקען דעם פיינליכען אידישען געשריי: „ראַטעוועט אונז!"

עס זענען פאַרהאַן געהיימע דאָקומענטען, וואָס בעווייזען, למשל, אַז די שווייצאַרישע רעגירונג איז אפשר גאָרנישט געווען אַזוי ענטציקט פון דער איבערראַשענדער ערשיינונג, וואָס די נאַציס האָבען בעפרייט איניגע אידען־טראַנספאָרטען פון די טויטען־לאַגערס און זיי איבערגעשיקט צו דער שווייצאַ־רישער גרעניץ. אין די אַקטען פון דעם נירענבערגער פּראָצעס „נומער 11" איז רעגיסטרירט אַ סעריע שטרענג־פערטרויליכע „נאָטיצען" פון דייטשען אויסערן־מיניסטעריום, אין שייכות מיט דער בעפרייאונג פון דער ערשטער גרופּע פון „די 318 בערגען־בעלזענער אידען" אין אויגוסט 1944. פון די דאָזיגע געהיימע „נאָטיצען" איז צו זעהען, אַז די שווייצאַרישע געזאַנדשאַפט אין בערלין האָט איניגע מאָל צודרינגליך פערלאַנגט פון נאַצישען אויסערן־מיניסטעריום גענויע אינפאָרמאַציעס „אין פאָרויס" וועגען יעדען טראַנספּאָרט אידען, וואָס זיי האָבען בדעה צוצושטעלען צו דער שווייצאַרישער גרעניץ. די העכסטע פיהרער פון נאַצישען אויסערן־אַמט אין בערלין האָבען זיך אָבער געקלאָגט, אַז זיי אַליין וויסען גאָרנישט פון די גאַנצע „ביזנעס" און דאָס אַלץ איז אָפּהענגיג פון הימ־לער׳ן און דעם הויפּט־אַמט פון געסטאַפּאָ און ס. ס....[12]

און וואָס שייך דער שטעלונג פון אַמעריקאַנער אָפיציעלען „וואָר רעפ־יודזשי באָרד" צו מאַנכע דרייסטע און געוואַגטע פּראָיעקטען פון „ועד הצלה" — איז ליידער צו קאָנסטאַטירען דעם פיינליכען אמת, אַז דער „באָרד" האָט אָפט־מאָל זיך גיכער געלאָזט בעגנוגנען מיט גאָרנישט־פערפליכטענדע סימפּאַטיע־אויסדרוקען, און דאַקעגען האָט ער אָפּגעוואָרפען פאָדערונגען און מאָהנונגען פאַר ענטשיידענדע שריט.

אין אָפיציעלען טעטיגקייטס־בעריכט פון „באָרד" קומט צום אויסדרוק די דאָזיגע צודרינגליכקייט און קאָמפּראָמיסלאָזיגקייט פון דעם „ועד הצלה", בנוגע יעדען מעגליכען שאַנס פאַר ראַטעווען אידען. אַזוי אַ שטייגער ווערען אין בעריכט אויספיהרליך געשילדערטביידע פּרובען צו פיהרען „אונטערהאַנדלונגען" מיט די נאַציס — סיי דורך קורט בעכער מיט סאַלי מאַיערן און סיי דורך מוסי דירעקט מיט הימלער׳ן. ווען עס איז די רייד מכח דער „דיפּלאָמאַטישער

12) לויט די דאָקומענטען פון „פּראָצעס נומער 11".

שפיעל״ פון סאַלי מאַיער׳ן שטרייכט אונטער דער ראַפּאָרט פון „באָרד״ די פולע איינשטימיגקייט זיינע מיטן דאָזיגען צוגאַנג „אויסצונאַרען די נאַציס״. אין קעגענזאַץ דערפון, ווען עס ווערט אַרויסגעברענגט די געשיכטע מיט מוסי׳ס פערהאַנדלונגען אין נאָמען פון „ועד הצלה״, בעטאָנט דער ראַפּאָרט, אַז דער „ועד הצלה״ האָט דרינגענד פערלאַנגט די ערלויבעניש פאַר „פדיון שבויים״, נאָר דער „באָרד״ האָט דערצו נישט דערלאָזען.

און די געשיכטע פון מוסי׳ס שליחות אין נאָמען פון „ועד הצלה״ פערדינט צו ווערען אויספיהרליך בעשריבען.

קאַפּיטעל 15

# דאָס היסטאָרישע שליחות פון „ועד הצלה״ צום נאַצישען הויפּט־מערדער, הימלער

די געוואַגטע רעטונגס־מיסיע פון מוסי׳ן אין דער צוועלפטער שעה פון דער נאַצישער הערשאַפט. — די דירעקטע און אומדירעקטע פּאָזיטיווע רעזולטאַטען פון דער מוסי־אַקציע. — אונטער וועמען׳ס איינפלוס האָט הימלער אַרויסגעגעבען דעם בעפעהל אָפּצושטעלען דעם אידען־מאָרד ? — ווי אַזוי דער „ועד הצלה״ האָט בעקומען דעם צוזאָג פון גענעראַל אייזענהאַוער, אַז די נאַצישע לאַגער־קאָמענדאַנטען זאָלען בעטראַכט ווערען אַלס קריגס־געפאַנגענע. — אַ צאָהל געלונגענע הצלה־אַקציעס אין דער סאַמע לעצטער מינוט, ערב דעם נאַצישען אונטערגאַנג.

דאָס איז געשען אין דער צוועלפטער שעה פון דער פערברעכערישער נאַצישער הערשאַפט, אין די לעצטע חדשים פון ענטשיידענעם מלחמה־יאָהר, 1944.

דער ריקצוג פון די געשלאָגענע דייטשע אַרמייען איז געגאַנגען אויף אַלע פראָנטען. היטלער׳ס מכלומר׳שטע „אומבעזיעגבאַרע״ האָרדעס זענען אַלץ פעסטער געוואָרען גענומען אין צוויי פייערן, פון מזרח און פון מערב. די סאָוויעטישע אַרמייען, וועלכע האָבען מאַרשירט פון מזרח האָבען שוין געהאַט גענומען דעם גרעסטען טייל פוילען, רוקענדיג זיך אין דער ריכטונג פון מזרח־פּרייסען און בערלין, און פון דער אַנדערער זייט זענען זיי דערביי געהאַט דערגאַנגען צו די טויערן פון בודאַפּעסט. די פעראייניגטע אַמעריקאַניש־ענגלישע אַרמייען, די רוהמפולע אינוואַזיע־דיוויזיעס, האָבען אויף דעם מערב־פראָנט שוין געהאַט בעזעצט גריכענלאַנד און איבער דער בעפרייטער פראַנקרייך האָבען זיי זיך שנעל גערוקט צו די גרעניצען פון היטלער־דייטשלאַנד. דער מיליטערישער רינג, וואָס איז געוואָרען פערוואָרפען איבערן האַלז פון דער נאַצישער בעסטיע, האָט געדראָהט זי ענדליך צו דערשטיקען.

אין זעלבען פעריאָד איז אָבער געשעהען נאָך עפּעס : בעת זייער אַריינמאַרש קיין פוילען האָבען די סאָוויעטישע אַרמייען ענטדעקט דעם ערשטען נאַצישען טויטען־לאַגער אין מיידאַנעק, און אין לובלין, די צייטווייליגע הויפּט־שטאָדט פון נאַציש־בעפרייטען פוילען, איז אויף דער שנעל געוואָרען צוגעגרייט

דער עפּענטליכער משפּט איבער די נאַצישע קאָמענדאַנטען פון דער מאָרד־פאַבריק אין מײדאַנעק.

אויפן פּאָן פון די דאָזיגע דעצידירענדע געשעהענישען האָבען דעריבער געמוזט אָפּהילכען מיט אַ בעזונדערער ערנסטקײט די אַלע כסדר׳דיגע פערטרויליכע אַלאַרמען, אַז די פערשפּילטע און קאָמפּראָמיטירטע נאַצישע הויפּט־פיהרער זוכען זיך ביטער נוקם צו זײן אין די לעצטע רעשטלעך פון די לעבען־געבליבענע אידען אין אײראָפּע, און דורך אַ דראַקאָנישען בעפעהל אויסצומאָרדען די נאָך װעניגע דערהאַלטענע אידען־לאַגערס, ממש ביז צום לעצטען איד, פּלאַנירען זײ אָפּצומעקען, כדי עס זאָל נישט פערבלײבען קײן שום שפּור אויף די סצענעס פון די שוידערליכסטע פערברעכענס.

אין אַזאַ גרויזאַמער, כמעט האָפנונגסלאָזער שעה איז אין חודש אָקטאָבער, 1944 געװאָרען אונטערגענומען די געװאַגטע מיסיע אין נאָמען פון „ועד הצלה״, װאָס איז געװען געריכטעט דירעקט צום הויפּט־אידען־מערדער אין בערלין, הימלער, דעם שעף פון דער געסטאַפּאָ און פון די ס״ס.

מיט דער פולער מאָס פון היסטאָרישער אחריות דאַרף װערען פעסט־געשטעלט, אַז דאָס דאָזיגע העכסט־געװאַגטע שליחות, װאָס האָט בעגעגענט אַזוי־פיעל שטערונגען און בעשװערונגען סײ פון דרויסען און סײ פון אינעװעניג, האָט דאָך געבראַנגט גאַנץ איבעראַשענדע פּאָזיטיװע רעזולטאַטען. שטיצענדיג זיך אויף די אויטענטישע דאָקומענטען מעג מען אפילו ריזיקירען מיט דער פעסטשטעלונג, אַז די לעבען־פערבליבענע אידען אין די נאַצישע פײניגונגס־לאַגערן האָבען אין אַ היפּשער מאָס צו פערדאַנקען זײער רעטונג דער דאָזיגער שליחות פון „ועד הצלה״, װאָס איז געװאָרען אויסגעפיהרט דורך דעם געװעזענעם פּרעזידענט פון שװײצאַרישען בונדעס־ראַט און לאַנג־יעהריגען נאַצישען פער־בינדעטען, מוסי.

און אַז אין דער דאָזיגער פעסטשטעלונג שטעקט נישט קײן ברעקעל גוזמא זאָגען עדות פיעל ערשט־ראַנגיגע דאָקומענטען, װאָס װעלען דאָ װערען פאָרגעשטעלט אין אַ סיסטעמאַטישער אָרדנונג.

קודם־כל איז נויטיג פעסטצושטעלען, אַז פאַקטיש האָט זיך דאָ נישט געהאַנדעלט אין אַן אײנמאָליגער רעטונגס־מיסיע קײן בערלין. דער ספּעציעלער שליח פון „ועד הצלה״, מוסי, איז געפאָהרען אײניגע מאָל אַהין־און־צוריק קײן בערלין, און מיט הימלער׳ן פּערזענליך האָט ער געהאַט אַ צאָהל בעגעגענישען און געשפּרעכען, אויסער מיט די נאָהנסטע מיטאַרבעטער און ראַטגעבער זײנע. פּראַקטיש גענומען האָט זיך די מוסי־מיסיע געצויגען 8 חדשים אָהן איבעררײס, פון אָקטאָבער, 1944 ביז דעם סאַמע לעצטען טאָג פון נאַצישען צוזאַמענברוך, דעם 8־טען מאַי, 1945. דאָס איז ממילא געװען אַ דויערענדע, אומדערמידליכע

רעטונגס־אַקציע, אונטער די סאַמע שווערסטע פּאָליטיש־מיליטערישע בעדינגונגען און ביי די סאַמע לעבענס־געפעהרליכסטע רייזע־אומשטענדען אין דער העפטיג־באָמבאַרדירטער דייטשלאַנד, וואָס קיין אַנדערער שליח, ווי מוסי וואָלט געוויס גאָרנישט ריזיקירט אַזעלכעס אונטערצונעמען. (מוסי אַליין בעצייכענט אין זיין ראַפּאָרט, אַז ער האָט דורכגערייזט העכער 30 טויזענד קילאָמעטער און צעהנד־ליגער מאָל איז ער געוואָרען באָמבאַרדירט אויף די שאָסייען, בשעת ער האָט זיך בעוועגט אין זיין אייגענעם אויטאָמאָביל, זוכענדיג צו כאַפּען הימלער׳ן, וועלכער האָט ווידער כסדר געהאַט צו אינספּעקציאָנירען די פראָנטען...)

די דערגרייכונגען פון מוסי׳ס אומאויפהערליכע אינטערווענצען אין בער־לין, אין נאָמען פון „ועד הצלה״ לאָזען זיך פאָרמולירען אויף אַזאַ אופן:

1) מיט זיין ערשטער רייזע — אין אָקטאָבער־נאָוועמבער, 1944 — האָט ער דערגרייכט דעם פּרינציפּיעלען הסכם מיט הימלער׳ן, וועלכער האָט פון זיין זייט באַלד אַרויסגעגעבען דעם בעפעהל אָפּצושטעלען אַלע אידען־עקזעקוציעס אין די נאַצישע לאַגערן.

2) בעת זיין צווייטער רייזע, וואָס האָט זיך געצויגען גענוג לאַנג — פון ענדע דעצעמבער, 1944 ביז האַלב יאַנואַר, 1945 — איז מוסי׳ן געלונגען איבערצייגען הימלער׳ן, אַז דאָס לאָזען ביים לעבען די לעצטע אידען איז עלול צו ברענגען פאַר די נאַציס גרויסען פּאָליטישען נוצען (און דאָס אומאָפּהענגיג פון דעם סכום אויסקויף־געלד, וואָס עס לאָזט זיך דערפאַר אַרויסבעקומען).

3) צו דער זעלבער צייט האָט מוסי בעוויזען אַרויסצובעקומען פון הימלער׳ן די ערלויבעניש, אַז דער אינטערנאַציאָנאַלער רויטער קרייץ זאָל ווערען צוגעג־לאָזט צו אינטערווענירען לטובת די אידישע אינטערנירטע אין די נאַצישע לאַגערן און אין הימלער׳ס נאָמען האָט זיך מוסי באַלד דערנאָך געשטעלט אין פערבינדונג מיטן פּרעזידענט פון אַלוועלטליכען רויטען קרייץ, בורקהאַרדט.

4) נאָך זיין ווייטערדיגען בעזוך אין פעברואַר, 1945, האָט מוסי זיך צוריקגעקעהרט קיין שווייץ צוזאַמען מיט דעם רעטונגס־צוג פון 1210 אידען בעפרייטע פון טערעזיענשטאַדט, וואָס דאָס האָט בעדייט אַן אָפענער ברוך אין היטלער׳ס מאָרד־פּאָליטיק לגבי די לעצט־דערהאַלטענע אידען.

5) אין גאַנג פון זיינע ווייטערדיגע בעמיהונגען — אין מערץ 1945 — האָט מוסי דורכגעפיהרט דעם שטילען אָפּמאַך צווישען הימלער׳ן און דער אַמעריקאַנער מיליטערישער הויפּט־קאָמאַנדע (לייען: גענעראַל אייזענהאָווער), אַז די ס״ס־קאָמענדאַנטען פון די קאָנצענטראַציע־לאַגערן זאָלען נישט ווערען דערשאָסען אויפן אָרט, דורך די אַריינמאַרשירענדע זיגערישע אַרמייען, נאָר זאָלען געשטעלט ווערען פאַר מיליטערישע געריכטען ווי קריגס־געפאַנגענע —

און בלויז אַ דאַנק דעם דאָזיגען געהיימען הסכם איז געוואָרען אויפגעהאַלטען די „ליקווידאַציע" פון איניגע גרויסע אידען־לאַגערס.

6) די שפּעטערדיגע אַקציע — אין אַפּריל־מאַי, 1945, ממש ביז דער ענדע פון קריג — איז געוואָרען דורכגעפיהרט דורך דעם יונגען מוסי, ווייל דער אַלטער מוסי, דער כמעט זיבעציג־יעהריגער, איז געבליבען שטעקען ביים אָנהויב וועג צוליב דעם פאַרמאַרש פון די אַליאירטע אַרמייען, און דאָך איז דעם יונגען מוסי געלונגען פיעל צו לייסטען אין דעם סאַמע לעצטען פערביסענעם גראַנגעל צווישען די נאַצי־פיהרער זעלבסט, אַרום דעם גורל פון די אידישע אינטערנירטע אין בערגען־בעלזען, בוכענוואַלד ווי אויך טערעזיענשטאַדט.

און איצטער בלייבט אויפצומישען די אויטענטישע דאָקומענטען, וואָס בעשטעטיגען די אויסגערעכענטע היסטאָרישע פעסטשטעלונגען.

## (1) — וועגען הימלער'ס בעפעהל אָפּצושטעלען די אידען־פערניכטונג.

דעם 25־טען אָקטאָבער 1944 האָט מר. יצחק שטערנבוך, דער פאָרשטעהער פון „ועד הצלה" אין דער שווייץ, טעלעגראַפירט צום „ועד הצלה" אין ניו יאָרק:

„(שטרענג־פערטרויליך). אונזער שליח איז שבת אַרויסגעפאָהרען קיין בער־לין — מיר האָבען איהם געגעבען זעכציג טויזענד שווייצאַר־פראַנק אויף רייזע־קאָסטען — מיר האָבען איהם צוגעזאָגט אַ מיליאָן שווייצאַר־פראַנק און אויב נויטיג מעהר, אין פאַל ווען זיין מיסיע וועט זיין דערפאָלגרייך — מיר זעהען נישט פערפליכטעט צו צאָהלען, נאָר ווען די בעשטימטע פערזאָנען וועלען אָנקומען צו דער שווייצאַרישער גרעניץ — ווייטערדיגע אינפאָרמאַציעס וועלען אַרויסגעשיקט ווערען קירצליך".[1]

דעם 20־טען נאָוועמבער 1944, נאָכדעם ווי דער דערמאָנטער שליח האָט פערברענגט אויף זיין רייזע כמעט אַ חודש צייט, האָט שטערנבוך טעלעגראַפירט קיין ניו יאָרק:

„(שטרענג־פערטרויליך). אונזער שליח האָט געברענגט פון בערלין די פּראָ־פּאָזיציע צו דעפּאָנירען גרעסערע סומען פאַר אַ סיסטעמאַטישער עוואַקואַציע פון די אידען פון דייטשלאַנד — די פערהאַנדלונגען ווערען פאָרטגעזעצט — ווייטערע איינצעלהייטען קומען — אין צווישען־צייט איז געוואָרען פערזיכערט דער צוזאָג אָפּצושטעלען די עקסטערמינאַציעס אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן — אויפן יסוד פון אַן אינטערווענץ דורכן נונציוס אין בערן האָט די דייטשע רע־גירונג בעשטעטיגט דעם דאָזיגען צוזאָג פאַרן וואַטיקאַן — עס איז אויך געוואָרען

1) לויט די אָריגינאַל־דעפּעשען אין די אַרכיוון פון וועד הצלה.

בעשלאָסען, אַז די לאַגערן אין אויבער־שלעזיע וועלען זיך געפינען אונטער דער קאָנטראָל פון אינטערנאַציאָנאַלען רויטען קרייץ״.[2]

מוסי אַליין האָט אין זיין שפּעטערדיגען ראַפּאָרט דערצעהלט פאָלגענדעס וועגען די רעזולטאַטען פון זיינע ערשטע פערהאַנדלונגען מיט הימלער׳ן:

— „דער געשפּרעך איז געוואָרען פערענדיגט אין אַ צופרידענשטעלענדער שטימונג, ווייל צווישען הימלער׳ן און מוסי, דעם רעפּרעזענטאַנט פון „אגודת הרבנים״ אין אַמעריקע, איז געוואָרען דערגרייכט אַזאַ הסכם, (1) די דייטשען פערזיכערן צו בעפרייען אַלע אידען, אינטערנירטע אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן אין די טעריטאָריעס, וואָס זענען בעזעצט דורך דייטשלאַנד. — (2) די דאָזיגע בעפרייאונג, וואָס דאַרף זיך גלייך אָנפאַנגען, דאַרף ווערען רעאַליזירט אויף די בעדינגונגען פון אַ קאָמפּענסאַציע, וואָס דאַרף ווערען פעסטגעשטעלט אַזוי שנעל, ווי די אָרגאַניזאַציע, וואָס איך (מוסי) פערטרעט דאָ, וועט אַקצעפּטי־רען דעם דאָזיגען פּרינציפּ״.[3]

אין די „אויספיהרונגען״ צו זיין פערטרויליכען ראַפּאָרט האָט מוסי צו־געגעבען דערצו:

— „מיר זענען געווען די ערשטע אָוועקצושטעלען די פראַגע פון בעפרייען די אידען און צו בעקומען די ערשטע בעפרייאונגען. גענעראַל שע־לענבערג און גערינג האָבען פיעל מאָל ווידערהאָלט, אַז דאָס זענען געווען די דויערענדע אינטערווענצען פון מוסי׳ן ביי הימלער׳ן, וואָס האָבען צוגעגרייט דעם באָדען און געעפענט דעם וועג פאַר בעפרייען די אידען. ווען נישט דער דאָזיגער פּרעצעדענס וואָלט די אַקציע נישט געקענט ווערען דורכגעפיהרט״.

מוסי׳ס דאָזיגע בעשיידען־געהאַלטענע פעסטשטעלונג איז שפּעטער גע־וואָרען אונטערגעהאַלטען דורכן גענעראַל שעלענבערג, בעת זיינע עדות־ערקלע־רונגען פאַרן נירענבערגער מיליטערישען טריבונאַל.

— „מוסי האָט געוואָלט — לויט שעלענבערג׳ן — בעצוועקען צוויי זאַכען: ערשטענס, צו ווירקען אויף הימלער׳ן, אַז ער זאָל פערלייכטערן דעם גורל פון די אידען, וואָס געפינען זיך אין דייטשלאַנד; צווייטענס, צו קומען צו אַ הסכם וועגען ערלויבען די אידען אַרויסצופאָהרען קיין אַמעריקע, בענוצענדיג די שווייץ אַלס טראַנזיט־לאַנד.

„הימלער האָט נאָך אַ לאַנגען ישוב־הדעת בעשלאָסען — זאָגט שעלענ־בערג — מסכים צו זיין אויף ביידע פאָרשלאַגען. בנוגע דער פערלייכטערונג פון מצב פון די אידען האָט ער אָנגעשריבען אַ בעפעהל צו זיין ממלא־מקום, קאַלטענברונער, און נאָך צו אַ צווייטען געסטאַפּאָ־פיהרער (וועמענס נאָמען ער

---

2) לויט דער זעלבער קוועלע.

3) מוסי׳ס ראַפּאָרט אין פראַנצויזיש, ז׳ 27.

געדענקט נישט גענוי, נאָר עס דוכט זיך איהם, אַז דאָס איז געווען דער גענעראַל־אינספּעקטאָר פון די קאָנצענטראַציע־לאַגערן, ס״ס־גרופּען־פיהרער, גליקס), אַז מהיום והלאה מוז מען גאַראַנטירען אַלע אידען אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן „אַ גוטע בעהאַנדלונג״ און אין דער צוקונפט „טאָר מען קיין איד גאָרנישט טאָן״. בנוגע דעם אַרויספאָהרען פון די אידען קיין אַמעריקע, דורך דער שווייץ, האָט הימלער פּרינציפּיעל מסכים געווען, אָבער די פּרטים זענען נישט געוואָרען אָפּגערעדט. דאָס איז פערבליבען פאַר אַ צווייטער בעגעגעניש״.[4]

דאָס האָט פעסטגעשטעלט שעלענבערג, וועלכער איז לויט מוסי׳ס ראַפּאָרט אַנוועזענד געווען בעת די קאָנפערענצען מיט הימלער׳ן.

דאָ דאַרף מען בעמערקען אַז עס איז פאַראַן אַן אַנדערע מיינונג וועגען דעם ווער עס האָט בעוואויגען הימלער׳ס בעפעהל צו קאַלטענברונער׳ן אָפּצושטעלען די אידען־רציחות, די דאָזיגע מיינונג שטאַמט פון ד״ר קאַסטנער׳ן, וועלכער האָט אין זיין בעריכטס־בוך פון יאָהר 1946 געהאַט געשריבען אַזוי:

„דעם 26־טען נאָוועמבער קומט בעכער מיט וויכטיגע פערזיכערונגען פון הימלער׳ן, אַ בעפעהל אָפּצושטעלען די פערניכטונג פון אידען אין אוישוויץ, „דאָס אידישע לעבען צו רעספּעקטירען״ און אַז די ס״ס־פיהרער זענען דערפאַר „פּער־זענליך פעראַנטוואָרטליך״. דער דאָזיגער בעפעהל איז געוואָרען איבערגעוויזען צו קאַלטענברונער׳ן״.[5]

קאַסטנער׳ס אָנדייטונג איז געווען, אַז דער דאָזיגער קורט בעכער, דער הויכער ס״ס־אָפיציר, וועלכער איז געווען דער נאַצישער הויפּט־פערטרעטער אין די לאַנג־פערשלעפּטע פערהאַנדלונגען מיט סאַלי מאַיער, דעם „דזשאָינט״־פאָרשטעהער אין דער שווייץ, זאָל עס גאָר האָבען אויסגעווירקט ביי הימלער׳ן אַזאַ סאָרט איבעראַשענדען בעפעהל.

קאַסטנער׳ס דאָזיגע „טעזע״ וואָס איז מיט אַ בעזונדערן אייפער געוואָרען דורך איהם אונטערגעהאַלטען אויף זיין פּראָצעס אין ירושלים, שטימט אָבער נישט מיט די פאַקטען און קלינגט לחלוטין נישט איבערצייגענדיג, און דאָס צוליב כמה טעמים:

ערשטענס — קאַסטנער אַליין שילדערט אין זיין בעריכט מיט דער גרעסטער פערביטערונג, ווי דער זעלבער קורט בעכער האָט זיך געפיהלט העכסט־ענטוישט און אָפּגענאַרט פון סאַלי מאַיער׳ס גרינגשעצענדע בעציהונג צו די גאַנצע פערהאַנדלונגען, טאָ ווי לאָזט זיך דאָס גלויבען, אַז הימלער זאָל פּלוצלינג און אָהן שום קאָמפּענסאַטע זיך דעצידירען אויף אַזאַ ענטשיידענעם, רעוואָלוציאָנערען שריט אָפּצושטעלען דעם אידען־מאָרד דורך אַ דירעקטען בעפעהל?

4) לויט ד״ר קאַסטנער׳ס בעריכטס־בוך (מימאָגראַפירט), ז׳ 192.
5) לויט ד״ר לעווין׳ס בוך „חורבן איראָפּע״, ז׳ 283.

צווייטענס — קאַסטנער בעמערקט אין זיין באריכט אַז אין יענע טעג האָט זיך שוין בעכער זעלבסט געפיהלט זיכערער אונטער דעם איינפלוס פון די פערהאַנדלונגען מיט די נאַצישע קרייזען, וואָס די אָרטאָדאָקסישע פאַרשטעהער אין דער שווייץ האָבען אונטערגענומען איבערן קאָפּ פון סאַלי מאַיער׳ן און דערמיט האָט ער, קאַסטנער, אַרויסגעפיהרט דעם ענין אויף די שפּורען פון מוסי׳ס געוואַגטער מיסיע.

דריטענס — לויט קאַסטנער׳ן שטימען עפּעס נישט די דאַטען אין דער ענטוויקלונג פון די געשעהענישען, זיינע פערמיטלונגס־פּרובען מיט די נאַצים האָבען זיך געצויגען זינט אויגוסט 1944, ווען סאַלי מאַיער האָט זיך געטראָפען מיט קורט בעכער׳ן אויף דער גרעניץ־בריק פון סט. מאַרגאַרעטען, ביים עסטרייכיש־שווייצאַרישען גרעניץ־פּונקט. די שפּעטער־ענטדעקטע עווידענץ פון טויטען־לאַגער אין אוישוויץ בעווייזט, אַז נאָך ביז צו דער ענדע פון חודש אָקטאָבער 1944 זענען דאָרט געווען טעטיג די קרעמאַטאָריע־אויווענס און די לעצטע אידישע טויטען־צוגען זענען געוואָרען אַהינגעבראַכט פון טערעזיענשטאַדט, און גענוי דעם 17־טען נאָוועמבער (טאַקע, ריכטיג נאָכדעם ווי מוסי האָט געהאַט געשלאָסען דעם אָפּמאַך מיט הימלער׳ן אין בערלין!) איז אָנגעקומען דער אַלערהעכסטער בעפעהל פון הימלער׳ן איבערצורייסען די מאַסען־עקזעקוציעס אויף אידען.[6]

## (2) — וועגען הימלער׳ס „פּאָליטישען נוצען" צו דערהאַלטען ביים לעבען די לעצט־פערבליבענע אידען.

גענעראַל שעלענבערג, דער אויגען־עדות פון די פערהאַנדלונגען מוסי־הימלער, האָט אונטערגעשטראָכען דעם פאַקט, אַז הימלער האָט זיך ספּעציעל אינטערעסירט „מיט דער פּערזאָן פון מוסי" און דערוועגען געפיהרט לאַנגע אויספאָרשונגען.

מוסי זעלבסט שרייבט אין זיין ראַפּאָרט, אַז בעת זייער ערשטער בעגעגניש האָט הימלער אויסדריקליך געפּאָדערט אויסקויף־געלד פאַר אידען אין דער פאָרם פון וויכטיגע מיליטערישע ליפערונגען:

— „איך האָב געבעטען הימלער׳ן ער זאָל איינשטימען אָנצוצייכנען כאָטש בערך די אַרטיקלען, וואָס וועלען דאַרפען פאַרשטעלען די קאָמפּענסאַטע. ער האָט מיר געענטפערט, אַז די ענדגילטיגע ליסטע וועט ווערען אָנגעצייכענט נאָכדעם ווי דער צווייטער צד וועט איינשטימען אין פּרינציפּ, אָבער ער איז מיר שוין גרייט צו זאָגען, אַז ער האָט זעהר נויטיג צו בעקומען טראָקס, טראַק־

6) לויט דעם דאָקומענטאַרישען בוך „דהי פיינל סאָלושאַן", ז' 455.

טאָרען, אויטאָמאָבילען, מאַשינען א. ד. גל. איך האָב איהם זאָפאָרט בעטאָנט, אַז דאָס וואָלט געווען זעהר בעשווערט צו פערזאָרגען דייטשלאַנד מיט אַזאַ סאָרט קאָמפענסאַטע. יעדע ליפערונג פון מאַשינען פון אַזאַ פערנעם איז אונטער „פריאָריטי" און שטרענגער קאָנטראָל, ווען עס האַנדעלט זיך אין אַ ליפערונג פאַר אַ קריגס־פיהרענדער מלוכה, — שליסליך האָב איך איהם געפרובט איבערצייגען וויפיעל לייכטער עס וואָלט געווען, אַז דייטשלאַנד זאָל זיך בעג־נוגנען מיט אַן אויסלענדישער וואַלוטע, צו וועלכער עס וואָלט נאָך מעגליך געוואָרען צוגעגעבען אַ טראַנספאָרט פון מעדיצינישע אַרטיקלען."[7]

מוסי דערצעהלט אַז ער האָט זיך גלייך געלאָזען צוריק קיין שווייץ, זוכענדיג איינצוהאַנדלען פאַר הימלער׳ן וועלכע־עס־איז אַרטיקלען, זאָל עס זיין מעדיקאַמענטען:

„ווען איך בין געווען צוריק האָב איך זיך געשטעלט אין קאָנטאַקט מיט „ציבא" (אַ בעקאַנטע שווייצאַרישע מעדיקאַמענטען־פאַבריק) וועגען דער אויס־זיכט צו בעקומען אַ נויטיגען זאַפאַס פון „ציבאזאָל", וואָס איך האָב געהאַט בדעה צו פראָפאָנירען צו דייטשלאַנד אַלס פאָרם פון קאָמפענסאַטע. די הויפט־דירעקציע פון דער פאַבריק אין באַזעל האָט מיך אינפאָרמירט, אַז אויך אין דער דאָזיגער פראַגע איז איינגעפיהרט דער פרינציפ פון „פריאָריטי". דאָך איז געווען אַ שאַנס די דאָזיגע שוועריגקייט בייצוקומען. אָבער אַ געהעריגען זאַפאַס וואָלט געווען מעגליך צו בעקומען ערשט נאָכדעם ווי „ציבא" וועט דאָס בע־ווייזען צו פראָדוצירען — דאָס מיינט צו זאָגען איניגע מאָנאַטען".

ביי אַזאַ לאַגע וואָלט יעדער ווייטערדיגער פרוב צו פערהאַנדלען געווען צוועקלאָז, און דערפאַר האָט מוסי, אַ דאַנק זיין פערזענליכען פאָליטישען קרעדיט ביי די נאַציס, געזוכט אַריבערצופיהרען דעם גאַנצען „האַנדעל" אויף פאָליטישע רעלסען — און דאָס איז איהם קענטיג געלונגען:

„איך האָב זיך צוריק געלאָזען קיין בערלין, כדי לאָזען וויסען הימלער׳ן, וואָס׳ערע געוואַלדיגע שוועריגקייטען דער גאַנצער סיסטעם פון קאָמפענסאַציע מוז אַרויסרופען. ביי מיין אָנקומען קיין בערלין, האָב איך פערלאַנגט אַ זאָ־פאָרטיגען געשפרעך מיט הימלער׳ן. גענעראַל שעלענבערג האָט מיר ערקלערט, אַז דאָס וועט זיין מעגליך צו אַראַנזשירען דעם נעקסטען טאָג, 4 אַזייגער. די רייזע איז געוואָרען דורכגעפיהרט אין מיין אויטאָמאָביל. מיר האָבען געהאַט צו מאַכען טויזענד קילאָמעטער צו כאַפען הימלער׳ן און צו קאָנפערירען מיט איהם אין ווילדבאַד, אין „שוואַרץ־וואַלד". — די לאַנגע געשפרעכען מיינע אין וויען און אין ווילדבאַד האָבען געברענגט פרוכט. מיר איז געלונגען איבערצוצייגען הימלער׳ן, אַז פאַר דייטשלאַנד איז צום ווייטיגסטען נישט אַרויסצובעקומען

7) לויט מוסי׳ס ראַפאָרט, ז״ז 4 און 5.

מאַטעריעלן פּראָפיט פון דער פראַגע, נאָר צו געווינען דערפון אַ געוויסען פּאָליטישען נוצען, דאָס מיינט צו זאָגען, אַ פערבעסערונג אין אויסלאַנד, ספּעציעל אין אַמעריקע, אין דער עפענטליכער מיינונג בנוגע דייטשלאַנד. אויפן דאָזיגען פונקט איז מיר געלונגען״.

פון מוסי׳ס ראַפּאָרט איז צו זעהען, אַז הימלער׳ס נאָהנטע פּאָליטישע ראַטגעבער, דער דערמאָנטער גענעראַל שעלענבערג ווי אויך דער הויכער ס״ס־פיהרער, גערינג, האָבען נאָך אין אַ גרעסערער מאָס געוואוסט אָפּצושאַצען דעם פּאָליטישען שאַנס פון בעפרייען דאָס לעצטע ביסעל אידען:

„גענעראַל שעלענבערג און גערינג זענען געווען ערנסט פעראינטערעסירט אין אונזער אויפגאַבע. זיי זענען געווען איבערצייגט אין דער גרויסער וויכטיגקייט, וואָס דאָס בעדייט פאַר דייטשלאַנד, צו בעפרייען אַלע קאָנצענטראַציע־לאַגערן אָהן קאָמפּענסאַטעס און אָהן בעדינגונגען. דאָס איז מעגליך געווען דער לעצטער שאַנס — זיי האָבען געוואוסט, אַז דאָס איז איין שאַנס אויף אַ מיליאָן״.

טראָצדעם, וואָס דער „פּאָליטישער מאָמענט״ איז געוואָרען אַריינגעפיהרט אין „האַנדעל״ — רעדט זיך דאָך אַלץ ווייטער אין מוסי׳ס ראַפּאָרט וועגען אַ געלד־קאָמפּענסאַטע פון פיעל מיליאָנען פראַנק, מכלומר׳שט פאַר אַ „פאָנד לטובת די נויטליידענדע דייטשען״...

**(3) — וועגן הימלער׳ס צושטימונג אַז דער אינטערנאַציאָנאַלער רויטער קרייץ זאָל ווערען צוגעלאָזען אין די נאַצישע קאָנצענטראַציע־לאַגערן.**

אין זיין בעריכט דערצעהלט מוסי:

— „צוליב דעם, וואָס אונזער אויפגאַבע ביים רעאַליזירען דעם גאַנצען פּראָיעקט (פון בעפרייען אַלע אידישע אינטערנירטע אין די לאַגערן) איז געווען אומגעהויער, האָב איך געטראַכט, אַז די הילף פון אינטערנאַציאָנאַלען רויטען קרייץ, מיט זיין מעכטיגער אָרגאַניזאַציע, וואָלט געווען זעהר נוצליך. ביז צו יענעם מאָמענט האָט דער רויטער קרייץ גאָרנישט געהאַט צו טאָן מיט דער בעפרייאונג פון די דעפּאָרטירטע פערזאָנען. איך האָב אויספיהרליך אויפגעקלערט הימלער׳ן וועגען דעם רויטען קרייץ, זיינע אַקטיוויטעטען און וועגען זיין טאַלאַנטפולען פּרעזידענט, מר. בורקהאַרדט. איך האָב אונטערגעשטראָכען די פּראַקטישע בעדייטונג פון אַ קאָנפערענץ צווישען מר. בורקהאַרדט און די דייטשע מאַכט־אָרגאַנען. הימלער האָט מיר צוגעזאָגט, אַז עס וועט ווערען אַרויסגעשיקט אַן איינלאַדונג צום רויטען קרייץ. בעת מיין צוריקקעהר קיין שווייץ האָב איך אָנגערופען מר. בורקהאַרדט, כדי צו אינפאָרמירען איהם וועגען דעם, וואָס איך האָב געזעהען אין דייטשלאַנד און וועגען דער מעגליכקייט, וואָס שטעהט איצטער אָפען פאַרן רויטען קרייץ צו העלפען און בעפרייען די דע־

פּאַרטירטע, וועלכע געפינען זיך איצט אין די דייטשע קאָנצענטראַציע־לאַגערן.[8]

פון אַן אַנדערער מאַסגעבענדער קוועלע איז זיך טאַקע צו דערוויסען אויף וויפיעל מוסי׳ס איניציאַטיוו בנוגע דעם אינטערנאַציאָנאַלען רויטען קרייץ האָט געבראַכט גאַנץ שנעלע רעזולטאַטען. אין איינקלאַנג מיט מוסי׳ס בעריכט האָט פּראָפעסאָר בורקהאַרדט, דער פּרעזידענט פון רויטען קרייץ, זיך געשטעלט ענדע יאַנואַר 1945 אין דירעקטער פערבינדונג מיטן דייטשען אויסערן־מיניסטעריום און ער האָט בעקומען אַ צוזאָג, אַז עס וועט צוגעלאָזען ווערען הילף פאַר די קאָנצענטראַציע־לאַגערן, בתנאי, אַז די לאַסט־אויטאָס זאָלען ווערען געפיהרט דורך פּערטרויאונגסווערטע פּערזאָנען פון צווישען די קריגס־געפאַנגענע. שפּעטער, דעם 2־טען פעברואַר 1945, האָבען צוויי פאָרשטעהער פון שווייצאַרישען רויטען קרייץ בעקומען די ערלויבעניש צו בעזוכען דעם צענטראַלען אינספּעקטאָריאַט פון די קאָנצענטראַציע־לאַגערן אין אָראַניענבורג, וואָס בלויז הימלער האָט געקענט אַראַנזשירען אַזאַ סאָרט וויזיט.[9]

דער דאָזיגער איינגעשטעלטער קאָנטאַקט צווישען הימלער׳ן און דעם אינטערנאַציאָנאַלען רויטען קרייץ — וואָס אויך דאָס איז מוסי׳ן געוויס געלונגען ביי דער אָנווענדונג פון זיין „פּאָליטישען אַרגומענט״ — האָט צוגעגרייט דעם באָדען פאַר דער שפּעטערדיגער אינטערווענץ פון שוועדישען רויטען קרייץ, אין ווענעמס נאָמען גראַף בערנאַדאָט האָט אינטערווענירט ביי הימלער׳ן. מען דאַרף אויך דאָ צוגעבען, אַז די שפּעטערדיגע גליקליכע רעטונג פון דעם גרעסט־דערהאַלטענעם ריין־אידישען לאַגער אין טערעזיענשטאַדט, איז געקומען הויפּט־זעכליך אַ דאַנק דער צוגעלאָזענער אינטערווענץ פון רויטען קרייץ.

## (4) — וועגען דעם רעטונגס־צוג פון די 1200 בעפרייטע אידען פון טערעזיענשטאַדט.

דעם 8־טען פעברואַר 1945 האָט די „ניו יאָרק טיימס״ געבראַכט פאָלגענדע טעלעגראַפישע מעלדונג פון בערן, שווייץ:

„אַ צוג מיט 1200 אידישע פליכטלינגע פון טערעזיענשטאַדט, איז היינט אָנגעקומען קיין קרויצלינגען, אַלס רעזולטאַט פון פערהאַנדלונגען צווישען זשאַן־מארי מוסי, אַ געוועזענער שווייצאַרישער פעדעראַל־קאָנסול, און היינריך הימלער. ווי עס איז געוואָרען געמאָלדען אין אַן אָפיציעלער ערקלערונג היינט ביינאַכט, רעפּרעזענטירט מוסי די אָנפיהרונג פון די „יוניאָן אָוו אָרטאָדאָקס ראַביים אָוו די יונייטעד סטייטס״ (אגודת הרבנים אין אַמעריקע).

8) לויט מוסי׳ס ראַפּאָרט, ז׳ 12.
9) לויט „דהי פיינעל סאָלושאָן״, ז׳ 462.

„אַן אָפיציעלע מעלדונג, אַרויסגעגעבען פון די שווייצאַרישע געזונדהייטס־אָרגאַנען, וואָס האָבען בעגעגענט דעם צוג היינט אין דערפריה, זאָגט, אַז די בעדינגונגען פון די מעהרסטע צווישען די 1200 זענען „גלענצענדע", כאָטש אין אַ צאָהל פאַלען איז געווען נויטיג אַ שפּיטאָל־בעהאַנדלונג, וואָס איז אויך גלייך געוואָרען אַראַנזשירט.

„דער צוג, וואָס געפינט זיך אויפן וועג צו אויפנאַהמס־צענטרען אין אויסלאַנד, איז געוואָרען געקירעוועט צום פליכטלינגס־לאַגער אין סט. גאַלען, פאַר מעדיצינישער אינספּעקציע און קאַראַנטין. וויטערדיגע צוגען מיט שאַצונגס־מעסיג די זעלבע צאָהל פערזאָנען, ווערען ערוואַרטעט וועכענטליך פאַר 5 אָדער 6 וואָכען".

פון דער דאָזיגער מעלדונג אין „ניו־יאָרק־טיימס" איז געווען צו לערנען איניגע פאַקטען: ערשטענס, אַז די אגודת הרבנים אין אַמעריקע האָט אויף זיך גענומען די דירעקטע פעראַנטוואָרטונג פאַר דער דאָזיגער רעטונגס־מיסיע; צווייטענס, אַז די נאַצישע מאַכט־אָרגאַנען האָבען אויסגעקליבען ספּעציעל פאַרן ערשטען טראַנספּאָרט אידען אין אַ צופרידענשטעלענדען געזונד־צושטאַנד, כדי צו מאַכען אַ „געהעריגען איינדרוק" אין דער וועלט; דריטענס, אַז דער ערשטער רעטונגס־צוג איז געווען אויספלאַנירט אַלס דער אָנהויב פון אַ סיסטעמאַטישער עוואַקואַציע.

דער בעפרייאונגס־צוג פון טערעזיענשטאַדט איז געווען אַן עפענטליכע דעמאָנסטראַציע פון מוסי'ס רעטונגס־אַקציע. דער אָפּקלאַנג איבער דער גאַנצער וועלט איז געווען אַ געוואַלדיגער. עס האָט זיך אויסגעוויזען, אַז עס איז ענדליך געוואָרען אויפגעבראָכען דער וועג פאַר רעטונג פון די לעצטע אידען אין נאַ־צישען גיהנום.

אויסער דעם דירעקטען פערדינסט פון אַרויספיהרען דעם אידען־צוג פון דער טויט־געפאַהר האָט מוסי'ס אונטערנעמונג געהאַט אומדירעקטע פּאָ־זיטיווע אויסווירקונגען. מוסי בעמערקט אין זיין ראַפּאָרט, אַז הימלער האָט האָט בעפוילען געהרינג'ן אַרומצופאָהרען איבער די קאָנצענטראַציע־לאַגערן און פערזענליך אויפצוזוכען אַלע לעבען־דערהאַלטענע אידען. דאָס איז געווען דער בעסטער בעוויז, אַז דאָס לעבען פון אַ איד האָט צוריק בעקומען אַ שטיקעל ווערט — זאָל עס זיין אַלס אַ פּאָליטיש־ווערטפול „עקספּאָרט־אַרטיקעל". דערצו דאַרף נאָך גענומען ווערען אין בעטראַכט נאָך אַ גאַר ערנסטער מאָמענט, וואָס דערויף האָט דער „ועד הצלה" שפּעטער אויפמערקזאַם געמאַכט אין אַ שטרענג־פערטרויליכען מעמאָריאַל קיין וואַשינגטאָן, און נעמליך, אַז דורך דעם וואָס די נאַצים אַליין שיקען אַרויס קיין אויסלאַנד אַזויפיעל אויגען־עדות פון זייערע

גרויל־טהאַטען געגען אידען, וועלען זיי דורך דעם זיין געצוואונגען צו ענדערן דעם גאַנצען קורס פון דער אידען־פערניכטונג.

ליידער מוז מען צוגעבען, אַז נישט די גאַנצע עפענטליכע מיינונג האָט זיך אָפּגעגעבען אַ חשבון דערפון. מאַנכע אַנטי־נאַצישע קרייזען אין דער שווייץ האָבען גאָר אויסגענוצט דעם בעפרייאונגס־צוג פון די 1200 טערעז־יענשטאַדטער אידען, אויף צו טרייבען אַ העצע געגען דער פערזאָן פון מוסי׳ן. ווי וועהטאָגליך און העכסט־געפעהרליך איז דאָס געווען, וואָס אויך געוויסע אידישע קרייזען האָבען אַרויסגעוויזען אַזאַ מאַנגעל פון נאַציאָנאַלער אחריות. מען טאָר נישט פערשווייגען דעם פאַקט, אַז „פאַלקאָר", די דעמאָלסדיגע פרעסע־אַגענטור פון דער „אידישער אַגענטור" איז געוואָרען אַריינגעצויגען אין דער דאָזיגער אומגליקליכער שפּיעל.

„דעם 26־טען פעברואַר 1945 האָט „פאַלקאָר" געברענגט אַ מעלדונג פון גענף, וואָס האָט אַטאַקירט מוסי׳ן און זיינע פאַשיסטישע פערבינדונגען, און דערביי ציטירט דעם פאָלגענדען ראַפּאָרט פון אַ שווייצער סאָציאַליסטישע צייטונג: „עס איז איצט געוואָרען בעקאַנט, אַז נישט ווייניגער פון 20 מיליאָן פראַנק זענען געוואָרען געשיקט פאַרן דאָזיגען צוועק. אַזוי־אַרום בעקומט הימלער אַ גוטען פרייז פאַר יעדען בעפרייטען איד. [10]

גלייכצייטיג דערמיט דאַרף ווערען פעסטגעשטעלט, אַז דאָס איז ווייט נישט געווען די אָפּיציעלע שטעלונג פון דער „אידישער אַגענטור". פון אַ פערטרויליכען ראַפּאָרט, וואָס דער „וואַר רעפיודזשי באָרד" האָט פערמיטעלט פון ירושלים צום „ועד הצלה" אין ניו יאָרק, וואָס האָט געטראָגען די דאַטע פון 1־טען מערץ 1945 און איז געווען אונטערגעצייכענט דורכן פערטרויאונגס־מאַן פון „ועד הצלה" מר. יעקב גריפעל, איז צו זעהען אַז דער אָפּיציעלער פאָרשטעהער פון דער „דזשואיש אידזשענסי" אין דער שווייץ, מר. ריכאַרד ליכטהיים, האָט גאַנץ פּאָזיטיוו אָפּגעשאַצט מוסי׳ס אַקציע:

„ליכטהיים, דער אַגענץ־פערטרעטער אין גענף, טעלעגראַפירט אַהער אַז די בעפרייאונג פון די פליכטלינגס פון טערעזיענשטאַדט איז געוואָרען גאַ־ראַנטירט פון הימלער׳ן פערזענליך דורך מוסי, אַ שווייצאַרישען רעכטען פּאָ־ליטיקער, וועמען די אגודת הרבנים אין אַמעריקע האָט צו ערשט געשיקט קיין דייטשלאַנד. ווייטערדיגע טראַנספּאָרטען זענען געוואָרען צוגעזאָגט, אָבער זיי זענען נאָך דערוויל נישט אָנגעקומען, וואַרשיינליך צוליב די וואַקסענדע שוועריגקייטען אין דער טראַנספּאָרטאַציע. די דייטשע שטעלונג איז פערבונדען מיט דער אַלגעמיינער סיטואַציע אין דייטשלאַנד און די זאָרג צוליב דער נויט־וועגדיגקייט סיסטעמאַטיש צו עוואַקואירען 10 טויזענד קריגס־געפאַנגענע און

10) לויט׳ן איבערזיכט פון ה. א. גודמאַן אין „אָרטהאָדאָקס דזשואיש לייף".

ציווילע קריגס־אינטערנירטע. גרויסע צאָהלען פון קריגס־געפאַנגענע געפינען זיך איצטער אין טערעזיענשטאַדט. די רעטונגס־בעמיהונגען צו דערגרייכען אַ גרויסצוגיגע בעפרייאונג פון אידען קען געווינען פון דער דאָזיגער סיטואַציע".

וואָס שייך דער אינפאָרמאַציע פון אַגענץ־פערטרעטער אין דער שווייץ, איז זי, צום בעדויערן, געשטאַנען וויט־הינטערשטעליג, ווייל נישט די בעפּרייאונג פון דער גרופּע פון טערעזיענשטאַדט איז געווען פערבונדען מיט די נאַצישע פּלענער פון אַן „אַלגעמיינער עוואַקואַציע פון קריגס־געפאַנגענע", און נישט די נאַצישע פיהרער האָבען ווען־עס־איז בעטראַכט די אידען אַלס „ציווילע קריגס־אינטערנירטע". ענטשיידענד איז אָבער די מאָס פערשטענדניש וואָס ווערט דאָ אַרויסגעוויזען לגבי דער געוואַגטער אונטערנעמונג פון „ועד הצלה" אַרויסצופיהרען וואָס מעהר אידען פון דייטשען רשות.

עס איז אויך דאָ וויכטיג צו דערמאָנען, אַז די שווייצער רעגירונג און גאַנץ בעזונדעס דער שווייצער בונדעס־פּרעזידענט פאָן שטייגער, האָבען זיך אין דאָזיגען פאַל בעצויגען העכסט־פּאָזיטיוו און זענען געווען גרייט צו געבען אַ צייטווייליגען אַזיל פאַר ווייטערדיגע טראַנספּאָרטען פון בעפרייטע אידען, ווי דאָס איז דאַמאָלס געוואָרען פעסטגעשטעלט אין אַ פערטרויליכער מעלדונג פון „ועד הצלה" צו די העכסטע מאַכט־אָרגאַנען אין וואַשינגטאָן. דערביי ווערט זיין אינטערעסאַנט צו בעמערקען, אַז מוסי האָט זיך בעת זיין רייזע קיין בערלין בעמיהט צו בעפרייען אַ געוויסע פערזאָן, פאַר וועלכער דער שווייצער פּרעזידענט האָט פערזענליך ביי איהם אינטערווענירט. אויסער דעם האָט מוסי דאַן אויסגעווירקט די בעפרייאונג פון אַ צאָהל פראַנצויזישע פּאָליטישע אינטערנירטע, וואָס דאָס איז איהם געווען געוויס נויטיג צו זיין ווייטערדיגער „דיפּלאָמאַטישער שפּיעל".

די דאַנקבאַרקייט פון די ניצול־געוואָרענע טערעזיענשטאַדטער אידען צום „ועד הצלה" איז געקומען צום אויסדרוק אין אַ בריף וואָס אַ גרופּע האָלענדישע פערשיקטע אידען האָט איבערגעשיקט גלייך נאָך זייער גליקליכען אָנקום קיין שווייץ, אויף דער אַדרעס פון אגודת הרבנים אין אַמעריקע. אָט איז דער בריף, דאַטירט דעם 20־טען פעברואַר 1945, פון פּליטים־לאַגער אין אָדליסוויל:

„די האָלענדישע אידען וועלכע געפינען זיך אין דער גרופּע פון די 1200 בעפרייטע אידען פון טערעזיענשטאַדט, וואָס האָט געטראָפען אַזאַ האַרציגע און גאַסטפריינדליכע אויפנאַמע אין דער שווייץ, האָט אונז בעפולמעכטיגט אויסצודריקען די טיעפסטע אָנערקענונג פאַר דער נאָבעלער אַקציע, וואָס איהר האָט אָנגעפאַנגען און וואָס האָט מיט דער הילף פון אַלמעכטיגען געברענגט צו אונזער בעפרייאונג.

„אין טערעזיענשטאַדט האָבען מיר נישט געוואוסט וועמען מיר האָבען

צו דאַנקען פאַר אונזער בעפרייאונג, און מיר האָבען דאָס אויפגענומען מיט גרויס דאַנקבאַרקייט און געריהרטקייט, ווען מיר האָבען זיך דערוואוסט אַז דאָס איז די אגודת הרבנים געווען דער איניציאַטאָר פון אונזער בעפרייאונג פון דעם דייטשען לאַגער. נאָכאַמאָל, מיר דאַנקען אייך פון אונזער טיעפסטען האַרץ פאַר אייער גרויסער, איידעלער און ג־טספאַרכטיגער טהאַט.

„מיר פערשטעהען וויפיעל שוועריגקייטען איהר האָט געהאַט בייצוקומען ביז דער דאָזיגער וואונדערליכער רעזולטאַט איז געוואָרען דערגרייכט. מיר האָפען און זענען מתפלל, אַז אייערע ווייטערדיגע בעמיהונגען זאָלען מצליח זיין, און אויפן דאָזיגען וועג זאָלען פיעל מעהר פון אונזערע ברידער בעפרייט ווערען פון דעם שונא׳ס הענד.

„זאָל ג־ט בענשען אייערע מעשים, אמן״.[11]

„אין נאָמען פון דער האָלענדישער פאַרטיע — אייערע רעספעקטפולע און דאַנקבאַרע,

(אונטערגעשריבען)

ל. קאָהען, ד״ר ד. סימאָנס.

## (5) — וועגען מוסי׳ס געהיימער פערמיטלונג צווישען בערלין און וואַשינגטאָן צו טראַקטירען די נאַצישע לאַגער־קאָמענדאַנטען אַלס „קריגס־געפאַנגענע״.

קודם־כל איז דאָ וויכטיג אויסצוהערען מוסי׳ן וועגען זיינע ענטוישונגען בעת די ווייטערדיגע בעזוכען אין בערלין, און ספעציעל אַלס פועל־יוצא פון היטלער׳ס נייעם בעפעהל צו עוואַקואירען און „אָפּרייניגען״ די קאָנצענטראַציע־לאַגערן אויף דעם סאַמע אכזריות׳דיגסטען אופן:

— „אין דער נאַכט פון ערב־פּאַסכאַ האָב איך זיך ווידער געלאָזען קיין בערלין, אַן אומגעדולדיגער פאַר דער רעאַליזירונג פון די צוזאָגען, וואָס זענען מיר געוואָרען געגעבען. די רייזעס זענען געוואָרען אַלץ מעהר און מעהר געפעהרליך. איבער דעם גאַנצען וועג זענען געווען אָנגעהויפט אויטאָס, צע־שמעטערטע פון די לופט־אָנגריפען. טראָץ דעם זענען מיר אָנגעקומען קיין בערלין גאַנץ און זיכער. נאָך דינסטאָג אין אָווענד האָב אין געבעטען אַ קאָנ־פערענץ מיט גענעראַל שעלענבערג אויף צומאָרגענס פריה, ער האָט מיך אָבער געקענט אויפנעמען ערשט מיטוואָך אין אָוונד. בשעת איך האָב אַלץ כסדר ערוואַרט דעם אַרויספאָהר פון צווייטען צוג, האָב איך געלאָזט וויסען שעלענבערג׳ן וועגען מיין ענטוישונג. ער האָט מיר אויפגעקלערט, אַז די פרישע

11) פון אַרכיוו פון „ועד הצלה״.

אומשטענדען האָבען פלוצלינג אַרויסגערופען געוואַלדיגע שוועריגקייטען און ער אינפאָרמירט מיך וועגען אַן ערנסטער דעציזיע, וואָס שטאַמט דירעקט פון היטלער׳ן. דער „פיהרער״ האָט פערפעסטיגט זיין בעפעהל, וואָס פערבאָט די בעפרייאונג פון אידען. דערצו האָט ער בעפוילען דעם זאָפּאָרטיגען ריקצוג אין דער ריכטונג פון דרום, דאָס מיינט צו די הינטערלענדישע ליניעס, פאַר אַלע אינטערנירטע אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן. היטלער׳ס בעפעהל וואָלט בעדייט אַז די מערסטע פון זיי וואָלטען געהאַט צו מאַרשירען פון 300 ביז 400 קילאָמעטער צו־פוס, מיט זייער באַגאַזש. פאַר פיעל וואָלט דאָך דאָס בעדייט אַ זיכערער טויט.

„אַזוי ווי דאָס איז געווען אַ פראַגע פון לעבען און טויט פאַר פיעל הונדערטער טויזענדער, האָב איך געזוכט אויסצונוצען מיין גאַנצע ענערגיע אויף אָפּצורופען דעם דאָזיגען גרוילהאַפטען פּלאַן. — קורץ דערנאָך האָט האָט הימלער דעקלאַרירט זיין גרייטקייט צו טראָגען די גרויסע פעראַנטוואָרט־ליכקייט פאַר נישט אויספיהרען היטלער׳ס דאָזיגען בעפעהל, אָבער מיטן בעדינג, אַז די אַליאירטע זאָלען צוזאָגען נישט צו שיסען די לאַגער־קאָמענדאַנטען, ווען די לעצטע וועלען אַריינפאַלען אין זייערע הענד״.

אַזוי האָט זיך אָנגעפאַנגען די נייע, אומגעהויער־וויכטיגע מיסיע פאַר מוסי׳ן, ווי ער דערצעהלט וועגען דעם אַליין:

„איך האָב אויסגעדריקט מיין גרייטקייט צו לאָזען זיך גלייך צוריק אין דער שווייץ, כדי צו דיסקוטירען די דאָזיגע פראַגע מיט דער פערטרעטערשאַפט פון די אַליאירטע. עס איז צווישען אונז געוואָרען אָפּגעמאַכט, אַז די דאָזיגע אַלע לאַגער־אויפזעהער זאָלען טראָגען אַרמיי־אוניפאָרמען, כדי אויסצומיידען מיספערשטענדנישען. איך האָב זיך צוגעגרייט צום צוריקפאָהר קיין שווייץ. איך וויל זיך נישט לאַנג צושרייבען וועגען די אויסעראָרדענטליכע שוועריגקייטען, וואָס איך האָב דאָס מאָל בעגעגענט אויף דעם וועג פון בערלין קיין קרויצלינגען (די דייטש־שווייצאַרישע גרעניץ), אַ מהלך פון טויזענד קילאָמעטער. אויפן וועג איז אונזער אויטאָ געוואָרען בעשאָסען, נאָר אויך דאָס מאָל האָט אונז אָפּגע־גליקט״.

מוסי שטרייכט־אונטער ווי דער פערטרעטער פון „ועד הצלה״ אין דער שווייץ, מר. שטערנבוך, הט ענערגיש געהאַנדעלט אויך אין דאָזיגען פאַל:

„אויף דער גרעניץ האָב איך זיך צוטיילט פון מיין זון און זיך גלייך געלאָזען קיין גענף. איך האָב בעקומען דעם מר. שטערנבוך דורכן טעלעפאָן און ער האָט זיך גלייך געשטעלט אין פערבינדונג מיט מר. מעק־קלעלענד און מיר האָבען אַראַנזשירט צו טרעפען זיך דעם נעקסטען טאָג אין גענף. — אין גענף האָבען איך פאָרגעשטעלט דעם ציעל פון מיין רייזע פאַר מר. מעק־קלעלענד אין דער אָנוועזענהייט פון מר. שטערנבוך און מר. לאַנדאַוער. מר. מעק־קלעלענד

האָט זאָפאָרט געענטפערט, אַז די אַליאירטע היטען שטרענג אָפּ דאָס אינטער־נאַציאָנאַלע געזעץ און זיי וועלען אַבסאָלוט אַקצעפּטירען די פּראָפּאָזיציע, וואָס איז דורך מיר געוואָרען איבערגעוויזען. ער האָט זיך גלייך געשטעלט אין קאָנ־טאַקט מיט וואַשינגטאָן און אויפסניי אונז פערזיכערט, אַז ער וועט בעקומען אַ גינסטיגען ענטפער. מיט צוויי טעג שפּעטער האָב איך געהאַט די מעגליכקייט צו טעלעגראַפירען אַ גינסטיגען ענטפער צו גענעראַל שעלענבערג״.

דער דאָזיגער וויכטיגער אָפּמאַך איז דאַן געוואָרען אַרויסגעהויבען אין אַ ספּעציעלער מעלדונג פון מר. שטערנבוך צום „ועד הצלה״, און דערביי זענען אויך געוואָרען אָנגעגעבען די פּאָזיטיווע אויסווירקונגען פאַר דער רעטונגס־אַקציע פון די לעצטע אידען אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן, אַלס רעזולטאַט פון אַזאַ אָפּמאַך.

אין זיין טעלעגראַם פון 27־טען אַפּריל 1945 האָט שטערנבוך געמאָלדען:

„מוסי און זיין זון האָבען דעם 8־טען אַפּריל זיך צוריקגעקעהרט פון זייער קאָנפערענץ מיט הימלער׳ן, וועלכער האָט פערלאַנגט אַ דאָקומענט פון מעק־קלעלענד, אַז אין פאַל אַלע אינטערנירטע אידען אין בערגען־בעלזען זאָלען בלייבען אויפן אָרט, זאָלען די לאַגער־קאָמענדאַנטען מיט זייערע שוץ־וואַכען ווערען טראַקטירט אַלס קריגס־געפאַנגענע. מעק־קלעלענד האָט שנעל געגעבען אַזאַ סאָרט דעקלאַראַציע. אַ ראַפּאָרט בעווייזט, אַז פאַר דעם דאָזיגען שריט האָט דער לאַגער אין בערגען־בעלזען געהאַט בעקומען אַ בעפעהל צו דעפּאָרטירען אַלע אינטערנירטע. די דעפּאָרטאַציע איז געוואָרען אָפּגערופען נאָכן בעקומען די נייע פעראָרדנונגען״.

אין אַ שפּעטערדיגען בעריכט האָט מוסי צוגעגעבען איניגע כאַראַק־טעריסטישע פונקטען אַרום דער דאָזיגער פראַגע:

„הימלער האָט געפאָדערט, אַז נאָכן אויספילען דעם דאָזיגען בעדינג (פון טראָגען אוניפאָרמען) זאָלען די ס״ס־מענער ווערען טראַקטירט אַלס סאָלדאַטען און נישט ווערען דערשאָסען. מוסי האָט דערויף ערקלערט, אַז זיי דאַרפען זיין פעראַנטוואָרטליך פאַר די פערגאַנגענע פערברעכענס, אָבער זיי דאַרפען נישט ווערען דערשאָסען דורך די אַריימאַרשירענדע אַליאירטע אַרמייען, נאָר ווערען געשטעלט פאַר די קריגס־געריכטען ווי סאָלדאַטען״. (און דאָס איז ווירקליך געוואָרען דורכגעפיהרט; אפילו קרעמער, דער ס״ס־קאָמאַנדיר פון בערגען־בעלזען, איז נישט געוואָרען דערשאָסען אויפן אָרט, נאָר געוואָרען אַרעסטירט אַלס קריגס־געפאַנגענער).

אין סך־הכל לאָזט זיך זאָגען, אַז פיעל טויזענדער אידישע קאַצעטניקעס אין בערגען־בעלזען און אַנדערע לאַגערן זענען געבליבען לעבען, בלויז אַ דאַנק דעם דאָזיגען שריט. זיי, די נאַצישע קאָמאַנדירען האָט דאָס אָבער נישט

גערעטעוועט. אויך קרעמער, דער געשפּענסטיגער מאַסן־מערדער פון בערגען־בעלזען, האָט זיין פעל נישט געראַטעוועט. די בריטישע בעפרייער פון בערגען־בעלזען האָבן איהם געשטעלט פאַר אַ מיליטערישען טריבונאַל, און דעם 17־טען נאָוועמבער 1945 איז ער געוואָרען פעראורטיילט צום טויט און דער אורטייל איז געוואָרען אויסגעפיהרט. דערביי האָט סיי די אויפדעקונג פון דעם נישט־ליקווידירטען קאָנצענטראַציע־לאַגער אין בערגען־בעלזען און סיי דער פּראָצעס זיינע געפאַנגענע קאָמאַנדירען, אויפגעדעקט פאַר די אויגען פון דער גאַנצער וועלט דעם פולען גרויל פון די דייטשע לאַגערן.

## (6) — וועגען די בעמיהונגען פון יונגען מוסי, נישט צו לאָזען פערניכטען די לעצטע אידען־לאַגערן.

באַלד אין אָנהויב פון זיין אויספיהרליכען ראַפּאָרט שטעלט מוסי פאָר זיין יונגערען זון, בענוא, אַן אָפיציר פון דער שווייצאַרישער לופט אַרמיי, וועלכער האָט איהם בעגלייט אויף אַלע זיינע צאָהלרייכע רייזעס קיין בערלין און האָט דערביי אויך געדינט אַלס זיין שאָפער, ווייל קיין אַנדער לאָקאָמאָציע־מיטעל איז אין באָמבאַרדירטען דייטשלאַנד דעמאָלס נישט געווען מעגליך צו געברויכען.

אָט ביים סאַמע לעצטען אַקט פון נאַצישען פונאַנדערפאַל, אין אַפּריל־מאַי 1945, איז אויסגעקומען, אַז דער יונגער מוסי איז געבליבען אַליין שטעקען אויף זיינס אַ וויכטיגער שליחות צום פראָנט. נאָכדעם ווי עס פאַר איהם געווען אָפּגעשניטען דער וועג צוריק אַהיים קיין שווייץ, האָט ער עס געהאַלטען פאַר זיין לעצטע אויפגאַבע צו פרובען ראַטעווען וויפיעל לאַגער־אידען עס לאָזט זיך, אונטער די אומשטענדען פון דעם כאַאָס און דעם נאַצישען צוזאַמענברוך.

און אַזוי דערצעהלט דער בונדעס־ראַט, מוסי אין זיין בעריכט:

— „אין צווישען־צייט, דאָס הייסט מאָנטאַג אין דערפריה, דעם 9־טען אַפּריל, האָט זיך מיין זון געלאָזען קיין ווייםאַר, וואו ער האָט זיך געדאַרפט טרעפען מיט גערינג'ן, כדי מיט איהם זיך צוריקצוקעהרען פון טערעזיענשטאָדט. אומגינסטיגע מיליטערישע ענטוויקלונגען האָבן אָבער פערהאַלטען גערינג'ן אויפן וועג בערלין—ווייםאַר. מיין זון, בענוא, נאָכדעם ווי ער האָט זיך געראַטעוועט פון די סאַמע גרעסטע געפאַרען אויפן דאָזיגען וועג, איז געווען דער איינציגער צו שטעלען זיך אויפן אָפּגעשטימטען טרעף־פונקט. ער האָט זיך געזאָלט צוריקקעהרען קיין קרויצלינגען נאָך 4 אָדער 5 טעג, זיין מוטער האָט איהם דאָרטען ערוואַרט. מיין מיסיע אין גענף איז געווען פערענדיגט. איך בין אויך אַוועק קיין קרויצלינגען, כדי צו וואַרטען אויף מיין זון, אַז ער זאָל מיך נאָכאַמאָל פיהרען קיין בערלין. אין פערלויף פון 5 וואָכען האָבן מיר

אָבער גאָרנישט געהערט פון איהם. עס האָט גענומען פרישע 6 וואָכען, דערנאָך האָבען מיר בעקומען אַ מעלדונג פון דער שווייצאַרישער אַמבאַסאַדע אין שטאָק־האָלם, אַז ער איז אָנגעקומען קיין שוועדען. נאָך דער אָבוועזענהייט פון 11 וואָכען האָט ער זיך אומגעקעהרט און איבערגעגעבען אַ קורצען ראַפּאָרט פון זיין לעצטער רייזע״...

און אַט וואָס דער יונגער מוסי האָט געהאַט צו ראַפּאָרטירען וועגען זיינע בעמיהונגען צו ראַטעווען די אידישע אינטערנירטע צום ערשט פון בוכענוואַלד, דערנאָך פון טערעזיענשטאַדט און צום לעצט פון ראַווענסבריק:

„צוליב דעם, וואָס גערינג האָט נישט געהאַלטען דעם אָפּגעשמועסטען צוזאַמענטרעף, האָט דער יונגער מוסי זיך צומאָרגענס אַליין געלאָזען קיין בוכענוואַלד, טראָץ דעם וואָס ער האָט נישט בעזיצען קיין אָפיציעלע ערלויבעניש דערויף. ווען ער איז אָנגעקומען אַהין האָט די עוואַקואַציע פון לאַגער זיך שוין געהאַט אָנגעהויבען. ער איז געווען אַן עדות פון שרעקליכע סצענעס. זיי האָבען געשטויסען די דעפּאָרטירטע צום וואַקואירען, דורך שלאָגען זיי מיט די קאָלבעס. — אַלץ וואָס דער יונגער מוסי האָט געקענט טאָן איז געווען צו לאָזען זיך שנעל קיין בערלין. עס איז געווען דרינגענד צו ברענגען צו הימלער׳ס אויפ־מערקזאַמקייט די דאָזיגע פאַקטען, וועלכע זענען געווען אַן אָפענער ברוך פון דעם הסכם מיט בונדעס־ראַט מוסי. — ער איז שנעל געקומען אין בעריהרונג מיט גענעראַל שעלענבערג און גערינג׳ן. — שעלענבערג האָט זיך געשטעלט אין פערבינדונג מיט בוכענוואַלד. דעם זעלבען טאָג האָט ער אינפאָרמירט דעם יונגען מוסי, אַז הימלער׳ס בעפעהל איז נישט געוואָרען אויסגעפיהרט, ווייל מיט גרעסטער וואַרשיינליכקייט איז ער אַהין נישט געוואָרען איבערגעוויזען. און דאַן איז געקומען נאָך אַן אינטערווענץ פון הימלער׳ן, וואָס דורך דעם זענען געוואָרען געראַטעוועט אַ צאָהל געפאַנגענע אין בוכענוואַלד.

דער יונגער מוסי איז לויט׳ן דאָזיגען בעריכט שפּעטער אויך דערגאַנגען ביז טערעזיענשטאַדט:

„אין אָוועגד פון 15־טען אַפּריל האָט דער יונגער מוסי דערגרייכט טע־רעזיענשטאַדט צוזאַמען מיט גערינג׳ן. זיי האָבען זיך גלייך געשטעלט אין פער־בינדונג מיט די לאַגער־קאָמענדאַנטען, וועלכע האָבען פון זייער זייט ערקלערט, אַז זיי זענען אַריינגעצויגען אין די סאַמע געגענגעזעצטע פעראָרדנונגען. — וואָס איז געבליבען צו טאָן? גערינג מיטן יונגען מוסי האָבען זיך ווידער גע־לאָזען קיין בערלין, צו קאָנפערירען מיט שעלענבערג׳ן. נאָך אַ רייזע, וואָס זיי האָבען געהאַט מעהר צו פערברענגען אין די שוץ־גרובענס איידער אויפן שאָסיי, זענען זיי אָנגעקומען קיין בערלין. זיי האָבען פערלאַנגט צו זעהען שעלענבערג׳ן.

שעלענבערג האָט גלייך אַרויסגעשיקט דורכן ראַדיאָ אַ פעראָרדנונג קיין טע־רעזיענשטאַדט.

דער יונגער מוסי האָט נאָך דערנאָך געמאַכט אָנשטרענגונגען צו העלפן בעפרייען די אידישע פרויען פון בעריהמטען לאַגער אין ראַווענסבריק:

„די רוסען האָבען שוין געהאַט אַרומגעקרייזט בערלין. שעלענבערג האָט געראַטען גערינג׳ן און דעם יונגען מוסי צו פּרובירען דורכרייסען זיך איבער די רוסישע ליניעס, מיטן צוועק אָנצוקומען קיין ראַווענסבריק. די דאָזיגע אַוואַנטורע איז זיי געלונגען און זיי זענען אָנגעקומען קיין ראַווענסבריק מיטאָג־צייט דעם 22־טען אַפּריל. זיי האָבען זיך גלייך פערבונדען מיט זוהרען, דעם קאָמענדאַנט פון לאַגער, וואָס האָט נאָר־וואָס געהאַט דערהאַלטען אָפיציעלע אינסטרוקציעס פון בערלין. לויט גערינג׳ן האָבען זיך דאַן נאָך געפונען אין לאַגער 900 פּוילישע, 1500 פראַנצויזישע און בעלגישע און לערך 3000 אידישע פרויען. נאָך גרויסע שוועריגקייטען האָבען זיי אָרגאַניזירט די עוואַקואַציע פון לאַגער. שעלענבערג, הימלער און גראַף בערנאַדאָט האָבען דערנאָך דערגענצט דאָס ווערק, וואָס איז דורך זיי געוואָרען אָנגעפאַנגען".

דער דאָזיגער בעריכט פון יונגען מוסי׳ס ענערגישע אינטערווענצען איז געוואָרען אונטערגעהאַלטען אין די עדות־ערקלערונגען פון שעלענבערג׳ן בעת דעם נירענבערגער פּראָצעס:

„הימלער האָט געהאַט אַרויסגעשיקט אַ מעלדונג וואָס איז געווען אַד־רעסירט צו מוסי׳ן אין דער שווייץ און איז געווען בעשטימט פאַר אייזענהאַוער׳ן, אַז בוכענוואַלד וועט איבערגעגעבען ווערען גאַנצערהייט. נישט קוקענדיג דערויף, איז דער יונגער מוסי אָנגעקומען קיין בוכענוואַלד און דאָרט געטראָפען די עוואַקואַציע אין פולען גאַנג. ער האָט זיך דערויף בעקלאָגט פאַר שעלענבערג׳ן, וועלכער האָט טעלעפאָנירט צו הימלער׳ן, און די עוואַקואַציע איז געוואָרען אָפּגעשטעלט אין זעלבען טאָג. מיהלער (איינער פון די העכסטע געסטאַפּאָ־פיהרער, וואָס איז פערשוואונדען נאָכן קריג) האָט געזאָגט שעלענבערג׳ן, אַז קאַלטענברונער האָט אַרויסגעלאָזט אַ בעפעהל איבער הימלער׳ס קאָפּ (אָפּצו־רייניגען דעם בוכענוואַלדער לאַגער)".[12]

אין די אַקטען פון נירענבערגער פּראָצעס זענען בנמצא גענוג דאָקומענטען, וואָס בעווייזען דעם דאָזיגען לעצטען פערביטערטען קאַמף צווישען די נאַצישע הויפּט־פערברעכער זעלבסט, וועגען אויפהאַלטען די קאָנצענטראַציע־לאַגערן. קאַלטענברונער האָט געטאָן אַלץ צו סאַבאָטירען הימלער׳ס צוזאָג, צו לאָזען גאַנץ די לאַגערן פאַר די אַריינמאַרשירענדע אַליאירטע אַרמייען. קאַלטענברונער האָט אַרויסגעלאָזען דעם בעפעהל, אַז אַלע אידישע אינטערנירטע פון דאַכאַו,

12) לויט ד״ר י. לעווין׳ס בוך „חורבן אייראָפּע".

מאַטהאַוזען און טערעזיענשטאַדט, וואָס מען וועט מעהר נישט קענען עוואַ־קואירען, זאָלען ווערען מאַסענווייז ליקווידירט אויפן אָרט.

דאָס איז דער בילאַנס פון דער היסטאָרישער רעטונגס־מיסיע פון מוסי׳ן אין נאָמען פון „ועד הצלה״.

קאַפּיטעל 16

# „ועד הצלה" קעמפט אויף 3 פראָנטען און דער דורכפאַל אויפ'ן 4־טען פראָנט

דער ערשטער פראָנט איז געווען דער פּאָליטיש־פּראָפּאַגאַנדיסטי־שער. — ווי אַזוי דער „ועד הצלה" האָט אינספּירירט „מילדע אַרטיקלען" אין דער אידישער פּרעסע, וואָס זאָלען געפעלען הימלער'ן. — דער צווייטער פראָנט איז געווען אויפן פאָרום פון „וואָר רעפיודזשי באָרד". — דער דעפּאזיט פון 1 מיליאָן דאָלאַר און וואָס דערפון איז געוואָרען. — דער דריטער פראָנט איז געווען אַן אינערליך־אידישער, און דער אונטערשיעד איז געווען אַ טיעף־וועזענטליכער. — דער פערטער פראָנט דאָס איז געווען היטלער פּערזענליך...

צו דער זעלבער צייט, וואָס דער ספּעציעלער עמיסאַר פון „ועד הצלה", מוסי, איז געווען אַזוי אומדערמידליך איבערגעגעבען אין דער דערהאַבענער מיסיע אַרויסצוראַטעווען די שארית־הפליטה פון אונטער די חורבות פון זינקענדיגען נאַצישען „רייך" — צו דער זעלבער צייט איז די פיהרערשאַפט פון „ועד הצלה" געווען אַנגאַזשירט אין אַ ביטערען און העלדענמוטיגען קאַמף אויף צו דערמעגליכען מוסי'ס רעטונגס־מיסיע און אויסצונוצען אין דער גרעסט־מעגליכער מאָס דעם אויפגעבראָכענעם וועג פאַר דער אידען־רעטונג אין דעם לעצט־ענטשיידענדען מאָמענט, אויף דער שוועל פון דער דייטשער מפלה.

דער דאָזיגער קאַמף איז אויך געווען אַ בעשווערטער און העכסט־אָנגע־שפּאַנטער. דוכט זיך, אַז דער שאַנס איז געווען אַ זעלטענער. דער שליח פון „ועד הצלה" איז דאָך געלונגען דירעקט צוצוקומען צום דעצידירענדען פאַקטאָר אין דער מאָרד־אַקציע געגען די אידען. און דיפּלאָמאַטיש־געשיקט, האָט ער, דער קאָמפּעטענטער שליח, געזוכט אויסצושפּילען די וואַקסענדע פער־צווייפלונג ביי די נאַצישע הויפּט־פיהרער, צוליב זייערע כסדר'דיגע מפלות אויף די שלאַכט־פעלדער. די דאָזיגע גינסטיגע פּאָליטישע אומשטענדען, ווי צוגלייך די גרוילהאַפטע פאַקטען פון דער אַלץ־דויערענדער אידען־פערניכטונג זענען געלעגען אָפען, ווי דער „ועד הצלה" האָט דאָס אַזוי שאַרף און בולט אָפּגע־סטעמפּעלט אין זיינעם אַ לעצטען,טיעף־דערשיטערענדיגען אָפּיל צו די העכסטע

מאַכט־פאַקטאָרען אין וואַשינגטאָן (דאַטירט דעם 13־טען מערץ 1945, אונטער־געשריבען דורך הרב אהרן קאָטלער און מר. אוירווינג ביונים).

אויף דריי טעזען איז דער דאָזיגער אַפּיל — וואָס איז אַן ערשט־קלאַסיגער היסטאָרישער דאָקומענט פאַר זיך אַליין — געווען געבויט:

1) אויף די פּרוכטלאָזע רעזולטאַטען פון אַלע אונטערגענומענע רעטונגס־אַקציעס, פאַר מוסי׳ס מיסיע קיין בערלין. דערוועגען האָט דער אַפּיל שאַרף אונטערגעשטראָכען: „זינט יאָהרען האָבען מיר דאָ, אידען און נישט־אידען צוגלייך, געשריגען, געבעטען זיך און פּראָטעסטירט געגען די דייטשע גרוי־זאַמקייטען, אָבער קיין בעשטראָפענדע האַנד האָבען מיר נישט געקענט געפונען, וואָס זאָל זיין אימשטאַנד אָפּצושטעלען די דאָזיגע אכזריות׳דיגע האַנד, וועלכע האָט אויסגעהונגערט, דערשטיקט, געברענט אין קרעמאַטאָריעס אָדער בעגראָבען לעבעדיגערהייט, פינף ביז זעקס מיליאָן אומשולדיגע מענער, פרויען און קינדער פון דער אידישער אמונה״.

2) אויף די גרוילהאַפטע בעריכטען, אַז די נאַציס געפינען נאָך צייט אין דער לעצטער שעה פון זייער ריקצוג צו נעמען די סאַמע בלוטיגסטע נקמה איבער די לעצטע אידישע רעשטלעך. דער אַפּיל האָט דערויף געצויגען די גע־העריגע אויפמערקזאַמקייט: „די נאַציס מאָרדען־אויס מיט דער גאַנצער גרוי־זאַמקייט די אומשולדיגע מענער און פרויען און זיי טיילען־אויס צו פערניכטונג אַלע אידען, אין זייערע אומפערגעסליכע מאָמענטען פון פערצווייפלונג, איידער איידער זיי מאַכען דעם לעצטען ריקצוג. אַזוי זענען טויזענדער אידען געוואָרען אויסגעקוילעט אין לאָדזש, אין די לעצטע טעג, ערב דעם אַריינמאַרש פון די רוסען. איצטער, אַז די פּאָזיציע פון די נאַציס איז געוואָרען מעהר נישט צום איבערהאַלטען, איז דער גורל פון פיעל הונדערטער טויזענדער אידען, וועלכע זענען פערבליבען אין די נאַציש־אָקופּירטע לענדער, אויסער יעדער איינזעהעניש״.

3) דער דערמונטערענדיגער ערפאָלג פון מוסי׳ס מיסיע, וואָס האָט דאָך דערוועקט געוויסע האָפנונגען סיי אויף דירעקטער רעטונג, דורך בעפרייאונג, און סיי אויף אומדירעקטער רעטונג, דורך צוימען די נאַצישע מערדערישע הענד. אָט ווי דאָס איז געוואָרען פאָרמולירט אין אַפּיל: „איצטער, ווייזט דער מוסי־פּלאַן אויס צו פערצייכנען אַ געוויסען ערפאָלג. אַ טראַנספּאָרט פון 1210 אידען איז אָנגעקומען דעם 7־טען פעברואַר 1945. אונזער פאָרשטעהער האָט אונז געמאָלדען, אַז ענליכע טראַנספּאָרטען דאַרפען נאָכפאָלגען יעדע וואָך. די פּרעסע־מעלדונגען פון שווייץ האָבען וועזענטליך בעשטעטיגט די דאָזיגע פאַקטען. דער פעדעראַלער פּרעזידענט פון דער שווייץ האָט פּובליקירט ענליכע ראַפּאָרטען אין דער שווייצער פּרעסע״. —

דאָס בילד פון דער ניי־געשאַפענער לאַגע איז, אַלזאָ, געשטאַנען קלאָר און אָפן פאַר אַלעמען, טראָץ דעם איז אויך אין דאָזיגן פאַל בעשערט געווען דעם „ועד הצלה" צו פיהרען אַ פערביסענעם, ענטשלאָסענעם קאַמף אויף גאַנצע 3 פראָנטען — אַט זענען זיי:

פראָנט נומער איינס — דער פּראָפּאַגאַנדיסטיש־פּאָליטישער.

פראָנט נומער צוויי — דער פּראַקטיש־פינאַנציעלער.

פראָנט נומער דריי — דער אינערליך־אידישער.

טרייַ דעם היסטאָרישען אמת מוז מען זאָגען, אַז דער „ועד הצלה" האָט אויף אַלע אויסגערעכענטע פראָנטען געקעמפט מוטיג און מיט עכטער אידישער מסירת הנפש. וואָס עס איז נאָר מעגליך געווען צו דערגרייכען אונטער די געשאַפענע אומשטענדען — איז מעהר־וועניגער געוואָרען דערגרייכט. עס איז אָבער נאָך געבליבען אַן אָפענער פראָנט, דער פערטער פראָנט אַזוי־צו־זאָגען, וואָס דאָרט איז דער „ועד הצלה" געווען מאַכטלאָז, אַלע ביטער־אויסגעקעמפטע רעטונגס־מיטלען האָבען דאָרטען נישט געסטאַיעט.

דער דאָזיגער לעצטער פראָנט, וואָס איז אין געוויסע מאָמענטען געווען דער סאַמע ענטשיידענדער פראָנט אין דער רעטונגס־אַקציע פאַר אידען, דאָס איז געווען — היטלער ימ"ש, פערזענליך.

וואָס שייך דעם הויפּט־פיהרער פון נאַציזם האָבען מוסי'ס אַלע בעמיהונגען נישט גענוגענט; צו איהם איז מוסי פאַקטיש גאָרנישט צוגעקומען, טראָץ זיינע פּרובען אין דער דאָזיגער ריכטונג; און פון איהם איז געקומען דער שווערסטער קלאַפּ ביים אָנהויב פון גרויסצוזיגען בעפרייאונגס־פּלאַן פאַר די לאַגער־אידען, לויט דעם געשלאָסענעם אָפּמאַך צווישען הימלער'ן און מוסי'ן.

דער פערלויף פון די געשעהענישען אויף די אַלע אויסגעצעהלטע פראָנטען פון דער רעטונגס־אַקציע פערדינט אַ געהעריגע בעלויכטונג.

**דער ערשטער פראָנט — דער פּאָליטיש־פּראָפּאַגאַנדיסטישער**, איז פאַקטיש געווען דער סאַמע ריזיקאַלישסטער. צו יענער צייט, דעם שלוס־פעריאָד פון דער מלחמה אין אייראָפּע, איז די הויפּט־לאָזונג פון די זיעגרייך־מאַרשירענדע אַליאירטע אַרמייען געווען: בעדינגונגסלאָזע קאַפּיטולאַציע פון נאַציסטישען דייטשלאַנד! די קעמפענדע און פרייהייטס־ליבענדע מענשהייט האָט זיך דעמאָלס געהאַט פערשוואוירען אויסצוראָטען דאָס מיליטאַריסטישע דייטשלאַנד ביז צום וואָרצעל, דורכצופיהרען די ריקזיכטסלאָזע נקמה איבערן נאַציזם ביז צום לעצט. ביי אַזאַ סטראַטעגישער און צוגלייך פּראָפּאַגאַנדיסטישער איינשטעלונג האָט שוין דאָס בלויזע דיפּלאָמאַטישע שליחות קיין בערלין אין נאָמען פון „ועד הצלה" אין אַמעריקע בעדייט אַ ביז גאָר געוואַגטע אונטערנעמונג.

און דאָ דאַרף ווערען בעטאָנט דער פאַקט, וואָס דער „ועד הצלה״ איז נישט געווען סתם אַ אידישער רעטונגס־קאָמיטעט, — דער „ועד הצלה״ איז געוואָרען געדעקט מיט אויטאָריטעט פון דער אגודת הרבנים אין אַמעריקע. ווען מוסי איז געפאָרען קיין בערלין האָט ער זיך צוליב דיפּלאָמאַטישער געשיקטקייט כסדר בענוצט מיט דער פירמע פון דעם „פערבאַנד פון אָרטאָדאָקסישע רבנים אין אַמעריקע״, כדי צו מאַכען דעם געהעריגען איינדרוק אויף די נאַצישע פּיה־רער. דעם אָפּמאַך מיט הימלער׳ן וועגען בעפרייען די לעבען־געבליבענע אידען און אָפּשוינען זייער לעבען ביז צו דער בעפרייאונג, האָט מוסי אונטערגעשריבען „אין נאָמען פון אגודת הרבנים אין אַמעריקע״.

פון אויסערליך־פּאָליטישען שטאַנדפּונקט איז די סיטואַציע געווען נאָך מעהר דעליקאַט בעת דעם ווייטערדיגען גאַנג פון די פערהאַנדלונגען מיט די נאַציס, ווען מוסי האָט געזוכט צו ראַטעווען דעם לעצטען שאַנס פאַר זיין רעטונגס־פּלאַן דורך צוגעבען דעם ענין אַן אויסגעשפּראָכענעם פּאָליטיש־פּראָפּאַ־גאַנדיסטישען כאַראַקטער, צום גונסטען פון די נאַציס.

מוסי דערצעהלט אין זיין ראַפּאָרט, אַז בעת זיינעם אַ געשפּרעך מיט הימלער׳ן, וואָס איז פאָרגעקומען אין ווילדבאַד, האָרט אויף דער דייטשער פראָנט־ליניע, האָט הימלער איהם גענומען אויספרעגען וועגען דעם כאַראַקטער פון דעם „אָרטאָדאָקסישען רבנים־פערבאַנד אין אַמעריקע״, צי עס לוינט זיך ווירקליך צו שליסען מיט דער דאָזיגער אָרגאַניזאַציע אַזאַ „גרויסצוגיגען אָפּמאַך״, און צי די אָרגאַניזאַציע בעזיצט די „מיטלען און אויטאָריטעט״ פאַר אַזאַ סאָרט אונטערנעמונג.

מוסי בעטאָנט, אַז ער האָט דאָ געמוזט האַנדלען שנעל און ענערגיש:

„שעלענבערג האָט מיך אינפאָרמירט, אַז הימלער וואונשט זיך אַ שנעלע אויפקלערונג פון דאָזיגען פונקט. דאָס האָט מיך געצוואונגען זאָפאָרט צוריק־צוקעהרען קיין שווייץ, כדי צו שטעלען זיך אין קאָנטאַקט מיט דער מאָנטרע־אָפּטיילונג (מאָנטרע איז געווען דער זיץ־אָרט פון דער שווייצאַרישער פערטרעטונג פון „ועד הצלה״). איך האָב פון זיי פערלאַנגט אַן אויטענטישען „לעטער אָוו קרעדיט״ און בעפולמעכטיגונג פון דער „אגודת הרבנים״ אין אַמעריקע. — עטליכע טעג שפּעטער האָב איך בעקומען אַ געהעריגע בעפולמעכטיגונג, וואָס האָט בעשטעטיגט, אַז דער קאָמיטע אין מאָנטרע, אָנגעפיהרט דורך מר. שטערנבוך, איז דער איינציגער אויטאָריזירטער רעפרעזענטאַנט אין דער שווייץ פון דעם פערבאַנד פון אָרטאָדאָקסישע רבנים אין די פעראייניגטע שטאַטען און קאַנאַדע. — איך האָב זיך ווידער געלאָזען קיין בערלין מיט דער דאָזיגער ערקלערונג און מיט אַ צאָהל צייטונגס־אויסשניטען״.

דאָס איז ווירקליך געווען אַ העכסט־קריטישער מאָמענט אין דער גאַנצער

רעטונגס־מיסיע. און זאָל עס געזאָגט ווערן, אַז דער „ועד הצלה" צוזאַמען מיט דער אָנפיהרערשאַפט פון אגודת הרבנים אין אַמעריקע, האָבען זיך נישט געוואַקעלט קיין איינציגע מינוט און נישט פערלוירען קיין איין רגע.

דעם 16־טען יאַנואַר 1945 האָט שטערנבוך טעלעגראַפירט צום „ועד הצלה":

„דער פאַרשטעהער פון „דזשאָינט" אין בודאַפּעסט שטרייכט־אונטער די וויכטיגקייט פון מוסי'ס מיסיע — די מיסיע האָט בעדייטענד פערבעסערט די אַלגעמיינע סיטואַציע. — די פערהאַנדלונגען ווערען פאָרטגעזעצט. — מוסי פּראָפּאָנירט צו בעפרייען אָהן דעקונג פון פאָנדען פרויען, קינדער און מענער, אומפעהיגע צו אַרבעט. — אָבער ער פערלאַנגט פולע קאָמפּעטענץ און קאָנ־קרעטע פינאַנציעלע פערפליכטונגען. — די ליסטעס פון אידען אין די קאָנ־צענטראַציע־לאַגערן האָבען מיר אייך אַרויסגעשיקט דורך אַ קוריער. — מיר האָבען דאָס אויך אַרויסגעשיקט צו איהם. — גאָרנישט וועט ווערען בעצאָהלט ביז צו זייער אָנקום אין דער שווייץ".

דעם 19־טען יאַנואַר 1945 האָט דער „ועד הצלה" טעלעגראַפירט דעם פאָלגענדען ענטפער:

„דערהאַלטען אייער טעלעגראַם וועגען מוסי'ס פערלאַנג פאַר ווייטגריי־כענדע פולמאַכטען. — מיר בעשטעטיגען נאָכאַמאָל די פולע פעראַנטוואָרטונג פאַר די פלענער געגנליך צו בעפרייען דריי הונדערט טויזענד אידען. — אויב די רעאַליזירונג פון פּלאַן זאָל זיין טיילוויז אַקטועל זענען מיר גרייט פאַר די נויטיגע פינאַנציעלע פערפליכטונגען. — טעלעגראַפירט זאָפאָרט, ווען איהר דענקט וועלען זיין נויטיג ווייטערדיגע פאָנדען, כדי נישט צו פערנאַכלעסיגען אַנדערע רעטונגס־מעגליכקייטען".

קורץ דערויף, ווען די פערהאַנדלונגען צו בעפרייען דעם ערשטען טראַנס־פּאָרט פון די 1200 אידען פון טערעזיענשטאַדט האָבען דערגרייכט די לעצטע שטופע, האָט די פיהרערשאַפט פון אגודת הרבנים אין אַמעריקע אונטערגעצייכענט צוזאַמען מיטן „ועד הצלה" די געהעריגע פּאָליטישע בעפולמעכטיגונג פאַר דעם מאָנטרער קאָמיטעט מיט מר. שטערנבוך אין שפּיץ. אָט איז דער טעקסט פון דער בעפולמעכטיגונג, וואָס מוסי דערמאָנט וועגען איהר, אין זיין בעריכט:

„דעם 19־טען פעברואַר 1945, מעסעדזש צו יצחק שטערנבוך, 3 טאַופענער שטראַסע, סט. גאַלען, שווייץ, דורך דער פערמיטלונג פון דער אַמעריקאַנער געזאַנדשאַפט אין בערן: מיר בעשטעטיגען מיט פולען נאָכדרוק און מאַכען עפענטליך בעקאַנט, אַז דער „ועד הצלה", „עמוירדזשענסי קאָמיטי", אויף 132 נאַסאַו סטריט, וואָס שליסט־איין אַלע רעליגיעזע אידישע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע בילדען די מערהייט אידען אין אַמעריקע, האָט זינט נאָוועמבער 1943 אָנערקענט

יצחק שטערנבוך און זיין קאָמיטעט אַלס די אָפיציעלע און איינציגע רעפּרעזענ־טאַנץ פון „ועד הצלה" אין דער שווייץ".

(אונטערגעשריבען)

**הרב ישראל ראָזענבערג, הרב אליעזר סילווער, הרב אהרן קאָטלער, הרב אברהם קאַלמאַנאָוויטש.**

דערמיט האָט זיך אָבער דער ענין נישט געהאַט אויסגעשעפּט.

אין דער דערמאָנטער ציטאַטע פון מוסי'ס ראַפּאָרט רעדט זיך וועגען דעם, אַז „ער איז צוריקגעפאָהרען קיין בערלין מיט דער בעפולמעכטיגונג און מיט אַ צאָהל ציטונגס־אויסשניטען". און דער ענין מיט די דאָזיגע „צייטונגס־אויסשניטען" איז שוין גאָרנישט געווען אַזאַ גלאַטיגער.

„עס איז געווען אָפּגערעדט — שרייבט מוסי וועגען דעם ווייטערדיגען גאַנג פון די פערהאַנדלונגען — אַז די אגודת הרבנים, וועלכע בעזיצט אַ גרויסען פּאָליטישען איינפלוס אין דער אַמעריקאַנער פּרעסע, וועט זעהען צו אינספּירירען עטליכע גינסטיגע אַרטיקלען וועגען בעפרייען די אידען. די אַר־טיקלען זענען דערשינען, נאָר די דייטשען זענען דערפון נישט געווען צופרידענ־געשטעלט. לויט מיין מיינונג האָט די אַמעריקאַנער פּרעסע יאָ געהאַנדעלט אויף אַ צופרידענשטעלענדען אופן — הימלער האָט אָבער פערלאַנגט פרישע אַרטיקלען".

און טאַקע וועגען דער דאָזיגער פיינליכער אויפגאַבע פון „ועד הצלה" צו אינספּירירען אַזעלכע שטייגער אַרטיקלען, וואָס זאָלען וואוילגעפעלען דעם הויפּט־אידען־מערדער, הימלער'ן — דערוועגען איז צו געפינען אַ בעלעהרענדיג קאַפּיטעל זכרונות פון חיים ליבערמאַן, איינעם פון די אָנגעזעהענסטע פּובליציסטען אין דער אַמעריקאַנער אידישער פּרעסע און צוגלייך איינער פון די איפּערדיגסטע מאָהנער און קעמפּער פאַר הצלה.

און אַזוי דערצעהלט עס חיים ליבערמאַן:

„געווען איז דאָס דעם 19־טען פעברואַר 1945. איך דערהאַלט אַ דרינ־גענדען טעלעפאָן פון הרב קאַלמאַנאָוויץ, אַז איך מוז גלייך קומען אין אָפּיס פון „ועד הצלה". איך קום, און ער דערצעהלט מיר דאָרט די גאַנצע מעשה מיט די פערהאַנדלונגען מיט הימלער'ן, מיט די צוועלף הונדערט געראַטעוועטע אידען פון טערעזיענשטאַדט, וועגען ווייטערדיגע קניות פון אידען, און ענדליך וועגען הימלער'ס פאָדערונג, אַז אידען זאָלען ענדערן דעם טאָן פון דער פּרעסע צו גונסטען דייטשלאַנד.

„מיר זענען ביידע געבליבען זיצען שטום און פערשטיינערט: וואָס קענען אידען טאָן צו איבערקעהרען די אַמעריקאַנער פּרעסע, אַז מיר האָבען די אַלע יאָהרען זי נישט געקענט בעווירקען אויף אַזוי וויט, אַז זי זאָל שרייבען וועגען

דעם אידישען חורבן דורך די דייטשען? און איבערהויפּט, וואָס קען דאָ טאָן דער „ועד הצלה", וואָס בעשטעהט דאָס רוב פון אַלט־היימישע רבנים, וואָס האָבען נישט קיין מגע ומשא מיט דער ענגלישער פּרעסע?

„נאָר דאָ האָט זיך נישט געהאַנדעלט בלויז וועגען דער ענגלישער פּרעסע, דאָ איז געגאַנגען אויך אין דער אידישער פּרעסע. די נאַציס האָבען גאַנץ גוט געוואוסט, ווי מעכטיג די אידישע פּרעסע האָט געקעמפט געגען זיי. נישט איינמאָל האָבען זיי אַטאַקירט דעם „פאָרווערטס" און די אַנדערע ניו־יאָרקער אידישע צייטונגען, און זיי געסטראַשעט מיט אַ ביטערען סוף „נאָכן דייטשען נצחון".

„מיר קענען גאָרניט טאָן מיט דער ענגלישער פּרעסע — האָט הרב קאַלמאַנאָוויץ געזאָגט צו מיר — „אָבער מיר קענען טאָן וואָס די שעה פאָדערט מיט דער אידישער פּרעסע"... און הרב קאַלמאַנאָוויץ האָט מיר קלאָר געמאַכט, וואָס די שעה האָט געפאָדערט. ער האָט געזאָגט, אַז איך מוז אָנשרייבען אַן אַרטיקעל, וואָס מ'זאָל קענען ווייזען הימלער'ן, אַן אַרטיקעל וואָס זאָל איהם איבערצייגען, אַז די אידען זענען גרייט צו ענדערן זייער שפּראַך וועגען די נאַציס, אויב דאָס וועט העלפען ראַטעווען זייערע ברידער פון נאַצישען טויט. — און די גאַנצע זאַך האָט געדאַרפט געהאַלטען ווערען אין שטרענגסטען סוד.

„נאָר ווי אַזוי שרייבט מען אַן אַרטיקעל, וואָס זאָל אי „זאָגען", אי בעהאַלטען? און ווי אַזוי שרייבט מען אַן אַרטיקעל מיט גרינגסטער אָנצוהערע־ניש פון גינציגקייט צו די נאַציס, בשעת אַמעריקע פלאַמט פון שנאה צו זיי, אין סאַמע היץ פון דער מלחמה.

„אָבער דער אַרטיקעל איז געשריבען געוואָרען. זעהר פאָרזיכטיג, אָבער זעהר מילד צו דייטשלאַנד. ער איז דערשינען אין „פאָרווערטס" פון דעם 21־טען פעברואַר 1945. — דער אַרטיקעל איז געקייבעלט געוואָרען פאָטאָגראַפיש ווי ער שטעהט און געהט, אין דער שווייץ. דאָס איז נישט צוגעגאַנגען פשוט. מ'האָט זיך געמוזט דינגען מיט וואַשינגטאָן, ביז עס איז געגעבען געוואָרען די ערלויבעניש דערויף. אין דער שווייץ איז דער אַרטיקעל איבערגעזעצט געוואָרען אויף דייטש. דאָך האָט אַ ספּעציעלער קוריער גענומען די איבערזעצונג, צוזאַמען מיט דער פאָטאָגראַפיע פון מיין אַרטיקעל, און האָט אַוועקגעאיילט קיין בערלין, צו הימלער'ן"...[1]

און איצטער וועט זיין כדאַי אויף טשעקאַוועס צו ברענגען אייניגע שטעלען פון דערמאָנטען אַרטיקעל, וואָס איז ווירקליך געווען מייסטערהאַפט געשריבען, „אי עפּעס צו זאָגען, אי אויך דאָס צו בעהאַלטען":

„די גאַנצע פּראָבלעם פון אידישען שיקזאַל אין די נאַצי־לענדער און פון אידישער רעטונג איז איינגעהילט אין אַ געדיכטען וואָלקען. צווישען אונזער

---

1) לויט'ן „פאָרווערטס" פון 23־טען אַפּריל, 1945.

וועלט און דער נאַצישער וועלט שטעהט די אייזערנע וואַנט פון מלחמה. אָבער מען קען נישט פערפעהלען צו בעמערקען, אַז אין דער לעצטער צייט האָט דורך דעם געדיכטען וואָלקען דאָ און דאָרט, זיך געמומען ווייזען אַ פינטעלע ליכט, אַ פינטעלע קוים צו בעמערקען. אָבער דאָך עפעס, וואָס פריהער איז עס נישט געווען. —

„אין שייכות מיט די צוועלף הונדערט בעפרייטע אידען פון דעם לאַגער טערעזיענשטאַדט, טשעכען־סודעטען, איז כדאי זיך אָפצושטעלען אויף אַ דע־פעשע, וואָס איז דערשינען אין „ניו יאָרק טיימס" פון 8־טען פעברואַר. דאָרט ווערט דערצעהלט וועגען די 1200 אידען, אַז זיי זענען דעם 7־טען פעברואַר אָנגעקומען אין דער שווייץ און אַז געהאָלפען אין דער בעפרייאונג האָט אַ געוויסער זשאַן מאַרי מוסי, וועלכער האָט געפיהרט וועגען דעם פערהאַנדלונגען מיט היינריך הימלער. —

„איצט קומט דייטשלאַנד, צום ערשטען מאָל, און גיט אַרויס אַן אָפיציעלע מעלדונג וועגען דער צאָהל לעבעדיגע אידען, וואָס געפינען זיך נאָך אין איהר רשות. און געמומען אין שייכות מיט די צוויי בעפרייאונגען קען עס האָבען אַ וויכטיגע בעדייטונג. עס איז אונמעגליך דורכצובליקען דער אייזערנער מלחמה־וואַנט, וואָס טיילט אונז אָפּ פון דייטשלאַנד און זעהען, וואָס שטעהט הינטער דער דאָזיגער ערקלערונג. עס האָט אויך נישט קיין צוועק צו וועלען מיטן געדאַנק אַריינדרינגען אין דער פסיכאָלאָגיע, וואָס קען שטעהען הינטער דעם. דאָס קען אין בעסטען פאַל זיין אַ טרעפעניש און שפעקולאַציע. איז פאַרגעקומען עפעס אַן איבערקעהרעניש אין די נאַצישע מוחות? האָט עס צו טאָן מיט דער לאַגע פון דער מלחמה? אָבער האָבען שוין די נאַצישע פיהרער געהאַט „גענוג" מיט אידען און זיי האָבען זיך ענדליך בעזינט? האָבען זיי ענדליך בעגריפען וויפיעל בעסער עס וואָלט געווען פאַר זיי אַליין, ווען זיי וואָלטען נישט געווען געטאָן דאָס ערגסטע מיט אידען, „וויפיעל בעסער" דאָס וואָלט געווען פאַר זיי אַליין אין דער איצטיגער לאַגע, אין וועלכער זיי געפינען זיך? —

„מיר מוזען זיך נאָכאַמאָל ווענדען צום געוויסען פון דער וועלט. די רעטונגס־אַרבעט איז אין די לעצטע צייטען געווען אָפגעשוואַכט. עפעס איז געווען אַזוי ווי מען וואָלט זיך שוין געהאַט מייאש געווען. מיר דאַרפען פערטרייבען דעם יאוש. און אויב עס ווייזט זיך נאָך אַ מעגליכקייט, מוז זי ווערען אויסגענוצט. די קלענסטע מעגליכקייט מוז אויסגענוצט ווערען מיט די גרעסטע כוחות. מיר מוזען אויפוועקען דעם ווילען פון רעגירונגען. רעגירונגען האָבען זייערע וועגען. אפילו אין צייט פון מלחמה בייט מען זיך מיט דיפלאָמאַטען, מיט בירגער און מיט קריגס־געפאַנגענע. קיינער וועט אונז נישט פאַרדענקען, ווען מיר וועלען קומען בעטען, מאָהנען, זיך משתדל זיין. אַלע ווייסען אונזער גרויסער טראַגעדיע,

אין בעגרייפען אונזער גרויסע בראָך. און מיר מעגען געהען וועקען די גרויסע מענשען פון שלאָף, אפילו אין דער צוועלפטער שעה פון דער נאַכט, ווייל עס איז שוין די צוועלפטע שעה אין אונזער פאָלקס־טראַגעדיע".[2]

דער מערקווירדיגער עפּיזאָד מיט חיים ליבערמאַנ'ס דאָזיגען אַרטיקעל איז די בעסטע אילוסטראַציע סיי פאַר די ספּעציפישע פּאָליטישע שוועריגקייטען, מיט וועלכע די רעטונגס־מיסע איז געווען פערבונדען און סיי פאַר דער מאָס געוואַגטקייט פון דער לייטונג פון „ועד הצלה".

**דער צווייטער פּראָנט** — **דער פּראַקטיש־פינאַנציעלער**, איז געוויס נישט געווען קיין וויניגער דעליקאַטער, ווייל דאָ האָט זיך געהאַנדעלט נישט בלויז אין דורכשמוגלען עפּעס אַ מילדע אַנצוהערעניש אויפן אַדרעס פון די נאַ־צישע הויפּט־פערברעכער, נאָר טאַקע אין דער מעגליכקייט צו פערזיכערן פאַר זיי אַ געהעריגען „אויסקויף־געלד", אין איינקלאַנג פון מוסי'ס אָפּמאַך מיט הימלער'ן.

דער דאָזיגער קאַמף האָט זיך, ווי שוין אויבען דערמאָנט, געפיהרט נאָך גענוג לאַנג פאַר מוסי'ס אונטערנעמונג. אויף יעדען שריט און טריט, ביי יעדען ערנסטען פּרוב פון הצלה, איז באַלד אַרויסגעשוואומען די פּיינליכע פראַגע פון „פּדיון שבויים", דאָס מיינט: אויסקויף־געלד. דאָס שליסעל־אָרט פאַר אַלערליי רעטונגס־פערמיטלונגען איז געווען די שווייץ, פון דאָרטען אויס איז דער „ועד הצלה" יעדעס מאָל געוואָרען אינפאָרמירט וועגען הצלה־שאַנסען, און יעדעס מאָל איז די גרעסטע שטערונג געווען דער מאַנגעל פון געהעריגע געלד־פאָנדען.

אַלס שלאָגענדער בעווייז פאַרן דאָזיגען געראַנגעל נאָך פאַר דער מוסי־געשיכטע זאָלען דאָ דינען צוויי טעלעגראַמעס, וואָס זענען אַרויסגעשיקט אין איין און דעם זעלבען טאָג — דעם 21־טען יולי 1944 — דורכ'ן פאָרשטעהער פון „ועד הצלה" אין דער שווייץ. דער וועזענטליכער אונטערשיעד איןביידע טעלעגראַמעס איז אָבער געווען, וואָס די ערשטע איז געוואָרען איבערגעוויזען דורך דער אָפיציעלער פערמיטלונג פון „וואָר רעפיודזשי באָרד" אין וואַשינגטאָן, דאַגעגען די אַנדערע טעלעגראַמע איז געגאַנגען דורך אַ שטרענג־פערטרויליכען וועג, ביי דער פולשטענדיגער אויסמיידונג פון דער צענזור.

אָט איז אין דער ערשטער טעלעגראַמע געשריבען שוואַרץ אויף ווייס:

— „אונזערע בעציהונגען מיט מעק־קלעלענד זענען די בעסטע. ער איז זעהר גערענוויליג צו געבען יעדע מעגליכע הילף צו אונז און צו אַלע אַנדערע אידישע אָרגאַניזאַציעס".[3] —

---

2) לויט'ן „פאָרווערטס" פון 21־טען פעברואַר, 1945.

3) לויט'ן בעריכט דורך דער פערמיטלונג פון „באָרד".

גאַנץ אומגעקעהרט איז געווען געשריבען אין דער צווייטער טעלעגראַמע, וואָס האָט אויסגעמיטען די צענזור:

„אונטער דעם איינפלוס פון סאַלי מאַיער האָט מעק־קלעלענד זיך אָפּגע־זאָגט צו דערלויבען אונז פאָרטצוזעצען די טראַנזאַקציע. — מיר אַפּעלירען צו אייך נאָכאַמאָל צוצואיילען דעם ענין און איבערצושיקען דאָס געלד. — מיר דערמאָנען אייך, אַז דער צוג געפינט זיך איצט אין וויען און די לעצטע האָפנונג פאַר רעטונג וועט שנעל פערשוואונדען.[4]

צו דער דאָזיגער צווייטע טעלעגראַמע זענען נאָך נויטיג איניגע קורצע בעמערקונגען: דער „צוג אויפן וועג קיין וויען" איז בעשטאַנען אין אַ גרופּע פון אונגאַרישע אידען, וועגען וועלכע הרב וויסמאַנדעל פון בראַטיסלאַוואַ האָט פערמיטעלט אויסצוקויפען אין זומער 1944; סאַלי מאַיער — דאָס איז דאָך געווען דער פערטרעטער פון „דזשאָינט" אין דער שווייץ, וואָס ער איז פּרינציפּיעל געווען געגען יעדע פערהאַנדלונג וועגען „פּדיון שבויים"; און מעק־קלעלענד — דאָס איז געווען דער פערטרויאונגס־מאַן פון פּרעזידענט רוזוועלט׳ס „וואָר רעפּ־יודזשי באָרד" אין דער שווייץ, וואָס אונטער זיין קאָנטראָל האָבען זיך געפונען אַלע פּאָליטישע אַקציעס פאַר ראַטעווען אידען.

קלאָר, אַז דער פערנעם און כאַראַקטער פון מוסי־פּלאַן איז געווען אַזאַ, אַז דאָ האָט גאָרנישט געהאַט קיין צוועק עפּעס־וואָס אויסצובעהאַלטען פאַר דעם „וואָר רעפּיודזשי באָרד" אין וואַשינגטאָן, אָדער פאַר זיין פערטרויאונגס־מאַן אין דער שווייץ. עס איז דעריבער געווען נויטיג דירעקט צו שטורמען די העכסטע רעגירונגס־שטעלען אין וואַשינגטאָן.

דעם 12־טען פעברואַר 1945 האָט שטערנבוך בעריכטעט צום „ועד הצלה":

„פעררופענדיג זיך אויף מיין פריהערדיגער טעלעגראַם פערלאַנגט מוסי דעם זאָפאָרטיגען דעפּאָזיט פון פינף מיליאָן שווייצער פראַנק אין דער שווייצאַ־רישער באַנק, און אָהן דעם דאָזיגען דעפּאָזיט קען ער נישט צוריקפאָרען קיין דייטשלאַנד. — מיר אַפּעלירען דרינגענד נישט צו וואַקלען זיך קיין מינוט".

און דער „ועד הצלה" האָט צו יענעם מאָמענט ווירקליך געמוזט אויסאיבען דעם גרעסט־מעגליכען דרוק אין וואַשינגטאָן, ווייל דעם 28־טען פעברואַר 1945 איז שוין געווען דער אָפיציעלער ענטפער פון „וואָר רעפּיודזשי באָרד" וועגען דעם דרינגענד־פערלאַנגטען דעפּאָזיט פון 5 מיליאָן פראַנק. הגם עס איז גע־געבען געוואָרען די פּרינציפּיעלע ערלויבעניש צו דעפּאָנירען דעם געפאָדערטען סכום לטובת דער רעטונגס־מיסיע זענען אָבער דערביי געוואָרען געשטעלט גאַנץ האַרבע בעדינגונגען. דערביי איז דווקא געוואָרען בפירוש אונטערגעשטראָכען אַז דאָס געלד טאָר נישט געהען אויף כאַבאַר!

---

4) לויט׳ן אָריגינאַל אין אַרכיוו פון „וועד הצלה".

אָט זענען איניגע אויסצוגען פון דאָזיגען העכסט־וויכטיגען דאָקומענט:

„אייער ווענדונג וועגען אַ לעיסענס פון טרעזשורי־דעפּאַרטאַמענט, וואָס זאָל אייך ערלויבען איבערצואווייזען 937.000 דאָלאַר צו יצחק שטערנבוך, אין סט. גאַלען, שווייץ, אין צוזאַמענהאַנג מיט מוסי׳ס פערהאַנדלונגען צו בעפרייען אידען פון דעם שונא׳ס טעריטאָריע, איז געוואָרען בעטראַכט אויף אַ מיטינג פון די מיטגלידער פון „וואָר רעפיודזשי באָרד", וואָס איז געוואָרען היינט אָפּגעהאַלטען.

„דער באָרד האָט אָפּגעוואָרפען דאָס אַרויסגעבען אַ לעיסענס, וואָס זאָל ערלויבען אַזאַ איבערווייזונג צו יצחק שטערנבוך. אָבער דער באָרד טוט אונטער־שטיצען דאָס אַרויסגעבען אַ לעיסענס דורך דעם טרעזשורי־דעפּאַרטאַמענט, וואָס זאָל אייך ערלויבען איבערצושיקען די דאָזיגע סומע אויף אַ שותפות׳דיגער קאָנטע אין אַ שווייצער באַנק, אויף די נעמען פון יצחק שטערנבוך און ראָזוועל מעק־קלעלענד, דעם ספּעציעלען רעפּרעזענטאַנט פון וואָר רעפיודזשי באָרד, מיטן בעדינג, אַז די לעיסענס זאָל קלאָר פאַרשרייבען, דאָס קיין שום טייל פון דער דאָזיגער סומע זאָל נישט ווערען אויסגעגעבען אָדער פערפליכטעט פאַר אויסגאַבען, אויסער ביי אַ בעפולמעכטיגונג פון אַ ספּעציעלער אַקציע פון וואָר רעפיודזשי באָרד".

„עס איז געווען דער ווייטערדיגער איינשטימיגער בעשלוס פון באָרד, אַז אונטער קיין שום אומשטענדען זאָל דאָס דאָזיגע געלד נישט ווערען גענוצט אויף אויסצאָלען אויסקויף־געלד". [5] —

ביי דער שאַרף־פאָרמולירטער געגנערשאַפט צו יעדער טראַנזאַקציע מיט די נאַציס וועגען „אויסקויף־געלד", האָט דער גאַנצער דעפּאָזיט בלויז געקענט נוצען אויף צו מאַכען אַן עפעקט אויף הימלער׳ן פערזענליך — און דאָס מוז מען צוגעבען איז דאָך געוואָרען גאַנץ געשיקט אויסגענוצט דורך מוסי׳ן.

אין דעם זעלבען ענטשיידענעם דאָקומענט פון „וואָר רעפיודזשי באָרד" איז דערביי געווען געזאָגט, אַז פון דעם אָנגעגעבענעם דעפּאָזיט אויף 937 טויזענד דאָלאַר, וואָס האָט בעטראָפען גענוי דעם עקוויוואַלענט פון 5 מיליאָן שווייצער פראַנק, קענען ווערען געדעקט אַנדערע אויסגאַבען, וואָס זענען פערבונדען מיטן אַרויסראַטעווען די אידען פון שונא׳ס געביטען, אָבער אויך דערויף איז יעדעס מאָל נויטיג די דירעקטע ערלויבעניש פון „וואָר רעפיודזשי באָרד" אין וואַ־שינגטאָן. בלויז אויפן דאָזיגען איינציגען פונקט איז געלונגען דעם „וועד הצלה" צו דערגרייכען אַ געוויסע פאָרמעלע ערלייכטערונג.

דעם 15־טען מערץ 1945 האָט דער „וועד הצלה" געבעטען אַ ספּעציעלע איינזעהעניש ביים „באָרד", אין שייכות מיט דער אויבענדערמאָנטער לעיסענס

5) אין אָפיציעלען ראַפּאָרט, ז׳ 43.

נומער 4426־ווי און האָט פערלאַנגט, אַז מעק־קלעלענד פערזענליך זאָל ווערן בעפולמעכטיגט צו בעשטעטיגען אויפן אָרט געוויסע קלענערע אויסגאַבען פאַר דער לויפענדער רעטונגס־אַרבעט, מחוץ פון מוסי׳ס אַקציע. אַזוי איז געווען געשריבען אין דער ווענדונג:

„עס איז קלאָר, אַז אונזער פערטרעטער וועט זיך נויטיגען אין פאָנדען פאַר די לויפענדע אויסגאַבען, ווי טראַנספאָרט, בעשפייזונג, אָפּצאָל פאַר דאָקו־מענטען, און פערזענליכע קאָסטען. ביים דאָזיגען מאָמענט וואָלט ער געהאַט גענוג צייט פאָרצושטעלען די דאָזיגע אויסגאַבען פאַר מר. מעק־קלעלענד, אָבער דאָס וואָלט געווען אַ גרויסע ריזיקאָ פאַרן רעטונגס־ווערק, ווען די דעציזיעס וועגען די דאָזיגע אויסגאַבען זאָלען ווערען אָפּגעהאַלטען ביז מר. מעק־קלעלענד וועט זיך שטעלען אין פערבינדונג מיט וואַשינגטאָן און וואַרטען אויף ענטפער. איין שעה קען קאָסטען טויזענדער לעבענס״. [6]) —

און אָט איז די לייטונג פון „ועד הצלה״ געווען אימשטאַנד צו מעלדען דעם 26־טען מערץ 1945, צו שטערנבוך אין דער שווייץ:

„די לעיסענס נומער 2426־ווי איז געוואָרען אויסגעבעסערט, אַז 1 מיליאָן פראַנק קען ווערען אויסגעגעבען דורך אייך מיט מעק־קלעלענד׳ס פערזענליכער הסכמה, — מעק־קלעלענד האָט נישט נויטיג אָנצופרעגען זיך אין וואַשינגטאָן. [7])

ביי דער דאָזיגער געלעגענהייט איז ווערט צו בעמערקען, אַז די גרעסטע פאָזיציע פון אויסגאַבען, וואָס זענען געמאַכט געוואָרען פון דעם דאָזיגען דעפּאָזיט איז געווען די סומע פון אַ האַלבען מיליאָן שווייצער פראַנק, אויסגעצאָהלטע צום אינטערנאַציאָנאַלען רויטען קרייץ פאַר בעזאָרגען דעם לעצטען טראַנספּאָרט בעשפייזונג אין די נאַצישע קאָנצענטראַציע־לאַגערן, שוין אויפן שוועל פון דער דייטשער מפלה.

דעם 28־טען מערץ 1945 האָט דער פערטרעטער פון „ועד הצלה״ אין שווייץ טעלעגראַפירט:

„מיר שיקען מאָרגען אַרויס לאַסט־אויטאָס, וואָס וועלען פאָרען דירעקט אין די לאַגערן פון בערגען־בעלזען, טערעזיענשטאַדט און 8 עסטרייכישע לאַגערן מיט אונגאַרישע אידען — דער טראַנספּאָרט בעשטעהט פון 5500 קילאָ מצות, 5000 קילאָ רייז, 1000 פושקעס סאַרדינען, 700 קילאָ נאָדעל, 11300 שאַכטלעך קעז, 600 פּאָרציעס ביסקוויט, 20 טאָן צוקער, 800 קילאָ אַרבעס, 10400 פושקעס געפּלעקעלט פלייש, 23 טאָן ווייסע בעבלעך, 1000 קילאָ שאָקאָלאַד, 1000 קילאָ געטרוקענטע מילך. — ווייטערדיגע טראַנספּאָרטען ווערען צוגעגרייט״. [8])

---

6) אַרכיוו פון „ועד הצלה״.
7) דאָרט.
8) דאָרט.

און אַ צוגאָב־מעלדונג פון דער זעלבער דאַטע איז געווען געמאָלדען, אַז די גאָר וויכטיגע שפּייז־טראַנספּאָרטען פאַר די קאָנצענטראַציע־לאַגערן ווערען בעזאָרגט דורך דער פערמיטלונג פון „אינטערנאַציאָנאַלען רויטען קרייץ", וועל־כער איז אין לעצטען פּעריאָד צוגעלאָזען געוואָרען מיט זיין הילפס־ווערק אין די נאַצישע לאַגערן; און אַז די שפּייז־טראַנספּאָרטען פון די פּאַנדען פון „ועד הצלה" זענען ספּעציעל אויסגערעכענט, אַז מען זאָל זיי קענען געברויכען אויף דעם אָנרוקענדען פּסח. עס איז געוואָרען צוגעגעבען, אַז מעק־קלעלאַנד איז שטאַרק בייהילפיג אין דער גאַנצער אַקציע.

צו דער דאָזיגער העכסט־וויכטיגער הילפס־אַקציע, וואָס האָט פאַר פּיעל אידען אין די לאַגערן בעדייט ממש רעטונג פון טויט, דאַרף נאָך ווערען דער־מאָנט דער בריף צום „ועד הצלה" פון „וואָר רעפיודזשי באָרד" פון 6־טען אַפּריל 1945, וואָס האָט געלויטעט אַזוי:

„מיר האָבען אינפאָרמירט אונזער רעפּרעזענטאַנט אין דער שווייץ, אַז ער איז בעפולמעכטיגט צו ערלויבען מר. שטערנבוך איבערצוגעבען דעם אינטער־נאַציאָנאַלען קאָמיטעט פון רויטען קרייץ די סומע פון 500.000 פראַנק, אויף דעם איינקויף פון שפּייז־פּראָדוקטען און זייער טראַנספּאָרטאַציע, לויט די בעדינגונגען פון לעיסענס נומען 2426־ווי".[9])

ווען עס ווערט דאָ פאַרגעשטעלט דער גאַנגעל פון „ועד הצלה" מיטן „וואָר רעפיודזשי באָרד" וועגען דעם דעפּאָזיט פון די 5 מיליאָן פראַנק לטובת דעם גאַנג פון דער מוסי־אַקציע — איז דאָ נויטיג צוצוגעבען, אַז דער „ועד הצלה" האָט אין יענעם ערנסטען מאָמענט בעגעגענט די געהעריגע הילף און פערשטענדניש מצד דער צענטראַלע פון „דזשאָינט" אין ניו־יאָרק, וואָס האָט איינגעשטימט אויסצובאָרגען דעם „ועד הצלה" די פולע סומע פאַרן דאָזיגען דעפּאָזיט פון 5 מיליאָן שווייצער פראַנק.

דעם 1־טען מערץ 1945 האָט דער טרעזשורי־דעפּאַרטאַמענט, אין איינ־קלאַנג מיטן בעשלוס פון „וואָר רעפיודזשי באָרד" פון 28־טען פעברואַר, אויס־געשטעלט אַ לעיסענס אויפן נאָמען פון „ועד הצלה", אויף דער סומע פון 937 טויזענד דאָלאַר, און דערביי זענען טאַקע געשטעלט געוואָרען ביידע שטרענגע פאָרשריפטען:

„(1) קיין טייל פון דער אָנגעגעבענער סומע זאָל נישט ווערען אויסגע־געבען אָדער פערפּליכטעט צו אויסגאַבען, אויסער דורך דער ערלויבניש פון „וואָר רעפיודזשי באָרד", אין וואַשינגטאָן.

„(2) יעדע צוריקצאָלונג, טראַנספער אָדער בעפעהל צו אויסצאָלען פון

9) דאָרט.

דער דאָזיגער בשותּפות׳דיגער קאָנטע דאַרף ווערן געמיינזאַם געצייכנט דורך יצחק שטערנבוך, דעם פאָרשטעהער פון „ועד הצלה״ אין דער שווייץ, און ראָזוועל ד. מעק־קלעלענד, דעם פאָרשטעהער פון „וואָר רעפיודזשי באָרד״ אין דער שווייץ״. [10]

דעם 2־טען מערץ 1945 האָט די צענטראַלע פון „דזשאָינט״ אין ניו יאָרק אויסגעשטעלט צו דער דיספּאָזיציע פון „ועד הצלה״ אַ טשעק אויף דער סומע פון 937 טויזענד דאָלאַר. צו דעם טשעק איז געווען בייגעלעגט אַ בריף פון דער דזשאָינט־עקזעקוטיווע, אין וועלכען עס איז געוואָרען געזאָגט:

„מיר לעגען דערמיט ביי אונזער טשעק נומער 11347 אויף דער סומע פון 937 טויזענד דאָלאַר, צו דער דיספּאָזיציע פון „ועד הצלה״ איבערצושיקען קיין שווייץ אין איינקלאַנג מיט דער לעיסענס נומער 2426, וואָס איהר האָט בעקומען פון טרעזשורי־דעפּאַרטאַמענט, עס איז געוואָרען גענומען צו־קענטניס און אָפּגעמאַכט מיטן „ועד הצלה״, אַז דורך דעם פעריאָד וואָס די צושטימונג פון די רעגירונג פון די פעראייניגטע שטאַטען איז נויטיג פאַר די אויסגאַבען פון די דאָזיגע פאָנדען, וועט דער „ועד הצלה״ דאַרפען אינפאָרמירען דעם „דזשאָינט״ וועגען אַזעלכע אויסגאַבען. זאָל די מלחמה אין איראָפּע זיך ענדיגען און די פאָרשריפטען פון דער רעגירונג פון די פעראייניגטע שטאַטען וועלען ווערען אַראָפּגענומען פון דער לעיסענס נומער 2426, וועט דער „ועד הצלה״ דאַרפען דיסקוטירען מיטן „דזשאָינט״ וועגען אַזעלכע אויסגאַבען, אָדער דעם באַלאַנס פון די דאָזיגע פאָנדען, און צו פערזיכערן די צושטימונג פון „דזשאָינט״ צו אַזעלכע אויסגאַבען איידער זיי ווערען דורכגעפיהרט. זאָל די צייט קומען און די דאָזיגע פאָנדען זענען נישט געוואָרען אויסגענוצט אינגאַנצען אָדער טיילווייז, אין איינקלאַנג מיט די בעדינגונגען פון די לעיסענס, דאַרף דער „ועד הצלה״ צוריקגעבען צום „דזשאָינט״ דעם נישט־אויסגענוצטען טייל פון דער דאָזיגער סומע״. —

דער הסכם צווישען „ועד הצלה״ און דעם „דזשאָינט״ איז געוואָרען אויסגעפיהרט אין זין פון די דערמאָנטע בעדינגונגען.

דעם 28־טען אַפּריל 1945 האָט דער פאָרשטעהער פון „ועד הצלה״ אין דער שווייץ געמאָלדען, אַז דער דעפּאָזיט פון 937 טויזענד דאָלאַר וועט מעהר נישט זיין נויטיג צום אָריגינעל־בעשטימטען צוועק.

דעם 2־טען מאַי 1945 האָט די צענטראַלע פון „דזשאָינט גלייכצייטיג איבערגעשיקט בריף צום „ועד הצלה״ און צום „וואָר רעפיודזשי באָרד״ אַז די נישט־אויסגענוצטע פאָנדען וואָס זענען געווען צו דער דיספּאָזיציע פון שטערנבוך און מעק־קלעלענד זאָלען צוריק געהען אין דער קאַסע פון „דזשאָינט״.

10) לויט דעם פאָרגעשטעלטען פאַטאָסטאַט דאָ אין בוך.

לויט דער אינפאָרמאַציע פון „דזשאָינט" האָט זיך צו יענעם מאָמענט געהאַנדעלט אין דער נישט־פערברויכטער סומע פון צירקאַ 800 טויזענד דאָלאַר. און דערמיט איז דער ענין געוואָרען פאָרמעל אָפּגעוויקעלט.

דער דריטער פראַנט — דער אינערליך־אידישער, איז אָבער טראָץ דעם געווען אַ גענוג פערביטערטער. דער פאַקט, וואָס די צענטראַלע פון „דזשאָינט" אין ניו יאָרק האָט שליסליך, אין לעצטען סטאַדיום, פּאָזיטיוו אָפּ־געשאַצט מוסי׳ס רעטונגס־מיסיע אין נאָמען פון „ועד הצלה", קען געוויס נישט פערדעקען די דורכאויס־נעגאַטיווע ראָל פון סאַלי מאַיער, דעם בעפולמעכטיגטען פערטרעטער פון זעלבען „דזשאָינט" אין דער שווייץ, בשעת דעם גאַנצען חדשים־לאַנגען פערלויף פון די געהיימע פערהאַנדלונגען מיט די נאַציס.

אין די אַקטען פון נירענבערגער פּראָצעס איז ליידער צו געפינען פיעל פיינליכע שפּורען פון דער אינערליך־אידישער צוריסענקייט אין דאָזיגען העכסט־טראַגישען פעריאָד, בשעת עס האָט געהאַנגען אויף דער וואָגשאָל דער גורל פון דער שארית הפליטה אין דעם זינקענדיגען „דריטען רייך". דער עצם פאַקט, וואָס עס זענען ביז צו דער לעצטער מינוט אַלץ געוואָרען געפיהרט צווייערליי סאָרטען „אונטערהאַנדלונגען" מיט הימלער׳ן — דורך סאַלי מאַיער׳ן מיט דער הילף פון אַ גאַנצער גרופּע פערמיטלער — און דורך דעם בונדעס־ראַט מוסי דירעקט — איז אפשר נישט געווען אַזוי געפערליך. פיל געפערליכער איז אָבער געווען, וואָס דווקאַ צווישען די צווייט־ראַנגיגע נאַצישע פערמיטלער, וועלכע האָבען דאָ געהאַט אין זינען זייערע פערזענליכע אינטערעסען, האָט זיך ענטוויקעלט אַ פערביסענער קאָנקורענץ־קאַמף אַרום דער גאַנצער פראַגע פון „פערקויפען די אידען".

נישט וועלענדיג זיך דאָ טיפער אַריינלאָזען אין דעם וועטאָגליכען ענין (נאָך דערצו ווען דער הויפּט־פעראַנטוואָרטליכער, סאַלי מאַיער, איז שוין לאַנג אויפען עולם האמת), מוז אָבער אויס היסטאָרישער פּינקטליכקייט ווערען אויפ־געקלערט דער וועזענטליכער אונטערשיד צווישען די דאָזיגע ביידע פּאַראַלעלע רעטונגס־אַקציעס, פון סאַלי מאַיער און פון מוסי, לויט דער אָנרעגונג און פּלאַנירונג פון „ועד הצלה".

דעם 3־טען מערץ 1945 האָט דער פערטרויאונגס־מאַן פון „ועד הצלה" אין דער שווייץ אַרויסגעשיקט אַזאַ טיעף־אַלאַרמירענדע דעפּעשע קיין ניו יאָרק:

„מוסי איז צוריקגעקומען פון זיין צווייטער רייזע אין בערלין — די אַגענטען פון סאַלי מאַיער אין בערלין האָבען אונטערגענומען שריט אומעגליך צו מאַכען דאָס אַרויספירען די פליכטלינגס — ער בעמיהט זיך צו דערהאַלטען די אידען ביים לעבען אָבער ער זאָרגט נישט זיי אַרויסצונעמען פון דייטשלאַנד — ער פערהאַנדעלט מיט די דייטשען אין דער דאָזיגער ריכטונג, סאַבאָטירענדיג

אונזער אַקציע — פאָדערט קאַטעגאָריש פון דזשאָינט, אַז סאַלי מאַיער זאָל זאָפאָרט אָפּשטעלן זיינע פערהאַנדלונגען מיט די דייטשען — געגען בלבולים קענען מיר זיך אַליין פערטיידיגען אָבער מיר זענען נישט פעראַנטוואָרטליך פאַר די פאָלגען, וואָס מיר וועלען קיינמאָל נישט זיין אימשטאַנד צו בערעכטיגען — מוסי געהט נאָכאַמאָל קיין בערלין — מיר האָפען, אַז אַ נייער טראַנספּאָרט וועט אָנקומען קיין שווייץ".

(אונטערגעשריבען)

שטערנבוך.

און אָט ווען מען זאָל לאָזען אָן אַ זייט די אַלע פערזענליכע אָנגריפען געגען סאַלי מאַיער'ן (וואָס מוסי'ס ראַפּאָרט איז, אגב, פול מיט זיי), ווערט דאָ קלאָר אַרויסגעשיילט די פּרינציפּיעלע מיינונגס־פערשידענהייט וועגען וואָס עס האָט צו יענעם מאָמענט בעדייט דער בעסטער און זיכערסטער וועג פון רעטונג:

1) צי זאָל מען זעהען פאַר יעדען פּרייז אַרויסצופיהרען וואָס מעהר אידען פון דעם כאַאָטיש־בעהערשטען נאַצי־דייטשלאַנד און איבערברענגען זיי אין זיכערע פּלעצער?

2) צי זאָל מען זיך בעגנוגנען מיט גאַראַנטירען שוץ און לעבען פאַר די פערבליבענע אידען אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן, שטיצענדיג זיך אויף הימ־לער'ס צוזאָגען?

די שטעלונג פון „ועד הצלה", וואָס איז אויף אָן איינדייטיגען אופן געוואָרען פּרעזענטירט לגבי דער עקסטער דייטשער מאַכט דורך מוסי'ן, איז געווען נישט צו לאָזען זיך שטעלען צופרידען מיט די פּערזענליכע הבטחות און אפילו בעפעהלען מצד די נאַצישע פיהרער, נאָר צו זעהען וואָס שנעלער און וואָס צאָלרייכער אַרויסצוראַטעווען די נאָך־לעבעדיגע אידען פון תחום פון דער נאַצישער הערשאַפט. מוסי האָט זיך טאַקע כסדר בעמיהט אַרויס־צובעקומען פעסטע און זיכערע הבטחות פון הימלער'ן, אָבער אין זיין ראַפּאָרט אידענטיפיצירט ער כסדר די אַקציע פון „ראַטעווען" אידען מיט זייער „בעפ־רייאונג" פון נאַצישען רשות, אויסער די גרעניצען פון דייטשלאַנד.

דאָס איז געוויס געווען אַ וויטיזיכטיגע, שטרענג־רעאַליסטישע איינשטע־לונג אַזוי מצד מוסי'ן ווי מצד דעם „ועד הצלה" — און דער ווייטערדיגער פערלויף פון די געשעהענישען אַרום דער אייליגער ליקווידירונג פון די קאָנ־צענטראַציע־לאַגערן האָט דאָס אַבסאָלוט בעשטעטיגט.

דערפאַר האָט דער „ועד הצלה" זיך נישט געלאָזט צופרידענשטעלען מיט מוסי'ס וויכטיגע קאָנטאַקטען און פּאָליטישע איינפלוסען אינערהאַלב דער

נאַצישער פיהרערשאַפט, נאָר האָט כסדר געהאַט פאַרן אויג דעם הויפט־ציעל — אַרויסצופיהרען וויפיעל אידען עס לאָזט זיך! די דאָזיגע איינציגע ריכטיגע אויפפאַסונג איז צום שאַרפסטען געקומען צום אויסדרוק אין דעם האַרצרייסענדען מעמאָריאַל פון „ועד הצלה", צו די העכסטע רעגירונגס־מענער אין וואַשינגטאָן, דאַטירט דעם 15־טען מערץ 1945:

„אונזער פאָרשטעהער — איז געזאָגט אין אַריינפיהר צום דאָזיגען מעמאָריאַל — יצחק שטערנבוך אין מאָנטרע, שווייץ, האָט אַנגאַזשירט די לייס־טונגען פון שווייצער פעדעראַלען קאָנסול, מוסי אין אַ פּרוב צו בעפרייען פון די נאַצישע מערדערישע הענד וויפיעל אידען עס קענען נאָר ווערען אַרויס־געראַטעוועט פון די קאָנצענטראַציע־לאַגערן און איבערגעפיהרט אין זיכערע פלעצער, מיט דער הילף און צושטימונג פון דער שווייצאַרישער רעגירונג. —

„אויב אונזערע אַליאירטע נעמען אָן אַ שטעלונג פון אָן עקל־געפיהל (געמיינט, געגען דעם כאַבאַר־האַנדעל מיט די נאַציס), גלויבען מיר, אַז זיי קענען עס דאָך פערשטעהען, דאָס קליינע, מינדערוויכטיגע און דורכזיכטיגע אַטראַקציעס, וועלכע ווערען אָנגעבאָטען די תלינים, קענען ווירקליך נישט בעריהרען אָדער בעאיינפלוסען דעם מלחמה־פערמעסט אָדער דעם נאָך־מלחמה־פּלאַן. אַזוי פיעל קען ווערען דערגרייכט מיט אַזוי וועניג.

„אָט זענען די 4 פּאָזיטיווע שריט, וואָס דאַרפען ווערען אונטערגענומען, כדי צו העלפען רעאַליזירען דעם מוסי־פּלאַן און ברענגען דערפאָלגרייכע רע־זולטאַטען:

„1. די אַמבאַסאַדע פון די פעראייניגטע שטאַטען אין דער שווייץ און די שווייצער רעגירונג זאָלען ווערען אינפאָרמירט, אַז וואַשינגטאָן איז בעזאָרגט וועגען דער רעאַליזירונג פון דאָזיגען רעטונגס־ווערק, אין דער פאָרם פון ווייַ־טערדיגע טראַנספּאָרטען קיין שווייץ. די דערמאָנטע זאָלען ווערען געבעטען אונטערצונעמען אַלע מעגליכע שריט דאָס צו רעאַליזירען.

„2. פינאַנציעלע מיטלען זאָלען ווערען געמאַכט צוגענגליך פאַר מוסי'ן, צו דעקען טראַנספּאָרטאַציע־קאָסטען, בעלוינונגען פאַר קלענערע אָפיצירען, אַזוי אין שווייץ ווי אין דייטשלאַנד, און אַנדערע נויטיגע אויסגאַבען. —

„3. די טראַנספּאָרטאַציע פון דייטשלאַנד איז נישט קיין גענוגענדע, און די אידען קענען נישט ווערען אַריבערגעפיהרט קיין שווייץ. מיר בעטען מיט פולען רעספּעקט אַז די פערטרעטער פון די פעראייניגטע שטאַטען אין שווייץ זאָלען ווערען בעאויפטראַגט איבערצואווייזען צום אינטערנאַציאָנאַלען רויטען קרייץ, דעם וואונש אַז די לאַסט־אויטאָס זייערע וואָס פיהרען בעשפּייזונג און מעדיקאַמענטען קיין דייטשלאַנד זאָלען אויף צוריקוועגס קיין שווייץ, ווען זיי זענען ליידיג, אויסגענוצט ווערען פאַרן דאָזיגען צוועק; צו זוכען אַנדערע

מעגליכע לאָקאָמאָציע־מיטלען אָדער שאַפען אַזעלכע, דורך דינגען טראָקס אָדער אַנגאַזשירען אויטאָבוסען.

„4. צוליב דעם, וואָס די שווייצאַרישע עקאָנאָמיע איז מעגליך נישט אימשטאַנד צו אַבסאָרבירען מעהר פליכטלינגס, בעטען מיר מיט פולען רעספּעקט איבערצופיהרען אַ טייל פון די פריהער־געקומענע פליכטלינגס אין אַנדערע מעהר־פּאַסיגע פלעצער פון שוץ און זיכערהייט, כדי אָהן יעדען אָפּהאַלט צו מאַכען פּלאַץ פאַר די פריש־אָנקומענדע.

„מיר אַפּעלירען צום געוויסען פון די פעראייניגטע שטאַטען פון אַמעריקע, דאָס לאַנד וואָס איז געוואָרען געבויט אַלס מוסטער פון דעמאָקראַטיע, מענשליכען געוויסען און איז דער אַרסענאַל פון מאָראַל פאַר די דעמאָקראַטיעס אין דער גאַנצער וועלט, העלפט די רעשטלעך פון אַ צעפּערטעלט פאָלק אין אייראָפּע, אין די דאָזיגע לעצטע מינוטען איידער עס פאַלט דער פאָרהאַנג איבער דעם צום־מעהרסטען טראַגישען און צום־מעהרסטען אומפערגעבליכען גורל, וואָס איז געוואָרען אויסגעמאָסטען צו אַ פאָלק, וועלכעס האָט געברענגט דאָס וואָרט פון ג־ט צו דער מענשהייט". [11])

עס איז וויכטיג צו בעטאָנען, אַז נישט בלויז דער „ועד הצלה" האָט געלעגט דעם טראָפּ אויף בעפרייען די אידען פון נאַצישען יאָך, נאָר אויך אין אַנדערע פעראַנטוואָרטליכע אידישע קרייזען האָט געהערשט די זעלבע איבערצייגונג, ווי דאָס בעקומט זיך קלאָר פון דעם פערטרויליכען בעריכט, וואָס איז געוואָרען אַרויסגעשיקט פון ירושלים אין גאַנג פון דער מוסי־אַקציע:

— „אין איצטיגען מאָמענט ווערען נייע פּלענער (פאַר עוואַקואירען אידען פון דייטשלאַנד) דאָ דיסקוטירט אין אָפיציעלע קרייזען. עס איז געוואָרען בע־ריכטעט דורך שטאָרך (דער פערטרעטער פון אידישען וועלט־קאָנגרעס אין שוועדען), אַז די שוועדישע רעגירונג האָט גאַראַנטירט דעם אַריינקום פון אַלע אינטערנירטע אין בערגען־בעלזען און אַ טייל פון טערעזיענשטאַדט. דער דאָזיגער ראַפּאָרט בעשטעטיגט די נייעס־מעלדונג פון נעכטען, און דאָס וואָלט בעדייט אַ מעגליכקייט צו ראַטעווען די רעשטלעך אידען, וועלכע זענען אין געפאַהר פון פערניכטונג, אַזוי לאַנג ווי זיי ווערען נישט אַרויסגעפיהרט אין אַ זיכערען פּלאַץ. דער רב הראשי און אַלע אַנדערע רבנים דאָ דרענגען אויף אַלע קרייזען פון דער היגער געזעלשאַפט צו מאַכען יעדע בעמיהונג אין דער דאָזיגער ריכטונג, און עס איז זייער הייסעסטער פערלאַנג, אַז איהר זאָלט פאָרטזעצען אייער ווערק און מאַכען יעדע אָנשטרענגונג אויסצונוצען דעם דאָזיגען היסטאָרישען שאַנס". [12])

(אונטערגעשריבען)

גריפּעל.

11) אַרכיוו פון „ועד הצלה".

12) לויט׳ן טראַנספּערירטען בעריכט דורך דער „באָרד" אין וואַשינגטאָן.

וואָס שייך דעם דערמאָנטען רעטונגס־פּלאַן פון שטאַרך אין שוועדען האָט ער דירעקט געצילט צו בעפרייאונג. נישט מעהר וואָס דערויף האָט ריכטיג רעאַגירט דער פאָרשטעהער פון „ועד הצלה" אין דער שווייץ, שטערנבוך, אין זיין געהיימען ראַפּאָרט פון 28־טען מערץ 1945:

„אין ענטפער אויף אייער טעלעגראַם פון 9־טען מערץ וועגען גריפעל'ס אינפאָרמאַציע בנוגע שוועדען איז אונז בעקאַנט זינט לאַנג זייער גרייטקייט אויפצונעמען דעפּאָרטירטע פערזאָנען אָבער דער דאָזיגער פּלאַן איז נישט ענטשיידענד, ווייל נישט עס הערשט איצט אַ מאַנגעל אין אויפנאַהם־מעגליכקייטען נאָר אין דער מעגליכקייט אַרויסצופאָהרען, פאַר וועלכען מוסי ווירקט כסדר".

אויף וויפיעל דער שוואַר־פונקט פון דער רעטונגס־ פראַגע איז געלעגען אין אַרויסנעמען די אידען און נישט בלויז אין הימלער'ס פערזענליכער שטעלונג צו זייער ווייטערדיגען אויפענטהאַלט אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן — דאָס האָט זיך לוידער גאַנץ שנעל בעשטעטיגט. הימלער'ס בפירוש'ער בעפעהל אָפּ־צושוינען די אידען־לאַגערן איז שפּעטער געוואָרען סאַבאָטירט סיי פון אויבען, פון סאַמאַראַדנעם פיהרער, היטלער, און סיי פון אונטען — פון די נידעריגע נאַצי־פערברעכער, די לאַגער־פיהרער, וואָס לויט מוסי'ס פעסטשטעלונג האָבען פיעל פון זיי גאָרנישט געקענט פערשטעהן ווי אַזוי הימלער האָט גאָר געוואָגט אָפּצורופען די אידען־מערדעריי.

לויט אַ מאָסגעבענדער סטאַטיסטיק, וואָס פיגורירט אין די אַקטען פון נירענבערגער פּראָצעס[13]) איז צום אָנהויב 1945 געוואָרען געשאַצט די צאָהל אידישע אינטערנירטע בלויז אין די קאָנצענטראַציע־לאַגען פון מערב־דייטשלאַנד, אויף צירקאָ 200 טויזענד. אין אַן אַנדערער אָפיציעלער שאַצונג איז אָנגעגעבען, אַז בלויז אין די לעצטע 3 חדשים פון קריג זענען אומגעקומען אין די גרויסע קאָנצענטראַציע־לאַגערן ביי 80 טויזענד פערזאָן, דערפון אין בערגען־בעלזען 40 טויזענד — און דאָס זענען געוויס געוועזן הויפטזעכליך אידען.

ווי געזאָגט, אַלזאָ, איז דעם „ועד הצלה" געלונגען אויסצושפּילען דעם רעטונגס־קאַמף אויף 3 פּראָצענט, — דער דורכפאַל איז אָבער געקומען אויפן 4־טען פּראָנט, וואָס איז געבליבען אָפען און נישט־אויסגעשפּילט ווי געהעריג.

**דער פערטער פראָנט — היטלער פּערזענליך געזונמען,** דאָס מיינט זיין דעציזיע נישט צו בעפרייען די לעצטע אידען, און נישט אָפּצושוינען זייער לעבען אַלס „אַליבי" פאַר די מיליטעריש־פערשפּילטע נאַצישע פיהרער.

פון די דאָקומענטאַרישע קוועלען איז צוזעהען, אַז דאָס האָט היטלער פערזענליך געמאַכט אַ שטריך איבער דעם געהיימען אָפּמאַך הימלער־מוסי,

13) „פּראָצעס נומער 11", דאָקומענט נומער 2191.

אַרויסצושיקען אַ צאָהל אידען־טראַנספּאָרטען צו דער שווייצאַרישער גרעניץ.

וואָס שייך דעם דאָזיגען פאַקט, ווער אייגענטליך האָט אַרויסגערופען היטלער׳ן צום אָפענעם ווידערשטאַנד געגען הימלער׳ן אין דער פראַגע פון מוסי׳ס אַקציע — דערוועגען זענען דאָך געוואָרען פאַרגעשטעלט צוויי גאַנץ־געגענגעזעצטע ווערסיעס, וואָס שטאַמען פוןביידע נאַצישע הויפּט־פּערמיטלער אין די פּאַראַלעלע פערהאַנדלונגען: דאָס מיינט גענעראַל שעלענבערג — פון מוסי׳ס צד, און קורט בעכער — פון סאַלי מאַיער׳ס צד.

אין דעם אויסצוג פון גענעראַל שעלענבערג׳ס עדות־ערקלערונג פאַרן נירענבערגער טריבונאַל ווערט דאָס געשעהעניש געשילדערט בערך אַזוי:

„שעלענבערג וואַרפט די פעראַנטוואָרטליכקייט אויף דריי הויכע געסטאַפּאָ־אָפיצירען: קאַלטענברונער, ווינקעלמאַן און בעכער. דער לעצטער פון די דריי, בעכער, האָט אין יאָהר 1944 פערמיטעלט ביי הימלער׳ן דעם ענין פון בעפרייען אונגאַרישע אידען געגען אַ פּדיון פון געלד און טראַקטאָרען. — בעכער האָט מורא געהאַט, אַז דורך דער מוסי־אַקציע וועט ער פערלירען אַ „גוט געשעפט"; ווינקעלמאַן, זייענדיג אַ געסטאַפּאָ־מאַן אין בודאַפּעסט איז געווען, ווייזט־אויס, אַ שותף. זיי האָבען אַלזאָ צוזאַמען אונטערגערוקט קאַלטענברונער׳ן אַ מאַפּע מיט צייטונגס־אויסשניטען, וואו עס איז געווען איבערגעגעבען דער ענין מיטן אָנקומען פון די ערשטע 1200 אידען אין דער שווייץ, אין אַן אומגינסטיגען ליכט פאַר די נאַציס. אַזעלכע צייטונגס־אויסשניטען האָט מען אויך געשיקט ריבענטראָפּ׳ן און דעם פעלד־מאַרשאַל קייטעל. דאַן איז פאָרגעקומען אַ קאָנפערענץ אין ביוראָ פון אַ ס״ס־אָבער־גרופּען־פיהרער, יוטנער, אין וועלכער עס האָבען זיך בעטייליגט: קאַלטענברונער, שעלענבערג, ווינקעלמאַן און בעכער. אויף דער קאָנפערענץ האָבען ווינקעלמאַן און בעכער ערקלערט, אַז די מוסי־אָנגעלעגענהייט איז אַ „נישט־סעריעזע" און ברענגט שאָדען די דייטשען אין אויסלאַנד. די אגודת הרבנים, אויף וועלכער מוסי האָט זיך פעררופען — האָבען זיי ווייטער ערקלערט — האָט נישט קיין פּאָליטישע בעדייטונג און אויך „זאָנסט" נישט קיין איינפלוס. נאָר די פערבינדונג פון בעכער׳ן מיט סאַלי מאַיער גאַראַנטירט דעם „פּאָליטיש איינציג טראָג־פעהיגען קאַנאַל". — קאַלטענברונער האָט גע־דאַרפט ענטשיידען, וואָס צו טאָן. אָבער דאָס איז נישט געווען אַזוי פּשוט. פון איין זייט האָט זיין שעף, הימלער, געהאַט אָנערקענט מוסי׳ן און זיינע מאַנדאַט־געבער אַלס איינציגען „פערהאַנדלונגס־פּאַרטנער" פאַרן גאַנצען קאָמפּלעקס פון דער אידען־פראַגע; פון דער אַנדערער זייט האָט קאַלטענברונער שוין פון פריהער געהאַט אַרויסגעוויזען געגנערשאַפט צום גאַנצען מוסי־פּלאַן. — קאַל־טענברונער איז דעריבער נאָך דער קאָנפערענץ, אַרום 11 אַזייגער ביינאַכט, אַוועק אין דער רייכס־קאַנצליי צו היטלער׳ן. — היטלער׳ס פּסק איז געווען:

די מוסי־אַקציע דאַרף תיכף ווערן אָפּגעשטעלט און קיין איינציגער איד טאָר מעהר נישט ווערן געבראַכט איבער דער דייטשער גרעניץ״.[14])

אַ פונקט פערקערטע בעלויכטונג פון דעם דאָזיגען אינצידענט מיט היטלער׳ס אַריינמישען זיך אין דער פראַגע פון די אידען־טראַנספּאָרטען קיין אויסלאַנד, ווערט אָבער געגעבען דורך דעם דערמאָנטען קורט בעכער, אַ הויכען ס״ס־מאַן, וואָס איז אויך געוואָרען אויסגעפּאָרשט אין גאַנג פון די נירענבערגער פּראָצעסען געגען די נאַצישע מלחמה־פערברעכער. און אָט ווי אַזוי בעכער׳ס דאָזיגע ערקלערונגען ווערען סומירט דורך דעם ענגלישען פאָר־שער פון נאַצי־רעזשים, רעיטלינגער:

— „לויט בעכער׳ן האָט הימלער גרויסמוטיג איבערגעוויזען דאָס געלד (די פינף מיליאָן פראַנק, לויט דעם אָפּמאַך מיט מוסי) לטובת די פּראָיעקטען פון שווייצאַרישען רויטען קרייץ, נאָר די דאָזיגע ידיעה איז געוואָרען פּובליקירט אין דער שווייצאַרישער פרעסע און איז אָנגעקומען צו היטלער׳ן. בעכער מאַכט די גאַנץ איבערראַשענדע פעסטשטעלונג, אַז וואָלטער שעלענבערג, וועמען הימלער האָט אָנגעטרויעט די בעהאַנדלונג פון דעם גאַנצען ענין, האָט פאַר געשטעלט היטלער׳ן די דאָזיגע ראַפּאָרטען. הימלער האָט דערפאַר געהאַט אויסצושטעהן אַזאַ שרעקליכע סצענע, אַז ער האָט אַלץ אָפּגערופען. לויט בעכער׳ן האָט ער בעפוילען פיסטער׳ן, דעם פריהערדיגען קאָמענדאַנט פון בוכענוואַלד, „נישט צו דערלאָזען קיין איינציגען קאַצעט־אינטערנירטען אין דרום־טייל פון דייטשלאַנד אַריינצופאַלען אַ לעבעדיגען אין די הענד פון שונא״.

דערפון איז צו זעהען, אַז ביידע הויפּט־פערמיטלער, שעלענבערג און בעכער, וואַרפען די שולד איינער אויפן צווייטען. נישט מעהר, וואָס אפילו דעם ענגלישען קריסטליכען פאָרשער, וועלכער איז לויט דער מאָגערער אינפאָרמאַציע וועגען דער מוסי־אַקציע אין זיין בוך, געווען זעהר ווינציג בעקאַנט מיט דער זאַך, האַלט פאַר נויטיג אונטערצושטרייכען, אַז בעכער׳ס ערקלערונג קלינגט „גאַנץ איבערראַשענדיג״. וואָרים, ווי זאָל זיך דאָס לעגען אויפן שכל, אַז שע־לענבערג זאָל ווע‎לען דורכוואַרפען הימלער׳ן, מיט וועלכען ער האָט דערנאָך געקעמפּט זייט־ביי־זייט געגען היטלער׳ן.

איצט בלייבט נאָך איבער צו הערען, וואָס מוסי אַליין האָט צו דערצעהלען מכח די שטערונגען, וואָס ער האָט בעגעגענט מצד היטלער׳ן אין גאַנג פון זיין רעטונגס־מיסיע.

באַלד אין אָנפאַנג פון זיין ראַפּאָרט שטעלט מוסי פעסט, אַז הימלער האָט שליסענדיג דעם ערשטען אָפּמאַך וועגען בעפרייען די אידען ערקלערט, דאָס ער האָט דערויף נישט נויטיג „קיין פולמאַכט פון היטלער׳ן״. שפּעטער, ווען עס

14) „חורבן איירָאָפּע״, ז׳ 283.

איז געוואָרען קלאָר, אַז היטלער צושטערט דעם גאַנצען אָפּמאַך, שרייבט מוסי:

— „איך האָב געבעטען אַ פּערזענליכע אוידיענץ מיט היטלער'ן, מיט וועמען איך האָב זיך קיינמאָל נישט געהאַט געטראָפען. מען האָט מיר אויפגעקלערט, אַז דאָס איז אַן אונמעגליכע זאַך און כדי מיך איבערצוצייגען, אַז איך זאָל אָפּזיצען, האָט מען מיר דערצעהלט וועגען די דראָהונגען מיט טויט, וואָס היטלער האָט געלאָזט פאַלען אין בעצוג צו מיין פּערזאָן".

ביי אַן אַנדערע געלעגענהייט, בעת אַ פּערטרויליכער קאָנפערענץ, וואָס איז געוואָרען אָפּגעהאַלטען מיט מוסי'ן אין האָטעל „קאָנטינענטאַל" אין לאָזאַן, דעם 1־טען מאַי 1945, האָט מוסי זיך אָפּגעשטעלט אויף היטלער'ס בעפעהל צו טרייבען צופוס די אינטערנירטע פון די וועאַקואירטע קאָנצענטראַציע־לאַגערן, און דערביי האָט ער געגעבען די פאָלגענדע בעלויכטונג פון דער דעמאָלסדיגער אינערליכער סיטואַציע אין דייטשלאַנד:

— „די אינטערנירטע אין 15 קאָנצענטראַציע־לאַגערן זענען געוואָרען געצוואונגען צו מאַרשירען איבער די שאָסייען אויף אַזאַ אופן. שעלענבערג האָט זיך געוואָנדען צו הימלער'ן, וועלכער האָט געוואָרפען די שולד אויף היטלער'ן. קורץ פאַר דעם האָט הימלער געהאַט ערקלערט פאַר מוסי'ן, אַז ער קען בעפרייען אַלע אידען אָהן דער צושטימונג פון היטלער'ן. אָבער היטלער'ס מאַכט האָט זיך געהוידעלט אַרויף און אַראָפּ, ווי אַ שטורמישע כוואַליע, איין טאָג איז היטלער געווען דער דעצידירענדער כוח, און דעם צווייטען טאָג, הימלער. — מוסי האָט ערקלערט הימלער'ן אַז נאָך דעם קריג וועט דער צאָרן און האַס פון דער גאַנצער וועלט זיין געגען דייטשלאַנד און דערפאַר וואָלט געווען נויטיג צו בעפרייען אַלע פּאָליטישע אינטערנירטע, קריגס־געפאַנגענע, אַלע אידען און ציווילע אינטערנירטע און זיין אַלע צוריקשיקען אין זייערע לענדער. ספּעציעלע קאָרידאָרען וואָלטען געוואָרען געעפענט דורך די קעמפענדע ליניעס און דאָס פייער אויף די פראָנטען וואָלט געוואָרען אָפּגעשטעלט אויף עטליכע טעג פוןביידע זייטען. הימלער איז גרייט געווען דאָס צו טאָן, ווי איינער וועלכער האָט צו טראַכטען, ווי אַזוי צו דערגרייכען שלום. היטלער איז געווען קאַטעגאָריש געגען דעם".

אַזוי האָט היטלער'ס געשפענסט פערפאָלגט די לעצטע אידען ביז דעם פאַלען פון דייטשלאַנד. אויף וויפיעל היטלער האָט געקענט אויסאיבען זיין מאַכט — אויף אַזויפיעל איז געוואָרען פאָרטגעזעצט די אויסמאָרדונג פון אידען ביז דער סאַמע לעצטער רגע.

אויפן דאָזיגען פראָנט זענען אַלע בעמיהונגען פון „ועד הצלה" און זיין אומדערמידליכער שליח געווען ערפאָלגלאָז. עס בלייבט אָבער נאָך אַלץ צו ענטפערן אויף דער טראַגישער פראַגע: צי האָט זיך ווירקליך מיט גאָרנישט

געלאָזען „בעאיינפלוסען" היטלער׳ן פערזענליך? סיי פון שעלענבערג׳ס און סיי פון בעכער׳ס שילדערונגען איז דאָך צו דרינגען, אַז היטלער איז געוואָרען פראָוואָצירט דורך קאַלטענברונער׳ן און דורך „נישט־גינסטיגע פרעסע־בעריכטען", וואָס עמיצער האָט איהם צוגעשטעלט וועגען דעם אָפּקלאַנג אין דער וועלט, נאָך דעם ערשטען בעפרייטען אידישען טראַנספּאָרט. הייסט דאָס דאָך פאָרט, אַז אויך היטלער אַליין זאָל זיך אין דער דאָזיגער פראַגע האָבען געריכטעט לויט „דעם פרייז" און לויט געוויסע פּאָליטישע „קאַלקולאַציעס"?!

די דאָזיגע פיינליכע פראַגע בלייבט ווייטער העגנען...

קאַפיטעל 17

# הילף און רעטונג ביז דער לעצטער מינוט פון מלחמה־שלוס

מען קלאַפּט אין אַלע טויערן פאַר פּאָליטישע אינטערווענצען און מען זוכט יעדע שפּאַרונע פאַר דרייסטע רעטונגס־אַרבעט. — איינע פון די לעצטע אַקציעס איז געווען פאַר אַ פּויבסטליכער אינטערווענץ ביי די נאַציס. — די פריישטאָדט טאַנזשער אַלס טראַנזיט־פונקט פאַר הילף. — דער „ועד הצלה" מוז שטעהן אויף דער וואַך, אַז אָרטאָדאָקסישע אידען זאָלען נישט שיקאַנירט ווערען בעת דער הצלה־אַרבעט...

זייט־ביי־זייט מיטן געוואַלדיגען פערמעסט פון „ועד הצלה" אונטערצונעמען די רעטונגס־מיסיע קיין בערלין — איז אָנגעגאַנגען ממש ביז דער לעצטער מינוט פון קריג די אומדערמידליכע רעטונגס־אַרבעט אויף אַלע אַנדערע געביטען, און דאָס ביי דער אָנווענדונג פון אַלע מעגליכסטע פּאָליטישע אַקציעס און פינאַנציעלע מיטלען. בעקענט מען זיך מיט די צאָלרייכע דאָקומענטען פון דער אומפאַנגרייכער טעטיגקייט פון ועד הצלה אין סאַמע לעצטען יאָהר פון דער מלחמה — מוז מען פעסטשטעלען, אַז דער ועד הצלה איז געשטאַנען אויף דער וואַך ביז צום לעצט־מעגליכען מאָמענט. די פיבערהאַפטע רעטונגס־אַרבעט איז געוואָרען גלייכצייטיג געפיהרט איןביידע ריכטונגען: סיי דורך אויסנוצען יעדע פּאָליטישע השפעה און דיפּלאָמאַטישע אינטערווענץ אויף אָפּצוהאַלטען די דייטשע רוצחים פון רעאַליזירען זייערע מערדערישע פּלענער אין לעצטען קריגס־פעריאָד, און סיי דורך אויסנוצען יעדען גרעסערען צי קלענערען ממשותדיגען שאַנס אָפּצוראַטעווען וויפיעל אידען עס לאָזט זיך, פאַר יעדען פּרייז און אונטער אַלע אומשטענדען.

די רוהמפולע אַרבעט פון ועד הצלה אין לעצטען מלחמה־יאָהר לאָזט זיך אַזוי־אַרום סומירען אויף די פאָלגענדע צוויי געביטען:

1. פּאָליטישע אַקציעס און אינטערווענצען.
2. פּראַקטישע רעטונגס־אונטערנעמונגען.

אויף ביידע געביטען זענען געוואָרען דורכגעפיהרט וויכטיגע און דרייסטע איניציאַטיוועס. — דער ועד הצלה האָט אומאויפהערליך אַלאַרמירט און געוואָרענט, געמאָהנט הילף און רעטונג פון אַנדערע און דערביי אַליין געאייַלט

מיט הילף און פּלאַנירט געוואַגטע רעטונגס־אַקציעס. קיין איינציגע מינוט איז דורכן ועד הצלה נישט געוואָרען פערזוימט, קיין איינציגע געלעגענהייט איז נישט געוואָרען דורכגעלאָזען. לײדער זענען אָבער די מכשולים אָפּט נישט געווען איבערצואווינדען. צוליב דער טעמפּער גלייכגילטיגקייט פון דער גרויסער וועלט צום גורל פון די אידען. די דורכגעפאַלענע פּרובען דאַרפען דעריבער אויך פערצייכענט ווערען לזכרון.

## פּאָליטישע אַקציעס און איניציאַטיוועס אין לעצטען מלחמה־עטאַפּ.

### (א) די רעטונגס־רופען לטובת דעם אונגאַרישען אידענטום.

דורך די עטליכע זומער־חדשים פון 1944, ווען דער לעצטער אידישער קיבוץ אין דער נאַציש־בעהערשטער אייראָפּע איז געוואָרען אויסגעשטעלט צום אויסקוילענען, האָט דער ועד הצלה צוזאַמען מיט דער „אגודת הרבנים״ אין אַמעריקע אונטערגענומען כסדר׳דיגע פּאָליטישע שריט צו אַלאַרמירען די העכסטע רעגירונגס־אינסטאַנצען אין וואַשינגטאָן איבער דער הענגענדער געפאַר און צו מאָהנען דרינגענדע רעטונגס־מיטלען.

די ערשטע אַלאַרם־טעלעגראַמע פון ועד הצלה לטובת דעם אונגאַרישען אידענטום איז אַרויסגעשיקט געוואָרען דעם 4־טען יולי 1944 — און זי האָט זיך הויפּטזעכליך געשטיצט אויף דעם אויטענטישען ראַפּאָרט פון הרב ווייסמאַנדעל. דער אַלאַרם־אַפּיל איז אויך געוואָרען אונטערגעצייכענט דורך הרב סילווער און הרב ראָזענבערג אין נאָמען פון אגודת הרבנים אין אַמעריקע. איינע פון די קאָפּיעס פון דאָזיגען אַלאַרם איז געוואָרען אַדרעסירט צום דעמאָלסדיגען פי־נאַנץ־מיניסטער הענרי מאָרגענטוי. און אָט וואָס מאָרגענטוי האָט געענטפערט אין זיין בריף פון 8־טען יולי 1944:

„מיינע טייערע רבנים,

„איך האָב בעקומען אייער קעיבעל פון יולי 4, וואָס שייך די טראַגישע דעפּאָרטאַציעס פון די אידען אין אונגאַרן. — איך האָב דיסקוטירט אייער בריף מיט מר. פּעהלי, דעם עקזעקוטיוו־דירעקטאָר פון „וואָר רעפיודזשי באָרד״, און ער האָט מיר אויפגעקלערט, אַז דער „באָרד״ האָט געטאָן און טוט ווייטער אַלץ וואָס עס איז אין זיינע כוחות, כדי דורכצופיהרען די ענטשלאָסענע פּאָליטיק פון אונזער רעגירונג פאַרויס־צולויפען די פערניכטונג פון די דאָזיגע אומשולדי־גע קרבנות פון דער נאַצישער אכזריות און צו ראַטעווען וויפיעל נאָר עס לאָזט זיך דורך איבערפיהרען זיי אויף זיכערע פּלעצער. איך בין איבערצייגט, אַז די פּלענער, וואָס זענען געוואָרען אונטערגענומען און אונטערגעשטיצט דורכן „באָרד״ ענטשפּרעכען די דרינגליכקייט פון דער סיטואַציע, אין דער

פּולער איבערצייגונג, אַז צייט שפּילט דאָ די גרעסטע ראָל, און איך פּערזיכער אייך, דאָס אַלעס מעגליכע ווערט געטאָן אָפּצושטעלען די גרוילהאַפטע אויס־ראָטונג פון די דאָזיגע מענשען". [1]

(אונטערגעשריבען)

— הענרי מאָרגענטוי

דעם 20־טען אויגוסט 1944 האָט דער ועד הצלה ווי אויך די אגודת הרבנים ווידער אַלאַרמירט וואַשינגטאָן וועגען דער בענייאונג פון די דעפּאָר־טאַציעס אין אונגאַרן, — איך דאָס מאָל איז די אינטערווענץ געווען באַזירט אויף די אויטענטישע אינפאָרמאַציעס אין הרב וויסמאַנדעל׳ס ראַפּאָרט פון 24־טען יולי. דערויף האָט דער דירעקטאָר פון „וואָר רעפיודזשי באָרד", פּעהלי, גע־ענטפערט אין אַ „שטרענג־פערטרויליכען" בריף פון 21־טען אויגוסט:

„דאָס איז צו בעשטעטיגען אייער טעלעגראַם פון אויגוסט דעם 20־טען, בנוגע די ווייטערדיגע דעפּאָרטאַציעס פון אידען אין אונגאַרן. מיר האָבען נאָך נישט דערהאַלטען קיין בעשטעטיגונג פון דעם ראַפּאָרט, אויף וועלכען איהר פעררופט זיך אין אייער טעלעגראַם, און מיר וועלען זיין צופרידען צו בע־קומען פון אייך מעהר איינצעלהייטען, וועלכע איהר וועט אונז געוויס צושטעלען.

„אין דער צווישען־צייט מעגט איהר זיין זיכער, אַז דער „וואָר רעפיודזשי באָרד" זעצט פאָר ענערגיש אונטערצונעמען אַלע פּראַקטישע מיטלען צו בעשיצען דאָס לעבען פון די אידען אין אונגאַרן. — וואָס עס זאָל נישט זיין די שטעלונג פון די דייטשע אינסטאַנצען וועט דער „רעפיודזשי באָרד", אין איינקלאַנג מיט דעם ערפאָלגרייכען גאַנג פון דער מלחמה, פאָרטזעצען אָהן שום ספק אונטער־צונעמען אומאויפהערליכע בעמיהונגען צו ראַטעווען די אידען אין אונגאַרן"... [2]

ווען עס זענען אין אָקטאָבער 1944 ווידער דערגאַנגען צום ועד הצלה אויפטרייסלענדיגע בעריכטען, אַז צומאָל דאָס לעצטע ביסעל איבערגעבליבענע אידען אין בודאַפּעסט שטעהט אונטער דער געפאַהר פון דעפּאָרטאַציע, זענען אויפסניי אַוועק אַ צאָהל אַלאַרם־רופען צו אַלע בערופענע אינסטאַנצען אין וואַשינגטאָן.

אין דעם ענטפער־בריף פון סטעיט־דעפּאַרטאַמענט, דאַטירט דעם 2־טען נאָוועמבער 1944, ווערט געזאָגט:

„איך האָב דערהאַלטען אייערע טעלעגראַמען פון 7־טען און 15־טען אָקטאָבער, אַדרעסירט צו אַדאָלף א. בערלע, אַסיסטענט־סעקרעטערי פון סטעיט־דעפּאַרטאַמענט, וועגען די ידיעות, אַז די דייטשען האָבען בדעה אויסצוראָטען

1) אַרכיוו פון „ועד הצלה".
2) דאָרט.

די אינטערנירטע אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן און אויך וועגען די לעצטע בעריכטען פון בודאַפעסט מכוח די בענייטע דעפּאָרטאַציעס אין אונגאַרן. — ווי אייך איז שוין בעקאַנט איז אַ וואָרנונגס־מעלדונג געוואָרען איבערגעשיקט צו דער אונגאַרישער רעגירונג דורך דער פּערמיטלונג פון דער שווייצאַרישער רעגירונג מיט דער דאַטע פון אָקטאָבער דעם 7־טען און אַ דעקלאַראַציע וועגען דער זעלבער פראַגע איז געוואָרען אַרויסגעגעבען אָקטאָבער דעם 10־טען דורך דעם סעקרעטערי אָוו סטעיט. דער „וואָר רעפיודזשי באָרד" און דער סטעיט־דעפּאַרטאַמענט זעצען קאָנסעקווענט פאָר זייערע בעמיהונגען צו בעוועגען די דייטשען אָפּצושטעלען די דאָזיגע אַקטען פון זינלאָזער אכזריות און איהר קענט זיין זיכער, אַז יעדער שריט וואָס ווייזט זיך פאַר פּראַקטיש אין דער דאָזיגער ריכטונג וועט ווערען אונטערגענומען".[3]

(אונטערגעשריבען)

דזשאָרדזש ל. וואָרען,
ראַטגעבער פאַר פליטים.

דאָס איז געווען דער כסדר'דיגער פּזמון פון אַלע אָפיציעלע ענטפערס: „מען זעצט פאָר די בעמיהונגען" און „מען נעמט־אָן אַלע שריט, וואָס ווייזען זיך אויס פאַר פּראַקטיש", נאָר צי דאָס איז טאַקע געווען „פּראַקטיש" צו זוכען איבערצוצייגען די דייטשען וועגען זייער „זינלאָזער ברוטאַליטעט" און צו פערלאָזען זיך אויף די סיסטעמאַטישע נצחונות אויף די פראָנטען, אַז דורך דעם וועלען שוין ממילא „אָפּגעשטעלט ווערען די גרוילטאַטען", — דאָס האָט ליידער די ווירקליכקייט בעוויזען דעם טראַגישען, אומגליקליכען רעזולטאַט דערפון!

## (ב) דער גורל פון די לעצטע אידען אין די נאַצישע קאַצעטען.

טראָץ דעם, וואָס די רעטונגס־ליניע פון ועד הצלה איז געווען אַ קלאָרע און קאָנסעקווענטע, אַז דאָ פאָדערן זיך געוואַגטע מעשים און נישט סתם דרייסטע דיבורים — האָט אָבער דער ועד הצלה נישט אונטערגעשעצט די וויכטיגקייט פון אַרויסלאָזען שאַרפע וואָרנונגען אויפן אַדרעס פון די דייטשע רוצחים. נאָכמעהר, אפילו אין דער זעלבער צייט, וואָס דער ועד הצלה האָט אַליין געזוכט אַ וועג ווי־אַזוי צו „בעאיינפלוסען" און „געווינען" די הויפּט־אידען־מערדער אין בערלין — האָט ער אַליין געגעבען די איניציאַטיוו פאַר שאַרפע דיפּלאָמאַטישע וואָרנונגען אָנצואווענדען רעפּרעסיעס קעגען די דייטשע מערדער.

3) דאָרט.

דעם 5־טען אָקטאָבער 1944 האָט די פּערטרעטונג פון ועד הצלה אין דער שווייץ אַלאַרמירט:

„די דייטשען גרייטען זיך אויסצומאָרדען אין לעצטען מאָמענט אַלע אינטערנירטע אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן. די דאָזיגע פּלענער ווערען אויסגעאַרבעט דורך דעם געסטאַפּאָ־שעף הימלער און די קאָמאַנדירען אין לאַגער פון אָשוויענטשים, בירקענאַו און נאוס און איז נוגע העכער הונדערט טויזענד אידען. עס איז פון דער העכסטער וויכטיגקייט, אַז די פּעראייניגטע שטאַטען זאָלען זאָפאָרט אַרויסגעבען אַ וואָרנונג צו די דייטשען".[4])

דעם 13־טען אָקטאָבער 1944 האָט דער קריגס־דעפּאַרטאַמענט אין וואַשינגטאָן שוין געענטפערט אויף דער איילינגער אינטערווענץ פון „ועד הצלה", וואָס איז געוואָרען אונטערגענומען דורך הרב קאַלמאַנאָוויטש:

„דאָס איז צו מעלדען די בעשטעטיגונג פון דערהאַלטען אייער מעמאָראַנדום פון אָקטאָבער דעם 12־טען, געווענדעט צום קריגס־מיניסטער און איבערגעגעבען צו מיר אויף אונזער קאָנפערענץ פון 12־טען אָקטאָבער.

„ווי איך האָב ערקלערט ביי דער דאָזיגער געלעגענהייט געפינען זיך די פראַגען, וועלכע איהר האָט געברענגט צו מיין אויפמערקזאַמקייט, אונטער דער סאַמע ערנסטער בעטראַכטונג. איך נעם אָן, אַז איהר טוט ברענגען צו דער אויפמערקזאַמקייט פון אַנדערע רעגירונגס־אינסטאַנצען די יעניגע אַספּעקטען פון דאָזיגען פּראָבלעם, וואָס זענען מעהר צוגעפּאַסט פאַר זייער אינטערעס, איידער פאַר אַקציעס פון דעם קריגס־דעפּאַרטאַמענט".[5])

(אונטערגעשריבען)

דזשאהן י. מעק־קלאי

צו דער זעלבער צייט איז אויך אָנגעגאַנגען אַן אינטערווענץ פון דער אגודת הרבנים ביי די העכסטע מלוכה־אינסטאַנצען אין וואַשינגטאָן. די ידיעה וועגען דעם נאַצישען בעשלוס אויסצומאָרדען די אידישע אינטערנירטע ביז צום לעצטען איז געוואָרען בעשטעטיגט דורך די אינפאָרמאַציע־קוועלען פון דער פּוילישער אונטערערד. שטיצענדיג זיך אויף די בעריכטען פון דער פּוילישער אונטערערד צו דער לייטונג פון ועד הצלה איז געוואָרען דורכגעפיהרט אַן ענערגישע אַקציע ביים סטעיט־דעפּאַרטאַמענט.

דעם 18־טען אָקטאָבער 1844 האָט דער סטעיט־דעפּאַרטאַמענט אַדרעסירט זיין ענטפער צו דער אגודת הרבנים:

„איך וויל אייך בעשטעטיגען דאָס דערהאַלטען אייער טעלעגראַמע פון

4) לויט'ן טראַנספּערירטען בעריכט דורכ'ן „באָרד" אין וואַשינגטאָן.

5) אַרכיוו פון „ועד הצלה".

סעפטעמבער דעם 26־טען, 1944, אַרויסגעשיקט אין נאָמען פון אגודת הרבנים אין אַמעריקע און דעם „ועד הצ'לה", מיטן פערלאַנג אַרויסצולאָזען אַ שטרענגע וואָרנונג צו דייטשלאַנד און דעם דייטשען פאָלק אויסצומיידען די אויסראָטונג פון די ציווילע אינטערנירטע, וואָס ווערען איצט געהאַלטען אין אָשוויענטשימער קאָנצענטראַציע־לאַגער און אין אַנדערע לאַגערן, וואָס לויט ווי עס ווערט ראַפּאָרטירט דורך דער פוילישער אונטערערד געפינען זיי זיך אין דער כסדר'דיגער טויט־געפאַהר.

„די ערנסטע און טראַגישע סיטואַציע פון די ציווילע, וואָס ווערען גע־האַלטען דורך די דייטשען אין פוילישע קאָנצענטראַציע־קעמפּס, איז געוואָרען בעטראַכט מיט דער גרעסטער אויפמערקזאַמקייט דורך אונזער דעפּאַרטאַמענט. אין שייכות דערמיט לעג איך דאָ ביי אַ קאָפּיע פון דער וואָרנונג, וואָס אונזער רעגירונג האָט אַרויסגעגעבען אָקטאָבער דעם 10־טען צו דער דייטשער רעגירונג און די נאַצי־פיהרער".[6]

(אונטערגעשריבען)

אַדאָלף א. בערלע,

אַסיסטענט־סעקרעטערי.

ווען די מלחמה אין אייראָפּע האָט זיך דערנעהנטערט צום סוף און עס איז אָנהויב פעברואַר 1945 געוואָרען געמאָלדען, אַז די העכסטע שפּיצען פון די אַליאירטע, פּרעזידענט רוזוועלט, טשערטשיל און סטאַלין, דאַרפען זיך ווידער צוזאַמענטרעפען אויף פעסטצושטעלען די ענדגילטיגע בעדינגונגען פאַר דער דייטשער קאַפּיטולאַציע, — האָט דער „ועד הצלה" געוואָנדען זיך מיט אַ ריה־רענדען אַפּיל קיין וואַשינגטאָן, אַז פּרעזידענט רוזוועלט זאָל אויפנעמען אויף דער פאָרשטעהענדער קאָנפערענץ דעם גורל פון די לעצט־פערבליבענע אידען אונטער דער נאַצישער הערשאַפט. דערביי האָט דער ועד הצלה אַרויסגערוקט דעם קאָנקרעטען פּראָיעקט, אַז דאָס לעצטע הייפעל אינטערנירטע אידען זאָלען דאָך ווערען פּראָקלאַמירט אַלס ציווילע קריגס־געפאַנגענע און זיי זאָלען אין דאָזיגען כאַראַקטער ווערען אויסגעטוישט מיט דייטשע קריגס־געפאַנגענע.

דעם 9־טען פעברואַר 1945 האָט דער סטעיט־דעפּאַרטאַמענט צוגעשיקט פאָלגענדען ענטפער:

„איך האָב בעקומען אייער טעלעגראַם פון פעברואַר דעם 2־טען ווי אויך די ענליכע טעלעגראַמע פון דער זעלבער דאַטע אַדרעסירט צו דזשאָזעף סי. גרעי, דעם אונטער־סעקרעטאַר אָוו סטעיט, פערלאַנגענדיג אַז ערנסטע פּראָפּאָזיציעס זאָלען פאָרגעשטעלט ווערען פאַרן פּרעזידענט, פאַר בעהאַנדלונג אויף דער

6) דאָרט.

קומענדיגער קאָנפערענץ מיט פרעמיער־מיניסטער טשערטשיל און מאַרשאַל סטאַלין.

„אייער פראָפּאָזיציע איז, אַז דייטשלאַנד זאָל ווערען געוואָרענט, דאָס אַלע אידען אין די קאָנצענטראַציע־און אַרבעטס־לאַגערן, איינשליסענדיג די לעצטענס־דעפּאָרטירטע פון טראַנסילוואַניע און ליטע, מוזען ווערען בעהאַנדעלט אַלס קריגס־געפאַנגענע און אַז אויסטוישען פון אַזעלכע אינטערנירטע אויף דייטשען זאָלען ווערען דורכגעפיהרט שנעל ווי מעגליך.

„וואָס שייך דער ערשטער פּראָפּאָזיציע האָבען די דייטשען סיסטעמאַטיש זיך אָפּגעזאָגט פון אָנערקענען אַזאַ סטאַטוס צו די בירגער פון די אַליאירטע רעגירונגען אין אייראָפּע, וואָס זענען דייטשע פּליטים אָדער שטאַטסלאָזע פּער־זאָנען, מיט דעם אַרגומענט, אַז זייער בעהאַנדלונג איז אַ פראַגע פון אינערליכער אַדמיניסטראַציע. בנוגע צו דער צווייטער פּראָפּאָזיציע האָט דער סטעיט־דע־פּאַרטאַמענט ענערגיש געווירקט פאַר אַזאַ אויסטויש. איינער אַזאַ אויסטויש איז איצטער אין וועג און האָפענטליך וועט אַ צווייטער נאָכקומען שנעל". [7]

(אונטערגעשריבען)

אַרטשיבאַלד מעק־לעיש,

אַסיסטענט־סעקרעטאַר.

אַ גאַנץ ספּעציעלע אינטערווענץ איז שפּעטער געוואָרען אונטערגענומען דורכ'ן „ועד הצלה" לטובת די אידישע קריגס־געפאַנגענע פון די פּויילישע און פראַנ־זישע אַרמייען. דאָס מאָל האָט זיך עס ווירקליך געהאַנדעלט אין פאָרמעל־אָנערקענטע קריגס־געפאַנגענע, וועמען די נאַציס האָבען געוואָלט אומברענגען אין לעצטען מאָמענט.

דעם 12־טען מערץ האָט דער „ועד הצלה" איבערגעשיקט צום קריגס־דעפּאַרטאַמענט אין וואַשינגטאָן אַ דרינגענדען מעמאָריאַל:

„מיר האָבען אויטאָריטאַטיווע אינפאָרמאַציעס, אַז די דייטשע רעגירונג האָט אָפּגעזונדערט די פּוילישע און פראַנצויזישע קריגס־געפאַנגענע פון אידישען גלויבען פון די אַנדערע קריגס־געפאַנגענע און אַז זיי ווערען געהאַלטען סעפּאַרירט און בעזונדער. — אין אָנבליק פון די אָפּט־ווידערהאָלטע דערשיינונגען מצד די נאַציס צו ליקווידירען די אידען אין דעם לעצטען מאָמענט, ערב זייער פּער־צווייפעלטען ריקצוג, האָבען מיר יעדע סיבה זיך צו שרעקען, אַז די דאָזיגע סעגרעגאַציע (פון די אידישע קריגס־געפאַנגענע) ווערט דורכגעפיהרט מיט די ערגסטע כוונות אומצוברענגען און אויסצוקוילענען די דאָזיגע אַלע מענשען בעפאָר דעם ענדגילטיגען צוזאַמענברוך פון די נאַציס. —

מיר ערלויבען זיך מיטן פולען רעספּעקט איבערצושיקען אונזער אַפּיל

7) אַרכיוו פון „ועד הצלה".

און בקשה צום קריגס־דעפּאַרטאַמענט, אַז שטרענגע און פּאָזיטיווע שריט זאָלן ווערן אונטערגענומען דורך דער דאָזיגער אינסטאַנץ צו פערמיידן די דאָזיגע נידערטרעכטיגע פּלענער אײדער זיי ווערן רעאַליזירט. דער קריגס־דעפּאַרטאַמענט בעזיצט בלי ספק אונטער זיין קאָמאַנדע די מיטלען צו וואָרענען דעם שונא, אַז רעוואַנזש־אַקציעס און רעפּרעסיעס וועלן קומען אין אַזאַ פאָרם, דאָס אפילו די ריקזיכטסלאָזע האַנד פון דעם סאַמע נידערטרעכטיגסטען פון צווישען אונזערע שונאים, וועט ווערן אָפּגעשטעלט פון אויסצופיהרען ווייטערדיגע אומזיניגע מערדערייען". [8])

די געפאַהר איבער די קעפּ פון די ,,לעצט־אָפּגעשווינטע אידען אין די נאַצי־לאַגערן איז געהאַנגען כסדר, און עס איז געווען נויטיג אומאויפהערליך צו שטעהן דאָ אויף דער וואַך, טאַקע ביז דעם סאַמע לעצטען מאָמענט פון דער נאַצישער קאַפּיטולאַציע.

אין חודש מערץ 1945 האָבען זיך ווידערהאָלט די בעריכטען פון דייטשע אונטערערדישע קוועלען, אַז די נאַצישע הויפּט־פערברעכער פּלאַנירען דורכצופיהרען די סאַמע שרעקליכסטע מערדערייען אין אָנבליק פון זייער אומפערמיידליכער מפלה:

,,נישט־בעשטעטיגטע דייטשע אונטערגרונד־ראַפּאָרטען האָבען היינט איבערגעגעבען, אַז היטלער האָט מודה געווען פאַר די העכסטע נאַצישע פיהרער, אַז דייטשלאַנד האָט פערשפּילט די מלחמה, — אַזוי איז געווען געמאָלדען אין אַ פּרעסע־בעריכט פון שטאָקהאָלם — היטלער'ס ערקלערונג, אַז די מלחמה איז פערלוירען זאָל האָבען געוואָרען געמאַכט דעם 24־טען פעברואַר אויף אַ צוזאַמענטרעף פון 30 העכסטע נאַצי־פיהרער, מערסטענס ,,גאו־לייטערס" און ,,רייכס־לייטערס". — היטלער האָט זיי געזאָגט, לויט ווי די ראַפּאָרטען לויטען, אַז ער האָט פערשפּילט די מלחמה צוליב דעם וואָס ער איז געפאַלען אַ קרבן פון דעם גרעסטען פעררעאַט אין דער געשיכטע און אַלס רעזולטאַט דערפון האָט ער פּראָקלאַמירט די פּריוויליגיע פערניכטונג פון דייטשלאַנד. — צוליב דער דאָזיגער האָפנונגסלאָזער סיטואַציע האָט היטלער בעשטימט הימלער'ן אַלס ספּעציעלען קאָמיסאַר פאַר דער צושטערונגס־אַקציע, מיטן בעפעהל חרוב צו מאַכען אַלע דייטשע שטעדט און אינדוסטריעס, אפילו מיט דער הילף פון דער דייטשער לופט־וואַפע, אויב דאָס איז נויטיג. — לויט די אינפאָרמאַציעס זעהען פאַר די כלענער צו דערמאָרדען אַלע פּאָליטישע אינטערנירטע און ערובניקעס. — ,,עס איז אונזער הייליגע פליכט נישט צו לאָזען קיין שום ירושה פאַר די באָלשעוויקעס, אידען און פּלוטאָקראַטען", אַזוי זאָל היטלער האָבען אויסגערופען"... [9])

8) דאָרט.
9) לויט מאָסגעבענדע בעריכטען אין דער ענגלישער פּרעסע.

גלייך דערויף איז דער ועד הצלה געקומען מיט אַ פרישער פּאָליטישער אַקציע צום „וואָר רעפיודזשי באָרד", און דער ענטפער פון „באָרד" איז דאַטירט דעם 6־טען אַפּריל 1945:

„איך האָב בעקומען אייער טעלעגראַמע פון אַפּריל דעם 3־טען, 1945, וואָס איז נוגע די ראַפּאָרטען, אַז די דייטשען דראָהען צו ערמאָרדען אַלע ציווילע געפאַנגענע, וואָס געפינען זיך אין זייער רשות. — איהר מעגט זיין זיכער, אַז דער „באָרד" זעצט פאָר זיינע ענערגישע אַקציעס אין אַלע פאַזען פון פערזיכערן דאָס לעבען פון די קרבנות פון דעם שונא'ס פערפאָלגונגען, אין איינקלאַנג מיט דער ערפאָלגרייכער ענטוויקלונג פון דער מלחמה".[10]

(אונטערגעשריבען)
וויליאַם אָ'דווייער,
עקזעקוטיוו־דירעקטאָר.

אַט אַזוי איז דער „ועד הצלה" געשטאַנען אויף דער וואַך, ביז דער לעצטער מינוט פון מלחמה־שלום.

## (ג) דער דורכגעפאַלענער פּלאַן פאַר אַ פּויבסטליכער אינטערווענץ ביי די נאַציס.

צווישען די פערשידענאַרטיגע דיפּלאָמאַטיש־פּאָליטישע איניציאַטיוועס לטובת דער אידען־רעטונג אין לעצטען קריגס־פּעריאָד דאַרף ווערען בעזונדערס אַרויסגעהויבען דער פּלאַן פאַר אַ דירעקטער אינטערווענץ פון וואַטיקאַן ביי דער נאַצישער רעגירונג, ביי דער אונטערשטיצונג פון די נייטראַלע מלוכות אין איראָפּע. אויך דאָס מאָל איז דער „ועד הצלה" געווען דער איניציאַטאָר פאָרצושטעלען דעם ערשט־ראַנגיג וויכטיגען פּראָיעקט פאַר דער וואַשינגטאָנער רעגירונג און צו מאָהנען אַמעריקעס איינפלוס פאַר דער דורכפיהרונג פון דאָזיגען פּראָיעקט.

דעם 31־טען אָקטאָבער 1944 האָט דער פאָרשטעהער פון ועד־הצלה אין דער שווייץ איבערגעשיקט פאָלגענדען העכסט־וויכטיגען ראַפּאָרט, דורך דער פערמיטלונג פון „וואָר רעפיודזשי באָרד":

„אַנדזשעלאָ דאָנאַטי, אונטערגעשטיצט פון דעם איטאַליענישען געזאַנדטען אין בערן, האָט זיך פאָרגעשטעלט דעם פּויבסטליכען נונציוס און די אַנדערע געזאַנדטע פון נייטראַלע מלוכות מיטן צוועק צו אָרגאַניזירען אַ קאָלעקטיווע אינטערווענץ ביי דער דייטשער רעגירונג לטובת די דעפּאָרטירטע. עס איז דאָ

10) אַרכיוו פון „ועד הצלה".

אַ צאָהל אַרגומענטען אָנצונעמען, אַז די נייטראַלע רעגירונגען צוזאַמען מיטן וואַטיקאַן וועלען נאָך אַ הסכם צווישען זיך פּעווּלאַנגען פון דייטשלאַנד: (1) צו בעפרייען אָדער ערלויבען צו ווערען אינטערנירט אין נייטראַלע מלוכות, אַלע עלטערע מענער, פרויען און קינדער וואָס זענען געוואָרען דעפּאָרטירט. (2) צו דערלאָזען װענדונגען פון די אַנדערע דעפּאָרטירטע, אַז מען זאָל זיי טראַקטירען צוגלייך מיט קריגס־געפאַנגענע. די דאָזיגע אינפאָרמאַציע דאַרף ווערען איבער־געוויזען צו אייער רעגירונג מיט דער ביטע, אַז עס זאָלען ווערען אונטערגענומען שריט ביי די דאָרטיגע רעפּרעזענטאַנטען פון וואַטיקאַן ווי אויך פון די נייט־ראַלע רעגירונגען, צו אונטערשטיצען און דערמוטיגען די דאָזיגע אַקציע".

„אין בערן האָט דער פּוילישער געזאַנדטער שוין געבעטען די הילף פון זיין רעגירונג אין לאָנדאָן. — דער טעקסט פון דער דאָזיגער מעלדונג וואָלט געדאַרפט ווערען בעקאַנט געמאַכט צו אַנדערע אידישע אָרגאַניזאַציעס". [11]

דעם 7־טען נאָוועמבער 1944 האָט דער „וואַר רעפיודזשי באָרד" גע־ענטפערט מיט אַ לאַנגען בריף צום „ועד הצלה", אַדרעסירט צו הרב קאַלמאַנאָוויץ:

„אַלס ענטפער אויף אייער מינדליכער אינטערוועניר ווילען מיר אייך העפליכסט אינפאָרמירען, אַז מיר האָבען איבערגעגעבען דעם פּויבסטליכען דע־לעגאַט אין וואַשינגטאָן דעם אינהאַלט פון מר. שטערנבוכ'ס לעצטען מעסעדזש צו אייך וועגען די בעמיהונגען וואָס ווערען אונטערגענומען צו ברענגען צו אַ קאָלעקטיווער אינטערווענץ פון וואַטיקאַן און די נייטראַלע רעגירונגען לטובת די ציווילע דעפּאָרטירטע אין די נאַציש־קאָנטראָלירטע טעריטאָריעס. איך האָב געשריבען צום פּויבסטליכען פאָרשטעהער אין דאָזיגען צוזאַמענהאַנג, אַז עס איז צו אונז דערגאַנגען אַ ראַפּאָרט פון פּריוואַטע קוועלען דאָס דער נונציוס אין בערן וועט פּרעזענטירען צום פּויבסט די פּראָפּאָזיציע צו בעטען ביי דייטשלאַנד:

„(א) צו בעפרייען אָדער ערלויבען צו אינטערנירען אין נייטראַלע לענדער עלטערע מענער, פרויען און קינדער; און

„(ב) צו אָנערקענען פאַר די איבריגע דעפּאָרטירטע די זעלבע בעהאַנדלונג ווי צו קריגס־געפאַנגענע.

דעם פּויבסטליכען פאָרשטעהער איז געוואָרען געגעבען די פערזיכערונג אַז דער „באָרד", נישט וויסענדיג צי דער דאָזיגער ראַפּאָרט איז גענוי, איז דאָך איבערצייגט, אַז אַ שריט פון דעם כאַראַקטער קען האָבען אַ ווירקונג צו ראַ־טעווען דאָס לעבען פון ציווילע דעפּאָרטירטע אין דייטש־קאָנטראָלירטע טערי־טאָריעס. די אויפמערקזאַמקייט פון פּויבסטליכען פאָרשטעהער איז דערביי גע־וואָרען געצויגען צו די פאָלגענדע בעזונדערס וויכטיגע אומשטענדען. ערשטענס, אַז די דייטשען האָבען אָפט אַרויסגעוויזען אַ טענדענץ אויסצושליסען אידען פון

11) אַרכיוו פון „ועד הצלה".

קאָנצעסיעס וואָס זענען געוואָרען געמאַכט אין רעזולטאַט פון אויסלענדישע אינטערווענצען און דערביי פעסטצושטעלען, אַז די אידען זענען נישט איינגע־שלאָסען צווישען די קאַטעגאָריעס פאַר וועמען עס ווערען אונטערגענומען די אינטערווענצען, אויסער אַז עס ווערט בפירוש אויסגעדריקט אַז מען מיינט זיי (דאָס הייסט — אידען). צווייטענס, אַז דער ווערט פון יעדער דייטשער קאָנצעסיע וועט זיין בעצווייפעלט, אויסער עס וועלען ווערען געמאַכט געהעריגע פאָרשריפטען פאַר אַ ווירקזאַמער קאָנטראָל פון קאָמפעטענטע נייטראַלע אינסטאַנצען, פאַר זייער רעאַליזירונג.

דער פויבסטליכער דעלעגאַט איז אויך געוואָרען אינפאָרמירט, אַז דער „באָרד" וואָלט געוועזן זעהר דאַנקבאַר, אויב זיינע אָנשויאונגען זאָלען ווערען געבראַכט צו דער אויפמערקזאַמקייט פון פויבסט". [12]

(אונטערגעשריבען)

י. וו. פעהלי,

עקזעקוטיוו־דירעקטאָר.

די פראַגע איז אַלזאָ געוואָרען אַוועקגעשטעלט קלאָר און דייטליך — מצד דעם פויבסט איז אָבער נישט געקומען דער געהעריגער אָפרוף.

צו דער סעריע פּאָליטישע אינטערווענצען פון „ועד הצלה" אין לעצטען פעריאָד זאָל נאָך ווערען צוגעגעבען די אַקציע ביי דעם שפּאַנישען אַמבאַסאַדאָר אין וואַשינגטאָן. זוכענדיג אויסצונוצען יעדע מינדעסטע מעגליכקייט פאַר ראַטעווען אידען האָט דער ועד־הצלה געפּרובט אינטערווענירען ביים פאָרשטעהער פון דער שפּאַנישער רעגירונג. און אָט וואָס דער שפּאַנישער אַמבאַסאַדאָר אין וואַ־שינגטאָן האָט געשריבען צום „ועד הצלה" אין זיין ענטפער־בריף פון אָקטאָבער, 1944 :

„פעררופענדיג זיך אויף מיין בריף פון אָקטאָבער דעם 13־טען בין איך צופרידען אייך צו מעלדען, אַז איך האָב נאָר־וואָס דערהאַלטען אַ טעלעגראַמע פון מיין רעגירונג, וואָס בעפולמעכטיגט מיך אייך צו זאָגען, אַז כאָטש שפּאַניע האָט געטאָן אַלץ וואָס איז אין איהר מעגליכקייט צו פערלייכטערען די איצטיגע אידישע סיטואַציע, איז זי דאָך העכסט צופרידען איצטער נאָכצוקומען די בקשה פון „ועד הצלה". פאַרן דאָזיגען צוועק זענען געוואָרען געגעבען ספּעציעלע אינסטרוקציעס צום אַמבאַסאַדאָר אין בערלין אונטערצונעמען מיט דער גאַנצער שנעלקייט און פּעראינטערעסירונג די נויטיגע שריט פאַר דער פערטיידיגונג פון די אידען און פאַר דער ספּעציעלער שוץ פון די שפּאַניש־אַמעריקאַנישע אידען, אונטערשטרייכענדיג דערביי, אַז די דאָזיגע הילף זאָל ווערען אויסגע־

12) אַרכיוו פון „ועד הצלה".

ברייטערט נישט בלויז פאַר די בירגער פון די יעניגע מלוכות, וואָס האָבן אָנגעטרויעט שפּאַניען מיט זייער פּראָטעקטאָראַט, נאָר אויך פאַר אַלע אַנדערע מלוכות.

„איך בין אויך אויטאָריזירט צו אינפאָרמירען אייער קאָמיטעט, אַז די שפּאַנישע רעגירונג האָט שוין אונטערגענומען אַלע מעגליכע בעמיהונגען צו בעשיצען די ספרדים פון שפּאַנישער נאַציאָנאַליטעט, וואָס זענען איצטער אינטער־נירט אין דייטשע קאָנצענטראַציע־לאַגערן, כאָטש און דאָס איז צום בעדויערן, נישט שטענדיג מיטן געווינשטען ערפאָלג. טראָץ דעם איז דאָס ווערט צו ווערען אונטערגעשטראָכען, אַז אין רעזולטאַט פון דער שפּאַנישער אינטערווענץ זענען איניגע הונדערט פון זיי אָנגעקומען קיין שפּאַניע אין פולע זיכערקייט און צו לאָזען זיך שפּעטער אין פולשטענדיגער פרייהייט פאַר זייערע בעשטימטע פונקטען״. [13]

## הילף און רעטונג — אומעטום, וואוהין עס איז נאָר מעגליך צו דערגרייכען.

טראָץ דעם, וואָס דער ועד־הצלה איז געווען כסדר אַנגאַזשירט אין אַזעלכע גרויסצוגיגע רעטונגס־פּלענער האָט מען דאָך נישט מסיח־דעת געווען פון דעם דרינגליכען טאָג־טעגליכען אַרבעטס־פּראָגראַם צו טראָגען הילף און רעטונג אומעטום, וואוהין עס איז נאָר געווען מעגליך. אָט זענען איניגע ביישפּילען פון דער ברייט־פאַרצווייגטער רעטונגס־טעטיגקייט.

### (1) די ספּעציעלע אַקציעס צו ראַטעווען די גדולי התורה פון פייער אַרויס.

אויך אין לעצטען מלחמה־פּעריאָד האָט דער ועד־הצלה פאָרטגעזעצט זיינע בעזונדערע בעמיהונגען אַרויסצוראַטעווען פון פייער אַרויס די גדולי התורה פון די נאַציש־בעהערשטע לענדער. אין דעם לעצטען פּעריאָד האָט זיך עס ליידער שוין געהאַנדעלט אין גאָר ווינציגע, איינצעלנע שרידים, על־פּי־נס גע־ראַטעוועטע גדולי הדור.

דעם 23־טען מאַי 1944 האָט די פאַרטרעטונג פון „ועד הצלה״ אין דער שווייץ געמאָלדען שטרענג־פאַרטרויליך :

„עס איז זעהר שווער צו שטעלען זיך אין פאַרבינדונג מיט אונגאַרן. פאַרשידענע מיטלען זענען געוואָרען אויסגעפּרובט אָבער ביזן היינטיגען טאָג אָהן בעוויזענעם ערפאָלג. אַ קוריער מיט אַכציג דרום־אַמעריקאַנער פּאַספּאָרטען

13) אַרכיוו פון „ועד הצלה״.

איז דורך אונז נאָכאַמאָל געוואָרען אַרויסגעשיקט. אויב טערקישע וויזעס וואָלטען געוואָרען גאַראַנטירט וואָלטען פיעל פאַמיליעס געווען גרייט צו עמיגרירען אומלעגאַל. דאָך איז דאָס ביז איצט נישט געוואָרען געטאָן. פאַר מענשען וואָס אַנטלויפען דורך אָדער פון רומעניע וואָלטען אַזעלכע טראַנזיט־פערלייכטערונגען געווען דרינגענד. די משפחה פון באָבאָווער, האַלבערשטאַם, איז איצט אָנגעקומען קיין בוקאַרעסט. —

„בלויז סאַן־סאַלוואַדאָר דאָקומענטען איז מעגליך צו בעקומען פאַרן דאָ־זיגען רעטונגס־ווערק. עס איז געווינשען, אַז עס זאָלען ווערען אונטערגענומען די געהעריגע שריט דאָס אַזעלכע דאָקומענטען זאָלען ווערען אַרויסגעגעבען דורך נאָך אַנדערע קאָנסולאַטען אין דער שווייץ. כדי צו קענען ראַטעווען זיין משפחה פון זיבען־און־צוואַנציג פערזאָן האָט דער וויזשניצער רבי האַגער פון גרויס־וואַרדיין געבעטען אונזער הילף. צוואַנציג טויזענד שווייצער פראַנק זענען געוואָרען אַרויסגעשיקט מיט אַ קוריער פאַרן דאָזיגען צוועק". [14]

דעם 18־טען יולי 1944 האָט דער פאָרשטעהער פון ועד־הצלה אין דער שווייץ אַלאַרמירט:

„די אָרטאָדאָקסישע קהלה אין בודאַפעסט און דער נייטרער רב טע־לעגראַפירען פון בודאַפעסט, אַז אַ גרופע פון 1200 רבנים און אַנדערע אָנגעזעהענע פערזענליכקייטען זענען אויפן וועג קיין רומעניע, פאַר דער מעגליכער ווייטערדיגער דעפּאָרטאַציע קיין פוילען, אויסער דער נייטרער רב וועט בעקומען אין פערלויף פון 48 שעה אַ קרעדיט־בריף אויף דער סומע פון 700 טויזענד שווייצער פראַנק. — ביי אונז זענען פערבליבען 150 טויזענד פראַנק. ביטע צו מעלדען אונז, אַז איהר ווייזט איבער דאָס געלד און טעלעגראַפירט זאָפאָרט אַז דער טראַנספער איז דורכגעפיהרט. מעגליך, אַז אויף דער באַזע פון אַזאַ טעלעגראַמע וועט מען קענען אַראַנזשירען דעם קרעדיט". [15]

דעם 28־טען יולי 1944 האָט ווידער געמאָלדען דער זעלבער פאָרשטעהער פון ועד־הצלה אין דער שווייץ:

„הונדערט טויזענד פראַנק פאַר אַלגעמיינער הילף איז געוואָרען אַרויס־געשיקט דורך אונז צו פּרווידינגער. אויסער דעם זענען מיר אין טעלעפאָנישען קאָנטאַקט מיט דעם וויזשניצער רבין אין בוקאַרעסט. אַ קאָמיטעט מיט איניגע פערזענליכקייטען איז געוואָרען אָרגאַניזירט דורכן דאָזיגען רבין. מיט אַ שטיקעל צייט צוריק האָבען מיר אויך איבערגעוויזען הונדערט טויזענד פראַנק צו אַראַנ־זשירען דאָס דאָזיגע רעטונגס־ווערק פון אונגאַרן קיין רומעניע. 23 פערזאָן זענען געוואָרען געבראַכט קיין בוקאַרעסט שפּעטער. צווישען אַנדערע רבנים זענען

14) לויט אַ טראַנספּערירטען בעריכט דורך דעם „באָרד".
15) אַרכיוו פון „ועד הצלה".

אויך אָנגעקומען דאָרט דער באָבאָווער רבי מיט זיין זון. עס ווערען געזוכט נאָך אַנדערע מיטגלידער פון זיין משפחה. אין איצטיגען מאָמענט זענען די קוריערען אויפן וועג קיין בודאַפּעסט פון בוקאַרעסט, כדי צו ברענגען צוריק אייניגע אָנגעזעהענע פּערזענליכקייטען. דאָס איז דוכט זיך דער בעסטער וועג צו ראַטעווען לכל הפּחות אַ צאָהל אָנגעזעהענע פּערזענליכקייטען״.[16])

דעם 15־טען יאַנואַר 1945 האָט דער פּערטרעטער פון „ועד הצלה״ אין דער שווייץ בעריכטעט:

„מיר זענען אינטערעסירט צו בעפרייען דעם סאַטמאַרער רב טייטעלבוים, זיין פרוי און יוסף פּיוויש־אָהן אַשכנזי — אינפאָרמירט וועגען פינאַנציעלער הילף ראַביי גרין פון 314 איסט 42־טע סטריט, ווי אויך מיכאל הענדלער, ברוך רייס, משה וויזער, שלמה בראַווער״.[17])

די אויבענגעבראַכטע נעמען פון די אָפּגעראַטעוועטע גדולי התורה — דאָס זענען אייניגע שפּיץ־נעמען פון אַ גאַנץ לאַנגער רשימה.

## (2) זוכענישען נאָך די שפּורען פון די לעצטע ליטווישע גדולי התורה.

בשעת די נאַצישע אַרמייען האָבען זיך זומער 1944 געפונען אויפן גרויסען ריקצוג זייערען אויפן מזרח־פראָנט זענען דערגאַנגען פערשידענע קלאַנגען, אַז צום מאָמענט פון דייטשען ריקצוג פון קאָוונע האָבען זיך אין דאָרטיגען געטאָ נאָך געפונען אייניגע פון די לעצט־פערבליבענע גדולי התורה פון ליטע. לויט די זעלבע קלאַנגען זאָלען די גדולי התורה געוואָרען עוואַקואירט ערגעץ אין אַ דייטשען אינטערנירונגס־לאַגער.

דעם 13־טען אָקטאָבער 1944 האָט הרב הראשי הערצאָג טעלעגראַפירט פון ירושלים צום „ועד הצלה״:

„די דייטשען פערלאָזענדיג קאָוונע האָבען גענומען מיט זיך 16000 אידען, צווישען זיי די בעריהמטע רבנים אלחנן וואַסערמאַן און אברהם גראָדזענסקי — איך אַפּעליר צו טאָן אַלעס מעגליכע צו ראַטעווען זיי —

(אונטערגעשריבען)

**הרבנות הראשית.**

דעם 23־טען אָקטאָבער 1944 האָט הרב חיים קרייזווירט, דער איידעם פון סלאָבאָדקער משגיח רבי אברהם גראָדזענסקי, טעלעגראַפירט פון ירושלים ווייטערדיגע פּרטים:

„די לעצטע מעגליכע בעריכטען פון קאָוונע לויטען, אַז פאָלגענדע רבנים זענען געווען ביים לעבען, ווען די דייטשען האָבען עוואַקואירט די שטאָדט —

16) לויט'ן בעריכט פון „באָרד״.
17) אַרכיוו פון „ועד הצלה״.

זיי זענען געוואָרען איבערגעפיהרט אין אַן אומבעקאַנטער ריכטונג — די רבנים אברהם גראָדזענסקי, שבתי ווערניקאָווסקי, פערמוט, סנעג, סקארוטי, פערל־מאַן, שמעון דוביאנסקי, שלאפאבערסקי, בנימין אזינסקי. — הרב הראשי האָט טעלעגראַפירט צו אגודת הרבנים צו טאָן אַלעס אויפצודעקען די פאַקטען פאַר רעטונג — רוהט נישט!"

„רוהט נישט!" — אַזוי האָט גערופען דער קעיבעל פון ירושלים. צי האָט מען אָבער ביי די מענשען פון „ועד הצלה" געדאַרפט וועקען און מונטערן דאָס געוויסען? נאָך דעם 29־טען אויגוסט 1944 האָט דער פערטרעטער פון „ועד הצלה" אין שוועדען, הרב וואלבע, געמאָלדען אין זיין געהיימען ראַפּאָרט:

„קיין וועג איז נישט געוואָרען געפונען צו ראַטעווען די ליטווישע גרופּע, זינט די קאָמוניקאַציע מיט ליטע איז אונמעגליך, דאָך פּרובען מיר כסדר. ווען מיר וועלען האָבען עפּעס נייעס וועלען מיר זאָפאָרט אייך ראַפּאָרטירען. — אויב איהר קענט מאַכען אַראַנזשירונגען צו בעקומען אַן ערלויבעניש פון דער רוסישער רעגירונג, בין איך פערזענליך גרייט צו לאָזען זיך אין די באַלטישע לענדער". [18])

שוין די דאָזיגע מעלדונג פון שטאָקהאָלם איז אַ גענוגענדער בעוויז, אַז דער „ועד הצלה" איז געווען בעצייטענס אינפאָרמירט וועגען דער לאַגע אין דער עוואַקואירטער ליטע און אַז ער האָט בעצייטענס געזוכט אַלע מעגליכע וועגען פאַר רעטונג.

דעם 12־טען סעפּטעמבער 1944 האָט די פערטרעטונג פון „ועד הצלה" אין דער שווייץ געמאָלדען:

„וואָס אַנבעלאַנגט צו די ליטווישע אידען, וועלכע זענען געוואָרען דע־פּאָרטירט קיין מזרח־פּרייסען דורך די דייטשען זענען מיר אַ ווייל צוריק געקומען אין פערבינדונג מיטן אינטערנאַציאָנאַלען רויטען קרייץ וועגען זיי, און טראָץ דעם וואָס עס זענען פאַרהאַן קנאַפּע שאַנסען צו בעקומען פערלעסליכע אינפאָרמאַציע וועגען די דאָזיגע מענשען אין איצטיגען מאָמענט, וועט דער רויטער קרייץ דאָך טאָן אַלעס מעגליכע אין דער דאָזיגער ריכטונג". [19])

דעם 30־טען אָקטאָבער 1944 האָט דער זעלבער פאָרשטעהער פון „ועד הצלה" בעריכטעט קורץ וועגען דער פּראַגע:

„דער לאַגער אין קראַטינגען זעהט־אויס צו זיין אויפגעלעזען".

דעם 19־טען דעצעמבער 1944 האָט ער ווידער געמאָלדען:

„די פּאַספּאָרטען, וואָס מיר האָבען געהאַט אַרויסגעשיקט קיין ליטע זענען גאָר קיינמאָל נישט אָנגעקומען — צום בעדויערן האָבען מיר נישט צו פער־

---

18) לויט'ן טראַנספּערירטען בעריכט פון „באָרד".
19) אַרכיוו פון „ועד הצלה".

צייכנען קיין שום ערפאָלג מיט אונזערע בעמיהונגען אויסצוגעפינען די 16000 פערזאָן וואָס זענען געוואָרען דעפאָרטירט פון ליטע. מיר גלויבען, אַז די יונגערע מענשען זענען געוואָרען איבערגעפיהרט אין אַן אַרבעטס־לאַגער אין דייטש־לאַנד. — אַ פּאָסט־קאַרטעל איז געוואָרען דערהאַלטען מיט אַ קורצער צייט צוריק פון אַ קעמפּ נאָהנט צו מינכען, וואָס איז געשריבען דורך אַ יוגענטליכען דעפּאָרטירטען פון קאָוונע. — קיין אויסגאָבען זענען דורך אונז נישט געוואָרען געקאָרגט פעסטצושטעלען די אַדרעס פון דאָזיגען לאַגער, און האָפענטליך וועלען מיר קירצליך בעקומען ווייטערדיגע אינפאָרמאַציעס״.

דעם 2־טען מאַי 1945 האָט דער פערטרעטער פון „ועד הצלה״ אין דער שווייץ געאיילט זיך צו בעריכטען:

„מיר האָבען אייך געשיקט אַ גענויען ראַפּאָרט דורך מעק־קלעלענד וועגען לאַנדסבערג, וואו די ליטווישע רבנים זאָלען זיך געפינען״. —

## (3) די רעטונגס־פּרובען לטובת אונגאַרישע אידען.

דאָס איז שוין געווען עטליכע טעג פאַרן מלחמה־אָפּשלוס. קורץ דערויף איז געוואָרען בעפרייט דער לאַגער אין לאַנדסבערג צוזאַמען מיט די אַנדערע לאַגערן. — פון די אָנגעזעהענע גדולי הרבנים אין ליטע איז דאָרט געבליבען אַ לעבע־דיגער בלויז הרב סניעג פון קאָוונע.

דורך דעם גאַנצען קריטישען פעריאָד פון זומער 1944, ווען דער גורל פון אונגאַרישען אידענטום איז געהאָנגען אויף דער וואָגשאָל צווישען אומקום און רעטונג, האָט דער „ועד הצלה״ געזוכט אונטערצונעמען די פערשידענסט־מעגליכע פּרובען צו ראַטעווען וואָס עס לאָזט זיך. צווישען אַנדערען האָט דער „ועד הצלה״ געגעבען די איניציאַטיוו פאַר פאָלגענדע רעטונגס־פּראָגראַמען: 1 — פאַר דער פערזאָרגונג פון דרום־אַמעריקאַנישע פּאַספּאָרטען אין אַ גרע־סערער צאָהל. 2 — פאַר אַ ספּעציעלען רעטונגס־פּלאַן לטובת 5 טויזענד אידישע קינדער, דורך טראַנספּאָרטירען זיי אין דער שווייץ. 3 — פאַר אויס־ברייטערן דאָס הומאַניטאַרע רעטונגס־ווערק פון דער שוועדישער רעגירונג.

דעם 10־טען אַפּריל 1944, ווי נאָר די לאַגע אין אונגאַרן איז געוואָרען פערשאַרפט, האָט דער שווייצאַרישער אָפּיס פון „ועד הצלה״ (אין בעשטאַנד פון די ה״ה פינעס, שטערנבוך, ראָזענבוים און רובינפעלד), בעריכטעט:

„1. כדי צו ראַפּאָרטירען וועגען דער סיטואַציע איז אַ קוריער געוואָרען אַרויסגעשיקט קיין אונגאַרן. עס איז אונזער מיינונג, אַז די מעגליכקייט פאַר אַן אויסטויש פון אונגאַרישע אידען אויף דייטשע ציווילע פון אַפריקע אָדער פון אַנדערע אַליאירטע טעריטאָריעס, זאָל ווערען דורכגעטראַכט דורך אייך צוזאַמען מיט דער אַמעריקאַנער רעגירונג.

„2. העלפט אונז ביים בעקומען בעשטעטיגונגען פון וואַטיקאַן. די צאָהל איז אומבעגרעניצט. די רשימות מיט טויזענדער פאַמיליעס אין אונגאַרן קען ווערען דורך מיר איבערגעשיקט קיין ירושלים. אַזאַ „סערטיפיקאַט״ איז ווערטפול אין די אָקופּירטע געביטען אויף צו בעקומען שוץ קעגען פערשיקונג, און דאָס איז אַקטועל ביזן היינטיגען טאָג.

„3. דרום־אַמעריקאַנישע פּאַספּאָרטען פאַר 10 טויזענד פאַמיליעס וואָלט געווען נאָך אַ שאַנס פאַר רעטונג. דורך די בעטרעפענדע קאָנסולאַטען אין דער שווייץ וואָלטען די פּאַספּאָרטען אונז גערעפט ווערען איבערגעגעבען אין געהיים. צוליב דעם, וואָס די אָפּנעמערס פון די דאָזיגע פּאַספּאָרטען וואָלטען געוואוסט, אַז די דאָזיגע פּאַספּאָרטען זענען גילטיג בלויז אויף דער צייט פון דער מלחמה אַלס אַ מיטעל צו ראַטעווען דאָס לעבען וואָלטען זיי (די פּאַספּאָרטען) נישט גע־וואָרען מיסגעברויכט. בלויז צו גוט־בעקאַנטע רבנים און אַנדערע זיכערע פּערזאָנען וואָלטען די פּאַספּאָרטען געוואָרען אַרויסגעגעבען.

„4. וואָס אַנבעלאַנגט די מעגליכקייטען פאַר רעטונג בין איך אין שטענ־דיגען טעלעגראַפישען קאָנטאַקט מיט גריפעל״.

דעם 12־טען סעפּטעמבער 1944, ווען די טראַגעדיע פון אונגאַרישען אי־דענטום האָט דערגרייכט דעם הויך־פּונקט, האָט דער פאָרשטעהער פון „ועד הצלה״ אין שטאָקהאָלם, שוועדען, ראַפּאָרטירט דורך דער פערמיטלונג פון דער אַמעריקאַנער געזאַנדשאַפט אין שטאָקהאָלם:

„אייערע לעצטע קעיבעלס האָב איך דערהאַלטען. אַלס פּועל־יוצא פון די בענייטע דעפּאָרטאַציעס (אין אונגאַרן) האָט דער שוועדישער אַמבאַסאַדאָר און די אַמבאַסאַדאָרען פון אַלע אַנדערע נייטראַלע מלוכות געזעהען האָרטי׳ן און בעקומען דעם צוזאָג, אַז די אונגאַרישע רעגירונג וועט אָננעמען אַלע מיטלען אָפּצושטעלען די דעפּאָרטאַציעס.

„אַ ספּעציעלער שליח איז געוואָרען געשיקט דורך דער שוועדישער רע־גירונג קיין בודאַפּעסט מיטן צוועק צו פערנעמען זיך מיט די אַלע פּראָבלעמען, וואָס האָבען אַ שייכות צו ראַטעווען אידען. עס ווערט פּלאַנירט צו קויפען הייזער איפּן נאָמען פון דער שוועדישער געזאַנדשאַפט, וואָס וועלען געניסען פון דער שוועדישער עקסטעריטאָריאַלער רעכט, און אין די דאָזיגע הייזער אַריינצוברענגען אידען.

„אימיגראַציע־וויזעס זענען געוואָרען פערזיכערט דורך אונזערע רע־גירונגס־אינסטאַנצען, אויף שוץ־בריף, בירגערשאַפט־רעכט און פּראָוויזאָרישע פּאַספּאָרטען. די ערנסטע אויסגאַבען, וואָס זענען פערבונדען מיט די דאָזיגע ענינים, איז געוואָרען אָפּגעשטימט זאָלען ווערען געדעקט דורך אונז, און מיר האָפען, אַז איהר זענט דערויף איינשטימיג. נאָכן דערהאַלטען אייער אָנווייזונג

טעלעגראַפיש האָב איך בעזוכט פּראָפעסאָר עהרענפרייז. ער האָט ערקלערט, אַז גאָרנישט מעהר וויפיעל עס איז שוין געוואָרען געטאָן, קען ווערען אונטער־גענומען און קיין שום ספּעציעלע פּלענער קענען נישט ווערען בעטראַכט צומאָל נישט לטובת קינדער. צו אַפּעלירען נאָכאַמאָל צום קעניג איז אונמעגליך״.

צו דער זעלבער צייט, ווען דער פּראָפעסאָר עהרענפרייז האָט זיך אָפּ־געזאָגט פון יעדע נייער אינטערווענץ, אפילו נישט צו ראַטעווען קינדער, האָט דער „ועד הצלה״ דאָך געזוכט נאָך אַנדערע וועגען און מיטלען צו אָרגאַניזירען אַ ספּעציעלע קינדער־רעטונגס־אַקציע.

דעם 8־טען סעפּטעמבער 1944 האָט דער פאָרשטעהער פון ועד הצלה אין דער שווייץ געמאָלדען שטרענג־פערטרויליך:

„מיר בעמיהען זיך צו ברענגען פון אונגאַרן קיין שווייץ 5000 קינדער מיט דער הילף פון רויטען קרייץ און דער רעגירונג. די דייטשען זענען גרייט צו ערלויבען זיי אַרויסצופאָהרען אונטערן בעדינג פון גאַראַנטירטע וויזעס אָבער זיי זענען נישט מסכים זיי זאָלען פאָהרען צו מזרח־זייט. (דאָס מיינט קלאָר — ארץ ישראל). די אַמעריקאַנער געזאַנדשאַפט דאַרף בעקומען אַן אינסטרוקציע אַרויסצוגעבען אַזאַ גאַראַנטיע צו דער היגער רעגירונג און צו אינפאָרמירען אונז. דערנאָך וועלען מיר קענען אָננעמען ווייטערדיגע שריט אין בודאַפּעסט און דאָ״.

דעם 9־טען אָקטאָבער 1944, ווען עס איז נאָך אַלץ געווען די פּאַסיגע שעה פאַר דער קינדער־רעטונג, האָט דער אָפיציעלער שליח פון „וואָר רעפיודזשי באָרד״ אין דער שווייץ, מעק־קלעלענד, אויספיהרליך בעריכטעט וועגען דעם דערמאָנטען רעטונגס־פּראָיעקט פאַר די פינף טויזענד קינדער, ווי דאָס איז געמאָלדען אין אָפיציעלען בריף פון „באָרד״ צום ועד הצלה:

„די פרוי שטערנבוך האָט אינפאָרמירט אונזער פאָרשטעהער, אַז זי האָט בעריכטעט אייער אָרגאַניזאַציע וועגען אַ פּלאַן איבער וועלכען זי אַרבעט פּער־זענליך אויף איבערצופיהרען 5000 אידישע קינדער פון אונגאַרן קיין שווייץ. אין דער דאָזיגער פערבינדונג האָט זי מיך אינפאָרמירט, אַז אַ דיפּלאָמאַט, וואָס איז לעצטענס אָנגעקומען קיין שווייץ פון אונגאַרן האָט איהר דערצעהלט, דאָס ער האָט בעקומען אינפאָרמאַציעס פון „קאָמפּעטענטע דייטשע קרייזען״, וואָס צייגען, דאָס אויב די פעראייניגטע שטאַטען אָדער גרויס־בריטאַניע וועט געבען קאָנקרעטע פערזיכערונגען אַז די דאָזיגע קינדער וועלען ווערען אַריינגעלאָזען קיין אַמעריקע אָדער אין די בריטישע אינזלען, וועלען די דייטשען זיין גרייט צו ערלויבען זיי צו פערלאָזען אונגאַרן אויפן וועג קיין שווייץ. זי האָט מיר אויפגעקלערט, אַז די פראַגע פון דער שווייצאַרישער רעגירונג, וואָס בעטראַכט פאַר נישט־גענוג די בעקומענע גאַראַנטיעס, דאָס די דאָזיגע קינדער וועלען

שפּעטער ווערן אַרויסגעפיהרט פון דער שווייץ, איז דערפאַר נישט אַרויסגעוואַקסען און זי נעמט־אָן אַבסאָלוט דאָס די שווייצאַרישע רעגירונג האָט פּאַקטיש שוין בעקומען די געהעריגע גאַראַנטיעס אין דער דאָזיגער ריכטונג״.[20]

דאָס איז געווען דער רעטונגס־שאַנס פאַר פינף טויזענד אידישע קינדער — און אויב דער פּראָיעקט איז נישט געוואָרען דורכגעפיהרט איז עס געווען דערפאַר, וואָס די ביוראָקראַטישע מאַשין פון די אַליאירטע רעגירונגען האָט דאָס מאָל אויך פויל געאַרבעט, בשעת עס האָט זיך געהאַנדעלט אין ראַטעווען אידען...

## (4) די הילפס־אַרבעט דורך דעם נייטראַלען פערבינדונגס־פונקט אין טאַנזשער.

אין לעצטען קריגס־פעריאָד איז דעם ועד הצלה געלונגען צו אָרגאַניזירען אַ וויכטיגע הילפס־פערבינדונגס־שטעלע אין דער פריי־שטאָדט פון טאַנזשער. דער דאָרטיגער פערבינדונגס־פונקט איז געוואָרען אָנגעפיהרט דורך מר. רענע רייכמאַן, וועלכער האָט געהאַט פאַר זיך צוויי וויכטיגע טעטיגקייטס־געביטען: 1 — צו בעזאָרגען פון דאָרט שפּייז־פּאַקעטען ווי אויך וואַרימע בעקליידונג פאַר די אויסגעפייניגטע אידען אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן. 2 — אָנצוהאַלטען פון דאָרט אַ פּערזענליכען קאָנטאַקט מיט דער שפּאַנישער רעגירונג אין מאַדריד אין וויכטיגע הצלה־פראַגען.

דעם 12־טען אויגוסט 1944 האָט דער רעפּרעזענטאַנט פון ועד הצלה אין טאַנזשער בעריכטעט קורץ:

„שיקט אַרויס אַ סומע פון 3000 — נויטיג געלד פאַר אויגוסט צו שיקען אין טערעזיענשטאָדט און בירקענאַו — דער אינטערנאַציאָנאַלער רויטער קרייץ זאָל בעקומען ערלויבעניש צו העלפען אידען אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן — עס איז נויטיג גרויסע סומען צו פּערזאָרגען פּאַקעטען פאַר אונגאַרישע אידען — מיטן אויסנאַהם פון בודאַפּעסט זענען אַלע אין קאָנצענטראַציע־לאַגערן״.

פון דעם פערבינדונגס־פונקט אין טאַנזשער איז געוואָרען איינגעשטעלט אַ בעזונדערס ענגען קאָנטאַקט מיט טערעזיענשטאַדט. דער רעפּרעזענטאַנט פון „ועד הצלה״ האָט אַרויסגעשיקט אין זיין אייגענעם נאָמען רעגעלמעסיגע שפּייז־פּאַקעטען לויט בעשטימטע נעמען און אַדרעסען אין טערעזיענשטאַדט, און ער פלעגט רעגעלמעסיג דערהאַלטען בעשטעטיגונגען אויף זיינע זענדונגען. אָט איז אַלס ביישפּיל דער טעקסט פון אַזאַ בעשטעטיגונג, וואָס איז דערנאָך געוואָרען צוגעשטעלט צום „ועד הצלה״:

---

20) אַרכיוו פון „ועד הצלה״.

„פּאָסטקאַרטע — דאַפּיסניצע. מסיע עדוארד רייכמאַן, טאַנזשער, 23 רי מאַליער, שפּאַנישער פּראָטעקטאַראַט, מאַראָקאָ. אַרויסשיקער: אירמא פישהאָף, טערעזיענשטאַדט, טורמגאַסע נומער 4. (צווייטע זייט. טערעזיענשטאַדט, דעם 29־טען פעברואַר 1944. איך בעשטעטיג דאַנקענדיג דאָס דערהאַלטען אייער (דיינעם) פּאַקעט פון פעברואַר 1944. (אונטערשריפט)".

דעם 5־טען דעצעמבער 1944 האָט די פּערטרעטונג פון „ועד הצלה" אין דער שווייץ געזוכט פּאָליטישע הילף און אונטערשטיצונג ביים רעפּרעזענטאַנט פון „ועד הצלה" אין טאַנזשער:

„אין איינקלאַנג מיט אייער טעלעפאָנישען געשפּרעך מיט מאַדריד זענען געוואָרען אינפאָרמירט די אידישע קהלה אין בודאַפּעסט און דער רויטער קרייץ. — מעלדעט דורך אַ דרינגענדער טעלעגראַמע דעם שפּאַנישען קאָנסולאַט אין בודאַפּעסט אָנצובינדען אַ קאָנטאַקט מיט דער אידישער קהלה. — בעט ביי אייער פיהרער דרינגענדע פּערזענליכע אינטערווענץ ביי דער שוץ־מאַכט אין מאַדריד וועגען פאָלגענדען — בירגער פון פּאַראַגוויי מיט אַ צאָהל פּערזענ־ליכקייטען, צווישען זיי פון אַנטווערפּען און פּוילען זענען דעם 18־טען אַפּריל און 16־טען מאַי געוואָרען טראַנספּערירט פון קאָנצענטראַציע־לאַגער אין וויטעל קיין דראַנסי נעבען פּאַריז און פון דאָרט זענען זיי דעם 30־טען אַפּריל און 30־טען מאַי געוואָרען דעפּאָרטירט אין אַן אומבעקאַנטער ריכטונג אין אויבער־שלעזיע. — די שפּאַנישע געזאַנדשאַפט אין בערלין איז דערוועגען אינפאָרמירט נאָר וויל נישט אַרויסגעבען די אינפאָרמאַציע. — דער „ועד הצלה" מעלדעט אונז, אַז די פּאַראַגווייאישע רעגירונג האָט געבעטען די שפּאַנישע רעגירונג צו אונ־טערנעמען די סאַמע ענערגישסטע שריט צו ראַטעווען די דאָזיגע מענשען מיט דער פּראָפּאָזיציע אויסצוטוישען זיי אויף דייטשען אין פּאַראַגוויי. — מיר האָבען דערוועגען טעלעגראַפירט קיין מאַדריד דעם 30־טען נאָוועמבער און נישט בעקומען קיין ענטפער. — אינטערוועניר דרינגענד אין מאַדריד, אַז אַ ספּעצ־יעלער דעלעגאַט זאָל ווערען געשיקט קיין בערלין צו זוכען און ראַטעווען און צוריקברענגען זיי אין אַן אָפיציעלען אינטערניר־לאַגער".

דערויף האָט דער רעפּרעזענטאַנט פון „ועד הצלה" אין טאַנזשער געענטפערט:

„בעקומען אייער קעיבעל פון 5־טען דעצעמבער נעכטען פון מאַדריד. — האָב אַלעס אַראַנזשירט מיט דער הילף פון אַמעריקאַנער געזאַנדשאַפט אין מאַד־ריד. — איך האָב טעלעגראַפירט דורכן קאָנסולאַט פון דאַנען קיין מאַדריד. — פּרובט אינטערווענירען אויפן זעלבען וועג. — איך האָב געבעטען אַ שפּאַנישע וויזע און האָף צו בעקומען אין עטליכע טעג. — אינפאָרמירט צי די רייזע איז נויטווענדיג".

דעם 23־טען דעצעמבער 1944 האָט דער רעפּרעזענטאַנט אין טאַנזשער ווידער טעלעגראַפירט צום „וועד הצלה״:

„בעקומען 5000 דאָלאַר דורך קאַהען — געשיקט 2056 פּאַקעטען אין אָקטאָבער, איצטער 3000 — די פאָנדען זענען שוין אויסגעשעפּט — ביטע שיקט געלד פאַר יאַנואַר אויף פּאַקעטען — מען קען שיקען מעהר פּאַקעטען ווען פאָנדען זאָלען ווערען פערגרעסערט — שיקט אַ קאָנטע און טעלעגראַפירט ענטפער״.

דעם 15־טען יאַנואַר 1945 האָט דער פערבינדונגס־אָפיציר פון „וועד הצלה״ אין טאַנזשער צוגעשיקט אַן אויספיהרליכען ראַפּאָרט, אין וועלכען עס איז געווען געזאָגט:

„איך האָב בעקומען אייערע טעלעגראַמעס פון 30־טען דעצעמבער און 2־טען יאַנואַר, צוגעשטעלט דורך דער אַמעריקאַנער געזאַנדשאַפט אין טאַנזשער. איך קען אייך שוין ענטפערן אויף דער ערשטער. איך בין צופרידען, אַז דאָס איז געוואָרען ערלעדיגט אַזוי שנעל, ווייל איך האָב שוין דערהאַלטען די זעקס טויזענד דאָלאַר. איך וועל אַראַנזשירען דאָס אַרויסשיקען די פּאַקעטען אין דער קירצעסטער צייט, און אויף דעם בעסטען וועג. מיט מיין גאַנצען כח און מיטן גאַנצען האַרץ אַרבעט איך, אַז דאָס געלד וואָס איך האָב בעקומען דורך אייער גוטען ווילען און הילפסגרייטקייט זאָל ווערען אויסגענוצט אויף דעם בעסטען אופן. די פראַגע פון טראַנספּאָרט איז שוין געוואָרען געלעזען אויף דעם סאַמע בעסטען וועג. די פּאַקעטען זענען געוואָרען אַרויסגעשיקט פון דאַנען דעם 12־טען און 14־טען דעצעמבער, זענען אַוועק פון באַרצעלאָנא דעם 25־טען און 27־טען צום רויטען קרייץ אין גענף, און די פערטרעטער פון „וועד הצלה״ אין מאָנטרעי וועלען דאָס בעקומען פון זיי און אַרויסשיקען אַלעם ערשטען אויף די פאַרהאַנענע אַדרעסען אין טערעזיענשטאַדט און בירקענאַו און די איבריגע צו די מענשען וואָס נויטיגען זיך דערין צום שטאַרקסטען.

„ענטפערענדיג אויף אייער צווייטער טעלעגראַמע, דאָס איז מעגליך צו שיקען יעדען חודש ביי 10—15 טויזענד קילאָ פּאַקעטען. איך האָף צו קענען בעקומען די נויטיגע ערלויבענישען אויפן דאָזיגען סכום. קלאָר, אַז עס איז נישט מעגליך צו שיקען אַזוי פיעל פּאַקעטען אָהן ערלויבעניש. דער פרייז פון שאָקאָלאַד שטייגט מיט יעדען טאָג, דערפאַר וועל איך זוכען צו בעקומען ער־לויבענישען אויף אַנדערע פּראָדוקטען.

„אין ענטפער אויף אַ ווענדונג פון „וועד הצלה״־פערטרעטער אין דער שווייץ, האָב איך לעצטענס אָנגעהויבען אַן אַקציע צו זאַמלען בעקליידונג. נע־מענדיג אין אַכט די קליינע בעפעלקערונג פון אונזער שטאָדט דאַרף דאָס בע־טראַכט ווערען פאַר אַ גוטען ערפאָלג. איך האָב אַרויסגעשיקט דעם 12־טען

דעצעמבער דורך דעם שפּאַנישען רויטען קרייץ אויף דער אַדרעס פון אינטער־נאַציאָנאַלען רויטען קרייץ און צו דער דיספּאָזיציע פון „ועד הצלה" אין שווייץ 74 זעק מיט וואַרימער קליידונג, אונטער־וועש און שיך. מיין טאָכטער מיט מיין פריינדין פרוי ראָזענפעלד האָט געזאַמעלט אין טעטואַן אַזוי פיעל, אַז איך בין געווען אימשטאַנד אַרויסצושיקען דעם 4־טען יאַנואַר 98 זעק. מיין שוועסטער, וועלכע געפינט זיך אין מאַדריד האָט געמאַכט אַן עהנליכע זאַמלונג און איהר איז געלונגען אויפצוקלויבען אַזאַ ענליכען קוואַנטום. זי איז איצטער אין באַרצעלאָנא אָנצוהויבען דאָרט אַ נייע אַקציע. מיר וועלען בעזוכען יעדע שטאָדט אין מאַראָקאָ וואו עס איז נאָר מעגליך צו זאַמלען". —

„איך ענדיג מיין בריף בעטענדיג צום אַלמעכטיגען, צו בענשען אייער אַרבעט און דאַנקענדיג אייך פאַר אַלעם וואָס איהר טוט פאַר אונזערע ליידענ־דיגע ברידער". [21])

## (5) הילף פאַר רומענישע אידען — און קאַמף קעגען דיסקרימינאַציעס אין דעם רעטונגס־ווערק.

אויך פאַר רומענישע אידען האָט דער „ועד הצלה" געזאָרגט צו טראָגען הילף. און וואָס שייך רומעניע האָט דער „ועד הצלה" אויך געמוזט אינטערווע־נירען, אַז דאָס הילפס־ווערק זאָל דאָרט טראָגען אַן אויסער־פּאַרטייאישען כאַ־ראַקטער און אַז פרומע אידען זאָלען נישט ווערען אויסגעשלאָסען פון דער רעטונגס־ליניע.

דעם 5־טען אויגוסט 1944 האָט דער „ועד הצלה" בעקומען אַן אַלאַר־מיסטישע מעלדונג פון זיין עהרען־פאָרשטעהער אין טערקיי, ד"ר יעקב גריפעל:

„פיעל אומפּאַרטייאישע מענשען, מעהרסטענס בעדראָהטע פליטים, האָבען געשריגען נאָך הילף אָבער האָבען נישט בעקומען קיין פּלאַץ אויף דער סוכנות־שיף — בעזונדערע שיפען זענען ביז־איצט נישט געווען מעגליך צוליב דעם אָבזאָג פון דער סוכנות צו געבען אַ דעקלאַראַציע אַז די עמיגראַנטען אָנקומענדיג קיין סטאַמבול וועלען קענען ווייטער פאָהרען קיין ארץ ישראל — פערלוירען ווערטפולע צייט צוליב דער „איידזשענסי'ס" קאָנטראָל און פערשפּעטיגטע אַקציע — יולי דעם 16־טען האָט הירשמאַן געגעבען די נויטיגע דעקלאַראַציע — דאָס איז שוין געווען צו־שפּעט, ווייל אין צווישען־צייט האָט אַנקאַראַ פעראָרדענט אַ פערבאָט פאַרן צוריקפאָהר פון שיפען פון טערקיי — מיר פערלאַנגען אַלס פערגיטיגונג פאַר דעם אונרעכט אַ האַלבע שיף אָדער 250 פּלעצער פאַר אומ־פּאַרטייאישע אידען און פליטים אויף דער שיף פון סוכנות, וועלכע געפינט זיך

21) אַרכיוו פון „ועד הצלה".

איצט אין רומעניע — נעמט די נויטיגע מיטלען צו גאַראַנטירען אומפּאַרטיי־אישקייט״.[22]

דעם 21־טען אויגוסט 1944 איז דערשינען אין דער אידישער פּרעסע פון ניו יאָרק („מאָרגען זשורנאַל״) אַן אויפטרייסלענדיג אַרטיקעל פון ד״ר יצחק לעווין וועגען די דיסקרימינאַציעס קעגען די אָרטאָדאָקסישע אידען בעת דער רעטונגס־אַקציע פון רומעניע:

„שוין עטליכע חדשים, ווי עס קומען צו אונז די דאָזיגע פּשוט־אומגלויב־ליכע ידיעות, אַז דער פערטרעטער פון דער „אידישער אַגענטור״ האָט צוגע־טיילט פאַר אידען, וואָס געהערען צו „אגודת ישראל״ זעקס פּראָצענט פון די פּלעצער אויף די שיפען וואָס פיהרען פון טויט צום לעבען. מיט אַנדערע ווערטער הייסט דאָס, אַז איידער מען לאָזט אַרויף אַ אידען אויף אַזאַ שיף איז מען חוקר ודורש צו וועלכער פּאַרטיי ער געהער אָדער האָט געהערט אין די אַלטע צייטען. אין דער צווישענצייט קען מען איהם מיט זיינע קינדער, פער־שטעהט זיך, כאַפּען, ווייל דער שמועס קומט דאָך פאַר דאָרט, וואו עס האָט נאָך די מאַכט דער נאַצי־מערדער.

„עס ליגען פאַר מיר, ווען איך שרייב די ווערטער, אַ רייהע טעלעגראַמעס פון סטאַמבול, וועלכע קלאָגען אויפן דאָזיגען מצב. די טעלעגראַמעס דערצעהלען אַז אפילו זעקס פּראָצענט ווערען אויך נישט געגעבען, אַזוי שטעהט בפירוש אין קעיבעל פון 31־טען יולי.

„ווען מען וואָלט אַזאַ זאַך דערצעהלט אָהן בעווייזען, וואָלט עס געקענט בעטראַכט ווערען אַלס פאַנטאַזיע. די דעפּעשען רעדען אָבער אַ קלאָרע שפּראַך.

נאָך דעם 1־טען יוני איז פעסטגעשטעלט געוואָרען, אַז „בנוגע שיף־פּלעצער פאַר אַגודיסטען האָבען די פערטרעטער פון דער אידישער אַגענטור צוגעזאָגט צו געבען 6 פּראָצענט, אָבער ביז־איצט האָבען די שיפען נישט גע־בראַכט קיין אַגודיסטען...״

„דעם 22־טען יולי זיינען אָנגעקומען די ערשטע מיטגלידער פון אגודת ישראל, וואָס האָבען זוכה געווען דורכצוגעהן דעם פּאַרטיי־עקזאַמען (נאַטירליך, נישט איבער די 6 פּראָצענט). אין טעלעגראַם איז אָנגעגעבען דער נאָמען פון שיף. אָבער שוין דעם 31־טען יולי מוז מען ווייטער טעלעגראַפירען פון איסטאַמבול קיין ניו יאָרק, אַז אפילו די 6 פּראָצענט ווערען נישט איינגעהאַלטען.

„דערביי דאַרף מען צוגעבען, אַז דעם 18־טען יולי האָט מען דעם דאָזיגען צושטאַנד מודיע געווען דעם מיטגליד פון דער עקזעקוטיווע פון דער אַגענטור, משה שערטאָק אין לאָנדאָן, עס קען זיין, אַז צוליב דעם איז דעם 22־טען יולי איינגעטראָטען אַ בעסערונג אָבער דאַן איז ווידער ערגער געוואָרען. דאָס איז

22) „חורבן אייראָפּע״, ז׳ 109.

פשוט אַ פערברערכען. עס זענען דאָ אידען, וואָס אַנטלויפען פון טויט. עס זענען נישטאָ קיין „מיינע" אידען און „דיינע" אידען. עס איז דאָ איין געפּלאָגט אידיש פאָלק!"[23])

נאָך אין לעצטען מלחמה־פעריאָד, בעת עס איז נאָך אָנגעגאַנגען דער פערצווייפעלטער געראַנגעל אַרויסצורייסען דאָס לעצטע ביסעל אידען פון די נעגעל פון דער בלוטדורשטיגער נאַצישער בעסטיע — האָט זיך שוין אָנגעהויבען פאַקטיש די נייע דרינגענדע אויפגאַבע צו טראָגען די סאַמע ערשטע הילף פאַר דער שארית־הפליטה אין די בעפרייטע געביטען. און די שארית־הפליטה האָט זיך גענויטיגט אין דאָפּעלטער הילף: אַזוי מאַטעריעלער ווי אין גייסטיגער!

דעם 5 יאַנואַר 1945 האָט די פערטרעטונג פון „ועד הצלה" אין דער שווייץ איבערגעשיקט דעם ערשטען אַלאַרמיסטישען אַפּיל וועגען די נויטען פון דער שארית־הפליטה:

„די אָרטאָדאָקסישע אידען אין פראַנקרייך און בעלגיע זענען אין פער־צווייפעלטער לאַגע, זיי בעקומען נישט קיין הילף פון קיין אָרגאַניזאַציע — דער ועד הרבנים פון אַלע אָרטאָדאָקסישע רבנים אין פראַנקרייך האָט אונטערגע־נומען די דרינגענדע מיסיע צו ראַטעווען די קינדער פון אונטערגאַנג דורך גרינדען קינדער־היימען אויפצונעמען און אויסצוהאַלטען פיעל אידישע קינדער, וואָס געפינען זיך איצטער אין מאָנאַסטירען — עס איז נויטיג צו גרינדען פאַר זיי רעליגיעזע שולען און ערציהונגס־אינסטיטוציעס, אַנדערש וועט אונזער יו־גענט פערלוירען געהן אין נישט־רעליגיעזע שולען פון „אָזע" און זייער גלייכען — עס איז נויטיג צוריקצושטעלען די עקזיסטענץ־מעגליכקייטען פון אָרטאָדאָק־סישע פערזענליכקייטען דורך פערזיכערן זיי הילף — עס איז אַ גרויסע נויט אין רעליגיעזע הצטרכותן — אַלע פּאַרטייען מיטן בלויזען אויסנאַהם פון די אָרטאָדאָקסישע, האָבען אונטערגענומען גרויסע אַקציעס". —

קלאָר, אַז דער „ועד הצלה" האָט נישט געקענט בלייבען גלייכגילטיג צו אַזעלכע הילפס־רופען, און עס האָט זיך אָנגעהויבען די הילפס־אַרבעט פאַר דער שארית־הפליטה נאָך איידער די מלחמה איז געוואָרען פערענדיגט און די רעטונגס־אַקציע פון אידישע לעבענס איז געוואָרען אָפּגעשלאָסען.

אָט זענען אַלס מוסטער אַ בינטעל דעפּעשען, וואָס זענען אַרויסגעשיקט געוואָרען פון דער הויפּט־לייטונג פון „ועד הצלה" אין ניו־יאָרק בלויז אין די ערשטע וואָכען פון חודש אַפּריל 1945.

דעם 2־טען אַפּריל האָט די לייטונג פון „ועד הצלה" טעלעגראַפירט צו דער פערטרעטונג אין שווייץ:

---

23) דאָרט.

„מאָרגען ווייזען מיר איבער 321 טויזענד שווייצער־פראַנק צו ראַטעווען און אויסהאַלטען קינדער לויט אייערע פּלענער — קאָאָפּערירט מיט הרב לעווענשטיין און טייטעלבוים — פערנוצט 100 טויזענד פראַנק אויף אַ יתומים־הויז מיטן בעדינג אַז שווייצער אידען זאָלען צושטייער געבען 50 טויזענד פראַנק — שאַפט אַ קינדער־קאָמיטעט פון אַלע אָרטאָדאָקסישע גרופּען און אָנגעזעהענע פערזענליכקייטען".

דעם 3־טען אַפּריל 1945 — גלייך אויף צומאָרגענס — זענען אַוועק קיין שווייץ ווייטערדיגע אינסטרוקציעס:

„איבערשיקענדיג אייך 321 טויזענד פראַנק אונטער דער לעיסענס ניו יאָרק 688037 פערברויכט דאָס אין איינקלאַנג מיט אונזערע טעלעגראַפישע אינסטרוקציעס פון אַפּריל דעם צווייטען — זוכט אויס אַלע פּאַסיגע קינדער צום איינאָרדנען זיי אין מאָנטרעיער ישיבה און גרינדעט אויך עלעמענטאַרע רעליגיעזע שולען און נאָך אַ ישיבה — פערזיכערט אייך די צוזאַמענאַרבעט פון הרב טייטעלבוים און אַנדערע פּאַרן דאָזיגען פּראָיעקט — נוצט 8500 פראַנק פאַר הילף צו קראַנקע און נויטבעדערפטיגע צווישען די אָנגעזעהענע פּליטים ווי דער דעברעזיווער רבי און אַנדערע".

דעם 13־טען אַפּריל 1945 איז פון ניו יאָרק אַוועק אַ נייער קעיבעל מיט אינסטרוקציעס צום פערטרעטער אין דער שווייץ:

„גרינדעט שוין אָן אומפּאַרטייאישען קאָמיטעט פון אַלע אָרטאָדאָקסישע קרייזען, אגודה, מזרחי, אונגאַרישע רבנים און פערזענליכקייטען — רופט דאָס אָן ועד־הצלה־קאָמיטעט, יתומים־דיוויזיע, אַלס אָפּטיילונג פון ועד־הצלה אין ניו יאָרק — ראַטעוועט יתומים וויפיעל עס איז מעגליך און שאַפט פאַר זיי היימען — דער פולער קרעדיט און פּראָפּאַגאַנדע געהערען צום ועד־הצלה — טעלעגראַפירט סטאַטיסטיק וויפיעל יתומים עס זענען איצטער אין אידישע היימען און וויפיעל מען קען ראַטעווען און וועלכע אָרגאַניזאַציעס זענען טעטיג און גענויע סטאַטיסטיקס וועגען זייער טעטיגקייט פאַר קינדער".

דעם 17־טען אַפּריל האָט דער „ועד הצלה" אין ניו יאָרק ווידער געשיקט נייע אינסטרוקציעס וועגען הילף:

„מיר ערוואַרטען אַ ראַפּאָרט וועגען די יתומים אין די בעפרייטע לענדער — שטעלט זיך אין קאָנטאַקט מיטן אינטערנאַציאָנאַלען רויטען קרייץ וועגען שיקען שפּייז און מעדיקאַמענטען אין די בעפרייטע לאַגערן, בערגען־בעלזען און בוכענוואַלד — אויב מעגליך שיקט אַ דעלעגאַט צו אָרגאַניזירען די ערשטע הילף און ווייטערדיגע מיטלען".

דעם 20־טען אַפּריל 1945 האָט די לייטונג פון „ועד הצלה״ נאָכאַמאָל אַרויסגעהויבען די פראַגע פון שיקען אַ ספּעציעלע מיסיע אין די בעפרייטע לאַגערן:

„עס איז וויכטיג צו אַראַנזשירען אַ קאָמיטעט וואָס זאָל זאָפאָרט בעזוכען די בעפרייטע לאַגערן און געבען די ערשטע מעדיצינישע הילף צו די בעפרייטע אינטערנירטע. אַפּעלירט צו בריגאַדע־גענעראַל מייקעלסאָן, אָפּטיילונג פאַר אויס־געוואָרצעלטע פּערזאָנען ביי דער הויפּט־קאָמאַנדע וועגען אַן ערלויבעניש צו שיקען קאָמיטעס אין די לאַגערן — בעט די הילף פון מעק־קלעלענד אין דער דאָזיגער פראַגע — פאָרמולירט אַ פּולען פּלאַן און אויב נויטיג נוצט אַ טייל פון די פאָנדען אונטער דעם לעיסענס נומער 2426־וו״.

און די איבריגע פּרטים, ווי אַזוי עס האָט זיך ענטוויקעלט די גרויס־צוגיגע הילפס־אַרבעט פון „ועד הצלה״ לטובת דער שארית־הפליטה — דאָס אַלץ געהער שוין צום טייל פון די נאָך־מלחמה־טעטיגקייטען.

קאַפּיטעל 18

# שליחים — די לעבעדיגע בריק צו דער שארית הפליטה אין אייראָפּע

די ערשטע קאָנטאַקטען פון „ועד הצלה" מיט די בעפרייטע אידען אין די לאַגערן. — די מערקווירדיגע ערשיינונגען פון רעליגיעזער אויפלעבונג ביי דער שארית הפליטה. — איינדרוקען פון די שליחים פון זייערע בעגעגענישען אין דער נאָך־מלחמה׳דיגער אייראָפּע. — פּאַרוואָס עס איז נישט צושטאַנד־געקומען דער געפּלאַנטער רעטונגס־צוג פאַר 500 אידישע לאַגער־קינדער. — דאָס ברייטע הילפס־פּראָגראַם פאַר דעם גייסטיג־רעליגיעזען ווידער־אויפבוי פון דער שארית הפליטה.

ענדליך האָט געשלאָגען די לאַנג־אויסגעהאָפטע און וויט־פערשפעטיגטע שעה פון נצחון. דעם 8־טען מאַי 1945 האָט דאָס צעשלאָגענע און אָקופּירטע נאַצי־דייטשלאַנד קאַפּיטולירט צו די זיגערישע אַליאירטע אַרמייען פון מערב און פון מזרח. דאָס פערשאָלטענע „דריטע רייך", וואָס האָט אין סעפּטעמבער 1939 אָנגעפאַנגען דעם בליץ־קריג אין אייראָפּע, מיט דער אויסרעכענונג, אַז דאָס וועט זיין אַ בליציג־טריאומפאַטאָרישער עראָבערונגס־מאַרש פאַרן נאַציזם — איז סוף־כל־סוף געוואָרען בעזיגט אין אַ לאַנג־אויסגעפּייניגטער מלחמה, וועלכע האָט זיך פערצויגען דורך קאַרגע זעקס יאָר, ביז די מלחמה־פראָנטען האָבען זיך טיף אַריינגעשניטען אין דייטשלאַנד גופא און זי צעשמעטערט אין חורבות. די נאַצישע מפלה איז געווען אַ פולשטענדיגע. „בעדינגונגסלאָזע קאַפּיטולאַציע" — אַזוי האָבען דיקטירט די אַליאירטע אַרמייען, און אַזוי איז עס אין יענעם מאָמענט געשעהען.

דער טאָג פון נצחון, דער „וויקטאָרי־דעי", איז געוואָרען געפייערט איבער דער גאַנצער וועלט. דאָס אידישע פאָלק אין די זיגערישע לענדער האָט אָבער דעם טאָג אויפגענומען מיט געמישטע געפיהלען.

פון איין זייט איז טאַקע געווען גרויס די שמחה, וואָס די גיפטיגע נאַצישע שלאַנג איז געוואָרען צוטרעטען און דערשטיקט אין איהר אייגענער נאָרע. בערלין, די רעזידענץ פון רשעות און רציחה, איז געלעגען אין אַש און שטויב. די רואינען פון דער אַמאָליגער נאַצישער רעזידענץ זיינען געוואָרען צופערטעלט, און איהרע פונאַנדערגעריסענע טיילען זענען געוואָרען צוטיילט צווישען די

זיגער — יעדער איינער האָט בעקומען אַ שטיק פון בערלין און האָט דאָרטען אויפגעהאָנגען זיין זיגערישען פאָהן. און פון אונטער די רואינען פון בערלין האָט דאָך נאָך אָפּגעהילכט דאָס לעצטע גסיסה־געשריי פון היטלער׳ן, דעם אבי אבות הטומאה: „דער נאַציזם געהט אונטער! דאָס אידענטום בעזיגט מיך! די זיגערישע אַרמייען פון מזרח און פון מערב, זענען אַלע די שליחים פון וועלט־אידענטום!"

פון דער אַנדערער זייט איז דווקא אין יענעם טאָג פון נצחון געוואָרען אויפגעהויבען די פאַרהאַנג פון גרויל און פערניכטונג. די גאַנצע בעפרייטע אייראָפּע האָט זיך אַרויסגעשיילט ווי איין גרויסער, אומענדליכער אידישער בית־עלמין. די אידען זענען כמעט פערשוואונדען פון דער אייראָפּעאישער לאַנד־שאַפט. איינצעלנע, צופעליג־אָפּגעשוינטע אידען, ווי נישט־דערברענטע האָלע־וועשקעס פון דער אימה׳דיגער שריפה, האָבען זיך אָפּגעזוכט דאָ און דאָרטען. די איינצעלנע שרידים, די איינזאַמע יתומים פון אייראָפּעאישען אידענטום, האָבען זיך גלייך גענומען טוליען איינער צום צווייטען — די „שארית הפליטה" האָט זיך צוזאַמענגענומען. און מצד דער דאָזיגער שארית הפליטה האָבען זיך שנעל דערטראָגען טיף־דערשיטערענדיגע הילפס־רופען:

„ראַטעוועט אונז! מיר זענען נאַקעט און בלויז! קראַנקע און פערפייניגטע זענען מיר! אונזערע הערצער זענען פערשטיינערט און אונזערע נשמות זענען פערפרוירען! מיר ווילען זיך פרעהען, מיר ווילען טאַנצען צום נצחון־מאַרש, נאָר עס סטייעט אונז נישט קיין כוח! דערלאַנגט אונז אַ ברידערליכע האַנד, גיט אונז אַן אָנלעהן! העלפט אויפשטעלען צוריק אונזער אידיש לעבען, העלפט אונז ווידער־אויפלעבען אונזער אידישקייט!"

## די ערשטע תחית־המתים־מעלדונגען פון די לאַגערן

דער „ועד הצלה" אין אַמעריקע, וואָס האָט אויך אין דער גאַנצער צייט פון דער מלחמה געהאַט זיינען פערבינדונגען מיט געוויסע אונטערערדישע קוועלען, איז געווען פון די ערשטע אַדרעסען, צו וועמען עס זענען דערגאַנגען די נאָך־מלחמה׳דיגע הילפס־רופען. די סאַמע ערשטע אינפאָרמאַציעס איבער דעם צושטאַנד אין די פּליטים־לאַגען זענען אָנגעקומען דורך דער פערמיטלונג פון דער פערטרעטונג פון „ועד הצלה" אין דער שווייץ.

דעם 26 מאַי 1945 איז דערגאַנגען קיין ניו יאָרק די פאָלגענדע דעפּעשע:

— „אָקאָרשט בעקומען מעלדונגען פון אָרטאָדאָקסישע עסקנים אין בור־כענוואַלד און מאַטהאַוזען. — זיי בעטען נאַרהאַפטע בעשפּייזונג, ספּעציעל צוקער, קעז, סאַרדינען און כשר׳ע קאָנסערוועו. — מיר האָבען שוין געקויפט גרעסערע טראַנספּאָרטען, וואָס זענען גרייט צום אַרויסשיקען דורך דעם „אינטערנאַציאָנאַלען

רויטן קרייץ״. — עס איז אונמעגליך דאָ צו בעקומען אַן ערלויבעניש צו בעזוכען די בעפרייטע לאַגערן, און צו קאָנטראָלירען די טראַנספּאָרטען. — מיר פערלאַנגען דרינגענד צו גאַראַנטירען אַזעלכע ערלויבענישען, אַנדערש קענען מיר נישט טראָגען די פעראַנטוואָרטליכקייט. — דאָס זעלבע איז נוגע די לאַגען, בעפרייטע דורך די רוסען, אין דייטשלאַנד, שלעזיען, בעהמען, פוילען״.
(געצייכענט)

## שטערנבוך

אַביסעל שפּעטער, דעם 24 יולי 1945, איז געוואָרען דערהאַלטען דורכ׳ן „ועד הצלה״ אַ ראַפּאָרט, וואָס שייך דעם גייסטיגען מצב פון דער שארית הפליטה:

„נאָר־וואָס בעקומען אַ טעלעגראַמע פון בראַטיסלאַווא, וואָס לויטעט: עס איז געוואָרען אָרגאַניזירט אַ חיזוק־הדת־קאָמיטעט אונטער דער אָנפיהרונג פון זלמן וועבער, מאַקס ווייס און רפאל בלום פון קאָשיצע. — ערוואַרטען דרינגענדע פאָנדען אָנצוהויבען די טעטיגקייט. — מיר מוזען פאַר אַלע קהילות אַנגאַזשירען שוחטים, מלמדים, רבנים און אויך צוריקבויען מקוואות און אַלע אַנדערע רעליגיעזע אנשטאַלטען. — אָהן אייער הילף איז דער רעליגיעזער ווידער־אויפבוי אונמעגליך. — ערוואַרטען פון אייך 100.000 פראַנק. — אגודה־קאָמיטעט געוואָרען אָרגאַניזירט אונטער דער לייטונג פון אַלעקסאַנדער האָלענדער און אָסקאַר רייכנער צו שאַפען יתומים־הייזער און יוגענד־היימען. — נויטיג זאָפאָרט צו גרינדען אַ היים פאַר 50 קינדער, וועלכע געפינען זיך ביי „נכרים״ נעבען בראַטיסלאַווא, ווי אויך 4 היימען פאַר מיידלעך, וועלכע קומען צוריק פון קאָנצענטראַציע־לאַגערן און האָבען נישט קיין עלטערן. — עס זענען אויך נויטיג ישיבה־היימען אין קאָשיצע און בראַטיסלאַווא. — אונזער פּראָגראַם איז צו זאַרגען פאַר טויזענט יונגלעך און מיידלעך. — דערויף איז נויטיג די סומע פון צוויי הונדערט טויזענט פראַנק. — ראַטזאַם צו שיקען געלט נאָר דורך שווייץ״.

(געצייכענט)

## שטערנבוך

דעם 1־טען אויגוסט 1945 איז אָנגעקומען פון לוצערן אַ טעלעגראַם פון פון אַ מעהר אַלאַרמיסטישען אינהאַלט, דאָס מאָל געצייכענט פון ד״ר יעקב גריפעל:

„פרוי שטערנבוך און יעקב גריפעל זענען צוריקגעקומען נאָך אַ וויזיט אין פערשידענע לאַגערן אין דייטשלאַנד. — אַלע פיהלען זיך דאָרטען ענטוישט פון דער סיטואַציע און פון דער נישט־גענוגענדער בעשפּייזונג און בעקליידונג. — בעקלאָגען זיך, וואָס עס זענען נישטאָ קיין פאָרשטעהער פון די אידישע

אָרגאַניזאַציעס, איינשליסענדיג דעם דזשאָינט. — איבער אַלעם פערלאַנגען זיי עליה קיין ארץ־ישראל. — בלויז ווייניגע האָבען זיך דעצידירט אויף רעפּאַט־ריאַציע, צווייפלענדיג אין די עליה־מעגליכקייטען. — יעדער איינער בעקלאָגט זיך אויף דעם לאַגער־לעבען נאָך דער בעפרייאונג. — די פאָרשטעהער פון דער „אידישער בריגאַדע" זענען זעהר אַקטיוו, איבערפיהרענדיג דערוואַקסענע און קינדער קיין איטאַליע. — העכסט נויטווענדיג צו שאַפען זאַמעל־פּונקטען פאַר רעליגיעזע פּליטים אין איטאַליע. — דערווייל אַרבייטען מיר פאַר אַ קינדער־טראַנספּאָרט קיין פראַנקרייך. — פרוי שטערנבוך איז געפאָהרען קיין פראַנקרייך. — די מיטאַרבעט פון די אַמעריקאַנישע מיליטערישע אינסטאַנצען איז גאַראַנטירט".

(געצייכענט)

## גריפעל

צו דער דאָזיגער צייט האָט דער „ועד הצלה" געוואונען אַ נייע פערבינדונגס־ליניע מיט דער שארית הפליטה, דורך דער פערמיטלונג פון דעם אַזוי־גערופענעם „טשיף־ראַביס קאונסיל" אין לאָנדאָן. דאָס איז געווען אַ העכסט־ווערטפולע רעטונגס־אינסטיטוציע, וואָס האָט פיל געלייסטעט אין גאַנג פון דער מלחמה, און האָט זיך ספּעציעל אויסגעצייכענט אין נאָך־מלחמה־פעריאָד. בראש פון דאָזיגען הצלה־קאָמיטעט איז די גאַנצע צייט געשטאַנען הרב שלמה שענפעלד. אָט איז אַ בינטעל פון זיינע ראַפּאָרטען צום „ועד הצלה".

דעם 20־טען יולי 1945 האָט הרב שענפעלד געמאָלדען פון לאָנדאָן:

„שטיצענדיג זיך אויף אייער טעלעגראַם פון 15־טען יוני, מיטן צוזאָג פון 24.000 דאָלאַר, האָבען מיט געקויפט הונדערט טאָן בעשפייזונג און מעדי־קאַמענטען פאַר די בעפרייטע לאַגערן. — אַ טייל איז דורך זיי שוין געוואָרען דערהאַלטען און ווייטערע טראַנספּאָרטען זענען אין וועג. — ביטע טעלעגראַפיש איבערצוואַייזען געלט־פאָנדען. — טעלעגראַפירט וועגען ראַטעווען קיין ענג־לאַנד די קינדער וואָס געפינען זיך אין נישט־אידישע אַנשטאַלטען".

(געצייכענט)

## טשיף־ראַביי׳ס קאונסיל

צו דער דאָזיגער טעלעגראַמע פון טשיף־ראַביי׳ס קאונסיל אין לאָנדאָן, איז וויכטיג צוצוגעבען, אַז צוגליך מיטן טראַנספּאָרט פון דער „ערשטער הילף" אין די לאַגערן אַריין אין דער פאָרם פון ספּעציעל־נאַרהאַפטע שפּייזען און מע־דיקאַמענטען, איז געשיקט געוואָרען אַהין די ערשטע גייסטיגע הילף — אין דער פאָרם פון די סאַמע נויטווענדיגסטע רעליגיעזע הצטרכות׳ן, ווי סידורים, תפילין, טליתים, ציצית, מזוזות, חלפים וכדומה.

אין אַ באריכט פון „ועד הצלה", דאַטירט אויגוסט 1945, ווערט דער־צעהלט וועגן די „וואַנדערענדע שוהלען" („סינאַגאָג־אַמבולאַנסען"), וואָס זענען געוואָרען געשיקט דורכן אַמעריקאַנישען „ועד הצלה", דורך דער פערמיטלונג פון טשיף־ראַביי׳ס קאונסיל אין לאָנדאָן:

— „דער „ועד הצלה" האָט ביז־איצט שוין בעזאָרגט 5 אַזעלכע איינ־הייטען (שוהל־אַמבולאַנסען), פאַרן פרייז פון 40 טויזענד דאָלאַר. יעדער איינציגער שוהל־אַמבולאַנס איז געווען פערזעהן מיט פאָלגענדע אַרטיקלען:

טויזענד פושקעס מיט כשר עסען.
אינסטרומענטען פון ערשטער הילף.
שפּיטאָל־בעטלעך און טראָג־בעטלעך.
בעהייצונגס־אַפּאַראַטען.
אַ מיקראָפאָן און ראַדיאָ.
העברעאישע און ענגלישע שרייב־מאַשינען.

דערצו זענען נאַטירליך צוגעקומען אַלע רעליגיעזע הצטרכות׳ן ווי סידורים, טליתים, תפילין, ציצית, מוהל־קאָמפּלעטען וכדומה.

יעדער „שוהל־אַמבולאַנס" איז געוואָרען בעגלייט דורך אַ רב, אַ דאָקטאָר, איינינע קראַנקען־שוועסטער, סאָציאַלע אַרבעטער ווי אויך דורך אַ צאָהל פון אידישע סקויטען, וועלכע האָבען געדינט אַלס פרייוויליגע פערבינדונגס־שליחים".

דעם טשיף־ראַביי׳ס קאונסיל האָט אָנגעהאַלטען אַ כסדר׳דיגען קאָנטאַקט מיטן „ועד הצלה". דעם 27־טען יולי 1945 איז געוואָרען טעלעגראַפירט צום „ועד הצלה":

„דערהאַלטען די פאָלגענדע מעלדונג פון בולגאַריע: פון די 4 סינאַגאָגעס אין סאָפיע איז איינע געוואָרען פערברענט, איינע, די צענטראַלע, כמעט גענצליך צושטערט, און די איבעריגע זענען בעשעדיגט. — אויף דער פּראָווינץ זענען חרוב געוואָרען זיבען שוהלען. — אויף צוריקשטעלען אַלע שוהלען נויטיג הונדערט מיליאָן רעוואַס אָדער הונדערט טויזענט פונט. — ביטע שיקט אונז גלייך פינף טויזענט פונט פאַרן דאָזיגען צוועק. — אַזאַ סומע שיקט אויך פאַר דער קהילה אין בודאַפּעסט, ווי עס פערלאַנגט דרינגענד פּרווידינגער".

דעם 13־טען אויגוסט 1945 האָט דעם טשיף־ראַביי׳ס קאונסיל ווידער געמאָלדען צום „ועד הצלה":

„דערהאַלטען אייער טעלעגראַם וועגען די רעליגיעזע הצטרכות׳ן פאַר די ישיבה־בחורים אין בערגען־בעלזען. — אַ טראַנספּאָרט פון 5 טאָן מיט אַלע סאָרטען פון רעליגיעזע אַרטיקלען אַרויסגעשיקט דעם 24־טען יולי דירעקט קיין בעלזען. — זינט דעמאָלט אַרויסגעשיקט הונדערטער פּאַקעטען. — מיר פּעררופען זיך אויף אונזער טעלעגראַם וועגען ווייטערדיגער הילף און בעטען

אייער צושטימונג. — טעלעגראַפירט זאָפאָרט. — מיר מאַכען אַראַנזשירונגען צוצושטעלען „ארבעה מינים“, און אַלע אייראָפּעאישע לענדער זענען אָפּהענגיג פון אַזעלכע צושטעלונגען. — טעלעגראַפירט וואָסערע סומע איהר ווילט געבען דערויף. — מיר קויפען 1500 קאָמפּלעטען“.

(געצייכענט)

## „טשיף־ראַביי׳ס קאונסיל“.

פון דעם דאָזיגען בינטעל טעלעגראַמעס איז צו לערנען: ערשטענס, אַז דער „ועד הצלה“ האָט זיך געאיילט איבערצושיקען פערשידענאַרטיגע הילף דורך אַלע מעגליכע וועגען, דורך שווייץ אָדער ענגלאַנד; און צווייטענס, אַז די „שארית הפליטה“ אין אַלע בעפרייטע לענדער פון אייראָפּע האָט צוגלייך פערלאַנגט גייסטיגע הילף, ווי מאַטעריעלע.

דער דאָזיגער מאָמענט וועגען דער גייסטיגער התעוררות, וואָס האָט אָפּט אָנגענומען דעם כאַראַקטער פון אַ רעליגיעזער אויפוואַכונג ביי דער „שארית הפליטה“, דאַרף ווערען ווי געהעריג בעלויכטען.

איינער פון די אַקטיווסטע הצלה־טוער, וועמען עס איז אויך בעשערט געווען גלייך צו קומען אין ענגסטען קאָנטאַקט מיט דער „שארית הפליטה“ — דר. יצחק לעווין, האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף דער דאָזיגער העכסט־מערקווירדיגער ערשיינונג:

„די אידען, וועלכע האָבען דורכגעמאַכט דאָס גיהינום אויף דער ערד, האָבען געזעהען דעם טויט אונצעהליגע מאָל פאַר זייערע אויגען, האָבען פערלוירען יעדען אָנהאַלט אין לעבען, האָבען דערשפירט פלוצלונג, אַז פון זייער גאַנצער פערגאַנגענהייט איז זיי נאָר געבליבען דאָס פינטעלע איד. די אונמענשליכע רדיפות און ליידען, וואָס זיי האָבען מיטגעמאַכט, זענען געווען געצילט געגען זיי נאָר צוליב דעם, וואָס זיי זענען אידען. די בעסטיאַליטעטען פון די נאַצים זענען זעהר אָפט געקומען צום אויסדרוק אין די ברוטאַלסטע מיס־האַנדלונגען פון אידישע רעליגיעזע הייליגטימער: ספרי תורה, טליתים, תפילין. אידען זענען פאַרן טויט געווען די קרבנות פון נידעריגסטער פעראומרייניגונג מצד די נאַצי־קאַניבאַלען; מען פלעגט זיי הייסען אָנטאָן טלית און תפילין, און די בעסטיעס האָבען זיך „משמח“ געווען דורך שיסען אין די תפילין אָדער דורך צוזאַמענבינדען די אידען מיט די רצועות און יאָגען זיי דאַן מיט נאַגייקעס. ווער קען דען אויסרעכענען די אַלע ווילדע שאַנד־טאַטען פון די דייטשע „קולטור־טרעגער“ איבער דער אידישער רעליגיע און די הילפלאָזע אידען?

„די אידען, וואָס זענען געבליבען לעבען, געדענקען דאָס. פילע פון די, וואָס געפינען זיך היינט אין די לאַגערן, זענען געווען עדות פון די שרעקליכע

געשעהענישען, און דאָס געדענקט זיך אייביג. צוזאַמען מיט דער גרעניצלאָזער שנאה און פעראַכטונג צו די פערפאָלגער, וועלכע האָט זיך אין אַזעלכע מאָמענטען ביי זיי אויסגעבילדעט, איז גלייכצייטיג ענטשטאַנען נאָך אַ געפיהל, וואָס שלומערט טיילמאָל ביי זיי אין אונטער־בעוואוסטזיין: די ליבשאַפט און פערעהרונג פאַר יענע ווערטען, וועלכע דער שונא האָט אַזוי ברוטאַל פערגוואַלדיגט. דאָס איז אַ נאַטירליכע רעאַקציע. „אויב די נאַצי־בעסטיע האָט אַזוי פערפאָלגט די אידישע רעליגיע, דאַן איז זי דאָך אונזער גרעסטער אוצר, דאַן מוז מען זי דווקא היטען" — אָט, וואָס עס דערהערט אָפט ביי זיך אַ אידישער לאַגעריסט, ווי אַ געבאָט פון אייגענעם געוויסען. און דאָס לאָזט איהם נישט רוהען.

„אפילו יענע, וואָס זענען פאַר דער מלחמה נישט געווען פרום, האָבען דערשפירט ביי זיך עפּעס אַ פּסיכישען איבערברוך. דאָס ליכט פון אידישקייט האָט אויפגעשיינט פאַר פילע, וועלכע האָבען ביז דאַן געוואַנדערט אין דער פינסטערניש.

„און בעיקר דער שבת. דער שבת אין די לאַגערן האָט אַן אויסערגעוועהנליכע קדושה. מען טאַפּט איהם אָן אין די גאַסען. מען שפּירט איהם אין דער לופט. אין די לאַגערן האָב איך געאָטעמט שבת עפּעס מיט אַ בעזונדערן גייסט, אין וועלכען עס האָט זיך ענטפּלעקט די אַלטע אידישע אצילות, וואָס איז געריינגט און געלייטערט געוואָרען דורכן בייזשפּיללאָזען מאַרטירערטום פון די לאַגער־אידען"[1].

דער דאָזיגער דראַנג צו אידישקייט האָט דערפאַר געלעגט בעזונדער־ערנסטע פליכטען אויפן „ועד הצלה". עס וועט נישט זיין קיין גוזמא צו זאָגען, אַז דער בעדאַרף האָט דאָ ווייט איבערגעשטיגען דעם אָנבאָט. וויפיעל די אגודת הרבנים אין אַמעריקע מיטן „ועד הצלה" זאָלען נישט האָבען געהאַט פון פריהער אויספּלאַנירט דעם פערנעהם פון דער רעליגיעז־גייסטיגער פערזאָרגונג פאַר דער שארית הפליטה — זענען די פאָדערונגען און בעדערפענישען געווען פיעל גרעסערע. מעהרסטענטייל איז טאַקי די איניציאַטיוו געקומען פון דער שארית הפליטה גופא. זיי אַליין האָבען געמאָהנט כשר'ע קיכען און מקוואות, ישיבות און תלמוד־תורה'ס, ספרים און תשמישי דקדושה, רעליגיעזע פאַך־שולען און הכשרה־קיבוצים וכדומה.

דערפאַר איז עס פערשטענדליך הלמאי די לעבעדיגע בריק, וואָס איז דורך די שליחים פון „ועד הצלה" איינגעשטעלט געוואָרען מיט דער שארית הפליטה, האָט געדינט אַלס קוואַל פון דערמוטיגונג פאַרביידע צדדים צוגלייך. די פרומע אידען אין די פּליטים־לאַגערן זענען טאַקע געווען די נויטבעדערפטיגע,

---

1) „נאָכן חורבן", ז' 138 און ווייטער.

אָבער פון זייער קוואַל פון רעליגיעזער התלהבות האָבען געהאַט צו שעפּען אַלע רעליגיעזע עסקנים און מנהיגים, וועלכע זענען זיי געקומען בעזוכען.

## ד״ר שמידט — דער ערשטער שליח פון אגודת הרבנים קומט־אָן אין אָקופּירטען דייטשלאַנד.

דער ערשטער שליח, וועלכער האָט איינגעשטעלט די ערשטע פערבינדונג צווישען אָרטאָדאָקסישען אידענטום אין אַמעריקע און די אידען אין די פּליטים־לאַגערן, איז ווידעראמאָל געווען ד״ר שמואל שמידט פון סינסינעטי — דער זעלבער שליח, וועמען הרב סילווער האָט נאָך אין אָנהויב פון דער מלחמה געוואונען פאַר דער ריזיקאַלישער שליחות קיין ווילנע.

דאָס מאָל איז ד״ר שמידט געפאָהרען קיין אייראָפּע אין דער אָפיציעלער מיסיע פון דער אגודת הרבנים אין אַמעריקע. עס איז ליידער אַזוי געשעהען, אַז אין ערשטען פעריאָד פון דער נאָך־מלחמה־הילף האָט דער „ועד הצלה״ געפיהרט זיינע בעזונדערע אַקציעס און די אגודת הרבנים האָט געהאַנדעלט בעזונדער, אויף איהר אייגענער אחריות. ד״ר שמידט, אַלס פערטרויאונגס־מאַן פון הרב סילווער, האָט אָנגענומען דעם אָנבאָט צו פאָהרען אין דער בעפרייטער אייראָפּע, און איהם איז עס אויך געלונגען אָנצוקומען צו דער שארית הפליטה אַלס דער ערשטער אָרטאָדאָקסישער שליח פון אַמעריקע.

ד״ר שמידט האָט זיין דאָזיגע רייזע און זיינע דורכגעפיהרטע לייסטונגען פאָרגעשטעלט אין אַ קורץ־געפאַסטער פאָרם:

— צוויי חדשים האָט מיין רייזע גענומען. דערפון האָב איך העכער אַ חודש צייט פערברענגט אין דער אָקופּירטער דייטשלאַנד, און די איבעריגע צייט אין פראַנקרייך און ענגלאַנד. צום ערשט בין איך געפאָהרען קיין לאָנדאָן, און דאָרט קוים אַרויסבעקומען אַ „פּערמיט״ (אַ מיליטערישע וויזע) קיין פּאַריז. אייראָפּע איז געווען האַלב־חרוב, אין לאָנדאָן איז נישט געווען צו בעקומען קיין האָטעל. אַלץ איז געווען מיליטעריש אָקופּירט. אין פּאַריז איז נישט געווען קיין „מעטראָ״, און קיין האָטעל איז נישט געווען. דער בעקאַנטער אָרטאָדאָקסישער טהוער, מ׳סיע מאַטיע מילער, האָט קוים פאַר מיר געשאַפען אַ האָטעל־צימער.

— איך האָב זיך גענומען אַרומקוקען וועגען אַן ערלויבעניש צו פאָהרען קיין דייטשלאַנד. איך האָב געהאַט אַ רעקאָמענדאַציע־בריעף צום גענעראַל אייזענהאַוער פון זיינעם אַ גאָר־נאָהנטען אידישען פריינד, אַלעקס פריעדער, אַ ציגאַר־פאַבריקאַנט אין סינסינעטי. מיטן דאָזיגען בריעף בין איך פערפאָהרען

ביז פראַנקפורט. אַלס דעלעגאַט פון דער אַמעריקאַנישער „אגודת הרבנים״ האָט מיר דער מיליטערישער קאָנטראָל־פּאָסטען אין פראַנפורט גערעכנט אַנ־צוטאָן אַ מיליטערישען אוניפאָרם, און אַזוי בין איך אַרויס אין גאַס זוכען דעם ערשטען איד.

— דער ערשטער איד, וועלכען איך האָב געוואַגט אָפּצושטעלען אין גאַס, האָט געטראָגען אויפן אָרעם אַ לענטע מיט דער אויפשריפט: „בוכענוואַלד״. אַ דאַנק איהם בין איך געקומען אין בעריהרונג מיט אַ גאַנצער פּאַרטיע פון בוכענוואַלדער בעפרייטע, וועלכע האָבען צייטווייליג געוואוינט אין רעקוויזירטען האָטעל „קייזערהאָף״. איך בין געקומען אויף אַ צוזאַמענטרעף מיטן קאָמיטעט פון די בוכענוואַלדער בעפרייטע און צו מיין פריידיגער איבערראַשונג דערזעהען איינעם פון זיי אין אַ יאַרמעלקע. „מיין נאָמען איז לייבל פינקוסעוויטש, איך בין אַ וואַרשאָווער, אַ גערער חסיד״ — אַזוי האָט ער זיך פאָרגעשטעלט. פון דער דאָזיגער בעגעגעניש איז געבוירען געוואָרען דער ערשטער „רעליגיעזער קאָמיטעט״ ביי די בוכענוואַלדער, טאַקי מיט לייבל פינקוסעוויטש בראש. שפּעטער האָב איך דאָס געהאַלטען פאַר מיין סאַמע וויכטיגסטע און צוועקמעסיגסטע אַרבייט — צו שאַפען „רעליגיעזע קאָמיטעטען״ אין די פליטים־לאַגערן. אַזוי איז עס דערנאָך געווען אין ציילסהיים, אין פעלדאַפינג אא״וו.

— אין מינכען האָב איך צו מיין אָנגענעמער איבערראַשונג בעגעגענט הרב אבא סניעג, וועמען איך האָב נאָך געקענט פון קאָוונע, פון מיין בעזוך דאָרט אין יאָהר 1940. דעמאָלט איז ער געווען דער הויפט־ראַבינער פון דער ליטווישער אַרמיי. איצטער איז פון איהם פערבליבען בלויז אַ שאָטען, — אָבער זיין ענערגיע און רעליגיעזער ברען זענען געווען גאָר גוואַלדיג. הרב סניעג איז שפּעטער געוואָרען דער הויפט־רב פון דער שארית הפליטה. צוזאַמען מיט הרב סניעג האָב איך אויסגעאַרבייט דעם טעטיגקייטס־פּראָגראַם פאַר די רעליגיעזע קאָמיטעטען: 1) כשרות. 2) מקוואות. 3) שוהלען מיט אַנדערע רעליגיעזע הצטרכות׳ן. 4) ערציהונג. עס איז דאַן אויך געוואָרען אָנגעצייכענט דער פּלאַן פאַר אַ „צענטראַלען רעליגיעזען קאָמיטעט״.

— צום גענעראַל אייזענהאַוער, דער שטאַב־שעף פון די אַליאירטע אַר־מייען, בין איך אָבער אַלץ נישט אָנגעקומען. ער איז געווען פעררייזט, און עס האָט מיך אויפגענומען זיינער אַן אַדיוטאַנט, קאָלאָנעל ריטשאַרד. דער קאָ־לאָנעל האָט מיך געפרעגט, צי איך האָב עפּעס אַ ספּעציעלען פערזענליכען וואונש צום גענעראַל אייזענהאַוער. „יאָ״, האָב איך געענטפערט. און גלייך האָב איך איהם אויפגעקלעהרט מיין וואונש, וואָס האָט אין זיינע אויערען געמוזט קלינגען גאַנץ אויסטערליש. איך האָב איהם גלייך דערצעהלט, אַז עס רוקט־אָן סוכות און די אידען אין די לאַגערן פון די „די־פּיס״ פערלאַנגען אתרוגים מיט לולבים, און דאָס איז פאַר זיי איצט וויכטיגער ווי שפּייז און קליידער.

— „און פון וואַנען ווילט איהר ברענגען די דאָזיגע אתרוגים און לולבים?" — האָט דער קאָלאָנעל מיך געפּרעגט אַ דערשטוינטער. — איך האָב איהם געענטפערט, אַז בלויז פון ארץ־ישראל איז דאָס מעגליך צו בע־זאָרגען. פון ירושלים קען מען מיט אַן עראָפּלאַן שיקען קיין לאָנדאָן, און פון לאָנדאָן ברענגען אַהער. איך פון מיין זייט האָב צוגעגעבען, אַז איך וועל טע־לעגראַפיש בעטען די הילף פון הרב הראשי הערצאָג אין ירושלים, ווי אויך פון מר. גודמאַן אין לאָנדאָן. בקיצור, גענעראַל אייזענהאַוער׳ס אַדיוטאַנט האָט מיך רעקאָמענדירט צום גענעראַל מייקעלסאָן און אַ ספּעציעלער מיליטערישער עראָפּלאַן איז טאַקע געשיקט געוואָרען קיין לאָנדאָן, צו ברענגען דעם טראַנס־פּאָרט פון די „ארבעה מינים" [2]).

וויל מען האָבען אַ בעגריף פון ד"ר שמידט׳ס העכסט־דראַמאַטישע איבער־לעבענישען בעת יענע צוזאַמענטרעפען מיט די אויסגעפּייניגטע שרידים, די גייס־טיגע אידישע גבורים — איז כדאי אַריינצוקוקען אין זיינע פּריוואַטע בריעף פון יענער רייזע. די בריעף זענען געשריבען אין ענגליש אין נוסח פון אַ טאָג־בוך, און זענען אויפגעהיטען אין אַמעריקאַנישען אידישען אַרכיוו אין סינסינעטי.

דער ערשטער בריעף דאַטירט פון 15־טען אויגוסט 1945, איז געוואָרען אַרויסגעשיקט פון פראַנקפורט אַם־מיין:

„איך האָב אָנגעהויבען שרייבען דעם דאָזיגען בריעף באַלד אין דער פרי, און פערענדיג אים שפּעט ביינאַכט. דערווייל האָב איך בעזוכט פראַנקפורט. נעכטען נאָכמיטאָג, נאָכדעם ווי איך האָב פערלאָזט די הויפּט־קוואַרטיר פון דער אַמעריקאַנער אַרמיי, האָב איך פלוצים אָנגעטראָפען אַ געראַטעוועטען פון בו־כענוואַלד. ער האָט מיך גלייך גענומען ווייזען זייער לאַגער — דעם לאַגער פון די בוכענוואַלדער געראַטעוועטע אידען אין פראַנקפורט אַ. מ. איך האָב אים געפרעגט פאַרוואָס עפּעס אין פראַנקפורט? — זיין ענטפער איז געווען, אַז דער נאָמען פראַנקפורט איז זיי געווען בעקאַנט אַלס אַ פרום־אידישע שטאָט, האָבען זיי זיך געלאָזט אַהין. דער פאַקט איז, אַז פראַנקפורט איז נישט מער קיין אידישע שטאָט, און איז בכלל נישט קיין שטאָט אין אָנגענומענעם זי׳ן פון וואָרט. דריי פערטעל פון אירע הייזער זענען צושטערט און די אַמאָליגע אידישע קהילה צעהלט בערך 500 נפשות, שוין איינשליסענדיג די צוריק־געקומענע פון די לאַגערן... נעכטען ביינאַכט, האָב איך זיך צוזאַמענגעטראָפען מיט דעם קאָמיטעט פון די בוכענוואַלדער. זיי האָבען שוין געוואוסט, אַז מיין ספּעציעלע שליחות איז צו העלפען דער רעליגיעזער אויפלעבונג אין די לאַגערן; פערזאָרגען זיי מיט כשר־עסען, תפילין, טליתים וכדומה. דער ערשטער האָט

2) פון ד"ר שמידט׳ס פערזענליכען ראַפּאָרט.

געגומען דאָס וואָרט דער טשערמאַן פון קאָמיטעט הערשעל פייגענבוים. ער האָט מיך בעגריסט אַלס פאָרשטעהער פון דער אַמעריקאַנער אָרטאָדאָקסיע און האָט ערקלערט, אַז ס׳זענען שוין געווען ביי זיי אַמעריקאַנער דעלעגאַטען, וואָס האָבען צוגעזאָגט פערשידענע זאַכען און ס׳איז דערפון גאָרנישט אַרויסגעקומען. אייניגע אַמעריקאַנער, ווי אַ שטייגער דער אידישער סאָלדאַט פיליפ טוליפּאַן, טהוען זייער אַ פיינע הילפס־אַרבעט. אָבער זיי ווילען ווייטער האַלטען די מענשען אין די לאַגערן, און דאָרטען רעגולירען זייער לעבען. איצט קום איך, דער פרישער שליח, און באָט זיי אָן טליתים, תפילין און כשר־עסען. זייער גערן ווילען זיי געניסען כשר־עסען, אָבער זייער פראַגע איז, ווי אַזוי זיי אַרויסצונעמען פון די דאָזיגע ערטער, וואו זיי האָבען איבערגעלעבט אַזעלכע גרויליגע יאָהרען? 4 חדשים, נאָכדעם ווי זיי זענען בעפרייט געוואָרען פון דער געסטאַפּאָ, שיקען אַמעריקאַנער אידען אויסצוגעפינען וויפיעל פּאָר תפילין מען דאַרף, און וויפיעל טליתים. ברענגט אונז בעסער סערטיפיקאַטען קיין ארץ־ישראל און ראַטעוועט אונז אַרויס פון דער אַטמאָספערע פון לאַגער־לעבען! נעמט אונז קיין ארץ־ ישראל, און דערנאָך וועט איר אונז פרעגען, וויפיעל טליתים און תפילין מיר דאַרפען״... איך האָב זיך שטיל צוגעהערט צו די ווערטער, אָבער איך האָב אינסטינקטיוו געפילט זייער פּיין און ווייטאָג. איך אַליין בין געווען פערצווייפעלט וועגען זייער לאַגע... אין זעלבען מאָמענט האָב איך געפיהלט, אַז ס׳האָט עפּעס אין מיר אַ טשוכע געטאָן, און ס׳איז מיר געוואָרען ענג און כ׳האָב פערלוירען די קאָנטראָל איבער מיינע געפיהלען... איך בין אויסגעבראָכען אין אַ היסטעריש געוויין, און עס האָט געדויערט אַ היפּשע ווײַלע, ביז וואַנען איך האָב זיך אַליין געקענט בעהערשען. איך מוז זאָגען, אַז דווקא דער אויסברוך פון געוויין, איז געווען פאַר מיר אַ גרויסע דערלייכטערונג... איך האָב זיי געענטפערט קורץ: כ׳האָב זיי געזאָגט, אַז איך וויל זיך אָנשטרענגען צו זעהען זיך אַליין אין זייער צושטאַנד, אויף וויפיעל עס איז מעגליך אַן אַמעריקאַנער זאַטען איד דאָס צו טאָן. איך האָב שיער פער־געסען צו דערציילען, צוליב וואָס אייגענטליך איז געקומען מיין צוזאַמענברוך. דאָס איז געשעהען, ווען ס׳האָט גענומען דאָס וואָרט דער פינפטער רעדנער לויט דער רייע; אַ יונגערמאַן פון אַ יאָר 30, אַ דאַרער מיט אַן איידעלען אויסזעהען, ער איז געזעסען אין אַ יאַרמעלקע און האָט די גאַנצע צייט גע־שוויגען, ביז דער פאָרזיצער פייגענבוים האָט פערלאַנגט פון אים עפּעס צו זאָגען. ער האָט אָנגעהויבען צו ריידען אין אַ צאַרטער און איינגעהאַלטענער שטים, פאָרזיכטיג געמאָסטען יעדעס וואָרט און מיך געבעטען איך זאָל נישט משפּט׳ן פאַלש די מענשען, וואָס האָבען גערעדט פאַר אים און וואָס האָבען מיך נישט אויפגענומען מיטן געהעריגען כבוד ווי אַ דעלעגאַט פון דער אגודת הרבנים אין אַמעריקע האָט דאָס פערדינט״.

„זיי פיהלען זיך נאַטירליך פערביטערט צוליב די אַלע ליידען אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן, אָבער איך בין זיכער, אַז איך דריק אויס די געפיהלען פון אונז אַלעמען, ווען איך זאָג אייך, אַז מיר זענען זייער גליקליך צו האָבען ביי זיך צום ערשטען מאָל אַ רעפּרעזענטאַנט פון אָרטאָדאָקסישען אידענטום אין אַמעריקע און איך בין זיכער, אַז מיר אַלע זענען נייגעריג צו הערען פון איהם אַ פּאָר ווערטער".

„איך גלויב, אַז איר קענט בעסער אָפּשאַצען פון מיר, פאַרוואָס כ'האָב פערלוירען מיין קאָנטראָל, ווען דער דאָזיגער גרערער חסיד לייבל פינקוסעוויטש האָט פערענדיגט זיינע רירענדע ווערטער לכבוד מיר...

— „דער דאָזיגער בריעף האָט זיך פערצויגען פיל לענגער ווי כ'האָב געטראַכט. כ'האָב געוואָלט אַוועקשיקען דעם בריעף פרייטאָג און איצט איז שוין זונטאָג ביינאַכט. פרייטאָג־צו־נאַכטס בין איך אַוועק דאַווענען אין דער שוהל אויף פרידריך שטראַסע, אַ 20 מינוט וועג פון מיין האָטעל. פון דער שוהל בין איך אַוועק אין דעם צימערל פון לייבל פינקוסעוויטש, און דאָרט האָבען מיר געפּראַוועט אַ שבת'דיגע סעודה. זעקס זענען מיר דאָרטען געווען: לייבל פינקוסעוויטש, לייבל געליבטער, יודל הורוויץ, פרייוועט אברהמ'ל מאָנהייט, משה'לע און איך. עס איז געווען וויין פאַר אונז אַלע, קידוש צו מאַכען. דער וויין איז געוואָרען פאַבריצירט פון ראָזשינקעס, וואָס דער סאָלדאַט מאָנהייט האָט מיט עטליכע וואָכען צוריק געגעבען פינקוסעוויטשען. ער האָט אויך גע־ברענגט עטליכע פּושקעס געפיהלטע פיש און צוויי פּושקעס כשר פלייש. עס איז געווען אַן אמת'דיגע שבת'דיגע סעודה, אַזוי ברוחניות ווי בגשמיות. מיר האָבען געזונגען זמירות און פערבראַכט צוזאַמען דעם גאַנצען אָוונט. דער פרייוועט מאָנהייט איז אַ מיטגליד פון דער „צעירי אגודת ישראל" אין ברוקלין. משה'לע איז אַלט 17 יאָהר אָבער קוקט מער נישט אויס ווי אויף 13 יאָהר. ער געפינט זיך אין פולדא, נישט ווייט פון פראַנקפורט. זיין משפחה שטאַמט פון פוילען. איצט איז ער געבליבען איינער אַליין. בלויז זיין זיידע איז גע־בליבען לעבען אין לאָנדאָן. פינקוסעוויטש, געליבטער, הורוויץ און משה'לע האָבען זיך געהאַלטען צוזאַמען אין בוכענוואַלד, און זייער אחדות האָט געשטאַמט פון דער בשותפות'דיגער פרומקייט און איצט אַלס „די־פּיס" האַלטען זיי זיך ווייטער צוזאַמען" [3]).

אין ד"ר שמידט'ס אַ ווייטערדיגען בריעף, דאַטירט פון 10־טען סעפּ־טעמבער 1945 פון פעלדאַפינג, איז געשריבען:

„איך בין צוריקגעקומען פון פראַנקפורט דעם לעצטען דינסטאָג און דאָ־נערשטאָג פריה האָב איך זיך געלאָזט קיין מינכען. עס איז געווען אַ רייזע

3) לויט'ן בריעף נומער 7, אין ענגלישען אָריגינאַל, פון סינסינעטי־אַרכיוו.

פון אַ גאַנצען טאָג, ביז וואַנען איך בין אין אָווענד אָנגעקומען אין סט. אָטיליען און דאָרט איבערגענעכטיגט, כדי צו בעוויזען צו פערברענגען ראש־השנה אין גרעסטען לאַגער פון דער אַמעריקאַנער זאָנע. איך האָב מיטגעברענגט מיט זיך אייניגע שופרות, ווי אויך געלד. דאָס איז געווען די ערשטע דירעקטע הילף, וואָס איז געבראַכט געוואָרען צו אָרטאָדאָקסישע אידען. דער פאַקט איז געווען, אַז איך האָב געגעבען אַביסעל געלד דעם טשעפּלעין קלויזנער, וועלכער האָט אָנגעפיהרט מיט דעם אַלגעמיינעם הילפס־ווערק פאַר פּליטים אין בייערען. און דאָס איז פּאַקטיש געווען די ערשטע סומע, וואָס ער האָט בעקומען פון אַן אַמעריקאַנער אידישער אָרגאַניזאַציע... געלויבט השי״ת, אַז כ׳הויב אָן צו מאַכען געוויסען פאָרשריטביים אָרגאַניזירען דאָס רעליגיעזע לעבען אין די לאַגערן. אין פראַנקפורט הויבט דער לאַגער אָן צו פונקציאָנירען צופרידענ־שטעלענד, און אַזוי שנעל ווי איך וועל זיי פערזיכערען אַ שוחט, וועט די לאַגער־קיך ווערען גע׳כשר׳ט און דער גאַנצער לאַגער וועט האָבען כשר עסען. ביים איצטיגען מאָמענט איז בלויז דאָ איין כשר׳ער קעסעל אויף צוצוגרייטען שפּייז פאַר די יעניגע, וואָס ווילען עסען כשר און זאָגען, אַז זיי זענען גרייט צו רעזיגנירען פון פלייש. דאָס זעלבע וועט אויך ווערען אַראַנזשירט אין פעל־דאַפינג, וואו עס געפינען זיך בערך 6000 אידען אין פערגלייך מיט די 600 אין פראַנקפורט. אַ קליינע כשר׳ע קיך איז דאָ געוואָרען אויסגעפּערטיגט ערב ראש השנה, און אין צוויי וואָכען אַרום וועט דער גאַנצער לאַגער האָבען אַ כשר׳ן „מעניו״...[4]).

אין דעם לעצטען בריעף פון דער רייזע, געשריבען אויפן וועג אַהיים, אויף דער שיף „אַלעקסאַנדער״ דעם 5־טען אָקטאָבער 1945, ווערען איבערגעגעבען די איבערלעבענישען פון ד״ר שמידט אין פראַנקרייך:

„איך בין אָנגעקומען קיין פּאַריז דאָנערשטאָג דעם 20־טען סעפּטעמבער. פרייטאָג אין דער פריה בין איך אַוועק צו די מילער׳ס אָפּצונעמען די פּאָסט און טעלעגראַמעס. ביי די מילער׳ס האָב איך געטראָפען מר. גאָטדינער, וועלכער האָט מיר פאָרגעשלאָגען, אַז איך זאָל אים בעגלייטען קיין אַמבלאָ, וואָס געפינט זיך 15 מייל פון פּאַריז, און דאָרטען איז פאַראַן אַ גרופּע פון 20 יונגע מענשען, געראַטעוועטע פון בוכענוואַלד. איך האָב שוין געהערט געהאַט וועגען דער דאָזיגער גרופּע און וועגען זייער קאַמף צו בעקומען כשר עסען. זיי זענען געווען אַ טייל פון די 500 קאַצעטניקעס, וועלכע זענען געוואָרען געבראַכט פון בוכענוואַלד קיין פּאַריז דעם לעצטען מאַי, און דאַן האָבען זיי ערקלערט אַ הונגער־סטרייק און נישט געוואָלט עסען קיין טרפות, וואָס מ׳האָט זיי דערלאַנגט. די געזעלשאַפט „אָזע״ אין פּאַריז, וואָס האָט געהאַט דעם קאָנטראָל אויף דער

4) לויט׳ן בריף נומער 9 אין דער זעלבער קוועלע.

דאָזיגער גרופּע, האָט זיי געמוזט נאָכגעבען זייער דאָזיגען פּערלאַנג און האָט זיי שפּעטער קאָנצענטרירט זײַן אַ סעפּאַראַטער גרופּע אין דעם פּאַלוואַרק אַמבלאַ, אין דער פּראָווינץ ווענדאָם. איך האָב גלייך אָנגענומען מר. גאָטדינער׳ס איינ־לאַדונג. בעוואָפּענט מיט אתרוגים און לולבים האָב איך זיך געלאָזען קיין אַמבלאַ. מיר זענען אַרויסגעפאָהרען 11 אַזייגער און אָנגעקומען דאָרטען 5 נאָכמיטאָג.

„מיין פּערבערענגען די ערשטע טעג סוכות אין אַמבלאַ האָט געהערט צו די גליקליכסטע מאָמענטען פון מיין רייזע. אַ דאַנק מר. גאָטדינער און זיין אויטאָמאָביל האָב איך געהאַט די געלעגענהייט צו זעהען די דאָזיגע יונגע מענשען, וועלכע זענען דורכגעגאַנגען דעם גיהינום און זענען אַרויסגעקומען גייסטיג געשטאַרקט. דאָס יונגוואַרג האָט זיך ווירקליך געפיהלט גליקליך פון די אתרוגים. זיי האָבען אויפגעשטעלט אַ גרויסע סוכה אַריינצונעמען 95 מענשען, איינשליסענדיג דעם פּערסאָנאַל, צווישען וועלכע עס איז אויך געווען אַ שוחט מיט זיין משפחה, דער קעלנער מיט צוויי קינדער ווי אויך צוויי יונגע פרויען פון „אָזע״. דער דורכשניטליכער עלטער זייערער איז, לויט מיין מיינונג, ביי 18 יאָר. ס׳איז אָבער אויך פאַראַן אַ יונגעל פון 7 יאָר און אייניגע עלטערע פון 22. די אָנפירער זענען דאָרט מרגליות און שיין, וועלכע זענען געקומען צוזאַמען מיט דער גרופּע פון בוכענוואַלד. פיעל פון דעם יונגוואַרג זענען געווען תלמידים פון אַמאָליגע ישיבות, איידער זיי זענען געוואָרען געבראַכט אין קאָנצענטראַציע־לאַגער. זיי ווילען זיך ווייטער ווידמען דאָס לערנען תורה, אָבער זיי האָבען נישט קיין ספרים. מר. גאָטדינער האָט זיי געברענגט איין משניות און אַ פּאָר חומשים, סידורים און מחזורים. דאָס אַלץ, וואָס זיי פערמאָגען. נאָך אַלע מיינע טעלעגראַמעס און בריעף וועגען שיקען ספרים, געפינען זיך נאָך אַלץ די דאָזיגע יונגעלייט שוין 5 חדשים אויפן אָרט, אָהן ספרים... צוויי טעג נאָך מיין צוריק־קומען קיין פּאַריז איז מיר געלונגען פּאַר זיי איינצושאַפען אַ צאָהל ספרים. דאָס איז געשעהען פּלוצלינג. בעת׳ן דאַווענען אין אַ שוהל אין פּאַריז האָב איך בעמערקט אַ יונגען מענש מיט זייער אַ שעהנעם סידור. איך האָב אים געפרעגט, פון וואַנען ער האָט גענומען דעם סידור, און ער האָט מיר געגעבען אַן אַדרעס אין פּאַריז, וואו ער האָט דעם סידור געקויפט. אַזוי האָב איך אויסגעפונען די קוועלע פון אַ ספרים־געשעפט אין פּאַריז, וואו כ׳האָב געפונען אַ פּאָר ש״ס׳ן, משניות׳ן, חומשים און נאָך פיעל וויכטיגע ספרים. די ספרים זענען נישט געווען אין אַזאַ גוטען באַנד, און זענען בכלל נישט געווען אין גוטען צושטאַנד, ווייל זיי זענען געווען פּערשטעקט אין אַ בעהעלטעניש בעת דער דייטשער אָקופּאַציע. איך האָב אָבגעקויפט אלע ספרים און עס איז זיך קוים פּאַרצושטעלען די שמחה פון דעם יונגוואַרג אין לאַגער אַמבלאַ, ווען זיי האָבען בעקומען דעם טראַנספּאָרט ספרים... איך בין געווען גרייט צו קושען יעדען איינעם פון די

קינדער. אַלע אָהן אויסנאַם זענען זיי וואונדערליך, פיין, האַרציג, פרום און מיט אַ געזונטער פּראָפּאָרציע פון יונגלערישער שטיפערישקייט... יעדער איינער איז אַ נס. יעדער איינער איז אַ ניצול־געוואָרענער פון גיהינום, און יעדער איינער פון זיי שפּינט וויטער דעם הייליגען פאָדים פון אידישקייט, טראָץ אַלע קרבנות״ [5]).

## די אויטאָריטאַטיווען דעלעגאַציע פון „ועד הצלה״ קיין אייראָפּע: ד״ר לעווין און ד״ר וואָרהאַפטיג.

ד״ר שמידט האָט פערלאָזען דייטשלאַנד ענדע אויגוסט 1945, און קורץ דערנאָך, אין דער ערשטער העלפט פון אָקטאָבער, איז אָנגעקומען אַהין אַלס ספּעציעלער דעלעגאַט פון אגודת הרבנים אין אַמעריקע, ד״ר יצחק לעווין. אייגענטליך האָט ד״ר לעווין נאָך פריער פערברענגט אַ שטיקעל צייט אין די אַנדערע לענדער פון אייראָפּע. צוזאַמען מיט איהם איז געווען ד״ר זרח וואָר־האַפטיג, פריהערדיגער מיטאַרבייטער פון אידישען וועלט־קאָנגרעס און פיהרער פון „הפועל המזרחי״. ביידע, ד״ר לעווין און ד״ר וואָרהאַפטיג האָבען געבילדעט די אָפיציעלע דעלעגאַציע פון אגודת הרבנים און „ועד הצלה״, וואָס האָט אונטערגענומען אַ לענגערע פאָרשונגס־רייזע איבער דער נאָך־מלחמה׳דיגער אייראָפּע.

דעם 8־טען אויגוסט 1945 האָט ד״ר וואָרהאַפטיג טעלעגראַפירט פון לאָנדאָן צו דער לייטונג פון דער אגודת הרבנים אין אַמעריקע:

„אַ אידישע דעלעגאַציע פון פוילען בעריכטעט איבער דעם רעליגיעזען לעבען, וואָס ווערט בענייט אין פוילען. — רעליגיעזע געמיינדעס זענען גע־וואָרען אָרגאַניזירט אין וואַרשע, קראָקע, לובלין, לאָדזש און האָלאָוויצע. — עס עקזיסטירען אויך 6 רעליגיעזע הכשרה־גרופּען פון מזרחי און אגודה. — פאָנדען זענען דרינגענד נויטיג. — טעלעגראַפירט אייער צושטימונג פאַר פינף טויזענט דאָלאַר צו האָלענדער, קומבערלאַנד־האָטעל לאָנדאָן״.

דעם 29־טען סעפּטעמבער 1945 האָט ד״ר וואָרהאַפטיג בעריכטעט פון פּאַריז קיין ניו יאָרק:

„ערשט צוריקגעקומען פון א רייזע אין פראַנצויזישער זאָנע (פון אָקו־פּירטער דייטשלאַנד) בעזוכט ברעגענז, קאָנסטאַנץ, סאולגאו, ביבערבאַך, יאָר־דענסבאַד, צוזאַמען 1200 אידען. — זייער מאַטעריעלער לאַגע שווער, נויטיג ווינטער־קליידונג, שיך, ווי אויך כשר־עסען, פעטס. — גרויסע מערהייט וויל קיין ארץ ישראל. — געשאַפען אין ברעגענז אַ רעליגיעזע הכשרה פון 140, אין

5) לויט׳ן בריף נומער 8, פון דער זעלבער קוועלע.

קאָנסטאַנץ כשר׳ע הכשרה־גרופע, 160. — אין אונרראַ־קעמפּ יאַרדענסבורגג, 142 אידען, מעסמענס רעליגיעזע. — קיך נישט־כשר. — ועד־הצלה דעלעגאַטען געוועזן די ערשטע צו העלפען די אידען אין פראַנצויזישער זאָנע״.

(געצייכענט)

**וואַרהאַפטיג**

דעם 1־טען אָקטאָבער 1945 איז געווען אַ געמיינזאַמער ראַפּאָרט פון ד״ר לעווין און ד״ר וואַרהאַפטיג, פון וועלכען עס איז געווען צו זעהען, ווי שווער עס איז געווען פאַר דער רעליגיעזער דעלעגאַציע אָנצוגעהען מיט איהר שליחות:

— „מיר זענען צוגעגרייט צו געהען היינטיגע וואָך קיין דייטשלאַנד, צו פערטיילען די פּראָדוקטען, מאַגאַזינירטע אין ברעמען־האַפען. — לעווין בע־קומען „פערמיט״ פאַר אַמעריקאַנישע און בריטישע זאָנעס. וואַרהאַפטיג׳ען האָט מען פלוצלינג אָפּגעזאָגט. — לעווין בעט אָן ערלויבעניש פאַר צוריק־רייזע, ווייל מיליטערישע מאַכט אין בערלין נישט מסכים צו אונזער רייזע קיין דייטשלאַנד. — זיי זאָגען אונרר״א קען אַליין פערטיילען אונזערע פּראָדוקטען. — נויטיג זאָפאָרט צו אינטערווענירען אין וואַשינגטאָן״.

(געצייכענט)

**לעווין, וואַרהאַפטיג**

דעם 13־טען אָקטאָבער האָט ד״ר לעווין בעריכטעט פון פאַריז:

„נאָך אונגעהויער־שווערע בעמיהונגען און צאָהלרייכע אינטערווענצען בעקומען ערלויבעניש פון פראַנצויזישען אויסערן־און־אינערן־מיניסטעריום, צו ברענגען פון דייטשע לאַגערן 500 קינדער קיין פראַנקרייך, ווי אויך 50 דער־וואַקסענע אַלס זייערע בעגלייטער פאַר אַן אויפענטהאַלט פון 6 חדשים. — אָפיציעלער דאָקומענט אויסגעשטעלט פאַר אגודת הרבנים אין אַמעריקע, וואָס איז די ערשטע אָרגאַניזאַציע צו בעקומען אַזאַ ערלויבעניש. — איך פליה זונטאָג קיין בערלין, מיט דער ערלויבעניש און בריעף פון אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר, צו בעקומען אַרויספאָהר־וויזעס פון דער אַליאירטער קאָמיסיע. — היימען ווערען צוגעגרייט אין סאַן־זשערמען און עקס־לע־בען. — וואַרהאַפטיג פליהט קיין פראַנקפורט פאַר דיסקוסיעס מיט אונרר״א. — איך האָב צוגעגרייט אויספאָרשונגס־בויגענס לויט אייער טעלעגראַם, וועל צוטיילען אין פראַנקרייך און אין די לאַגערן״.

(געצייכענט)

**ד״ר לעווין.**

דער הויפּט־צוועק פון ד״ר לעווינ׳ס רייזע קיין בערלין איז געווען דורכצופיהרען דעם קינדער־טראַנספּאָרט קיין פראַנקרייך. טראָץ דעם, וואָס ער האָט בעוויזען איבערצוקומען אַלע פּאָליטישע און אויך טעכנישע שוועריגקייטען

פאַר דעם געפּלאַנטען רעטונגס־צוג פון 500 קינדער — איז אָבער די גאַנצע אונטערנעמונג געוואָרען אָפּגערופען אין דער לעצטער מינוט, צוליב דער קאַטעגאָרישער געגנערשאַפט פון דעם „צענטראַל־קאָמיטעט פון די בעפרייטע אידען”, ס׳הייסט פון דער אָנפיהרונג פון דער שארית־הפליטה זעלבסט. צוליב דעם, וואָס דער דאָזיגער פאַקט האָט צו יענעם מאָמענט דווקא אילוסטרירט דעם מוט און קאַמפּס־גייסט פון דער שארית־הפליטה, איז וויכטיג אויסצוהערען דאָס שלוס־קאַפּיטעל פון ד״ר לעווין׳ס בעריכט:

„מיר זענען אַרויסגעפאָהרען קיין מינכען, וואו עס איז געווען דער זיץ פון „צענטראַל־קאָמיטעט פון די בעפרייטע אידען”. אין שכנות פון מינכען האָבען זיך געפונען די גרעסטע לאַגערן, פון וואַנען מיר האָבען געדאַרפט אַרויסנעמען די קינדער.

„אין מינכען האָט אונז די פערבינדונגס־שטעלע פון דער אונרר״א אַנט־קעגענגעבראַכט — באַלד ווי מיר האָבען נאָר בעוויזען אָנצוקניפען דעם ערשטען קאָנטאַקט — אַ בשורה: „דער „צענטראַל־קאָמיטעט”, וועלכער האָט שוין גע־הערט פון אונזער אַקציע, האָט בעשלאָסען נישט דערלאָזען צום אַרויספאָהרען פון די קינדער קיין פראַנקרייך. די בעפרייטע אידען, האָט מען אונז געזאָגט, זעהען פאַר זיך נאָר איין מעגליכקייט פון עמיגראַציע: קיין ארץ ישראל. אין אונזערע שמועסען מיט די פיהרער פון „צענטראַל־קאָמיטעט” האָבען זיי אונז אָט דעם דאָזיגען שטאַנדפּונקט און בעשלוס בעשטעטיגט.

„מיר האָבען דאַן פערלאַנגט פון „אונררא”־אָפּיס אין מינכען, אַז עס זאָל צוזאַמענגערופען ווערען אַ בשותפות׳דיגע בעראַטונג פון פאָרשטעהער פון דער מיליטער־רעגירונג, „אונררא”, „דזשאָינט”, צענטראַל־קאָמיטעט פון בע־פרייטע אידען, מיט דער דעלעגאַציע פון דער אגודת הרבנים, כדי דעם ענין ענדגילטיג צו ערלעדיגען.

„ביים אָנפאַנג פון דער זיצונג האָט גענומען דאָס וואָרט דער פאָרזיצער פון צענטראַל־קאָמיטעט, ד״ר גרינבערג. ער האָט ערקלערט, אַז דער צענטראַל־קאָמיטעט האָט נאָך דעם 14־טען אָקטאָבער זיך בעראַטען וועגען דעם ענין און געקומען צום בעשלוס, אַז ווייטערדיגע צווישען־עטאַפּען אויפן וועג פון די קרעמאַטאָריעס און גאַז־קאַמערן וועלען נישט דערלאָזט ווערען. אָדער די קינדער וועלען געהען דאָרט, וואו זיי דאַרפען און האָבען דאָס רעכט צו געהען: קיין ארץ ישראל, אָדער זיי וועלען בלייבען אין די לאַגערן! אויב מען וועט זיי נעמען מיט געוואַלט, דאַן וועט די שארית הפליטה קעמפען.

ד״ר גרינבערג האָט דאַן פאָרגעלייענט דעם פאָלגענדען דאָקומענט:

„רעזאָלוציע פון צענטראַל־קאָמיטעט פון די בעפרייטע אידען אין דער אַמעריקאַנער אָקופּאַציע־זאָנע (אין דייטשלאַנד) וועגען דעם פערלאַנג פון דער אגודת הרבנים אין אַמעריקע און קאַנאַדע, צו ברענגען 500 קינדער און 50

מחנכים קיין פראַנקרייך, פון וואַנען זיי דאַרפן עמיגרירן אין אַנדערע לענדער.

„שטיצענדיג זיך אויף אַ רעזאָלוציע, וואָס איז בעשלאָסען געוואָרען ביי אַ זיצונג פון ראָט פון צענטראַל־קאָמיטעט פון די בעפרייטע אידען אין דער אַמעריקאַנער אָקופּאַציע־זאָנע דעם 14־טען אָקטאָבער 1945, גיבען מיר בעקאַנט דער וועלט אָט וואָס:

„די שארית הפליטה וויל נישט פאַרטזעצען איר גלות־וועג אַלס געסט אין פרעמדע לענדער, טראָץ דעם גרויסען בעגעהר צו פערלאָזען אַזוי שנעל ווי מעגליך דעם בלוטיגען באָדען פון דייטשלאַנד.

„די לעצטע סטאַציע פון אונזער יסורים־וועג איז מחוץ די גראַטע־צוימען פון די קאָנצענטראַציע־לאַגערן און גאַז־קאַמערן. מיר ווען דאָ וואַרטען מיט אַ פערביטערטען אויסדויער ביז די טויערען פון אונזער אַלט־נײַ היימלאַנד וועלען זיך ברייט עפענען פאַר דעם רעשט פון אייראָפּעאישען אידענטום, ווייל נאָר דאָרט קענען מיר געפינען אַ פערמאַנענטע היים פאַר אונז און פאַר די קומענדיגע דורות, און נאָר אין דער אַטמאָספערע קענען די נאָך ברייט־געעפענטע און בלוטיגע וואונדען ווערען געהיילט.

„מיר ערקלערען, אַז מיר וועלען זיך נישט לאָזען שטופען פון איין לאַנד צום צווייטען, און אַז מיר האָבען בעשלאָסען צו פערבלייבען אין די לאַגערן אין דייטשלאַנד, ביז דאָס געוויסען פון דער וועלט וועט שליסליך עפענען די טויערען פון ארץ ישראל.

מיר ענטזאַגען זיך צו שיקען די 500 קינדער און 50 מחנכים קיין פראַנקרייך".

נאָכדעם ווי ד"ר גרינבערג האָט געענדיגט צו לעזען זיין דעקלאַראַציע, האָט דער פאָרזיצער, אַ פאָרשטעהער פון דער אַמעריקאַנער מיליטער־רעגירונג, געפרעגט, צי מיר, די דעלעגאַטען פון דער אגודת הרבנים, האָבען עפּעס צו זאָגען.

איך האָב דאַן ערקלערט:

— „נאָכן איבערקומען די גרעסטע שוועריגקייטען, בין איך מיט מיין חבר, וואַרהאַפטיג, געקומען נעמען די 500 אידישע קינדער, כדי צו פערבעסערען זייער שרעקליכע לאַגע, און זיי אַריבערצופיהרען אין די צייטווייליגע היימען אין פראַנקרייך, וואָס זיינען צוגעגרייט געוואָרען. די קינדער פערדינען זיכער, נאָך די אונמענשליכע צרות, וואָס זיי האָבען דורכגעמאַכט, אַ שטיקעל אָפּרוה.

„אָבער נישט דער אגודת הרבנים און נישט אונז אַלס איהרע שליחים, איז איינגעפאַלען צו שטערען דער שארית־הפליטה אין איהר גערעכטען קאַמף פאַר עפענען די טויערען פון ארץ־ישראל פאַר אַלע ליידענדע אידען.

„איך פערשטעה די געפיהלען פון דער שארית הפליטה, און פערבייג זיך מיט יראת הכבוד פאַר דער מסירת־נפש און הערויזם, וואָס איז געקומען צום

אויסדרוק אין בעשלוס פון צענטראַל־קאָמיטעט.

„מיר ווילן די קינדער נישט נעמען און האַפּען, אַז באַלד וועלן זיי צוזאַמען מיט דער גאַנצער שארית הפליטה געפינען זייער וועג דירעקט אין הייליגן לאַנד פון אונזערע אבות, ארץ־ישראל" [6].

די איינדרוקען פון זיין ערשטער רייזע איבער דער אָקופּירטער דייטש־לאַנד, האָט ד"ר לעווין פערעפענטליכט אין אַ סעריע אַרטיקלען אין „מאָרגען־זשורנאַל". דעם סך־הכל פון זיינע איבערלעבענישן, און ספּעציעל וועגען די גייסטיג־רעליגיעזע געפיהלען פון דער שארית הפליטה, האָט ער איבערגעגעבן בעת אַן אויפטריט אויף דער ראַדיאָ־סטאַנציע דאָבעליו־אי־ווי־די", דעם 2־טען מערץ 1946 :

— „אידען, וואָס זיינען פערבליבן לעבען אין אייראָפּע האָבען אַ טיפען דראַנג צוריק צו פערבינדען זיך מיט זייער פאָלק. זיי שטרעבען צו אידישקייט. זיי ווילען בלייבען פולבלוטיגע אידען, להכעיס די ווילדע נאַצי־בעסטיע, וואָס האָט זיך פערמאָסטען צו פערטיליגען דאָס אידישע פאָלק, די אידישע ראַסע און קודם־כל די אידישע רעליגיע.

די גייסטיגע און בעזונדערס די רעליגיעזע בעדערפנישען פון די אידישע דעפּאָרטירטע טאָרען באין־אופן נישט ווערען פערנאַכלעסיגט. פּאַקטיש דאַרף זיך די רעהאַביליטאַציע אָנהויבען פון צוריקגעבען די מענשען זייער ווירדע. זיי קענען נישט אָנפאַנגען צו בויען זייער לעבען, ווען עס פעהלט דאָס פּרי־מיטיוווסטע, ווען עס פעהלען די ערשטע הויפּט־בעדינגונגען אויף צוריק צו דער־גרייכען דאָס גלייכגעוויכט : דאָס מיינט צוריקצושטעלען פאַר זיי זייער לעבענס־אַטמאָספערע, צו וועלכער זיי זענען געווען געוואוינט, איידער די היטלער־באַנדעס זענען זיי בעפאַלען. די אידען מוזען בעקומען די מעגליכקייט זיך אויס־צולעבען ווי אידען — צו היטען שבת און כשרות, צו קענען דערציהען די פערבליבענע יוגענד אין וועג פון זייערע עלטערען, מאַרטירער, וועלכע זענען אַוועק על קידוש השם. אָהן דעם איז אַ יעדע רעהאַביליטאַציע־אַרבייט אַ פאַנטאַזיע.

„איך האָב אין אייראָפּע געזעהען נייע ישיבות וואָס די פון טויט־אַנטרינענע אידען האָבען געשאַפען, כדי ווייטער אויפצוהאַלטען דעם פלאַם פון תורה. אין די שרעקליכסטע בעדינגונגען, ביי קעלט און הונגער, פערזאַמלען זיך יונגע קינדער און לערנען אָפּט פון אויסענווייניג, ווייל עס פעהלען־אויס ספרים. קיינער צווינגט נישט די קינדער דערצו, נאָר עס איז אַ ספּאָנטאַנע בעוועגונג : צוריק צום אַלטען מקור ! אַזוי איז עס אין פראַנקרייך, אין בעלגיע, אין האָלאַנד, און בעיקר אין דייטשלאַנד... עס האָט אַלעמען אַרומגעכאַפּט עפּעס אַ בענקען

6) „נאָכ'ן חורבן", ז' 68 און ווייטער.

נאָך יענער אידישקייט, וואָס שטעהט אויף אַזויפיעל העכער ווי די מכלומרשטע מאָדערנע ציוויליזאַציע, וועלכע האָט אַרויסגעבראַכט אַזעלכע ווילדקייטען און אכזריות׳ן, ווי די דאָזיגע יונגע מענשען האָבען עס אַליין געהאַט צוצוזעהען אין בוכענוואַלד, דאַכאַו, בערגען־בעלזען, אָדער אוישוויץ״...[7]).

## ווייטערדיגע צאָהלרייכע שליחים פון „ועד הצלה".

איינער פון די איבערגעגעבענע הצלה־שליחים, וועמענס שליחות צו דער שארית הפליטה עס האָט זיך געצויגען אומאויפהערליך דורך עטליכע יאָר און וועלכער האָט זיך דערצו אויסגעצייכענט מיט זיינע אַלאַרמיסטישע און דרייסטע מאָנונגען צום אָרטאָדאָקסישען אידענטום אין אַמעריקע, איז געווען — הרב וואָלגעלערענטער.

גלייך מיטן אָפּשלוס פון די מלחמה־אָפּעראַציעס אין אייראָפּע האָט די לייטונג פון „ועד הצלה" געבעטען אַ דערלויבעניש אין וואַשינגטאָן פאַר צוויי רבנישע שליחים, וועלכע האָבען אויסגעדריקט זייער גרייטקייט צו לאָזען זיך קיין אייראָפּע, — דאָס זענען געווען הרב יוסף מרדכי בוימעל און הרב שלום פנחס וואָלגעלערענטער. די פּאָטעטישע אינטערווענצען לטובת די דאָזיגע שליחים זענען דערגאַנגען ביז צו די העכסטע שפּיצען פון דער וואַשינגטאָנער רעגירונג און דער פירער פון דער דעמאָקראַטישער מערהייט אין קאָנגרעס, מעק־ארמיק, איז דערין געוואָרען אַריינגעצויגען. הרב בוימעל קאָט אָבער צוליב פּערזענליכע סיבות נישט געקענט פאָהרען, הרב וואָלגעלערענטער איז געקומען קיין אייראָפּע ערשט אין אָקטאָבער 1945, און איז דאָרט פּערבליבען איינע יאָהר, דורכ־פיהרענדיג פיעל וויכטיגע הצלה־מיסיעס.

אין ערשטען פּעריאָד פון דער הצלה־אַרבעט אין דער נאָך־מלחמה׳דיגער אייראָפּע איז אַלס עהרען־שליח געפאָהרען מר. טשאַרלס אולמאַן, איינער פון די אַקטיוויסטע טהוער פון „ועד הצלה". אין שפּעטערדיגען פּעריאָד האָט דורכ־געפיהרט אַ לענגערע עהרען־שליחות אין אייראָפּע, מר. סטיפען קליין.

צווישען די שליחים פון „ועד הצלה" אין אייראָפּע דאַרפען נאָך דערמאָנט ווערען הרב שמחה וואַסערמאַן, הרב שמואל שעכטער א. א.

אַ בעזונדערע העכסט־דערפאָלגרייכע הצלה־שליחות האָט דורכגעפיהרט הרב ליוואַזער, אַלס טשעפּלעין פון דער אַמעריקאַנער אַרמיי אין אָקופּירטען דייטשלאַנד.

---

7) לויט „פּיקטשאָריעל רעוויו", מינכען, 1948, ז׳ 115.

קאַפּיטעל 19

# הרב סילווער׳ס הצלה־רייזע איבער אייראָפּע.

אַ שליחות, וואָס האָט דערהויבען דעם כבוד פון גאַנצען אָר־טאָדאָקסישען אידענטום. — איבערלעבענישען פון דער שארית הפליטה וואָס וועלען קיינמאָל נישט ווערען פערגעסען. — די סעריע פון הרב סילווער׳ס וויכטיגע פּאָליטישע אינטערווענצען ביי דער האָלענדישער קעניגין, ביי די פּוילישע און טשעכאָסלאָוואַקישע מלוכה־מענער און ביים בריטישען הויך־קאָמיסאַר אין ארץ ישראל. — גרויסצוגיגע הילף פאַר דער „בריחה”, וואָס די פּרטים זענען ביז היינט געבליבען בסוד. — פיעל ריהרענדע מאָמענטען בעת הרב סילווער׳ס רייזעס איבער גאַנץ אייראָפּע. — הרב סילווער אַלאַרמירט די אגודת הרבנים אין אַמעריקע און טראָגט אַליין אויס די אחריות פאַר׳ן גאַנצען הילפס־ווערק.

דער מצב פון דער שארית הפליטה איז דערווייל געוואָרען אַלץ ערגער און פיינליכער.

אייראָפּע, די מאָדערנע „הויך־ציוויליזירטע אייראָפּע פון צוואָנציגסטען יאָרהונדערט”, איז געוואָרען פערוואַנדעלט אין אַ דזשונגעל און קאַניבאַלען־נעסט. דער נאַציזם האָט אַראָפּגענידעריגט דעם „אייראָפּעאישען קולטור־טרעגער” צו דער מדרגה פון אַ מענשען־פרעסער און פון נאָך עפּעס ערגערס׳ס — פון בלוטדורשטיגע בעסטיעס, אָרגאַניזירטע אין שטרענג־דיסציפּלינירטע לעגיאָנען און בעוואָפענטע מיט דער גאַנצער ראַפינירטקייט פון דער מאָדערנער וויסענ־שאַפט און טעכניק. גאַנץ אייראָפּע האָט מיאוס פערראַטען דאָס אידישע פאָלק — און טאַקע נישט בלויז די נאַציס , ווייל פאַקטיש האָט דער פלאַנמעסיגער אויס־ראָטונגס־צוג קעגען אידען גענאָסען פון דירעקטער הילף און אומדירעקטער צושטימונג פון כמעט אַלע אייראָפּעאישע פעלקער אין די נאַציש־אָקופּירטע לענדער. (די אויסנאַהמען זענען דאָ גאַנץ ווינציג: צום טייל די דענער און די איטאַליענער, צו־ביסלעך — די האָלענדער און פראַנצויזען; און הויפּטזעכליך אַ צאָהל קריסטליכע גייסטליכע צווישען זיי). אייראָפּע האָט אויסגעשפּיגען דאָס אידישע פאָלק, אויסגעשפּיגען מיט גיפט און גאַל, מיט רציחה און קללה. פאַר דעם קליינעם אָרימען הייפעל פון דער שארית הפליטה איז לכתחילה געווען קלאָהר, אַז פאַר זיי איז נישטאָ מעהר קיין אָרט אויף דער פערשאָלטען־פעררעטערישער ערד פון אייראָפּע.

אָבער דאָ איז אַרויסגעשוואומען די טראַגישע פראַגע: וואוהין זאָלען זיך אַהינטוען די אויסגעפּייניגטע שרידים פון די לאַגערן אַרויס? די שרידים אַליין האָבען דווקא יאָ געוואוסט צו געבען אַ קלאָרען ענטפער אויף דער דאָזיגער פראַגע: קיין ארץ־ישראל! בלויז אַן אייגענע פרייע אידישע היים — דאָס קען זיי אויסהיילען פיזיש און גייסטיג! בלויז די היימישע און וואַרימע לופט „צווישען אידען" — דאָס קען זיי ברענגען אַ רפואה און אויפלעבונג. זענען די טויערן פון ארץ ישראל געוואָרען עקשנות'דיג פערהאַקט דורך דעם קאַלט־ראַפינירטען, ציניש־פערברעכערישען ענגלישען מאַנדאַט־רעזשים.

די שארית הפליטה האָט אַ גאַנץ יאָהר געוואַרט אויף דעם בעשלוס פון דער גרויסער אָפיציעלער וועלט, אויף דער שטעלונג פון אַזוי־גערופענעם „וועלט־געוויסען". די אָפיציעלע „ענגליש־אַמעריקאַנישע אויספאָרשונגס־קאָמיס־יע", וועלכע איז אַרומגעפאָהרען איבער די לאַגערן און אויסגעפאָרשט די שרידים און זייערע פערלאַנגען האָט ענדליך געהאַט פערעפענטליכט איהר ראַפּאָרט און פאָרגעשלאָגען דעם דאָזיגען „הומאַנען שריט" צו בעטען 100 טויזענט סערטי־פיקאַטען פאַר אַ טייל פון דער שארית הפליטה. פּרעזידענט טרומאַן האָט די דאָזיגער פאָדערונג אונטערגעשטיצט מיט זיין גאַנצער אויטאָריטעט — אָבער בעווין, דער ענגלישער אויסערן־מיניסטער, האָט מיט דער פולער אכזריות אָפּ־געוואָרפען דעם דאָזיגען „הומאַניטאַרען פערלאַנג". די סיטואַציע אין די פּליטים־לאַגערן איז געוואָרען אָנגעשטרענגט ביז גאָר. דערווייל איז נאָך די לאַגע גע־וואָרען פערשאַרפט דורך נייעם צושטראָם פון אידישע היימלאָזע און אויס־געוואָרצעלטע, די צוריקגעקעהרטע פון די פערשיקונגען אין וויטען סיביר. די סיסטעמאַטישע רעפּאַטריאַציע פון די פערשיקטע פוילישע אידען האָט צוריק־געבראַכט קיין פוילען צעהנדליגער טויזענטער היימלאָזע, און דאָס האָט גאָר געדינט אַלס סיגנאַל פאַר די פוילישע פּאָגראָמשטשיקעס צו עפענען אַ נייע סעריע פון פּאָגראָמען איבער דעם נעבעכדיגען רעשטעל פון דעם העכער דריי־מיליאָניגען פוילישען אידענטום, און עס איז נישט געווען קיין חידוש אַז די דאָזיגע פּאָגראָמען האָבען נאָך מער געשטויסען צו דער „בריחה" — דאָס הייסט צום אומלעגאַלען אידישען עליה־מאַרש קיין ארץ ישראל.

בקיצור — אַזוי האָט אויסגעזעהען דער צושטאַנד פון דער שארית הפליטה אַ יאָהר נאָך דער בעפרייאונג, זומער פון 1946. און אָט צו דער דאָזיגער צייט האָט הרב סילווער, דער גרינדער און פירער פון „ועד הצלה", אונטער־גענומען זיין הצלה־רייזע קיין אייראָפּע.

אין אַ צייטונגס־בעריכט, וואָס איז דערשינען צו יענער צייט איז געוואָרען דערצעהלט, ווי אַזוי הרב סילווער האָט זיך אויף זיין ערשטען אָפּשטעל אין אייראָפּע געטראָפען מיט הרב הראשי הערצאָג, וועלכער איז אַרויסגעפאָהרען

אויף זיין רעטונגס־מיסיע אין נאָמען פון ישוב אין ארץ ישראל: [1]).

„הרב סילווער׳ס ערשטע סטאַנציע איז געווען אין אַמסטערדאַם, וואו ער האָט אויך געטראָפען דעם הרב הראשי פון ארץ ישראל, ד״ר יצחק אייזיק הערצאָג. ביידע גאונים האָבען זיך דאָרט „איינגעטיילט מיט דער וועלט״. ביידע רעליגיעזע מנהיגים זיינען געפאָהרען טוען הילפס־אַרבעט, ביידע זענען געפאָהרען פאַר אידישע קינדער, און ביידע האָבען פערפאָלגט איין צוועק: גייסטיגע און מאַטעריעלע הילף צו אונזערער שארית הפליטה״.

דער בעריכט בעטאָנט בפירוש די דאָפּעלטע הילף, אין וועלכער די שארית הפליטה האָט זיך אין יענעם מאָמענט ספּעציעל גענויטיגט — סיי גייסטיג־מאָראַלישע קרעפטיגונג און סיי פיזיש־סאָציאַלע אונטערשטיצונג. עס איז אָבער געווען נאָך אַ העכסט־וויכטיגער פּראָגראַם, וואָס איז געוואָרען גלייכצייטיג דורכ־געפיהרט דורך ביידע רבנישע אויטאָריטעטען — דאָס זענען געווען פּאָליטישע אינטערווענצען ביי די אייראָפּעאישע מלוכה־פיהרער ווי צוגלייך ביי די אָנ־פיהרענדע אַמעריקאַנישע מיליטערישע אינסטאַנצען אין אָקופּירטען טייל אייראָפּע. פערשטענדליך, אַז וואָס שייך די „דיפּלאָמאַטישע מיסיעס״ האָט יעדער איינער פון די בעריהמטע רבנים דאָס דורכגעפיהרט אויף זיין אייגענעם וועג. אגב, ווערט אויך אין אָפיציעלען ראַפּאָרט פון הרב הראשי הערצאָג׳ס רייזע וואָס איז אַרויסגעגעבען געוואָרען אין ארץ ישראל, בעטאָנט די בעגעגעניש זיינע מיט הרב סילווער אין האָלאַנד און זייערע געמיינזאַמע בעראַטונגען אין הצלה־פראַגען [2]).

דערצו לוינט נאָך צו בעמערקען, אַז וואָס שייך דער ליפערונג פון ממשות׳דיגער מאַטעריעלער הילף פאַר דער שארית הפליטה האָט דאָ הרב סילווער געוויס געהאַט זיין אייגענעם נוסח און אייגענעם דרך — ער האָט אומעטום, אויפן אָרט און שטעל, דורכגעפיהרט זיין הצלה־ארבייט, אויף איי־גענער האַנד און מיט די אייגענע כוחות... נאָר דערוועגען וועט נאָך אויסקומען צו דערצעהלען שפּעטער, ביים אָפּשליסען דעם סך־הכל פון דער דאָזיגער העכסט־וויכטיגער און דערפאָלגרייכער הצלה־רייזע.

די רעזולטאַטען פון הרב סילווער׳ס רייזע, איז כדאי צו סומירען לויט די בעזונדערע לענדער.

## אין גאַנג פון דער בריחה.

דער טיפער אינטערעס און די וויכטיגע געהיימע אינטערווענצען פון „ועד

1) „אַ גרוס פון שארית הפליטה פון אידישען פאָלק״, — בעאַרבעט פון צ. ה. וואַקסמאַן, ז׳ 3.

2) „מסע ההצלה״, ירושלים, אייר, תש״ז, ז׳ 43.

הצלה" לטובת דער „בריחה", האָבען זיך אייגענטליך דאַטירט זינט דעם סאַמע אָנהויב פון דאָזיגען היסטאָרישען בעפרייאונגס־מאַרש פון די רעשטלעך פון אייראָפּעאישען אידענטום.

אין אַרכיוו פון „ועד הצלה" געפינען זיך איניגע פּערטרויליכע מעל־דונגען פון דער פּערטרעטונג פון „ועד הצלה" אין דער שווייץ, און פון די דאָזיגע מעלדונגען איז בעזונדערס צו לערנען איבער דער מסירת־הנפש׳דיגער אַקציע פון פרוי רעכע שטערנבוך בעת איהרע פּערזענליכע בעזוכען אין פּוילען, פאַר דער רעטונג און בעפרייאונג פון דער דאָרטיגער שארית הפליטה.

דעם 6־טען מערץ 1946 האָט דער פּערטרעטער פון „ועד הצלה" אין דער שווייץ געמאָלדען צום ערשטען מאָל:

„פרוי שטערנבוך בעריכטעט אונז פון לאָדז, אַז עס זענען אָנגעקומען צעהן טויזענט בעפרייטע אידען פון רוסלאַנד, אַ גרויסער טייל פון זיי זענען רעליגיעזע אידען. זייער לאַגע איז שרעקליך. מען קען פיעל לייסטען מיט ווייניג געלט. די פראַגע איז, וויפיעל געלט קענען מיר שטעלען צו דער דיס־פּאָזיציע פון לאָדזער קאָמיטעט?"

(געצייכענט)

**יצחק שטערנבוך**

דעם 28־טען מערץ 1946 איז געווען אַ וויטערדיגער בעריכט פון דער שווייץ וועגען דער אַקציע פון „ועד הצלה" אין פּוילען:

„די אַרבייט פון פרוי שטערנבוך איז ערפאָלגרייך. אַ גרופּע פון העכער 30 קינדער זענען געוואָרען אַרויסגעראַטעוועט קיין פראַנקרייך. נאָך אַ גרופּע פון 70 קינדער דאַרף אָנקומען אין די נאָהענטסטע טעג. איניגע רבנים און אַ צאָהל חשוב׳ע עסקנים פון ווילנע און וואַרשע געפינען זיך שוין אין פּראָג און בראַטיסלאַווא. אַ גרופּע פון 70 „בנות" וואַרטען אויף דער פּוילישער גרע־ניץ. צוליב די לעצטע פּאָגראָמען אין פּוילען איז דער מצב סכנת־נפשות ווי אין די צייטען פון „אשכנז" (געמיינט די נאַציס). נויטיג הצלה אין בדייטען פערנעם. פרוי שטערנבוך בעקומען צוגעזאָגט 25 טויזענט „משולחים" (געמיינט פּוילישע פּאַספּאָרטען). דערוויל נויטיג צו האַלטען די אַקציע בסוד, און נישט צו פערעפענטליכען".

(געצייכענט)

**יצחק שטערנבוך**

דעם 14־טען אַפּריל 1946 איז שוין געווען אַ בעריכט וועגען די אָנגע־קומענע גרופּען קיין פראַנקרייך:

„היינטיגע וואָך אָנגעקומען קיין עקס־לע־בען און פּאַריז אַ צוג פון 500 קינדער פון פּוילען, אויך „בנות", אַלע פון פּוילען׳ס אידישע עליטע. —

מעגליך צו ראַטעווען נאָך 2000 קינדער און יתומים פון רוסלאַנד און פוילען. — יעדען טאָג קומען אָן אידען אָהן אַ גראָשען אין טאַש. — עס וועט זיין אַ פערברעכען צו פערשפעטיגען דעם שאַנס".

(געצייכענט)

**שטערנבוך**

באַלד דערויף האָט דער „ועד הצלה" דערהאַלטען פון פאַריז אַן אַלאַרם־דעפּעשע פון פאַריז, אונטערגעשריבען אויך דורך הרב קאַלמאַנאָוויטש:

„גרויסע פּאַרטיע פון ישיבה־בחורים אָנגעקומען קיין פוילען פון סיביר. — נויטיג אָרגאַניזירען „בריחה" ווי אויך קאָלעקטיווע עפּידעיוויטס. — מעלדעט אייער מיינונג, אויב ברענגען זיי קיין פראַנקרייך און איטאַליען. — בלויז אין דער אַמעריקאַנער זאָנע איז מעגליך צו בעקומען שנעלע אַריינפאָהר־וויזעס פאַר זיי".

(געצייכענט)

**הרב קאַלמאַנאָוויטש, שטערנבוך.**

פון די דאָזיגע בעריכטען איז צו זעהען ווי דער ענין פון דער „בריחה" האָט געהאַלטען אין זיין אָנהויב. אַ קורצע צייט דערנאָך איז אָנגעקומען קיין פוילען הרב סילווער, און וויל מען לערנען וועגען זיינע ערפאָלגרייכע אַקציעס לטובת דער „בריחה" — איז עס קודם־כל פעסטצושטעלען פון די טעלעגראַפישע בעריכטען צום „ועד הצלה" וואָס האָבען שוין געקלונגען אין אַ פיעל מעהר אָפּטימיסטישען טאָן.

דעם 9־טען יולי 1946 האָט דער „ועד הצלה" אין ניו יאָרק בעקומען אַזאַ העכסט־וויכטיגע מעלדונג:

„נאָך לאַנג־וואָכיגע דעליקאַטע קאָנפערענצען מיטן פוילישען אויסערן־מיניסטעריום, האָט פּרוי שטערנבוך בעקומען אויסרייזע־ערלויבענישען פאַר אַלע פּערזאָנען, וואָס זי פערלאַנגט זייער אַרויספאָהרען אָדער וועט שפּעטער פערלאַנגען. — ערשטער טראַנספּאָרט בעשטעהט פון פערשידענע גרופּען רבנים, בני־ישיבות, ליובאַוויטשער און אַנדערע תלמידי־חכמים, פּאַרלויפיג צוזאַמען אַ צוג פון 900 פּערזאָן. — אָפיציעלע אויסרייזע־פּעסער צוגעגרייט פאַר זיי, האָפענטליך וועט קאָמפּלעטער צוג אָפּגעהן קומענדיגער וואָך. — הרב סילווער האָט בעזוכט דעם פוילישען אויסערן־מיניסטער, שבת דעם זעקסטען יולי און דער מיניסטער האָט בעשטעטיגט דעם הסכם".

(געצייכענט)

**ועד הצלה, פּראָג**

דעם 30־טען יולי 1946 איז אַרויס פון פּראָג די בשורה־מעלדונג צום

„ועד הצלה" וועגען דעם אָנקום פון ערשטען אָפיציעל־בעפרייטען טראַנספּאָרט פון דער שארית הפליטה אין פוילען:

„נאָך לאַנגער מסירת־הנפש'דיגער אַרבעט האָט דער הסכם מיטן פוילישען אויסערן־מיניסטעריום זיך אַרויסגעוויזען פאַרווירקזאַם. — 900 פּעסער בעקומען אָפיציעל פאַר 1500 רבנים, בני־ישיבות, עסקנים און זייערע משפחות. — יעדען טאָג קומען־אָן גרופּעס פון פוילען אויף טראַנזיט־רייזע דורך פּראָג. — דער הסכם מיטן פוילישען אויסערן־מיניסטעריום אויפן נאָמען פון אַמעריקאַנער „ועד הצלה", אַלס איינציג־אָנערקענטע אָרגאַניזאַציע, איז אַ געשעהעניש פון גרעסטען פּאָליטישען כאַראַקטער. — „ועד הצלה" עפענט אַ ספּעציעלע טראַנזיט־ביוראָ אין קאַטאָוויץ".

(געצייכענט)

**פרוי שטערנבוך**

דאָס דאָזיגע געשעהעניש מיטן ערשטען לעגאַלען צוג מיט בעפרייטע פוילישע אידען ווי אויך די ראָל פון הרב סילווער אין דער דאָזיגער אַקציע, איז געוואָרען געשילדערט אין אַ ספּעציעלען בעריכט צו דער אידישער פּרעסע אין אַמעריקע:[3]).

3) „מאָרגען זשורנאַל", 9 אויגוסט, 1946.

„פון אַ היסטאָרישען פּערנעם איז די לייסטונג פון דעם „ועד הצלה", כדי דעם שטראָם פון די פליטים צו ריכטען אויף אַ לעגאַלען באַזיס. דער טאָג פון 28־טען יולי 1946 איז אייגענטליך אַ ווענדע־פּונקט, אין אַ געוויסען זין, אין דער איצטיגער אידישער וואַנדערונג. ווייל אָט אין דעם טאָג איז אָנגעקומען קיין פּראָג אויפן ווילסאָן־וואָקזאַל די ערשטע גרופּע פון די לעגאַלע אידישע אויסוואַנדערער פון פוילען. וואָס דאָס בעדייט פּראַקטיש — דאַרף מען, דוכט זיך, נישט אונטערשטרייכען. אָנשטאָט אַ געפעהרליכע וואַנדערונג צו־פוס איבער בערג און טאָלען, מיינט עס אַ נסיעה מיטן עקספּרעס־צוג וואַרשע־פּראָג. און הגם, ווען איך בין געשטאַנען אויפן ווילסאָן־וואָקזאַל אין פּראָג דעם 28־טען יולי און געזעהען די מאַסע „לעגאַלע" אויסוואַנדערער פון פוילען מיטן גאַנצען ביסעל אָרימקייט, וואָס זיי פערמאָגען, איז דאָס עלענד נישט געווען פיל קלענער ווי אין ראָטשילד־שפּיטאָל אין וויען, — אָבער דאָך איז געווען אַ חילוק. עס איז געווען אַ סדר, עס איז געווען „אָרדענונג"...

„אָט די לעגאַלע אויסוואַנדערונג פון אידען אין פוילען, וועלכע האָט זיך אָנגעפאַנגען דעם 28־טען יולי, איז דער רעזולטאַט פון די וואָכען־לאַנגע בעמיהונגען פון דער איראָפּעאישער „ועד הצלה" פערטרעטונג. די רעפּרעזענטאַנטין פון „ועד הצלה", פרוי שטערנבוך אין דער שווייץ, איז במשך פון די לעצטע 5 חדשים כמעט כסדר געזעסען אין פוילען, און זי האָט זיך פערשאַפט אַ צוטריט

צו אַלע אינסטאַנצען פון פוילישען מלוכה־אַפּאַראַט, וועלכער בעשטימט וועגען עמיגראַציע. זי האָט פערזאָרגט די נויטיגע וויזעס, וואָס אויף זייער סמך האָט מען אָנגעפאַנגען מאַסענהאַפט צו געבען פּאַספּאָרטען די אידען אין פוילען, אַזוי אַז אין די נאָהנטסטע טעג ווערט דערוואַרט אַ גאָר גרויסע צאָהל לעגאַלע אויסוואַנדערער, דערונטער קרוב צו טויזענט קינדער.

„אין די לעצטע וואָכען האָט אין פוילען פערבראַכט הרב אליעזר סילווער פון אַמעריקע, און זיין בעזוך האָט, ווי עס גיבען מיר איבער די אַריבערגעקומענע אידען, געמאַכט אַן אויסערגעוועהנליכען רושם. הרב סילווער האָט בעזוכט צעהנדליגער שטעט, וואו אידען געפינען זיך, און זיי מחזק געווען מיט וואָרט און טהאַט. ער האָט אויך אָפּגעהאַלטען קאָנפערענצען מיט די העכסטע רעגירונגס־פאַקטאָרען, מיט אַ רייע מיניסטאָרען און מיטן מלוכה־פּרעזידענט, פון וועלכען ער האָט געקראָגען אַ וויכטיגען צוזאָג (אַז שחיטה וועט צוריק ווערען דער־לויבט, און וועגען נאָך אַנדערע ענינים). די מסירת־נפש, וועלכע הרב סילווער האָט אַרויסגעוויזען, איז באמת צום בעוואונדערן. ער איז עטליכע מאָל אַליין געווען אין אַ גרויסער סכנה, אָבער דאָס האָט איהם נישט אָפּגעשראָקען פון דער ווייטערדיגער טעטיגקייט.

„ווען די ערשטע פּליטים־גרופּע, וואָס פרוי שטערנבוך פון „ועד הצלה" האָט אין פוילען אָרגאַניזירט, איז דעם 28־טען יולי אָנגעקומען קיין פּראָג, איז הרב סילווער געווען דער „הויפּט־קאָמענדאַנט" אויף דער סטאַציע. ער האָט דאַן אין די צוויי האָטעלען, וועלכע דער פּראַגער „ועד הצלה" קאָמיטעט מיט הרב פּאָרהאַנד בראש האָט צוגעגרייט, פּענאַנדערגעטיילט פּערזענליך די צימערן. מען קען זיך לייכט פאָרשטעלען די דאַנקבאַרקייט פון די געראַטעוועטע מענשען".

## די בעגעגעניש מיט די רעשטלעך פון פוילישען אידענטום.

די פראַגע פון אָרגאַניזירען, אָדער ריכטיגער געזאָגט: לעגאַליזירען די „בריחה" פון דער שארית הפליטה, איז נישט געווען הרב סילווער׳ס איינציגע זאָרג אין פוילען. הרב סילווער׳ן איז געווען בעשערט צו בעגעגענען די שרידים פון פוילישען אידענטום אין אַן עכטער פּאָגראָם־געפאַהר, און אַליין צו זיין אַן עדות פון די פּאָגראָם־שטימונגען געגען דעם לעצטען הייפעל אידישע ניצולים. הרב סילווער האָט ריכטיג אויסגענוצט זיינע העכסט־וויכטיגע דיפּלאָמאַטישע רעקאָמענדאַציע־בריעף אויף צו וואָרענען די פעראַנטוואָרטליכע פיהרער פון דער פוילישער רעגירונג וועגען די קאָנסעקווענצען פון זייער טאָלערירען אַזעלכע געשעהענישען, ווי אַ שטייגער דער קעלצער פּאָגראָם.

אין אַ זשורנאַליסטישען ראַפּאָרט איז דערוועגען געוואָרען דערצעהלט פאָלגענדעס: [4]

„אין וואַרשע האָט דער אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר געגעבען הרב סילווער די פולסטע קאָאָפּעראַציע. לויט דעם אַמבאַסאַדאָר׳ס איניציאַטיווע איז הרב סילווער גלייך נאָך זיין אָנקומען אויפגענומען געוואָרען הן פון פרעזידענט פון דער פוי־לישער רעפובליק, באָלעסלאַוו ביערוט, און הן פון פרעמיער אָסובקא־מאָראַווסקי. הרב סילווער האָט מיט יעדען פון זיי זיך אונטערהאַלטען אָפענהערציג, און נישט געזוכט צו פערצוקערן זיינע ווערטער מיט דיפּלאָמאַטישע דריידלעך. ער האָט געזאָגט צום פרעזידענט, אַז ער האָט נישט קיין אמונה אין אַ אידישער צוקונפט אין פוילען, נעמענדיג אין אַכט דעם אָפענעם און בעהאַלטענעם אַנטיסעמיטיזם. דער פרעזידענט האָט פערזיכערט, אַז די רעגירונג טוט אַלץ וואָס שטעהט אין איהר מעגליכקייט, כדי צו בעקעמפען די אַנטיסעמיטישע מגפה. אַנטיסעמיטיזם אין נייעם פוילען, האָט מר. ביערוט געזאָגט צו הרב סילווער, איז נישט גע־ווענדעט בלויז געגען אידען, נאָר געגען עצם קיום פון דער מלוכה, און דעריבער מוזען מיר איהם אויסראָטען ביז׳ן שורש.

„הרב סילווער האָט שפּעטער געהאַט אַ שמועס מיטן פּוילישען פרעמיער און זיך ביי איהם בעקלאָגט, הלמאי אין פוילען איז נאָך גילטיג דער געזעץ געגען דער אידישער שחיטה. דער פרעמיער האָט איהם געענטפערט: „אייך אינטערעסירט די שחיטה פון בהמות, און מיר האָבען דערוויל נאָך מורא פאַר שחיטות אויף אידען...״ דער רב האָט דעם פרעמיער געזאָגט, אַז איינס איז אָפּהענגיג פון אַנדערן, און אַז אַזוי לאַנג ווי אין פוילען עקזיסטירען נאָך אַנטי־סעמיטישע געזעצען, ווי שחיטה־פערבאָט און אַנדערע איבערבלייבעכצער פון אַמאָליגען אַנטיסעמיטישען געזעץ־בוך, שטאַרקט דאָס די הענט פון די אַנטי־סעמיטען, וועלכע זעהען דערין אַ מין שטילע אונטערשטיצונג פון דער מאַכט צו זייערע מעשים.

„בעת הרב סילווער האָט געהאַלטען ביים אַוועקפאָהרען פון פוילען, איז ער ער נאָך אַמאָל אויפגענומען געוואָרען פון פרעזידענט, ביי וועלכען ער האָט פערלאַנגט 20 טויזענט וויזעס אויף אַרויסצופיהרען לעגאַל אַזאַ צאָהל אידען פון פוילען. דאָס איז געווען ניט לאַנג נאָכ׳ן קיעלצער פּאָגראָם, און דער פרע־זידענט האָט הרב סילווער׳ן פערזיכערט, אַז מען וועט געבען די פערלאַנגטע צאָהל פּאַספּאָרטען. ער האָט געזאָגט, אַז ער פערשטעהט די אידישע ספיקות וועגען פוילען, הגם ער אַליין גלויבט נישט, אַז מען דאַרף אַריינפאַלען אין יאוש און שאַפען אַ פּאַניק. דער פרעזידענט האָט געזאָגט: „מיר שעהמען זיך מיט

4) לויט׳ן „אידישער זשורנאַל״, טאָראָנטאָ, תש״ז.

די לעצטע געשעהענישען און מיר וועלען טוען אַלץ, כדי זיי זאָלען זיך מעהר נישט איבערחזר'ען".

עס איז זיך קוים פאַרצושטעלען דעם רושם, וואָס הרב סילווער'ס אָנ־קומען קיין פוילען און זיינע מוטיגע אינטערווענצען ביי די פוילישע מלוכה־קעפּ האָט אַרויסגערופען ביי די עלענדע און איינזאַמע אידישע שרידים. איבער־הויפּט איז זייער גערעכטקייט געווען גרויס, ווייסענדיג, אַז צו יענער צייט איז עס געווען ממש אַ מסירת־הנפש'דיגער שריט פון הרב סילווער צו בעוויייזען זיך איבער די פאָגראָם־צעיושעטע פוילישע באַהנען און וועגען.

שוין די רייזע קיין פוילען איז געווען פערבונדען מיט טראַנספּאָרט־שוועריגקייטען. אָט וואָס עס ווערט דערצעהלט אין דעם דערמאָהנטען זשור־נאַליסטישען ראַפּאָרט:[5]

„די אידען פון דער אַמאָליגער דייטשער שטאָדט ברעסלוי, וואָס געהערט היינט צו פוילען און הייסט וראָצלאַוו, האָבען איינגעלאַדענט הרב סילווער, ער זאָל מיט זיי פערברענגען אַ שבת. הרב סילווער האָט בדעה געהאַט צו פאָהרען אין די מזרח־פּראָווינצען פון טשעכאָסלאָוואַקיע, דאָך האָט ער בעשלאָסען איבער־צולאָזען די נסיעה אויף אַן אַנדערש מאָל און צוגעזאָגט צו קומען קיין וראָצלאַוו. אָבער אין לעצטען מאָמענט האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז עס איז קיין טראַנס־פּאָרטאַציע נישט פאַראַן. הרב סילווער'ן איז געגאַנגען צו זיין שבת מיט דער שארית הפליטה און ער האָט אָנגענומען דעם פאָרשלאַג צו פאָהרען, אָדער בעסער צו פליהען אין אַן אָפענער „סייד קאַר" פון אַ מיליטערישען עראָפּלאַן קיין ברעסלוי. אין דער אמת'ן איז עס געווען אַ הילצערנע קעסטעל, צוגעקלאַפּט צו אַן עראָפּלאַן, וואָס האָט אויך נישט אויסגעזעהן צו־בכבוד'יג... און אָט אין דעם קעסטעל, „די תיבה", ווי הרב סילווער רופט עס אָן מיט אַן איראָניע, איז ער איינגעשטיגען אין אַ קאַלטען רעגענדיגען פרייטאָג אין דער פריה אויפן פּראַגער לופט־פעלד, אויפן וועג קיין ברעסלוי. ווי די נסיעה האָט אויסגעזעהן, זאָגט הרב סילווער, איז בעסער, פרעגט מיך נישט. אָבער ער איז אָנגעקומען פאַר שבת קיין ברעסלוי.

נאָך ערנסטער איז געווען די לאַגע מיטן איבערטרעטען די גרעניץ פון פוילען.

„נאָך אין פּאַריז האָט מען הרב סילווער געוואָרענט, אַז קיין מזרח־איראָפּע, ספּעציעל קיין פוילען, איז אַ סכנה צו פאָהרען אין לאַנגע בגדים, ווי אַן אָרטאָ־דאָקסישער איד. דער רב האָט דאַן מסכים געווען צו די הפצרות פון זיינע פריינט, אָנצונעמען אַן „אַסיינמענט" פון דער אַמעריקאַנער אַרמיי און אַלס

5) ווי אויבען.

איינער פון די הויפט־רבנים אין אַמעריקע האָט ער בעקומען דעם טעאָרעטישען ראַנג פון אַ קאָלאָנעל.

„אין פוילען צו פאָהרען אָנגעטאָן ווי אַן אָרטאָדאָקסישער איד מיט באָרד און פּיאות, איז געווים געווען ממש סכנת נפשות. איז טאַקע הרב סילווער גע־פאָהרען אין זיין אַמעריקאַנער אוניפאָרם, און דאָס איז טאַקע געווען אַ שטיקעל שמירה... אַ חוץ שבת און יום־טוב האָט דער רב כסדר געטראָגען די בגדים פון אַן אַמעריקאַנער אָפיציר. אָבער אויך דאָס איז אין פוילען נישט געווען קיין זיכערע סגולה געגען פּאָגראָמשטשיקעס און מיטגלידער פון דער אַזוי־גערופענער „אַרמיאַ־קראַיאָוואַ״ — דער פאַשיסטישער אונטערגרונד אין פוילען.

„די אַלע סכנות האָבען הרב סילווער ניט אַ האָר אָפּגעשראָקען, און ער האָט בערייזט כמעט גאַנץ פוילען, צום טייל מיט דער באַהן און צום גרויסען טייל אין אַ „דזשיפּ״. הרב סילווער האָט זיך בעזונדערס אינטערעסירט מיט די נייע אידישע ישובים, וואָס אָרגאַניזירען זיך אין שלעזיע, אין אַמאָליגע דייטשע שטעדט. און אַזוי פאָהרענדיג אין אַן אָפענעם אויטאָמאָביל קיין ריכבאַך, איז דער וואָגען פּלוצים פערהאַלטען געוואָרען דורך אַ באַריקאַדע אינמיטען וועג, אַ סימן, אַז אין דערבייאיגען וואַלד האָבען זיך אויפגעהאַלטען די פאַשיסטישע פּאָגראָמ־שטשיקעס. אָבער אַ נס איז געשעהען. עס איז גראָד אָנגעפאָהרען אַ רוסישער פּאַטרול און האָט הרב סילווער מיט זיינע בעגלייטער אַרויסגעהאָלפען און זיי מיטגענומען אויף זייער קוואַרטיר, וואו דער רב האָט זיך אונטערהאַלטען מיט די אָפיצירען ביז טאָג. די רוסען האָבען דעם הרב סילווער גערופען „טאָוואַרישטש פּאָלקאָווניק״. שפּעטער האָבען איהם אַ פּאָר רוסישע אָפיצירען בעגלייט ביז דער נאָהנטסטער שטאָדט און זיך מיט איהם האַרציג געזעגענט.

שפּעטער איז הרב סילווער ענדליך אָנגעקומען קיין לאָדז, וואָס איז געווען דער הויפּט־צענטער פון דער שארית הפליטה. פערשטענדליך, אַז די ערשטע מיט וועמען דער חשוב׳ער גאַסט האָט זיך אַרומגעכאַפּט זענען געווען די רבנים און בני־הישיבות, ווי הרב סילווער האָט עס אַליין דערצעהלט:[6]

„אין לאָדז האָב איך בעגעגענט הונדערטער בני־ישיבה, וועלכע זענען געקומען פון סיביר, סאַמאַרקאַנד, טאַשקענט און אַנדערע ערטער, און וועלכע זענען מיט זעקס יאָר צוריק אַנטלאָפען קיין רוסלאַנד, אויס מורא פאַר די נאַצים. אַ דאַנק דעם „ועד הצלה״ זענען זיי געבליבען לעבען. זיי זענען לומדים, עילויים און שטאַרקע אין דער אמונה. פאַר דער דאָזיגער צייט פון צרות האָבען זיי דערהאַלטען שפּייז־פּעקלעך פון „ועד הצלה״. ליידער זענען אַ סך פון זיי אויס־געגאַנגען פון קעלט און הונגער און אַנדערע קראַנקייטען. אָבער טויזענטער זענען דאָך געוואָרען געראַטעוועט און איצט קומען זיי צום „ועד הצלה״, ווי צו אַ

6) „הפרדס״, גליון ו׳ ז׳ 2.

טאַטען, צו אַ מאַמען און בעטען מ׳זאָל זיי ראַטעווען פון די געפאַהרען אין פוילען״.

ווען דער דאָזיגער ריהרענדער בעגעגעניש אין לאָדז, איז געווען קורץ איבערגעגעבען פאָלגענדער בעריכט, וואָס איז דעמאָלס דערשינען אין דעם אידיש־קאָמוניסטישען אָרגאַן פון פוילען „דאָס נייע לעבען״:[7])

„קיין פוילען איז געקומען דער שליח פון אַמעריקאַנער רעליגיעזען אידענ־טום, דער פרעזידענט פון אגודת הרבנים אין אַמעריקע — הרב אליעזר סילווער.

„פרייטאָג, דעם 28־טען יוני איז אין לאָקאַל פון די רעליגיעזע קיבוצים אין לאָדז, זאַכאָדניע 66, פאָרגעקומען אַ פייערליכער קבלת־פנים לכבוד דעם גאַסט. הרב אשר האָט בעגריסט דעם גאַסט און איבערגעגעבען דעם פאָרזיץ דעם היגען אָרטאָדאָקסישען טהוער ש. צוקער. רעד. גראַנאַטשטיין האָט איבערגעלייענט אַ צענדליג בעגריסונגס־טעלעגראַמעס, וועלכע זענען אָנגעקומען פון פערשידענע שטעט אין פוילען. דעם חשוב׳ען גאַסט האָבען בעגריסט: מ. פינקעלשטיין (אין נאָמען פון דער אידישער רעליגיעזער קהילה אין לאָדז), רייף (קראָקע), הרב זיידעל, ש. פיאָטרקאָווסקי און משה פינקעל.

צוליב דעם, וואָס פאַרן לאָקאַל האָט זיך פערזאַמעלט אַ גרויסער עולם, האָט הרב סילווער אויסגעדריקט זיין וואונש אַרויסצוטרעטען מיט זיין ענטפער־רעדע אויף די באַגריסונגען פאַר אַלע פערזאַמעלטע אויפן הויף. פון אַ באַלקאָן אויפן הויף זאַכאָדניע 66, האָט הרב סילווער זיך געווענדעט צו די פערזאַמעלטע אידען, וועלכע האָבען דעם גאַסט האַרציג בעגריסט״.

וויל מען בעקומען אַ געהעריגען בעגריף וואָסאַרע געוואַלדיגע איבער־לעבעניש עס איז געווען פאַר דער שארית־הפליטה אין פוילען דער דאָזיגער צוזאַמענטרעף זייערער מיט הרב סילווער — איז נויטיג דאָ צו ברענגען איניגע כאַראַקטעריסטישע אויסצוגען פון דעם קאַפיטעל „זכרונות״, פון שמעון צוקער, איינער פון די מוטיגסטע אָרטאָדאָקסישע טהוער און קעמפער פון דער שארית־הפליטה, וועמענס נאָמען עס איז טאַקע דערמאָנט אין ציטירטען בעריכט פון „דאָס נייע לעבען״:[8])

— בלויז דער יעניגער, וועמען דער גורל האָט בעשערט איבערצולעבען סיי דעם גרויזאַמען חורבן און סיי די נישט־ווייניגער גרויזאַמע פעריתום׳טקייט פון נאָכ׳ן חורבן — דערצעהלט שמעון צוקער — דער יעניגער קען וויסען אָפּצושאַצען וואָס הרב סילווער׳ס אָנקומען קיין פוילען האָט דעמאָלס בעדייט פאַר אונז! עס איז שיער־ניש געווען ווי אַ בשורה פון תחיית המתים. עס איז געווען אַן אָנזאָג, אַז דער כלל ישראל לעבט ווייטער. עס איז געווען אַ צייכען, אַז אהבת ישראל פלאַמט ווייטער ביי אונזערע גדולי התורה! וואָרים, מיר, דאָס

---

7) „דאָס נייע לעבען״, לאָדוש, יולי, 1946.

8) אויפגענומען ספעציעל פאַר׳ן דאָזיגען בעריכטס־בוך.

ביסעל צובראָכענע און דערשיטערטע רעשטלעך פון פּוילישען אידענטום, האָבען זיך קודם־כל געגויטיגט דערין צו דערפיהלען דאָס ריכטיג־וואַרימע אידישע האַרץ פון אונזערע רבנים און מנהיגים... וויפיעל די שארית הפליטה האָט זיך געפיהלט עלענד און פעריתומ׳ט אין נאָך־מלחמה׳דיגען פוילען, — האָבען פרומע אידען זיך געפיהלט נאָך פיעלפאַכיג מעהר פערלאָזען און פערצווייפעלט. אַלע פרייע פּאַרטייען האָבען צו אונז געשיקט זייערע שליחים. אַ גאַנצע רייע פיהרער פון די פרייע פּאַרטייען האָבען זיך בעוויזען אין פוילען, איינער נאָכן צווייטען. נאָר דאָס ביסעל פרומע אידען צווישען דער שארית הפליטה, די בני תורה, די ישיבה־לייט, רעליגיעזע עסקנים און אַגודה־פיהרער, חסידישע אידען און אַמאָ־ליגע שעהנע בעלי־בתים — צו אונז איז קיינער נישט געקומען און אונזער מצב איז געווען ערגער מכל הבחינות. ביז עס האָט זיך בעוויזען הרב סילווער און זיין אָנקומען האָט אונז אויפגעלעבט, ממש אָנגעצונדען אַ רוח־החיים אין די עצמות היבשות, — הרב סילווער האָט מצליח געווען מיט זיין היסטאָרישער שליחות אין אַלע הינזיכטען. ראשית — ער האָט פאַר אונז בענייט די פערבינדונג מיט דער אָרטאָדאָקסישער וועלט, און פאַר אונז איינגעשטעלט דעם קאָנטאַקט מיט די אָרטאָדאָקסישע אָרגאַניזאַציעס און דורך דעם געהויבען דעם כבוד פון דער אָרטאָדאָקסישער מחנה בכלל; והשנית — ער האָט דורכגעפיהרט העכסט־וויכטיגע פּאָליטישע אינטערווענצען ביי די סאַמאָראָדנע פוילישע מלוכה־פיהרער, דעם פּרעזידענט, דעם פּרעמיער, אויסערן־מיניסטער וכדומה. און מיט זיין דרייסטער און מוטיגער שטעלונג לגבי די מלוכה־פיהרער האָט ער נאָך מעהר געהויבען דעם כבוד פון אָרטאָדאָקסישען אידענטום; והשלישית — און דאָס איז אפשר געווען צום וויכטיגסטען, — ער האָט אַליין דורכגעפיהרט אַזאַ געוואַלדיגע הילפס־אַרבעט פאַר דער שארית הפליטה בכלל און בפרט, אַז עס איז אַ גרויסער ספק, צי עמיצער איז געהעריג דערוועגען אינפאָרמירט ביז צום היינטיגען טאָג...

— איך דערמאָן זיך, ווי מיר אַ גרופּע אָנפירענדע מענשען פון דער שארית הפליטה האָבען אָפּגעוואַרט דעם הרב סילווער אויף דער פוילישער גרעניץ־סטאַציע, זשעבזשידאָוויצע. „ווייזט מיר אַ ישיבה־מאַן, אַ בן־תורה, אַ קלויזניק״ — אַזוי האָט הרב סילווער זיך ביי אונז געבעטען. און דאָס איז נישט געווען אַזוי לייכט. אין וואַרשע איז לחלוטין נישט געווען בנמצא קיין איד מיט אַ באָרד. ערשט אין לאָדז אויפן באַהן־וואָקזאַל, האָט הרב סילווער דערזעהען צווישען דעם גרויסען עולם, וואָס איז איהם געקומען מקבל־פנים זיין, אידען מיט לאַנגע בערד. דער לאַנגער און גרויסער הויף אויף זאַכאָדניע 66 איז געווען בעזעצט דורך די פרומע אידען, און אַלע רעליגיעזע מוסדות האָבען זיך דאָרט געפונען, אַ מקוה, אַ כשר׳ע קיך, אַ ישיבה. אייגענטליך, זענען שוין געווען דאַן דריי ישיבות, וואָס יעדע האָט געלערענט פאַר זיך אין אַ בעזונדערער שטוב און אין אַ בעזונדערען נוסח: אַ מירער ישיבה, אַ ליובאַוויטשער ישיבה, און אַ פּוילישע

ישיבה, אונטער דער אָנפיהרונג פון הרב גאָדל הערץ. אַז הרב סילווער האָט אָנגעטראָפען די ישיבה־לייט האָט ער פערגעסען אָן אַלץ און אַלעמען. פאַר יעדער ישיבה בעזונדער האָט ער געזאָגט תורה אין זייער אייגענעם נוסח; פאַר די ליובאַוויטשער — האָט ער נאָכגעזאָגט פון תניא; פאַר די פוילישע — האָט ער אַריינגעפלאָכטען חסידות, און ביי די מירער איז ער דאָך אַ וודאי געווען אין דער היים...

— די בני תורה, וועלכע האָבען זיך געהאַט צוריקגעקעהרט פון דער פערשיקונג אין סיביר ממש בעירום ובחוסר־כל, האָבען ממש דערזעהען פאַר זיך אַ פאָטער און פערזאָרגער. און נישט בלויז די בני־תורה — אַלע פרומע אידען, און אפילו סתם־אידען האָבען מיטאַמאָל דערפיהלט, אַז הרב סילווער איז אַ גאַנץ מערקווירדיגער שליח, וואָס נישט ער זאָגט־צו און טיילט־אויס הבטחות, נאָר ער העלפט יעדען איינעם בפועל ממש, און דאָס מיט אַן אָפען האַרץ און נאָך ברייטערער האַנד... גאַנץ שנעל איז דער גרויסער הויף אויף זאַכאָדניע 66 געוואָרען אָנגעפילט מיט פיעל טויזענטער אידען, און הרב סילווער האָט געמוזט אַרויסקומען אויפן באַלקאָן צו זאָגען די אידען אַ פּאָר ווערטער. „איך בין אייך געקומען מנחם־אָבל זיין, טייערע ברידער, אָבער איך האָב ליידער נישט קיין ווערטער פון טרייסט. דאָס איינציגע וואָס איך קען אייך זאָגען, און דאָס איז אפשר אַליין די גרעסטע טרייסט, אַז מען קען זיך ביי אייך לערנען יראת־שמים!"...

— דער גאַנצער פיעל־טויזענטער עולם איז אויסגעבראָכען אין אַ געוויין, און הרב סילווער האָט מיטגעוויינט. עס איז געווען אַ דערהויבענער מאָמענט, וועלכען איך וועל קיינמאָל נישט פערגעסען. הרב סילווער האָט דערצעהלט, אַז ער איז געקומען קיין פוילען אין נאָמען פון אגודת הרבנים אין אַמעריקע און אין שליחות פון „ועד הצלה", און האָט גלייך צוגעגעבען: „נאָר דער אמת איז, אַז עס איז מיין אייגענע שליחות, ווייל איך האָב לענגער נישט געקענט איינ־זיצען אין דער היים, נישט צו טרעפען זיך מיט אייך"...

גאַנצע טעג און גאַנצע נעכט האָבען זיך געצויגען רייען מענשען פאַר הרב סילווער'ס האָטעל־צימער. ער איז געשטאַנען אויף די פיס טאָג און נאַכט. גע־שפּייזט האָט ער זיך מיט מצות און אַביסעל טייטלען, וואָס ער האָט מיטגעפיהרט מיט זיך, און ער איז נישט מיד געוואָרען אויסצוהערען די אָנגעוועהטאָגטע אידען. יעדער, וואָס איז צו איהם אַריין אין צימער, איז אַרויס אַ דערמוטיגטער און געהאָלפענער. קיינעם האָט ער נישט אָפּגעזאָגט, נאָר ספּעציעל מקרב געווען האָט ער בני־תורה און מיוחסים. פון זיין ברייט־האַרציגער הילף האָבען גענאָסען פיעל טויזענטער יחידים, און גאַנץ בעזונדערס האָט ער געשטיצט די רעליגיעזע מוסדות פון אַלע מינים.

— אַ בעזונדערער שטאָלץ איז געווען צו זעהען מיט וואָסערע רעספּעקט

די פוילישע רעגירונגס־קרייזען האָבען זיך בעציוגען צו הרב סילווער. זיי האָבען פאַר איהם רעזערווירט אַ ספּעציעלען אַפּאַרטמענט אין שענסטען האָטעל פון וואַרשע — „פּאָלאָניאַ״, און האָבען געזוכט נאָכצוקומען אַלע זיינע וואונשען. און הרב סילווער, דער גאון און מנהיג פון אָרטאָדאָקסישען אידענטום אין אַמעריקע, האָט דווקא גערעדט מיט די פוילישע מלוכה־מענער גאָר האַרבע ווערטער, פיעל שאַרפערע ווי אַלע אַנדערע פּאָליטישע מאַכערס און פאַרשטעהער. דאָס איז געווען אין דער צייט פון שרעקליכען קיעלצער פּאָגראָם, די שארית הפליטה האָט געציטערט פאַר׳ן לעבען, און הרב סילווער האָט מיט זיין דרייסטען אויפטריט פאַר די העכסטע פוילישע מלוכה־קעפּ, פיעל געווירקט, אַז די פּוי־לישע רעגירונג זאָל נעמען אַ שאַרפען און ענטשלאָסענעם קורס קעגען די פוילישע פּאָגראָמשטשיקעס.

און אַזוי האָט שמעון צוקער פערענדיגט זיינע זכרונות:

— עס וואָלט נאָך געווים כדאי געווען צו דערצעהלען וועגען הרב סילווער׳ס ענטשיידענעם אַנטיילביים אָרגאַניזירען און פינאַנסירען די „בריחה״ פון פוילען, בפרט פון די רעליגיעזע קרייזען. גראָד ווייסט מען דערוועגען זייער ווינציג. מען ווייסט, אַז הרב סילווער האָט אויסגעגעבען גרויסע סומעס אויף געזעלשאַפטליכע און אויך אינדיווידועלע אונטערשטיצונגען. מען ווייסט אָבער נישט, וויפיעל הרב סילווער האָט אינוועסטירט אין דעם ווערק פון דער „בריחה״, און גאַנץ ספּעציעל פאַר דער אויסלייזונג און דער בעפרייאונג פון די צאָלרייכע רוסישע אידען, „אנוסים״ ביי די באָלשעוויקעס, וואָס האָבען זיך מיט־געכאַפּט מיטן שטראָם צוריק־וואַנדערער קיין פוילען... דאָס איז אַ קאַפּיטעל געשיכטע, וואָס איז אפשר נאָך נישט געקומען די צייט עס אויפצודעקען. איינס זאָל אָבער ווערען געזאָגט, אַז אַ דאַנק הרב סילווער׳ס הילף זענען ממש צעהנדלי־גער טויזענטער אידען געווען אימשטאַנד צו פערלאָזען פוילען, און אַרויסצוראַ־טעווען זיך פון דאָזיגען עמק־הבכא!

דאָס האָט ערקלערט מר. שמעון צוקער, וועלכער האָט פּערזענליך אָנגעפיהרט מיט דער העלדענמוטיגער „בריחה״־אַקציע פון די רעליגיעזע אידען, און וואָס וועגען זיין מוט און בראַוורישקייט בעת דער דאָזיגער אַקציע געהען אַרום לעגענדעס צווישען דער שארית הפליטה...

## אין פּליטים־לאַגערן און טראַנזיט־לאַגערן.

פון פוילען איז הרב סילווער אָפּגעפאָהרען אויף אַ לענגערן בעזוך איבער די פּליטים־לאַגערן אין די אָקופּירטע געביטען פון דייטשלאַנד און עסטרייך. זיין אָנקום איז געווען אַן אמת׳ער יום־טוב פאַר די רעליגיעזע קרייזען אין די

די לאַגערן, ווי דאָס האָט למשל, בעוויזען דאָס בעגריסונגס־אַרטיקעל אין „דאָס אידישע וואָרט", אָרגאַן פון דער אגודת ישראל אין אָקופּירטען דייטש־לאַנד:[9]

„הגאון ר' אליעזר סילווער אין דייטשלאַנד. — נאָך אַ בעזוך אין בעלגיען, האָלאַנד, פּוילען, טשעכאָסלאָוואַקיי און נאָך פערשידענע לענדער אין חרוב'ען אידישען אייראָפּע, וואו ער איז אומעטום בעגייסטערט עמפּאַנגען געוואָרען, ווילט איצט דער פּרעזידענט פון דער אגודת הרבנים און אגודת ישראל אין אַמעריקע הגאון ר' אליעזר סילווער שליט"א, זייט איניגע טעג אין דייטשלאַנד.

„ביים אָנקומען אויפן מינכענער באַהן־הויף איז ער בעגריסט געוואָרען פון אַ דעלעגאַציע רבנים און רבנים און אָרטאָדאָקסישע עסקנים און פאָרשטעהער פון מרכז אגודת ישראל אין דייטשלאַנד.

„ווי מיר ווערען געוואויר, וועט הרב סילווער בעזוכען מעהרערע לאַגערן, בכדי זיך צו בעקענען מיט דער לאַגע און אויסאַרבעטען אַ נייעם פּלאַן פאַרן „ועד הצלה" פון וועלכען ער שטייט אין דער שפּיץ.

„אַ בעזונדערע אויפמערקזאַמקייט וויל הרב סילווער שענקען די עקזיס־טירענדיגע ישיבות און די מעגליכקייט צו העלפען זייער ענטוויקלונג. ווי בע־וואוסט, האָט הרב סילווער גרויסע פערדינסטען אין דער עקזיסטענץ און אין דער ענטוויקלונג פון פיל גרויסע ישיבות אין אַמעריקע. זיין קומען קיין דייטשלאַנד האָט אַרויסגערופען גרויס פרייד צווישען די אָרטאָדאָקסישע קרייזען. די אָרטאָ־דאָקסישע שארית הפליטה פילט דאַנקבאַרקייט פאַר דעם גרויסען גאון שליט"א, וואָס האָט אויף זיינע יאָרען זיך גענומען דעם שווערען טלטול־הדרך, כדי צו בעזוכען, טרייסטען און העלפען דער שארית הפליטה. ברוך הבא!"

די לאַגע, וואָס הרב סילווער האָט אָנגעטראָפען אין די פּליטים־לאַגערן איז געווען אַ טרויעריגע ביז גאָר, ווי עס בעווייזט דער פאָלגענדער בעריכט:[10]

„הרב סילווער איז געווען זייער פערביטערט געגען דער אָקופּאַציע־אַדמיניסטראַציע פון די אַליאירטע רעגירונגען, וועלכע זאָרגען זיך מעהר פאַרן וואוילזיין פון די אָרטיגע דייטשען ווי פאַר זייערע קרבנות, די אידען. ער האָט אָנגעטראָפען אַ שרעקליכען צושטאַנד אין אַלע לאַגערן, ספּעציעל אין די טראַנזיט־לאַגערן אין עסטרייך, וואו אידען הונגערן און גייען־אויס נאָך אַ ביסען ברויט, אין פּשוט'ען זין פון וואָרט. הרב סילווער איז ספּעציעל געווען פער־ביטערט אויף דער אַמעריקאַנער אָקופּאַציע־מאַכט, און ער האָט דערפון קיין סוד נישט געמאַכט. אין אַ לענגערען שמועס מיטן קאָמאַנדירענדען אַמעריקאַנער גע־נעראַל אין דער געגענט פון זאַלצבורג, האָט איהם הרב סילווער געזאָגט, אַז

9) נומער 6 (17), תמוז, תש"ו, אין מינכען.

10) „אַ גרוס פון די שארית הפליטה פון אידישען פאָלק", ז' 20.

ער וועט אויפוועקען דאָס געוויסען פון אַמעריקע, ניט בלויז דערפאַר, וואָס די אידען אין די טראַנזיט־לאַגערן האָבען נישט גענוג צו עסען, נאָר אויך דערפאַר, וואָס די אַמעריקאַנער האָבען זיך אָפּגעלערענט פון די ענגלענדער, אַראָפּצו־קוקען אויף די אָרימע אידישע וואַנדערער, ווי אויף מענשען פון אַ נידעריגער קאַטעגאָריע און זיי בעטראַכטען ווי אַן אומגליק...

„עס לוינט צו פערלירען אַ וואָרט, כדי צו בעשרייבען וואָס פאַר אַ מין אינסטיטוציע עס איז אַ טראַנזיט־לאַגער. דאָס זענען לאַגערן, וועלכע האָבען נישט קיין שטענדיגע „בעפעלקערונג״ פון שארית הפליטה. אַהין קומען טעגליך פּאַרטיעס אידען, על־פּי־רוב אַנטלאָפענע פון פּוילען, וועלכע בלייבען אַזוי לאַנג ביז זיי קענען ווייטער פאָהרען. נאָר אַ קליינער טייל פון די לאַגער־איינוואוינער זענען „תושבים״ דאָרט. די לאַגערן קריגען הילף פון דער „אונררא״ און פון אידישע אַמעריקאַנער אָרגאַניזאַציעס. איצט, אַז „אונררא״ האַלט ביים אויפ־געלעזט ווערען, זענען די דאָזיגע לאַגערן אַ גרויסער פּראָבלעם. עס זענען געווען צייטען, ווען אין אַזאַ לאַגער זענען מיט איינמאָל געווען אַרום צעהן טויזענט אידען און עסען איז דאָרטען געווען פאַר אַ צענטעל־טייל.

„הרב סילווער האָט דערצעהלט, ווי די אידען פון די דאָזיגע לאַגערן, נישט קענענדיג זיך דערוואַרטען אויף ממשות׳דיגער הילף, האָבען אין אַ מאָ־מענט פון פערצווייפלונג אַרויסגעשיקט אַ דעלעגאַציע קיין דייטשלאַנד אין אַנדערע לאַגערן, כדי צו ברענגען אַביסעל עסען פאַר אַ פרישער גרופּע, אומ־דערוואַרטעטע געסט פון פּוילען. מיר מעגען זיך אַראָפּנעמען אַ מוסר־השכל פון די אידישע פליטים אין דייטשלאַנד, וועלכע האָבען זיך געטיילט מיטן לעצטען ביסען אין בוכשטעבליכען זין פון וואָרט, און אַוועקגעשיקט אַ טראַנספּאָרט עסען צו אַנדערע פליטים, וועלכע זענען געווען הונגעריגער פאַר זיי. אַמעריקאַנער אידען געדענקט עס! — אַזוי האָט הרב סילווער צוגעגעבען.

## אין דער טשעכאָסלאָוואַקיע — געשיכטע און געגענוואַרט.

ווען הרב סילווער׳ס אָנקומען אין דער טשעכאָסלאָוואַקיע, ווערט דער־צעהלט פאָלגענדעס:

„גלייך נאָכדעם איז הרב סילווער אָפּגעפלויגען קיין פּראָג, וואו עס איז פאָרגעקומען די פייערליכע ווידער־דערעפענונג פון וועלט־בעריהמטען אידישען מוזעאום, וואָס געפינט זיך ביים אַריינגאַנג פון אַלטען בית־עולם, אַנטקעגען דער טויזענט־יאָהר אַלטער „אַלט־ניי־שוהל״, בעסער בעקאַנט אַלס דעם מהר״ל׳ס שוהל, וואָס די שטאָדט פון פּראָג האָט נישט געלאָזט חרוב מאַכען, ווען די דייטשען האָבען דערביי געהאַלטען.

„די דערעפענונג פון אַלטען אידישען מוזעאום פון פראָג איז געווען אַ יום־טוב, נישט בלויז פאַר אידען, נאָר אויך פאַר טשעכאָסלאָוואַקען בכלל. זיי האָבען דערין געזעהען אַ צוריקקעהר צו דעם אַלטען סיסטעם פון דער טשעכאָ־סלאָוואַקישער דעמאָקראַטיע. זענען טאַקע דאָרט געווען עטליכע מיטגלידער פון מיניסטאָרען־קאַבינעט. נאָך דעם ווי דער מיניסטער פאַר אויפקלערונג האָט פערענדיגט זיין פייערליכע רעדע, האָט הרב סילווער בעקומען דאָס וואָרט און אָנגעהויבען מיט די ווערטער: „מיר פייערען היינט אַ יום־טוב פון דער איבער־לעבונג פון אידישען גייסט איבער די בייזע כוחות פון צושטערונג; מיר דער־עפענען ווידער דעם אידישען מוזעאום, וואָס סימבאָליזירט דאָס שעהנע און גוטע פון אונזער געמיינזאַמען עבר אין דעם דאָזיגען לאַנד. טאָ לאָמיר, ביי דער געלעגענהייט אין זינען האָבען נישט בלויז די שטומע עדות פון אַ גרויסער פערגאַנגענהייט, נאָר אויך די לעבעדיגע קרבנות פון נאָהענטען עבר... דער־לויבט מיר אייך צו דערמאָנען אין די עטליכע טויזענט אידען פון די קאַרפּאַטען, וועלכע זענען געווען גוטע טשעכאָסלאָוואַקישע בירגער און זענען איצט גע־בליבען היימלאָז...

„דאָס איז געווען דער אָנהויב פון הרב סילווער׳ס אינטערווענץ פאַר די קאַרפּאַטען־אידען, אַריבער דריי טויזענט פון זיי וועלכע האָבען נישט געוואָלט זיך צוריקקעהרען אין זייערע אַמאָליגע היימען, וואָס געפינען זיך איצט אויף אַ רוסיש־אוקראַאינישער טעריטאָריע...

„הרב סילווער האָט זיך בעטייליגט אין אַ תפילה, אין דער מהר״ל־שוהל. „איך בין אַ היגער — האָט דער רב דערקלערט אין זיין דרשה — מיין זיידע, דער תוספות־יום־טוב, איז געווען מרא־דאתרא ביי אייך אין שטאָדט. דער רב איז דאַן געגאַנגען מתפלל זיין אויף די קברים פון מהר״ל און פון „נודע ביהודה״.

בעזונדערס ערפאָלגרייך זענען געווען הרב סילווער׳ס דיפּלאָמאַטישע אינ־טערווענצען ביי דער דעמאָלסדיגער טשעכאָסלאָוואַקישער רעגירונג, און גאַנץ ספּעציעל ביים אויסערן־מיניסטער יאַן מאַסאַריק, אָט וואָס עס איז דערוועגען געוואָרען פעסטגעשטעלט אין ראַפּאָרט: [11]

„שוין זייענדיג צוריק אין די פעראייניגטע שטאַטען, האָט הרב סילווער בעקומען די פערזיכערונג פון טשעכאָסלאָוואַקישען אויסערן־מיניסטער, יאַן מאַ־סאַריק, אַז זיינע פאָדערונגען און בקשות זענען פון דער טשעכאָסלאָוואַקישער רעגירונג בעהאַנדעלט געוואָרען זייער ערנסט און אַז דער גרעסטער טייל פון זיינע אינטערווענצען איז ערלעדיגט געוואָרען אין אַ פּאָזיטיווען זין״.

11) דאָרט, ז׳ 13.

## אין מערב־אייראָפּע: פראַנקרייך, בעלגיע און האָלאַנד.

אין די לענדער פון מערב־אייראָפּע האָט די לאַגע אויסגעזעהען אינגאַנצען אַנדערש. דאָרטען האָבען זיך די שרידים גיכער געהאַט צו־ביסלעך איינגעאָרדענט. די נויטען זענען געווען גאַנץ אַנדערע, מעהרסטענס בנוגע דער גייסטיגער ווידער־אויפלעבונג פון אידענטום. און די פיינליכסטע פראַגע איז געווען די רעטונג פון די אויסבעהאַלטענע אידישע קינדער — פון די קלויסטער׳ס אַרויס.

שוין אויף זיין ערשטער סטאַנציע, אין האָלאַנד, האָט הרב סילווער פּער־זענליך אינטערוועניִרט וועגען דער קינדער־רעטונג ביי דער האָלענדישער קע־ניגין, ווי עס ווערט געשילדערט אין זשורנאַליסטישען בעריכט:[12]

„אייער מאַיעסטעט" — האָט הרב סילווער זיך געווענדעט צו דער האָ־לענדישער קעניגין — „מיר אידען טרויערען נאָך מיליאָנען אידען, וואָס זענען אויסגעראָטען געוואָרען אין אייראָפּע. פאַר אונז איז יעדעס אידישע קינד, וואָס מיר קענען צוריקבעקומען, אַ גרויס געווינס, ווייל קינדער זענען אונזער גאַנצע האָפנונג. אין נאָמען פון גרויסען אידישען קיבוץ אין אַמעריקע, ווענד איך זיך צו אייך, פונקט ווי אייער עלטער־עלטער זיידע, ווילהעלם דער שווייגער, האָט זיך געווענדעט צו די פעלקער פון דער וועלט. איך ווענד זיך צו אייך ווי צו דער מאַמע פון האָלאַנד מיט דער בקשה: העלפט אונזער פאָלק צוריקבעקומען זיינע קינדער... איך מוז צוגעבען אייער מאַיעסטעט, האָט דער רב פאָרגעזעצט, אַז מיר האָבען שוין בעקומען מעהר הבטחות ווי די וועלט איז בכוח אָדער האָט בדעה צו האַלטען, אָבער דאָס האַלט אונז נישט אָפּ צו פאָדערן גערעכטיגקייט און בעטען יושר..."

„קעניגין ווילהעלמינא האָט דעם רב אויסגעהערט מיט אַ סך אויפמערק־זאַמקייט און איהם צוגעזאָגט, אַז זי וועט טוען אַלץ, וואָס עס שטעהט אין איהר מאַכט, כדי צו העלפען אויסלייזען די אידישע קינדערלעך פון ניט־אידישע הענד. אָבער דער רב איז דערפון נישט איבערצייגט געוואָרען. פאַר איהם איז ביי דער קעניגין געווען הרב הערצאָג, וועלכער האָט בעקומען אַן ענליכע הבטחה, און דערווייל הערט זיך נישט קיין שום ממשות׳דיגער רעזולטאַט פון דער אינ־טערווענץ...

הרב סילווער האָט דער קעניגין געדאַנקט אין נאָמען פון טראַדיציאָנעלען אידענטום פאַר איהר גוטען ווילען, און איהר געזאָגט אומגעפעהר בזה הלשון: „אייער מאַיעסטעט, עס איז פאַר מיר אַ גרויסער כבוד און אַ פערגעניגען צו קענען דאָ פאַר אייך פאָרלייגען די טענות און בקשות פון אָרטאָדאָקסישען אידענ־טום און עס פערשאַפט מיר נחת־רוח צו הערען אייער הבטחה אונז צו העלפען.

12) דאָרט.

אָבער אונזער בטחון איז געווענדעט צום רבונו־של־עולם, ווייל מיר זאָגען יעדען פסח „והיא שעמדה לאבותינו ולנו שלא אחד בלבד עמד עלינו לכלותינו... והקדוש ברוך הוא מצילנו מידם" — ניט איין רשע איז אויף אונז אויפגעשטאַנען אונז צו פערלענדען, אָבער דער רבונו־של־עולם האָט אונז מציל געווען. מיר גלויבען אין דער אייביגקייט פון אידישען פאָלק. מיר, מאַיעסטעט, האָבען אַן אַלטען קאָנטראַקט וואָס הייסט „ואף גם זאת" — אונז האָט דער האַר פון אַלע וועלטען געזאָגט, אַז אין די שווערסטע צייטען וועט ער אונז ניט פערלאָזען, און דעריבער האָב איך דעם קוראַזש צו גלויבען אין אייערע הבטחות, אונז צו העלפען אויסלייזען די אידישע קינדערלעך און זיי צוריקברענגען צו אונזער פאָלק"...

„די קעניגין האָט דאַן דעם הרב סילווער דערמאָנט, אַז די ערשטע אידישע קהילה פון אַמעריקע, אָדער בעסער פון ניו־יאָרק, איז בעשטאַנען פון האָלענדישע אידישע פליטים, וועלכע זענען געשטאַנען פאַר עהנליכע שווערע פּראָבלעמען, און נאָר אַ דאַנק דער האָלענדישער קרוין איז עס געלונגען צו בעזיגען די רשעות פון יענער צייט, און העלפען בויען די ערשטע אידישע קהילה אויפן אַמעריקאַנער באָדען... „ניו יאָרקער אידען זענען אונזערע אידען, און אויב איר רעדט אין זייער נאָמען, פיהלען מיר זיך פערפליכטעט לגבי זיי און דעם גאַנצען אידישען פאָלק".

און אָט איז אַ שילדערונג פון הרב סילווער'ס בעזוך אין אַנטווערפען:

„אַנטווערפענער אידען האָבען אויפגענומען דעם פרעזידענט פון אגודת הרבנים אין אַמעריקע מיט גרויס פּאַראַד און כבוד. בעלגישע אידען האָבען זיך געהאַט מיט וואָס צו בעריהמען פאַר אַן אָרטאָדאָקסישען מנהיג. בעלגיע האָט אַ רייע אייגענע ישיבות, תלמוד־תורות און בית־יעקב שולען פאַר מיידלעך. די אידישע קהילה פון אַנטווערפען איז רעאָרגאַניזירט און פונקציאָנירט ווי אין די בעסטע צייטען.

„הרב סילווער, וועלכער לייגט דעם טראָפּ אויף דערציהונג, האָט זיך גענומען מיה צו בעזוכען די אידישע דערציהונגס־אַנשטאַלטען און אַליין „פּער־הערען" די קינדערלעך. טרעהרען זענען איהם גערונען פון די אויגען, ווען די מנהלים פון איין ישיבה האָבען איהם פאָרגעשטעלט אינגלעך, וועלכע זענען ערשט מיט אַ קורצער צייט צוריק אַרויסגענומען געוואָרען פון בעלגישע קלויס־טערס און געבראַכט געוואָרען אין דער ישיבה, מיט צלמים'לעך אויף זייערע העלזער... עס איז אַ נס בתוך נס, דערצעהלט דער רב. עס איז דער נס פון זייער רעטונג און נאָך אַ גרעסערער נס, וואָס נאָך געצעהלטע עטליכע וואָכען זענען די קינדער געוואָרען עכטע אידען, און זיך דערוואָרבען אַ גאָר גרויסע מאָס אידישע אמונה און אידיש וויסען. זיי האָבען אין עטליכע חדשים אַלץ געלערענט און תופס געווען, און האָבען ממש פערגעסען די לערע, וואָס זיי

האָבען בעקומען אין משך פון יאָהרען צווישען גויים. צו זיי, זאָגט הרב סילווער, זענען צוריקגעקומען די אותיות, וועלכע זענען אַרויסגעפלויגען פון די פער־ברענטע ספרי־תורה, ווייל לויט אונזער מסורה קענען קיין הייליגע ספרים ניט פערברענט ווערען, עס איז „גוילין נשרפים ואותיות פורחות" — בלויז די פאַרמעטען ווערען פערברענט, אָבער די אותיות פליהען אַרויס און בלייבען אומבעריהרט. עס איז די איביגקייט פון דער אידישער תורה, וועלכע קען ניט פערברענט ווערען און ניט פערניכטעט ווערען"...

די אידען פון בעלגיע האָבען דעם רב געדאַנקט פאַר די טראַנספּאָרטען פון ספרי־תורה, ספרים און דברים שבקדושה, וואָס די אגודת הרבנים האָט מיט אַ יאָהר פריהער געשיקט קיין בעלגיע.

„הרב סילווער האָט זיך אין בעלגיע געטראָפען מיט די פאָרשטעהער פון דער מאַכט און אין נאָמען פון אַמעריקאַנער אידענטום זיי געדאַנקט פאַר זייער קאָאָפּעראַציע אין אויסלייזען אידישע קינדערלעך פון גוי׳אישע הענד. בעלגיע, איז איבעריגענס דאָס איינציגע לאַנד, וואו די געריכטען האָבען געפסק׳ענט, אַז אידישע קינדער מוזען צוריקגעגעבען ווערען צו די אידען, אָהן וועלכער עס איז רעזערוואַציע. אין משך פון דער מלחמה האָבען די בעלגיער, מעהר פון אַנדערע פעלקער, זיך בעמיהט צו ראַטעווען די קינדער פון אידען. און ניט בלויז קינדער, נאָר אויך דערוואַקסענע. איצט וואַקסט אין בעלגיע אַ יונגער דור תורה־טרייע אידען, צו וועלכען גאַנץ אייראָפּע קוקט מיט דערוואַרטונג און האָפנונג.

נישט ווייניגער דערמוטיגענד אין גייסטיגען זין האָט געקלונגען הרב סילווער׳ס בעריכט פון פראַנקרייך, ווי עס ווערט געזאָגט אין ראַפּאָרט:

„מה טובו אוהליך יעקב" — דאָס זענען געווען די געדאַנקען, וואָס הרב סילווער האָט געטראַכט, אַרויספאָהרענדיג פון בעלגיע קיין פראַנקרייך. „מה טובו אוהליך יעקב, משכנותיך ישראל". אַ מבול איז אויף דער וועלט דורכגעגאַנגען און אָפּגעווישט דאָס בעסטע פון אונזער פאָלק. אויסגעראָטען אונזערע בעסטע זיהן און טעכטער. אָפּגעמעקט אונזערע קהילות־הקודש פון איין עק וועלט ביז דער אַנדערער, און דאָ קומען צוריק קנאַפּע צוויי צענדליג טויזענט אידען אין אַ קליין לענדעל און פערמעסטען זיך להחזיר עטרה ליושנה, ווידער אויפצולעבען די עצמות היבשות, נאָכאַמאָל בעווייזען, אַז „לא אחד בלבד עמד עלינו לכלותינו"...

„אין פאַריז האָט הרב סילווער אָנגעטראָפען אַן אָרגאַניזירט אידיש לעבען. פאַריז איז היינט, נאָך לאָנדאָן, דער גרעסטער אידישער ישוב אין מערב־אייראָפּע. אַ חוץ דער אַלגעמיינער אידישער קהילה, דער אַזוי־גערופענער „קאָנסיסטואַר איזראַעליט", עקזיסטירט אין פאַריז אַן אגודת הרבנים און אַ זייער ריהרעוודיג אידיש לעבען, מיט אידישע צייטונגען, אַ אידישע דערציהונג, וואו דער טראַ־דיציאָנעלער עלעמענט קומט שטאַרק צום אויסדרוק.

„הרב סילווער האָט בעזוכט עטליכע קינדער־היימען, וואו דאָס לעבען ווערט אָנגעפיהרט לויטן אידישען דת און דין. אויפן „בעלוויל״, וואָס איז ווידער געוואָרען אַ אידישע געגענט, פונקציאָנירען חדרים און תלמוד־תורות, ווי אין אַמאָליגען פוילען און ליטע. טעגליך קומען קיין פראַנקרייך אַריין פּאַרטיעס אידען פון מזרח־אייראָפּע, און אַ דאַנק זיי שאַפען זיך נייע פּראָבלעמען און נייע אינסטיטוציעס.

„די פראַנצויזישע רעגירונג איז, אין ענין עמיגראַציע, די ליבעראַלסטע פון אייראָפּע. אידען געפינען דאָרט אַ מקום־מקלט, ווער צייטווייליג און ווער פערמאַנענט. דער עקאָנאָמישער מצב איז ווייט ניט אַזוי רעגולירט און אַזוי גוט ווי אין שכנות'דיגען בעלגיע, אָבער דאָס שטערט נישט דער ווידער־אויפלעבונג פון אידישען גייסט אין אַלע זיינע פאָרמען.

„אין פּרעכטיגען קור־אָרט עקס־לע־בען, האָט זיך גלייך נאָך דער בעפרייאונג, געעפענט אַ ישיבה אונטערן נאָמען „ישיבת חכמי צרפת״. דאָרט לערנען אידישע קינדער און יונגעלייט פון אַלע עקען פון דער וועלט. דערונטער בחורים, וועלכע זענען שוין געשטאַנען פאַר די טויערען פון די גאַז־קאַמערן; יונגעלייט, וועלכע האָבען דורכגעמאַכט אַלע שבעה מדורי גיהנום פון בוכענוואַלד און דאַכאַו, פון אָשוויענטשים און מיידאַנעק. פון זינט די צייטען פון רש״י און רבינו תם, פון זינט די לעצטע חכמי צרפת, פון פאַר דער ערשטער רעוואָלוציע, האָבען אַזעלכע מקומות נישט געהערט דעם קול התורה. די ישיבה, וועלכע דער רב דערמאָנט ווי אַ מין אילוסטראַציע פאַר ענליכע אינסטיטוציעס, געפינט זיך ממש אין אַ פּאַלאַץ, אַרומגערינגעלט מיט אַ גאָרטען, און די ישיבה־בחורים ווערען דאָרט אויסגעהאַלטען מיט אַלעם גוטען. די פראַנצויזישע מאַכט, אַזוי גוט ווי די פראַנצויזישע בעפעלקערונג, בעציהען זיך צו די נייע „חכמי צרפת״ מיט געהעריגען רעספּעקט און סימפּאַטיע. און — גיט דער רב צו — די אידען מיט בערד און פיאות פּאַסען זיך גוט אַריין אין דער לאַנדשאַפט, וועלכע האָט אַזעלכע אידען נישט מעהר געזעהען, זינט דעם 18־טען יאָרהונדערט.

## אין ארץ ישראל.

די לעצטע סטאַציע אויף הרב סילווער'ס הצלה־רייזע איז געווען ארץ ישראל, דאָס הייליגע לאַנד, וואָס האָט זיך דאַן געפונען אין לעצטען פּעריאָד פון בריטישען מאַנדאַט־רעזשים. הרב סילווער האָט דעריבער זיין בעזוך אין ארץ ישראל אויך אויסגענוצט אויף דורכצופיהרען אַ מוטיגע און געוואַגטע פּאָליטישע אינטערווענץ ביים דעמאָלדיגען ענגלישען הויך־קאָמיסאַר, גענעראַל קעניגהאַם.

אויפֿן וועג קיין ארץ ישראל האָט נאָך הרב סילווער זיך אָפּגעשטעלט אין איטאַליע, ווי אויך אין מצרים. און דערוועגן איז געשריבען אין דעם זשור־נאַליסטישען ראַפּאָרט:

„אין איטאַליע האָט הרב סילווער בעזוכט אַלע לאַגערן און קיבוצים. ער האָט געגעבען הילף, וואו מען האָט געדאַרפט און אָפּגעהאַלטען קאָנפערענצען מיט די פיהרער פון די לאַגערן. הרב סילווער האָט אין איטאַליע געמערקט ווי גוט פשוטע איטאַליענער בעציהען זיך צו די פליטים אין די לאַגערן און מחוץ די לאַגערן. אַ אידישער פאָרשטעהער פון מיניסטעריום און פיהרער פון די איטאַל־יענישע אידען האָט דעם רב סילווער איבערגעגעבען אַ האַלב־אָפיציעלען מעמאָ־ראַנדום וועגען דער לאַגע אין איטאַליע, און געבעטען איבערצוגעבען אין אַמע־ריקע וועגען דער לאַגע אין איטאַליע. הרב סילווער האָט דאָס צוגעזאָגט, אָבער ער האָט פון זיין זייט פערלאַנגט אָפענע טויערען פאַר פליטים אין איטאַליע. איטאַליע — האָט ער געזאָגט — דאַרף געדענקען דעם טעם פון גלות, און אויב זיי פערלאַנגען סימפּאַטיע, דאַרפען זיי בעווייזען, אַז זיי זענען ווערט די דאָזיגע סימפּאַטיע. און דאָס געהט ניט נאָר פאַרן פאָלק, נאָר טאַקע פאַר דער רעגירונג גופא. דאָס פאָלק פערדינט סימפּאַטיע און הילף״.

„פון רוים איז הרב סילווער געפלויגען קיין מצרים. ער איז געפאָהרען אַהין פאַר פדיון שבויים. קיין רוים זענען צו איהם דערגאַנגען ידיעות, אַז די עגיפּטישע רעגירונג האָט אַרעסטירט עטליכע און דרייסיג ישיבה־בחורים, פליטים פון שאַנכאַי, וועגען זייערע וויזעס, וואָס די מצרישע רעגירונג האָט אינצווישען געהאַט געפּסל׳ט. דער רב האָט פאַר זיי אינטערוועניךט און זיי אַרויסגעפיהרט פון מצרים. פאַר איינוועגס האָט ער שוין בעזוכט די אידישע קהילות פון מצרים.

און אָט איז דער בעריכט וועגען הרב סילווער׳ס וויזיט ביים בריטישען הויך־קאָמיסאַר אין ירושלים: [13])

„אַ פּאָר טעג נאָך זיין אָנקומען קיין ירושלים, איז הרב סילווער אויפגע־נומען געוואָרען פון נציב העליון (היי־קאָמישאָנער), אין זיין פּאַלאַץ אויפן הר־הצופים. וואָס דער רב האָט געזאָגט דעם פערטרעטער פון דער ענגלישער קרוין, האָבען זיך אַ סך ראַדיקאַלען קיינמאָל ניט דערלויבט איהם צו זאָגען. הרב סילווער האָט גערעדט צום נציב אויף זיין שטייגער, דירעקט, אונמיטעלבאַר און צום פּונקט.

„נאָכדעם ווי הרב סילווער און דער נציב האָבען זיך געגענזייטיג בעגריסט, האָט דער רב געשילדערט פאַרן נציב, סער עלען קעניגהאַם, די לאַגע פון די אידען אין אייראָפּע, די פערצווייפלונג פון דער שארית הפליטה און זייער ענט־שלאָסענקייט צו דערגרייכען די ברעגען פון אידישען היימלאַנד.

---

13) לויט׳ן „אידישען זשורנאַל״, טאָראָנטאָ.

„מען האָט מיר דערצעהלט — זאָגט דער רב צום נציב — אַז איהר זייט אַ פריינד פון אידישען פאָלק. איך וואָלט עס געוואָלט גלויבען, ווען איהר גיט מיר אַ געלעגענהייט דערצו, האָט דער רב פאָרגעזעצט. איך וואָלט וועלען דערצעהלען אין אַמעריקע וועגען אייער פריינטשאַפט צו אידען, נישט בלויז מיט ווערטער.

„דער נציב האָט זיך געפיהלט אַ ביסעלע פערלעגען און געזאָגט דעם רב, אַז עס זענען פאַראַן העכערע אינטערעסען, און אַז מען מוז זיך רעכענען מיט די אומשטענדען, און דאַן געפרעגטביים רב, צי גלויבט ער טאַקע באמת אין דער ענטשלאָסענקייט פון דער שארית הפליטה צו קומען קיין ארץ ישראל און ניט ערגעץ אַנדערש?

„הרב סילווער האָט דעם נציב געענטפערט, אַז אידען וועלען קומען קיין ארץ ישראל אויף אַלע וועגען, און אַז קיין זאַך און קיין מאַכט אין דער וועלט קען זיי דערפון נישט אָפּהאַלטען. איבעריגענס, האָט ער צוגעגעבען: ווי אַ מנהיג רוחני קען איך אייך זאָגען, אַז ביי אונז איז ישוב ארץ ישראל אַ מצווה פון דער תורה. עס זענען פאַראַן אַ גאַנצע רייע פון „מצוות התלויות בארץ" און מיר בעטראַכטען אַלע שטערונגען פאַר אַריינקומען אין ארץ ישראל אַלס אַ גזירה געגען דער תורה, און דערפאַר דאַרף מען זיך בכלל ניט רעכענען מיט דער דאָזיגער גזירה!

„דער נציב האָט פריינדליך געשמייכעלט און ווייטער געשטעלט אַ פראַגע: „צי זייט איהר פאַר טעראָר אין ארץ ישראל?"

— הרב סילווער האָט זיך נישט פערלאָרען און געענטפערט: „איך בין, אַלס רעליגיעזער מענש געגען מרידה. אָבער איך וויל אייך זאָגען, אַז איך בין אויך געגען מסירה. איך בין געגען דער קאָאָפּעראַציע מיט אייער פּאָליציי...

דאַן איז הרב סילווער אַריבערגעגאַנגען צו דער אַטאַקע: „זאָגט מיר, אדוני הנציב, צי דאַרפען גלחים האָבען סערטיפיקאַטען אַריינצוקומען קיין ארץ ישראל?"

„מיר דוכט זיך, אַז ניט" — האָט דער נציב געענטפערט.

„אויב אַזוי — האָט הרב סילווער אויסגעפיהרט — האַלט איך עס פאַר ריכטיג אייך צו בעטען, צו געבען די זעלבע רעכט צו אַלע רעליגיעס און אַריינלאָזען רבנים אָהן סערטיפיקאַטען. ביי אונז אין אַמעריקע האָבען די פאַר־שטעהער פון אַלע רעליגיעס די זעלבע רעכט... ענגלאַנד און אַמעריקע זענען פריינד און איך וויל האָפען, אַז מיר אידען וועלען נאָך העלפען צעמענטירען די דאָזיגע פריינדשאַפט, פונקט ווי מיר האָבען עס געטאָן בעת דער מלחמה אין דער טויט־סכנה, וואָס האָט געשוועבט איבער ענגלאַנד׳ס קאָפּ"...

„נאָכדעם ווי דער נציב האָט צוגעזאָגט צו בעטראַכטען ערנסט זיינע בקשות, האָט ער אויסגעדריקט אַ דאַנק פאַרן רב׳ס בעזוך און פאַר זיינע

גייסטרייכע אויפקלערונגען און איהם בעגלייט ביז׳ן אויטאָמאָביל״.

אויב דער צוזאַמענטרעף פון הרב סילווער מיטן בריטישען „נציב העליון״ האָט געטראָגן אַזאַ שטורמישען כאַראַקטער — איז דערפאַר אָבער אַריבער העכסט־פייערליך און אידיליש דער קבלת־פנים, וואָס דער גאַנצער פרומער ישוב אין ארץ ישראל האָט געגעבען לכבוד הרב סילווער: [14]

„פרייטאָג פ׳ שופטים, תש״ו איז קיין ארץ ישראל אָנגעקומען די בשורה, אַז הגאון הגדול רבי אליעזר סילווער, דער פרעזידענט פון דער דאָרטיגער אגודת ישראל און פרעזידענט פון אגודת הרבנים איז אָנגעקומען קיין ארץ ישראל. די דאָזיגע ידיעה, וועלכע איז דערהאַלטען געוואָרען אומגעריכט האָט אַרויס־גערופען אַ גרויסע שמחה צווישען רעליגיעזען אידענטום אין ארץ ישראל. די ידיעה איז דערהאַלטען געוואָרען מיט אַ פערשפעטיגונג, אַזוי אַז עס איז נישט געווען קיין צייט צו מאַכען פאַר דעם גאַסט אַ קבלת־פנים אויפן לופט־פעלד. אַ דעלעגאַציע פון אגודת ישראל איז שנעל אַוועק, כדי צו בעגעגענען הרב סילווער אויף זיין וועג קיין ירושלים און איהם צו בעגריסען. די ידיעה האָט זיך שנעל פערשפרייט, און מאַסען רבנים, ראשי ישיבות און עסקנים האָבען געשטראָמט צום האָטעל „אַמדורסקי״, כדי צו בעגריסען דעם חשוב׳ען גאַסט. נאָכדעם ווי הרב סילווער האָט זיך אַביסעל אָפּגערוהט איז ער אַוועק זעהען דעם הרב הראשי, הגאון ר׳ יוסף צבי דושינסקי און דעם גערער רבין. פאַרנאַכט־צו האָט הרב סילווער געדאַווענט ביי דער כותל־מערבי און שבת איז ער געווען דער גאַסט פון בריסקער גאון.

הרב סילווער איז אויפגענומען געוואָרען מיט גרויס שמחה און בעגייס־טערונג און מיט גרויס כבוד ביי אַלע גדולי הדור, וועמען ער האָט בעזוכט און וועלכע האָבען איהם בעזוכט. עס זענען לכבוד איהם איינגעאָרדענט געוואָרען פייערליכע אויפנאַמעס דורכ׳ן ועד הפועל פון אגודת ישראל אין ירושלים, ועד הישיבות און התאחדות הרבנים. הרב סילווער האָט געזאָגט שיעורים בהלכה אין די גרויסע ישיבות ווי: חברון, עץ חיים, פתח תקוה, פּאָניעוועזש א. א. שפּעטער האָט דער גאַסט בעזוכט אַלע תורה־מוסדות, די גרויסע רעליגיעזע חינוך־אַנשטאַלטען, בית יעקב שולען, ת״ת פון אגודת ישראל, אַלע אגודיסטישע אָר־גאַניזאַציעס, קיבוצים פון פועלי אגו״י, און צעירי אגודת ישראל. ער האָט אויך בעזוכט די פאַבריקען און שיכונים פון פאג״י און זיך בעטייליגט אין לעגען דעם גרונד־שטיין פאַר אַ בנין פון בית־יעקב און עפענען אַ נייע גאַס אויפן נאָמען פון די 93 קדושות, וואָס איז פאָרגעקומען מיטן אָנטייל פון ריזיגע מאַסען פון מענשען. הרב סילווער האָט אַרומגערייזט אין שטעדט און קאָלאָניעס און איז אומעטום אויפגענומען געוואָרען מיט אָוואַציעס. שוין לאַנג ווי ארץ

14) לויט׳ן בעריכט אין ירושלימ׳ער „קול ישראל״, איבערגעדרוקט אין „הפרדס״.

ישראל האָט נישט געזעהען אַ קבלת־פּנים פון אַזאַ פערנעהם, וואָס דאָס אָרטאָ־דאָקסישע אידענטום אין ארץ ישראל האָט געגעבען לכבוד הרב סילווער. ריזיגע פּלאַקאַטען האָבען בעציהרט די מויערען פון שטעדט און מושבות מיט די ווערטער: „ברוך הבא בשם ה׳". די פּרעסע אין ארץ ישראל האָבען אָפּ־געדרוקט וואַרימע בעגריסונגס־אַרטיקלען לכבוד דעם גאַסט. ביי דער געלעגענהייט איז אויך פאָרגעקומען אַ פּרעסע־קאָנפערענץ מיט אידישע זשורנאַליסטען, בעת וועלכער הרב סילווער האָט אָפּגעגעבען אַ בעריכט וועגען זיין רייזע איבער פוילען, טשעכאָסלאָוואַקיע, בעלגיע, האָלאַנד או״וו. הרב סילווער׳ס גאונות און ענערגיע האָבען אַלע בעוואונדערט".

מיט גאָר אַ בעזונדערן כבוד און התלהבות איז הרב סילווער געוואָרען אויפגענומען דורך די גדולי התורה און ראשי ישיבות אין ארץ ישראל. אָט איז אַ בעריכט איבער דעם ספּעציעלען קבלת־פּנים, וואָס דער „ועד הישיבות" האָט געגעבען לכבוד הרב סילווער אין ירושלים:

„די תורה׳דיגע און ישיבה׳שע ירושלים האָט נאָך ניט בייגעוואוינט אַזאַ מסיבה מיט אַזאַ פערנעהם, ווי די וועלכע איז איינגעאָרדענט געוואָרען דורך דעם „ועד הישיבות" אין ארץ ישראל לכבוד דעם גרויסען גאַסט, הגאון רבי אליעזר סילווער.

„דער באַנקעט איז פאָרגעקומען ח׳ אלול, תש״ו, אין האָטעל „תל־אביב־וואַרשאַווסקי" אין ירושלים. דער זאַל איז געווען איבערפילט. ביים פּרעזידיום־טיש זענען געזעסען: הגאון ר׳ איסר זלמן מעלצער, הגרא״י פינקעל — ראש ישיבת מיר, הגרי״מ טיקאצינסקי — ר״מ ישיבת עץ חיים, הגר״י סרנא — ר״מ ישיבת חברון, הגר״נ לפידות — ראש ישיבת חיי עולם, הגרי״ח סאנ־קיעוויטש — ראש ישיבת שפת אמת. אַזוי אויך איז געווען צו זעהען: הגרש״י הולמאן, הגר״א ווערנער — רב פון טבריה, הגר״ש יגל — ראש ישיבת סלאָנים, רמת־גן, הגרב״ץ חזן — ראש ישיבת פורת יוסף, והגר״מ פיינשטיין שליט״א — ראש ישיבת תפארת ירושלים אין ניו יאָרק.

געעפענט די מסיבה און אָנגעפיהרט מיטן פאָרזיץ האָט הגרי״מ טיקאָ־צינסקי, וועלכער האָט צו ערשט בעגריסט דעם חשוב׳ען גאַסט מיט האַרציגע ווערטער, און האָט דאַן פאָרגעשטעלט די רבנים און ראשי־ישיבות, וועלכע האָבען זיך דאָ פערזאַמעלט, כדי אויסצודריקען זייער כבוד פאַר הגאון רבי אליעזר סילווער, און הערען עפּעס פון דעם הויפּט־פאָרשטעהער פון רעליגיעזען אידענ־טום אין אַמעריקע. הרב טיקאצינסקי גיט איבער ביי דער געלעגענהייט אַ גרוס אין נאָמען פון „ועד הישיבות" צו דער אגודת הרבנים אין אַמעריקע און קאַ־נאַדע און דערקלערט, אַז ער זעהט אין דער מסיבה די ערשטע פערבינדונג צווישען די כוחות התורה אין ארץ ישראל מיט די כוחות התורה אין אַמעריקע.

דער זקן ראשי הישיבות האַלט דאַן זיין בעגריסונג:

„איך האַלט פאַר איבעריג אייך פאָרצושטעלען אונזער גרויסען גאַסט, זיין נאָמען איז בעקאַנט איבער דער גאַנצער וועלט. אויף זיין וואַנדער־וועג האָט ער פערשפרייט ליכט און גלאַנץ איבער די וועגען פון דער פערטרויערטער אייראָפּע, און ער האָט געבראַכט חיזוק ועידוד פאַר אונזערע געראַטעוועטע ברידער. איך וויל האָפען, אַז צוזאַמען מיט דער גרויסער הצלה־אַרבעט פון חשוב׳ען גאַסט וועט אויך די אַרבעט פון הצלת התורה פערנעמען אַ געהעריגען פּלאַץ. עס פרעהט מיך אונטערצושטרייכען, אַז דער „ועד הישיבות״, ער איז דער פערזאָרגער פון דער אידישער נשמה; דער „ועד הישיבות״ האַלט־אונטער דעם רוקען־ביין פון אידישען פאָלק. דער חשוב׳ער גאַסט האָט זיך זיכער איבערצייגט, אַז דער „ועד הישיבות״ איז די גרעסטע אָרגאַניזאַציע פון „תורה מציון״, אין וועמענס ישיבות עס לערנען העכער פיר טויזענט רבנים מיט זייערע תלמידים. איך וויל דעריבער האָפען, אַז דער בעזוך פון הרב סילווער וועט ברענגען אַ ברכה פאַר די ישיבות אין ארץ ישראל וואָס קעמפען פאַר זייער עקזיסטענץ.

הרב הילמאַן האָט ערקלערט, אַז דער גאַסט האָט אַליין געזעהען מיט וואָסערער מסירת נפש און דחקות די תלמידים זיצען און לערנען. ער האָט געוואונשען, אַז די הייליגע השפעה פון די ישיבות זאָל שוועבען אויף זיין גרויסער אַרבעט און פילפאַרביגער טעטיגקייט ביי זיין צוריקקומען קיין אַמע־ריקע. הרב סאַרנא האָט אויסגעדריקט די האָפנונג, אַז ווען הרב סילווער וועט צוריקקומען קיין אַמעריקע וועט ער בעשטימט אָפּגעבען אַ בעריכט וואָס זיינע אויגען האָבען געזעהען אין דער טרויעריגער אייראָפּע און די חורבות וואָס אונזערע שונאים האָבען דאָרט אָנגעטאָן, און אין וועלכען ים פון בלוט און טרעהרען אונזערע געראַטעוועטע ברידער געפינען זיך היינט־צו־טאָג. אָבער אויך אַ טראָפּען פון טרייסט וועט טריפען אויף זייערע הערצער „ולאמר לציון עמי אתה״. ער וועט דערצעהלען אונזערע ברידער אין אַמעריקע, אַז דער גייסט פון אידישען פאָלק און זיין תורה געהט אויף און טוט זיך פאַנאַנדערפלאַקערן אין די תורה־פּאַלאַצען פון ארץ ישראל. דאָ לעבען ווידער אויף די ישיבות, וועלכע זענען חרוב געוואָרען אין גלות. דאָ אין ארץ ישראל ווערט צוריק־געבויט דער גייסטיגער בנין פון אידישען פאָלק, וועלכעס שטעלט מיט זיך פאַר די ווידער־אויפלעבונג פאַרן גאַנצען פאָלק, די „יבנה וחכמיה״ איז די איינציגע גאַראַנטיע פאַר דער עקזיסטענץ פון פאָלק.

הרב סאַנקיעוויטש האָט אויסגעדריקט דעם צער פון ועד הפועל פון ועד הישיבות צוליב דעם וואָס די גרויסע גאונים הרב סאָראָצקין און הרב מישקאָווסקי זענען נישט אָנוועזענד ביי דער מסיבה, ווייל זיי געפינען זיך איצט אין חוץ לארץ. מיר בעדויערן אויך אויף דעם פרייען פּלאַץ אין דעם זאַל, וואָס איז בעשטימט פאַר אונזער חשוב׳ען הרב הראשי הערצאָג, ווייל אויך ער איז

איצט אין איראָפּע, בעשעפטיגט מיטן ראַטעווען אידישע קינדער פון די קריסט־ליכע הענט. מיר זענען זיכער, אַז דער גרויסער גאַסט וועט אין אַמעריקע דער־צעהלען וועגען דער הייליגער אַרבעט וואָס עס לייסטעט דער „ועד הישיבות" אין ארץ ישראל פאַר דער אויפבויאונג פון גייסטיגען לעבען אין הייליגען לאַנד און זיין געוואַלטיגע אויפגאַבע אין דער צוקונפט.

דער לעצטער רעדנער איז געווען הרב אלחנן סאַראַצקין (אין נאָמען פון „ועד הישיבות"): „עס האָבען זיך דאָ פערזאַמעלט אַלע גדולי התורה אין לאַנד, זקני ירושלים און איהרע חכמים, ראשי ישיבות און אלופי־התורה. אַלע האָבען זיך דאָ פערזאַמעלט כדי צו בעגריסען איינעם פון די עלטסטע אין גלות, הגר"א סילווער. מיר ווייסען און מיר האָבען אויך געזעהען מיט די אויגען די גרויסע הצלה־אַרבעט וואָס הרב סילווער האָט געטאָן פאַר אונזערע געראַטעוועטע ברידער אין איראָפּע, אָבער אין דער זעלבער צייט טאָרען מיר נישט אַוועקנעמען די אויגען פון ראַטעווען די בני תורה אין ארץ ישראל, אפילו דאָס זאָל זיין אַ הצלת־יחיד, און נאָך דערצו ווען מיר פערשטייען, אַז הצלת התורה איז דאָס זעלבע וואָס הצלת העם, די תורה איז דער אָטעם פון אידישען מענש".

מיט אַ לענגערער רעדע, פול מיט תוכן, האָט הרב סילווער געענטפערט צו די מסובים:

„דאָס ערשטע האָט הרב סילווער אָפּגעגעבען אַ לעבעדיגען גרוס פון דעם איבערגעבליבענעם פוילישען אידענטום און פון די געראַטעוועטע פון גאַנץ איראָפּע. טראָץ אַלע יסורים און צרות וואָס זיי זענען דורכגעגאַנגען — זענען זיי געבליבען שטאַרק אין גייסט און מיט פייער אין זייער נשמה. צו מיין גרויסער פרייד האָב איך דאָרטען געטראָפען בני תורה יראים ושלמים, וועלכע טראָגען מיט שטאָלץ דעם תורה פאָהן; איך האָב דאָרטען געטראָפען קינדער, וועלכע זענען נאָר־וואָס אַרויס פון די קלויסטערס און אויף וועמענס הערצער עס איז נאָך קענטיג דער צלם — אָבער זיי חזר'ן זיך מיט געוואַלדיגער דבקות „קריאת שמע" צו זאָגען אויסענווענינ. דאָס ערגסטע און שלעכטסטע האָט ניט געקענט בייקומען זייער גייסט און קדושה.

„איך בין בעאיינפלוסט געוואָרען מיט פיעל קדושה דורך מיין בעזוך ביי מיינע געפייניגטע ברידער. און מיט דעם שטאַרקען קדושה־געפיהל האָב איך בעטרעטען די אדמת הקודש. דאָס דאָזיגע געפיהל שטאַרקט זיך איצט ביי מיר, ווען איך בין מיט אייך צוזאַמען — גייסטיגע גבורים, וואָס האָרעווען אין די אהלי של תורה און אין די חצרות ה'".

„איך פלעג טייטשען דעם מאמר חז"ל: „למה נקראת שמה תפילת נעילה" — ווייל דעמאָלט זענען פערשלאָסען די שערי־שמים. דער זין דערפון איז: ווייל דעמאָלט ווערט יעדער איד גערופען איינצושליסען אין זיך די קדושה וטהרה, וואָס ער האָט געשעפּט און איינגעזאַפּט אין זיך אין די הייליגע טעג.

די דאָזיגע תפילה בעט איך איצט פאַר זיך. איך האָב אַ סך הייליגקייט אין זיך איינגעזאַפּט פון מיינע ברידער אין גלות און אַ סך קדושה טהו איך אין מיר איינזאַפּען פון דער דאָזיגער ערהאַבענער געגענווערטיגער תורה־מסיבה — זאָל השי״ת געבען, אַז די שערי הקדושה זאָלען נישט געשלאָסען ווערען און אירע איינדרוקען זאָלען בלייבען אין מיין אינערליכקייט אויף שטענדיג.

„מיט פיעל פערעהרונג געזעגען איך זיך מיט דעם הייליגען ווערק „ועד הישיבות בארץ ישראל״, וועמען עס איז געלונגען צו פעראייניגען די דאָזיגע כוחות צו איין קערפערשאַפט. איך קוק פון אַ ברייטען שטאַנדפּונקט וועגען דער הייליגער אויפגאַבע פון דאָזיגען ועד, וועלכער וועט זיך צעוואַקסען אי״ה, ווען די שרידי אחינו אין גלות וועלען קומען אין ארץ ישראל. איך בין אויך זיכער, אַז דאָס אַמעריקאַנער אידענטום — וואָס גילט אַלס מיט־שותף פון גרויסער בעדייטונג אין דעם ווערק וואָס ווערט דאָ געשאַפען — וועט נישט בלייבען פרעמד צו דער הייליגער אַרבעט, וואָס ווערט דאָ געטאָן און וועט אייך אויס־שטרעקען אַ האַנד פון הילף.

„אין אַ דערהויבענער שטימונג און אַ השראת קדושה האָבען זיך די געסט געזעגענט מיט הרב סילווער, און אַן אומפאַרגעסליכער רושם האָט איבערגעלאָזט אויף אַלע בעטייליגטע אין דער דאָזיגער אימפּאָזאַנטער מסיבה״.

## ווי אַזוי הרב סילווער האָט געראַטעוועט דעם „ועד הצלה״.

אין די ביז־איצטיגע אויספיהרליכע שילדערונגען פון הרב סילווער׳ס רייזע איבער די צענטערן פון דער שארית הפליטה פעהלט נאָך דער סאַמע וויזענט־ליכער פונקט — דאָס מיינט פשוט, דער הויפּט־ציל פון הרב סילווער׳ס הצלה־רייזע, וואָס איז נישט סתם געווען „צו פאָרשען די לאַגע״ און צו „ברענגען גענויע בעריכטען״, נאָר טאַקע צו טראָגען ממשות׳דיגע און שנעלע הילף — אומעטום וואו מען דאַרף.

און דאָ מוז מען צוגעבען, אַז דאָס איז געווען אַ העכסט־קריטישער פּעריאָד אין דער עקזיסטענץ פון „ועד הצלה״. די נויט פון דער שארית הפליטה איז געווען געוואַלדיג, דער הילפס־אַפּאַראַט פון „ועד הצלה״ איז געווען אַ ברייט־פערצווייגטער, ליידער זענען די צוגעזאָגטע פאָנדען נישט געוואָרען געליפערט מצד דער לייטונג פון „ועד הצלה״ אין אַמעריקע. הרב סילווער האָט בעת זיין רייזע אָנגעטראָפען אַ העכסט־פיינליכען צושטאַנד. עס איז געווען דרינגענד נויטיג צו ראַטעווען דאָס גאַנצע הילפס־ווערק פונ׳ם „ועד הצלה״, און הרב סילווער האָט זיך דעצידירט דאָס צו טהוען אויף אייגענער האַנד.

די אַלגעמיינע סיטואַציע ביי דער שארית הפליטה און דער קריזיס אין

דער אַרבעט פון „ועד הצלה" זענען צום קלאָרסטען געוואָרען געשילדערט אין דעם דרינגענדען טעלעגראַפישען אַפּיל, וואָס הרב סילווער האָט דאַן איבער־געשיקט פון פּראַג צום נשיאות פון דער אגודת הרבנים אין אַמעריקע.

אַזוי האָט געלויטעט דער אַלאַרם־אַפּיל:[15]

— „בעזוכט האָלאַנד, בעלגיע, פראַנקרייך, טשעכאָסלאָוואַקיי און דאָס אָרי־מע פוילען. — געווען אין געפערליכע ערטער. — אָנגעטראָפען שרעקליכע סיטואַציעס. — תלמידי חכמים וואַלגערן זיך אין די גאַסען און לעבען אין אומסאַניטאַרע בעדינגונגען. — די מעהרסטע פון זיי, צוריקגעקומענע פון רוס־לאַנד, טראָגען פּאַטריאַרכאַלישע בערד און שטאַמען פון גרויסען יחוס. — געג־געבען גרויסע סומעס צו יחידים, אלמנות און קינדער פון ראשי ישיבות. ישיבה־בחורים, ווי אויך אינסטיטוציעס. — יעדער איינער איז נאַקעט, עלענד, צובראָכען און ענטוישט. — כ'האָב מיר ביז־איצט געבאָרגט געלט פאַר הילף. — איך פאָהר צוריק קיין פוילען, אין אָרימסטען טייל, קיין שטעטין און שלעזיע. — נויטיג צום ווינציגסטען נאָך פינף טויזענט דאָלאַר פון „עזרת תורה", פינף און צוואנציג טויזענט דאָלאַר פון „ועד הצלה", און פינף טויזענט דאָלאַר פון ועד פון ראשי ישיבות. — די שטערנבוכ'ס זענען פערצווייפעלט, ווייל זיי האָבען נישט קיין געלט, זיי טהוען וויכטיגע אַרבעט. — רומענישע, אונגאַרישע און קאַרפּאַטען־רוסישע אידען נויטיגען זיך אויך אין הילף. — אַ גרויסע אַרבעט מוז געטאָן ווערען זאָפאָרט, כדי צו העלפען די אידען אין פוילען און אין אַנדערע לענדער, ווי אויך צו ברענגען די יוגענד צוריק צו תורה. — אויב עס וועט נישט געשיקט ווערען קיין שנעלע הילף דורך מיר און צו די שטערנבוכ'ס, דראָהט אַ צוזאַמענברוך פון גאַנצען רעטונגס־ווערק. — איך וועל באָרגען גרויסע סומעס געלט אויף אייער חשבון, ווייל איך קאָן נישט צוזעהען ווי אידען געהען אויס פאַר אונזערע אויגען און פיל פון זיי פון די חשוב'סטע משפחות".

(געצייכענט)

**הרב אליעזר סילווער**

פון הרב סילווער'ס העכסט־ריהרענדען אַלאַרם־אַפּיל איז יעדענפאַלס צו לערנען די צוויי וועזענטליכע פאַקטען: ערשטענס — אַז דער „ועד הצלה" אין אַמעריקע האָט צו יענעם מאָמענט נישט געליפערט די נויטיגע פאָנדען; און צווייטענס — אַז הרב סילווער האָט פערזענליך גענומען אויף זיך אונגעהויערע פינאַנציעלע פערפליכטונגען, כדי צו ראַטעווען די לאַגע.

וואָס שייך דעם ערשטען פאַקט — וועגען דעם קריטישען מצב פון דער הילפס־אַרבעט פון „ועד הצלה", וועט זיין אינטערעסאַנט צו ברענגען אַלס אי־

15) לויט'ן אָריגינאַל אין אַרכיוו פון „ועד הצלה".

לוסטראַציע איניגע אויטענטישע דעפעשען, וואָס געפינען זיך אין אַרכיוו פון „ועד הצלה״.

דעם 11־טען אַפּריל 1946 האָט דער פערטרעטער פון „ועד הצלה״ אין דער שווייץ טעלעגראַפירט:

„די פּסח־אַקציע האָט אויסגעשעפּט אַלע אונזערע מעגליכקייטען — אָהן שנעלער און זאַפּאַרטיגער הילף מוזען מיר אָפּשטעלען די גאַנצע אַרבעט״.

דעם 23־טען מאַי 1946 איז געווען אַ ווייטערדיגער טעלעגראַם פון דער זעלבער קוועלע:

„אונפערשטענדליך. — זינט מאָנאַטען זענען דורך אייך קיין איבערווייזונגען נישט געוואָרען געמאַכט. — די לויפענדע אויפטראַגען איז אונמעגליך אויסצופיהרען, אויב עס וועלען נישט איבערגעוויזען ווערען געהעריגע סומען״.

דעם 26־טען מאַי 1946 איז געווען אַן אַלאַרם־טעלעגראַם פון נאָך אַ שאַרפערן אינהאַלט:

„נאָך דעם טעלעפאָנישען צוזאָג פון ניו יאָרק זענען מיר אַלע דערשלאָגען פון אייער אַפּאַטיע. — עס דראָהט אַ גרויסע געפאַהר די פוילישע אידען. — טויזענטער רעליגיעזע אידען אָקאָרשט אָנגעקומען קיין פוילען פון „ארץ האדום״ (רוסלאַנד) און זייער עוואַקואַציע איז אַ פראַגע פון לעבען און טויט. — פרוי שטערנבוך קומט צו פליהען מאָרגען מיט אַבסאָלוט־פערטרויליכע אינסטרוקציעס וועגען רעטונגס־מעגליכקייטען אין ברייטען פערנעהם. — געדענקט וואָס די אַפּאַטיע פון 1942 האָט געקאָסט. — שליסט נישט אייערע הערצער אין דער צוועלפטער שעה. — די מינימום־סומע נויטיג פאַר גרויסער אַרבעט פון 30 ביז 50 טויזענט דאָלאַר״.

(געצייכענט)

**הרב וואָלגעלערענטער**

אָט אַזאַ לאַגע האָט אָנגעטראָפען הרב סילווער. בעת זיינעם אַן עפענטליכען בעריכט אויף דעם ספּעציעלען קבלת־פּנים, געגעבען נאָך זיין צוריקקומען דורך דער אגודת הרבנים אין אַמעריקע, האָט הרב סילווער בעמערקט אָט־וואָס:[16]

„אין דייטשלאַנד האָב איך געטראָפען רבנים, וואָס זענען אָרגאַניזירט אונטער דער אָנפיהרונג פון מיין חשוב׳ען פריינד, וואָס איז בעקאַנט פון זיין יוגענד אָן אַלס אַ גדול בתורה ובחכמה, הרב ר׳ שמואל אבא סניעג. אויך דער „דזשאָינט״ שטיצט דאָרט די רעליגיעזע אידען, מעהר ווי אין אַנדערע לענדער. דער „ועד הצלה״ דאָרטען האָט כמעט ווי אויפגעהערט צו אַרבעטען. ווי נאָר כ׳בין אָנגעקומען און כ׳האָב זיי דערלאַנגט הילף, האָבען זיי ווייטער פאָרטגעזעצט די טעטיגקייט, און כ׳האָב געראַטעוועט דעם „ועד הצלה״ פון אַ בזיון״.

---

16) „הפרדס״. ד׳ אלול, תש״ו.

„אַ גרויסען הונגער האָב איך אָנגעטראָפען צווישען די אויסגעוואָרצעלטע אידען אין די שטעדט פון עסטרייך. די קינדער שטאַרבען דאָרט פשוט פון הונגער. ווען ס׳רעגענט רינט אַריין צו די זקנים און די קינדער אין די שטובען. זיי זענען נאַקעט און ס׳איז נישטאָ ווער ס׳זאָל זיי העלפען. דער „אונררא״ צוזאַמען מיט דעם „דזשאָינט״ גיבען נישט מער ווי אַ האַלב פונט ברויט פאַר אַ מענש אַ טאָג, און די עסענס האָבען נישט קיין שום טעם, זיי זענען נישט מילכיג און נישט פליישיג. אויך אין די נישט־כשר׳ע קיכען איז דער זעלבער מצב. איך האָב פעראָרדענט, אַז מען זאָל יעדען טאָג באַקען ברויט פאַר מיין געלט, כדי צו שטילען דעם הונגער ביי די קינדער״.

„ביי מיין אָנקומען אין דער טשעכאָסלאָוואַקיי האָב איך געפרעגט די רבנים, פון וואַנען זיי לעבען? זיי האָבען מיר געענטפערט, אַז זיי לעבען פון „ועד הצלה״. יעדען חודש קריגט יעדער איינער פון זיי דרייסיג דאָלאַר. אָבער זינט דריי חדשים, ווי זיי קריגען נישט די שטיצע, ווייל דער „ועד הצלה״ האָט נישט קיין געלט. איך האָב זיי געגעבען פאַר צוויי חדשים״.

דאָס זענען בלויז אייניגע פאַקטען וועגען הרב סילווער׳ס צוגעטיילטער הילף. אומעטום וואו ער איז געקומען, איז די הילף געווען דרינגענד — און אומעטום איז די הילף געוואָרען דערלאַנגט.

אין דעם ספעציעלען רוף, וואָס די אגודת הרבנים אין אמעריקע האָט אַרויסגעלאָזען, נאָך הרב סילווער׳ס צוריקקומען פון אייראָפּע איז געווען געזאָגט:[17]

„מיר בעשטעטיגען דעם דין־וחשבון, וואָס מיר האָבען בעקומען פון אונזער חבר־הנשיאות, הגאון ר׳ אליעזר סילווער, וועלכער האָט בעזוכט צעהן לענדער אין אייראָפּע ווי אויך ארץ ישראל״.

הרב סילווער׳ס דין־וחשבון, איז אַלזאָ געוואָרען פאָרמעל בעשטעטיגט דורך דער אגודת הרבנים, נאָר צו די אונגעהויערע פינאַנציעלע פערפליכטונגען, וועגען וועלכע הרב סילווער האָט געמאָלדען אין זיין טעלעגראַפישען אַפּיל צו דער אגודת הרבנים, צי די דאָזיגע פערפליכטונגען זענען דורך עמיצען געוואָרען געדעקט, מחוץ פון הרב סילווער׳ן פערזענליך — דאָס איז שוין אַן אַנדערע פראַגע...

---

17) „הפרדס״, שבט, תש״ז.

קאַפּיטעל 20

# דאָס רוהמפולע הילפס־ווערק פון „ועד הצלה“ אין אָקופּירטען דייטשלאַנד.

דאָס דורכגעפיהרטע דערהאַבענע פּראָגראַם „אויפצולעבען פון די חורבות די קדשי האומה“. — צוזאַמענאַרבעט פון „ועד הצלה“ מיט די אינטערנאַציאָנאַלע הילפס־אַגענטורען און די אַמעריקאַנער רעגירונגס־אינסטאַנצען. — די העכסטע אַמעריקאַנער אויטאָריטעטען לויבען דאָס ווערק פון „ועד הצלה“ פאַר דער אויפלעבונג פון אידישען דת און טראַדיציע. — די דערפאָלגרייכע אונטערנעמונגען אויף אַלע געביטען פון רעליגיעזען לעבען, און ספּעציעל אויפ׳ן געביט פון חינוך. — בראש פון דער רעליגיעזער טעטיגקייט איז געשטאַנען דער פערבאַנד פון די רבנים־פּליטים.

אַלס פּועל־יוצא פונ׳ם פערשאַרפטען קריזיס אין דעם אידישען פּליטים־פּראָבלעם איז דערווייל אויסגעוואַקסען אַ נייע, העכסט־פּיינליכע און צוגלייך העכסט־דרינגענדע אויפגאַבע — צו שאַפען מעהר־וועניג „נאָרמאַלע לעבענס־בעדינגונגען“ אין די פּליטים־לאַגערן אויפן געביט פון אָקופּירטען דייטשלאַנד, ווי צוגלייך אין דער אָקופּירטער עסטרייך און אויך איטאַליע.

די שארית הפליטה האָט זיך פערמאָסטען אויף אַן אָפענעם רעוואָלט געגען דער גרויסער אכזריות׳דיגער וועלט. די היימלאָזע און אויסגעוואָרצעלטע שרידים, וואָס די מכלומרשט־באַרעמהערציגע דעמאָקראַטישע וועלט האָט זיי אָפּגעסטעמפּעלט מיטן טיטול: „די־פּי“ („דיספּלעיסד פּערסאָנס“ — מענשען אָהן אַ היים), האָבען טאַקע אַוועקגעשטעלט דעם טראָפּ אויף דעם ריכטיגען פּונקט: „מיר ווילען אַן אייגענע היים, איינמאָל פאַר אַלעמאָל!“ און מען קען נישט זאָגען, אַז דער אויסוואַהל פאַר דער שארית הפליטה זאָל צומאָל האָבען געווען אַזאַ שווערער — ווייל פאַקטיש איז פאַר זיי נישט געוואָרען געשטעלט קיין אַלטערנאַטיווע פון אַן אַנדער אויפנאַהמס־לאַנד, מחוץ ארץ ישראל. אַלע סאָרטען „טעריטאָריאַליסטישע חלומות“ און קאָלאָניזאַציע־פּלענער „במקום ארץ ישראל“ האָבען זיך אַרויסגעוויזען אַלס באַנקראָט און פולשטענדיג־לעכערליך — דווקא אין אָנבליק פון דער גרויסער אידישער אימיגראַציע־נויט, נאָכ׳ן חורבן אייראָפּע.

ביי די טויערען פון ארץ ישראל האָט זיך אָבער אַוועקגעשטעלט דער מעכטיגער בריטישער פלאָט, דער אַמאָליגער „הערשער איבער די ימים“. די

שארית הפליטה האָט זיך געלאָזען מיטן אומלעגאַלען סיסטעמאַטישען עליה־מאַרש. דאָס האָט געפאָדערט צייט, און פאַר דער צווישען־צייט איז געווען נויטיג צו אָרגאַניזירען די אידישע פליטים־לאַגערן אַלס „אידישע קהילות אונטערוועגס". אַזוי־אַרום איז פאַרן „ועד הצלה" געוואָרען אַוועקגעשטעלט מיט דער גאַנצער ערנסטקייט די פראַגע פון אויסבויען אַן עכטען טראַדיציאָנעל־אידישען לעבענס־שטייגער אין די פליטים־לאַגערן, און אין דער ערשטער רייע — צו בעזאָרגען אַלע רעליגיעזע הצטרכות׳ן פון די רעליגיע־געשטימטע שיכטען אין דער שארית הפליטה.

„אויפצולעבען צוריק פון די חורבות די קדשי האומה" — אַזוי איז דאָס גרויסצוגיגע אַרבעטס־פּראָגראַם פון „ועד הצלה" אין אָקופּירטען דייטשלאַנד גע־וואָרען כאַראַקטעריזירט אין דעם פּרעכטיגען אילוסטרירטען בילאַנס־בוך פון „ועד הצלה", אַרויסגעגעבען אונטער דער רעדאַקציע פון הרב נתן באַרוך און הרב אביעזר בורשטין (אין פערנעהם פון 260 זייטען, מיט פיעל הונדערטער בילדער, דערשינען אין מינכען אין 1948).

עס וועט געוויס זיין בעלעהרענד אַרויסצונעמען אייניגע אויסצוגען פונ׳ם „פאָרוואָרט" צום דאָזיגען בילאַנס־בוך:[1]

„פאַראַן זאַכען, וואָס זייער קלינגענדיגער נאָמען איבערשטייגט אָפט זייער פאַקטישער חשיבות און פרסום; און פאַראַן ווידער אַזעלכע וואָס יאָגען זיך נישט נאָכ׳ן טומעל און פּובליסיטי, נאָר טוען זיך באמונה זייער אַרבעט. ערשט די פּרוכטען פון אַ לענגערער טעטיגקייט איבערראַשען די עפענטליכקייט דורך די וואונדערליכע דערגרייכונגען און גרויסמאָסיגע מעשים.

„דער „ועד הצלה" אין דייטשלאַנד געהערט אָהן ספק צום צווייטען סוג".

„נישט לייכט איז דאָס אָנגעקומען. די בעדינגונגען וואָס הערשען היינט אין דייטשלאַנד, האָבען פערלאַנגט אומגעהויערע אָפּפערווילינקייט און מסירת־הנפש. יעדער לאַגער האָט געמוזט בעזוכט ווערען. איבעראַל האָט מען געדאַרפט אַרויסהויבען די פּאַסיגע פּערזאָנען, וואָס זאָלען זיך מיט ברען און התלהבות אַריינוואַרפען אין דער הייליגער אַרבעט — אויפצולעבען צוריק די חורבות פון די קדשי האומה.

„די אַרבעט גופא איז אויך נישט געווען קיין דאַנקבאַרע און גרינגע. די אַנטי־דתיים פון אונזער אייגענער מחנה, האָבען זיך נישט איינמאָל פערמאָסטען אויף אונז, וועלענדיג ליקווידירען, אָדער לכל־הפחות פּאַראַליזירען, אונזער טע־טיגקייט. אַלע מיטלען האָבען זיי אויסגעפּראָבירט אינ׳ם קאַמף מיטן „ועד הצלה". אוודאי האָט זיי נישט געשמעקט אונזערע תלמוד־תורות, כשר׳ע קיכען און קינדער־היימען, וואו די יתומים־קינדערלעך האָבען אָפּגעהיטען שטרענג די

1) Pictorial review, Vaad Hatzala, Germany 1948.

תורה־געבאָטען, געדאַווענט און געוואַשען זיך צום עסען, און דערביי האָבען זיי נאָך איבערשטיגען מיט זויבערקייט און רחבות — אַנדערע מוסדות. זיי האָט גאַנץ בעזונדערס וועה־געטאָן דער מוט, וואָס דאָס רעליגיעזע אידענטום האָט בעקומען אַ דאַנק דעם „ועד הצלה״. זיי זענען נישט געוואוינט געווען צו דעם שטאָלץ, וואָס דער „ועד הצלה״ האָט אַריינגעפּלאַנצט אין יהדות־החרדית פון דער שארית הפליטה.

„מיר האָבען אָבער — קעמפענדיג פאַרן איינציגען אמת — אָפּגעשלאָגען אַלע זייערע אַטאַקעס, ביז זיי האָבען זיך לסוף ביטער ענטוישט.

„היינט־צו־טאָג קען מען אָהן צווייפעל קאָנסטאַטירען, אַז דער „ועד הצלה״ איז די פעסטונג פון תורה און אידישקייט, דער רוח החיים פון דער רעליגיעזער רענעסאַנס און די איינציגע פערטיידיגערין פון די אידישע ווערטען אין לעבען פון דייטשען שארית הפליטה״.

כדי צו בעווייזען ווי ריכטיג עס איז געווען די דאָזיגע אָפּשאַצונג און אויף וויפיעל דער „ועד הצלה״ איז טאַקע געווען „די פעסטונג פון תורה און אידיש־קייט״ און דער פערטיידיגער פון די „אידישע ווערטען אין לעבען פון דער שארית הפליטה״ — וועט זיין גענוג אַרויסצוהויבען אַ צאָהל אָנערקענונגס־בריעף פון די אויטאָריטאַטיווסטע אַמעריקאַנער מלוכה־אינסטאַנצען און העכסטע מילי־טערישע קערפּערשאַפטען, וואָס זענען פערעפענטליכט אין דערמאָנטען בילאַנס־בוך.

אין נאָמען פון פּרעזידענט הערי טרומאַן האָט געשריבען דער „עקטינג טשיעף פון פּראָטאָקאָל״ אין סטעיט־דעפּאַרטאַמענט, אין אַ בריעף דאַטירט דעם 28־טען אויגוסט 1947:

„דער פּרעזידענט האָט מיך געבעטען צוגלייך צו אינפאָרמירען אייך, אַז ער האָט אויפגענומען מיט סאַטיספאַקציע דעם טעטיגקייטס־רעפּאָרט פון „ועד הצלה״, אַלס איינע פון די פרייוויליגע אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָט געלייסטעט אזוי־פיעל צו דערגענצען די בעמיהונגען פון די אָפיציעלע אַגענטורען אויף צו דעקען די „גייסטיגע און פיזישע נויטען פון די אויסגעוואָרצעלטע״.

גענעראַל אייזענהאַוער, דער דעמאָלסדיגער שעף פון גענעראַל־שטאַב פון די אַליאירטע אַרמייען, האָט געשריבען צום „ועד הצלה״, אין זיין בריעף פון 22־טען יולי 1947:

„איך בין געווען אינטערעסירט דורכצוקוקען דעם ראַפּאָרט פון דער טעטיגקייט פון „ועד הצלה״, און איך שיק איבער דעם ראַפּאָרט צו דער בע־טרעפענדער אַגענץ פון קריגס־דעפּאַרטאַמענט, פאַר אינפאָרמאַציע און פאַר שטודיום״.

דער קריגס־דעפּאַרטאַמענט אין וואַשינגטאָן האָט קורץ דערנאָך, דעם 21־טען אויגוסט 1947, איבערגעשיקט צום „ועד הצלה״ אַ טיף־ריהרענדען בריעף,

אונטערגעצייכענט פערזענליך דורך׳ן „סעקרעטערי אָוו וואָר״, מר. קענעט ראָיאַל:
„דער טראַדיציאָנעלער גייסט פון ישראל, וועלכען אייער אָרגאַניזאַציע טהוט פלעגען, איז געווען דער לייכט־טורעם אין דער געשיכטע פון דער מענש־הייט, און איך בין צופרידען צו הערען וועגען אייערע בעמיהונגען פאַר זיין פעראייביגונג״.

דער אַמעריקאַנער מיליטערישער גובערנאַטאָר פון אָקופּירטען דייטשלאַנד, גענעראַל לוציוס ד. קלעי, דער הויפּט פון גאַנצען אָקופּאַציע־רעזשים, האָט גע־שריבען דעם „ועד הצלה״ אין זיין דאַנק־בריעף פון 16־טען יולי 1947:
„איך פיהל זיך געעהרט און דאַנקבאַר (פאַר דער מתנה פון „ועד הצלה״ — אַ ספּעציעל־געבונדענעם תנ״ך), — איך וועל עס שטענדיג היטען אַלס אַ טייערען אוצר, וואָס וועט מיך דערמאָנען וועגען דער אמונה און דעם מוט פון אַ פאָלק, וואָס האָט נישט געוואָלט קאַפּיטולירען פאַר דער מאַכט פון שטן, וועל־כער האָט עס געוואָלט פערניכטען. איך בין אַ שותף צו אייער האָפנונג, אַז דער דאָזיגער מוט וועט שנעל ווערען בעלוינט דורך זייער וואונש צוריקצובויען זייער לעבען אין אַרבעט און שלום״.

און איצט וועט זיין אינטערעסאַנט אַביסעל נעהנטער זיך צו בעקענען מיט די בעזונדערע אַרבעטס־צווייגען פונ׳ם רוהמפולען הילפס־ווערק פון „ועד הצלה״ אין די פּליטים־לאַגערן.

## די צוזאַמענאַרבעט מיט די מיליטערישע אינסטאַנצען און אינטערנאַציאָנאַלע הילפס־אָרגאַניזאַציעס.

אין ערשטער רייע האָט דער „ועד הצלה״ געהאַט צו קאָאָפּערירען מיט דער „אונררא״ — דאָס מיינט די אָפיציעלע קערפּערשאַפט פון דער „יונייטעד ניישאָנס״ פאַר „רעליעף און רעהאַביליטעישאַן״. דורך העכער צוויי יאָר, זינט דעם אָפּשלוס פון דער מלחמה אין אייראָפּע, פון מאַי 1945, ביז יוני 1947, איז די „אונררא״ געווען די פיהרענדע אינסטאַנץ אין אַלע פּליטים־פראַגען, און צו־גלייך די הערשערין איבער אַלע פּליטים־לאַגערן. נאָך לענגערע פערהאַנדלונגען און בעמיהונגען איז דעם „ועד הצלה״ געלונגען איינצושטעלען אַ דירעקטען און פערמאַנענטען קאָנטאַקט מיט דער „אונררא״. די אָנערקענונג פון אונרר״א פאַר דער ברייט־פערצווייגטער הילפס־טעטיגקייט פון „ועד הצלה״, איז געקומען קלאָר צום אויסדרוק אין דעם געזעגענונגס־בריעף, וואָס דער גענעראַל־דירעקטאָר פון אונרר״א, רוקס, האָט אַדרעסירט צום פיהרער פון דער אייראָפּעאישער אָפּטיילונג פון „ועד הצלה״, מר. סטיפען קליין: [2]

2) לויט׳ן אָריגינאַל אין אַרכיוו פון „ועד הצלה״.

„ווען מיר שליסען־אָפּ אונזער אַרבעט, נוץ איך אויס די געלעגענהייט ווידערצוהאָלען אונזער אָנערקענונג און אויסצודריקען עס אין נאָמען פון אונ־רר״א און פון אַלע מיטאַרבעטער פּערזענליך, פאַר דער פּרעכטיגער לייסטונג פון „ועד הצלה״ לטובת די אויסגעוואָרצעלטע (די־פּי׳ס), ספּעציעל דורך אייערע רעליגיעזע און מאָראַלישע פּראָגראַמען אין די לאַגערן, ווי אויך אין אייער טעטיגקייט לטובת די אימיגראַציע־פּלענער פון די אידישע פליטים.

„עס איז מיין טיפסטע האָפנונג, אַז דער „ועד הצלה״ וועט פאָרטזעצען זיין וואונדערליכער צוזאַמענאַרבעט און קאָאָפּעראַציע מיט דער אייר״אָ אין זעל־בען פיינעם גייסט, מיט וועלכען עס זענען געווען דורכגענומען די ערפאַהרונגען פון אונרר״א״.

אוןווירקליך ווי נאָר די „איירא״ (די אינטערנאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציע פאַר רעפּיודזשיס) איז געקומען אויפ׳ן אָרט פון אונרר״א, איז דער פערטרעטונג פון „ועד הצלה״ אין דייטשלאַנד געלונגען איינצושטעלען אַ פריינדליכען קאָנ־טאַקט און ענגע צוזאַמענאַרבעט מיט דער אָנפיהרונג פון אייר״אָ.

דעם 23־טען דעצעמבער 1947 האָט דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון אייר״אָ אין זשענעווע, טוק, געמאָלדען דעם „ועד הצלה״: [3])

„איך האָב בעקומען אייער מעלדונג פון 18־טען דעצעמבער 1947, וואָס שטעלט פעסט די ריכטליניען פון אַמעריקאַנער „ועד הצלה״ פאַר דער פאָרטזעצונג פון די לייסטונגען צווישען די אויסגעוואָרצעלטע און פליטים, אין האַרמאָניע מיט דער טעטיגקייט פון אייר״אָ אין דייטשלאַנד. איך בין צופרידען אייך צו מעלדען, אַז אייערע פּראָפּאָזיציעס זענען געוואָרען בעשטעטיגט דורך אונזער הויפּט־קוואַרטיר, אין הסכם מיט די צענטראַלע און רעגיאָנאַלע פאָרשריפטען פון אייר״אָ ווי אויך אַלס באַזירענדער מאַטעריאַל פאַר די אָנמאַכען, וועלכע פער־פליכטען איצט אָדער וועלען פערפליכטען שפּעטער צווישען דער אייר״אָ און די אָקופּאַציע־רעזשימען אין דער בריטישער, אַמעריקאַנישער און פראַנצויזישער זאָנעס פון דייטשלאַנד.

„צום שלוס, דריק איך אויס מיין אָפּשאַצונג פאַר דער ביז־איצטיגער צו־זאַמענאַרבעט פון „ועד הצלה״ מיט דער פאַרבעררייטונגס־קאָמיסיע פון אייר״אָ. מיר ערוואַרטען אייער ווייטערדיגע קאָאָפּעראַציע מיט אונזער אָרגאַניזאַציע, און איך שיק אייך די בעסטע וואונשען פאַרן דערפאָלג פון אייער ווייטערדיגער אַרבעט״.

די צוזאַמענאַרבעט פון „ועד הצלה״ מיט די אינטערנאַציאָנאַלע הילפס־אָרגאַניזאַציעס אונרר״א און אייר״אָ, האָט געשאַפען דעם לעגאַלען באַזיס פאַר דער הילפס־אַרבעט. דער גאַנג און ערפאָלג פון דער טאָג־טעגליכער אַרבעט איז

---

3) לויט׳ן פאָטאָסטאַט אין דערמאָנטען „אַלבום״.

אָבער הויפּטזעכליך געווען אָבהענגיג פון דעם דירעקטען קאָנטאַקט מיט די העכערע מיליטערישע אינסטאַנצען, וואָס האָבען געהאַלטען די פּאַקטישע קאָנטראָל איבער די פּליטים־לאַגערן. ספּעציעל איז דאָס שייך צו דער אַמעריקאַנער מיליטערישער מאַכט, ווייל אין דער אַמעריקאַנער זאָנע זענען געווען קאָנצענטרירט די מעהרסטע אידישע פּליטים און דאָרטען איז אויך געוואָרען אויפגענומען דער גרויסער שטראָם פון דער פּוילישער „בריחה", דאָס מיינט די צעהנדליגער טויזענטער צוריקגעקעהרטע אידישע פּליטים פון רוסלאַנד.

די אַמעריקאַנער מיליטערישע אינסטאַנצען האָבען זיך קלאַסיפיצירט אויף אַזאַ אופן:

1) די מיליטערישע גובערנאַטאָרען אין דייטשלאַנד ווי אויך אין עסטרייך, וואָס אין זייערע הענד איז געווען קאָנצענטרירט די לעגאַלע רעגירונג פון די אָקופּירטע געביטען;

2) די מיליטערישע אַדמיניסטראַציע און צענטראַלע טעכנישע „סערוויסעס" (דינסטען) — וואָס פון זיי איז געווען אָפּהענגיג די אַפּראָוויזאַציע ווי אויך די טראַנספּאָרטאַציע פון די הילפס־מיטלען;

3) די העכערע מיליטערישע אויטאָריטעטען אין וואַשינגטאָן — וואָס זיי האָבען עס בעשטימט די פּאָליטישע און מיליטערישע ריכט־ליניעס פון דער אַמעריקאַנער אָקופּאַציע־מאַכט.

מיט די דאָזיגע אַלע פערשידענאַרטיגע, און אָפטמאָל גענוג־קאָמפּליצירטע, מיליטערישע קערפּערשאַפטען און אויטאָריטעטען איז געווען נויטיג איינצושטעלען און פלעגען גוטע בעציהונגען — אַנדערש וואָלט יעדע הילפס־טעטיגקייט געווען פעראורטיילט צו כסדר'דיגע דורכפאַלען און שטרויכלונגען. דער לייטונג פון „ועד הצלה" אין דייטשלאַנד האָט זיך ווירקליך איינגעגעבען די צוזאַמענאַרבעט מיטן גאַנצען קאָמפּלעקס פון די מיליטערישע אינסטאַנצען.

די לויפענדע אָנגעשטרענגטע אַרבעט פון „ועד הצלה" אויף די פערשידענע געביטען פון אַלגעמיינע הילפס־לייסטונגען, ספּעציעל די פערזאָרגונג פון די רעליגיעזע פונקציעס, האָט אָפט דיקטירט צו זוכען אַ געהעריגע פערשטענדניש פון די מיליטערישע פיהרער פאַר די ספּעציפישע אויפגאַבען פון „ועד הצלה". און מען מוז אָביעקטיוו פעסטשטעלען, אַז אָפטמאָל האָבען די העכערע אַמעריקאַנער אינסטאַנצען ווירקליך אַרויסגעוויזען די פולע מאָס פון פערשטענדעניש פאַר די אידיש־רעליגיעזע אויפגאַבען.

עס וועט זיין כאַראַקטעריסטיש צו ציטירען אייניגע אָפיציעלע דאָקומענטען דערוועגען. אַזוי למשל, האָט דער אַמעריקאַנער מיליטערישער גובערנאַטאָר פון בייערן, בריגאַדיר־גענעראַל, מילער, געשריבען צום „ועד הצלה", אין זיין בריעף פון 8־טען סעפּטעמבער 1947:

„די מיליטערישע רעגירונג וועט שטיצען מיט אינטערעס אייער גרינדונג

פון ישיבות. דאָס צוריקשטעלען רבנים (ראַבינאַטען) אין אייראָפּע, אַ דאַנק דער גרינדונג פון ישיבות, וועט זיין אַ וויכטיגער אינסטרומענט צו שטאַרקען די רעליגיעזע טראַדיציעס פון אידישען פאָלק. די דאָזיגע רעליגיעזע בעטאָנונג אין דער אָנפיהרערשאַפט פון דער יוגענד איז גאַנץ בעזונדערס וויכטיג אין אָנבליק פון דער דורכגעפיהרטער אויסראָטונג פון אייער פאָלק".

דער הויפט פון דער „אייראָפּעאישער קאָמאַנדע פאַר סערוויס, פערזאָר־גונג און איינקויף", מאַיאָר־גענעראַל מיגרודער, האָט געשריבען צום „ועד הצלה":

„איך בין בעזונדערס אינטערעסירט אין דעם פאַקט, אַז אייער קאָמיטעט זאָרגט נישט בלויז פאַר דער גייסטיגער ווידעראויפלעבונג, נאָר אויך פאַר דער פיזישער רעהאַביליטאַציע, ווי דאָס איז בעוויזען דורך די קיכען, וואָס איהר האָט געגרינדעט פאַר די אַלע ישיבות, תלמוד־תורה׳ס, שפּיטעלער און געמיינדעס".

די הויפט־קוואַרטיר פון אייראָפּעאישען לופט־טראַנספּאָרט־דינסט האָט געשריבען דעם „ועד הצלה", אין אַ בריעף געצייכענט פון בריגאַדיר־גענעראַל פּאָועל:

„איך האָב געהערט, אַז עס הערשט אַ גרויסער מאַנגעל פון ספרי־קודש אין דער צושטערטער אייראָפּע. אייער נייע אויסגאַבע וועט נישט בלויז דעקען די בעדערפניש פאַר רעליגיעזען אונטערריכט, נאָר איז פאַר זיך אַליין אַ היס־טאָרישער מאָנומענט, וואָס בעווייזט דעם לעצט־אַקטועלען אויסדרוק פון אַן אומשטערבליכען גלויבען, וואָס האָט געלעבט און געווירקט דורך פיער יאָהר־טויזענטער, טראָץ אַלע פערפאָלגונגען און שיקאַנעס".

דער בעריהמטער גענעראַל אָמאַר ברעדלי, אַלס פיהרער פון דער „ווע־טעראַן־אַדמיניסטראַציע" אין וואַשינגטאָן, האָט געשריבען צום „ועד הצלה" דאָס פאָלגענדע:

„איך בין העכסט אינטערעסירט אין אייערע פּלענער פאַר דער גייסטיגער ווידעראויפבוי פון אייראָפּעאישע אידען, דורך דער אָרגאַניזירונג פון שולען און אַנדערע רעליגיעזע אינסטיטוציעס. איך קוק אויס מיט ווייטערדיגען אינטערעס אַ מעהר גרינדליכען שטודיום און ראַפּאָרט פון אייער אַרבעט. איך פּראַאייניג זיך האַרציג אין דער האָפנונג, אַז אייער אַרבעט וועט אָנצייכענען דעם וועג פאַר גליק און וואוילזיין פאַר די יעניגע, וועלכע האָבען אַזויפיעל דורכגעמאַכט".

## דאָס רעליגיעזע לעבען אין די פּליטים־לאַגערן.

דאָס רעליגיעז־אידישע ציבור־לעבען אין די פּליטים־לאַגערן, וואָס האָט זיך נאָך דער בעפרייאונג אָנגעפאַנגען אַזוי אָרים און נעבעכדיג, — מיט אַ ביסעל כשר־עסען און אַ פּראָוויזאָריש־צונויפגעשטיקעוועטען „מנין" — איז

שנעל אויסגעוואַקסען אין אַ גרויסצוגיגער אָרגאַניזאַציע: מיט אַ צענטראַלען ראַבינאַט און לאָקאַלע רבנים; מיט אַלגעמיין־אָנערקענטע רעליגיעזע קאָמיטעטען, וואָס האָבען געזאָרגט און אויך געקעמפט צוצוגעבען אַ רעליגיעזען צביון צום עפענטליכען סאָציאַלען לעבען פון דער שארית הפליטה און גאַנץ בעזונדערס דורך דער עפענטליכער אָפּהיטונג פון שבת־רוה; מיט בעזונדערע כשר׳ע פאָלקס־קיכען און דער סיסטעמאַטישער כשרות־פּערזאָרגונג און כשרות־קאָנטראָל פון מאַנכע שפּיטעלער און עהנליכע אַנשטאַלטען; און שליסליך מיט אַ ברייט־פערצווייגטען רעליגיעזען ערציהונגס־וועזען.

אויפן ערשטען אָרט דאַרף געוויס ווערען אַרויסגעהויבען די אונערמידליכע לייסטונגען פון „ועד הצלה" צו אָרגאַניזירען און אַוועקשטעלען דעם אויטאָריטעט פון די רבנים און ראַבינאַט. אין אַ סומאַרישען ראַפּאָרט, וואָס דער „ועד הצלה" האָט געהאַט איבערגעוויזען צו דער לייטונג פון אייר"אָ איז ספּעציעל געוואָרען אונטערגעשטראָכען די ענגע צוזאַמענאַרבעט מיט די פּליטים־רבנים, וועלכע האָבען געשאַפען זייער אייגענעם „אגודת הרבנים" אין אָקופּירטען דייטשלאַנד: [4]

„אַלס יסוד פאַר דער אַרבעט פון „ועד הצלה" (און אַ דאַנק דעם טאַקע איז עס דעם „ועד הצלה" מעגליך געוועזן צו אָפּערירען מיט אַזאַ בעגרעניצטען אייגענעם פּערסאָנאַל) דינט די אָרגאַניזאַציע פון דער „אגודת הרבנים" אין דער אַמעריקאַנער זאָנע פון דייטשלאַנד, וואָס בעשטעהט פון 57 רבנים, אָפיציעלע מיט־גליעדער, וועלכע זענען די גייסטיגע פיהרער און וועג־ווייזער אין די פערשי־דענע לאַגערן און געמיינדעס. דער גאַנצער רעליגיעזער פּראָגראַם פון „ועד הצלה" געפינט זיך אונטער דער אויפזיכט פון דער דאָזיגער „אגודת הרבנים", און איהר פּרעזידענט הרב שמואל אבא סניעג. די מיטגלידער פון „אגודת הרבנים" האַלטען דעם קאָנטראָל און די אָנפיהרונג אין די פערשידענע אינסטי־טוציעס און זיי ראַפּאָרטירען וועגען דעם אַלעם צום „ועד הצלה". דער פּער־באַנד פון די פּליטים־רבנים געפינט זיך אין ענגען קאָנטאַקט מיט דער „אגודת הרבנים" אין אַמעריקע, ווי אויך מיט דער „רבנות הראשית" אין ארץ ישראל אין דעם טשיף־ראַבינאַט אין גרויס־בריטאַניע".

צו די וויכטיגסטע רעליגיעזע דערגרייכונגען פון דער שארית הפליטה האָט געוויס געהערט די אָפּהיטונג פון שבת־קודש אין עפענטליכען לעבען פון אַ צאָהל פּליטים־לאַגערן. אַן עד־ראיה, וועלכער האָט אַ לענגערער צייט געוויילט אין די דאָזיגע לאַגערן, האָט די דאָזיגע דערשיינונג געשילדערט אין אַזעלכע בעגייסטערטע ווערטער: [5]

„כדי צו אילוסטרירען, אויף וואָס מען פערמעסט זיך מיט שמירת־שבת

---

4) לויט׳ן „אַלבום", ז׳ 260.
5) ד"ר י. לעווין, „נאָכ׳ן חורבן", ז׳ 139 און ווייטער.

אין לאַגער, וויל איך איבערגעבען דעם אויפרוף, וואָס דער „ועד הרבנים" אין לאַנדסבערג האָט אַרויסגעלאָזט כ׳ סיון תש"ו:

— „זכור את יום השבת לקדשו"! — מיר מאַכען בעקאַנט דער אידישער בעפעלקערונג, דאָס אין הסכם מיט דער פערוואַלטונג און אונ־רר"א זענען מיר צוגעטראָטען צו רעאַליזירען די אונטערגענומענע „אַקציע למען שמירת השבת".

„לאַנדסבערג, אַלס אַ ריין־אידישער לאַגער, זאָל אין דעם טאָג פון שבת האָבען דעם אויסזעהען פון אַ פולשטענדיגען רוה־טאָג, ווי עס איז, אָפיציעל, אין תל־אביב.

„צו דעם צוועק בעטען מיר זיך צוצופּאַסען צו דער נייעסטער פעראָרד־נונג פון דער פערוואַלטונג, אַז דער פערקעהר פון יעדען אַרט ווערט אינגאַנצען אָפּגעשטעלט אין די גאַסען פון לאַגער, במשך דעם שבת׳דיגען טאָג.

„אויך דאָס איינאָרדנען פון אויספלוגען און ספּאָרט־מעטשען אויפן שטח פון לאַגער ווערט דערמיט פערבאָטען. בעזונדער איז אויך אָנגענומען געוואָרען איינשטימיג דער בעשלוס, דאָס די קיכען קאָכען נישט מעהר אום שבת.

„ווייטער ווערט געבעטען פון יעדען איינעם אין אַלגעמיין אויסצומיידען יעדען עפענטליכען חילול־שבת, ווי האַנדלען אויף דער גאַס, רויכערן פּאַפּי־ראָסען א. א. וו.

„יעדען ערב־שבת, און ערב יום־טוב, 10 מינוט פאַרן זמן פון הדלקת הנר, וועט די אידישע בעפעלקערונג פערשטענדיגט ווערען דורך אַ סיגנאַל פון אַ סירענע.

(געצייכענט)

„ועד הרבנים אין לאַנדסבערג".

צוויי וואָכען נאָכדעם, ווי עס איז פערעפענטליכט געוואָרען דער „שבת־דעקרעט" אין לאַנדסבערג, האָט זין אויף די מויערן פון׳ם לאַגער בעוויזען אַ נייע פּראָקלאַמאַציע מיט פאָלגענדען וואָרט־לויט:

„די אַקציע למען השבת! — מיט גרויס צופרידענהייט איז אויפגע־נומען געוואָרען די אַקציע למען השבת. אַלע לאַנדסבערגער אידען זענען פאַר היטען שבת. דעם לעצטען שבת האָט זיך אין די גאַסען פון לאַנדסבערגער לאַגער וועניג בעמערקט חילול שבת בפרהסיא. הרב הורוויץ זאָגט: „שמירת שבת איז אַ נאַציאָנאַלער כבוד". שמירת שבת קודש — בעדייט כבוד האומה הקדושה".

„דעריבער ווענדען מיר זיך צו אידען אין לאַנדסבערג, נישט צו נעמען אויף זיך די אחריות פון חילול כבוד האומה הקדושה.

מיר רופען אַלע אידען אונטערצוואַרפען זיך דער פעראָרדנונג פון ועד

הרבנים און פערוואַלטונג, ניט אַרומצופאַהרען אום שבת אין די גאַסען פון לאַ־גער, ווי אויך נישט רויכערן און האַנדלען אום שבת אין די גאַסען פון לאַגער, און בכלל אויסצומיידען יעדען חילול־שבת בפרהסיא.

**דאָס הויבען דעם כבוד השבת, בעדייט הויבען דעם כבוד פון דער אומה ישראלית.**

(געצייכענט)

**„ועד למען השבת".**

אויף די גאַסען פון לאַנדסבערגער לאַגער איז אויך געוואָרען צוקלעפּט אַ בעזונדערער רוף צו דער אידישער פרוי:

„טייערע שוועסטער!

אין דיין האַנד ליגט דאָס פעראידישען די שטוב דורך שמירת שבת.

„גיב־אָפּ כבוד דיינע טראַגיש־אומגעקומענע עלטערען אויף קדושת השם, מיט איינפיהרען אין דיין שטוב דעם שבת.

„געדענקט, אַז ווען דו שטעלסט זיך אַוועק מיט דיין צוגעדעקטען קאָפּ און צינדסט אָן די ליכט לכבוד שבת, ווערט דיין שטוב דורכגענומען מיט דער קדושה פונ׳ם שבת.

„שטעל דיך אין די רייהען פון דיינע חברות, וועלכע האַלטען העלדיש אויס ביים היטען דעם שבת.

„נאָר דו קענסט ווירקען אויף דיין מאַן איינצוהאַלטען ווי געהעריג דעם שבת.

„גרייט זיך צו בויען דיין נחת׳דיג הויז אין ארץ ישראל נאָר אין זכות פון היטען דעם שבת".

(געצייכענט)

**„ועד למען השבת".**

די לייסטונג פון „ועד הצלה" אויפן געביט פון כשרות האָבען געטראָגען אַ דאָפּעלטען כאַראַקטער: ערשטענס — דורך דער סיסטעמאַטישער פערזאָרגינג פון כשר פלייש, קאָנסערוועןן און אַנדערע כשר׳ע פּראָדוקטען פאַר די פרומע נויטבעדערפטיגע משפחות אין די לאַגערן; און צווייטענס — דורך דער פּלאַנ־מעסיגער שטיצע און אויסהאַלטונג פון כשר׳ע פאָלקס־קיכען אין אַ צאָהל לאַ־גערן, ווי אויך פּליטים־צענטרען אין די שטעדט.

אין אַן אָפיציעלען ראַפּאָרט פון „ועד הצלה" איז געוואָרען פעסטגעשטעלט, אַז אין פערלויף פון יאָהר 1947 האָט דער „ועד הצלה" פערטיילט שפּייז־פּראָדוקטען פאַר אַ סומע פון 240 טויזענט דאָלאַר.

אין זעלבען אָפיציעלען בעריכט זענען געוואָרען אָנגעגעבען פאָלגענדע ציפערן מכח די כשר׳ע קיכען:

24 כשר׳ע פאָלקס־קיכען — אין דער אַמעריקאַנער זאָנע פון דייטשלאַנד פאַר פליטים, וועלכע געפינען זיך מחוץ פון די לאַגערן, און 6 כשר׳ע שפּיטאָל־קיכען.

דערביי איז געוואָרען בעטאָנט, אַז דער „ועד הצלה" האָט בעזאָרגט די אַלע כשר׳ע קיכען מיט פולשטענדיגער איינאָרדנונג און כשר׳ע כלים, און עס ווערט סיסטעמאַטיש געזאָרגט פאַר דער ליפערונג פון אַלע נויטיגע פּראָדוקטען, אונטער דער שטרענגער כשרות־קאָנטראָל פון דער אגודת הרבנים.

צו די פונקטען, וואו עס זענען געוואָרען איינגעאָרדענט כשר׳ע פאָלקס־קיכען האָבען געהערט:

1) מינכען.
2) מינכען — באָגענהאַוזען־שפּיטאָל.
3) פראַנקפורט.
4) בערגען־בעלזען.
5) אויגסבורג.
6) דאַכאַו.
7) היידענהיים.
8) ווינדסהיים.
9) באַד־וועריסהאָפען.
10) טראונשטיין.
11) כאַם.
12) לאַנדסבערג.
13) עגענפעלדען.
14) פירטה.
15) פעלדמאָכינג.

שפּעטער זענען געווען מעלדונגען וועגען נייע כשר׳ע קיכען אין באַד־קיסינגען,ביירוט, ניי־פריימאַן, פירסטענפעלדברוק און אַנדערע.

גרויסע אָנשטרענגונגען האָט דער „ועד הצלה" אויך געמאַכט פאַר דער איינאָרדנונג פון מקוואות אין פיעל פליטים־לאַגערן.

דער „ועד הצלה" האָט אויך געזאָרגט פאַר דער אויסשולונג פון שוחטים, מוהלים, חזנים און סופרים — אין די קרייזען פון דער שארית הפליטה.

## רעליגיעזע ערציהונגס־אנשטאַלטען: ישיבות, תלמוד־תורה׳ס און בית־יעקב־שולען.

לויט דעם אָפיציעלען ראַפּאָרט פון „ועד הצלה" האָבען זיך געפונען אונטער זיין אויפזיכט 59 רעליגיעזע ערציהונגס־אַנשטאַלטען, מיט אַ צאָהל פון העכער 3 טויזענט תלמידים. אויסער דעם זענען געווען 16 בית־יעקב־שולען (דערפון צוויי אין דער בריטישער זאָנע), ווי אויך אַ לערערינס־סעמינאַר פון בית־יעקב, וואָס איז געווען טעטיג אין בערגען־בעלזען.

אין דעם אילוסטרירטען בעריכטס־בוך פון „ועד הצלה" האָבען פיגורירט בילדער פון די פאָלגענדע 19 ישיבות, וואָס זענען געוואָרען געגרינדעט און אויסגעהאַלטען דורכן „ועד הצלה":

1) אולם — ישיבת אור המאיר.
2) אשאו — ישיבת בני־עקיבא.
3) בערגען־בעלזען — ישיבה.
4) באמבערג — ישיבת בית מאיר.
5) היידעלהיים — ישיבת הרב קוק.
6) העס־ליכטענאו — ישיבה.
7) ווינדיסבערגער דאָרף — ישיבת לב אריה.
8) וועטצלאַר — ישיבת בית יוסף.
9) זייגענהיים — ישיבה.
10) לאַנדסבערג — ישיבת חכמי לובלין.
11) לייפהיים — ישיבת חפץ חיים.
12) נוי־אולם — ישיבת בני עקיבא.
13) פעלדאַפינג — ישיבת בני אהרן.
14) ציילסהיים — ישיבה.
15) באבענהאוזען — ישיבה קטנה.
16) בענסהיים — ישיבה קטנה.
17) האזנעקע — ישיבה קטנה.
18) מינכענבערג — ישיבה קטנה.
19) עשוועגע — ישיבה קטנה.

לויט שפּעטערדיגע בעריכטען זענען געוואָרען געגרינדעט אַ צאָהל נייע ישיבות אין:

20) דעגענדאָרף — ישיבת שארית הפליטה.
21) וואַסעראַלפינגען — ישיבת בית מאיר.
22) אולם, בעלקע־קאַסערנע — ישיבה קטנה.
23) פריצלאַר — ישיבה קטנה.
24) קאַסעל — ישיבה קטנה.
25) שוועבישהאַל — ישיבה קטנה.

צוזאַמען בעקומט זיך די צאָהל פון 25 ישיבות.

אין דערמאָנטען אילוסטרירטען בעריכטס־בוך זענען אויך געוואָרען אויס־גערעכענט און פאַרגעשטעלט 23 תלמוד־תורה׳ס, ווי אויך יבנה־שולען (פון מזרחי). אָט איז די רשימה פון ערטער, וואו עס האָבען עקזיסטירט תלמוד־תורה׳ס:

1) אולם־הינדענבורג־קאַסערנע.
2) אולם־סעדאַן.
3) אולם־בעלקע.
4) אייכשטעדט־יעגער־קאַסערנע.
5) בענסהיים.
6) בערגען־בעלזען.
7) באַד־זאַלצשלירף.
8) דיעבורג.
9) דעגענדאָרף.
10) דאַכאַו.
11) האָף.
12) העס־ליכטענאַו.
13) ווילדסעק.
14) וואַסער־אַלפינגען.
15) וועטצלאַר.
16) זינגענהיים.
17) טראַונשטיין.
18) לאַמפּערטהיים.
19) שוועבישהאַל.
20) פריצלאַר.
21) שטוטגאַרט.
22) אַנסבאַך.
23) קעמפּ „הערצאָג".

די 7 יבנה־שולען האָבען זיך געפונען אין פאָלגענדע ערטער:

1) אייכשטעט.
2) גאַבערזעע.
3) היידענהיים.
4) האָפגייסמאיר.
5) פאָקינג.
6) פעהרענוואַלד.
7) באַד־רייכענהאַל.

און אָט איז די רשימה פון די 15 בית־יעקב־שולען פאַר מיידלעך:

1) אולם.
2) אייכשטעט.
3) אַנסבאַך.
4) בערגען־בעלזען.
5) דיבורג.
6) האָף.
7) וואַסערבורג.
8) ווילדסעק.
9) וועטצלאַר.
10) טראַונשטיין.
11) עסענסטרוטה.
12) פאָקינג.
13) פראַנקפורט.
14) פריצלאַר.
15) ראַשעל.

דערצו האָט נאָך דער „ועד הצלה״ אונטערגעשטיצט אָדער אויסגעהאַלטען די פאָלגענדע רעליגיעזע קינדער־היימען, וואָס האָבען זיך געפונען אונטער דער אויפזיכט פון פערשידענע אָרגאַניזאַציעס:

1) קינדער־היים פון פועלי אגודת ישראל אין אולם.
2) קינדער־היים פון מזרחי אין ראָזענהיים.
3) קינדער־היים אין לינדענפעלד.
4) קינדער־היים פון בית״ר — בית זשבוטינסקי.
5) קינדער־היים פון בית״ר אין גאַבערזעע.
6) קינדער־היים אין באַד־נויהיים.
7) קינדער־היים אין גאַבערזעע.

מען דאַרף נאָך צוגעבען די פאַך־שולע אין אויגסבורג, ווי אויך אַ צאָהל חלוצישע קיבוצים פון אגודה און מזרחי.

## עקסטראַ־דרוק פון ספרים און פערזאָרגונג פון תשמישי קדושה.

אין דער ערשטער צייט נאָך דער בעפרייאונג, ווען פון אַלע פּליטים־לאַגערן האָט זיך דערטראָגען דער רוף צו פערזאָרגען זיי מיט תשמישי קדושה — האָט דער „ועד הצלה״ אונטערגענומען און דורכגעפיהרט ספּעציעלע זאַמלונגען פון ספרי־תורה׳ס, טליתים און תפילין, און עהנליכע תשמישי קדושה.

אין אַ טעלעגראַם, וואָס די צענטראַלע פון „ועד הצלה״ אין ניו־יאָרק האָט

געהאַט אַרויסגעשיקט צו איהר פערטרעטונג אין דער שווייץ, מיט דער דאַטע פון 13־טען פעברואַר 1946, איז געוואָרען געזאָגט:

„מיר זענען גרייט אַרויסצושיקען 50 ספרי־תורה׳ס צום פערטיילען אין די קהילות פון אייראָפּע, — טעלעגראַפירט אייער מיינונג".

זעלבסטפערשטענדליך, אַז די פערזאָרגונג פון די תשמישי קדושה איז געווען דרינגענד נויטיג, אַזוי פאַר די פליטים־לאַגערן ווי צוגלייך פאַר אַלע ווידער־אויפגעלעבטע קהילות איבער גאַנץ אייראָפּע. די נאַצישע רשעים האָבען דאָך זייער הויפט־מלחמה געפיהרט מיטן אידישען דת. דער חילול־הקודש אין אַלע שרעקליכסטע און סאַמע סאַדיסטישע פאָרמען איז אָנגעגאַנגען אָהן אויפהער, אומעטום וואו די נאַציס האָבען נאָר געהאַט אַן איינפלוס. דאָס ביסעל לעבען־געבליבענע אידישע שרידים זענען דעריבער געווען אָהן אַלעם, און דער „ועד הצלה" האָט אויך אויפן דאָזיגען געביט געזוכט צו העלפען אויף אַלע מעגליכע וועגען. אָט למשל, איז אַ צייטונגס־מעלדונג פון אָנפאַנג 1946 וועגען אַ ספּעצ־יעלען טראַנספּאָרט פון ספרי־תורה און ספרי־קודש, וואָס איז געוואָרען אָפּגע־שיקט צו דער שארית הפליטה אין פוילען: [6])

„אויף דער בקשה פון די פיהרער פון רעליגיעזען אידענטום אין פוילען, דורך דער פעדעראַציע פון פוילישע אידען אין אַמעריקע, האָט דער „ועד הצלה" איבערגעגעבען דער פעדעראַציע 500 סידורים, 25 ספרי־תורה, חומשים, תפילין און אַנדערע דברים שבקדושה, וועלכע ווערען אַרויסגעשיקט מיט דער ספּעציעלער רעליעף־שיף, געטשאַרטעט פון דער פעדעראַציע פון פוילישע אידען.

„דער „ועד הצלה" אָפיס אין דעטראָיט האָט אַרויסגעשיקט אין די העדקוואָדערס פון „ועד הצלה" אין ניו יאָרק דעם ערשטען טראַנספּאָרט דברים שבקדושה פון דער פּראָווינץ. 10 פון די דאָזיגע ספרי־תורה געהען קיין פוילען. הרב ע. ראַבינאָוויטש איז ספּעציעל אַראָפּגעקומען פון דעטראָיט כדי איבערצו־נעמען דאָ די דאָזיגע דברים שבקדושה. דער ועד הרבנים פון דעטראָיט האָט אַ סך געהאָלפען ביים צוגרייטען די טראַנספּאָרטען...

מיטן וואוקס פון דער צאָהל ישיבות אין די פליטים־לאַגערן, און מיט דער אויסשפּרייטונג פון דער נעץ פון תלמוד־תורה׳ס און בית־יעקב־שולען איז אָבער אַרויסגעשוואומען דער פערלאַנג פאַר אַ סיסטעמאַטישער ליפערונג פון ספרי־קודש פון סאַמע ערשטען געברויך, — און דאַן האָט דער „ועד הצלה" אונטערגענומען די העכסט־וויכטיגע איניציאַטיווע צו דרוקען אויף אייגענער האַנד אַ לאַנגע סעריע פון די נויטיגע ספרים (אין פאָטאָסטאַטישער פאָרם).

דאָס איז געווען אַן אונטערנעמונג פון אַ געוואַלדיגען פערנעהם. במשך פון אַ קורצער צייט האָט די אָפּטיילונג פון „ועד הצלה" אין אָקופּירטען דייטש־

6) „מאָרגען זשורנאַל", 18 יאַנואַר, 1946.

לאַנד אָפּגעדרוקט לערך 30 ספרים און זיי פערשפּרייט אַלס ספּעציעלע מתנות אין הונדערטער טויזענטער קאָפּיעס. די רשימה פון די אַרויסגעגעבענע ספרים איז אַ גאַנץ פערשידענאַרטיגע. אָנהויבענדיג פון סידורים און חומשים און אויס־לאָזענדיג ביי אַ „ספר טהרת המשפחה" — און דאָס מיט אַן אונגאַרישער איבערזעצונג. אין דער רשימה געפינט זיך אַ צאָהל מסכתות פון ש"ס, אייניגע פון די בעריהמטע ספרי שאלות ותשובות און פלפול־ספרים, ווי אויך אַ סעריע פון מוסר־ספרים.

לויט דער אָפיציעלער ביבליאָגראַפישער רעגיסטראַציע פון מגר. בן־ציון פעלדשוה אונטערן נאָמען „די שארית הפליטה־ביבליאָגראַפיע פון מאַי 1945 ביז אויגוסט 1949", זענען דערשינען דורכן „ועד הצלה" פאָלגענדע ספרים און פובליקאַציעס:[7]

1) חמשה חומשי תורה — מתנה מאת ועד ההצלה לשארית הפליטה (מינכען, 1947).
2) סידור — מתנה מאת ועד ההצלה.
3) ספר תהלים — מתנה מאת ועד ההצלה.
4) פרקי אבות עם פירושים: משלי אבות ומעשה אבות — מתנה מאת ועד ההצלה.
5) הגדה של פסח — מתנה מאת ועד ההצלה.
6) מגילת אסתר עם פירוש „ריוח והצלה" מאת הרה"ג חיים צבי הירש ברוידי ז"ל (מינכען, 1947).
7) קיצור שלחן ערוך.
8) ספר טהרת המשפחה.
9) מסכת תענית, עם משניות כלאים ללומדי דף היומי.
10) מסכת מגילה, יצא לאור ע"י ועד ההצלה בעד לומדי דף היומי בין שארית הפליטה, מינכען.
11) מסכת יבמות.
12) מסכת כתובות.
13) מסכת חגיגה ומועד קטן ומשניות שבועות.
14) שאגת אריה.
15) ספר שב שמעתתא.
16) אגלי טל — מהגה"ק אדמו"ר מוהר"א מסאָכאַטשעוו.
17) ספר אבן שלמה.
18) ספר שאלות ותשובות אבני חפץ — מאת הרב אהרן לעווין, הי"ד.
19) ספר תנא דבי אליהו.

7) דערשינען אין שטוטגאַרט, 1948.

20) ספר חכמת אדם.
21) סדר הדורות.
22) ספר מסילת ישרים.
23) ספר אור ישראל — מתנה מאת ועד ההצלה.
24) ספר קסת הסופר.

פאַרן געברויך פון די בית־יעקב־שולען האָט דער „ועד הצלה״ אַרויס־געגעבען אַ ספּעציעל לערן־ביכעל פאַר אידיש און אידישקייט לויט דעם סטאַנ־דאַרט־בוך „אידיש לעבען״, וואָס איז געווען אָנגענומען אין די בית־יעקב־שולען אין פוילען, און וואָס זיין מחבר איז געווען דער בעריהמטער אָרטאָדאָקסישער שרייבער און דענקער הקדוש, ר׳ יהודה לייב אָרלעאַן, הי״ד.

צום סוף לוינט נאָך צו דערמאָנען דעם חודש־זשורנאַל „נצח ישראל״, וואָס דער „ועד הצלה״ האָט אַרויסגעגעבען אין יאָהר 1948. אינגאַנצען זענען דערשינען 4 נומערן פונ׳ם דאָזיגען אילוסטרירטען און אינהאַלטסרייכען זשור־נאַל, אָבער זיי האָבען געלאָזען אַ שטאַרקען רושם אין די קרייזען פון דער שארית הפליטה. דאָס איז געווען אַ העכסט־געלונגענע אידעע צו ווידמען ספּעצ־יעלע נומערן פאַר די הויפּט־פּראָבלעמען פון יהדות, ווי 1) חינוך, 2) שבת און 3) חיזוק הדת.

קאַפּיטל 21

# דאָס הצלה־ווערק אין 11 לענדער פון אייראָפּע

אין פּוילן און אין נאָך אַנדערע לענדער איז דער „ועד הצלה״ געקומען דער ערשטער מיט זיין הילף. — דער גרויסצוגיגער אַנטייל פון „ועד הצלה״ ביים אָרגאַניזירען די „בריחה״. — דאָס טראַגישע פּראָבלעם פון אַרויסראַטעווען די אידישע מלחמה־יתומים. — שווערען ראַטעוועט אידישע פליטים און דערפון קומען גייסטיגע סכנות. — די הילף פאַר די לענדער אויף יענער זייט פון „אייזערנעם פאָרהאַנג״.

דער טעטיגקייטס־געביט פון „ועד הצלה״ אין דעם נאָך־מלחמה־פּעריאָד, האָט פּאַקטיש כמעט געדעקט די לאַנד־קאַרטע פון אייראָפּע. די שארית הפליטה פון צעפּערטעלטען אייראָפּעאישען אידענטום איז געווען צעזייט און צעשפּרייט, אויף רעשטלעך און ברעקלעך. דערצו איז אָנגעגאַנגען דאָס כסדרדיגע לויפערייַ פון אומרו און שרעק. די פליטים־לאַגערן אין אָקופּירטען דייטשלאַנד האָבען טאַקע געדינט אַלס די צענטראַלע טראַנזיט לאַגערן פאַר דער איבערוועגענדער מערהייט פון דער שארית הפליטה, אָבער נישט ווייניג פון די אויסגעוואָרצעלטע אידען האָבען זיך געפונען אין די טראַנזיט פונקטען פון אַנדערע לענדער. דערצו זענען טייל פליטים געלאָפען פון איין לאַנד צום אַנדערן, און דערפאַר זיינען יעדעס מאָל אַרויסגעשוואומען נייע דרינגענדע הילפס־פּראָבלעמען.

דער „ועד הצלה״ איז געווען אומעטום — און כמעט אומעטום איז ער געווען דער ערשטער צו ליפערן די נויטיגע הילף און רעטונג. אין די מערסטע לענדער פון אייראָפּע האָבען פּערזענליך דערגרייכט די ווירדיגע און מסירת־הנפש׳דיגע שליחים פון „ועד הצלה״. אין יענע לענדער, וואוהין עס איז פאַר די שליחים נישט געווען מעגליך אָנצוקומען, האָט דער „ועד הצלה״ געפונען אַנדערע, אָפט אונטערערדישע וועגען צום איבערשיקען די הילף אויף די ריכטיגע פּערטרויאונגס־ווערטע אַדרעסען.

דערביי האָט דער „ועד הצלה״ זיך געהאַלטען טריי ביי זיין פּרינציפּ צו העלפען אויך יחידים אין זייער נויט. פון אומעטום, פון יעדען אָרט עס איז

נאָר געקומען אַן אַלאַרם־רוף. דאָרט אַהין איז געשיקט געוואָרען די הילף. און דערפאַר איז נישט קיין גוזמא צו זאָגען, אַז איבער גאַנץ אייראָפּע האָט זיך דער „ועד הצלה״ געלאָזען הערען און ווירקען מיט זיין הילפס־אַרבעט. זאָל מען אָבער וועלען אַרויסהויבען די ברייט־פערמאָסטענע און פּלאַנמעסיג־אָרגאַניזירטע אין אַ ברייטען פערנעם — דאַרף מען אויסצעהלען די פאָלגענדע לענדער (אויסער דייטשלאַנד) וואו עס זיינען געוועזען טעטיג אָפיציעלע ביוראָען און פערטרעטונגען פון „ועד הצלה״:

1) פוילען,
2) טשעכאָסלאָוואַקיי,
3) עסטרייך,
4) איטאַליע,
5) פראַנקרייך,
6) בעלגיע,
7) האָלאַנד,
8) אונגאַרן,
9) רומעניע,
10) שוועדען,
11) שווייץ,

וואָס דער „ועד הצלה״ האָט געלייסטעט אין יעדען איינציגען פון די דאָזיגע לענדער, וואָלט אייגענטליך געדאַרפט ווערען בעשריבען אין גאַנץ ספּעציעלע בעריכטס־ביכער פאַר יעדען איינעם לאַנד. דער פאַקט איז געוועזען אַז יעדעס איינע לאַנד האָט זיך געהאַט גאַנץ אייגנאַרטיגע פּראָבלעמען, די נויטען זיינען געוועזען פערשידענאַרטיגע, און די הילפס־טעטיגקייט האָט נאַטירלעך געמוזט ווערען צוגעפּאַסט צו די לאָקאַלע אומשטענדען און בעדערפעניששען. ליידער, איז אונזער פּלאַץ צו בעגרעניצט און צום בעדויערען פעהלט אויך די נויטיגע דאָקומענטאַציע איבער דעם דאָזיגען אומפאַרגלייכליכען רעטונגס־ווערק. דערפאַר וועלען דאָ בלויז ווערען אָנגעגעבען אַ בעגרעניצטע צאָל דאַטען און פאַקטען, וועלכע קענען בלויז דינען אַלס אילוסטרירענדען מאַטעריאַל איבער דעם פערנעם און כאַראַקטען פון „ועד הצלה״ הילפס־ווערק.

## 1) פוילען.

אין פוילען איז דער „ועד הצלה״ געוועזען דער ערשטער צו ברענגען די ערשטע הילף פאַר די נישט־דערברענטע רעשטלעך אידען; און שפּעטער איז דער „ועד הצלה״ געוועזען אַ גאַנץ ענטשיידענדער פאַקטאָר ביים דערמעגליכען און דורכפיהרען דאָס היסטאָרישע ווערק פון דער „בריחה״.

צוליב געוויסע סיבות און בפרט צוליב דעם, וואָס די „בריחה״ האָט דאָך פאַקטיש איינגעשלאָסען אַ בעדייטענדע צאָל רוסישע אידען, בעצייטענס אַנטרונענע פון קאָמוניסטישען גיהינום — מוזען די פולע פאַקטען פון דער דאָזיגער

געוואַלטיקער אונטערנעמונג בלייבן ווייטער בסוד, און דאָ ווערן אָנגעגעבן בלויז אייניקע טרוקענע אינפאָרמאַציעס.

וועגן דער ערשטער הילפס־לייסטונג פון „ועד הצלה" פאַר פוילן, גלייך נאָכן מלחמה־אָבשלוס, דורך דער פערמיטלונג פון ספּעציעלן שליח פון טשיף־ראַביי"ס קאָונסיל אין ענגלאַנד, הרב ד"ר שעהנפעלד — איז שוין דער־מאָנט אויף אַן אַנדער אָרט. דאָ וועט זיין גענוג אונטערצושטרייכן, אַז לויט דער טעלעגראַמע פון הרב ד"ר שעהנפעלד צום „ועד הצלה", צום אָנהויב פון יאָר 1946, ווען ער איז שוין געהאַט געווען אויף זיין צווייטען באַזוך אין נאָך־מלחמה'דיקען פוילן, איז דער „דזשאָינט" צו יענער צייט נאָך נישט געווען טעטיג אין פוילן. דער „ועד הצלה" איז אַזוי־אַרום געווען דער ערשטער צו ליפערן די געהעריגע הילף פאַר די אויפסניי־אָרגאַניזירטע אידישע קהילות.

וואָס שייך דער „בריחה" וועלען מיר דאָ פאָרשטעלען אייניגע דרינגענדע אינסטרוקציעס, וואָס די צענטראַלע פון „ועד הצלה" אין ניו־יאָרק האָט אַרויס־געשיקט צו דער פאַרטרעטונג אין דער שווייץ.

דעם 4 אַפּריל 1946. — „צו שטערנבוך — העלפט אַריבערברענגען די בני תורה, וועלכע קומען אָן פון סיביר קיין לאָדזש".

דעם 15 אַפּריל 1946. — „צו שטערנבוך — שיקען 20.000 דאָלאַר לויט ערלויבעניש נומער... פאַר פעקלעך קיין רוסלאַנד, און 12.000 דאָלאַר פאַר „בריחה".

דעם 28 אַפּריל 1946. — „צו שטערנבוך — מיר האָבען אַרויסגעשיקט ספּעציעל 10.000 דאָלאַר פאַר „בריחה" פון די בני תורה פון רוסלאַנד".

אַזעלכע און ענליכע דעפּעשען האָבען קורסירט פון ניו יאָרק קיין שווייץ. עס האָט אָבער אויך פּאַסירט, אַז דער „ועד הצלה" איז צו יענער צייט געוואָרען אַלאַרמירט דורך זיין פאַרטרעטונג אין דער שווייץ.

דעם 11 אַפּריל 1946 האָט שטערנבוך טעלעגראַפירט צום „ועד הצלה" אין ניו יאָרק:

### „דער „טיול" איז שווער קראַנק" —

„טיול" (שפּאַציר) האָט געמיינט דאָס זעלבע ווי „בריחה", נאָר „בריחה" איז שוין געהאַט געווען צופיל פּאָפּולער אין די דעפּעשען, און דערפאַר איז מען געווען מער פאָרזיכטיג צו בענוצען דעם דאָזיגען נייעם טיטול. פאַרשטייט זיך, אַז דער „ועד הצלה" האָט אַלץ געטאָן צו ראַטעווען דעם קראַנקען „טיול"...

די ערהאָבענע ראָל, וואָס דער „ועד הצלה" און בפרט זיין ספּעציעלער

שליח קיין פוילען, פרוי שטערנבוך, האָט געשפּילט אין דער דורכפירונג פון דער „בריחה" פון הונדערטער טויזענטער פּוילישע (ווי אויך רוסישע...) אידען — ווערט באַשטעטיגט דורך אַלע אויטאָראַטיווע קוועלען.

ווען אין דער אָנגעזעהענער העברעאישער צייטונג „האָרץ", איז דערשינען די ערשטע פּרעסע־מעלדונג איבער דעם רעטונגס־צוג פון אידישע קינדער פון פוילען, איז אין בעריכט אונטערגעשטראָכען די ראָל פון גב' שטערנבוך, די אייראָפּעאישע פאַרטרעטערין פון „ועד הצלה" אין אַמעריקע [1]. אין דער בעריכטס־בראָשור, אַרויסגעגעבען פון „ועד הלאומי" אין ירושלים, וועגען דער רעטונגס־מיסיע פון הרב הראשי רי"א הלוי הערצאָג, ווערט דערצעהלט ווי אַזוי פרוי שטערנבוך, אַלס ספּעציעלער עמיסאַר פון „ועד הצלה" האָט באַוויזען צונויפצוזאַמלען 350 קינדער יתומים פון נאַצי־קרבנות, כדי זיי אַרויסצוראַטעווען פון פּוילען [2].

## טשעכאָסלאָוואַקיי.

די הויפּט־טעטיגקייט פון „ועד הצלה" אין דער טשעכאָסלאָוואַקיי איז טאַקע געווען דירעקט פערבונדען מיט דער „בריחה" פון פוילען. ריכטיגער געזאָגט: די „בריחה" איז געווען אַבסאָלוט אָבהענגיג פון דער טשעכאָסלאָוואַקיי, ווייל דאָס פּראָבלעם פון אַרויספיהרען אידען פון ערגעץ — איז דאָך הויפּט־זעכליך אָפּהענגיג דערפון, צי עס איז צוגעגרייט אַ פּלאַץ, וואוהין זיי אַריינצו־פיהרען! אויב די טשעכאָסלאָוואַקיי האָט דורך אַ לענגערע צייט געקענט דינען אַלס אָפיציעלע דורכפאָר־סטאַציע פאַר דעם אומאויפהערליכען שטראָם פון דעם „בריחה" — איז דאָס ווידעראַמאָל אין אַ גרויסער מאָס צו פערדאַנקען דעם „ועד הצלה", און גאַנץ באַזונדערס דעם אומפאַרגלייכליכען, ממש לעגענדאַרען הצלה־עסקן, הרב פּאָרהאַנד, דעם לאַנג־יעריגען אָנפיהרער פון דעם „ועד הצלה" פערטרעטונג אין פּראַג.

צו יענער צייט, ווען דער בריחה־שטראָם איז געגאַנגען פון פוילען, איז ערשינען אין דער אידישער פּרעסע פון אַמעריקע פאָלגענדער אויטאָראַטיווער בעריכט [3]:

„פון אַ היסטאָרישען פאַרנעהם איז די לייסטונג פון דעם „ועד הצלה", כדי דעם שטראָם פון די פּליטים צו ריכטען אויף אַ לעגאַלען באַזיס. דער

1) „האָרץ" פון כ"ג תשרי תש"ז, אָקטאָבער 1946.
2) „מסע ההצלה", ירושלים, תש"ז, ז' 80.
3) מאָרגען־זשורנאַל, 9 אויגוסט, 1946.

טאָג פון 28־טען יולי 1946, איז אייגענטליך אַ ווענדע־פּונקט, אין אַ געוויסען זין, אין דער איצטיגער אידישער וואַנדערונג. ווייל אָט אין דעם טאָג איז אָנ־געקומען קיין פּראַג אויפן ווילסאָן וואָקזאַל, די ערשטע גרופּע פון די לעגאַלע אידישע אויסוואַנדערער פון פּוילען. וואָס דאָס באַדייט פּראַקטיש — דאַרף מען דוכט זיך, ניט אונטערשטרייכען. אנשטאָט אַ געפערליכער וואַנדערונג צו־פוס איבער בערג און טאָלען, מיינט עס אַ נסיעה מיט׳ן עקספּרעס־צוג וואַרשאַ־פּראַג.

„אָט די לעגאַלע אויסוואַנדערונג פון אידען פון פּוילען, וועלכע האָט זיך אָנגעפאַנגען דעם 28־טען יולי, איז דער רעזולטאַט פון די וואָכען־לאַנגע באַ־מיהונגען פון דער אייראָפּעאישער „ועד ההצלה״ פאַרטרעטונג. די רעפּרעזענ־טאַנטין פון „ועד הצלה״, פרוי שטערנבוך פון דער שווייץ, איז געזעסען במשך די לעצטע פינף חדשים כמעט כסדר אין פּוילען און זי האָט זיך פאַרשאַפט אַ צוטריט צו אַלע אינסטאַנצען פון פּוילישען מלוכה־אַפּאַראַט, וועלכע באַשטימט וועגען עמיגראַציע. זי האָט פאַרזאָרגט די נויטיגע וויזעס, וואָס אויף זייער סמך האָט מען אָנגעפאַנגען צו געבען מאַסענהאַפט פּאַספּאָרטען די אידען אין פּוילען, אַזוי אַז אין די נאָהענסטע טעג ווערט דערוואַרט אַ גאָר גרויסע צאָל לעגאַלע אויסוואַנדערער, דאַרונטער קרוב צו טויזענט קינדער״.

— — „די ערשטע פּליטים־גרופּע, וואָס פרוי שטערנבוך פון „ועד ההצלה״ האָט אין פּוילען אָרגאַניזירט, איז דעם 28־טען יולי אָנגעקומען אין פּראַג, דער פּראַגער „ועד ההצלה״ קאָמיטעט מיט הרב פאָרהאַנד בראש האָט צוגעגרייט צוויי האָטעלן. מען קען זיך לייכט פאָרשטעלען די דאַנקבאַרקייט פון די געראַטעוועטע מענשען״. — —

די ראָל פון הרב פאָרהאַנד אין דאָזיגען הצלה־ווערק ווערט בעטאָנט אין דעם בעריכטס־בוך פון „ועד הלאומי״ אין ירושלים, וואָס איז געוועזן פאַרבונדען מיט דער רעטונגס־מיסיע פון הרב הראשי הערצאָג. אין דאָזיגען בעריכט ווערט געזאָגט, „אַז עס דאַרף ווערען אונטערגעשטראָכען די מסירת־נפש׳דיגע אַרבעט פון אַמעריקאַנישען „ועד הצלה״ אין פּראַג, אונטער דער אָנפיהרונג פון הרב פאָרהאַנד״ [4]).

פּאַקטיש איז דעמאָלס געוואָרען בעצייכענט דער אָנהויב פון הרב פאָר־האַנד׳ס לייסטונגען אויפן געביט פון „בריחה״ און הצלה. אין דעם שפּעטערדיגען פּעריאָד איז זיין ווערק געוואָרען אויסגעברייטערט אין פאַרשידענע ריכטונגען, דערביי זיינען פאַראַן גאַנצע וויכטיגע פּרשיות אין דער הצלה־געשיכטע, וואָס זיינען דירעקט פאַרבונדען מיט דעם נאָמען פון הרב פאָרהאַנד, נאָר דערוויל זיינען דאָס אומבאַקאַנטע, פּערזיגעלטע פּרשיות.

אויסער דער הילף פאַר דער „בריחה״ פון פּוילען, האָט אָבער טשעכאָ־

---

4) „מסע ההצלה״, ז׳ 75.

סלאָוואַקיי זיך אַליין געגוויטיגט אין דער הילף פאַר איר אייגענער שארית הפליטה און גאַנץ באַזונדערס צו קענען אויפלעבען דאָס טראַדיציאָנעלע אי־דישקייט!

ד״ר יצחק לעווין, דער „שליח" פון „ועד הצלה" האָט אַזוי געשילדערט זיין באַזוך אין דער טשעכאָסלאָוואַקיי[5]:

„ווען מען פאָהרט היינט־צו־טאָג איבער אייראָפּע און מען קומט אין פערבינדונג מיט די פערבליבענע אידישע קיבוצים, לעבט מען נאָכאַמאָל איבער דעם מורא׳דיגען אידישען חורבן פון די לעצטע יאָהרען. דאָס וואָס איז היינט נאָך דאָ אין אייראָפּע פון דער פאַר־מלחמה׳דיגער אידישער פראַכט, איז אַזוי אָרים, אַזוי קליין, אַזוי שוואַך, אַז מען וואונדערט זיך אָפּט אַליין, ווי אַזוי דאָס קען נאָך אָנהאַלטען. דעריבער בין איך געוואָרען ערשטוינט, ווען איך בין אָנגעקומען אין בראַטיסלאַוואַ, די אַמאָליגע פרעשבורג, און דערזעהן פאַר זיך אַ לעבעדיגען זכר פון דער אַלטער „עיר ואם בישראל".

אין גרויסען בית המדרש האָבען אידען געשמאַק געדאַוועגט און איין מנין האָט נאָכגעפאָלגט דעם צווייטען. אין „יסודי התורה" אויפן שוהל־הויף האָבען כיתות אינגלעך געלערענט מיט חשק גמרא. אויף דער „זשידאָווסקאַ"־גאַס זיינען אידען געלאָפען מיט פעקלעך אין די הענט... מיט איין וואָרט: עס האָט פאַר מיר אויפגעטויכט דאָס בילד פון יענע צייטען, ווען מיר האָבען נאָך פאַרמאָגט מיליאָנען אידען אין אייראָפּע מיט שטאַרקע אידישע צענטערס, מיט אַן אייגענ־אַרטיג אידיש לעבען. עס האָט זיך דערמאָנט פון דער תקופה, וואָס איז אַזוי געוואַלטזאַם אָפּגעהאַקט געוואָרען, און נאָך וועלכער מיר בענקען אַזוי שטאַרק...

די פרעשבורגער, וועלכע געדענקען די אַלטע מעטראָפּאָליע בעסער פאַר מיר, זיינען נאַטירליך ווייניגער באַגייסטערט. ווייל אָט האָבען אין בית המדרש, ביז צו דער לעצטער מלחמה נאָך געלערענט 200 בחורים, היינט לערנען קוים פופצען אָדער צוואַנציג. אין די צייטען פון „חתם סופר" זיינען אין דער ישיבה געווען ביז 400 בחורים, טאָ וואָס איז אייגענטליך פאַרבליבען? אָבער איך פיהל אַנדערש. איך זעה פאַר זיך אין פרעשבורג אַ **לעבעדיג** רעשטעל, וואָס קען וואַקסען און אנטוויקלען זיך, בשעת אין פיעלע אַנדערע שטעדט זיינען, ליידער, פאַראַן נאָר טויטע אָדער האַלב־טויטע, אונטערגעהענדיגע רעשטלעך. — —

די באַ׳חנ׳טע אידישע אינגעלעך, וועלכע האָבען געלערענט מסכת „ביצה" אין דער תלמוד־תורה, וועלען זיכער פאַרשטאַרקען די רייהען פון די ישיבה־בחורים אין דער צוקונפט. זיי האָבען אַזוי גוט פאַרשטאַנען די סוגיא — טראָץ זייער עלטער (מייסטענס זיינען זיי געווען 10 ביז 12 יאָהר אַלט) — אַז איך וואָלט מאַנכע פון זיי שוין פאַררעכענט פאַר קליינע „עלויים"... — —

---

5) „נאָכן חורבן", ז׳ 103.

אָט האָב איך באַזוכט דעם רעליגיעזען קיבוץ פון „בנות אגודת ישראל" אויף דער שרייבעראָוואַ־גאַס. דער דאָזיגער קיבוץ איז אַ פעסטונג פון אידישקייט. זעלטען וועט מ׳קען טרעפען אַזאַ גוט אָרגאַניזירטען מיידלעך־קיבוץ. און דאָס איז נישט קיין קליינע אינסטיטוציע. 86 אידישע קינדער פון פוילען זיינען געווען אין קיבוץ בשעת איך האָב איהם באַזוכט, אַ גרויסער טייל פון זיי גאַר קליינע, מאַנכע אפילו אָהן נעמען (איין אינגעל, וואָס אַ גוי האָט אָפּגעגעבען, האָט מען אַ נאָמען געגעבען „יאַנקעלע", קיינער ווייסט נאַטירליך נישט פאַרוואָס, אָבער אָט אַזוי ווערען געבוירען אידישע נעמען...). 44 פולשטענדיגע יתומים פון דער סלאָוואַקיי האָבען זיך דאָרט אויך געפונען. אַ קורס פאַר 25 מדריכות איז דאָרט געוואָרען איינגעאָרדענט, וועלכער שטעהט אויף אַ גאַר הויכער מדריגה".

פערשטענדליך, אַז נישט מיט זייערע אייגענע כוחות זיינען די גענצליך־פעראָרימטע סלאָוואַקישע פרומע אידען געווען בכוח צו בענייען זייער רוהם־פולער טראַדיציע פון תורה און אמונה. דער „ועד הצלה" איז אויך דאָ געקומען צו־הילף. אָט איז אַ דאַנק־טעלעגראַמע, וואָס דער „ועד הצלה" אין ניו יאָרק האָט דערהאַלטען:

„פּראָג, 3 אַפּריל 1946 — צום „ועד הצלה" אין אַמעריקע!

אין נאָמען פון אַלע אונזערע ישיבות, תלמוד־תורה׳ס און רעליגיעזע אינסטיטוציעס אין טשעכאָסלאָוואַקיי, שיקען מיר אייך איבער דעם וואונש פון אַ כשרן פסח! מיר ווילען זיך אַלע זעצען צום סדר־טיש מיט אַ געפיהל פון אנערקענונג פאַרן „ועד הצלה".

(געצייכענט)

**„ועד הצלה" אין פּראָג**

### 3) עסטרייך.

די הילפס־אַרבעט פון „ועד הצלה" אין עסטרייך דאַרף ווערען איינגעטיילט אין צוויי פעריאָדען: דער ערשטער פעריאָד, אין די יאָהרען 1945 און 1946, ווען דאָרט האָט זיך געפונען אַ גאַנץ קליינע קאָנצענטראַציע פון שרידים, לערך 5—6 טויזענד, מעהרסטענס געראַטעוועטע פון די נאַצישע קאָנצענטראַציע־לאַגערן אין עסטרייכישען געביט גופא; דער צווייטער פעריאָד, פון ענדע 1946 און ווייטער, ווען עסטרייך האָט געבילדעט איינעם פון די וויכטיגסטע דורכפאָהר־עטאַפּען פון דער „בריחה", וואָס איז, ווי דערמאָנט, געגאַנגען פון פוילען איבער דער טשעכאָסלאָוואַקיי, און וועלכע איז צום טייל געבליבען שטעקען אין עסטרייך.

פאַר דער טעטיגקייט אין ערשטען פעריאָד זענען כאַראַקטעריסטיש איינינגע

דעפּעשען פון דער צענטראַלע פון „ועד הצלה" אין ניו־יאָרק מיט אינסטרוקציעס פאַר דער פערטרעטונג פון „ועד הצלה" אין דער שווייץ:

„דעם 7 יאנואר 1946, צו שטערנבוך:

שיקט אונז איבער טעלעגראַפיש אייער רשימה פון די לעבען־געבליבענע אידען אין וויען".

ועד הצלה

קורץ דערויף איז אַוועק אַ וויטערדיגע אינסטרוקציע:

„דעם 14 פעברואַר 1946, צו שטערנבוך:

„מיר האָבען בעקומען פאָלגענדע טעלעגראַמע פון וויען: — „ביטע צו שיקען 2000 קילאָגראַם פערלעסליך־כשר׳ע מצות, וויין און פסח־פּראָדוקטען פאַר פרומע אידען, אויף דער אַדרעס פון אגודת ישראל" — ערלעדיגט עס זאָפאָרט".

ועד הצלה

אַן אויטענטישע שילדערונג פון דער לאַגע פון דער שארית־הפליטה אין עסטרייך צו יענער צייט איז געוואָרען פּובליקירט דורכן ספּעציעלען שליח פון „ועד הצלה" אין אייראָפּע, ד"ר יצחק לעווין [6]:

„איך האָב פאַרענדיגט אַ רייזע איבער די אידישע קעמפּס אין דער אַמע־ריקאַנער זאָנע אין עסטרייך. ביז איצט איז כמעט נישט געווען קיין קאָנטאַקט צווישען די דאָזיגע אידישע קיבוצים און דער איבעריגער וועלט. צום ערשטען מאָל האָט זיך מיר איינגעגעבען צו קומען אין דירעקטע באַריהרונג מיט זיי.

איידער איך גיב איבער די איינדרוקען — ווילט זיך דעריבער פעסט־שטעלען עטליכע ציפערן. ביי זאלצבורג געפינט זיך אַ קעמפּ, וואָס ווערט אָנ־געררופען „ניו פּאַלעסטיין" און דאָרט לעבען איבער 400 אידען. אין באַד־גאַסטיין געפינען זיך 1250 אידען, אין בראונאו 300, אין שטייער אויך אַ 300 און אין לינץ געפינט זיך דער גרעסטער אידישער קיבוץ (אָנגערופען „בינדערמיכעל"). חוץ דעם זיינען דאָ קלענערע אידישע צענטערס (ווי צ. ב. עבענזעע, אַמאָל צאָהלרייך, וואָס איז אָבער כמעט שוין ליקווידירט). אין עטליכע שטעדט לעבען אידען אין אַ קליינער צאָהל, וועלכע זיינען נישט אָרגאַניזירט אין קעמפּס. בסך־הכל קען מען אָננעמען, אַז בערך 6000 אידען געפינען זיך אין דער אַמעריקאַנער זאָנע אין עסטרייך.

„איך האָב פאַרבראַכט אַ שבת מיט די אידען אין באַד־גאַסטיין און האָב נישט קיין ווערטער, כדי צו שילדערען דעם גייסטיגען כח, וואָס ליגט דאָרט אין דער רעליגיעזער גרופּע. איך האָב בייגעוואוינט „עונג שבת"־מסיבות אין דער „אגודת ישראל" און אין קיבוץ „בני עקיבא" פון „מזרחי". אין די דאָזיגע

---

6) „מאָרגען־זשורנאַל", 23 דעצעמבער 1945.

גרופּען געפינען זיך מענשען פון גרויסען קאַליבער, מיט ענטוזיאַזם, מיט אידעאַליזם, מיט אַ רייפען בליק אויפן לעבען. אַ באַזונדערס גרויסען רושם מאַכט די פיהרערין פון „בנות אגודת ישראל", איטע אס, אַ פאַרטיזאַנקע פון נאָוואָגרודעק, אַ יונגע מיידעל, מיט אַ הויכער נשמה, וואָס האָט פאַרבראַכט לאַנגע יאָהרען אין די נאָוואָגרודקער וועלדער און דערביי — זיך געקאָכט כשר עסען!... היינט פאַרבינדט זי איהר פייערדיגע התלהבות פאַר אידישקייט מיט אומדערמידליכער אַרבעט אין קעמפּ. איהר השפּעה איז אַ געוואַלדיגע. זי וועקט אַלעמען צו מעשים. זי רוהט נישט אויף קיין רגע. — —

„אין האָטעל „שטאובינגער" אין באַד־גאַסטיין, איז איינגעאָרדענט געוואָרען אַ גרויסער בית המדרש, וואו עס ווערט רעגולער געדאַוונט. צוויי רבנים פיהרען אָן מיטן רעליגיעזען לעבען פון די 1250 אידען, איינער אַ פּוילישער — הרב אַראָנזאָן פון סאניקי — און איינער אַן אונגאַרישער — הרב אַדלער — פון קאַרפּאַטאָ־רוס. עס איז געשאַפען געוואָרען אַ שעהנע היגיענישע מקוה. דער אידישער ישוב פון באַד־גאַסטיין, צווישען די וואונדערבאַרע נאַטור־אוצרות, צווישען די הויכע בערג און קוואַלען פון הייס וואַסער, האָט זיך פון ערשטען מאָמענט אָנגעפאַנגען צו אַנטוויקלען אויף געזונטע יסודות און אַלץ אַ דאַנק זיך אַליין. פון אינעווייניג איז געקומען דער שטויס. פון זיך אַרויס האָבען די „שארית הפליטה"־אידען געשאַפען אַלע גרונד־עלעמענטען פון זייער נייער ציבור־עקזיסטענץ. קיין הילף פון דרויסען האָט זיי נישט דערגרייכט. — — "

אַזוי האָט זיך פאַרגעשטעלט דער מצב אין 1945. מיט אַ יאָהר שפּעטער איז שוין אָבער די סיטואַציע געווען אַ גאַנץ אַנדערע. דער זעלבער שליח פון „ועד הצלה" האָט בעת זיין צווייטער פאָרשונגס־רייזע בעזוכט עסטרייך — צוזאַמען מיטן נשיא פון „ועד הצלה", הרב סילווער — און די בעריכטען האָבען שוין דאָס מאָל געקלונגען העכסט אַלאַרמיסטיש [7]:

„ — — מען קען אָננעמען, אַז ביים היינטיגען טאָג, געפינען זיך אָן ערך 50.000 אידישע פליטים אין עסטרייך. וויען, די הויפּט־שטאָדט פון עסטרייך, איז דאָ נישט אין חשבון. פון וואַנען נעמט זיך די ציפער פון 50.000 אידישע פליטים? אין דער אַמעריקאַנער זאָנע פון עסטרייך, געפינען זיך פאָלגענדע לאַגערן:

בינדערמיכעל, מיט 2500 אידען. וועגשייד, מיט 9000 אידען. קליין־מינכען, מיט 5000 אידען. ענס, מיט 2500 אידען. האיד, מיט 4000 אידען. שטייער, מיט 3000 אידען. די אַלע זעקס לאַגערן זיינען אין שכנות פון לינץ.

„עבענזעע, מיט 3000 אידען. בראונאו, 1000 אידען. באַד אישל, 500 אידען. באַד גאַסטיין, 1500 אידען. זאַלצבורג (ניו פּאַלעסטיין), 500 אידען.

---

7) „מאָרגען־זשורנאַל", 12 דעצעמבער 1946.

רעדענבורג, 2000 אידען. בעקשטיין, 1800 אידען. „בית ביאַליק", 2500 אידען. גניגל („בית טרומפּעלדאָר"), 1300 אידען. מולן, 300 אידען. „פּראַנץ יאָזעף קאַסערן", 1200 אידען. — די דאָזיגע לאַגערן זיינען אין שכנות פון זאַלצבורג. אין דער ענגלישער זאָנע פון עסטרייך, געפינען זיך ביי 5000 אידען; אין דער פראַנצויזישער — ביי 3000 אידען.

וועגען אַלגעמיינעם כאַראַקטער פון די לאַגערן, דאַרף מען זאָגן אַט־וואָס: אַ חוץ די „אַלטע" לאַגערן אין „ניו פּאַלעסטיין" ביי זאַלצבורג, בינדערמיכעל ביי לינץ, באַד גאַסטיין, זיינען כמעט אַלע איבעריגע נייע דורכגאַנגס־לאַגערן, וואו עס געפינען זיך די פרישע פּליטים פון פּוילען.

איך האָב באַזוכט, צום טייל צוזאַמען מיט הרב סילווער פון סינסינעטי, אַ רייה פון די נייע לאַגערן. מיר האָבן גערעדט מיט די מענשען, וואָס געפינען זיך אין די דאָזיגע פּלעצער, און געזעהען, וואָס עס טוט זיך דאָרט. דאָס בילד איז אַזוי שוידערהאַפט, אַזוי שרעקליך, אַז עס איבערשטייגט אַלע פאַרשטעלונגען. מיר זיינען אַוועק פון די לאַגערן פולשטענדיג צובראָכען.

לאָמיר נעמען, אַלס ביישפּיל, דעם לאַגער אין גניגל, וועלכער רופט זיך איצט מיט'ן שעהנעם נאָמען „בית טרומפּעלדאָר". איך בין דאָרט געווען צוזאַמען מיט הרב סילווער. דער לאַגער איז אַרומגערינגעלט מיט שטעכעדיגען דראָט. ווען דער טויער האָט זיך געעפענט, האָבן מיר דערזעהן, אויף אַ מרחק פון פופציג פוס, אַ צווייטען טויער. נאָך דעם דורכגעהן פון צווייטען טויער זיינען מיר שוין געווען אין לאַגער גופא. קליינע הייזלעך זיינען געשטאַנען נאָהענט איינע צו די אַנדערע און אין זיי זיינען געווען אויסגעשטעלט בעטלעך, איינס נעבען צווייטען. פון די דעכער האָט אַריינגערעגענט (עס איז גראָד געווען אַ שלעכט וועטער). אויף די בעטען זיינען געלעגען, כמעט באַוועגונגסלאָז, קראַנקע מענשען. אין די צימערען איז געווען פינסטער (ווייל אין דרויסען איז געגאַנגען אַ רעגען און עס איז געווען שוין שפּעט נאָכמיטאָג). קיין באַלייכטונג איז ניט געווען. ווען מיר זיינען אַריין אין די „צימערען", און די מענשען האָבן דערזעהן אימיצען „פון דרויסען", איז געוואָרען אַ יללה: — דערבאַרימט אייך, שיקט אונז עסען! מיר זיינען הונגעריג! מיין קינד געהט אויס! ראַטעוועט אונז! אַזעלכע קולות האָבן זיך געהערט פון אַלע זייטען. עס איז געווען אַזאַ יאָמער, אַז די אויגען האָבן נישט געקענט קוקען, די אויערען האָבן נישט געקענט הערען..."

„— —הרב סילווער האָט פאַראָרדענט, אַז מען זאָל ביינאַכט באַקען ברויט פאַר'ן לאַגער אין גניגל. מען איז אַרומגעלאָפען צו די בעקער, געצאָלט וויפיל זיי האָבן פאַרלאַנגט, כדי עס זאָל זיין אויף־צו־מאָרגענס, אַ שטיקעל ברויט.

אָבער דער פּראָבלעם איז נישט נאָר פון גניגל און נישט נאָר פון איין טאָג. עס קומען כסדר צו נייע גניגל'ס. דער שטראָם פון פּליטים האָט זיך

ניט ׇפּגעשטעלט. — — איך בין, נאָך מיין באַזוך אין גניגל אין דער „פּראַנץ יאָזעף קאַסערן", אַריין אין ׇפיס פון „דזשאָינט" אין זאַלצבורג און געפרעגט: היתכן? פאַרוואָס איז ניטאָ קיין געגוג הילף מצד דעם „דזשאָינט"? עס זיינען געווען פאַרשידענע דערקלערונגען. די אידען אין די לאַגערן זיינען זיך אָנגעלאָפען צו־פלוצלונג, ממש אומגעריכט. באַמיהונגען ווערען געמאַכט און די לאַגע וועט געוויס בעסער ווערען. אָבער דערווייל: דאָס בילד פון הונגער און נויט".

און דער פאַקט בלייבט קלאָר, אַז דער „ועד הצלה" האָט דורך זיין נשיא, הרב סילווער, געבראַכט די ערשטע ממשות׳דיגע הילף פאַר די פליטים־לאַגערן אין עסטרייך.

## 4) איטאַליע.

דאָס הילפס־פּראָבלעם פאַר איטאַליע איז אויך אויסגעוואַקסען אין גאַנג פון דער „בריחה". דער אויסגאַנגס־פּונקט פון דער „בריחה" איז טאַקע געווען פוילען, אָבער איהר ציל־פּונקט איז געווען איטאַליע, וואו עס האָבען געוואַרט די „אומלעגאַלע" עליה־שיפען קיין ארץ־ישראל.

דעם ערשטען קאָנטאַקט מיט דער שארית־הפליטה אין איטאַליע, און ספּעציעל מיט די רעליגיעזע קרייזען האָט נאָך אָנגעבונדען ד"ר שמואל שמידט, דער ערשטער אָפיציעלער שליח פון „ועד הצלה" קיין איירׇפּע, גלייך נאָך דער מלחמה [8]). די אַרבעט אין איטאַליע איז היפּש פערברייטערט געוואָרען מיטן אָנקום פון די פאָרשטעהער פון דעם אַמעריקאַנישען „ועד הצלה", וואָס האָבען געהאַט זייער זיץ־אָרט אין ארץ־ישראל — הרב מישקאָווסקי, דער קרינקער רב, ווי אויך ד"ר יעקב גריפעל. הרב מישקאָווסקי האָט בעזוכט איטאַליע אין אָנהויב 1946. טראָץ זיין שווערער קראַנקהייט האָט ער זיך ממש מוסר־נפש געווען צו העלפען די שארית־הפליטה בחומר וברוח, און טאַקע בפירוש זיך אינטערעסירט מיט אַלע זייערע ענינים בכלל און בפרט. הרב מישקאָווסקי איז עס געווען דער, וועלכער האָט צוגעגרייט דעם באָדען פאַרן שפּעטערדיגען בעזוך פון הרב הראשי הערצאָג אין איטאַליע, וואָס איז אַריבער בעזונדערס איינדרוקספול און ער־פאָלגרייך.

דער „ועד הצלה" אין אַמעריקע האָט אַלץ געטהון צו העלפען הרב מישקאָווסקי אין זיין הייליגער שליחות — אָט איז אַ קורצע טעלעגראַמע, וואָס איז אַרויס פון ניו־יאָרק דעם 21 מערץ 1946:

8) „נצח ישראל", מינכען, נומער 3.

„צו שטערנבוך — מאנטרעי, שווייץ:
שיקט זאָפאָרט איבער די נויטיגע הילף פאַר הרב מישקאָווסקי צו פער־בררייטערן די אַרבעט אין איטאַליע".

### ועד הצלה

דער אומדערמידליכער הצלה־עסקן און פערטרויאונגס־מאַן פון „ועד הצלה" אין אַמעריקע, הרב מישקאָווסקי, האָט נישט געקענט איבערטראָגן די לאַסט פון זיין הייליגער שליחות און נאָכן צוריקקעהר פון דער נסיעה קיין אייראָפּע, איז ער קורץ דערנאָך נפטר געוואָרען אין ירושלים.

איינע פון די שעהנסטע מוסדות, פון דער שארית־הפליטה אין איטאַליע, וואָס איז טאַקע געוואָרען אויפגעשטעלט פון זייער אייגענער איניציאַטיוו, איז געווען די ישיבה „מאור הגולה" אין רוים, געגרינדעט און אָנגעפיהרט דורך הרב אפרים אשרי, פון די וועניגע רבנים־ניצולים פון דער ליטע. די ישיבה האָט עקזיסטירט עטליכע יאָהר אין רוים און האָט אונגעהויער אויפגעטהון פאַר הרבצת התורה. דער „ועד הצלה" איז די גאַנצע צייט געשטאַנען צו־הילף דער דאָזיגער ישיבה.

אין שפּעטערדיגען פעריאָד זענען אין איטאַליע אויסגעוואַקסען נייע נויטען און נייע פּראָבלעמען פאַר די רעליגיעזע קרייזען פון דער שארית־הפליטה. דער אָבפאָהר פון די „אומלעגאַלע" שיפען איז דאַן געוואָרען געוואַלדיג בעשווערט. דער ענגלישער פּלאַט איז אַרויס אין אַן אָפענער מלחמה מיט דער „בריחה" און „העפלה". די אידישע שיפען מיט שרידים און פּליטים, אַנטרונענע פון אייראָפּעאישען עמק־הבכא, זענען געוואָרען אויפגעכאַפּט אין מיטען ים און טראַנספּאָרטירט מיט צוואַנג קיין ציפערן (קפריסין), וואו זיי זענען געוואָרען איינגעשלאָסען אין פרישע קאָנצענטראַציע־לאַגערן, דאָס מאָל אונטער דער שמירה פון די ברשיטישע אַרמעיען. צוליב דער דאָזיגער לאַגע האָבען אַ טייל פּליטים געמוזט בלייבען שטעקען אַ לענגערע צייט אין איטאַליע, און דאָס האָט אַרויסגערופען דרינגענדע בעדערפענישען פון רעליגיעזען כאַראַקטער.

אין יולי 1947 האָט דער פערבאַנד פון די אידישע פּליטים אין איטאַליע (ארגון הפליטים באיטליה) איבערגעשיקט אַן אָפיציעלע ווענדונג צום „ועד הצלה" מיט פאָלגענדע פערלאַנגען לטובת די רעליגיעזע קרייזען צווישען די פּליטים:

„1) אַרויסצוגעבען ספרי־קודש פאַר די לאַגער־אידען (לויטן מוסטער פון די לאַגערן אין דייטשלאַנד);

„2) צו אָרגאַניזירען אַ שוחטים־סעמינאַר אין איטאַליע, כדי אויסצובילדען די קאַנדידאַטען פאַר שוחטים, אין וועלכע עס הערשט אַ גרויסער מאַנגעל אין גאַנץ אייראָפּע;

„3) צו בעזאָרגען כשר פּעטס פאַר די צאָהלרייכע פּליטים־לאַגערן, ווייל אין דאָזיגען אַרטיקעל הערשט אַ ספּעציעלער מאַנגעל".

## 5) פראַנקרייך.

דער טעטיגקייטס־געביט פון „ועד הצלה" אין פראַנקרייך איז געווען אַ גאָר ברייטער און פערשידענאַרטיגער, ווייל דאָרט האָבען זיך פונאַנדערגעטיילט די לייסטונגען אין פאָלגענדע 3 ריכטונגען:

1) צו ראַטעווען די אידישע מלחמה־יתומים, וועלכע האָבען זיך געפונען אין די קלויסטערס, קריסטליכע אַנשטאַלטען און פאַמיליעס.

2) צו העלפען די טראַנזיט־וואַנדערער, וואָס פראַנקרייך איז געווען זייערס אַ צייטווייליגע סטאַציע, אַ דאַנק דער פריינדליכער און הומאַנער בעציהונג פון דער פראַנצויזישער רעגירונג (גענויער: רעגירונגען) צו די אידישע פליטים;

3) צו אָרגאַניזירען פון דאָרטען די אַרבעט איבער גאַנץ אייראָפּע, ספּעציעל איבער די לענדער פון יענער זייט „אייזערנעם פאָרהאַנג", נאָכדעם ווי די אייראָפּעאישע צענטראַלע פון „ועד הצלה" איז געוואָרען איבערגעטראָגען פון שווייץ קיין פּאַריז.

וועגען דעם ערשטען הצלה־געביט, צו ראַטעווען פון שמד די אידישע יתומים פון אונזערע קדושים — ליגען פאַר אונז 2 העכסט־קאָמפּעטענטע בע־ריכטען: פון הרב הראשי הערצאָג, ווי אויך פון ספּעציעלען הצלה־שליח, ד"ר י. לעווין.

דעם 9 אויגוסט 1945, אַ גאַנץ קורצע צייט נאָכן אבשלוס פון דער אייראָפּעאישער מלחמה, האָט ד"ר יצחק לעווין, אַלס שליח פון „ועד הצלה", בעריכטעט פון עקס־לע־בען, אין פראַנקרייך [9]:

„דאָס וואָס עס געשעהט היינט־צו־טאָג אין עקס־לע־בען, די באַ'חנ'טע פראַנצויזישע שטאָדט, נישט ווייט פון די שווייצער בערג, איז ממש אַ נס. שווער צו גלויבען, אַז דאָס איז באמת מעגליך.

ווען איך בין אַריבער מיט'ן אויטאָ די שווייצער־פראַנצויזישע גרעניץ און אָנגעפאַנגען זיך דערנענטערען צו עקס־לע־בען, האָב איך פּרובירט זיך צוגרייטען צו די איינדרוקען, וואָס האָבען אויף מיר געוואַרט. איך האָב געדאַרפט זעהן צוויי יתומים־הייזער, וועלכע זיינען נישט לאַנג צוריק געעפענט געוואָרען, און אויך באַזוכען די געביידע פון דער נייער „ישיבת חכמי צרפת", וואָס דאַרף בקרוב

9) „מאָרגען־זשורנאַל", 28 אויגוסט 1945.

עפענען איהרע טויערען פאַר צענדליגער תורה־דורשטיגע תלמידים. האָב איך זיך אַליין געוואונדערט: ווער ווייסט ווי עס זעהט אויס אָט די לעצטע ביסעל אידישקייט אין פראַנקרייך. מסתמא אַסימילאַציע שבאַסימילאַציע.

אָבער געזעהען האָב איך גאָר עפּעס אַנדערש.

צוערשט די „ווילא ראפאעל", וואו זייט דריי וואָכען עקזיסטירט דאָרט אַ קינדער־היים פון „ועד הצלה". איך האָב די קינדער דערזעהען צום ערשטען מאָל אין גרויסען שפּייז־זאַל ביי אַ מאָלצייט. נאָכ'ן באַגריסען זיך מיט דער קליינער חברה, זעץ איך זיך אַוועק ביים טיש, צוזאַמען מיט די פאַרטרעטער פון „ועד הצלה" פאַר אייראָפּע, ה' יצחק און פרוי רעכא שטערנבוך.

„גישט שווער אָראָפּצולעזען פון די יונגע פּנים־לעך צופרידענהייט. מיט וועלכען שטאָלץ מאַכען זיי אַ „המוציא" אָדער בענטשען נאָכ'ן עסען! זיי פיהלען זיך ווידער אַלס שותפים אין דער געזעלשאַפט, צו וועלכער זייערע עלטערען האָבען באַלאַנגט. און דאָס גיט זיי גרויס נחת־רוח. איהר זיצט דאָבּיי און קלערט: אָט די קינדער וואָס בענטשען אַזוי שעהן, זיינען שוין געווען גע'שמד'ט, און אייגענטליך זיינען זיי נאָך ווייטער, ווייניגסטענס פאָרמעל, גע'שמד'ט (ווייל עס איז געווען לעת עתה צו קאָמפּליצירט מבטל צו זיין דעם שמד־דאָקומענט און די קינדער זיינען פשוט אַריינגענומען געוואָרען פאַר אַ אידישע ערציאונג, אָהן וועלכע פאָרמאַליטעטען). די עלטערען זיינען אַוועק־געפיהרט געוואָרען קיין אוישוויץ אָדער ערגעץ וואו אין אַן אַנדערען מאָרד־לאַגער און זיכער האָבען זיי אין די לעצטע מינוטען פון זייער לעבען געטראַכט וועגען זייערע טייערסטע קליינע קינדערלעך, וואָס זיינען פאַרבליבען ביי גוים. איז געווען עפּעס אַנדערש הייליגער ביי יענע עלטערען ווי דער וואונש, אַז די קינדער זאָלען פאַרבלייבען אידען? און אָט דער וואונש איז מקוים געוואָרען. עס איז דאָ אַ היים אין עקס־לע־בען, ביי דעם „בולוואַר דעז אַנגלע", וואו אידישקייט קען מען שוין אָנטאַפּען.

„די „ווילא ראפאעל" איז נישט די איינציגע היים פאַר אידישע קינדער אין עקס־לע־בען. נישט ווייט שטעהט נאָך אַ צווייטע, פון אַן עהנליכען מין, וואו 45 קינדער ווערען אידיש ערצויגען. די נשמה פון היים איז הרב משה לעבעל, אַ נאָך יונגער מענש, וואָס איז פול מיט ענערגיע און וואָס פאַרמעסט זיך אויף געוואַלדיגע אונטערנעמונגען.

הרב לעבעל האָט „פון אונטער דער ערד" אַרויסבאַקומען די איינריכטונג פון דער היים אין דער „ווילא ראַפאַעל". דאָס איז נישט קיין קלייניגקייט היינט־צו־טאָג אין פראַנקרייך צו באַקומען בעטען, טישען און בענקלעך. בעט־געצייט איז שוין אינגאַנצען אַ חלום. פונדעסטוועגען איז אין „ווילא ראַפאַעל" אַלץ דאָ. נאַטירליך, נישט אין איבערפלוס, אָבער אַלץ איז שעהן און זויבער. דאָס איז אַ קונץ. דאָס איז ווערט באַוואונדערט צו ווערען.

אָבער די גרעסטע קונץ פון הרב לעבעל איז — די ישיבה. ער האָט זיך גענומען שאַפן אַ צענטראַלע ישיבה פאַר פראַנקרייך אונטער׳ן נאָמען „ישיבת חכמי צרפת״ (איהר קענט באַלד דערקענען, וואו ער האָט געלערענט: די „ישיבת חכמי לובלין״ איז די גייסטיגע מוטער פון דער „ישיבת חכמי צרפת״!).

די „אגודת הרבנים״ פון אַמעריקע האָט דורך איהרע שליחים ערמוטיגט הרב לעבעל מיט אַלע כוחות. היינט ווערען שוין פאַרענדיגט די הכנות. די „ישיבת חכמי צרפת״ איז אַ רעאַלע זאַך.

און וואָס פאַר אַ זאַך! די געביידע איז אַ פּשוט׳ער פּאַלאַץ, וואו הונדערט תלמידים קענען און וועלען געפינען זייער היים. אַ גאַנצע רייהע פון בוכענוואַלדער און דאַכויער געסט זיינען שוין „געמאָלדען״, ד. ה. מען פּרובירט זיי אַרויסצונעמען פון די לאַגערען, כדי זיי אַריינצוגעבען אין דער ישיבה. דער ערשטער ראש־ישיבה איז שוין דאָ: הרב חייקין, אַן אַמאָליגער תלמיד פון ראַדון, איז אָקאָרשט צוריקגעקומען פון דער דייטשער געפאַנגענשאַפט. — —

אין דאָ וועט זיין אינטערעסאַנט צו ברענגען איינע פון די דעפּעשען פון דערמאָנטען הרב לעבעל, אַדרעסירט צום „ועד הצלה״ אין ניו יאָרק:

„עקס־לע־בען, דעצעמבער 27, 1945, — „ועד הצלה״, ניו־יאָרק:

„דרינגענד נויטיג פאַר אונזערע פּליטים־קינדער תפילין, מזוזות און כשר עסען״.

## רבי לעבעל

די קינדער־היים אין עקס־לע־בען און „ישיבת חכמי צרפת״ זענען טאַקע געווען אַ מוסטער־לייסטונג, אָבער דערמיט איז דאָך דאָס פּראָבלעם פון די פערפאַלענע קינדער ווייט נישט געווען געלעזען. דער שליח פון „ועד הצלה״, ד״ר לעווין, האָט בעריכטעט וועגען בעמיהונגען פון „ועד הצלה״ צו ראַטעווען און אויסגעפינען וואָס מעהרער קינדער. — אָט איז זיינער אַ בעריכט פון פּאַריז, דאַטירט פון יולי 1945 [10]:

„איך בין אָנגעקומען אין פּאַריז פרייטאָג, דעם 26־טען יולי 1945, און נאָך דעמזעלבען טאָג זיך געטראָפען מיט גלח שאַיע, דעם אָנפיהרער פון „קאָזאָר״ (ראשי תיבות אין פראַנצויזיש פאַר: „קאָמיטע פון די סאָציאַלע טעטיגקייטען פון דער אָפּוועהר־באַוועגונג״) און אָנגעהויבען זיך צו באַמיהען וועגען צוריק־באַקומען די אידישע קינדער, וואָס זיינען פאַרבליבען לעבען און געפינען זיך אין נישט־אידישע הענד.

לויט אַן אָפּמאַך פון „קאָזאָר״ מיט דער פערוואַלטונג פון „ועד הצלה״ אין דער שווייץ פון 19־טען יוני 1945, איז געווען געזאָרגט פאַר דער אידישער ערציהונג פון די קינדער אין פראַנקרייך, וואָס זיינען געווען אין רשות פון

10) ד״ר י. לעווין, „נאָכן חורבן״, ז׳ 52 און ווייטער.

„קאָזאַר". אָבער די קינדער זיינען ווייטער פאַרבליבען אונטער דער לעגאַלער אויפזיכט פון דער פראַנצויזישער אָרגאַניזאַציע און זייער שפּעטערע עמיגראַציע איז, נאַטירליך, געווען אָפּהענגיג פון דער הסכמה פון „קאָזאַר". איך האָב דאַריבער ביי זיך באַשלאָסען נישט אָנצונעמען דעם פאָרשלאַג פון גלח שאַיע בעת מיין קאָנפערענץ מיט איהם דעם 26־טען יולי אַריינצופיהרען קיין פראַנקרייך די אידישע קינדער פון די לאַגערן אין דייטשלאַנד אויף וויזעס, וואָס דער „קאָזאַר" וועט פאַר זיי באַזאָרגען. הגם עס האָט דאַן נישט אויסגעוויזען, אַז גלח שאַיע האָט וועלכע הינטערגעדאַנקען, אָבער דאָך איז מיר פון אָנהויב אָן קלאָר געוואָרען, אַז מיר טאָרען די אידישע קינדער, דעם לעצטען פאַרבליבענעם רעשט פון אונזער פאַרניכטעטען מענשען־אוצר אין אייראָפּע, נישט שטעלען אין קיין שום אָפּהענגיגקייטס־פאַרהעלטניש צו נישט־אידישע און שוין לגמרי נישט צו קירכליכע פאַקטאָרען. אויב ברענגען קינדער קיין פראַנקרייך דאַן האָט זייער קומען געמוזט זיין פולשטענדיג פריי פון יעדען נישט־אידישען „פּאַטראָנאַט", כדי עס זאָל זיין פולשטענדיג פריי דער ווייטערער וועג.

„נאָך אַ גרינדליכען ישוב־הדעת מיט ד"ר שמואל שמידט, מיין חבר אין דער רעהאַביליטאַציע־מיסיע אין נאָמען פון אגודת הרבנים, זיינען מיר געקומען צו דער מסקנא, אַז עס מוזען תיכף אונטערנומען ווערען ענערגישע שריט ביים פראַנצויזישען אויסערן־מיניסטעריום, כדי צו באַקומען אויפ'ן נאָמען פון אגודת הרבנים אַ קאָלעקטיווע וויזע פאַר אַ גרעסערע צאָהל אידישע קינדער פון די לאַגערן מיט אַ געוויסער צאָהל באַגלייט־פּערזאָנען. האָבענדיג אַזאַ וויזע אין דער האַנד, וואָלט מען געקענט אָרגאַניזירען אין אַ שנעלען טעמפּאָ דאָס אויסגעפינען די אידישע קינדער נישט נאָר אין די לאַגערן, נאָר אויך אין פאַרשיידענע אייראָפּעאישע לענדער און דאַן, דורך דייטשלאַנד, ברענגען זיי קיין פראַנקרייך, וואו זיי וואָלטען שוין געווען פאַרזיכערט, אין אונזערע היימען, פון אַ ווייטערדיגער אַנטפרעמדונג".

נאָכמעהר בעלעהרענדיג וועט זיין צו ציטירען דעם בעריכטס־בוך וועגען הרב הראשי הערצאָג'ס הצלה־מיסיע אין פראַנקרייך, וואָס איז פּובליקירט געוואָרען דורכן „ועד הלאומי" אין ירושלים [11]:

„אין פראַנקרייך האָט הרב הראשי הערצאָג אָנגעטראָפען 4 אידישע קאָמיטעטען, וועלכע האָבען זיך פערנומען מיט דער יתומים־פראַגע: 1) דער אָז"ע, 2) דער קאָמיטעט, וועלכער האָט פערטרעטען דעם „ועד הצלה" און אגודת הרבנים אין אַמעריקע, 3) דער אַנשטאַלט פון הרב שניאורסאָן, דעם פאָרשטעהער פון ליובאַוויטשער רבין, און 4) דער קאָמיטעט פון דער פראַנצויזישער „קאָנסיסטאָריע", אונטער דער אָנפיהרונג פון מיטגליד פון פראַנצויזי־

---

11) „מסע ההצלה", ירושלים, אייר, תש"ז, ז' 25.

שען העכסטען געריכט, מייס, דעם פּרעזידענט פון דער קאָנסיסטאָריע. — הרב הראשי הערצאָג האָט זיך גלייך פערבונדען מיטן קאָמיטעט נומער 2 (פון „ועד הצלה"), און ער האָט מיט צופרידענהייט פעסטגעשטעלט, אַז דער דאָזיגער קאָ־מיטעט האָט בעוויזען איינצושטעלען אַן ענגען קאָנטאַקט מיטן „קאָזאַר", און אַז עס זענען אפילו געשלאָסען געוואָרען 2 אָפיציעלע אָבמאַכען צווישעןביידע דאָזיגע קאָמיטעטען, לויט וועלכען דער „קאָזאַר" האָט זיך פערפליכטעט צו־צושטעלען צום קאָמיטעט פון „ועד הצלה" די נעמען פון די אידישע מלחמה־יתומים, וועלכע געפינען זיך אויף זיין אונטערשטיצונג און צוגלייך דערמיט צו העלפען מיט אַלע מיטלען וויטער איבערצוברענגען די אידישע יתומים פון נישט־אידישע פלעצער אין די אידישע אַנשטאַלטען פון דאָזיגען קאָמיטעט (פון „ועד הצלה") — כדי צו העלפען רעאַליזירען דעם דאָזיגען הסכם האָט הרב הראשי הערצאָג ווי אויך הרב מישקאָווסקי (ז"ל) אינטערוועני רט ביים אָנפיהרער פון „קאָזאַר", דעם גלח שאַיע, לטובת די בעמיהונגען פון „ועד הצלה". — —

אין זעלבען קאָמפּעטענטען בעריכטס־בוך ווערט בכלל אַרויסגעהויבען די אַרבעט פון „ועד הצלה" אין אַמעריקע מיט דער העכסטער אָנערקענונג — „דער ועד הצלה האָט בעוויזען וואונדער מיט זיין טעטיגקייט" — אַזוי שטעהט דאָרט ווערטליך: „— ועד ההצלה, אשר בשנים הראשונות לקיומו עשה נפלאות" [12]).

שפּעטער, אין פּעריאָד פון דער „בריחה" איז דער הילפס־צענטער פון „ועד הצלה" אין פּאַריז אויסגעוואַקסען אין זיין חשיבות. דאָס איז געוועזען די לויבענסווירדיגע איניציאַטיוו פון „ועד הצלה" צו שאַפען בעסערע בעדינגונגען פאַר די פּליטים־קינדער, וועלכע זענען געוועזען אַ טייל פון דער „בריחה". טראָץ דעם, וואָס דער פּרוב פון „ועד הצלה" אַריבערצוברענגען גרעסערע פּאַרטיעס קינדער פון די איבערפולטע פּליטים־לאַגערן אין דייטשלאַנד איז נישט געלונגען (ווי דאָס ווערט דערצעהלט ביי אַן אַנדער געלעגענהייט), האָט דער „ועד הצלה" דאָך וויטער געזאָרגט, אַז אַ צאָהל יתומים־קינדער פון פּוילען זאָל קענען אַריינ־געבראַכט ווערען קיין פראַנקרייך אין די געהעריגע רעליגיעזע קינדער־אַנשטאַלטען.

דעם 14 אַפּריל 1946 האָט דער פערטרעטער פון „ועד הצלה" אין דער שווייץ טעלעגראַפירט קיין ניו־יאָרק:

„היינטיגע וואָך זענען אָנגעקומען קיין עקס־לע־בען און פּאַריז 500 קינדער פון פּוילען — —"

(געצייכענט)

**שטערנבוך**

קורץ דערויף איז געווען אַ וויטערדיגע מעלדונג פון 19 אַפּריל 1946:

---

12) דאָרט, ז' 31.

„לעצטער טראַנספּאָרט אָנגעקומען פון פוילען — ועד הצלה ברענגט 600 אידען פון פוילען, רוסלאַנד קיין פראַנקרייך, דערונטער 300 יתומים".
(געצייכענט)

**שטערנבוך**

צו יענער צייט פון דער מאַסענהאַפטער „בריחה" האָט דער „ועד הצלה" געהאָלפען גרינדען אין פראַנקרייך די 2 בעריהמטע מוסטער־אינסטיטוציעס, וואָס זענען געוואָרען די לעבעדיגע צענטרען פאַר תורה און אידישקייט — די חסידישע פליטים־היים אין סאַן זשערמען און די גרויסע ישיבה אין באַיע,ביידע אין שכנות פון פאַריז.

דער שפעטערדיגער פעריאָד איז שוין געוואָרען בעצייכענט דורך דער טעטיגקייט פון פאַריזער אָפיס פון „ועד הצלה", אַלס די צענטראַל־שטעלע פאַר גאַנץ אייראָפּע. דער פיהרער פון דער פאַריזער צענטראַלע איז געווען דר. שמואל שמידט פון סינסינעטי, איינער פון די אומדערמידליכסטע טהוער און שליחים פון „ועד הצלה". אַ געוויסע צייט איז די אָנפיהרונג געווען אין די הענד פון ד"ר יעקב גריפעל.

### 6) בעלגיע.

די הויפט־זאָרג פון „ועד הצלה" אין בעלגיע איז אויך געווען אָבצוראַטעווען די אידישע מלחמה־יתומים פון שמד. אין דערמאָנטען בעריכטס־בוך איבער הרב הראשי הערצאָג׳ס רייזע אין אייראָפּע, ווערט אויך דערצעהלט וועגען דעם רעטונגס־קאָמיטעט פון „ועד הצלה" אין בעלגיע, אונטערן נאָמען „קאָמיטע סענטראַל", וואָס אין זיין שפיץ האָט זיך געפונען מר. הערמאַן לאַנדאו, און אין זיין רשות זענען דאַן געווען העכער 80 אָפּגעראַטעוועטע קינדער.

דער שליח פון „ועד הצלה", דר. לעווין, האָט בעריכטעט פון זיין רייזע אין בעלגיע פאָלגענדעס [13]:

„אין בריסעל און אין אַנטווערפּען זיינען דאָ פאָלקס־קיכען פאַר די פליטים און דעפּאָרטירטע. אין ביידע שטעדט פונקציאָנירען אויך כשר׳ע קיכען (אין בריסעל ווערען אַרויסגעגעבען איבער 600 כשר׳ע מיטאָגען יעדען טאָג, און אין אַנטווערפּען בערך 350).

עס ווערט אויך געזאָרגט פאַר די אידישע קינדער, וועלכע זיינען פאַרבליבען אין נישט־אידישע היימען, הגם מען קען נאָך פיל מעהר אויפטאָן אויף

13) „מאָרגען־זשורנאַל", 3 מערץ 1946.

דעם געביט. דער קאָמיטעט פון „ועד הצלה", ווענדעט אָן אַלע כחות, כדי צו דערגרייכען וואָס מעהר קינדער. היימען ווערען פיבערהאַפט צוגעגרייט. די „אגודת ישראל" און דער „מזרחי" אין בעלגיע האָבען גרויסע פאַרדינסטען אויף דעם געביט.

„— — אַ באַזונדער קאַפּיטעל איז אַנטווערפּען. הגם די אַלטע אַנטווערפּענער, וואָס געדענקען גוט די פאַר־מלחמה׳דיגע פּראַכט פון אַט דער אידישער רעזידענץ, דערמאָנען מיט וועהטאָג די פאַרגאַנגענהייט און זאָגען, אַז „עס איז אפילו קיין זכר ניט געבליבען פון אונזער אַנטווערפּען" — מוז איך, אַלס גאַסט, ערקלערען, אַז אַנטווערפּען איז ווייטער אַ שעהנער אידישער צענטער.

„יאָ, אין אַנטווערפּען לערענט מען ווייטער תורה. די מלחמה־הפסקה איז אין דער באַציהונג פאַרענדיגט געוואָרען. עס פעהלען ליידער צעהנער טויזענטער אידען, וואָס זיינען פון די היטלער־רוצחים פאַרשלעפּט געוואָרען קיין אוישוויץ אָדער אַנדערע טויט־לאַגערן. אָבער דער גייסט פון אַנטווערפּענער אידענטום האָט די נאַצי־בעסטיע דאָך נישט גובר געווען. ער לעבט.

„— — אין מאַיראַבורג, ביי אַנטווערפּען, איז געעפענט געוואָרען דורכ׳ן „ועד הצלה" די ערשטע היים פאַר קינדער. אין דער דאָזיגער היים האָב איך פאַרבראַכט עטליכע שעה. דאָרט, אין דער פּראַכטפולער און געמיטליכער היים, האָב איך ווידער געהערט דאָס זילבערנע לאַכען פון אידישע קינדער. די קליינע יתומים זיינען ווידער ביי אידען, זיינען ווידער אין אַ אידישער אַטמאָספערע און — זיינען גליקליך.

און נישט נאָר זיי. ווען זיי האָבען אַזוי גליקליך געלאַכט און זיך געשפּילט אין שעהנעם גאָרטען, האָט מיר אויסגעוויזען, אַז איבער זיי שוועבט דער גייסט פון זייערע עלטערען, די קדושים. אויך די קדושים זיינען אין יענעם מאָמענט געווען מיט אונז און צוגעקוקט, ווי דאָס וואָס איז נאָך זיי פאַרבליבען — די יתומים — איז צוריק אַריין אין אַלטען אידישען פאָלקס־פאַרבאַנד..."

## 7) האָלאַנד.

אין האָלאַנד זענען געשטאַנען פאַרן „ועד הצלה" 2 ערנסטע אויפגאַבען: 1) צו העלפען דעם ווידער־אויפבוי פון רעליגיעזען אידישען לעבען און 2) אַרויס־צוראַטעווען די אידישע מלחמה־יתומים פון די גוי׳שע הענד.

דעם 6 נאָוועמבער 1945 האָט די פערטרעטונג פון „ועד הצלה" אין דער שווייץ איבערגעליפערט פאָלגענדען ראַפּאָרט קיין ניו־יאָרק:

„לויט די ראַפּאָרטען און בריף פון האָלענדישען ראַבינאַט, איז די גייס־

טיגע ווי צוגלייך מאַטעריעלע לאַגע פון דער שארית־הפליטה אין האָלאַנד קאַטאַסטראָפאַל — 3000 קינדער געפינען זיך אין נישט־אידישע היימען — פיעל פאַמיליעס זענען געצוואונגען צו עסען טרפות — טשיף־ראַביי לעווענשטיין פון ציריך נעמט איבער צייטווייליג דעם צוריקבוי פון רעליגיעזען לעבען אין האָלאַנד און פאָהרט קיין האַאַג גרייט צו פרעזענטירען דאָרט דעם „ועד הצלה״ — (געצייכענט)

**שטערנבוך**

די לאַגע פון רעליגיעזען אידענטום אין האָלאַנד נאָך דער מלחמה איז געוואָרען אַרויסגעברענגט אין איינעם פון די פובליקירטע פרעסע־בעריכטען פון דעם ספּעציעלען שליח פון „ועד הצלה״, דר. לעווין [14]):

— — „וויפיל אידען זיינען היינט דאָ אין האָלאַנד? אַ גענויע רעגיסט־ראַציע וואָס איז לעצטענס דורכגעפיהרט געוואָרען אין אַמסטערדאַם, ווייזט אויף איבער 21 טויזענט נעמען. דערביי זיינען נאָך אַ סך אידען נישט רעגיסטרירט געוואָרען. מען קען, ווי מיר דוכט זיך, דאַריבער אָננעמען, אַז פון די אַמאָליגע 130 טויזענט אידען אין האָלאַנד, זיינען פאַרבליבען אַן ערך דרייסיג טויזענט.

דער גרעסטער טייל פון זיי זיינען יענע, וואָס האָבען זיך, לויט דער פּאָ־פּולערער באַצייכנונג דאָ, „אונטערגעטויכט״, ד. ה. האָבען זיך באַהאַלטען ביי גוים. ווען אַמסטערדאַם איז פון די נאַציס געוואָרען ערקלערט אַלס „אידענריין״, האָבען פונדעסטוועגען נאָך אַ היפּשע צאָהל אידען געוואוינט אין שטאָדט אויף די בוידענס און קעלערען אונטער דער נאָז פון די „גרינע״ (אַזוי האָט מען דאָ גערופען די נאַצישע ס. ס.־מענער). נאַטירליך איז דאָס ניט געווען אין קיין שום פאַרהעלטעניש צו דער פאַר־מלחמה׳דיגער צאָהל פון די אידען אין אַמסטערדאַם (איבער 70 טויזענט), אָבער פונדעסטוועגען איז געלונגען עטליכע טויזענט מענ־שען זיך אויף אַן אָרט אויסצובאַהאַלטען. דאָס זעלבע איז פאָרגעקומען אין אַ רייהע אַנדערע האָלענדישע שטעדט. דערביי ווערען איבערגעגעבען ריהרענדע פאַקטען פון מסירת־נפש מצד האָלענדישע פאַמיליעס, וועלכע האָבען זיך איינ־געשטעלט דאָס לעבען אָפט אָהן שום באַצאָהלונג, כדי צו ראַטעווען אידישע משפחות און זיי באַדינט און פאַרזאָרגט דורך לאַנגע חדשים מיט עסען (הגם אין האָלאַנד איז אין די לעצטע יאָהרען געווען ממש א הונגער). ווען אַ רעליג־יעזער איד איז „אונטערגעטויכט״ געוואָרען, האָט איהם די האָלענדישע פאַמיליע זיך באַמיהט צו דערמעגליכען אפילו כשר צו עסען; מען האָט פאַר איהם גע־קאָכט אין באַזונדערע כלים א. א. וו. אַזעלכע פאַקטען האָב איך געהערט ניט בלויז פון היינטיגען אַמסטערדאַמער רב הכולל טאַל, (וואָס איז געווען אויס־באַהאַלטען ביי אַ פראָפעסאָר), נאָר פון אַ גאַנצער רייהע אידען, וואָס האָבען

14) „מאָרגען־זשורנאַל״, 3 דעצעמבער 1945.

נישט געהאַט געַנוג ווערטער כדי אויסצולויבען זייערע רעטער. פאַר פילע אידען האָט באַצאָהלט די האָלענדישע „אָנדערגרונד״־באַוועגונג, כדי זיי זאָלען קענען איבערהאַלטען די שווערע צייט.

חוץ די „אונטערגעטויכטע״, וואָס האָבען זיך צוריק באַוויזען, זיינען צוריקגעקומען עטליכע טויזענט אידען פון די קעמפּס אין וועסטערבאָרק, בעלזען־בערגען א. אַ. דאָס איז היינט־צו־טאָג דאָס האָלענדישע אידענטום.

עס פעהלען די אידען, וואָס האָבען ביז צו דער מלחמה אָנגעפיהרט מיט׳ן כלל־לעבען. נישטאָ די אַמאָליגע רבנים און קהלה־פיהרער״ — —

ווי געזאָגט, איז דערצו נאָך צוגעקומען דאָס טראַגישע פּראָבלעם פון דער שמד־סכנה וואָס האָט בעדראָהט די לערך 3 טויזענד גערעטעוועטע אידישע קינדער־יתומים. אין זעלבען בעריכט איז דערוועגען געוואָרען דערצעהלט:

— —„נישט קלאָר איז די שטעלונג פון דער האָלענדישער רעגירונג בנוגע די אידישע קינדער, וואָס זיינען געווען באַהאַלטען ביי נישט־אידען. די „אָנדערגרונד״־אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט די קינדער אויסבאַהאַלטען און זיי געשטיצט אין דער שווערער צייט, די אַזוי־גערופענע „אָ. פּ. ק.״ (ראשי תיבות: „אָרלאַכס פלעך קינדערען״, ד. ה. מלחמה־פלעגע פון קינדער), האַלט זיך פאַר׳ן אפּוטרופּוס פון די יתומים (זייער צאָהל איז איבער 3,000). די קאָאָרדינאַציע קאָמיסיע האַלט אַז זי דאַרף איבערנעמען די פאַרזאָרגונג און ערציהונג פון די קינדער. לויט׳ן האָלענדישען געזעץ דאַרף מען אין יעדען פאַל באַזונדער באַשטימען אַן אפּוטרופּוס, און דער מנהג איז געווען ביז צו דער מלחמה, אַז פאַר אַ אידיש קינד האָט מען באַשטימט אַ אידישען אפּוטרופּוס. וואָס וועט איצט געשעהן, איז דערוויל ניט באַוואוסט, און דאָס איז די גרעסטע זאָרג פון האָלענדישען אידענטוםביים היינטיגען טאָג.

ווייל עס געהט וועגען דער צוקונפט פון האָלענדישען אידישען ציבור. די צאָהל פאַרבליבענע קינדער, אויסער די וואָס געפינען זיך נאָך היינט אין רשות פון דער „אָ. פּ. ק.״, איז אַ קליינע. קיין תלמוד־תורה איז דערוויל נישטאָ. די 3,000 קינדער קענען ראַטעווען די צוקונפט!

דערוויל איז די שטימונג אַ געדריקטע. ווען איך האָב אין ביידע ראש־השנה טעג באַזוכט די פאַרשיידענע מקומות קדושים, האָט זיך דערקענט אָט די שטימונג באַשיינפּערליך. עפּעס האָט דער עולם זיך ווי נאָך נישט געטרויט העכער צו שרייען אָדער צו וויינען. עס האָט אויסגעוויזען ווי מען וואָלט נאָך מורא געהאַט צי שטעהט נישט דרויסען אַ ס. ס.־מאַן מיט דער בייטש. דער קאָשמאַר פון די געשעהענישען אונטער די נאַציס האָט געהאָנגען איבער די שוהלען. — —

דער „ועד הצלה״ האָט פון זיין זייט אונטערגענומען ענערגישע שריט

צו מאָביליזירען פינאַנציעלע הילף פאַר דער קינדער־רעטונג. נאָך אין דעצעמבער 1945 האָט די לייטונג פון „ועד הצלה" עפענטליך געמאָלדען וועגען דעם אַלאַר־מירענדען בעריכט פון האָלאַנד צו ראַטעווען 3000 קינדער פון דער שמד־געפאַהר, און צו דעם צוועק איז גלייך געוואָרען אַסיגנירט אַ בודזשעט פון 10 טויזענד דאָלאַר מאָנאַטליך פאַר דער שאַפונג און אויסהאַלטונג פון אַ יתומים־היים אין האָלאַנד [15]).

ליידער האָט די רעטונגס־אַקציע פאַר די אידישע מלחמה־יתומים אָנגעטראָפען די סאַמע גרעסטע שוועריגקייטען דווקא אין דער אידען־פריינדליכער האָלאַנד.

אין דעם בעריכטס־בוך וועגען דער רעטונגס־מיסיע פון הרב הראשי הערצאָג איז די פראַגע געוואָרען אָוועקגעשטעלט מיט דער גאַנצער שאַרפקייט און אָפענקייט [16]):

„דאָ (אין האָלאַנד) איז די לאַגע טרויעריגער ווי אין גאַנץ אייראָפּע. נישט בלויז, וואָס די צאָהל קינדער איז דאָ גרעסער ווי אומעטום, נאָר דער פאַקט איז, אַז די נעמען און אַדרעסען פון אַלע אָפגעראַטעוועטע קינדער געפינען זיך אין די הענד פון דער רעגירונג און ביי אַ גוטען ווילען וואָלט די האָלענדישע רעגירונג לייכט געקענט לעזען די פראַגע... בשעת הרב הראשי הערצאָג (צוזאַמען מיט הרב גאָלד), האָבען זיך געטראָפען מיט דעם פרעמיער פון האָלאַנד איז אַרויסגעקומען די שטעלונג פון דער רעגירונג, אַז זי איז בלויז גרייט צו העלפען צוריקקעהרען די יעניגע קינדער, וועגען וועלכע עס וועלען זיין בעוויזען, דאָס זייערע עלטערען זענען געווען אָרטאָדאָקסען... דערויף האָבען די אָנוועזענדע רבנים ערקלערט מיטן גאַנצען נאכדרוק, אַז בלויז די רעליגיעזע מנהיגים פון אידישען פאָלק האָבען די אויטאָריטעט פעסטצושטעלען וועך עס הייסט אַ אידיש קינד, און קיין פאַרשטעהער פון אַן אַנדער פאָלק אָדער אַן אַנדער אמונה האָט נישט קיין רעכט זיך דערין אַריינצומישען... דערצו איז געוואָרען אַרויסגעברענגט דער אַרגומענט, אַז 95 פראָצענט פון דעם האָלענדישען אידענטום, וואָס איז געוואָרען אומגעבראַכט פון די נאַציס, האָבען (טראָץ זייער אַסימילאַטאָרישער איינשטעלונג) דאָך מל'ע געווען זייערע קינדער, דורכגעפיהרט חתונות לויטן אידישען דין און געקומען צו קבורה אויפן אידישען בית־עלמין!... דער פרעמיער האָט דערויף ערקלערט, אַז די פראַגע וועט אויפסניי בעטראַכט ווערען און דער בעשלוס וועט ווערען געמאָלדען... אָבער קיין ענדערונג צום גוטען איז נישט איינגעטרעטען".

אין זעלבען בעריכט ווערט אָנגעגעבען, אַז אין האָלאַנד האָט הרב הראשי

---

15) „מאָרגען־זשורנאַל", 17 דעצעמבער 1945.

16) „מסע ההצלה", ז' 45.

הערצאָג זיך בעגעגענט מיט הרב סילווער, דעם נשיא פון „ועד הצלה", און עס זענען צווישעןביידע רבנישע אויטאָריטעטען געוואָרען בעהאַנדעלט די דרינגענדע הצלה־פּראַגען.

## 8) אונגאַרן.

וועגען דער הילפס־אַרבעט פון „ועד הצלה" פאַר אונגאַרן, וועלכע האָט זיך זינט דעם מלחמה־שלוס געפונען אונטער דער סאַמע שאַרפסטער קאָנטראָל פון מאָסקווע, זענען מיר אימשטאַנד דאָ אָנצוגעבען בלויז איניגע קורצע דעפּע־שען — אַלס אילוסטראַציע.

דעם 20 יאַנואַר 1946 האָט די פערטרעטונג פון „ועד הצלה" אין דער שווייץ טעלעגראַפירט קיין ניו־יאָרק:

„אונגאַרישע אידען בעטען דרינגענד 5 וואַגאָן קאַרטאָפעל אויף פסח".

(געצייכענט)

**שטערנבוך**

פערלאַנגען אַ פּאָר וואַגאָן קאַרטאָפּעל אויף פסח — איז צו לערנען גענוג וועגען פערלאַנגען אַ פאָר וואַגאָן קאַרנאָפּעל אויף פסח — איז צו לערנען גענוג וועגען דעם דערשלאָגענעם מצב דאָרטען. אַזאַ סאָרט דעפּעשע רעדט מעהר ווי אויס־פיהרליכע בעריכטען...

אַ שטיקעל צייט שפּעטער איז געוועזן אַ מעהר אויספיהרליכער בעריכט צום „ועד הצלה", טראַנספערירט פון אונגאַרן דורך דער פערמיטלונג פון דער שווייץ:

„דעם 3 מערץ, 1946, צום ועד הצלה, ניו־יאָרק:

„בודאַפּעסט טעלעגראַפירט, אַז 1200 קינדער געפינען זיך איצט אונטער דעם שוץ פון „ועד הצלה" — אָהן שנעלער הילף געפאַהר אַריינצופאַלען אין רעגירונגס־אַנשטאַלטען — 10 טויזענד יראים נויטיגען זיך אין הילף אויף פסח — פאַרהאַן איצט מעגליכקייטען פאַר בריחה קיין בעלגיע און איטאַליע. — —

(געצייכענט)

**שטערנבוך**

כדי צו געבען אַ בעגריף וועגען די הילפס־פאָנדען, אין וועלכע אונגאַרן האָט זיך גענויטיגט וועט דאָ זיין כאַראַקטעריסטיש צו ציטירען אַ דעפּעשע, וואָס הרב סילווער האָט איבערגעליפערט צו דער צענטראַלע פון „ועד הצלה" אין ניו־יאָרק, אין גאַנג פון זיין לאַנג־חדשימ'דיגער הצלה־רייזע איבער אייראָפּע.

די דעפּעשע איז דאַטירט פון פּראַג, דעם 19 יולי 1946:

„דרינגענד נויטיג הילף פאַרן ועד הצלה אין אונגאַרן — מינימום צעהן טויזענד דאָלאַר פאַר רבנים, ישיבות, יתומים — טעלעגראַפירט זאָפאָרט אייער בעפולמעכטיגונג, איך וועל באַרגען".

(געצייכענט)

**הרב סילווער**

דאָס איז אַלץ, וואָס עס איז מעגליך צו דערצעהלען וועגען אונגאַרן.

**9) רומעניע.**

אויך וועגען דער הילף פון „ועד הצלה" פאַר רומעניע — איז דאָ מעגליך קוים אָנצודייטען דורך איניגע קורצע דעפעשען.

דעם 29 פעברואַר 1946 האָט דער „ועד הצלה" טעלעגראַפירט צו זיין פערטרעטער אין דער שווייץ:

„טעלעגראַפירט אונז אַ פערלעסליכען פאַרשטעהער, צו שיקען אויף זיין נאָמען פעקלעך קיין רומעניע".

(געצייכענט)

**ועד הצלה**

דערויף האָט דער פערטרעטער פון „ועד הצלה" אין אייראָפּע געענטפערט, מיט דער דאַטע פון 28 מערץ 1946:

„שיקען פעקלעך קיין רומעניע לויט די אַדרעסען פון הרב אַדלער טאָרדא און קאָרנגוט".

(געצייכענט)

**שטערנבוך**

צו דער זעלבער צייט איז דערגאַנגען צום „ועד הצלה" אין ניו־יאָרק אַ דעפּעשע דירעקט פון רומעניע:

„בוקאַרעשט, אַפּריל 3, 1946, צום „ועד הצלה":

„אָנגעקומען 300 שול־קינדער, — ביטע דרינגענדע הילף פאַר אונזער סאָציאַל ווערק".

(געצייכענט)

**אגודה**

וואָס שייך דער דאָזיגער דירעקטער טעלעגראַמע פון בוקאַרעשט איז שווער זי צו פערשטעהען אויפן ערשטען אויגענבליק. „אָנגעקומען 300 קינדער" — פון וואַנען זענען די קינדער אָנגעקומען? זענען דאָס אַריבערגעבראַכטע קינ־דער פון סאָוויעטישען געביט? זענען דאָס יתומים־קינדער פון אַמאָליגען געביט פון טראַנסניסטריע?...

אויך די הילפס־לייסטונגען און הילפס־פּרובען פון „ועד הצלה" פאַר רו־מעניע — דאָס אַלץ איז נישט צום בעשרייבען.

## 10) שוועדען.

שוועדען האָט פערנומען אַ גאָר אייגענאַרטיגען אָרט אין דער טעטיגקייט פון „ועד הצלה“, אין די נאָך־מלחמה־יאָהרען. דאָס נייטראַלע שוועדען, וועמען עס איז בעשערט געווען דאָס גרויסע גליק צו ווערען אָבגעשיונט פון דער נאַצישער הערשאַפט און אָקופּאַציע, האָט דערפאַר אַרויסגעוויזען אַ וואַרימע מענשליכע בעציהונג צו די אומגליקליכע אידען. סיי אין לעצטען מלחמה־פּעריאָד פאַרן נאַצישען צוזאַמענברוך און סיי אין ערשטען נאָך־מלחמה־פּעריאָד גלייך נאָכן נאַצישען אונטערגאַנג, האָט די שוועדישע מלוכה געזוכט אויפצונעמען ביי זיך און געבען רעטונג צו אַ בעדייטענדער צאָהל אידישע פּליטים.

צו דער זעלבער צייט, וואָס די שוועדישע רעגירונג האָט אַרויסגעוויזען אַזאַ אויסערגעוועהנליכע האַרציגע הומאַנע בעציהונג צו די אידישע פּליטים — איז אָבער געווען דער טרויעריגער פאַקט, וואָס דווקא די דאָזיגע הילף האָט געשטעלט די געראַטעוועטע פּליטים קיין שוועדען (און ספּעציעל די מינדער־יעהריגע און מיידלעך) פאַר גאָר ערנסטע געפאַהרען פון גייסטיגען און רעליגיעזען כאַראַקטער! און דאָ איז געקומען די געבענשטע לייסטונג פון „ועד הצלה“!

די שוועדישע רעגירונג האָט מיט דער גאַנצער ברייטהאַרציגקייט בע־זאָרגט די קראַנקע און אויסגעפּייניגטע אידישע פּליטים מיט שפּייז — אָבער דער גרעסטער טייל פון זיי זענען געווען קינדער פון רעליגיעזע משפּחות און זיי האָבען אַפּעלירט פאַר כשר׳ע בעשפּייזונג, און דאָס האָט דורכגעפיהרט דער „ועד הצלה“. די שוועדישע רעגירונג האָט אפילו דערלויבט די פּליטים צו בעשעפטיגען זיך און פערדינען אויף זייער אויסהאַלטונג — אָבער דאָס איז ליידער געווען פערבונדען מיט אַ מאַסענהאַפטען חילול־שבת און דער „ועד הצלה“ האָט דעריבער געמוזט זאָרגען וועגען ספּעציעלע היימען און אַרבעטס־פּלעצער, וואָס זאָלען דערמעגליכען אָבצוהיטען שבת. דערביי זענען די דאָזיגע היימען, בפרט פאַר יונגע טעכטער, געווען דאָס בעסטע מיטעל אָבצוראַטעווען די יונגע קינדער פון שמד און געמישטע חתונות, וואָס דאָס האָט אויף זיי געלויערט דווקא אין דער פריינדליכער סביבה פון שוועדען...

הרב בנימין־זאב־יאַקובזאָן, דער לאַנג־יעהריגער פערטרעטער פון „ועד הצלה“ אין שוועדען און בעקאַנטער אָרטאָדאָקסישער עסקן און מחבר האָט אין איינעם פון זיינע תורה־חיבורים איינגעשלאָסען אַלס צוגאַבע אַ העכסט־בעלעה־רענדען איבערזיכט פון דער „ועד הצלה“ אַרבעט [17]).

לויט דעם דאָזיגען איבערזיכט האָט דאָס הילפס־ווערק פון „ועד הצלה“ אין שוועדען אַרומגענומען פאָלגענדע אַנשטאַלטען:

---

17) „פּירות מפוזרין“, שטוקהולם, תש״ח.

1) די אויסשטאַטונג און בעזאָרגונג מיט רעליגיעזע הצטרכות׳ן פון דעם רעגירונגס־לאַגער אין העלשין,

2) די שאַפונג פון אַ היים און שילע (אין גייסט פון בית־יעקב) אין לידינגע,

3) די גרינדונג און פולקאָמונג פון דער הייב פאַר 300 מיידלעך אין לאַוואָע,

4) די שאַפונג פון גרויסען לאַגער אין פערנאַבריק,

5) די גרינדונג פון דער כשר׳ער קיך אין לאַגער פאַר האָלענדישע פליטות, אין ראבערטסהאיד,

6) די הילף און שטיצע פאַר דעם הכשרה־קיבוץ פון „הפועל המזרחי״ (בח״ד) און פון „החלוץ החרדי״, פון אגודת ישראל.

אויסער דעם ווערען נאָך אויסגערעכענט אַנדערע הילפס־געביטען, ווי די פערזאָרגונג פון כשר עסען פאַר קראַנקע אין די שפיטעלער, די שטיצע פאַר אַרבעטער, אַז זיי זאָלען נישט זיין געצוואונגען מחלל שבת צו זיין; הילף פאַר דער עליה און עמיגראַציע פון די רעליגיעזע פליטים וכד׳.

„די גאַנצע אנערקענונג און דאַנקבאַרקייט קומט די פיהרער פון „ועד הצלה״ אין אַמעריקע״, — אַזוי רופט אויס הרב יאַקובסאָן אין זיין ספר.

דערביי שטרייכט אונטער הרב יאַקובסאָן, אַז מצד די פליטים זעלבסט האָבען זיך אויסגעצייכענט אייניגע עסקנים, וועמענס נעמען ער האַלט פאַר נויטיג צו דערמאָנען: ר׳ אלעזר מאָרגענשטערן, דער גרינדער פון „החלוץ החרדי״; הרב מאיר האַגער פון דער וויזשניצער גזע, וועלכער האָט געפיהרט די ישיבה אין פערנאַבריק צוזאַמען מיט ר׳ שמשון גאָלדשטיין; ר׳ ראובן אייזנער און ר׳ חיים הערץ, די גרינדער פון דעם גרויסען קיבוץ פון פרומע פליטים אין לאַנדסקראָנע; די פרויען קרוסע שטערן, די טהוערין פאַר בית־יעקב־ערציהונג און נאָך אַנדערע.

## 11) שווייץ.

ווי עס איז קלאָר פון דער פריהער־אָנגעגעבענע בעריכטען האָבען אַלע פעדים פון דער הילפס־אַרבעט און רעטונגס־אַקציעס זיין אייראָפּע געפיהרט קיין שווייץ, צו דער פערטרעטונג פון אַמעריקאַנישען „ועד הצלה״, וועמענס זיץ־אָרט עס איז געווען מאָנטרעי. פון די פיל־ציטירטע דאָקומענטען און בעריכטען איז

אויך קלאָר, אַז מעהרסטענס זענען זיי געווען אַדרעסירט אָדער אונטערגעצייכענט מיטן זעלבען נאָמען — שטערנבוך.

דר. יצחק לעווין, איינער פון די אייפערדיגסטע און אומדערמידליכע טהוער פון „ועד הצלה" האָט אין זיינע פרעסע־בעריכטען אַרויסגעהויבען די פערזענליכע לייסטונגען פון דער משפחה שטערנבוך אין מאָנטרעי. אָט זענען איניגע אויסצוגען פון זיינע פעסטשטעלונגען [18]:

„...מיר האָבען צו פאַרצייכענען ניט בלויז חורבן. מיר האָבען אויך צו פאַרצייכענען הילף און רעטונג, און אין דעם קאַפּיטעל פון הילף און רעטונג אין די לעצטע יאָהרען, וועלען געוויס פיגורירען צוויי מענשען, אַ אידיש פּאָר־פאָלק אין דער שווייץ, וועלכע האָבען „פון דער לופט" אַליין אויפגעבויט אַן אָרגאַניזאַציע צו ראַטעווען און העלפען אידען.

אָט די אָרגאַניזאַציע הייסט „היעפס", און אין דאָס קינד פון ר' יצחק און פרוי רעכא שטערנבוך, פון מאָנטרע, שווייץ.

אָנגעהויבען האָט זיך עס פון שאַנכאַי. ווען עטליכע הונדערט ישיבה־לייט זיינען אין 1941 אָנגעקומען פון ווילנע, איבער סיביר, קיין יאַפּאַן, האָט זיי לכתחילה געשטיצט און אויסגעהאַלטען דער „ועד הצלה" אין ניו יאָרק. אָבער עס איז געקומען פּוירל־האַרבאָר און אַמעריקע איז געוואָרען אָפּגעשניטען. האָבען די ישיבה־לייט אַלאַרמירט די שווייץ. טעלעגראַמעס זיינען געפלויגען פון שאַנכאַי קיין ציריך. איין טעלעגראַמע האָט געלויטעט: „ראַטעוועט אונז פון הונגער־טויט!" אויף דעם האָט זיך באַוויזען אין די שווייצער שוהלען אַ קליינער געדרוקטער אויפרוף מיט פאָלגענדען טעקסט:

„כל המקיים נפש אחת מישראל כאילו קיים עולם מלא". 400 בחורים, 26 רבנישע משפחות פון מיר, טעלז און לובלין, זיינען געבליבען שטעקען אין שאַנכאַי, אויפ'ן וועג קיין אַמעריקע, און לערנען דאָרט תורה. זייער לעצטע טעלעגראַמע לויטעט: „ראַטעוועט אונז פון הונגער־טויט!" קיין אידיש האַרץ דאַרף און וועט זיך דאָ ניט פאַרשליסען. ראַטעוועט אונזערע הונגעריגע ברידער אין שאַנכאַי! יעדע נדבה ביי קריאת התורה פאַר אָט דעם צוועק, איז אַ ביישטייער צום דערהאַלטען פון אידעלסטען אידישען מענשען־לעבען".

אונטערגעשריבען איז געווען: „הילפס־פאַראיין פאַר אידישע פליכטלינגע אין שאַנכאַי. סעקרעטאַריאַט: רעכא שטערנבוך, מאָנטרע".

אַזוי איז געבוירען געוואָרען „היעפס", וואָס איהרע ראשי־תיבות מיינען: „הילפס־פעראיין פאַר אידישע פליכטלינגע — שאַנכאַי".

— — „דאַן זיינען געקומען די שוואַרצע יאָהרען 1942 און 1943, די אידישע וועלט איז אָפּגעגאַנגען מיט בלוט. היטלער'ס רוצחים האָבען אָנגעהויבען

18) „מאָרגען־זשורנאַל", 3 פעברואַר 1946.

צו מאָרדען מיליאָנען אידען. די ניטראַלע שווייץ איז געווען דאָס איינציגע לאַנד, וואוהין עס זיינען אָנגעקומען די גענויע ידיעות, און וואו מען האָט געקענט עפּעס טאָן, כדי צו ראַטעווען אַביסעל אידען. האָבען די שטערנבוך׳ס און זייער „היעפּס״ אָנגעפאַנגען צו אַלאַרמירען די וועלט. איך קען עדות זאָגען, אַז יצחק שטערנבוך איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט איבערגעשיקט קיין אַמעריקע די ידיעה, אַז עס האָט זיך אָנגעפאַנגען די ליקווידאַציע פון וואַרשעווער געטאָ. די ידיעה איז געגאַנגען אין דער פאָרם פון אַ שיפרירטער טעלעגראַמע, וועלכע איז דורך אַ געוויסען דיפּלאָמאַטישען קאַנאַל אין ניו יאָרק מיר איבער־געגעבען געוואָרען, דעם צווייטען סעפּטעמבער 1942. צוויי טעג שפּעטער, איז פאָרגעקומען די ערשטע אסיפה אין דער אגודת הרבנים, וואו שטערנבוך׳ס טעלעגראַמע איז געוואָרען פאָרגעלייענט, און עס האָט זיך דאַן אָנגעהויבען די מאָביליזאַציע פון די כוחות פון אַמעריקאַנער אידענטום דורכ׳ן „ועד ההצלה״ פאַר הצלת ישראל, — אַ קאַפּיטעל, וואָס דאַרף אַמאָל באַזונדערס באַשריבען ווערען, אָבער וואָס שטעהט כסדר אין אַן ענגער באַציאונג צו דער „היעפּס״ און די שטערנבוך׳ס. — —

„די שטערנבוך׳ס האָבען נישט גערוהט. זיי האָבען זיך געשאַפען גרויסע רעטונגס־מעגליכקייטען דורך פאַרשידענע דיפּלאָמאַטען, דורכ׳ן פּויפּסטליכען נונציוס אין בערן, דורך כל מיני אַגענטען און פאַרמיטלער. זיי האָבען אַלאַר־מירט צוזאַמען מיט׳ן „ועד ההצלה״ וועגען ראַטעווען אידען מיט פּאַספּאָרטען פון דרום־אַמעריקאַנער לענדער. הגם דערמיט איז פאַרבונדען די טראַגעדיע פון וויטעל, איז אָבער דער פועל־יוצא געווען די רעטונג פון טויזענטער מענשען אין פאַרשיידענע לאַגערן און מדינות אונטערן נאַצי־יאָך.

„ביז עס איז געקומען צו דער אַקציע פון מוסי, דעם שווייצער אַלט־בונדעס־ראַט, וואָס איז אויף דער איניציאַטיוו פון יצחק און רעכא שטערנבוך געפאָהרען צו הימלער׳ן און איינמאָל געבראַכט אַ צוג מיט 1,200 אידען פון טערעזיענשטאַדט. די וועלט האָט דאַן אויפגעציטערט. אַמעריקע איז געוואָרען געשטעלט אויף די פיס: דאָס, וואָס מען האָט געהאַלטען פאַר אונמעגליך אונטער אַלע אומשטענדען — אַז די נאַצי־חיות זאָלען פרייוויליג אַרויסגעבען אידען פון זייערע טייוועלס־הענט — איז געוואָרען דורכגעזעצט דורך די שטערנבוך׳ס. ליידער צו שפּעט. ווייל זעקס מיליאָן אידען זיינען שוין געווען אויסגעמאָרדעט. אָבער דאָך האָט זיך געוויזען, אין לעצטען מאָמענט, אַ שאַנס פון הצלה פאַרן איבערגעבליבענעם הייפעל, אַ וואונדער איז געשעהן. — — די „היעפּס״ אַר־בייט דאַן פיבערהאַפט. דער „רויטער קרייץ״ ווערט אַנגאַזשירט. לעבענס־מיטלען ווערען געשיקט אין די קעמפּס. עס ברענט די אַרבייט. אַלץ ווערט פאַרגעסען, עס עקזיסטירט נאָר איין פּראָבלעם: הצלה״.

— — די מלחמה האָט זיך געענדיגט. עטליכע צעהנדליג טויזענט אידען

זיינען פאַרבליבען אין די קעמפּס. הונדערטער טויזענטער אין צענטראַל אייראָפּע זיינען אין באַוועגונג, מען לויפט. קיינער ווייסט נישט, וואָס צו טאָן. איז ווידער די „היעפּס" אויפ'ן פּלאַץ. זי איז שוין די אָפיציעלע עקספּאָזיטור פון „אגודת הרבנים" און „ועד הצלה".

— — מען האָט מיר אין אייראָפּע געזאָגט, אַז די אַרבייט פון „היעפּס" איז אַ כאַאָטישע. עס פעהלט אין איהר סדר. עס פעהלט אין איהר געלאַסענקייט, אויסגערעכענטקייט. מען וואָלט פילע זאַכען געקאָנט בעסער טאָן, זאָגען די געגנער פון „היעפּס". — — קריטיקירען קען מען אַלץ אין דער וועלט. דאָס איז זעלבסטפאַרשטענדליך. אָבער וואָס איז דאָ אין דער אַרבייט פון דער „היעפּס" — דאָס איז אידיש האַרץ, דאָס איז דער ברען און די התלהבות צו העלפען. דאָס קען קיינער ניט אָפּלייקענען!" — —

קאפיטעל 22

# דער וועג פון גרויסע מעשים — און די מכשולים אויפן וועג

די שוועריגקייטען זענען געווען אויסערליכע ווי אויך אינערליכע. — די רעקאָרד־לייסטונגען פון „ועד הצלה" אויף פערשיידענע הילפס־געביטען. — די פערשידענאַרטיגע פאָרמען פון דעם אימיגראַנטישען הילפס־ווערק פון „ועד הצלה". — דאָס טראַגישע נישט־געלעזטע פּראָבלעם פון די פערפאַלענע אידישע יתומים אין קלויסטערס.

דער נאָך־מלחמה׳דיגער פעריאָד אין דער הילפס־טעטיגקייט פון „ועד הצלה", וואָס נעמט אַרום די יאָרען 1945—1949, איז געווען רייך סיי אין דערפאָלגרייכע שאַפונגען און סיי אין אויסערגעוועהנליכע שטערונגען. דער „ועד הצלה" האָט זיך ווייטער באַמיט צו האַלטען אויפן וועג פון גרויסע און דרייסטע מעשים — ליידער זיינען גאַנץ אָפט די מכשולים אויפן וועג געווען נישט צו איבערווינדען.

די מכשולים זיינען געווען צוגלייך אויסערליכע ווי אינערליכע. ווער עס האָט זיך פאָרגעשטעלט, אַז בלויז דער גאַנג פון דער מלחמה איז עלול אַרויס־צורופען פיינליכע פּאָליטישע קאָמפּליקאַציעס און דאַגעגען מיטן אָנקומען פון שלום אין אייראָפּע וועט די הילפס־אַרבעט קענען אָנגיין גלאַטיג און מיטן פּולען אימפּעט — דער האָט זיך געמוזט ביטער ענטוישען. דער נאָך־מלחמה־פעריאָד האָט געבראַכט נישט ווייניג פּאָליטישען כאַאָס און דעזאָריענטאַציע און דערצו אויך שפּאַגעל־נייע ספּעציפישע מלחמה־נאָכווייענישען אין דער בעפרייטער אייראָפּע.

דער אָקופּאַציע־רעזשים פון די אַליאירטע אין אייראָפּע איז אין תחילת געוואָרען איינגעטיילט אין 4 בעזונדערע רעזשימען, דאָס מיינט פשוט 4 אָפּ־געזונדערטע אָקופּאַציע־זאָנעס: די אַמעריקאַנישע, בריטישע, פראַנצויזישע און סאָוויעטישע. פערשטענדליך, אַז יעדער אָקופּאַציע־רעזשים בעזונדער האָט זיך געפירט זיין אייגענע פּאָליטיק. שפּעטער זיינען אַרויסגעשוואומען גאַנץ נייע פּראָבלעמען, בשעת דעם „איבערגאַנגס־פעריאָד" פון די מיליטערישע אָקופּאַציע־רעזשימען צו דער זעלבסט־פערוואַלטונג אין די אָקופּירטע געביטען. דערצו האָט

דאָס אינטערנאַציאָנאַלע הילפס־װערק לטובת די פּליטים אױך געהאַט דורכצו־מאַכן דעם איבערגאַנגס־פּראָצעס פון „אונרראַ" צו „אײראָ". און דאָ איז אױסגע־װאַקסן די גרעסטע שטערונג אין דער פאָרם פון דער „אײַזערנער פאָרהאַנג". נאָכדעם װי דער סאָװיעטישער רעזשים האָט גענומען אָפּשליסן זײַנע סאַטע־ליטן־לענדער אין מזרח׳דיגען און דרום־מזרח׳דיגען טײל פון אײראָפּע פון יעדן פרײַען קאָנטאַקט מיט דער דעמאָקראַטישער מערב־װעלט — איז שױן ממילא יעדע הילפס־אַרבעט מצד אַמעריקאַנישע אינסטיטוציעס געװאָרן פּאַראַ־ליזירט אין די אַלע געביטן.

דאָס איז אָ געװנג ערנסטער צעטעל פון די אױסערליכע, פּאָליטישע שװעריקײטן. דערצו האָבן די אינערליכע שװעריקײטן אױך אָנגענומען אַ גאַנץ ערנסטן כאַראַקטער. דער הױפּט־כוח פון „ועד הצלה" איז געװען זײַן אחדות־פּראָנט. זינט זײַן גרינדונג, אין סאַמע ערשטן מלחמה־פּעריאָד, ביז אַ שטיק נאָך דער מלחמה האָט דער „ועד הצלה" אױסגעהאַלטן זײַן געשלאָסענעם פּראָנט, האָבנדיג פּעראײניגט אַרום זיך אַלע אידישע רעליגיעזע אָרגאַניזאַציעס און גרופּירונגען פון אַמעריקע. דער „ועד הצלה", געגרינדעט אונטער דער אױטאָריטעט פון אגודת הרבנים, האָט דורך דער גאַנצער צײַט געדינט אַלס אָפיציעלער פירשפּרעכער פון גאַנצן רעליגיעזן אידענטום אין אַמעריקע. דערין איז געלעגען סײ זײַן מעכטיגער פּאָליטישער קאַפּיטאַל, סײ זײַן פּראַק־טישער אָרגאַניזאַטאָרישער כוח.

דאָס מײנט אָבער נישט צו זאָגען, אַז דורך די דאָזיגע אַלע יאָרען פון 1940 ביז 1946, איז דער „ועד הצלה" געװען פרײַ פון אינערליכע רײַבונגען און חילוקי־דעות. נײן, אַזאַ סאָרט אידיליע איז דאָס לחלוטין נישט געװען. און אפשר איז גאָרנישט מעגליך עפּעס אַזעלכעס. עס זײַנען געװען געװנג אָפּטע דיפערענצירונגען און אפילו קאָנפליקטען אין דער צענטראַלער לײַטונג פון „ועד הצלה". דער הױפּט־װיכוח איז מערסטענס אָנגעגאַנגען צװישען דעם אױ־טאָראַטיװען רבנישען פאַקטאָר און דער אָנפירונג פון „ועד הצלה" און דעם אַזױ־גערופענעם בעל־הבתישען עלעמענט, צו װעלכען עס האָבן געהערט אַ צאָל פון די אָנגעזעהענסטע אָרטאָדאָקסישע עסקנים אין אַמעריקע. אַלס פּועל־יוצא פון די דאָזיגע װיכוחים האָט זיך אפילו אײניגע מאָל געטױשט די פּראַק־טישע אָנפירונג פון „ועד הצלה" — נאָר קײן שאָדען איז פון די װיכוחים נישט אַרױסגעקומען. אפשר גאָר אומגעקערט. דאָס האָט יעדעס מאָל אַרײַנגעבראַכט נײַע שטראָמען פון ענערגיע אין דער מיהזאַמער נישט־אונטערגעבראָכענער אַרבעט.

דערפאַר אָבער איז דער אינערליכער קאָנפליקט אין שפּעטערדיגען פּע־ריאָד ענטשטאַנען אױף אַ גאַנץ אַנדערען באָדען — דאָס איז שױן גיכער געװען אַן אידעאָלאָגישער ריס צװישען צװײ שיטות אינערהאַלב דעם רעליגיעזן אידענ־

טום. צו יענעם מאָמענט האָט דער מזרחי אין אַמעריקע אָפּיציעל געמאָלדען זיין אַרויסטריט פון „ועד הצלה". טיפער אויפגעפּאַסט איז דאָס נישט געקומען סתם אַלס קאַפּריז פון עמיצען, אָדער אַלס „פערזענליכער חשבון" מיט עמיצען. עס האָבען זיך דאַן צוזאַמענגשטויסען צוויי פערשידענע השקפות אין דער הצלה־אַרבעט. איין שיטה, רעפּרעזענטירט דורכן „מזרחי" און זיינע אָנהענגער, האָט געזאָגט, אַז דער „ועד הצלה" דאַרף אויסשליסליך זיין אָריענטירט אויף דער ארץ־ישראל־ליניע און אַלץ וואָס דער „ועד הצלה" טוט דאַרף בלויז זיין אַ צוגרייטונג פאַר דער עליה קיין ארץ ישראל; און דערפאַר זיינען טייל מזרחי־קרייזען געווען גלייכגילטיג און אפילו נעגאַטיוו געשטימט צו יעדער אַנדערער פאָרם פון הצלה־טעטיגקייט. דאַגעגען די אַנדערע שיטה, וואָס איז געוואָרען פערטרעטען אַזוי דורך דער אָנפיהרערשאַפט פון אגודת הרבנים אין אַמעריקע ווי אויך דורך דער אגודת ישראל, האָט פאָרמולירט דאָס הצלה־־פראָגראַם אין אַ פיל ברייטערן פערנעם: מען מוז העלפען און ראַטעווען אידען אומעטום און וואוהין עס לאָזט זיך, אויף אַלע וועגען און מיט אַלע מיטלען, אַן שום בעדינ־גונגען אָדער פאַר־בעדינגונגען.

דערצו איז נויטיג אונטערצושטרייכען, אַז אויך די דאָזיגע שיטה האָט פּרינציפּיעל און פּראַקטיש בעפאָרצוגט ארץ־ישראל און די עליה קיין ארץ־ישראל — און דער רייכער רעקאָרד פון „ועד הצלה" סיי אויפן געביט פון דער „בריחה" און סיי אויף אַלע אַנדערע געביטען פון ליפערן הילף קיין ארץ־ישראל בעשטעטיגט דאָס אויף די פולע הונדערט פּראָצענט. נישט מער, וואָס די הויפּט־אָריענטאַציע אויף ארץ־ישראל אַלס צענטראַלער רעטונגס־האַפען פאַר דער שארית־הפליטה, האָט אין פּרינציפּ נישט אויסגעשלאָסען און אין דער פּראַקטיק נישט געשטערט צו אָרגאַניזירען די געהעריגע הילף אויף אַלע אַנדערע געביטען, איינגעשלאָסען די אימיגראַציע־הילף פאַר די יעניגע רעליגיעזע פּליטים, וועלכע האָבען זיך דעצידירט צו עמיגרירען קיין אַמעריקע.

צוליב די דאָזיגע אַלע אויסערליכע און אינערליכע שוועריגקייטען איז דער „ועד הצלה" געוואָרען איינגעשרומפּען אין פאַרנעם פון זיינע טעטיגקייטען, טראָץ דעם זיינען געווען צו פערצייכנען גאַנץ וויכטיגע ערפאָלגען. אויף איניגע הויך־פּונקטען אין פערלויף פון דער נאָך־מלחמה־אַרבעט לוינט זיך דאָ בע־זונדערס אָפּצושטעלען.

## דער פּאָליטישער באַנקעט פון „ועד הצלה", וואָס האָט געברענגט אַ פערטעל מיליאָן דאָלאַר.

אַ קורצע צייט נאָכדעם, ווי דער אָפּיציעל־ אַמעריקאַנישער „וואָר רעפיודזשי באָרד" איז געוואָרען אויפגעלעזען דורך דעם, וואָס זיינע פונקציעס

זיינען געוואָרען פערענדיגט מיטן אָפּשלוס פון דער מלחמה און מיטן פאַלען פון נאַציזם — האָט די לייטונג פון „ועד הצלה" געגעבען אַן אָפיציעלען באַנקעט לכבוד די אָנפיהרער פון דאָזיגען הויכען אַמעריקאַנישען אַמט. דער באַנקעט, וואָס איז פאָרגעקומען דעם 17 דעצעמבער 1945 אין גראַנד־האָטעל „אַסטאָר", איז געוואָרען פערוואַנדעלט אין אַן איינדרוקספולער פאָליטישער מאַניפעסטאַציע ווי צוגלייך אויך אין אַ פּראַקטישער איינקונפט־קוועלע פאַרן „ועד הצלה".

אָט ווי אַזוי דער באַנקעט איז געוואָרען געשילדערט אין דער אידישער פּרעסע [1]:

„איינע פון די אימפּאָזאַנטסטע פערזאַמלונגען אין דער געשיכטע פון דער אידישער אָרטאָדאָקסיע אין אַמעריקע איז פאָרגעקומען מאָנטאָג אָוונט אין האָטעל „אַסטאָר", ניו־יאָרק, וואו די אָרטאָדאָקסישע הילפס־אָרגאַניזאַציע „ועד הצלה" האָט געגעבען אַ דינער אין ערע פון דעם געוועזענעם פינאַנץ־מיניסטער הענרי מאָרגענטוי, מעיאָר וויליאַם אָ'דווייער און דעם געוועזענעם דירעקטאָר פון „וואָר רעפיודזשי באָארד", דזאָהן פּעלי.

„אויף דעם דינער איז אויך ערעפענט געוואָרען דער קאַמפּעין פאַר פינף מיליאָן דאָלאַר פאַר דער הילפס־טעטיגקייט פון „ועד הצלה" (און רעהאַבילי־טאַציע) פאַרן קומענדיגען יאָר. דאָס איז דורכגעפיהרט געוואָרען, ווען דער בעוואוסטער געזעלשאַפטליכער טוער און איינער פון די פיהרער פון „ועד הצלה", מר. יצחק מאיר בונים, האָט געמאַכט אַן אַפּיל, וואָס האָט אַריינ־געבראַכט נאָענט צו אַ פערטעל מיליאָן דאָלאַר.

אין נאָמען פון דער אגודת הרבנים, וואָס האָט געגרינדעט דעם „ועד הצלה" און אין נאָמען פון „ועד הצלה" — האָט הרב ראָזענבערג אָנגעפאַנגען די ערעפענונגס־רעדע — בעגריס איך אַלע אָנוועזענדע געסט, בעזונדערס די ווירדיגע געסט הענרי מאָרגענטוי, גענעראַל אָ'דווייער און דזשאָהן פּעלי, וואָס יעדער פון זיי האָט פיל געלייסטעט און געהאָלפען דעם „ועד הצלה" צו ראַטעווען טויזענטער אידען אין אייראָפּע. דאָס אידישע פאָלק פערגעסט קיינמאָל נישט די, וואָס האָבען אים גוטס־געטאָן און דער רבונו של עולם זאָל זיי אויך געדענקען צום גוטען. מיר האָפען, אַז דער היינטיגער אָוונט וועט ערמוטיגען די פיהרער פון „ועד הצלה" צו פערפילפאַכיגען די הילף צו אונזערע הונגעריגע און נויטליידענדע ברידער און שוועסטער אין אייראָפּע, און פאַר די פערוואָגעלטע ישיבה־לייט אין רוסלאַנד, שאַנכיי און אין אנדערע לענדער. אָבער דאָס וויכטיגסטע איז, אַז די אידען אין אַמעריקע זאָלען ענדליך ערוואַכען צו ערפילען זייער פולע פליכט אין דעם איצטיגען מאָמענט!

---

1) „מאָרגען־זשורנאַל", דעצעמבער 19, 1945.

טאָאַסט־מייסטער פון דינער איז געווען דער לאָיער הערבערט טענצער, וועלכער האָט אויך פאָרגעלעזען די בעגריסונגען פון פרעזידענט טרומאַן און פון ריכטער ריפקינד, דער ראַטגעבער פאַר אידישע אנגעלעגענהייטען ביי גענעראַל אייזענהויער אין אייראָפּע. דער ערשטער רעדנער איז געווען הרב ר' אברהם קאַלמאַנאָוויטש, פרעזידענט פון מירער ישיבה און ראַקאָווער רב. איך רייד אין אידיש — האָט הרב קאַלמאַנאָוויטש ערקלערט — אין מיין טרערען־שפראַך, און איך וועל אייך דערציילען בלויז איין פאַקט, וואָס דאַרף דינען אַלס מוסטער, וואָס די היכגעשטעלטע געסט האָבען געטאָן פאַר אידישער רעטונג: אין אַפּריל 1944 האָט דער „ועד הצלה" דערהאַלטען אַ קעיבעל, אַז אַ גרופּע פּוילישע אידען אין פראַנקרייך זיינען אין געפאַר אָפּגעשיקט צו ווערען צו די גאַז־קאַמערן אין פּוילען. מיר זיינען גלייך אַוועק צו מאָרגענטוי, און אָפּגערעדט צו טרעפען זיך מיט אים דריי אַזייגער נאָכמיטאָג. פאַר פינף אַזייגער האָט מאָרגענטוי שוין געהאַט בעשטעלט אַן עראָפּלאַן פאַר אַ דרינגענ־דער רייזע. אָבער ווען ער האָט דערהערט, אין וואָס עס האַנדעלט זיך, האָט ער אויסגערופען: „איך פאַר נישט אַוועק, נאָר איך וועל בלייבען אין וואַשינגטאָן צו ראַטעווען די אידען". און ער האָט געאַרבעט 4 שטונדען, צו געפינען אַ וועג אויף דורכצופירען די רעטונג".

מר. טענצער האָט דאַן דערמאָנט איניגע פון די וויכטיגסטע פירער און טוער פון „ועד הצלה" ווי די באוואוסטע כלל־טוער מנשה שטיין, וו. גאָלדינג, סטיפען קליין, יעקב גודמאַן און בעגריסט דעם אָנוועזענדען ניי־דערוויילטען קאָנטראָלער לאַזאַרוס דזשאָזעף. נאָכדעם איז איבערגעגעבען געוואָרען אַ גאָל־דענער מעדאַל פון „ועד הצלה" צו הענרי מאָרגענטוי, דורך דעם בעוואוסטען עסקן יוסף ראָזענצווייג. אַ מעדאַל איז געגעבען געוואָרען צו דזשאַהן פּעלי, דורך דעם בעוואוסטען עסקן ר' שבתי פרענקעל, און צו מעיאָר אָ'דווייער, דורך מר. ס. קליין.

מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט איז אויסגעהערט געוואָרען די רעדע פון הענרי מאָרגענטוי, וועלכער האָט צוערשט גערעדט מיט בעגייסטערונג וועגען דער אָפּפערווילליגקייט פון „ועד הצלה" פאַר דער רעטונג פון אידישע לעבענס, אין דער צייט פון קריג.

נאָכדעם ווי עס זיינען בעגריסט געוואָרען די דעלעגאַטען צום דינער פון דעטראָיט, שיקאַגאָ, ברידזשפּאָרט, ראַטשעסטער, וואוסטער, נואַרק און אַנדערע שטעט איבערן לאַנד, האָט דזשאַהן פּעלי געהאַלטען אַ שטאַרקע רעדע, ערקלערענדיג, אַז נאָר אַדאַנק דעם, וואָס דער „ועד הצלה" האָט אַפּעלירט צו דער אַמעריקאַנער רעגירונג צו טאָן עפּעס פאַר די אידען אונטער דער בלוטיגער דייטשער מאַכט אין אייראָפּע, זיינען טויזענטער אידען געראַטעוועט געוואָרען פון אַ גרויזאַמען טויט. מר. פּעלי האָט דערמאָנט די הילף פון „ועד הצלה"

פאַר די ישיבה־תלמידים און אַנדערע אידישע פליכטליגען אין שאַנכיי, ווי אויך פאַר אידען אין אונגאַרן.

דער לעצטער פון די דריי ערען־געסט צו ריידען איז געווען מעיאָר אָ׳דוויער. ער האָט דערציילט, אַז ווען הרב קאַלמאַנאָוויץ איז צו אים דאָס ערשטע מאָל געקומען און ענטוויקעלט פלענער ווי אַזוי צו ראַטעווען אידען, האָבען זיך ביי אים די האָר קאַפּוירגעשטעלט. דער „ועד הצלה״ האָט דורך זיין אונטערערדישער רעטונגס־אַרבעט דורכגעפיהרט אַזעלכע געוואַגטע אונטער־נעמונגען, וואָס דער רעגירונג אַליין וואָלט נישט איינגעפאַלען צו טאָן.

אַ העכסט־דראַמאַטישער מאָמענט אויפן באַנקעט איז געווען, ווען מר. בונים איז צוגעטרעטען צו מאַכען דעם אַפּיל פאַר „ועד הצלה״. אין דאָזיגען מאָמענט האָט ער פאַרעפנטליכט פאַרן עולם אַן אַדווערטייזמענט אין „ניו יאָרק טיימס״, אין וועלכען די פירמע „מעיסיס״ האָט רעקלאַמירט דעם פערקויף פון ספּעציעלע ווינטער־מאַנטלען פאַר קליינע קינדער, צום פּרייז פון 260 דאָלאַר אַ שטיק. אַזוי־ווייט דערגרייכט דער וואַנזיניגער לוקסוס און פאַרשווענדערישקייט אין אונזער אַמעריקע — האָט מר. בונים אויסגערופען — טאָ וואָס־זשע זאָלען זיך טראַכטען וועגען אַמעריקע אונזערע פערפייניגטע ברידער און שוועסטער אַלט און יונג, זקנים און קינדער, וועלכע שמאַכטען אַלץ אין די די־פּי־לאַגערן אין הונגער און אין קעלט!?

דער אַפּיל האָט אַריינגעבראַכט אויפן אָרט צירקאַ אַ פערטעל מיליאָן דאָלאַר, וואָס האָט באַדייט אַ רעקאָרד־דערגרייכונג אין דער גאַנצער לאַנג־יעריגער אַרבעט פון „ועד הצלה״.

דער גאַנצער ווינטער־קאַמפּעין פאַרן „ועד הצלה״ איז דאָס מאָל געווען ספּעציעל דערפאָלגרייך. הרב סילווער האָט זיך אַקטיוו בעטייליגט אין דאָזיגען קאַמפּעין. אָט איז אַ באַריכט וועגען אַ פּרעסע־צוזאַמענקונפט צו יענער צייט [2]:

„אויף דער צוזאַמענקונפט פון די פיהרער פון „ועד הצלה און רעהאַ־ביליטאַציע״, די אָרטאָדאָקסישע רעטונג און הילפס־אָרגאַניזאַציע, מיט די פאָרשטעהער פון דער אידישער פּרעסע נעכטען אין שרייבער׳ס רעסטאָראַן, אין ניו־יאָרק, האָבען די פירער פון דער דערמאָנטער אָרגאַניזאַציע ער־קלערט, אַז דער „ועד הצלה״ האָט יעצט בעשלאָסען צו פאַרפילפאַכיגען די הילפס־אַרבעט, און צו דעם צוועק פּראָקלאַמירט אַ קאַמפּעין אויף צוויי־און אַ האַלבען מיליאָן דאָלאַר, פאַר דעם קומענדיגען יאָר 1946.

„די פּרעסע־צוזאַמענקונפט איז געעפענט געוואָרען דורך מר. ד. ל. מעקלער, רעדאַקטאָר פון „מאָרגען־זשורנאַל״, וועלכער איז איינער פון די אַק־טיווסטע מיטאַרבעטער פון „ועד הצלה״. מר. בונים האָט דאַן אין רירענדע

2) „מאָרגען־זשורנאַל״, דעצעמבער 10, 1945.

ווערטער געשילדערט די אָפּפערווויליגע אַרבעט פון „ועד הצלה" צו ראַטעווען אידישע לעבענס אין דער צייט פון קריג.

צום שלוס האָבען די פּרעזידיום־מיטגלידער פון דער אגודת־הרבנים און פירער פון „ועד הצלה", הרב ר' אליעזר סילווער און הרב ר' ישראל הלוי ראָזענבערג אַפּעלירט אין האַרציגע ווערטער צו די אַנוועזענדע פּרעסע־פאָרשטייער צו געבען אָביעקטיווע אויפקלערונגען וועגען דער וואונדערליכער און אונערמידליכער אַרבעט פון אָט דער אָרטאָדאָקסישער אָרגאַניזאַציע און אויך שטיצען דעם ניי־פּראָקלאַמירטען קאַמפּעין אויף דריטהאַלבען מיליאָן דאָלאַר.

## „אָסוויגא" — דער פּליטים־לאַגער אויפן באָדען פון אַמעריקע.

די געשיכטע פון דאָזיגען מערקווירדיגען פּליטים־לאַגער אין אָסוויגא, אָפּסטעיט ניו־יאָרק, וואָס איז געוואָרען געשאַפען אַלס דער איינציגער אַמערי־קאַנישער רעטונגס־האַפען פאַר די פערפאָלגטע אידען פון אייראָפּעישען גיהינום — איז אַלגעמיין בעקאַנט. זעהר ווייניג איז אָבער בעוואוסט וועגען די בעמיאונגען פון „ועד הצלה", בפרט פון הרב סילווער פּערזענליך, ביים אויס־קעמפען דאָס רעכט פאַר די דאָזיגע פּליטים צו בלייבען אין אַמעריקע און נישט צו ווערען דעפּאָרטירט צוריק קיין אייראָפּע!

די דאָזיגע רעטונגס־אַקציע איז געלונגען דעם „ועד הצלה", אַ דאַנק די פּערזענליכע בעמיאונגען פון פערשטאָרבענעם רעפּובליקאַנישען פירער, סענאַטאָר ראָבערט א. טעפט. דערוועגען ווערט קורץ בעריכטעט אין אַ בראָשור אַרום סענאַטאָר טעפט'ס פּאָליטישער טעטיגקייט [3]:

„ווען די טויזענט פּליטים, „געסט" פון פּרעזידענט רוזוועלט, זיינען אָנ־געקומען אין אָסוויגא אין יאָר 1944, האָט סענאַטאָר טעפט געבעטען הרב סילווער'ן, ער זאָל אים געבען אַ בעריכט וועגען די דאָזיגע אידען. הרב סילווער, וועלכער איז געווען איינער פון די ערשטע צו בעזוכען אָסוויגא און דאָרט איינאָרדענען כשרות און אידישקייט, איז צוריקגעקומען צו סענאַטאָר טעפט און אים דערציילט וועגען דער לאַגע פון די דאָזיגע „געסט". טעפט האָט אַ שמייכעל געטאָן און מיט אַ ברייטען זשעסט פון זיין האַנט אָנגעוויזען ווי גרויס אַמעריקע איז, און צוגעגעבען: „איך האַלט, אַז די איינציגע לעזונג פאַר זיי איז זיי צו בעפרייען און זיי געבען אַ געלעגענהייט צו אַרבעטען פאַר זיך און פאַר אונז אַלעמען!"

סענ. טעפט'ן איז ספּעציעל געפעלען געוואָרען דער אויסדרוק „געסט".

3) „זיי האָבען געקעמפט אויף אונזער זייט", ז' 23.

ער איז געווען איינער פון די ערשטע אָפּען און ערליך צו פּערלאַנגען, מען זאָל זיך ניט אַרומשפּילען מיט טויזענט אומגליקליכע מענשען. ער האָט געהאַלטען, אַז עס איז לעכערליך צו דענקען דאָס זיי וועלען אַמאָל ווען־עס־איז, מיט זייער גוטען ווילען, צוריקפאָרען אין אייראָפּעאישען גיהינום. ביי דער ערשטער געלעגענהייט האָט ער דאָס געזאָגט דעם פערשטאָרבענעם פּרעזידענט רוזוועלט, און דאַן פּרעזידענט טרומאַן. אַ סך אַנדערע האָבען דערויף געאַרבעט, און אַ סך וועלען פּערלאַנגען מיט רעכט צי אומרעכט קרעדיט דערפאַר, אָבער טעפּט׳ן מוזען מיר געבען דעם קרעדיט פון זיין רעאַליסטיש, פאַר פערשטעהן דעם ענין פון דעם ערשטען טאָג אָן, און פאַר פאָרשלאָגען די איינציגע ריכטיגע לעזונג״.

און אַז מען רעדט שוין וועגען „אָסוויגא״ — מוז מען עפּעס דערציילען וועגען דעם דאָזיגען מערקווירדיגען פּליטים־לאַגער און ספּעציעל וועגען דעם, ווי אַזוי עס זיינען געוואָרען בעזאָרגט אַלע רעליגיעזע הצטרכות׳ן פאַר די צאָלרייכע רעליגיעז־געשטימטע אידישע פּליטים, וועלכע האָבען זיך דאָרטען געפונען.

אָט איז אַ פראַגמענט פון אַ שילדערונג אין דער אידישער פּרעסע, באַלד ווי דער לאַגער איז געוואָרען געשאַפען, זומער, 1944 [4]:

„עס וועט זיין אינטערעסאַנט צו בעקענען זיך מיט עטליכע סטאַטיסטישע ציפערן וועגען דער גרופּע, וואָס איז אָקאָרשט אָנגעקומען. בסך הכל זיינען זיי 983 מענשען, דערפון 524 מענער און 450 פרויען. קינדער אונטער 14 יאָר געפינען זיך צווישען זיי 163. די איינטיילונג לויט דער רעליגיע איז: 916 אידען, 47 קאַטאָליקען, 15 גריכיש־קאַטוילישע און 5 פּראָטעסטאַנטען. לויט מלוכה־צוגעהעריגקייט טיילען זיי זיך: 154 משפחות פון עסטרייך, 146 משפחות פון יוגאָסלאַוויע, 84 משפחות פון פּוילען, 61 פון דייטשלאַנד, 21 פון טשעכאָ־סלאָוואַקיע, 14 פון רוסלאַנד און קלענערע גרופּען פון אַנדערע לענדער. דאָס זיינען גאַנצע משפחות.

„מיט אַ בעזונדערער סאַטיספאַקציע וויל איך איבערגעבען, אַז עס האָט זיך אונז איינגעגעבען, שוין צוויי טעג נאָכן אָנקומען פון דער גרופּע אין אָסוויגא, צו אָרגאַניזירען אַ כשר׳ע קיך פאַר 182 פּליטים, וועלכע האָבען אויסגעדריקט דעם וואונטש צו בעקומען כשר עסען. די לייטונג פון קעמפּ האָט פערשטאַנען די וויכטיגקייט פון דעם ענין און מיט דער גרעסטער בע־רייטוויליגקייט קאָאָפּערירט. אַזוי אַז שוין 2 טעג נאָך אונזער בעזוך אין אָסוויגא איז געוואָרען אויסגעטיילט דאָס ערשטע כשר׳ע עסען. דאָ וויל איך אונטער־שטרייכען, אַז „אגודת הרבנים״, „עזרת תורה״, „יאַנג איזראַעל״ און „אגודת

4) „מאָרגען־זשורנאַל״, אַרטיקעל פון ד״ר י׳ לעווין, אויגוסט, 1945.

ישראל״ האָבן זיך תיכף אָפּגערופן מיט הילף פאַר די רעליגיעזע בעדער־פענישען פון די פליטים.

שפּעטער, ווען דער דאָזיגער לאַגער איז שוין געוואָרען אַ טאָג־טעגליכע דערשיינונג, זיינען אַרויסגעשוואומען נייע שוועריגקייטען, ווי עס ווערט קלאָר פון פאָלגענדען פרעסע־בעריכט [5]:

„עס איז געקומען די צייט, אַז מען זאָל ערנסט אויפהויבען די פראַגע וועגען די קרוב טויזענט אומגליקליכע מענשען, וואָס געפינען זיך אין פאָרט אָנטעריאָ, אין אָסוויגאָ. די לאַגע ווי זי איז, איז פשוט נישט דערלאָזבאַר. עס מוז עפּעס געשעהען, כדי דאָס פּראָבלעם פון די דאָזיגע פליטים דעפיניטיוו צו לעזען. דאָס מוז געשעהען באַלד, ווייל אַ גרויסער טייל פון די פליטים שטעהען פשוט אויף דער שוועל פון פערצווייפלונג.

„די שטימונג צווישען די פליטים אין אָסוויגא איז שוין פון לאַנג אַ געדריקטע. די פליטים זיינען ביטער ענטוישט. זיי האָבן זיך פאָרגעשטעלט, אַז קומענדיג קיין אַמעריקע וועלען זיי בעקומען די מעגליכקייט אָנצופאַנגען אַ נאָרמאַל לעבען, ווי עס האָט יעדער מענש, וואָס בעטרעט דעם גאַסטפריינט־ליכען אַמעריקאַנער באָדען. די האָפענונג איז באַלד צערונען געוואָרען, זיי זיינען נישט געקומען אַהער אַלס אימיגראַנטען און דעריבער האָט זיך קיינער פון זיי נישט געקענט איינאָרדענען.

„די פליטים האָבן זיך געטרייסט, אַז דאָס איז אַן איבערגאַנגס־סטאַדיום. זיי זענען אַריין אין קעמפּ אָסוויגא מיט דער איבערצייגונג, אַז במשך אַ פּאָר חדשים וועט געפינען ווערען אַן אויסוועג, ווי אַזוי צו נאָרמאַליזירען זייער צושטאַנד. עס איז דאָך פשוט אַן אַבסורד צו לאָזען טויזענט מענשען בלייבען זיצען מיט פערלייגטע הענט. זיי זענען קרבנות פון דער היטלעריסטי־שער טיראַניי און זיי זענען פולשטענדיג בערעכטיגט צו דערוואַרטען, אַז מען וועט זיי העלפען בויען זייער נייעם לעבען״.

די שוועריגקייטען האָבן זיך ספּעציעל געלאָזען אָפּפיהלען אויפן גע־ביט פון דער רעליגיעזער פערזאָרגונג: „עס דערנעענטערט זיך פסח. די איינציגע כשרע קיך, וואָס עקזיסטירט אין קעמפּ, איז נאַטירלעך, ניט גענוג אויף פסח. ווערען איינגעאָרדענט נייע קיכען. אָבער ווי מען גיט איבער, דראָט, אַז מצד דעם קאָאָרדיניר־קאָמיטעט וועט ניט צוגעשטעלט ווערען די נויטיגע שפּייז. די פליטים גופא, מיטן טיכטיגען און באמת ערנסטען רב, ר׳ משה טשעכאָוואל אין דער שפּיץ — וואָס איז אַ זעלטענער איד, דורכגעדרונגען מיט אהבת־ישראל און מסירת־נפש פאַר אידישקייט — האָבן בערעכענט וויפיל שפּייז עס איז פאַר זיי נויטיג. זיי וויסען דאָס אַמבעסטען. האָט מען עס „געשניטען״

---

5) „מאָרגען־זשורנאַל״, מערץ, 1945.

כמעט אויף דער העלפט... דאָס איז דאָך פשוט אומדערהערט. עס זעהט אויס ווי מען וואָלט דאָ ניט געוואָלט אויסהאַלטען אַן אויסגאַבע פון אַ פּאָר טויזענט דאָלאַר מער, כדי די פּליטים זאָלען קענען געהעריג זאָט ווערען פּסח. דערביי דאַרף מען וויסען, אַז די „אגודת הרבנים" האָט אויסגעווירקט ביי אַ מצה־פירמע צוזושטעלען די מצות פאַר דעם קעמפּ לויט אַ ספּעציעל־ביליגען פּרייז, טאָ קען מען דאָך אוודאי און אוודאי פערגינען נאָך אַ פּעקעל מצה אויף פּסח"...

נאָר ווי געזאָגט איז די סאַמע פּיינליכסטע פראַגע אַרויסגעשוואומען דווקא נאָכדעם, ווי די מלחמה איז געווען פערענדיגט און עס האָט געדראָט, אַז מען זאָל די „צייטווייליגע געסט" צוריקשיקען מיט צוואַנג קיין איראָפּע. דערוועגען איז צו יענער צייט געוואָרען ראַפּאָרטירט פאָלגענדעס[6]:

„אין די לעצטע טעג האָבען זיך בעוויזען ידיעות אין דער פּרעסע, אַז דעם 30־טען יוני זאָל דער פּליטים־קעמפּ אין אָסוויגאָ ווערען ליקווידירט און די פּליטים צוריקגעשיקט קיין איראָפּע. די ידיעות האָבען אַרויסגערופען אַ גרויסע בעאומרוהיגונג צווישען די פּליטים אין קעמפּ. דער לעגאַלער סטאַטוט פון די אָסוויגאָ־פּליטים איז אַ מערקווירדיגער. זיי געפינען זיך פאַקטיש אין אַמעריקע, אָבער רעכטליך זיינען זיי „אין דער לופט"; נישט זיי זיינען קיין אימיגראַנטען, נישט קיין וויזיטאָרס און — וואָס איז שוין פּשוט טראַגיש — נישט אַמאָל אין דער לאַגע בעטראַכט צו ווערען אַלס אויסלענדער, וואָס געפינען זיך ערגעץ־וואו, כדי מען זאָל פאַר זיי קענען פערלאַנגען נאָרמאַלע וויזעס. די וויזע־אָפּטיילונג פון סטעיט־דעפּאַרטמענט נעמט נישט אָן צו בעטראַכטען אַפּליקאַציעס פאַר וויזעס פאַר די פּליטים פון אָסוויגאָ. לויט׳ן נוסח פון דער פעראָרדנונג פון פּרעזידענט רוזוועלט, וועלכער האָט געשאַפען דעם קעמפּ, קומען זיי צייטווייליג קיין אַמעריקע, כדי נאָך דער מלחמה צוריקגעשיקט צו ווערען אין זייערע פריערדיגע היימען. ביי דעם היינטיגען טאָג איז דער אייגענטליכער בעל דעה איבערן קעמפּ דער „וואָר רעפיודזשי באָארד", וועלכער ווערט אין קורצען אַליין ליקווידירט. און הגם דער „באָארד" האָט נישט די אַבזיכט, ווי מיר הערען, צו ליקווידירען דעם קעמפּ דורכן צוריקשיקען די פּליטים קיין איראָפּע, איז אָבער אַ גרויסע שאלה, וואָס עס וועט געשעהען נאָכן ליקווידירען דעם „באָארד". עס איז ליידער ניט תמיד גובר די הומאַני־טאַרע ריכטונג, ווען עס איז דאָ אַ טרוקענע געזעצליכע פאָרם. אָבער פאַר קיין פאַל טאָר נישט דערלאָזט ווערען, אַז טויזענט מענשען, וועלכע שלעפּען אויף זייערע שולטערען די גאַנצע טראַגעדיע פון דער מלחמה, וועלכע זיינען קוים מיט נסים ענטרונען פון טויט, זאָלען ווערען צוריקגעוואָרפען אין תהום פון

6) „מאָרגען־זשורנאַל", מאַי 10, 1945.

פערניכטונג. טויזענט מענשען־לעבענס זיינען אַ צו גרויסער אוצר, אַז מען זאָל מיט זיי וואַגען צו טרייבען אַ לייכטזיניג שפּיל".

און דער סוף איז טאַקע געווען אַ גוטער. — די ענערגישע אינטער־ווענצען אין וואַשינגטאָן האָבען געהאָלפען, אַז דער פּליטים־לאַגער אָסוויגא זאָל ווערען לעגאַליזירט אַלס אַן אויסנאַם. און בעזונדערס ערפאָלגרייך איז אין דער דאָזיגער אַקציע געווען דער אידען־פריינט און קעמפער פאַר אידי־שע רעכט, פערשטאָרבענער סענאַטאָר טעפט.

## ליקווידאַציע פון „גלות שאַנכיי".

מיט אַ געפיל פון אמתן שטאָלץ און פולער סאַטיספאַקציע קוקט דער „ועד הצלה" אויף דעם דאָזיגען רומפולען קאַפּיטעל פון זיין רעטונגס־ווערק, וואָס רופט זיך: „גלות שאַנכיי". דער „ועד הצלה" איז געווען דער, וועלכער האָט אַרויסגעראַטעוועט די דאָזיגע ראשי־ישיבה און די בני־תורה פון חורבן אייראָפּע און פאַר זיי געהאָלפען געפינען אַ צייטווייליגען אַזיל אין שאַנכיי. דער „ועד הצלה" איז געווען דער, וועלכער האָט דורכן גאַנצען פעריאָד פון העכער 4 יאָר אומדערמידלעך און סיסטימאַטיש אויסגעטראָגען די לאַסט פון אויסהאַלטען די ישיבות און בני־תורה אין שאַנכיי. און שליסליך איז דער „ועד הצלה" געווען דער, וועלכער האָט בעוויזען צו ליקווידירען דעם דאָזיגען „גלות שאַנכיי", דורך אַריבערברענגען אַ בעדייטענדע צאָל ראשי־ישיבה און בני־תורה קיין אַמעריקע.

די מלחמה אין איראָפּע איז געוואָרען פערענדיגט אין מאַי 1945 און די יאַפּאַנישע קאַפּיטולאַציע איז געקומען גאַנץ שנעל דערנאָך (אַלס רעזולטאַט פון דער אַטאָם־באָמבע), זומער 1945, — און דאָך איז אַריבער אַ לאַנגע צייט ביז דער גלות שאַנכיי איז ענדליך געוואָרען ליקווידירט.

ריכטיג, אַז די העלדישע תורה־קאָלאָניע אין שאַנכיי האָט געזוכט ווי געהעריג אויסנוצען דעם גלות־פעריאָד. זיי האָבען דאָרט אויפגעשטעלט אַן אינטענסיוו און פולבלוטיג רעליגיעז לעבען, אונטער די סאַמע שווערסטע אומ־שטענדען. דאָך איז געקומען די צייט, ווען די לופט איז פאַר זיי געוואָרען ענג, און פון שאַנכיי האָט זיך געטראָגען טראָגען דער אַלאַרם־רוף: „ראַטעוועט אונז אַרויס פון דאַנען!"

„ווענדונג צו די מנהיגים פון רעליגיעזען אידענטום אין אַמעריקע און ארץ־ישראל. — נעמט אונז אַרויס פון דאַנעט צי ווייסט איר דען נישט, אַז שאַנכיי, די היינט־צייטיגע בבל־שטאָט, איז ווייט, ווייט נישט אַ פּאַסיג אָרט

פאַר בני־תורה? האָט איר פערנומען דעם וויי־געשריי פון דער תורה־יוגענט, וועלכע פערלאַנגט נישט מער ווי אַביסעל מנוחה, כדי ווייטער צו קענען שמידען די תורה־קייט?" אַזוי ווערטלעך האָט געקלונגען די רירענדע ווענדונג, וואָס איז געוואָרען פערעפענטליכט אין דער אָרטאָדאָקסישער צייטשריפט: „די אידישע שטימע פון ווייטען מזרח".

זיי, די פערוואָגעלטע בני־תורה אין גלות שאַנכיי האָבען אַליין געוואוסט, אַז די גרעסטע שוועריגקייט איז פאַר זיי, וואָס מען האָט אין זיי פשוט פערגעסען, ווייל עס זיינען דאָ מער דרינגענדע רעטונגס־פּראָבלעמען פאַר דער שארית הפליטה — די די־פּיס אין אייראָפּע גופא. איינער פון די דעמאָלסדיגע וואָרט־זאָגער אין דער אָרטאָדאָקסישער צייטונג אין שאַנכיי, הרב י. ד. עפּשטיין, האָט די דאָזיגע פראַגע אָפען און מוטיג אַוועקגעשטעלט:

„אַלץ, וואָס דאָס אידענטום מעבר־לים טוט איצט פאַר אונזערע אומגליקליכע אין אייראָפּע איז הייליג, קודש־קדשים, און פריהער, זיכער פריהער פאַר אונזערע נויטען. וואָס קאָנען מיר לייסטען פאַר אונזערע אומגליקליכע, די איינציגע זאַך, וואָס מיר קענען זיי שענקען, איז אונזערע זכותים אַרויסגעראַטעוועט צו ווערען צו־ערשט, און מיר דוכט, אַז מיר אַלע וואָלטען זיי דאָס אַוועקגעשענקט. אָבער זאָל דאָס וועלט־אידענטום נישט פערגעסען צו פערטראַכטען זיך און פערשטיין אויך אונזער טראַגעדיע. און מיר זיינען טיף איבערצייגט, אַז זאָל נאָר אויפוואַכען מיט דער גאַנצער הייליגקייט און קראַפט דאָס אחריות־געפיל פאַר דעם בעדראָטען עתיד פון דער לעבעדיג־געראַטעוועטער תורה־ירושה, וואָס געפינט זיך אין שאַנכיי, וועט אָט דאָס ברויזענדע געפיל בעזייטיגען אַלע שוועריגקייטען אויפן וועג צו ראַטעווען אין דער זעלבער צייט אויך אונז".

און ווידער איז דאָס געווען דער „ועד הצלה", וואָס האָט דערהערט און פערשטאַנען דעם טיפען ווייטאָג פון אונזערע תורה־מאַרטירער. דער „ועד הצלה" האָט זיך געוואָנדען צו דער רעגירונג אין וואַשינגטאָן און געבעטען נאָך אַ צאָל נאָן־קוואָטע־וויזעס פאַר די רבנים און ישיבה־תלמידים. וואַשינגטאָן האָט פּרינציפּיעל צוגעשטימט צו דער דאָזיגער פאָדערונג, אָבער דער אַמעריקאַנער קאָנסול אין שאַנכיי האָט דורך ווילקירליכע פאָרמאַליטעטען צו־נישט געמאַכט די פּאָזיטיווע שטעלונג פון וואַשינגטאָן. עס איז דעריבער געווען נויטיג אַ דרינגענדע אינטערווענץ ביי די סאַמע העכסטע מאַכט־פאַקטאָרען. אַ דעלעגאַציע פון „ועד הצלה" איז אַוועק צום דעמאָלסדיגען סעקרעטערי אָוו סטעיט, דין עטשיסאָן. די דעלעגאַציע איז געוואָרען אויפגענומען דעם 25 מערץ 1946, אָבער עס האָט ווידער געדויערט אייניגע חדשים און דעם 16־טען יולי 1946 האָט דער „ועד הצלה" געמוזט איבערשיקען פון דאָסניי אַן אויספירליכען מעמאָראַנדום צום אויסערן־מיניסטער, און בעטען זיין פערזענליכען אויטאָ־

ריטאַטיוועז אײַנפלוס, כדי די פראַגע זאָל ענדליך ווערען געלעזען, אַקעגען דער אונגינסטיגער בעציאונג פון די לאָקאַלע קאָנסולאַרע אָרגאַנען אין שאַנכיי.

אין מעמאָריאַל איז אָנגעוויזען געוואָרען, אַז דער „ועד הצלה" האָט צו־געשטעלט אַלע נויטיגע פאָרמאַליטעטען, ווי למשל קאָנטראַקטען פון אָרטאָ־דאָקסישע שוהלען פאַר אַ צאָל רבנים צווישען די פליטים, און פערזענליכע איינלאַדונגען פון העכערע ישיבות אין אַמעריקע פאַר אַ גרעסערער צאָל ישיבה־תלמידים, וועלכע דאַרפען נאָך פאַרטזעצען זייער שטודיום. עס זיינען אויך געווען גאַראַנטיעס פאַר אַ געוויסער צאָל „סקאָלאַרשיפּס" פאַר די מער טאַלאַנטירטע ישיבה־בחורים. דאָס אַלץ האָט אָבער נישט געהאָלפען, ווייל דער אַמעריקאַנער קאָנסול האָט אָפּגעוואָרפען די פולווערטיגקייט פון די פאַר־געשטעלטע דאָקומענטען און קאָנטראַקטען. דאָס איז אַן אָפענע דיסקרימינאַציע — איז געוואָרען געשריבען אין מעמאָראַנדום, אונטערגעצייכענט דורך הרב אהרן קאָטלער און מר. ביונים. „עס איז אונזער איבערצייגונג, אַז זיי אַלע זיינען אונטער דעם הערשענדען אימיגראַציע־געזעץ בערעכטיגט צו נאָן־קוואָטע־וויזעס אין זייער סטאַטוס אַלס רבנים און געלערטע. מיר קענען די געשיכטע פון יעדען איינציגען פון זיי, דערפאַר וואָס מיר זיינען דאָך די אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט זיי אַרויסגעראַטעוועט פון זייערע פריערדיגע ישיבות אין פוילען. מיר האָבען זיי אויסגעהאַלטען דורך די 7 יאָר פון זייער גלות, און ביזן היינטיגען טאָג זאָרגען מיר פאַר זיי. זיי פּרעזענטירען אונזער האָפענונג אויף רעליגיעזע און גייסטיגע פירער אין דער צוקונפט — — —".

ענדלעך האָט די דאָזיגע ענערגישע אינטערווענץ ביי עטשיסאָנען גע־האָלפען. מיט 3 טעג שפּעטער, דעם 19 יולי 1946, האָט דער שעף פון דער וויזעס־דעוויזיע ביים סטייט־דעפּאַרטמענט געמאָלדען, אַז די וויזעס קיין שאַנכיי ווערען זאָפאָרט אַרויסגעגעבען און אַז אין אויגוסט וועט פון דאָרט קענען אַרויספאָרען דער ערשטער טראַנספּאָרט, אויפן וועג קיין אַמעריקע.

באַלד דערויף איז דערשינען אַן אָפיציעלע מעלדונג פון „ועד הצלה", אַז די ערשטע בעפרייטע גרופּע פון גלות־שאַנכיי געפינט זיך שוין אויפן וועג קיין אַמעריקע [7]:

„לויט אַ מעלדונג פון דעם „ועד הצלה" אָפיס, 132 נעססאָו סטריט, ניו יאָרק, האָבען 95 תלמידי־חכמים און ישיבה־בחורים פערלאָזען די טעג שאַנכיי, כינע, אויפן וועג קיין אַמעריקע. די דאָזיגע פּליטים האָבען זיך ביים אָנפאַנג מלחמה געראַטעוועט קיין קאָבע, יאַפּאַן, און שפּעטער, ווען יאַפּאַן האָט געמאַכט דעם פּלוצלינגען אָנפאַל אויף פּוירל האַרבאָר, האָבען זיי זיך געראַטעוועט קיין שאַנכיי, וואו זיי האָבען אָרגאַניזירט אַ ישיבה, וואָס איז

7) „מאָרגען־זשורנאַל", סעפּטעמבער 9, 1946.

אויפגעהאַלטען געוואָרען דורך דעם ועד הצלה. די ערשטע גרופע ווערט גע־בראַכט אין אַמעריקע דורך דעם זעלבען ועד הצלה, וואָס האָט זיי דערמעגליכט צורכצוהאַלטען די לעצטע יאָרען פון פיין און נגישות. 58 פון די תלמידי־חכמים, וואָס וועלען אָנקומען אין סאַן־פראַנציסקאָ וועלען שפּעטער פאָרען קיין קענעדע. די איבעריגע וועלען בלייבען אין די פעראייניגטע שטאַטען״.

ביי דער געלעגענהייט, ווען די ערשטע גרופע פון די „שאַנכייער״ האָט באטרעטען דעם באָדען פון אַמעריקע אין סאַן פראַנציסקאָ, האָט די „ניו־יאָרק־טיימס״ אָפּגעדרוקט אַן ענטוזיאַסטישען ראַפּאָרט וועגען די דאָזיגע תורה־העלדען, וועלכע האָבען טראָץ זייערע ליידען צוריק אויפגעבויט זייער ישיבה (קאָלעדזש) און פאָרטגעזעצט די שטודיעס אָן איבעררייס. אין באריכט פון „ניו־יאָרק־טיימס״ זיינען געוואָרען דערמאָנט די נעמען פון הרב לייב מאלין, מירער ראש־ישיבה און הרב שמואל וואַלקין פון פינסק. עס איז אויך געוואָרען אָנגעגעבען, אַז פון די 95 אָנגעקומענע בני תורה געהערען 26 צו די חב״ד, און זיי וועלען זיך אָנשליסען אין דער צענטראַלער ליובאַוויטשער ישיבה „תומכי תמימים״ אין ניו־יאָרק.

## ספּעציעלע רעטונגס־אַקציע פאַר קינדער.

דורך דעם גאַנצען נאָך־מלחמה׳דיגען פעריאָד האָט דער „ועד הצלה״ אונטערגענומען אַ צאָל ספּעציעלע רעטונגס־אַקציעס פאַר קינדער פון דער שארית הפליטה, בפרט פאַר די שוצלאָזע יתומים צווישען זיי. רעטונג פאַר קינדער האָט געמיינט טאָפּעלטע רעטונג, הן אין פיזישען און הן אין גייסטיגען זין. דערפאַר זיינען די הילפס־אַקציעס פאַר קינדער געווען פון פאַרשידענ־אַרטיגען כאַראַקטער. אין אַלגעמיינע שטריכען קען מען די קינדער־אַקציעס פון „ועד הצלה״ גרופּירען לויט פאָלגענדע 3 געביטען:

1) רעליגיעזע קינדער־היימען, מיט אַ פולען פראָגראַם פון תורה־ערציהונג;

2) אויסלייזונג פון קינדער־יתומים פון מאָנאַסטירען און אַנדערע קריסט־ליכע אפּיטרופּסים;

3) אַדאָפּטאַציע פון יתומים פון די מלחמה־קרבנות, דורך פערמעגליכע אָרטאָדאָקסישע משפחות אין אַמעריקע.

אויפן ערשטען געביט פון שאַפען רעליגיעזע קינדער־היימען איז די אַרבעט פון „ועד הצלה״ געווען גאַנץ ערפאָלגרייך. עס זיינען דירעקט דורכן ועד הצלה געוואָרען געגרינדעט אַ צאָל פון קינדער־היימען אין אָקופּירטען דייטש־לאַנד, אין עסטרייך, ווי אויך אין פוילען און פראַנקרייך. אויסער דעם זיינען

פיל רעליגיעזע קינדער־אנשטאַלטען געוואָרען סיסטעמאַטיש געשטיצט דורכן „ועד הצלה".

איינע פון די ערשטע קינדער־היימען איז געוואָרען געגרינדעט אין באַד־רייכענהאַל, דייטשלאַנד, און דערוועגען איז געוואָרען באריכטעט אין דער אידישער פרעסע [8]:

„אַ ידיעה פון ועד הצלה פערטרעטער אין איראָפּע, הרב שלמה וואויל־געלערענטער, מעלדעט, אַז די טעג איז געשלאָסען געוואָרען אַן אָפּמאַך צווישען „אונררא" און דעם ועד הצלה, לויט וועלכען דיביידע הילפס־אָרגאַניזאַציעס וועלען קאָאָפּערירען אין געוויסע הילפס־אונטערנעמונגען.

צווישען די אָפּמאַכען פון דער „אונררא" און דעם ועד הצלה פערטרעטער איז בעשלאָסען געוואָרען צו גרינדען אַ קינדער־קאָלאָניע אין באַד־רייכענהאַל, וואָס וועט האָבען פּלאַץ פאַר 200 ביז 250 קינדער. לויטן הסכם צווישען דער אונררא און הרב וואוילגעלערענטער, אַלס פערטרעטער פון ועד הצלה, וועט די אונררא־אָרגאַניזאַציע בעצאָלען פון אירע פאָנדען פאַר שפּייז און וואוינונג, בעת דער ועד הצלה וועט מוזען קליידען די קינדער און בעצאָלען פאַר אַלע אַנדערע אויסגאַבען, ווי חינוך וכדומה".

אַ גאָר ערנסטע אונטערנעמונג פון אַ גאַנץ ברייטען פאַרנעם אויפן געביט פון יתומים־פאַרזאָרגונג פון „ועד הצלה" — איז געוואָרען אָרגאַניזירט אין שוועדען, וואו עס האָט זיך צונויפגעזאַמעלט אַ גרעסערע צאָל אידישע מיידלעך, יתומות פון דער שארית־הפליטה פון פוילען און אונגאַרן. דאָס זיינען שוין מערסטענס געווען דערוואַקסענע מיידלעך, וועלכע האָבען אָנגעהויבען די מלחמה אַלס קינדער, נאָר אין די פייניגונגס־לאַגערן זיינען זיי אונטערגעוואַקסען. זייער גורל אַלס יתומות איז געווען בעזונדערס פיינלעך און די סכנות, וואָס האָבען געלויערט אויף זיי זיינען געווען גאָר ערנסטע. דער „ועד הצלה" האָט דאָ געהאָט אַ ביז גאָר פעראַנטוואָרטליכע אויפגאַבע, און דערוועגען איז בשעתו אויך געווען בעריכטעט אין דער אידישער פרעסע [9]:

„איך בין געקומען אויסדריקען דעם ועד הצלה, די גרויסע רעטונגס־און הילפס־אָרגאַניזאַציע, אַ האַרציגען דאַנק אין נאָמען פון צוויי טויזענט גע־ראַטעוועטע אידישע יתומים און יתומות אין שוועדען, צו וועלכע דער ועד הצלה איז ווי אַ פאָטער און ווי אַ מוטער".— אָט די ווערטער זיינען געזאָגט געוואָרען אויף אַ מיטינג פון אַ צאָל פּראָמינענטע רבנים און כלל־טוער דורך הרב וואָלף יאַקובזאָן, רב פון דער קהילה „מחזיקי הדת" אין קאָפּענהאַגען, דענמאַרק. הרב יאַקובזאָן איז לעצטענס טעטיג פאַר אידישער הילף אין

8) „מאָרגען־זשורנאַל", יולי, 1946.

9) „מאָרגען־זשורנאַל", יוני 11, 1946.

שוועדען. און ער איז איצט געקומען אין אַמעריקע צו פערהאַנדלען מיט דעם ועד הצלה וועגען פערשטאַרקען דאָס שיקען הילף צו די טויזענטער אידישע פליכטלינגע, צווישען זיי אַ גרויסע צאָל יתומים, וואָס געפינען זיך אין שוועדען. דער גאַסט האָט דערציילט, אַז אַ דאַנק דער הייליגער הילפס־אַרבעט פון ועד הצלה אין ניו־יאָרק האָבען איבער צוויי טויזענט אידישע פליכטלינגע אין שוועדען, דער גרעסטער טייל פון זיי יתומים, די מעגליכקייט צו פירען איצט אַן אמת אידיש לעבען. דעם לעצטען פסח האָט דער ועד הצלה איינגעאָרדענט אַ סדר פאַר קנאַפּע טויזענט אידישע פליכטלינגע אין דעם לאַגער פון פערענבוק אַליין. פערשטייט זיך, אַז אויך אין פיל אַנדערע לאַגערן האָבען די אידען געהאַט זייערע כשרע שפייזען אין פסח דורך דעם ועד הצלה.

דער ועד הצלה האָט אויך געשאַפען היימען אין שוועדען פאַר איבער דריי הונדערט אידישע פליכטלינגע שומרי־שבת, וועלכע ווערען אויך בעזאָרגט מיט אַלע בעדערפעניששען. דער ועד הצלה זאָרגט אויך פאַר די קראַנקע אידישע פליכטלינגע. דעם פסח האָט דער ועד הצלה פערזאָרגט פופצען הונדערט קראַנ־קע אידישע פליכטלינגע מיט אַלע נויטיגע כשרע שפייזען.

וואָס שייך דעם פונקט 3, — וועגען דער אַדאָפּטירונג פון יתומים דורך די פערמעגליכע אָרטאָדאָקסישע משפחות אין אַמעריקע, האָט די אַקציע קיין מאַסען־כאַראַקטער נישט אָנגענומען. די סיבות דערפאַר זיינען געווען פערשי־דענע, סוביעקטיווע און אָביעקטיווע. עס האָט זיך נעמליך אַרויסגעשטעלט, אַז דער פסיכישער צושטאַנד פון די אָפּגעראַטעוועטע אידישע קינדער פאָדערט אַ ספּעציעלע בעהאַנדלונג און אפילו זאָרגפעלטיגע פאַכמענישע אויפזיכט, און אָביעקטיוו גענומען איז עס נישט געווען קיין לייכטע זאַך אַריינצופירען אַזעלכע קינדער, גלייך נאָך זייער בעפרייאונג, אין דער נאָרמאַלער משפחה־אַטמאָספערע פון אַן אַמעריקאַנישען אידישען הויז.

טראָץ דעם איז עס געווען אַ דערמוטיגענדער פאַקט, אַז נישט געקוקט אויף אַלע שטערונגען האָבען אַ געוויסע צאָל אָרטאָדאָקסישע משפחות דאָך אַדאָפּטירט יתומים, אַלס זייערע קינדער און היינט־צו־טאָג נאָך דעם אָפּפלוס פון אַ צענדליג יאָרען, לאָזט זיך זאָגען, אַז די דאָזיגע אַקציע האָט געלוינט, ווייל אַביסעל עלענדע יתומים פון צווישען די אומגעקומענע אידישע משפחות אין איראָפּע האָבען געפונען זייערע ריכטיגע ערציהונג ווי אויך אַ געהעריגֶ־ פערזיכערטען וועג פאַר זייער פערזענליכער צוקונפט — און דערצו זיינען די משפחות פון די אַדאָפּטירטע אויך גליקליך פון זייערע צוגעקומענע קינדער!

ווען עס קומט אָבער היינט אונטערצוציהען דעם בילאַנס צום פונקט 2 — איז דאָס בילד, ליידער, נישט דערמוטיגענד. מען האַלט שוין 12 יאָר נאָכן נאַצישען צוזאַמענברוך אין איראָפּע, און דאָס פּראָבלעם פון די פער־כאַפּטע קינדער איז נאָך אַלץ נישט געלעזען. דאָס מיינט פשוט, אַז פיל אידישע

קינדער־יתומים זיינען מיט געוואַלד געוואָרען אָפּגעשמד׳ט דורך זייערע מכלומר׳שטע „אײדעלע רעטער״.

ווען די רעזולטאַטען פון דער דאָזיגער אַקציע זיינען נישט געווען קיין צופרידענשטעלענדע — איז דאָך נויטיג אונטערצושטרייכען די לייסטונגען פון „ועד הצלה״ אין דער דאָזיגער ריכטונג.

גלייך מיטן מלחמה־אָפּשלוס אין אייראָפּע, איז אין דער אידישער פּרעסע געווען געמאָלדען וועגען אַ ספּעציעלען שליח פון „ועד הצלה״ קיין אייראָפּע מיטן אויפטראָג צו אָרגאַניזירען די קינדער רעטונג. דעם 2־טען יולי 1945 איז דערשינען דער פאָלגענדער בעריכט:

„אַ פייערליכער צאתך לשלום איז נעכטען געגעבען געוואָרען אין האָטעל בילטמאָר דעם דעלעגאַט, וואָס ווערט געשיקט פון דעם „ועד הצלה״ קיין אייראָפּע — דעם בעוואוסטען עסקן און מיטגליד פון דער ועד־הצלה־עקזעקר־טיווע, מר. טשאַרלס אולמאַן. אין דעם אָפּשיידס־צוזאַמענקונפט האָבען זיך בע־טייליגט אָנגעזעהענע אָרטאָדאָקסישע פּערזענליכקייטען פון ניו־יאָרק, ווי אויך פאָרשטייער פון דער אידישער פּרעסע. אייגדרוקספולע רעדעס זיינען צו דער געלעגענהייט געהאַלטען געוואָרען.

טשערמאַן פון דער פערזאַמלונג איז געווען מר. אירווינג ביונים.

רעדעס זיינען געהאַלטען געוואָרען פון פאָלגענדע פּערזענליכקייטען: הרב ר׳ יחיאל מרדכי גאָרדאָן, לאָמזשער ראש־ישיבה; הרב ר׳ אברהם יאָפין, ביאַליסטאָקער ראש ישיבה; הרב ר׳ ראובן גראָזאָווסקי, קאַמיעניעצער ראש ישיבה; הרב מנחם פּאָלאַק, הרב יצחק דוואָריץ, און הרב יצחק ברוכסאָן, ראש ישיבה פון באַלטימאָר ווי אויך די חשובע בעלי בתים סטיפען קליין, ראָזענצווייג, ווייל, הויזמאַן און הרב גאָלדבערגער. אַלע האָבען זיך אויסגעדריקט מיט דער גרעסטער וואַרימקייט וועגען דער הייליגער אויפגאַבע, וואָס מר. אולמאַן האָט אונטערנומען און יעדערער פון די רעדנער האָט זיך אַרויסגעזאָגט וועגען דעם פּראָגראַם, וואָס דער שליח האָט דורכצופירען. מר. אולמאַן האָט מיט רירענדע ווערטער אַלעמען באַדאַנקט פאַר זייערע האַרציגע ברכות. ער האָט ערקלערט, אַז ער פאַרשטייט די שווערע אַרבעט, וואָס ער וועט מוזען דורכפירען [10]״.

ביי אַן אַנדערער געלעגענהייט איז שפּעטער געוואָרען באַריכטעט אין דער אידישער פּרעסע וועגען די קאָנקרעטע באַמיהונגען פון „ועד הצלה״ אויפן פראָנט פון דער קינדער־רעטונג . און אָט זיינען אַ צאָל פאַקטען פון אַ באַריכט, פאַרעפענטליכט אין דעצעמבער 1945:

„אין פראַנקרייך האָט אַ בישאָף געהאַלטען צוועלף הונדערט אידישע קינדער אין מאָנאַסטירען. דער „ועד הצלה״ האָט געשיקט אַהין אַ גרויסע סומע

10) „מאָרגען־זשורנאַל״, יולי, 1945.

געלט און מען האָט אַרויסגענומען אַ געוויסע צאָל קינדער פון די מאָנאַסטירען.
— די טעג איז אָנגעקומען צום „ועד הצלה״ אַן אַלאַרמירענדער קייבעל פון
האָלאַנד, אַז 300 אידישע קינדער מוזען דאָרט גלייך אַרויסגעריסען ווערען פון
נישט־אידישע הענט. דער „ועד הצלה״ דאַרף האָבען אויף אויסצוהאַלטען אָט
די קינדערלעך איבער צען טויזענט דאָלאַר אַ מאָנאַט. — די פאָרשטייער פון
ועד הצלה האָבען, נאָך אַן אינטערוועניע ביים שוועדישען קעניג, אויסגעווירקט,
אַז דער ועד הצלה זאָל האָבען די מעגליכקייט צו פאַרזאָרגען דאָרט די אידישע
פליכטלינגע מיט כשרע שפייז־פראָדוקטען.

פון אַ גאָר באַזונדערער פאָליטישער באַדייטונג זיינען געווען די פערזענ־ליכע אינטערווענצען פון הרב סילווער לטובת דער קינדער־רעטונג, ווי דאָס ווערט איבערגעגעבען אויף אַ באַזונדערן אָרט אין דעם באַריכט פון הרב סילווער׳ס הצלה־רייזע איבער אייראָפּע.

די רעטונגס־אַקציע פאַר די פאַרפאַלענע אידישע קינדער אין קריסטליכע אנשטאַלטען און היימען איז פאַקטיש נישט געוואָרען אָפּגעשלאָסען. פאַר לאַנגע יאָרען האָט זיך דער דאָזיגער ערהאַבענער אַקציע געווידמעט מר. הערמאַן טרייסער, וועלכער איז צום ערשט געהאַט געפאָרען קיין אייראָפּע אַלס פריי־ווילליגער שליח פון „צעירי אגודת ישראל״ אין אַמעריקע לטובת דער קינדער־רעטונג. אין די ווייטערדיגע יאָרען האָט מר. טרייסער נישט אויפגעגעבען זיין שליחות און זייענדיג אין אַמעריקע האָט ער געזוכט מיט אַלערליי מעגליכקייטען צו העלפען ראַטעווען אידישע קינדער און אפילו דערוואַקסענע יוגענטליכע פון קריסטליכע הענט. וועגען יעדען איינעם פאַקט פון אַזאַ געלונגענער מסירת־נפש׳דיגער רעטונגס־אַקציע וואָלט זיך געלאָזט אָנשרייבען אַ גאַנצע מאַרטירער־געשיכטע.

דאָך קען מען זיך דערמיט נישט טרייסטען, ווייל עס איז ליידער אָנ־צונעמען, אַז טויזענדער קינדער־יתומים זיינען געוואָרען צוגעגזל׳ט פון אידישען פאָלק — און דאָס איז אַ שאַנד־פלעק.

## דער ספּעציעלער אימיגראַציע־סערוויס פון „ועד הצלה״ פאַר רעליגיעזע אימיגראַנטען קיין אַמעריקע.

דער לאַנג־יעריגער אימיגראַציע־סערוויס פון „ועד הצלה״ לטובת די רעליגיעזע אימיגראַנטען קיין אַמעריקע בילדעט אייגענטליך דאָס שלוס־קאַפּיטעל אין דער אַלגעמיינער טעטיגקייט פון „ועד הצלה״. די אויפגאַבע פון דאָזיגען אימיגראַציע הילפס־סערוויס איז געווען צו דערמעגליכען דעם אַריינפאַר קיין אַמעריקע פאַר היימלאָזע און אויסגעוואָרצעלטע רבנים, ראשי ישיבות, תלמידי

הישיבות, רעליגיעזע לערער און עסקנים, פּרויעז־טוערינס און בית־יעקב־לערערינס, ווי אויך סתם רעליגיעזע אידען. די הילף איז באַשטאַנען אין דריי־פאַכיגער הינזיכט. ערשטענס — צו באַקומען געזעצליכע איינרייזע־ערלויבענישען מצד דער אַמעריקאַנער רעגירונג פאַר די ספּעציפישע קאַטעגאָריעס פון רע־ליגיעזע אימיגראַנטען; צווייטענס — צו העלפען דורכפירען די טעכנישע, יורידיש־דאָקומענטאַרישע פאָרמאַליטעטען ביים אַריינפאָרען קיין אַמעריקע; דריטענס — צו פינאַנסירען פערשידענע נויטיגע אויסגאַבען אין שייכות מיט דער אויסוואַנדערונג.

די דאָזיגע הילפס־סירוויס האָט אָנגעהויבען זיין טעטיגקייט אין אַ ברייטען פאָרנעם מיטן אָפּשלוס פון דער מלחמה אין יאָר 1945, און 10 יאָר נאָך דער מלחמה איז דער אימיגראַציע־דינסט פון „ועד הצלה" נאָך אַלץ געווען טעטיג.

די וויכטיגסטע, פּרינציפּיעלע דערגרייכונגען פון ועד הצלה אויפן געביט פון אימיגראַציע־הילף איז טאַקע געווען דאָס געווינען די אָנערקענונג פון די העכסטע רעגירונגס־אינסטאַנצען אין וואַשינגטאָן פאַר דער ספּעציעלער קאַטע־גאָריע רעליגיעזע „נאָן־קוואָטע־וויזעס". בלויז אַ דאַנק דער דאָזיגער דערגרייכונג איז געוואָרען דערמעגליכט צו ראַטעווען אַ בעדייטענדע צאָל ראשי־ישיבות און בני־תורה קיין אַמעריקע, וואָס דער פועל־יוצא דערפון האָט זיך שנעל געלאָזען פילען אין דעם בעדייטענדען פונאַנדערוואוקס פון ישיבות־וועזען און תורה׳דיגען ערציהונגס־ווערק אין אַמעריקע.

צו די וויכטיגסטע ישיבות, וועלכע זיינען מער־ווייניק אין אַן אָרגאַניזיר־טער פאָרם געוואָרען איבערגעפלאַנצט קיין אַמעריקע מיט דער הילף פון „ועד הצלה", געהערען:

1) די מירער ישיבה — איבערגעפירט פון שאַנכיי;
2) אַ גרופּע תלמידים פון „ישיבת חכמי לובלין" — אויך אַריבערגענומען פון שאַנכיי;
3) ליובאַוויטשער ישיבה „תומכי תמימים" — פון שאַנכיי;
4) נייטראַ׳ר ישיבה — איבערגעפירט פון דער סלאָוואַקיי;
5) די סערדאהלער ישיבה — פון סלאָוואַקיי;
6) די אונגאַרישע ישיבה „קהלת יעקב" — פון פּאַרפּיאַר־בעדענוואָרצע, אונגאַרן;
7) אַ גרעסערע גרופּע אונגאַרישע ישיבה־תלמידים — אַריבערגעברענגט פון שוועדען.

דעם דאָזיגען פּרינציפּ פון „נאָן־קוואָטע־וויזעס" פאַר רעליגיעזע פירער און ערציהערישע כוחות איז שפּעטער דורכן ועד הצלה געלונגען אויסצובררייטערן אויך פאַר די רעליגיעזע לערערינס און שילערינס פון טיפּ „בית יעקב". אַ דאַנק

דעם איז אַ באַדייטענדע צאָל פון זיי, רעליגיעזע פרויען און מיידלעך, אַריינ־געקומען קיין אַמעריקע.

אין די מערסטע פאַלען איז אָבער געווען ווייניג דאָס בלויזע באַקומען די פרינציפיעלע הסכמה פון וואַשינגטאָן אויף די וויזע־רעכט, ווייל אין דער פּראַק־טיק האָבן די אַמעריקאַנער קאָנסולען געמאַכט אומגעהויערע שוועריגקייטן פאַר יעדן אימיגראַנט פון אייראָפּע. דערצו מוז מען נאָך נעמען אין אַכט, אַז די מערסטע געראַטעוועטע פון דער שארית הפליטה זיינען געבליבען לעבען אין די קאַצעטען און טויטען־לאַגערן, אָדער אויף פאַלשע אַרישע פּאַפּירען, אָדער גאָר אין די באַהעלטענישען אין די וועלדער ביי די פּאַרטיזאַנער. דערפאַר איז נישט געווען קיין חידוש וואָס זייערע פּערזענליכע דאָקומענטען זיינען נישט געווען אין דער געהעריגער אָרדענונג — און דאָס האָט באַדראָט צו צעשטערן יעדן שאַנס צו עמיגרירען קיין אַמעריקע.

דער „ועד הצלה" האָט דעריבער דאָ געמוזט געהען אַ שריט ווייטער מיט זיינע אינטערווענצען. מען האָט געמוזט פּערלאַנגען אין וואַשינגטאָן, אַז דער „ועד הצלה" זעלבסט זאָל בעקומען די געהעריגע לעגאַלע אויטאָריטעט צו באַשטעטיגען די פּערזענליכע דאָקומענטען פון די רעליגיעזע קאַנדידאַטען אויף עמיגראַציע. און ערשט ווען דאָס איז געלונגען — איז דאָס אימיגראַנטישע הילפס־ווערק אַוועק אויפן געהעריגען וועג.

פון דער דאָזיער רעכט צו דינען אַלס אָפיציעלער אַמט פאַר פּערזענליכער דאָקומענטאַציע פון דער שארית הפליטה האָבן ספּעציעל גענאָסען די אָפּ־טיילונגען פון „ועד הצלה" אין דייטשלאַנד. דער „ועד הצלה" האָט דאָרט געלאָזען אָפּדרוקען זיינע פאָרמולאַרען, וועלכע האָבן זיך געשטיצט אויף דער אויטאָ־ריזירונג פון אַמעריקאַנער קאָמיסיאָנער פאַר אימיגראַציע און נאַטוראַליזאַציע, פון 12־טען אַפּריל, 1946. אין איינקלאַנג מיט דער דאָזיגער אָפיציעלער אויטאָ־ריזירונג איז דער לייטער פון „ועד הצלה" אין דייטשלאַנד, הרב נתן באַרוך, געוואָרען באַפולמעכטיגט אויסצושטעלען אידענטישקייט־צייגנישען פאַר די יע־ניגע רעליגיעזע אימיגראַנטען, וועלכע האָבן קיין אַנדערע דאָקומענטען נישט געהאַט. אַ דאַנק די דאָזיגע לעגאַלע ערזאַץ־דאָקומענטען פון „ועד הצלה" זיינען שפּעטער אַריינגעקומען קיין אַמעריקע טויזענטער רעליגיעזע אימיגראַנטען, רבנים, ישיבה־תלמידים, כלי־קודש, צוגעהעריגע צו רבנישע משפּחות וכדומה.

וועגען דעם פאַרנעם פון דער דאָזיגער הילפס־דינסט זאָגען צום בעסטען עדות אַ צאָל דעפּעשען, אַרויסגעשיקטע פון די פאַרטרעטער פון „ועד הצלה" אין דייטשלאַנד צו דער צענטראַלע פון „ועד הצלה" אין ניו יאָרק.

דעם 20־טען אַפּריל 1946 איז אָנגעקומען פאָלגענדע דעפּעשע:

„מאָנטרעי, שווייץ.

טויזענט פּערזאָן האָבן באַקומען אַמעריקאַנער וויזעס אין דער אַמערי־

קאַנער זאָנע אין דייטשלאַנד — 35 פּראָצענט פון זיי זיינען אָרטאָדאָקסישע אידען — — דרינגענד נויטיג קאָלעקטיווע אפידייוויטס אויפן נאָמען פון „ועד הצלה" פאַר נאָך טויזענט פערזאָן פון דער פּוילישער „בריחה" — — שיקט דרינגענד אויף דער אַדרעס פון אַמעריקאַנער לעגאַציע אין פּראַג און באַפולמעכטיגט פאַר אויסוואַהל הרב פאַרהאַנד און פרוי שטערנבוך". — —
(געצייכענט)

## הרב קאַלמאַנאָוויטש

דעם 14־טען יוני 1946 איז געווען אַ דעפּעשע פון אַזאַ אינהאַלט:
„מינכען, דייטשלאַנד —
אַלע אפידייוויטס, אויסער דריי, שוין איבערגעגעבען צו די אינדיווי־דועלע קאַנדידאַטען — — זייערע וויזעס איצט אָפּהענגיג פון מעגליכע קוואָטע־נומערן, וואָס זיינען פּראַקטיש אַלע אויסגענוצט — — געהאַט קאָנפערענץ מיטן גענעראַל־קאָנסול און איך האָף אויסצואַרבעטען עפּעס אַ סיסטעם — — די רעגיסטרירטע נאָך מאַי וועלען האָבען צו וואַרטען ביז 12 חדשים אָדער מער — קאָנצענטרירט אייערע באַמיהונגען צו ראַטעווען פון טראַגישער לאַגע".
(געצייכענט)

## הרב וואָלגעלערענטער

ווען עס רעדט זיך דאָ אין די דערמאָנטע דעפּעשען וועגען „טויזענטער וויזעס" און „קאָלעקטיווע אפידייוויטס" — מוז מען דאָך געדענקען אַז אונטער די הערשענדע יורידישע אומשטענדען האָט יעדער איינציגער אימיגראַנט באַ־זונדער קיין אַמעריקע פאַרלאַנגט אַ העכסט־זאָרגפעלטיגע באַהאַנדלונג. און דער־פאַר מוז מען אַרויסהייבען די מוסטער־לייסטונגען פון דעם דאָזיגען מסירת־נפש'דיגען עסקן, ר' שלמה יהודה (המכונה, יוליוס) שטיינפעלד, וועלכער האָט אַליין אויסגעטראָגען מיט אַן אומבאַשרייבליכער עקשנות און אויסדויער די לאַסט פון דאָזיגען לאַנג־יעריגען הצלה־ווערק.

מר. שטיינפעלד איז פערזענליך בעפריינדעט מיט יעדען איינעם אימיגראַנט, וועלכער איז אָנגעקומען דורך דער פאַרמיטלונג פון „ועד הצלה" — און יעדער איינער אימיגראַנט קאָן אים פערזענליך, ווייל יעדער איינציגער האָט געהאַט עפּעס נויטיג, אַ הילף אָדער אינטערווענץ, אַן עצה אָדער שטיצע. איבערהויפּט איז דאָס געווען אַקטועל אין שפּעטערדיגען פּעריאָד פון דער אימיגראַציע, ווען די מאַכט־אָרגאַנען זיינען געוואָרען פיל שטרענגער אין אַלע הינזיכטען. דער אָפיציעלער סענטימענט פאַר דער שארית הפליטה איז פאַרשוואונדען און עס איז אָפט נויטיג געווען ממש אויסצוקעמפען די רעכט פון יעדען איינעם אי־מיגראַנט. מר. שטיינפעלד האָט זיך טאַקע אויסגעצייכענט סיי אַלס שתדלן און מייסטער פון פערזענליכע אינטערווענצען און סיי אַלס לעגאַלער קעמפער —

„אין נאָמען פון געזעץ". אויף זיין קאָנטע דאַרף פאַרשריבען ווערען די הויפּט־דערגרייכונגען פון „ועד הצלה" אויפן דאָזיגען געביט.

עס איז שווער אָנצוגעבען אַ סטאַטיסטישען סך־הכול פון דאָזיגען אי־מיגראַציע הילפס־ווערק פון „ועד הצלה". זינט מר. שטיינפעלד האָט איבערגע־נומען דעם אָפיס פון אימיגראַציע־הילף ביים „ועד הצלה", אין יאָר 1946, זיינען דורך זיינע הענט דורכגעגאַנגען קרוב 2500 רעליגיעזע סטודענטען־וויזעס, לערך 500 רבנישע משפחות מיט אייניגע טויזענט נפשות, אַ באַדייטענדע צאָל כלי־קודש, שוחטים, חזנים, מלמדים, מוהלים וכדומה, וועלכע האָבען אַלע גע־הערט צו דער „נאָן־קוואָטע"־קאַטעגאָריע, אַלס רעליגיעזע פונקציאָנערען. חוץ דעם האָט ער אויך באַהאַנדעלט אַ צאָל פון העכער 30 אָרטאָדאָקסישע פאַרמער־משפחות, מערסטענס פון אונגאַרן, וואָס האָבען באַקומען אַריינפאָר־וויזעס פון אַ גאַנץ ספּעציעלער קאַטעגאָריע.

קאַפּיטעל 23

# דער שלוס־בילאַנס פון „ועד הצלה"

דער רוהמפולער סך־הכל אין ליכט פון די ציפערן — דאָס רעקאָרד־יאָהר איז געווען 1945, מיט אַ הילפס־בודזשעט פון העכער דריטהאַלבען מיליאָן דאָלאַר. — ווי די ציפערן דייטען־אָן וועגען דעם מסירות־נפש פון די „ועד הצלה"־עסקנים. — די ספרים־הילפס־אַקציע פון „ועד הצלה" פאַר ארץ־ישראל אין די לעצטע יאָהרען.

די גרויס־אַרבעט פון „ועד הצלה" אין אַמעריקע איז אָנגעגאַנגען דורך גאַנצע 10 יאָר, זינט דעם אָנהויב מלחמה אין אייראָפּע, אין ווינטער 1939—1940, ביז דער ליקווידאַציע פון די פליטים־לאַגערן אין אייראָפּע, מיט דער עטאַבלירונג פון מדינת ישראל אין 1948 און דעם מאַסען־שטראָם פון די פליטים קיין ישראל אין 1949.

דער גרויס־בילאַנס פון „ועד הצלה" לאָזט זיך צום בעסטען פאָרמולירען אין דער איינדרוקספולער און טרוקענער שפראַך פון ציפערן.

**דער פינאַנציעלער ראַפּאָרט — קאַרגע 7 מיליאָן דאָלאַר.**

דער פינאַנציעלער ראַפּאָרט פון די הכנסות און הוצאות פון „ועד הצלה" פאַר דער תקופה פון 10 יאָר שטעלט זיך פאַר לויט יעדען יאָר באַזונדער:

| | |
|---|---|
| יאָר 1940 — — — | $ 155.010.00 |
| יאָר 1941 — — — | $ 153.423.30 |
| יאָר 1942 — — — | $ 158.009.27 |
| יאָר 1943 — — — | $ 372.607.49 |
| יאָר 1944 — — — | $1.135.452.87 |
| יאָר 1945 — — — | $2.597.894.99 |
| יאָר 1946 — — — | $1.359.946.89 |
| יאָר 1947 — — — | $ 679.197.00 |
| יאָר 1948 — — — | $ 254.428.45 |
| יאָר 1949 — — — | $ .533.76 |
| אין סך־הכל: | $6.866.504.02 |

באַמערקונג: צום דאָזיגען סך־הכל דאַרף מען נאָך צוגעבען אַ סומע

LOUIS J. SEPTIMUS, C. P. A.
SOLOMON SEPTIMUS, C. P. A.

302 BROADWAY
NEW YORK

LOUIS J. SEPTIMUS & COMPANY
CERTIFIED PUBLIC ACCOUNTANTS

VAAD HATZOLO - EMERGENCY COMMITTEE FOR RESCUE
NEW YORK CITY

Statement of Cash Receipts and Payments
January 1, 1944 to December 31, 1944

| | | |
|---|---|---|
| INCOME: From Appeals, Campaigns and Welfare Funds . . . . . . . . . . | | $1,135,452.67 |
| RESCUE AID PAID: | | |
| Remitted to our Committees in the Following Countries: | | |
| Switzerland . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . | $622,679.21 | |
| Shanghai . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . | 150,100.00 | |
| Palestine . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . | 35,402.93 | |
| U. S. S. R. (Russia) . . . . . . . . . . . . . | 31,104.06 | |
| Turkey . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . | 25,908.75 | |
| Sweden . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . | 12,218.34 | |
| Ecuador . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . | 3,000.00 | |
| Santo Domingo . . . . . . . . . . . . . . . . . | 3,101.40 | |
| Lithuania . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . | 6,867.50 | |
| Canada . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . | 680.00 | |
| London . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . | 400.00 | |
| Cuba . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . | 250.00 | |
| Rescue Aid through Other Organizations . . . . . . | 8,089.50 | |
| Parcels sent from U. S. to U.S.S.R. (Russia) . . . | 63,229.75 | |
| Remitted to Tehran for Parcels to Russia . . . . . | 56,032.11 | |
| Remitted to Palestine for Parcels to Russia . . . | 49,343.88 | |
| Remitted to Tangeir for Parcels . . . . . . . . . | 8,000.00 | |
| Cables via War Refugee Board, State Department, and via other Agencies . . . . . . . . . . . . | 5,498.88 | |
| Miscellaneous Rescue Aid Paid, including expenditures to Washington re Rescue Aid . . . | 5,984.30 | |
| Total Rescue Aid Paid . . . . . . . . . . . . . . . | | 1,087,890.61 |
| | | $ 47,562.26 |
| Less Expenses of Fund Raising and Administration: | | |
| Salaries . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . | $ 19,556.78 | |
| Postage, Printing and Stationery . . . . . . . . . | 4,909.26 | |
| Advertising and Publicity . . . . . . . . . . . . | 9,990.05 | |
| Traveling, Hotel Accommodations, Secretarial and other Campaign Costs . . . . . . . . . . . | 19,771.08 | |
| Telephone . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . | 2,384.39 | |
| Rent . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . | 1,580.00 | |
| Office Equipment . . . . . . . . . . . . . . . . | 848.48 | |
| Miscellaneous Expenses | 580.92 | |
| Total Expenses Paid . . . . . . . . . . . . . . . | | 59,620.96 |
| Excess Payments Over Receipts . . . . . . . . . . . | | $ 12,058.70 |

We have made a detailed audit of the books and records of account of the Vaad Hatzolo for the year ending December 31, 1944, and WE DO HEREBY CERTIFY that in our opinion the above Statement correctly reflects its summary of Cash Receipts and Cash Payments for the year ending December 31, 1944.

LOUIS J. SEPTIMUS & COMPANY
by [signature]

פון ערך 450 טויזענט דאָלאַר, אין באַקליידונג, באַשפּייזונג און אין פאַרשידענע רעליגיעזע חפצים, וואָס דער „ועד הצלה" האָט דאָס באַקומען געשאַנקען פּאַרטיגערהייט און אין דער זעלבער פאָרם עס איבערגעשיקט צו די פּליטים־לאַגערן אויף יענער זייט ים.

## די צען יאָר — לויט די דריי פּעריאָדען.

דעם פינאַנציעלען בילאַנס פון די 10 יאָר איז קודם־כל נויטיג פונאַנדער־צוטיילען לויט די דריי באַזונדערע פּעריאָדען אין דער טעטיגקייט פון „ועד הצלה":

דער ערשטער פּעריאָד — אין די יאָרען 1940, 1941 און 1942, ווען די הויפּט־אַרבעט איז געווען אַרויסצוראַטעווען די ישיבות און גדולי התורה פון דער בלוטיג־צעפלאַקערטער אייראָפּע;

דער צווייטער פּעריאָד — אין די יאָרען 1943, 1944 ביז מאַי 1945, ווען דער „ועד הצלה" האָט אונטערגענומען די געוואַגטע גרויסצוגיגע אַקציע פאַר „פּדיון שבויים", אויסצוקויפען די לעצטע אידען פון די נאַצישע מערדער;

דער דריטער פּעריאָד — אין די יאָרען 1945 ביז 1949, ווען עס איז געוואָרען דורכגעפירט דאָס פאַרצווייגטע הילפס־פּראָגראַם פאַר דער שארית־הפליטה.

אָט ווי דער פינאַנציעלער בילאַנס שטעלט זיך פאַר לויט די באַזונדערע פּעריאָדען:

1־טער פּעריאָד — לערך אַ האַלבען מיליאָן דאָלאַר;
2־טער פּעריאָד — לערך 2 מיט אַ האַלבען מיליאָן דאָלאַר;
3־טער פּעריאָד — לערך 4 מיליאָן דאָלאַר.

---

צוזאַמען צירקא 7 מיליאָן דאָלאַר.

צום דאָזיגען חשבון זיינען נויטיג איניגע צוגאַב־אויפקלערונגען:

ערשטענס — אַז אַלע סומען, וועלכע זיינען געוואָרען אויסגעגעבען איןביידע ערשטע מלחמה־פּעריאָדען האָבען געמוזט ווערען טראַנספערירט קיין אויסלאַנד לויט ספּעציעלע ערלויבענישען פון דער אַמעריקאַנער רעגירונג (און די רעגירונגס־פּאָליטיק לגבי דער פראַגע פון „פּדיון שבויים" איז דאָ דעריבער געווען ענטשיידענד).

צווייטענס — אַז די סומע פון אַ מיליאָן מיט 135 טויזענט דאָלאַר, וואָס איז געוואָרען אויסגעגעבען אין יאָר 1944 איז כמעט געוואָרען צעטיילט אויף גלייכע חלקים צווישען שווייץ און אַלע אַנדערע לענדער צוזאַמענגענומען (דאָס

באַדייט, אַז די אַקציע פון „פּדיון שבויים״ וואָס איז הויפּטזעכליך געגאַנגען דורך דער שווייץ איז געווען די הויפּט־זאָרג פון „ועד הצלה״).

דריטענס — אַז דאָס הויפּט־יאָר פון אויסגאַבען איז געווען אין יאָר 1945 מיט דעם רעקאָרד־ציפער פון דריט־האַלבען מיליאָן דאָלאר (דערפאַר, וואָס אין דעם דאָזיגען איבערגאַנגס־יאָר פון דער מלחמה־ענדע זיינען געווען טאָ־פּעלטע אויסגאַבען סיי פאַר „פּדיון שבויים״ און סיי פאַר דער שארית־הפליטה).

פערטענס — אַז די פּאָזיציע פון הילף פאַר שאַנכיי האָט זינט 1943 פיגורירט סיסטעמאַטיש כמעט אין דער זעלבער הויך פון לערך 150—180 טויזענט דאָלאר אַ יאָר, און דאָס איז געווען דאָ אַ שטענדיגע פּאָזיציע ביז 1946 (דאָס מיינט אַז „גלות שאַנכיי״ האָט געקאָסט דעם „ועד הצלה״ העכער אַ האַלבען מיליאָן דאָלאר, אויסער די רייזע־הוצאות און אַנדערע ספּעציעלע אויסגאַבען).

פינפטענס — די בולט׳סטע פּאָזיציע פאַר ממשות׳דיגער הילף אין יאָר 1944 איז געווען די שפּייז־פּעקלעך קיין סאָוויעט־רוסלאַנד, וואָס דער „ועד הצלה״ האָט זיי געשיקט דורך אַלע מעגליכע וועגען, פאַרן פּרייז פון לערך אַ האַלבען מיליאָן דאָלאר (און דאָס האָט דעמאָלט פּאַקטיש באַדייט אַ לעבענס־רעטונג פאַר פיל טויזענטער אידען, דערונטער פילע גדולי תורה, ראשי ישיבות, בני תורה און רעליגיעזע עסקנים).

זעקסטענס — איז צו זעהען פון די אָפיציעלע קאָנטראָלירטע פינאַנץ־בילאַנסען פון „ועד הצלה״ אויף וויפיל דער „ועד הצלה״ איז געווען אַן אידעאַלער אויסנאַם צווישען אַלע אַנדערע הילפס־אָרגאַניזאַציעס דערמיט, וואָס זיינע אַדמיניסטראַטיווע אויסגאַבען זיינען פשוט געווען מינימאַלע. עס איז גענוג צו ברענגען אַלס אילוסטראַציע דעם בודזשעט פאַרן יאָר 1944, וואָס האָט באַטראָפען 1 מיליאָן מיט 135 טויזענט דאָלאר און דערפון האָבען אַלערליי זייטיגע אויסגאַבען (ווי אַדמיניסטראַציע, רייזעס, אַדווערטייזינג, און קאַמפּעיך־קאָסטען אַריינגערעכענט) באַטראָפען קוים 60 טויזענט דאָלאַר — דאָס מיינט ווייניקער ווי 5 (פינף) פּראָצענט!

## די אויפטואונגען פון „ועד הצלה״ — פאָרמולירט אין 17 פונקטען.

אין אַן אויטאָריטאַטיווען סומאַרישען ראַפּאָרט, וואָס די לייטונג פון „ועד הצלה״ האָט פּובליקירט צום באַצייכנען די 10־יעריגע עקזיסטענץ פון „ועד הצלה״ אין אַמעריקע זיינען אַלע אויפטואונגען און דערגרייכונגען גע־וואָרען פאָרמולירט און בילאַנסירט אין פאָלגענדע 17 פונקטען:

1) דורכן „ועד הצלה" זיינען געוואָרען געראַטעוועט אַ צאָל פון לערך 5 טויזענט ישיבה־לייט און בני תורה צוזאַמען מיט זייערע ראשי ישיבה און תורה מוסדות. די דאָזיגע רעטונגס־אַקציע איז געוואָרען דורכגעפירט סיי דורך אַריבערפירען ישיבה־לייט פון פוילען און ליטע קיין שאַנכיי, און סיי דורך געבען הילף און לעבענס־אויסהאַלטונג צאָלרייכע גדולי התורה און בני תורה, וועלכע זיינען פאַרשיקט געוואָרען אין ווייטען סיביר.

2) במשך די יאָרען זינט 1941 זיינען געוואָרען סיסטעמאַטיש אויסגע־האַלטען לערך 600 רבנים און בני תורה, פליטים אין שאַנכיי, מיט רעגולערער מאָנאַטליכער אונטערשטיצונג פון 30 (דרייסיג) דאָלאַר פאַר יעדער פערזאָן.

3) אַ דאַנק דעם קאָנטאַקט מיט „רוסישער מלחמה־הילף" (ראָשען־וואָר־רעליעף) זיינען געוואָרען סיסטעמאַטיש איבערגעשיקט 1200 שפייז־פאַקעטען יעדען חודש, ווי אויך באַקליידונג לויט גענויע אָנגעגעבענע אַדרעסען פון רבנים, גדולי התורה און רעליגיעזע עסקנים אין טיף־רוסלאַנד.

4) אויסער דעם איז געוואָרען אָרגאַניזירט אַ רעגעלמעסיגע הילפס־אַקציע דורך אַ מאַסענהאַפטער זענדונג פון שפייז־פעקלעך קיין רוסלאַנד פון די אַרויסשיקונגס פונקטען פון „ועד הצלה" אין טהעראַן ווי אויך אין ארץ־ישראל.

5) דער „ועד הצלה" האָט פאַרהאַנדעלט מיט דער נאַצישער רעגירונג, דורך דער פאַרמיטלונג פון אַ ספּעציעלען עמיסאַר פון דעם שווייצאַרישען בונדעס־ראַט, מוסי — וועגען באַפרייען אידען פון די דייטשע קאָנצענטראַציע־לאַגערן.

6) אַ צאָל פון לערך 3200 אידען זיינען געראַטעוועט געוואָרען דירעקט דורכן „ועד הצלה", זיי זיינען באַפרייט געוואָרען פון די לאַגערן און אַרויס־געפירט געוואָרען אין דער שווייץ.

7) דער „ועד הצלה" האָט אויסגעהאַלטען אַ „טראַנספער־פונקט" אין טאַנזשער, מאַראָקאָ, פון וואַנען עס זיינען דורך דער פאַרמיטלונג פון „אינטער־נאַציאָנאַלען רויטען קרייץ" געוואָרען איבערגעשיקט שפייז־פראָדוקטען אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן און אַ דאַנק די דאָזיגע פראָדוקטען זיינען פיל טויזענטער אינטערנירטע אידען געוואָרען דערהאַלטען ביים לעבען, אין דער לעצטער פאַזע פון דער מלחמה.

8) דער ערשטער טראַנספּאָרט פון כשר'ע שפייז, מעדיקאַמענטען, מלבושים ווי צוגלייך ספרים פאַר די באַפרייטע קאָנצענטראַציע־לאַגערן איז גע־וואָרען אַרויסגעשיקט דורך דעם „ועד הצלה".

9) דער „ועד הצלה" האָט איינגעשטעלט זיינע אָפיציעלע פאַרטרעטער־שאַפטען אין אַלע וויכטיגסטע לענדער פון דער באַפרייטער אייראָפּע, כדי צו קענען דורכפירען זיין אינטענסיווען פראָגראַם פון הילף, רעקאָנסטרוקציע און איבערוואַנדערונג פון די אידישע פליטים.

10) דורכ׳ן „ועד הצלה״ זיינען געוואָרען געגרינדעט אין די דייטשע די־פּי לאַגערן ישיבות, תלמוד־תורה׳ס, מיידעל־שולען, כשר׳ע קיכען ווי אויך רעליגיעזע יתומים־היימען.

11) אַ ספּעציעלער הילפס־פּראָגראַם איז געוואָרען אָרגאַניזירט דורכן „ועד הצלה״ לטובת די רעליגיעזע פּליטים אין שוועדען, אונגאַרן, רומעניען, טשעכאָסלאָוואַקיי, פּוילען און איטאַליען.

12) דער „ועד הצלה״ האָט געהאָלפען אין דער רעפּאַטריאַציע פון העכער טויזענט רבנים, ראשי ישיבות ווי אויך ישיבה־תלמידים, וועלכע זיינען געוואָרען באַפרייט פון סיביר קיין פּוילען און דערנאָך געוואָרען אַרויסגעפירט פון דאָרטען קיין פראַנקרייך.

13) אויף די באַמיאונגען פון „ועד הצלה״ זיינען געוואָרען אנערקענט אַריינפאַר־וויזעס קיין פראַנקרייך פאַר טויזענטער רעליגיעזע פּליטים, אַנטרונענע פון די קאָמוניסטישע סאַטעליטען־לענדער ווי פּוילען, אונגאַרן, רומעניען און דער טשעכאָסלאָוואַקיי.

14) דער „ועד הצלה״ האָט געגרינדעט און אויסגעהאַלטען ישיבות אין פראַנקרייך און איטאַליען.

15) עס זיינען געוואָרען געעפענט ספּעציעלע אימיגראַציע־אָפיסעס פון „ועד הצלה״ אין אַלע וויכטיגסטע אייראָפּעאישע צענטרען, כדי צו העלפען די עמיגראַציע־נויט פון רבנים, ישיבה־תלמידים ווי דעם רעליגיעזען עלעמענט בכלל.

16) דורך דעם „ועד הצלה״ זיינען געוואָרען ערלעדיגט די 2200 אַמערי־קאַנישע אימיגראַנטען־וויזעס פאַר אַזאַ צאָל פון רעליגיעזע פּליטים־משפחות, דערונטער פיל אנגעזעהענע רבנים, גדולי התורה און ראשי ישיבות.

17) דער „ועד הצלה״ האָט געגעבען פינאַנציעלע אונטערשטיצונגען אין דער פאָרם פון „ערשטער הילף״ פאַר די ניי־איבערגעוואַנדערטע רבנים און ישיבה־לייט, וועלכע זיינען אָנגעקומען אַלס עולים אין ארץ־ישראל.

## דאָס, וואָס די ציפערן דעקען נישט אויף.

די דאָזיגע שפּראַך פון ציפערן קלינגען העכסט־אימפּאָנירענדיג און צו־גלייך איבערצייגענדיג — עס זיינען אָבער געווען געגוג דערהאַבענע ערשיי־נונגען אין דעם רוהם־פּולען ווערק פון „ועד הצלה״, וואָס די דאָזיגע דערשיי־נונגען קומען לחלוטין נישט צום אויסדרוק אין דער סומאַרישע שפּראַך פון ציפערן.

און דער עיקר — דער בילאַנס דערציילט דאָך הויפטזעכלעך וועגן די אויסגאַבען פון „ועד הצלה", אָבער עס ווערט דאָך גאָרנישט אויפגעקלערט, ווי אַזוי די הכנסות פון „ועד הצלה" זיינען געוואָרען אָרגאַניזירט. אין דער דאָזיגער הינזיכט איז דער „ועד הצלה" געווען אַן אינסטיטוציע פון אַ גאַנץ ספעציעלען כאַראַקטער. די אָנפירער, ווי די העלפער פון „ועד הצלה" זיינען כמעט אַלע געווען וואָלונטירען, פרייוויליגע און אָפּפערווילליגע עסקנים, און אויב דער „ועד הצלה" האָט דערגרייכט דאָס אַלעס, וואָס איז דאָ אויסגערעכענט — האָט ער דערגרייכט בלויז אַ דאַנק זייער איבערגעגעבענע מסירת־נפש'דיגע פריינט ווי למשל:

די רבנים, — פּאַקטיש זיינען כמעט אַלע אָרטאָדאָקסישע רבנים פון אַמעריקע און בפרט טאַקע די צאָלרייכע מיטגלידער פון אגודת הרבנים אין די פאַראייניגטע שטאַטען און קענעדע, געווען מאָביליזירט דורך די אַלע יאָרען אַלס מוסטער מיט זייער מסירת־הנפש פאַר הצלה!

די ראשי ישיבות, און בפרט טאַקע די זעלבע גדולי התורה און מנהיגי הישיבות פון פוילען און ליטע, וועלכע זיינען אַליין ניצול געוואָרען דורכ'ן „ועד הצלה" אין דעם ערשטען מלחמה־עטאַפּ, זיי האָבען געהערט צו די אַק־טיווסטע פירער און פייערדיגע מאָנער פאַר הצלה, און זייער אָנטייל אין שפּעטערדיגען הצלה־ווערק פון „פדיון שבויים" און פון הילף פאַר דער שארית הפליטה איז גאָרנישט אָפּצושאַצען.

די עסקנים, — דאָס מיינט די אָרטאָדאָקסישע טוער און נדבנים, די פּני פון רעליגיעזען אידענטום אין אַמעריקע, וואָס זיינען געשטאַנען אין שפּיץ פון דער טאָג־טעגליכער אַרבעט פון „ועד הצלה". זייערע לייסטונגען זיינען געווען וויכטיג פון אַלע שטאַנדפונקטען, סיי פאַר דער פּאָליטישער טעטיגקייט פון די כסדר'דיגע אינטערווענצען אין וואַשינגטאָן, סיי פאַר דער אָרגאַניזאַטאָרישער און אַדמיניסטראַטיווער אָנפירונג פון אומגעהויער־פאַרצווייגטען הילפס־ווערק און סיי פאַר דער אומאויפהערליכער מאָביליזירונג פון די פינאַנציעלע מיטלען צו פירען די רעטונגס־ אַרבעט.

די שליחים, — זיינען אייגענטליך געווען די פראָנט־קעמפער פון „ועד הצלה", סיי אין גאַנג פון די בלוטיגע מלחמה יאָרען און סיי אין דער נאָך־מלחמה־תקופה. און דאָס איז כולל אַזוי די ספּעציעלע שליחים, וועלכע זיינען געוואָרען אַרויסגעשיקט קיין אייראָפּע דורכ'ן „ועד הצלה" אין אַמעריקע ווי צוגלייך די הצלה־שליחים, וועלכע האָבען זיך פרייוויליג רעקרוטירט אין איי־ראָפּע גופא. יעדען איינעם פון די שליחים איז אויסגעקומען דורכצופירען גע־וואַלטיגע אונטערנעמונגען, גאַנץ אָפט פאַרבונדען מיט סכנות און איינשטעלעניש. און גאַנץ אָפט זיינען וויכטיגע דערגרייכונגען פון „ועד הצלה" געקומען אַלס פועל־יוצא פון איין מסירת־נפש'דיגע שליח־מצווה.

און אַזוי זיינען מיר דערגאַנגען צו דער אונטערשטער שורה אין שלום־בילאַנס פון „ועד הצלה" אין אַמעריקע.

דער „ועד הצלה" איז געוואָרען געגרינדעט און געפירט דורך די גדולי התורה און תורה־ אידען; דער צוגאַנג פון „ועד הצלה" איז געווען אַ רייך־תורה'דיגער פון אחריות פאַרן כלל־ישראל און פון מסירת־נפש פאַר ראַטעווען יעדעס אידישע לעבען; דערפאַר האָט דער „ועד הצלה" אַרויסגערופען אַזאַ התלהבות'דיגען אָפקלאַנג און אנערקענונג הן כלפי פנים און הן כלפי חוץ; און דערפאַר טאַקע האָט דער „ועד הצלה" באַוויזען מיט פאַרהעלטניסמעסיג־באַגרענעצטע מיטלען צו שאַפען אַזאַ רוהם־פול הילפס־ווערק פון היסטאָרישען פאַרנעם און אויסווירקונג.

## די צוגאָב־אַרבעט פון „ועד הצלה".

צום אָבשלוס פון בילאַנס דאַרפען אויך ווערען דערמאָנט און אונטער־געשטראָכען די שפּעטערדיגע צוגאָב־לייסטונגען פון „ועד הצלה" פאַר די לעצ־טע 6—7 יאָר, זינט דעם פערענדיגען די גרויסצוגיגע הילפס־אַרבעט פאַר דער שארית־הפליטה, אין יאָר 1950, ביז צום היינטיגען טאָג.

די יורידישע שוץ פאַר די פיעל טויזענטער רעליגיעזע אימיגראַנטען קיין אַמעריקע, דאָס איז געווען דער שלוס־קאַפּיטעל פון דעם היסטאָרישען הילפס־ווערק פון „ועד הצלה". אָבער די דאָזיגע לעצטע אויפגאַבע האָט זיך נאָך פערצויגען היפשע יאָהרען דערנאָך. די פּאַקטישע הילפס־לייסטונג איז געוואָרען דערגרייכט מיטן אַריינברענגען די אימיגראַנטען אין די פעראייניגטע שטאַטען, דערפאַר האָבען זיך געוויסע יורידיש־פאָרמעלע שוועריגקייטען און בעשווערונגען געלאָזען פיהלען פאַר געוויסע קאַטעגאָריעס אימיגראַנטען — און דאָ האָט ווידער דער „ועד הצלה" בעוויזען זיין געדולדזאַמע מסירת־נפש'דיגע הילף. אַזוי איז עס געשעהען, אַז דער הילפס־אָפיס פאַר די אימיגראַנטען, אַריינגעבראַכטע קיין אַמעריקע דורכן „ועד הצלה", האָט נאָך עקזיסטירט היפשע יאָרען. דער אַלט־בעקאַנטער אַדרעס פון „נאַסאו־סטריט נומער 132" איז אַלץ ווייטער געבליבען אַ לעבענס־וויטיגער אַדרעס.

דערצו איז דער נשיא פון „ועד הצלה", הרב אליעזר סילווער, געוואָרען אַלץ ווייטער אַלאַרמירט דורך אומאויפהערליכע הילפס־רופען, אין ערשטער ריייע טאַקע פון — ארץ ישראל. אין די ערשטע יאָרען זינט דער גרינדונג פון מדינת־ישראל איז אַרויסגעשוואומען די דרינגענדע פראַגע פון פערזאָרגען די צאָהלרייכע ישיבות אין הייליגען לאַנד מיט ספרי־קודש צום לערנען. ווי בע־

